* * *

פון אַלע ליטעראַרישע זשאַנערן טיילט זיך אויס די סאַטירע מיט איר אָפּלאַכן און אָפּחוזקן פון דעם מענטשנס שוואַכקייטן און פאַראַנד־קעס. זי צילט אירע פיילן קעגן יחידים און קעגן מלוכה־רעזשימען מיט זייערע אויבערהערשערישע אָרגאַנען און רעגירער.

אין דער וועלט־ליטעראַטור פאַרנעמט סאַטירע אַן אַנגעזעענע פּאָזיציע. כדי אָנצווייזן אויף דער ראָל פון סאַטירע בנוגע מלוכה־שאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, איז גענוג מ׳זאָל אויסרעכענען אַ צאָל סאַטיריקער, וואָס טייל פון זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אויך אין אַנדערע ליטעראַרישע געביטן. דהיינו: די לאַטייניש סאַטיריקער לוציל, האָראַץ, יווועניאַל, פּערסי; די גריכישע אַריסטאָפאַן און עווריפּיד; די שפּעטערדיקע סאַטיריקער אַריאָסטאָ, אַלפיערי, סערוואַנטעס, ראַבלע, סוויפט, וואָלטער, פּאָפּ, בעראַנזשע, האָפמאַן, היינע, פאָנוויזין, גאָגאָל, קראַסיצקי, בערנאַרד שאָ, סאַלטיקאָוו־שטשעדרין און אַ סך אַנדערע.

ביי אונדז קומט צום אויסדרוק דער סאַטירישער זשאַנער צו ערשט אין שופטים און מלכים. ער ווערט שטאַרק באַנוצט פון די נביאים, קומט אין תלמוד און אין מדרש און ווערט אויך באַנוצט, ווי אַ צילעווע־דיק געווער, ביי אונדזערע דיכטער פון דער שפּאַניש־העברעאישער תקופה און ביי עמנואל הרומי. אין 13טן יאָרהונדערט קומען אַרויס די סאַטירישע ראָמאַנען „ספר שעשועים" פון יוסף זבּרא און „מנחת יהודה שונא־הנשים" פון יהודה בן־יצחק שבתי.

די סאַטירע ווי אַ געזעלשאַפטלעך און דערהויפּט ליטעראַריש קאַמף־מיטל, האָט תמיד ביי אונדז אויסגענומען. פון אונדזערע שריי־בערס, יידישע ווי העברעאישע, איז פאַראַן אַזעלכע, וואָס זענען געווען דורכאויס סאַטיריש, ווי יצחק ערטער און י. י. לינעצקי; און ביי די מערסטע האָט דער סאַטירישער עלעמענט באַזונדער זיך געפילט, ווי ביי אַ סך שרייבער פון דער השכלה־עפּאָכע, ביי מענדעלע, י. ל. גאָר־דאָן, דוד פרישמאַן, ש. פרוג, מאָרים ראָזענפעלד, יעקב שטיינבערג, וואָס

האָט אפילו אַ גאַנץ בוך „סאַטירעס״, משה לייב האַלפּערן, משה נאַדיר, אליעזר שטיינבאַרג און אַ סך אַנדערע.

ס׳איז אַ באַקאַנטער פֿאַקט, אַז נישט געקוקט וואָס די סאַטיריקער בײַ אונדז האָבן דורכגעפֿירט קאָנסטרוקטיווע פֿונקציעס, האָט מען זיך שטאַרק געברוגזט אויף זיי, און מ׳האָט בכלל נישט גענוג אָפּגעשאַצט זייער פּאָזיטיווע ראָל. שוין אָפּגערעדט פֿון דעם, וואָס די געטראָפֿענע האָבן אפילו קעגן זיי געקעמפֿט מיט נישט גאָר פֿיינע מיטלען. אפילו דער גרויסער מענדעלע האָט שפּעטער באַקומען געצאָלט פֿאַר זײַן סאַ־טירע — אַרונטעררייסערישע פּאַמפֿלעטן, וואָס אין זיי איז ער גאָר אַרויסגעקומען ווי אַ „שונא ישראל״. און טאַקע דערפֿאַר ווײַל דער עכטער סאַטיריקער האָט תמיד געטראָפֿן אין ציל קעגן די שוואַכקייטן, איבלען און שלעכטסקייטן פֿון דעם יחיד און דעם כלל, דעם רעזשים און זײַנע פֿירער — האָבן די געטראָפֿענע אויך נישט געשוויגן און האָבן געקעמפֿט קעגן זייערע אָנגרייפֿער אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים; און אַז מ׳וואָלט זיי געפֿאָלגט, וואָלט מען סאַטיריקער פּשוט געדאַרפֿט אַרײַנ־לייגן אין חרם...

טאָ ווער האָט וועמען מנצח געווען: די אמת־זוכער, אָדער די קאָרופּטירטע לײַט, די צבֿועקעס? אָבער דאָ האָט זיך אויך אַרויסגע־מערקט אַ באַזונדערער ליכטיקער מאָמענט: דער סאַטיריקער, דער בײַסיקער און רייסיקער, איז דווקא געפֿעלן דעם ברייטן עולם, די פֿאָלקס־מאַסן. און ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך: האָט דאָך דער סאַטיריקער נישט סתם אָפּגעלאַכט פֿון די מענטשלעכע חסרונות, נאָר האָט אויך געקעמפֿט קעגן הפקרות און עוולות; און איז ממילא אויך געווען דער קעמפֿער פֿאַר צדק און יושר, פֿאַר די אָרעמע, באַליידיקטע און געקרייוודעטע. און די פֿאָלקס־מאַסן האָבן די ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכע קעמפֿער שטאַרק געאַכט און ליב געהאַט.

*

דער מחבר פֿון די „שבתדיקע שמועסן״ האָט דאָ מערער אַרומ־גערעדט דעם ענין פֿון סאַטירע צוליב דעם, וואָס ער גופֿא פֿילט זיך אין די „שמועסן״ ווי אַ סאַטיריקער. ער פֿאַרגלײַכט זיך חלילה נישט מיט די גרויסע סאַטיריקער אין אונדזער ליטעראַטור. ער וויל אָבער אָנווײַזן,

אז אויך זיין ראָל איז נישט געווען קיין לייכטע; אז במשך פון יאָרן ווי ער רופט אַרויס אויף זיך דעם צאָרן פון די, וואָס ער גרייפט אָן אין זיינע סאַטירישע „שבתדיקע שמועסן". אָבער ער מוז דאָ זאָגן: נישט לשם אָפּחוזקן האָט ער זיינע סאַטירעס געשריבן, נאָר האָט זיי געשריבן — און שרייבט זיי עד היום — מיט צער און ווייטיק.

די יידישע מדינה איז אַנטשטאַנען גלייך נאָך דעם ווי עס איז חרוב געוואָרן אַ גאַנצע יידישע וועלט פון וויטאַל לעבן און גייסט. טראַדיציע און שטייגער — און צוזאַמען מיט אַלע וויל דער מחבר פון די „שמועסן", אַז אונדזער מדינה זאָל געבויט ווערן וואָס שענער און מיט וואָס מער גערעכטיקייט. אָבער די וואָס שטייען ביי דער מאַכט פאַרגעסן אָפט, אַז פון זייער וואָרט און באַשלוס איז אָפּהענגיק דער וויל, אָדער ליידן פון פאָלק. און נישט זעלטן שטעלן זיי פאַרגעניגלעכע פּאָליטיק העכער פונעם לעבעדיקן מענטש. אָבער דער וויל פונעם מענטש דאַרף דאָך זיין דער העכסטער ציל אין יעדער מדינה און נאָך מער ביי אונדז, וו די מדינה טאָר נישט זיין בלויז אַ פּאָליטישער באַגריף.

די „שבתדיקע שמועסן" אין אונדזער ציימונג „לעצטע נייעס". האָבן וואָך איין און וואָך אויס, במשך פון אַ צענדלינג יאָר, זיך אָפּגערופן אויף דעם גאַנצן גאַנג פון אונדזער מדינה, אויף אַ פּאָזיטיוון און נעגאַטיוון אופן. מיט די מיטלען פון סאַטירע האָט זייער מחבר אַנגעוויזן אויף די פעלערן, וואָס האָבן אַזוי אָפט שווער געמאַכט דאָס לעבן און געווען אבני־נגף אויפן וועג, וואָס פירט צו פרייד און געניטום אין דער אייגענער היים. דער מחבר קאָן דערציילן מיט הנאה, אַז זיינע סאַטירעס האבן אין אַ סך פאַלן געבראַכט די רעזולטאַטן, וואָס זיי האָבן געוואָלט דערגרייכן. אַ סך שלעכטסקייטן זענען אויסגעבעסערט געוואָרן; אַ סך קרומקייטן זענען אויסגעגלייכט געוואָרן. אָבער די „שבתדיקע שמועסן" וועלן נאָך אַלץ, ווייזט אויס, נישט אָננעמען קיין נייע ווענדונג, אָדער „אָריענטאַציע", מחמת ס'וועט נאָך זיין געניג וואָס צו שמועסן וועגן קרומקייטן און נייע עוולות, וואָס די לעבעדיקע און קאָבעדיקע ווירקלעכקייט אונדזערע ברענגט אַרויס.

*

פון די הונדערטער „שבתדיקע שמועסן", וואָס זענען געווען גע־דרוקט אין די „לעצטע נייעס", זענען פאַר דעם בוך אויסגעקליבן געוואָרן אַרום הונדערט און צוואַנציק זאַכן, וואָס דער מחבר האָט זיי געהאַלטן פאַר די בעסטע; די בעסטע — אין זייער טעמאַטיק, וואָס איז כמעט שטענדיק אַקטועל, און מיט זייער פאָלקלאָריסטישן עלעמענט.

אויב די לייענער וועלן אויפנעמען דאָס בוך מיט דער זעלבער האַרציקייט, ווי זיי האָבן אויפגענומען די „שבתדיקע שמועסן" אין דער צייטונג, וועט דאָס זיין פאַרן מחבר דער גרעסטער שכר פון די, פאַר וועמען ער האָט זיי געשריבן.

**מ. צאַנין**

# נישט אַלץ וואָס שרייט איז רעוואָלוציע

וואָס מער די גרויסע וויסנשאַפטלער זענען אונדז מזכה מיט זייערע אויפטועכצן, מיט זייערע אַטאָם־שפּאַלטעריי, דאַקאָטאַס, וואַשנע זאַכן, אַלץ מער ווערט די וועלט אומגליקלעך. עס דערמאָנט מיך אָן יענעם ישובניק, וואָס כל־זמן ער האָט געהאָרעוועט און מיט שוויס פּאַרדינט אויף זיין ברויט, איז אים דאָס ברויט געווען זיס און ער האָט געהאַט מנוחה. נאָר ווי דער רבונו־של־עולם האָט אים אויפגעריכט און ער איז געקומען צו אַ פּאָר גראָשן, האָט ער אָנגעהויבן אונטערקרענקען; און לאַ־די, וואָס ער האָט נישט געקענט עסן דאָס ברויט, האָט ער אָנשטאָט מנוחה, געהאַט האַרצווייטיק, ברעכעניש און קלעמעניש. שטעלט זיך אַוועק אַ ייד אַ בעל־חשבון און הייבט אָן באַרעכענען: שטימט אים עפּעס נישט דער גאַנצער חשבון. אמאָל, אין די אָפּגעשטאַנענע צייטן, האָבן מענטשן געאַרבעט מיט די סאַמע פּשוטסטע מכשירים און ווי־עס־איז געקענט מאַכן די ברכה „המוציא לחם מן הארץ“; היינט דאַקעגן אַרבעט מען מיט טראַקטאָרן, קאָמביינען, מען באַקומט אַרויס פון דער ערד צען מאָל מער און מען ליגט אין דער ערד הונדערט מאָל מער — איז וואָס איז דער מער מיט דער וויסנשאַפט, מיט דער טעכניק? וועט מען אייך אויף דעם געבן כל מיני „וויסנשאַפטלעכע“ ענטפערס; און דער בעסטער ענטפער וועט זיין, אַז דעם מענטש נעמט מען היינט בכלל נישט אין חשבון. דער עיקר איז די פּראָפּאַגאַנדע און דער „שוויץ“. אַ מאָדערנע מלוכה האַלט זיך ביי דער שיטה, אַז עס איז געזינטער דעם בירגער איינצורעדן, אַז ער עסט מאַרצעפּאַנעס איידער צו געבן אים ברויט. וואָרום טאָמער גיט מען ברויט, קומט מען דאָך באַלד מיט טענות, אַז צום ברויט דאַרף מען נאָך עפּעס. אויב אָבער מען רעדט אים איין, אַז ער עסט מאַרצעפּאַנעס — איז וואָס זשע נאָך וויל ער, דער בירגער?

וועט איר דאָך מיר אוודאי וועלן זאָגן, אַז די וועלט איז סדום. וועל איך אייך ענטפערן, איר זאָלט אַזוי גוט זיין, און נישט באַליידיקן סדום. וואָרום, אדרבא, אַנטקעגן דייטשלאַנד איז סדום געווען די גערעכטסטע שטאָט אויף דער וועלט; און פונדעסטוועגן יאָגט מען זיך היינט נאָך די דייטשן ווי נאָך ל״ו צדיקים. זאָג איך אייך, אַז פון דער גאַנצער וויסנשאַפט וואָלט מיר געווען צום האַרצן, ווען מען זאָל אויסגעפינען אַ מיטל ווי אַזוי איעדע פינף און צוואַנציק יאָר צו מאַכן אויף דער וועלט די גרויסע וועש — אויסוואַשן די וועלט פון אַלע שמוצן, פּאַרטיליקן די מיקראָבן פון שלעכטס, די פּאָליטיקער פון דער וועלט

איינשפּאַנען אין אַרבעט, זיי אויסלערנען אַ לייטישע מלאכה און בכלל פון זיי מאַכן מענטשן.

אמת, אַזאַ מין „טשיסטקע” האָט שוין דער רבונו־של־עולם איין מאָל אַדורכגעפירט. ער האָט געבערענגט אַ מבול אויף דער וועלט. איז אָבער דעם רבונו־של־עולם איינגעפאַלן צו באַשטימען נחן פאַרן מנהל פון דער תיבה. און נח איז געווען, ווי איר ווייסט, אַ ייד אַ שיכור, זענען געקומען צו אים פאַרשיידענע סאָרטן חיות; און היות ער איז געווען דער מנהל פון דער תיבה און געהאַט אַ היתר פון רבונו־של־עולם, האָט ער אריינגענומען אין דער תיבה כל החיה למינה — אַלע באַאַמטע לויט זייערע מיניסטעריומס, וכל הרמש הרומש על הארץ — און אַלע לעקער און פּראָטעקציע־קריכער. אויף אַזאַ אופן האָבן זיך דורך דער ערשטער גענעראַלער „טשיסטקע” פון דער וועלט דורכגעשמוגלט אַ שפּאַר ביסל „פיינע לייט”, וואָס היינט זענען זיי וועלטפירער.

און דעריבער, זאָג איך, וואָלט איך פאַר דער היינטיקער וועלט נישט געגעבן קיין אַלטן תלוש אויף פלייש. אַמאָל האָט מען כאָטש געהאָפט אויף אַ רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציע, זאָגן מבינים, צעברעכט דאָס אַלטע און שאַפט נייס. נאָר מיין פעטער שמואל־געצל, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן, פלעגט זאָגן, אַז מען גיסט נישט אַרויס דאָס אומריינע, כל־זמן מען האָט נישט דאָס ריינע. אַחוץ דעם, פלעגט ער זאָגן, אַז פון צעברעכן קומט גאָרנישט אַרויס. אָט האָט ער אונטער דער חופּה צעבראָכן בלויז איין גלאָז, האָט ער אַ גאַנץ לעבן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. בפרט, אַז ווען מען צעברעכט אַ גאַנצע וועלט — איז וואָס פאַר אַ גוטס קען פון דעם אַרויסקומען? נאָך איין רעוואָלוציע פלעגט מיין פעטער בענקען — נאָך אַ רעוואָלוציע אין משיחס צייטן. דעמאָלט וועט עס אויסזען מער ווייניקער אויף אַזאַ אופן: אין דעם טאָג ווען די רעוואָלוציע וועט אויסברעכן, וועלן זיך מיליאָנען אַרבעטער שטעלן בויען סאַלאָנען פאַר די אונטערדריקטע. האָסטו, קבצן, געוווינט ביז איצט אין אַ קעלער — קלייב זיך איצט אַריין אין אַ סאַלאָן; און דו, חבר־לעבן, ביסט געוואָרן אַ מיניסטער, טאָ זיי אַזוי גוט און קלייב זיך אַריין אין אַ קעלער. וואָרום וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ רעוואָלוציע, ווו מיניסטאָרן האָבן פריער געוווינט אין פּאַלאַצן און וווינען היינט ווידער אין פּאַלאַצן? אויפן צווייטן טאָג פון דער רעוואָלוציע ווערט יעדן בירגער צוגעשטעלט אין שטוב אַריין אַן עלעקטרישער אייזקאַסטן און אַ דוד חשמלי. אויפן דריטן טאָג שטייט פאַרנט פאַר יעדן הויז אַן אויטאָ און אויף דער שוועל ליגן אַ פּאָר פּעקלעך „תנובה”־פּוטער. אויף דעם זעלבן טאָג שטייט פאַר אַ דריי־טאָגעדיקע אַרבעטס־וואָך מיט אַ פאַרזיכערטער פּענסיע אויף דער עלטער.

אָט אַזאַ רעוואָלוציע וואָלט פאַרשטאַנען מיין פעטער שמואל־געצל. וואָרום סתם ברעכן און צעשטערן איז נישט קיין רעוואָלוציע. אָט האָט היטלער אונטער־געצונדן דעם רייכסטאַג און צעשטערט אַ האַלבע וועלט — וועט איר דאָס אָנרופן רעוואָלוציע? און אַז אַנומלט האָט מען אונטערגעצונדן דעם קופּאָל פון דער קריסטוס־קירכע אין ירושלים, הייסט דאָס רעוואָלוציע? סיידן די קעפּ פון

די פּרימוס־מאַשינקעס, מיט וועלכע מ׳האָט אונטערגעצונדן דעם קופּאָל, זענען רעוואָלוציאָנערישע קעפּ. וואָלט איצט געבליבן אויסצופּאָרשן צי די קעפּ זענען ענגלישע, אָדער עבר־הירדן האָט שוין אָן אייגענע אינדוסטריע און אייגענע קעפּ...

בייזע צינגער זאָגן אפילו, אַז מיט דער שריפה האָט מען געוואָלט אונטער־וואַרעמען די אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פון ירושלים. און אויב יאָ, איז עס אַ פאלשער חשבון; וואָרום לייכטער וועלן זיך לאָזן אינטערנאַציאָנאַליזירן די פּרימוס־מאַשינקעס איידער ירושלים...

נאָר ווי זאָגט די וועלט: פּרוּוון דאַרף מען. אַט האָט ענגלאַנד געפּרוּווט נאָכן 29־טן נאָוועמבער בלייבן אין ארץ־ישראל; די אַראַבישע מדינות האָבן געפּרוּווט באַהערשן דאָס לאַנד; אונדזערע שונאים פּרוּוון אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים; אונדזערע פריינד פּרוּוון אונדז העלפן. און כאָטש נישט תמיד געלינגט דאָס פּרוּוון, שאַטן שאַדט עס נישט. און אויב אַזוי — איז אפשר וואָלטן מיר אויך געפּרוּווט, כ׳מיין, אַזוי געפּרוּווט אויסברייטערן די רעגירונג, אַריינזעצן אַביסל פאַכלייט אין אונדזער רעגירונגס־אַפּאַראַט, פאַרקלענערן די השפעה פון פּאַרטייען אויף אונדזער לעבן און פּרוּוון זאָגן אויסלענדישע יידן, אַז זיי קענען קומען בויען פאַבריקן און זיי וועלן נישט מוזן צונעמען פאַר אַ שותף „סולל־בונה״... הכלל, מען דאַרף פּרוּוון; און מיטן אייבערשטנס הילף, וועלן מיר האָבן אַ פריילעכן שבת.

2טער דעצעמבער 1949

# משיח וואָלט געקומען, ווען אַלע מנהיגים ווערן מיניסטאָרן

אונדזער פרעמיער־מיניסטער האָט שטאַרק ליב דעם תנ״ך; און אין זיינע רעדעס האָט ער גערן דורכצוואַרפן מיט פסוקים. איז אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער אויסגעקליבן היינטיקע וואָך, ווען עס גייט די סדר בא, צו זאָגן צו דער אָפּאָזיציע: „בא, אָפּאָזיציע, קום אין דער רעגירונג, לאָמיר זיך צוזאַמען איינשפאַנען אין שווערן וואָגן פון דער מדינה און זי אַרויפשלעפּן באַרג אַרויף". און די אויסגעהונגערטע אָפּאָזיציע, וואָס איז אַ יאָר צייט געגאַנגען אויסערן שפּאַן, האָט זיך אַ וואָרף געטון מיט אַזאַ אימפּעט, אַז שוין האַלט מען ביים טיילן טעקעס; און עס בלייבט אונדז צו זאָגן: „מזל־טוב, עס זאָל זיין אין אַ גליקלעכער שעה, פאַר אייך און פאַר אונדז און פאַרן גאַנצן כלל ישראל".

א קלייניקייט עפּעס אחדות ביי יידן! אחדות אין אַ צעריסנקייט אויף טויזנט פאַרטייען; און יעדע פאַרטיי אויף טויזנט פראַקציעס; און יעדע פראַקציע מיט אייגענע פירער; און יעדער פירער מיט אייגענע אַמביציעס. און אויב ביי דעם אַלעמען דערגייט צו אחדות, דאַרף יעדער ייד מאַכן אַ "שהחיינו" און געבן אויף מאיר בעל־הנס מער ווי ער האָט געגעבן אויף „כסות החורף".

און די אחדות, פאַרשטייט איר מיך, וועט גילטן נישט נאָר אין דער רעגירונג, נאָר אין אַלע אַמטן און אין מיליטער. וואָרום אָט שמועסט מען שוין, אַז מען גייט צוריקרופן אין די רייען פון מיליטער די מפ״ם־אָפיצירן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן מיט עטלעכע וואָכן צוריק. אין די אַמטן וועט מען איבערשטעלן דאָס פּערסאָנאַלע מעבל, אין מיניסטעריומס וועלן אַרבעטן אַ מפּ״מניק נעבן אַ מזרחיניק, אַ מפּא״יניק נעבן אַן אַלגעמיינעם, איינער וועט דעם אַנדערן אויפהערן באַשולדיקן אין אימפּעריאַליזם, רעאַקציע, בורזשואַזיע און נאָך אַזעלכע צונעמען. און ס'וועט זיין ווי אונדזער נביא ר' שייע האָט געזאָגט: וגר זאב עם כבש — און א מפּ״מניק וועט הויזן מיט אַן אַלגעמיינעם, ונמר עם גדי ירבץ — און א מפּא״יניק וועט זיך פּאַשען מיט אַן אגודהניק, ועגל וכפיר ומריא יחדיו ונער קטן נוהג בם — און אַ חירותניק, אַ מזרחניק און אַ פּרענק וועלן זיך לאָזן פירן דורך אַ תימנער... ואריה כבקר יאכל תבן — און מיר אַלע וועלן עסן שטרוי. און מען וועט שרייען: ס'איז גוט! און צנע וועט זיין גוט; און אַן אַמעריקאַנער הלוואה וועט זיין גוט; און די „געזעלשאַפט „פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד" וועט זיך פאַראייניקן מיט דער געזעלשאַפט „פריינד פון אַמעריקע"; און מען וועט קענען אַדורכפירן וואַלן צו די שטאָטראַטן, נישט וואַרטנדיק ביז אין

יפו וועלן זיין מער קליינבירגער פון אַרבעטער, אָדער מער מאַראָקאַנער ווי פוילישע.

און איצט שטעלט זיך נאָר פאַר, וואָס עס וועלן טון די אַמעריקאַנער יידן, אַז זיי וועלן הערן, אַז אין מיטן די שטורעם־רעגנס איז משיח געקומען קיין ישראל! אַז משיח איז געקומען, דאַרף מען דאָך אויך כפרות דאַלאַרן, — וועלן אַמעריקאַנער יידן עפענען די קעשענעס און דער קאַמפּיין וועט אַריינברענגען נישט הונדערט און דרייסיק מיליאָן דאָלאַר, נאָר טאַקע אַ האַלבן מיליארד. און יידישע קאַפּיטאַליסטן וועלן שווימען צו אונדז אויף שיפן, פליען אויף עראָפּלאַנען, און עס וועט זיך אָנהייבן אַ גוטע צייט, אַז חלב ודבש וועט זיין אַ גאַרנישט שבגאַר־נישט קעגן דער ווירקלעכקייט. און די סוכנות וועט זיך לאָזן אַדורכפירן אַ וואַראַנאָוו־אָפּעראַציע און מיט יונגע כוחות אָנהייבן אַרבעטן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איידער איר וועט זיך אומקוקן, וועלן די לאַגערן אויסגעליידיקט ווערן פון עולים. יידן וועלן לויפן אויפן גגב פאַרכאַפּן אַ שטיקל ערד, איידער אַ דונאַם באָדן וועט קאָסטן דאָרט פינף טויזנט פונט; וואָרום אויך דאָרט וועלן זיך צעבליען שטעט און דערפער. „תנובה" וועט גיסן מילך אין די גאַסן, באַנאַנעס וועלן זיך וואַלגערן אין די גרינס־קראָמען און קיינער וועט אפילו נישט אומקוקן זיך אויף זיי; געזונטע וועלן עסן הינער; שטרייקן וועט מען בלויז אום שבת; אין די אויטאָבוסן וועלן די שאָפערן זאָגן „שלום"; אין די תפיסות וועלן בלייבן בלויז די שומרים; באַלעבאָסטעס וועלן שלאָפן נאָך מיטאָג אָנשטאָט שטיין אין די רייען; קאַווע וועט מען קריגן אין יעדן קאַפע־הויז; אין גאַס וועט איינער שמייכלען צום צווייטן. עס וועט זיין, זאָג איך אייך, אַזוי אַז די גויים וועלן אונדז מקנא זיין, וואָס נישט זיי, נאָר מיר זענען יידן...

דאָס אַלץ וואָלט געווען, ווען עס זאָל נישט געשען דאָס, וואָס מיטן ארי הקדוש אויפן באַרג עצמון.

דערמאָנט איר זיך זיכער די געשיכטע ווי אַזוי דער ארי הקדוש איז מיט זיינע חסידים אַרויף אויפן באַרג עצמון מקבל זיין דעם שבת. גאָטס שכינה האָט דעמאָלט גערוט איבער דער ערד. די פאַרגייענדיקע זון האָט געזונגען שירה, דער ווינט צווישן די בערג האָט מתפלל געווען, די שבתדיקע ליכט האָבן אַרויס־געלויכטן פון צפתער הייזער ווי שטיקלעך זון, די ירושלימער בערג זענען געלעגן ווי מידע שעפעלעך נאָך אַ האַרבן טאָג. האָט דער ארי הקדוש אויפגעהויבן די הענט און געזאָגט: „קומט, לאָמיר גיין קיין ירושלים אנטקעגן משיחן". האָט איינער פון די חסידים זיך אָפּגערופן: „איצט? ערב שבת?" — האָט דער ארי הקדוש אַ קרעכטס געטון: „אין דער רגע האָסטו דערוויטערט דעם קץ"...

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס אַז דער רבונו־של־עולם האָט שוין געהאָלפן און מיר האָלטן פאַר אחדות, האָט זיך אין די פּאַרטייען צעפלאַקערט אַ מחלוקת צווישן די טויזנט פירער: אויב שוין יאָ אַריין אין דער רעגירונג, בין איך ווי אַנגעמאָסטן פאַר אַ מיניסטער. שוין דרייסיק יאָר טראָג איך אַ טעקע, טאָ פאַרוואָס זאָל איך טאַקע נישט באַקומען אַ מיניסטאָרן־טעקע? לאָכט אַ

צוווייטער דאָס זיבעטע געלעכטער: וואָס הייסט דו ווילסט אַ מיניסטער־טעקע? אַ מיניסטער־טעקע קומט מיר, איך בין אַ גרעסערער וותיק פון דיר און שכל האָב איך אויך מער פון דיר. וואָס איז, דו ווייסט דען, ווי מען טוט אַן אַ פראַק מיט אַ צילינדער? און דו ווייסט דען, ווי אַ מיניסטער דאַרף רעדן, אַז סך־הכל האָסטו דרייסיק יאָר געשריבן רעזאָלוציעס און קיין הונדערט מאָל נישט געפאָרן אין שליחות קיין אויסלאַנד...

טוט זיך אין די פּאַרטייען אויף טיש און אויף בענק: מען קלאַפּט דעפּעשן, מען האַלט אַפּ קאָנפערענצן, מען לייגט אָפּ רייזעס קיין אויסלאַנד; און רכילות־טרייבער זאָגן אפילו, אַז געוויסע פּאַרטיי־טוער שלאָפן אין די פּאַרטיי־לאָקאַלן אויף די טישן, ווארום זיי ציטערן אימת מות, אַז טאָמער גייען זיי אַהיים אויף צען מינוט, וועלן זיך דערווייל אַנדערע צונויפקומען און זיך צונויפרעדן און אָננעמען אַ רעזאָלוציע, אַז פלוני בן פלוני ווערט מיניסטער און די וועלט גייט אונטער.

נאָר אַזוי ווי מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל, וואָס פירט די וועלט און האָט די השגחה אויף אונדזער מדינה, וועט ער מסתמא באַשטימען, ווער עס זאָל זיין מיניסטער און ווער עס זאָל בלייבן אין דרויסן. און מיט זיין הילף וועט צונויפגעשטעלט ווערן אַ רעגירונג פון אחדות און חכמה, פון מענטשן, וואָס פאַר־שטייען אַן עסק. און דעמאָלט וועלן מיר אַרויס אויפן דרך־המלך און עס וועלן זיך אָנהויבן פריילעכערע, בעסערע און זאַטערע טעג, ווי מיר האָבן ביז איצט געהאַט; און טאַקע אויך זאַטערע שבתים, אַז ווען מיר וועלן זאָגן „גוט שבת", זאָל עס טאַקע זיין אַ גוט שבת, ווי מיר פאַרשטייען...

27טער יאַנואַר 1950

## וואָס פֿאַראַ פֿירער — אַזאַ וועלט

אַ ייִד, אַ גרויסער גביר און דערצו אַ פּיקח, האָט געהאַט צוויי זין טיפּשים. ער האָט פֿון זייער טיפּשות נישט געמאַכט קיין סוד. און כּדי זיי אַריינצופֿירן ווי עס איז אין לעבן, האָט ער זיי אַרויפֿגעזעצט אויף הויכע פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן פֿון גרויסע און רייכע אונטערנעמונגען. פֿרעגט מען דעם ייִד: היתּכן? ענטפֿערט דער ייִד, אַז אַ טיפּש זעט מען אַרויס נאָר אין קליינע געשעפֿטן, אָבער רייכקייט פֿאַרשטעלט טיפּשות און מען נעמט זי אָן אַלס סוחרישע דיפּלאָמאַטיע, ווייל די געשעפֿטן גייען אַזוי אויך.

אין דער געשיכטע מיט די צוויי טיפּשים דערמאָן איך זיך יעדעס מאָל ווען איך לייען אין די צייטונגען וועגן די גרויסע וועלט־פּאָליטיקער, ווי זיי דרייען דאָס אַן עסק, פֿאַרקאָכן אַ קאַשע און ווי שלימזלדיק זיי זאָלן נישט פֿירן, קענען זיי אַלץ נישט באַגרייפֿן דאָס גרויסע געשעפֿט פֿון דער וועלט. וואָרום סך־הכּל זענען די וועלט־פֿירער נישט דערגאַנגענע מענטשן, לאַ־יוצלחס און שלימזלען. איינער איז געווען אַ בעקער — האָט ער דאָס ברויט נישט דערבאַקן; איז אַ צווייטער געווען אַ סטודענט, האָט ער נעבעך נישט געקענט ענדיקן; און דער דריטער איז סתּם געווען אַ בטלן. איז אַזוי ווי זיי האָבן נישט געטויגט צו גאָרנישט, זענען זיי געוואָרן גוזעלשאַפֿטלעכע טוער, אַרויפֿגעכאַפּט זיך אויפֿן פֿערדל — און דערפֿאַר האָט די וועלט אַזאַ פּנים.

אדרבה, איך פֿרעג אייך, וואָס פֿאַר אַ טעם וואָלט געהאַט דאָס ברויט ווען עס זאָל געבאַקן ווערן דורך אַ שוסטער? און ווי אַזוי וואָלט איר געקענט טראָגן שיך, ווען זיי זאָלן געמאַכט ווערן דורך אַ סטאָליער. און לויט דעם, וואָס פֿאַר אַ פּנים עס האָט די וועלט, זעט איר דאָך שוין אַליין דורך וועמען זי ווערט געפֿירט.

איצט, אַז איר וועט מיך פֿרעגן, פֿאַרוואָס מען האַלט אין איין רעדן וועגן מלחמה, וועל איך אייך ענטפֿערן, אַז דאָס איז דער בעסטער סימן ווי נישט זיכער עס פֿילן זיך די פּאָליטיקער אין הלכות־חכמה; וואָרום, פֿאַרשטייט איר מיך, אַז ס'איז נאָרמאַל אויף דער וועלט, דאַרף מען דאָך בויען, שאַפֿן, אָנטון פֿעלקער אַ פּאָר הויזן, אַ פּאָר שיך, געבן זיי אַריינצולייגן עפּעס אין מויל אַריין און בכלל דאַרף מען ווייזן וואָס מען קען. און צו דעם דאַרף מען טאַקע זיין אַ חכם. אָבער אין אַ מלחמה, ברעכט אויס אַ ווילסטער כאַאָס, מען איז פּטור פֿון געבן מענטשן עסן, קליידונג, מען מאַכט חרוב, מען רויבט און מען מאָרדעט און ס'איז בכלל פֿריילעך! די פֿירער זענען פּטור. זיי זיצן זיך באַהאַלטן אין זיכערע בונקערס,

לאָזן זיך צוטשעפּן מעדאַלן, אָרדנס, לאָזן פון זיך אויסמאָלן גרויסע פּאָרטרעטן, האַלטן פייערלעך אָנגעשריבענע רעדעס און דאָרט, אויף די פעלדער, שעכטן זיך די משהס... האָט איינער אַ סך משהס — באַזיגן זיי די משהס פון אַ קלענערער מלוכה; און דעמאָלט איז דער פירער פון די מערער משהס דער זיגער; און אויב פאַרקערט, איז ווי מיט יענעם אַדוואָקאַט: האָט מען דעם פּראָצעס געוווּנען, זאָגט ער: דאָס האָב איך געוווּנען דעם פּראָצעס; אויב אָבער דער פּראָצעס איז פאַרשפּילט, זאָגט ער צום קליענט: איר האָט פאַרלוירן דעם פּראָצעס.

כ׳לעבן, די גרויסע פירער! גענומען אַ וועלט אַ צאַצקע און זי אין צוויי וועלט־מלחמות צעהאַקט און צעבראַקט אויף שטיק־שטיקלעך. און אַנשטאָט, נאָך היטלערס מפּלה, צו נעמען די וועלט אין דער האַנט אַריין און אויסהיילן איר די וווּנדן, מאַכן פון איר צוריק אַ לייט, האָבן די שלימזלדיקע פירער באַלד אָנגעהייבן אַ פרישע מלחמה און טאַקע אַ וועלט־מלחמה, וואָרום אַז מען שלאָגט זיך אין אינדאָנעזיע, אין גריכנלאַנד, אין כינע, אין ארץ־ישראל, אין אינדיע און אינדאָכינע — צי הייסט דאָס נישט אַ וועלט־מלחמה? — נאָר ווי זאָגט איר? אַז מען שלאָגט זיך ביי מיר, איז עס אַ וועלט־מלחמה; און אַז מען שלאָגט זיך ביי אייך — איז עס אַ „נערוון־מלחמה״... איי, אין דער „נערוון־מלחמה״ זענען שוין געפאַלן הונדערטער טויזנטער מענטשן? — מילא, איז דאָס אויך אַ שטיקל פאַרדינסט, וואָרום די הונדערטער טויזנטער מענטשן וואָלטן דאָך געדאַרפט הויזן, שיך, אַ דאַך איבער קאָפּ און טאַקע עסן אויך — זענען די פירער דערוויַיל פּטור פון נאָך אַ קלאָפּאָט...

איך זאָג דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם, וואָס נאָך אַלע גרויסע דערפינדונגען, ביי קינסטלעך מיסט און קאָמביינען, ביי אינטענסיווערווירטשאַפט און קינסט־לעכן רעגן, איז פונדעסטוועגן אַ האַלבע וועלט הונגעריק. די וויסנשאַפטלער קלאָגן זיך, אַז ווי די מתים עסן אַזאַ פּנים האָבן זיי; ס׳הייסט, אַז אויב דער גרעסטער טייל פון דער מענטשהייט וועט זיך אַזוי דערנערן ווי ביז איצט, וועט זיין גאָר שלעכט, וועט מען האָבן מאָגער האַרמאָטן־פלייש. אין כינע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ נצחון אויפן שלאַכטפעלד, גאַנץ כינע איז שוין באַפרייט פון טשאַנג־קיי־שעקס כוחות, אָבער צו אַ פולן טעלער רייז קומט עס נאָך נישט. אָבער ווידער דאָס זעלבע, וואָס עפּעס זאָלן מיר רעדן וועגן כינע, לאָמיר שמועסן וועגן זיך. און ביי אונדז עסט מען צו דער זעט? מיט אַלע טראַקטאָרן, מיט אינטענסיווער ווירטשאַפט, מיט „תנובה״, „המשביר״, מיט פאָנדן פון קרן קימת און קרן היסוד, מיט אַזוי פיל כוח און אַרבעט באַקומט מען פונדעסטוועגן נישט אַרויס כאָטש פאַר זיך אַליין גענוג קאַרטאָפל, גענוג טאָמאַטן, און ווער שמועסט שוין וועגן פּרוכטן? שטייען טאַקע קלוגע יידן און פרעגן: היתכן? די אַראַבער האָבן נישט געאַקערט, נאָר געקראַצט די ערד מיט אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק, ווי אין די צייטן פון אברהם אבינו; קיין וואַסער האָבן זיי נישט געהאַט, קיין מיסט פון אויסלאַנד האָבן זיי נישט געברענגט — איז ווי זשע האָבן זיי אַרויסגעצויגן פון דער ערד אַזאַ שפע,

וואָס קלוגע יידן קענען נישט? ענטפערן אויף דעם יידן, אַז ביי אונדז פאַרזעצט מען נעבן איין קאַרטאָפל — אַ בינטל פּאָליטיק, נעבן איין טאָמאַטע — אַן אידייאישע רעזאָלוציע, נעבן צוויי מייערן — אַ פאָדערונג צו דער רעגירונג זי זאָל געבן סובסידיעס. טאָ ווילט איר, אַז צווישן אַזאַ קראָפּיווע, וואָס נעמט אַוועק די זאַפטן פון דער ערד, זאָלן געדייען פרוכטן? און ווידער צוריק — טאָמער וועט זיין אַ סך, וועט מען דאָך מוזן אַראָפּלאָזן פון די פרייזן און אָרעמע יידן וועלן זיך חס וחלילה איבערעסן און מען וועט נישט קענען זאָגן, אַז מיר האָבן אייגענע גאָלדגרובנס הינטער פתח־תקוה. ווארום אָט שטיי איך פאַראַכטאָגן אין אַ מושב און קוק זיך צו ווי אַ ייד קאָפּעט אויס קאַרטאָפּעל, פרעג איך אים: פעטער, וואָס קאָפּעט איר? ענטפערט מיר דער ייד: שטיקלעך גאָלד, קאַרטאָפּעל, וואָס איר וועט אין שטאָט פאַר רענדלעך נישט באַקומען...

נאָר געלויבט השם יתברך פאַר דעם. מען שמועסט, אַז ביי אונדז איז נישט צום ערגסטן און אויב עס איז נאָך נישט גוט, וועט זיין גוט, עס דאַרפן נאָר אָנקומען די פּאָר פעטע טאָלערס פון אַמעריקע און מיר וועלן אם ירצה השם געהאָלפן ווערן. דער עיקר, זאָג איך אייך, זאָל נאָר זיין רואיק אויף דער וועלט, די וועלט־פירער זאָלן אונדזער גאַנצע ערד נישט פאַררוקן אין טשאָלענט און זי צוברענען...

וואָס, איר זאָגט, אַז די וועלט געפעלט אייך נישט?

מיר אויך נישט.

3טער פעברואַר 1950

## צווישן שטראָם, שטרעמל און שטריימל

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז הייב איך אָן פילן, אַז איך בין פול מיט שטראָמען. אַ דערוואַקסענער מענטש, דאַרף איך אייך נישט זאָגן, ווייסט וואָס שטראָם איז. אַמאָל באַרירט מען אָן עלעקטרישן דראָט — כאַפּט מען אַ שטראָם; אַ צווייט מאָל גייט מען זיך באָדן אין ים — און מען ווערט אָוועקגעצויגן פון שטראָם; ווען אַ ייד זוכט פּרנסה, לאָזט ער זיך סתם שלעפּן מיטן שטראָם; און אַז מען האָט טאַקע נישט קיין פּרנסה, האָט מען אַלץ אין דער אדמה און מען גייט קעגן שטראָם. הכלל, ווער ווייסט דאָס נישט, וואָס עס איז שטראָם? אָבער זינט שטראָמען האָבן זיך געשטראָמט האָב איך נאָך נישט געפילט, אַז איך ווער צעמאָלן און צעריבן פון אַזעלכע שטראָמען, וואָס זענען מיך לעצטנס באַפאַלן אין ארץ־ישראל; און גאָט דער איינציקער ווייסט, ווי אַזוי איך וועל אַרויסקריכן פון זיי אַ גאַנצער.

כ׳האָב אַנומלט געטראַכט, אַז אם ירצה השם, מיר וועלן ווערן אַ מדינה, וועלן אויפהערן אַלע מחלוקתן אין הויז פון ישראל, מען וועט אָוועקלייגן די פּראָגראַמען מיט די גאַרטלען און מאַכן אַ ברכה און זיך טון אַ נדר, אַז פון היינט אָן זענען מיר יידן אָן צוטשעפּענישן, אָן פּאַרטייען, נאָר יידן מיט אַ מדינה. און אויב עמעצער וועט זיך נישט קענען אָפּגעוווינען פון די אַלטע שוואַכקייטן — וועט אים די מדינה ווערן אַ פּאַרטיי. ערשט שוין אויף צו מאָרגנס נאָך דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, דערזע איך, ווי עס פליסט אַרויס אַ שטראָם — מפא״י, און באַלד אַ קלענער שטרעמל — מפ״ם, נאָך דעם אַ שטריימל — אגודת ישראל און מזרחי. און איידער איך האָב זיך אומגעקוקט — האָבן שוין געפלאָסן קליינע שטראָמעלעך און שטרעמעלעך; און פון דעם אַלעמען איז געוואָרן אַזאַ ווירבל און אַזאַ צעפּלאָנטער, אַז ווען איר פרעגט מיך היינט ווו איך בין, וואָלט איך אייך געענטפערט, אַז איך שטיי אָן אומגליקלעכער צווישן שטראָמען, שטרעמעלעך און שטריימלעך; אַז איך ווייס נישט, וווהין עס טראָגט מיך און ווו איך וועל אַרויס אויף אַ ברעג...

טאָמער זוך איך אַ שיכון — מוז איך האָבן פּראָטעקציע צו אַ שטראָם. זוך איך אַרבעט — איז ווי קאָן מען זיך ווידער באַגיין אָן אַ שטראָם? און טאָמער דאַרף איך עפּעס פון אַ מדינה־אַמט — איז ווידער אַ שטראָם. ווייס איך כאָטש, אַז אין יעדן פאַל דאַרף איך אויסוויילן אַ שטראָם און — פּטור. איז אָבער פאַראַן ביי אונדז איין געביט, וואָס איז שוין נישט קיין שטראָם,

נאָר פיר גאַנצע שטראָמען, ממש אַן עלעקטרישער שטול. כ׳מיין, די בילדונג: אויף דער בידנער בילדונג האָט מען געגעבן אַ וואָרף אַרויף אַזש פיר שטראָמען, וואָס רייסן זיך און האַקן זיך, די קאַבלען פלאַצן, עס שפריצן פונקען און עס האַלט ביי אַ גאָר גרויסער קאַטאַסטראָפע. מילא, וואָלט מען כאָטש די פיר שטראָמען אַרויפגעוואָרפן אויף דערוואַקסענע — וואָלט עס געווען אַ האַלבע צרה. שפּילט דען ביי אונדז אַ ראָל צו געהערן מיט איין קנאַק צו עטלעכע פּאַרטייען? ניין, האָט מען די פיר שטראָמען אַרויפגעוואָרפן נעבעך אויף אונדזערע קינדערלעך. יעדער שטראָם האָט אַנגעכאַפּט דאָס קינד ביי אַ הענטל אָדער אַ פיסל און יעדער רייסט אין אַן אַנדער ריכטונג, כאָטש גיי שריי: געוואַלד.

טאָמער ווילט איר זיך שלאָגן צווישן זיך, איז דאָס אייער זאַך. רייסט זיך, האַקט זיך, זאָל דער שטראָם פליסן איבערן שטרעמל און דאָס שטרעמל אויפן שטריימל, גייט עס מיך אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. אָבער וואָס ווילט איר פון מיין קינד? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָט אייך מיין קינד געטון? צוליב אַ פרשה חומש און אַז צוויי מאָל צוויי איז פיר — דאַרף עס אַזש אויסשטיין דאָס האַקעריי פון שטראָמען? און ווו בין איך, דער טאַטע פון קינד? איך האָב שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן? איר קומט זיך צו גיין אין דער כנסת, פירט וויכוחים און איר באַשליסט: פיר שטראָמען; און איך, הייסט עס, מוז אייך אָוועקגעבן מיין קינד, איר זאָלט עס צעבויקערן מיט אייערע שטראָמען?

אַנהייב וואָך קומט צו גיין פון שול מיין קליין קינד און פרעגט מיך: טאַטע, וואָס איז דאָס אַזוינס „רעוואָלוציאָנערע דעמאַגאָגיע”? אַ טאָג שפּעטער קומט ער מיט אַ פרישער קשיא: וואָס איז דאָס אַזוינס „ענגליש־אַמעריקאַנער אימ־פּעריאַליזם”? דערנאָך קומט אַ פראַגע: וואָס איז „קלעריקאַלע רעאַקציע” און „אַטעאיסטישע פּראָפּאַגאַנדע”? האָב איך דאָך שוין געזען, אַז מיין קינד איז אַריינגעפאַלן צווישן די פיר שטראָמען, פרעג איך עס: קינדעלע, וויפל איז 2 מאָל 3? ענטפערט מיר דאָס קינד, אַז דאָס לערנט מען נאָך נישט. די „תנועה” זאָגט, אַז דאָס איז נישט וויכטיק. טראַכט איך איצט: ווי אַזוי שלעפּט מען אַרויס מיין קינד פון „זרם”, פון שטראָם, הייסט עס, ווי אַזוי ראַטעוועט מען עס?

איז דערוויל אויסגעבראָכן די מלחמה פון די שטראָמען. איין שטראָם האָט פאַרשטרייקט, דער צווייטער האָט געסטראַשעט, דער דריטער האָט דערוויל געוואָלט געווינען פון די ערשטע צוויי, איז געקומען דער פערטער און געוואָלט „אויסגלייכן”. שיק איך ניט דערוויל מיין קינד אין שול. וואָרום אויב צוויי אויטאָס זענען אַ קאַטאַסטראָפע, זענען דאָך פיר שטראָמען אַ קאַטאַקליזם — טאָ וואָס האָב איך צו וואָרפן מיין קינד אין אַ קאַטאַקליזם?

איך בין זיך מודה ומתוודה: ווען איך זאָל נישט וויסן אויף זיכער, אַז איך לעב אין מדינת ישראל, וואָלט איך געמיינט, אַז איך געפין זיך צווישן פיר מיסיאָנערישע געזעלשאַפטן, וואָס יעדע פון זיי לויערט אויפן נשמהלע פון מיין קינד. און אויב איך האָב פיינט געהאַט אין גלות מיסיאָנערן אימת

מוות, איז וואָס זשע זאָל איך דאָ זאָגן? ווי אַזוי באַקומט מען זיך אַרויס פון די שטראָמען?

יענע וואָך בין איך געווען ביי מיינעם אַ קרוב אין יפו. דערציילט ער מיר, אַז ער שיקט זיין קינד אין דער שול פון די „הייליקע שוועסטערלעך". ווער איך אויפגערעגט און זאָג צו אים: היתכן, דיין טאַטע איז געווען אַ באַלעבאַטישער ייד, אַן עסקן אין שטעטל, אַן אַלטער ציוניסט; און דו אַליין ביסט אויך אַ ציוניסט, יעדעס יאָר קויפסטו אַ שקל, — און דאָ פּלוצעם, ווען דו קומסט אין מדינת ישראל, וווּ די אידייע פון ציוניזם איז מקוים געוואָרן, נעמסטו און שיקסט דיין קינד אין אַ קריסטלעכער שול? זאָגט מיר דער קרוב: ווו האָסטו ציוניזם, אַז סך־הכל זענען ביי אונדז דאָ שטראָמען. די שטראָמען פאַרפּלייצן אַלץ. וואָלט איך געהאַט מיטלען, נעם איך אַ לערער אין שטוב אַריין און זעץ אים אַוועק: נאַ, לערן מיין קינד ליב האָבן דאָס לאַנד, אַביסל אַריפמעטיק, דערצייל איר, ווי שווער דאָס לאַנד איז אויפגעבויט געוואָרן, דערצייל איר וועגן דער גרויסער אידייע וואָס איז איצט פאַרפּלייצט פון שטראָמען. נאָר אַזוי ווי מיר לעבן איצט אין צייט פון מבול און קיין מיטלען האָב איך נישט, היט איך אָפּ מיין קינד פון די שטראָמען. און אַז דער רבונו־של־עולם וועט העלפן, די שטראָמען וועלן אַדורכשטראָמען און די מדינה וועט אָנהייבן דערציען קינדער, וועל איך זיין דער ערשטער, וואָס וועל אַוועקפירן מיין קינד אין דער שול פון דער מדינה און זאָגן אים: אָט דאָ לערן. און צווישן תנ"ך אין אַריפמעטיק זאָלסטו אויך לערנען די אגדה פון „יציאת זרם"...

1950 3טער מערץ

## אַן אַמעריקאַנער ייד וויל אינוועסטירן אין ישראל

אַנומלט קומט אַרויף צו מיר אַן אַמעריקאַנער ייד. „גודמאָרנינג" — זאָגט ער צו מיר — וועל, איך בין בענדזשאַמין בריסקין, פון פילאַדעלפיע. „ברוך הבא — ענטפער איך אים, וואָס מאַכט איר עפּעס, מיסטער בריסקין?" „טהענק יו — זאָגט ער — הלוואי אויף אַלע יידן נישט ערגער. איך האָב גאָר טראָבל פון אייך". דערשרעק איך זיך. איך זע דעם ייד דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, און שוין זאָגט ער, אַז ער האָט פון מיר עגמת נפש. „וואָס פאַר אַ טראָבל האָט איר פון מיר, מיסטער בריסקין?". שמייכלט דער ייד: „צו אייך — זאָגט ער — האָב איך גאָרנישט. איר זענט נישט קיין טוריסטן־ביוראָ, קיין רעגירונגס־אָפיס, קיין „סולל בונה", קיין טאַקסי־דרייווער, איר זענט אַל־רייט און צו אייך האָב איך גאָרנישט. אָבער אָט פאַרוואָס איך בין געקומען אייך באַדערן. יו סי, דער יידישער סטייט האָט געקענט פּראָספּערירן; פלענטי יידן וואָלטן געמופט קיין ישראל"... „אדרבה — זאָג איך — מיר דאַרפן טאַקע אַ סך יידן פון אַמעריקע זאָלן קומען אַהער און טאַקע ברענגען די פאַר טאָלער. נישקשה, מיר וועלן שוין מאַכן אַ לייט פון זיי. איר וועט לעבן און מיר וועלן לעבן, מיר וועלן לעבן צוזאַמען, אחינו בני ישראל. אונדזער רעגירונג בעט אייך: קומט, מופט אַהער, מיר דאַרפן אייך, ווי אַ פיש דאַרף וואַסער, ווי אַ תל־אביבער באַלעבאָסטע דאַרף אַ הינדל אויף שבת, ווי אַן ארץ־ישראלדיקער פאַבריקאַנט דאַרף רווישטאָף, ווי מיסטער קאַפּלאַן דאַרף דאָלאַרן"...

„אָ, יעס — כאַפּט זיך דער אַמעריקאַנער — טאַקע צוליב מיסטער קאַפּלאַן בין איך אַרויפגעקומען צו אייך. איך וויל וויסן, וואָס פאַר אַ מענטש איז ער אייער מיסטער קאַפּלאַן. יו סי, פיר מאָל בין איך שוין אין ישראל און קען נישט איינבייסן אייער מיסטער קאַפּלאַן. דאָס ערשטע מאָל בין איך געקומען קיין ישראל און געוואָלט בויען אַ פאַבריק פון עלעקטרישע לעמפּלעך. זאָגט מיר אייער מיסטער קאַפּלאַן: וועל, דאָס איז, וואָס מיר דאַרפן. מיר וועלן אייך מאַכן אַלע פאַרלייכטערונגען, מיר וועלן אייך געבן 51 פּראָצענט ריווח פון „סולל בונה" און איר וועט געבן 49 פּראָצענט דאָלאַרן... זאָג איך צו מיסטער קאַפּלאַן: טהענק יו, איך וויל אַריינלייגן 100 פּראָצענט דאָלאַרס און אייגענעם כוח. זאָגט מיר מיסטער קאַפּלאַן: טהענק יו, גוד ביי! און איך בין צוריקגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע.

„אַ צווייט מאָל קום איך קיין ישראל און שטאָט־אָפּ אַ וויזיט ביי מיסטער

קאַפּלאַן. איך וויל בויען — זאָג איך אים — אַ פאַבריק פון צעמענט, דהאטס, וואָס איך וויל. ווער — זאָגט מיסטער קאַפּלאַן — דאָס איז וואָס מיר דאַרפן. מיר וועלן אייך מאַכן פאַרלייכטערונגען, „סולל־בונה" וועט אייך געבן 51 פּראָצענט זאַמד און איר וועט געבן 49 פּראָצענט דאָלאַרס... זאָג איך צו מיסטער קאַפּלאַן: טהענק יו, איך וועל אייך מער נישט באַדערן. ביי אונדז אין פילאַדעלפיע קאָסט נישט די חברה־קדישא אַזויפל דאָלאַרס... און איבערהויפּט האָב איך נישט ליב, אַז מען העלפט מיך צו. איך האָב מיינע דאָלאַרס אַליין געמאַכט, וויל איך זיי אַליין אינוועסטירן און דהאטס־אַל. זאָגט מיר מיסטער קאַפּלאַן: פּאַרקערט, מיר ווילן אייך לייכטער מאַכן און „סולל־בונה" האָט אַ סך מאַשינען... אָ, יעס — זאָג איך — פאַר אַיין אַמעריקאַנער ייד איז גענוג אַז אַיין טאַקסי־דרייווער אין ישראל זאָל אים אָפּשינדן די הויט, דאַרף איך נישט אַזש אַ גאַנצע קאָמפּאַני... זאָגט מיר מיסטער קאַפּלאַן, אַז איך האָב אַ מיסטעיק, אַ טעות הייסט עס. „סולל בונה" איז נישט קיין קאָמפּאַני פון טאַקסי־דרייווערס, נאָר זי האָט הייב־מאַשינען און איבערהויפּט... טהענק־יו, מיסטער קאַפּלאַן, פאַר די הייב־מאַשינען. איך בין נישט אַזאַ שווערער ייד, אַז מען זאָל מיך דאַרפן הייבן, און די דאָלאַרס זענען נישט אַזוי שווער, מען זאָל זיי דאַרפן הייבן. זאָג איך: גוד־ביי! און פאָר צוריק קיין פילאַדעלפיע.

„ערשט אין פילאַדעלפיע לייען איך אין די פּייפּערס, אַז מיסטער קאַפּלאַן האָט געוואָרפן די הייב־קאָמפּאַני „סולל בונה" און אַרויסגעגעבן אַן „אינוועסט־מענט־ביל", ס'הייסט ביי איך: „אַ געזעץ צו העלפן ברענגען אויסלענדישן קאַפּיטאַל". זאָג איך צו מיין ווייב: איצט דאַרף מען פאָרן קיין ישראל, העלפן בויען דעם דזשואיש סטייט. מיסטער קאַפּלאַן האָט שוין געוואָרפן „סולל־בונה", וועט מען אין ישראל קענען מאַנופעקטשערן. קום איך ווידער קיין ישראל און רוף־אָפּ מיסטער קאַפּלאַנען: האַו־דו־יו־דו, מיסטער קאַפּלאַן. איך האָב געהערט איר האָט געטשעינדזשד אייער מיינד. יעס — זאָגט מיר מיסטער קאַפּלאַן — פון היינט־אָן קענט איר ברענגען וויפיל דאָלאַרס איר ווילט. און אַז איר וועט וועלן, וועט אייך „סולל־בונה" העלפן טראָגן די דאָלאַרס; און אויב נישט, קענט איר אַליין מאַכן, וואָס איר ווילט. יעס — זאָג איך — דאָס איז, וואָס איך וויל. „אַליין איז די נשמה ריין". איך וויל מאַכן אַ פאַבריק פון קעז. איך וועל ברענגען די מאַשינען, איך וועל בויען די פאַבריקן, איך וועל אָנשטעלן אַרבעטער. איר וועט מיר בלויז געבן מילך. אָ, ווער, זאָגט מיסטער קאַפּלאַן, מילך וועט איר ביי אונדז קריגן וויפל איר ווילט. מיר האָבן אַ „תנובה" וואָס האַלט אין איין מעלקן... קעיבל איך קיין אַמעריקע נאָך דאָלאַרס און ברענג מאַשינען און בוי־אויס אַ פאַבריק. ווען אַלץ איז פאַרטיק, רוף איך די „תנובה": גוטמאָרנינג, מיסעס „תנובה", איך דאַרף האָבן טויזנט ליטער מילך אַ טאָג. איך צאָל קעש אין דאָלאַרס. ווער — ענטפערט „תנובה" — די דאָלאַרס אין קעש זענען מיר גרייט צו נעמען, אָבער מילך האָבן מיר נישט. לויף איך אַרויס אין גאַס און הייב־אָן נאָכפרעגן, וואָס איז עס פאַר

אַ „תנובה", וואָס גיט נישט קיין מילך? מיסטער קאַפּלאַן האָט דאָך מיר געזאָגט, אַז „תנובה" האַלט אין איין מעלקן. יעס — ענטפערט מען מיר — מיסטער קאַפּלאַן איז טויזנט מאָל גערעכט: „תנובה" האַלט אין איין מעלקן. אָבער מילך גיט זי נישט.

„בין איך אין כעס געוואָרן, געלאָזט שטיין די פאַבריק, מיט די מאַשינען און צוריקגעפאָרן קיין פילאַדעלפיע. נאָר אַ יידיש האַרץ האָב איך, איך האָב טעריבל ליב ישראל און ס'איז נישטאָ קיין גרעסערער פלעזשור, אַ פאַרגעניגן הייסט עס, צו פאַרבינדן ליבע מיט ביזנעס. לייען איך אין די פייפּערס, אַז מיסטער דוד רמז וויל בויען דעם פּאָרט אין תל-אביב, און זוכט אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל. זאָג איך צו מיין וויב: „גודביי" און נעם אַן עירפּלעין קיין ישראל. און ווי איר זעט, בין איך ווידער דאָ אין ישראל, וואָרום איך האָב ליב די קאונטרי, דאָס לאַנד, הייסט עס, און ישראל איז מיר איינגעבאַקן אין האַרץ. איז איידער איך גיי אָפּרופן מיסטער דוד רמז, קום איך צום ערשטן צו אייך, איר געפעלט מיר זייער, מיסטער, איך האָב ליב דעם אמת און איך האָב טעריבל ליב דעם אמת. טאָ זאָגט מיר, צי זאָל איך אינוועסטירן געלט אויף אויסצובויען דעם פּאָרט?".

זאָג איך צום ייד: „מיסטער בענדזשאַמין, איר געפעלט מיר. איר זענט דער בעסטער ציוניסט אויף דער וועלט, הלוואי אויף אונדזערע ציוניסטן געזאָגט געוואָרן. אַ קליייניקייט — אַ ציוניסט, וואָס נעמט נישט, נאָר גיט! איר דאַרפט אינוועסטירן, מיסטער בענדזשאַמין, און טאַקע שוין אינוועסטירן".

„וועל — זאָגט מיסטער בענדזשאַמין, — איך האָב אָבער געהערט, אַז מיסטער דוד רמז האָט ליב אַרכעאָלאָגיע, ס'הייסט, גראָבן אין דער ערד אַרויס־צושלעפּן אַלטע זאַכן. צי וועט ער אַמאָל נישט אַרויסשלעפּן די אַלטע זאַכן און באַגראָבן מיינע דאָלאַרס?"

„ניין, מיסטער בענדזשאַמין, דוד רמז איז אַ גוטער באַלעבאָס און ער מאַכט נישט קיין פוילע ביזנעס. ביי אים פליען עראָפּלאַנען און עס לויפן באַנען, באַוועגלעכע ביזנעס".

„דהאטס, וואָס איך וויל האָבן — זאָגט מיסטער בענדזשאַמין — טאָ זאָגט מיר בלויז, אַז איך וועל אויסבויען דעם פּאָרט, צי וועט נישט אויספּעלן קיין וואַסער אין ים?".

„אָ, ניין, מיסטער בענדזשאַמין — זאָג איך אים — מיט וואַסער זענט איר ביי אונדז פאַרזאָרגט. יעדנפאַלס זענט איר אַ מענטש, וואָס האָט טעריבל ליב ישראל און איר האָט דאָלאַרס. וועט איר אַרויסנעמען די רערן פון אייער קעז־פאַבריק און זיי אינסטאַלירן פון דער כנסת אין ירושלים ביז צום פּאָרט אין תל־אביב, אַז טאָמער וועט אייך אויספּעלן וואַסער אין ים, איז געגוג, איר זאָלט אַ דריי טון דעם קראַן צו דער כנסת און פינף רעדנער וועלן אייך אָנגיסן אַ ים מיט וואַסער".

האָט זיך מיסטער בענדזשאַמין בריסקין פון פילאַדעלפיע צעוואָרעמט. דאָס געפעלט אים, דאָס איז אַ זיכערע ביזנעס.

„יעס — זאָגט ער — כ׳האָב געטראָפן מיט אייך. איר האָט מיר געגעבן די בעסטע עצה, טהענק יו, גוד־ביי. ווען איך וועל אויסבויען דעם פּאָרט, וועט איר מיט אייער ווייב און קינדער מאַכן דעם ערשטן טריפּ אין טיפן פּאָרט פון תל־אביב. גוד־ביי, טהענק יו, מיסטער!"

10טער מערץ 1950

# אַ „קיבוץ־גלויות" אין די הונגעריקע זיבן יאָר

מען דאַרף וויסן ווען געבוירן צו ווערן. סתם געבוירן ווערן אין אַ פּראָסטן מיטוואָך, צווישן אַ יאָ אין אַ ניין — איז ני־בע, ני־מע. מען ווערט דעמאָלט צעקראָכן אונטער די פינגער און מען גייט אַדורך אַ לעבן אומבאַמערקט און אומאינטערעסאַנט.

נעמט, למשל, אַ מיניסטער אין פראַנץ יאָזעפס צייטן. דאַכט זיך איך: אַ מיניסטער פון אַן אימפּעריע — יאָ? און נאָך וואָס פאַר אַן אימפּעריע! אַ קליניקייט די קירהשע אימפּעריע! איז וואָס פאַר אַ לעבן האָט געהאַט אַזאַ מיניסטער? מישטיינס געזאָגט, אָפּגעבטלט זיינע טעג און יאָרן אין ווין, בייטאָג געזעסן אין מיניסטעריום, פאַרנאַכט — אין קאַפע און אין אָוונט — אין בורג־טעאַטער. נישט מען האָט געהערט וועגן אים, נישט די וועלט האָט זיך געטרייסלט, קיין אַטאָם־באָמבע, קיין „קאַלטע מלחמה", קיין אינפלאַציע, סטאַגנאַציע, מאַלווער־סאַציע און שפּעקולאַציע; קיין אונ"אָ, קיין דעמאָקראַטיע — אַן אַלטע לאַנגווייליקע וועלט. הכלל, מען דאַרף וויסן ווען געבוירן צו ווערן.

אָט די טיפע פילאָסאָפיע איז מיר געקומען אויפן רעיון ווען איך האָב געלייענט די נייס, אַז פיר וויכטיקע געסט קומען צו אונדז אויף פסח. ווו איך גיי און ווו איך שטיי רעדט מען וועגן די געסט. אין דער קריה רייסט מען אָפּ די טעלעפאָנען, מענטשן פרעגן מיט אומגעדולד: ווען? ווו? צי וועט זיי חס וחלילה גאָרנישט געשען אויפן וועג? אין די רעדאַקציעס טונקט מען די פעדערס און מען צעשרייבט זיך יעדער אויף זיין שטייגער: איינער פּאַטעטיש, אַ צווייטער מעלאָדראַמאַטיש, אַ דריטער אַנטציקט זיך, מליאָסקעט מיט דער צונג, פאַרגלאָצט די אויגן. אין חיפהער פּאָרט מאַכט מען די נייטיקע צוגרייטונגען, מען בעט־איבער דעם כבוד פון אַנדערע וויכטיקע שיפן, מ'הייסט זיך אָוועקשטעלן אַן אַ זייט און מען מאַכט אַ פרייען צוטריט פאַר די שיפן, וואָס ברענגען די חשובע געסט. טעלעגראַמעס פליען קיין אויסלאַנד, אַנדערע קומען אַהער; מען איז טאַקע נייגעריק צו וויסן וואָס מאַכן זיי, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד געפינען זיי זיך, צי האָבן זיי פרישע לופט, צי איז חס וחלילה נישט צו פייכט אויף דער שיף, צי וועט זיי חלילה נישט געשען עפּעס.

פון דער אומרואיקייט און אומגעדולדיקייט וואָלט מען געקענט מיינען, אַז עס פאָרן קעניגן, הויכע דיפּלאָמאַטן, גאולה־ברענגענדיקע פּערזענלעכקייטן, פאָרשטייער פון די גרויסמאַכטן. שווער איך איך ביי באָרד און פּאות, אַז

דאָס אַלץ איז בלאָטע שבבלאָטע אַנטקעגן די פיר געסט, וואָס קומען צו אונדז אויף פסח. ווען אונדזער אינסטיטוט פאַר אויספאָרשן די געזעלשאַפטלעכע מיינונג וואָלט געמאַכט אַן אַנקעטע וועמען דאָס פאָלק וויל האָבן אויף פסח; הויכע מיניסטאָרן, וואָס שאָקלען מיט דער שווערד ווי מיט אַ לולב, צי די פיר געסט — וואָלט דאָס פאָלק אין איין קול אויסגערופן: זאָלן לעבן די פיר געסט! און זאָלן זיי קומען נישט נאָר אויף פסח, נאָר אויך אַ גאַנץ פעליק יאָר!

איז ווער זענען עס די הויכגעשעצטע געסט, די אומדערוואַרטעטע, די אויסגעבענקטע, די חשובע, וואָס די פרעסע שרייבט וועגן זיי, וואָס דער חיפהער פּאַרט מאַכט אַן אָרט — ס'קאָצל קומט!?

די חשובע געסט זענען — אויסטראַלישע אָקסן, אַמעריקאַנער קאַרטאָפל, טערקישע אייער און גריכישע בוראַקעס.

נו, צי דאַרף מען נישט וויסן, ווען געבוירן צו ווערן?

צי האָבן ווען עס איז אָקסן זיך פאַרגעשטעלט צו מאַכן אַזאַ קאַריערע, אַ גאַנץ פאָלק זאָל אויף זיי וואַרטן? ווען עס זאָלן דאַרפן קומען צו אונדז הויכגעשטעלטע פערזענלעכקייטן, וואָלט איינער געווען קעגן דעם, אַ צווייטער וואָלט געשריבן אַן אַרטיקל פאַר דעם, אין דער כנסת וואָלט מען זיך געשאַרפט די צינגלעך, פאַרשריבן צום וואָרט און געמאַכט צווישנרופן, דער פאָרזיצער וואָלט געקלאַפּט מיטן האַמער אין טיש, גערופן צו אָרדענונג, געשטימט צוויי רעזאָלוציעס פאַר און קעגן, — און צום סוף וואָלט מעןביידע אָפּגעשיקט אין אַ קאָמיסיע, זיי זאָלן זיך עלטערן אין פריידן...

אָבער אָקסן, אייער, קאַרטאָפל און בוראַקעס? ניין, דאָס זענען צו וויכטיקע געסט עמעצער זאָל רעדן קעגן זיי; און זייער אָנקומען אין לאַנד אַריין האָט באַקומען די איינשטימיקייט פונעם גאַנצן פאָלק: פון דער קאָאַליציע און אָפּאָזיציע, פון די פרומע און פון די אפיקורסים, פון חירות און פון וויצ"א — אַן איינשטימיקייט, וואָס איז מעגלעך נאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אָקסן...

און ערשט מאָלט אייך ווי אַזוי אַזעלכע אָנגעלייגטע געסט וועלן אַראָפּ־קומען פון דער שיף. איך פאַרזיכער אייך, אַז קיין שום טוריסט, מעג עס זיין אַ סאַמעראָדנער אַמעריקאַנער, האָט נישט אַזעלכע פאַרלייכטערונגען ווי עס וועלן האָבן די אָקסן. קיינער וועט נישט זוכן ביי זיי אין ווטש קיין ניילאָן־זאָקן, קיין שמאַכטעס, קיין וואַלוטע; זיי וועלן נישט דאַרפן שטיין אין דער ריי, נאָר צירלעך־מאַנירלעך אַראָפּשפּאַצירן פון דער שיף. די באַאַמטע און די אָפּוואַרטנדיקע געסט וועלן באַוווּנדערן די שיינע מיוחסדיקע אָקסן. און טאָמער וועט זיך אַן אָקס פאַרגלוסטן צו טון דעם אמתן מרוקע, וועלן די אָפּוואַרטנדיקע צעגיין פון התפּעלות: האָסט געהערט אַ מרוקע פון אַן אָקס?! אַ־וואַ, ער וואָלט דאָך געקענט זיין אַ רעדנער אָדער סתם אַ געזעלשאַפטלעכער טוער. און אויב אַ טוריסט דאַרף זוכן אַ האָטעל, שטיין אין דער ריי צום פענצטערל פון טוריסטן־ביוראָ, וואָלט יעדער איינער גרייט געווען אַזאַ אָקס אַהיימצונעמען

צו זיך, אָפּגעבן דאָס שלאָפּצימער, זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן. אַ קלייניקייט, אַן אָקס אין ישראל!

און דערנאָך די אַמעריקאַנער קאַרטאָפל! זיין אין ישראל אי אַן אַמעריקאַנער אי אַ קאַרטאָפל — אַזאַ קאַריערע האָט זיך קיין שום באַשעפעניש אויף דער וועלט נישט געחלומט! אמת, די טערקישע אייער קענען זיך נישט גלייכן צו די אַמעריקאַנער קאַרטאָפל. פונדעסטוועגן וואָלט זיך יעדער ייד געוווּנטשן אויפגענומען צו ווערן מיט אַזאַ פרייד ווי די טערקישע אייער. ערשטנס, זענען זיי אייער — דאָס אַליין איז שוין אַ פּאַרטיקע קאַריערע. צווייטנס, זענען זיי טערקישע, פון די ערשטע מאַכמעדאַנער, וואָס האָבן אונדז אָנערקענט דע־יורע; און מיר וועלן זיי אויפנעמען נישט נאָר דע־יורע נאָר ממש — דע־פאַקטאָ.

און איצט די בוראַקעס. ווי קאָן עס זיין אַ פּסח אָן ראָסל פון בוראַקעס? אַזאַ פּסח איז דאָך נישט מער ווי חוזק. שטעלט אייך נאָר פאָר די אויסטערלישע קאַריערע פון די בוראַקעס: גויאישע בוראַקעס וועלן געבן ראָסל פאַרן יידישן פּסח! ווען איך בין „תנובה״ — וואָלט איך זיך באַגראָבן פאַר חרפּה. אַזאַ פאַרנעם, אַזאַ טומל, אַזאַ אַפּאַראַט און אַזוי פיל פּאַטריאָטיזם — און נאָך די אַלע גרויסע זיבן זאַכן מוז מען אָנקומען צו אַנטיסעמיטישע בוראַקעס זיי זאָלן באַשיינען דעם פּסחדיקן טיש מיט אַ טעלער ראָסל...

כ׳לעבן, אַן אָקס, אַ קאַרטאָפל, אַן איי אָדער אַ בוראַק — מען דאַרף וויסן אין וועלכער צייט געבוירן צו ווערן!

24טער מערץ 1950

# יידישער גוף און יידישע נשמה

אַ מעשה מיט אַ ייד, וואָס מען וויל זיין גוף אָבער נישט זיין נשמה.

אַ ייד איז אַזוי געבונדן מיט נשמה, אַז טאָמער וועל מען אָפּטיילן נשמה פון גוף, חומר פון גייסט — קומט אַרויס נישט קיין ייד און נישט קיין נשמה. אין דער מאָדערנער וועלט איז אפילו אָנגענומען, אַז נשמה איז אַן איבעריקע זאַך. דעם מענטש דאַרף מען האָבן בלויז צו וואַלן. אַזוי שנעל ווי ער האָט אָפּגעשטימט, איז זיין ראָל פאַרענדיקט. און צו וואַלן דאַרף מען נישט קיין נשמה. פאַרקערט, נשמה איז ביי וואַלן אַן איבעריקע זאַך. ווי ווייט מען קען לעבן אָן נשמה, וועט איר זען לויט אַ סך פון אונדזערע באַאַמטע. איר מעגט צו זיי רעדן פון היינט ביז מאָרגן, איז ווי גערעדט צו דער וואַנט. קיין מענטשלעכעליידן פאַרשטייען זיי נישט.

דער לעצטער קאַמף קעגן יידיש געהער צו דעם זעלבן קאַפּיטל האַרצ־לאָזיקייט, נשמהלאָזיקייט און אכזריות. יידיש איז אַ טייל פון דער יידישער נשמה פאַר די, וואָס האָבן די שפּראַך אַריינגעזויגן מיט דער מאַמעס מילך; פאַר די, וואָס האָבן מתפּלל געווען אין דאָזיקן לשון; פאַר די, וואָס האָבן געקעמפט מיט יידיש אויף די ליפּן.

אַנומלט ווען טויזנט יידישע יונגעלייט זענען גלייך פון די שיפן אַוועק צו די שלאַכטפעלדער פון ישראל — איז יידיש געווען אַ וויכטיקער טייל פון זייער געווער, וואָרום טעכניש געווער האָבן זיי געהאַט ווייניק. זיי האָבן געקעמפט מיט יידישער נשמה, מיט יידיש האַרץ, מיטן יידישן ליד, מיטן יידישן וואָרט. דאָס האָבן פאַרשטאַנען די קאָמאַנדירן און געפירט די בחורים אין קאַמף מיט יידישן באַפעל; און די אָנגעצונדענע בחורים, די באַגייסטערטע נשמות, האָבן זיך אַליין פאַרוואַנדלט אין טאַנקן, אין קאַנאָנען און דערפירט, אַז דער חלום זאָל ווערן וואָר.

ווען די שיפן פון דער שארית הפליטה זענען געשווומען אויף די פאַרבאָטענע ימים צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל — האָבן זיך די שיפן פאַרוואַנדלט אין קריגסשיפן און זייער באַוואָפענונג איז געווען — יידישע נשמה, דאָס וואָרט פון קאַמף איז געווען יידיש, און נישט דייטש, נישט אונגאריש און נישט פויליש און נישט ענגליש. ב ל ו י ז יידיש!

מיט יידיש האָט מען געבויט ארץ־ישראל. אויך די, וואָס העצן קעגן יידיש און שענדן היינט דאָס נייע לשון־קודש — זיי זענען געוואָרן נשמהלאָז און האַרצלאָז אין דער מינוט, ווען זיי האָבן דערשטיקט אין זיך דאָס יידישע

וואָרט. אַט די יידן זענען ווייניקער יידן פון די סאַבּרעס, פאַר וועלכע העבּרעאיש איז זייער נאַטירלעכע שפּראַך. ווייל אַ מענטש, וואָס דערשטיקט אין זיך דאָס וואָרט פון זיין מאַמען און שענדט דאָס וואָרט — דערשטיקט און שענדט אין זיך דעם מענטש און דעם ייד. און מעג ער שרייען טויזנט מאָל, אַז ער איז אַ פּאַטריאָט, אַז ער האָט ליב דאָס יידישע פאָלק — גלייב איך אים נישט, ווייל איך גלייב נישט אַ מענטש, וואָס האָט זיין נשמה אַרויסגעוואָרפן אויפן מיסט.

קיינער וויל נישט קעמפן, און ס'איז לעכערלעך צו זאָגן, אַז עמעצער וויל קעמפן קעגן העבּרעאיש. העבּרעאיש איז די שפּראַך פון דער יידישער מדינה. אַ ייד דאַרף און מוז קענען העבּרעאיש. ער מוז קענען אַריינדרינגען אין די אוצרות פון דעם לשון, וואָס זענען אַ טייל פון אונדזער וועזן ווי אַ פאָלק. אָבער דערמיט ווערט נישט געמינערט אויף אַ האָר די הייליקייט פון יידיש.

די שעפער פון תנ״ך זענען דאָך געוויס געשטאַנען מיט טויזנט קעפּ העכער פון די היינטיקע האַרצלאָזע קעמפער קעגן יידיש. אָבער די שעפער פון תנ״ך האָבן, שאַפנדיק דאָס וווּנדערלעכסטע ווערק אויף דער וועלט — אַריינגעפירט אין תנ״ך אַראַמיש, ווייל אַראַמיש איז געווען אַ טייל פון דער נשמה פונעם פאָלק. דניאל רעדט אין תנ״ך אַראַמיש. די גמרא זאָגט, אַז אדם און חוה האָבן גערעדט צווישן זיך אַראַמיש; אַז משה רבינו האָט געגעבן די תורה אויף זיבעציק לשונות. און קיינער פון די, וואָס שענדן יידיש, האָבן נאָך אין זייער שאַפונג אויף העבּרעאיש נישט דערגרייכט דעם קנעכל פון תנ״ך.

אין דעם נייעם תנ״ך, וואָס ווערט איצט געשאַפן — וועט יידיש אַריין מיט נישט אַ קלענערן גלאַנץ און רום, ווי אַראַמיש איז אַריין אין תנ״ך פון אונדזערע אבות. ווייל יידיש און דער שטייגער פון יידיש האָט דעם הויפּט חלק אין אויפבוי פון ארץ־ישראל; ווייל טויזנטער בחורים זענען מיטן יידישן וואָרט אויף די ליפּן געפאַלן אין קאַמף פאַר ישראל; ווייל די געטאָ־קעמפער — די פאַרקעמפער פאַר מדינת ישראל — זענען געפאַלן מיטן יידישן וואָרט אויף די ליפּן; ווייל מיט יעדער קויל אין האַרץ פון שונא איז מיטגעגאַנגען אַ קללה אין יידיש.

די שארית הפליטה, אַט די, וואָס האָט פאַרוווּנדערט די וועלט מיט איר אויסדויער; די שארית הפליטה, וואָס האָט מיט יידישע פויסטן געהאַקט אין די טויבע ווענט פון דעם וועלט־געוויסן און אַרויסגעריסן פון דער אכזריותדיקער וועלט דאָס רעכט פאַר אַן אייגן לעבן — זי איז געקומען מיט יידיש קיין ישראל. אירע קינדער וועלן גיין אין די שולן פון מדינת ישראל, איר שפּראַך וועט זיין העבּרעאיש, די שפּראַך וועט זיין זיין שפּראַך. אָבער די שארית הפליטה טראָגט אין זיך יידיש ווי אַ הייליקייט; און ווער עס איז פּוגע די הייליקייט איז פּוגע די נשמה פון יעדן ייד באַזונדער.

דער קאַמף קעגן יידיש וועט בלויז ברענגען פאַרביטערונג, פאַרביטערונג דאָ און פאַרביטערונג ביים גאַנצן יידישן פאָלק אויף דער וועלט. און ווער פון די יידיש־שונאים וועט עס איצט וואַגן צו מוותר זיין אויף די אינטימסטע

געפילן פונעם יידישן פאָלק. בלויז שונאים פון יידישן פאָלק און פון מדינת ישראל ווען דאָס וועלן; בלויז זיי איז דאָס נייטיק.

העכער צוויי הונדערט טויזנט יידן אין ישראל רעדן און לייענען בלויז יידיש. פאַר זיי איז דאָס — דאָס איינציקע לשון. און אָט ביי דער מאַסע ווילן די יידיש־שונאים אָרויסרייסן די צינגער און די הערצער. אָט די יידיש־שונאים מיינען, אַז אויב מען וועט אַ יידישע צייטונג אין ארץ־ישראל נישט געבן קיין פּאַפּיר און זי אויסשטעלן אויפן „חסד" פונעם שוואַרצן מאַרק — וועט מען ליקווידירן אַ יידישע צייטונג, וועט מען ליקווידירן יידיש. אָט די יידיש־שונאים זעענען גרייט אויסצוליפערן העכער צוויי הונדערט טויזנט יידן צו אומוויסנהייט, צו רעגרעסיוון אַנאַלפאַבעטיזם, אָוועקנעמען ביי זיי די מעגלעכקייט צו וויסן, וואָס עס טוט זיך אין לאַנד, אין יידישן לעבן אויסער מדינת ישראל און אויף דער וועלט, נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן פיינט יידיש.

מיר שטייען איצט פאַר גרויסע זאַכן, פאַר היסטאָרישע אויפגאַבעס אין מדינת ישראל. מיר דאַרפן האָבן די מאָביליזאַציע פונעם גאַנצן יידישן פאָלק אויף דער וועלט. יעדעס יידיש האַרץ מוז איצט זיין מיט אונדז דאָ, אויף דער דאַזיקער ערד. אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט פון יידישן פאָלק אויפן קאַמף קעגן יידיש אין ישראל — הייסט שעדיקן די הייליקסטע אינטערעסן פון מדינת ישראל. און דעריבער, זאָג איך, זענען די שונאים פון יידיש אויך פיינד פון מדינת ישראל.

און זאָל דאָ געזאָגט ווערן: די שנאה צו יידיש איז אַ קאָמפּלעקס, אַ קראַנקייט פון מענטשן, וואָס פילן זיך שוואַך אין העברעאיש, וואָס קענען אין העברעאיש נישט אויסדריקן זייערע אינטימסטע געפילן, וואָס געפינען נישט אין העברעאיש זייער קינסטלערישן אויסדרוק און זענען בלויז מקנא די יידישע שרייבער און דיכטער, וואָס קאָנען רעדן פון האַרץ־צו־האַרץ, וואָס ווייער נאַוועלע, זייער ליד איז אַזוי אינטים און אַזוי פאַרשטענדלעך פאַר יעדן ייד. ביאַליק האָט ליב געהאַט יידיש, ווייל פאַר אים זענען געשטאַנען אָפּן די רייכטימער פון העברעאיש, און שרייבנדיק העברעאיש — האָט ער גערעדט יידיש. און ער איז אַ דיכטער פונעם גאַנצן יידישן פאָלק. אַ שונא פון יידיש קען נישט רעדן צום יידישן פאָלק און וועט בלייבן פרעמד דעם יידישן פאָלק. דעריבער, זאָג איך, שטאַמט די שנאה צו יידיש פון אומבאַהאָלפנקייט, פון אָרעמקייט, פון נישט קענען אויסדריקן דאָס, וואָס דאָס האַרץ פילט.

אָבער אומבאַהאָלפנקייט פאַרוואַנדלען אין אַ שווערד קעגן דער יידישער נשמה, קעגן דעם דורכגעליטענעם, אין־פייער און אין־בלוט־געהייליקטן יידיש — איז אַ פּאַטש אין פּנים דעם יידישן פאָלק; און דער פּאַטש וועט צוריקפאַלן אויף די, וואָס האָבן זיך אויסגעשטעלט אין קאַמף־רייען גרייט צו פאַרניכטן די הייליקייט פון יידישן פאָלק — דעם נייעם לשון־קודש — יידיש.

12טער מאַי 1950

## סוף פון לאַגערן — אָנהייב פון מעברות

עס ווערט דערציילט אין אַן אַלטער כינעזישער מעשה, אַז דער קיסר פו־טשו־לינג איז געווען אַ קיסר מיט אַ ווייך האַרץ. וועגן אַלע מענטשן האָט מען געזאָגט, אַז זייערע אויגן זענען צום ערשטן פאַרבונדן מיטן מוח און דער מוח איז פאַרבונדן מיטן האַרץ, אָבער דער קיסר פו־טשו־לינג איז געווען אַן אויסנעם — ביי אים זענען די אויגן געווען פאַרבונדן קודם־כל מיטן האַרץ און דאָס האַרץ איז ערשט געווען פאַרבונדן מיטן מוח. דעריבער האָט דער קיסר שרעקלעך געליטן צוליב די ליידן פון זיינע בירגער.

טאָמער האָט ער אַמאָל באַמערקט פונעם פענצטער פון זיין פּאַלאַץ אַ בעטלער, וואָס ציט אויס זיין האַנט נאָך אַ נדבה, האָט ער אַריינגערופן דעם פּאָליציי־מיניסטער און אים באַפוילן: נעם אַרויס דעם בעטלער פון דער הויפּטשטאָט, וואָרום מיינע אויגן טוען מיר וויי פון רחמנות און מיין האַרץ ווערט מיר קראַנק פון אַזאַ אָרעמקייט.

און טאָמער האָט דער קיסר פו־טשו־לינג געזען דורך זיין פענצטער, אַז אַ סך פון זיינע בירגער האָבן נישט קיין היטלען אויף די קעפּ, האָט ער ווידער אַריינגערופן דעם פּאָליציי־מיניסטער און אים באַפוילן: נעם אַרויס פון דער הויפּטשטאָט מיינע בירגער, וואָס האָבן נישט קיין היטלען, וואָרום מיינע אויגן טוען מיר וויי פון זען די נאַקעטע צעפּעלעך און מיין האַרץ פּלאַצט מיר פון אַזאַ אָרעמקייט.

און איינמאָל איז דער ווייכהאַרציקער קיסר פו־טשו־לינג געשטאַנען ביים פענצטער און געזען ווי מענטשן ליגן אין די גאַסן. האָט ער אַריינגערופן דעם פּאָליציי־מיניסטער און אים געפרעגט וואָס פאַר אַ יום־טוב איז דאָס, וואָס מענטשן ליגן אין די גאַסן? האָט דער פּאָליציי־מיניסטער זיך פאַרנייגט און געענטפערט, אַז עס איז נישט יום־טובדיק, די מענטשן ליגן אין די גאַסן, ווייל זיי זענען היימלאָז, זייערע הייזער האָט דער יאַנג־טסע־קיאַנג פאַרשוועמט און זייערע רייז־פעלדער האָט די הייסע זון פאַרברענט. האָט דער קיסר פו־טשו־לינג זיך צעוויינט: אוי ווי איז מיר, נעמט אַרויס די היימלאָזע פון דער הויפּטשטאָט, ווייל מיינע אויגן וועלן אויף אייביק פאַרלאָשן ווערן פון אַזאַ עלנט און מיין האַרץ וועט זיך אָפּשטעלן פון צער.

ביז איינמאָל אין אַ טאָג האָט דער מלך צונויפגערופן זיינע מיניסטאָרן און הויפליים, זיינע מאַנדאַרינען און קלעמענטינעס און זיי פייערלעך מאַניפעסטירט:

— איך, אייער קיסר פו־טשו־לינג, האָב אַלע ליידן פון מיינע בירגער

אָפּגעשאַפּט. איר וועט איצט נישט געפינען אין דער הויפּטשטאָט קיין איין בעטלער, וואָס זאָל אַרומגיין מיט אַ גאַקעטע צעפּל אין גאַס און קיין איין הימלאָזן...

וועט איר אַוודאי פרעגן ווי קומט אַ כינעזישע מעשה אין אַ פּשוטן כסלו־שבת? וועל איך אויף דעם ענטפערן, אַז ערשטנס, איז ביי אונדז אַ שטיקל כינע און, צווייטנס, זענען מיר אַ דעמאָקראַטיע און מיר האָבן נישט נאָר אין ווייך האַרץ, נאָר אַ סך ווייכע הערצער, וואָס טוען נעבעך ווי אויף די ליידן פון די נייע עולים, וואָס זייער אייגענער יאַנג־טסע־קיאַנג האָט פאַרשווענקט זייערע הייזער און זייער זון האָט אויסגעטריקנט זייערע רייז־פעלדער.

איך מיין דאָס די נייע עולים אין די לאַגערן, וואָס וווינען אין די לייוונטענע געצעלטן מיט זייערע פרויען און קינדער. דער וואָס וויל וויסן, וואָס דאָס הייסט וווינען מיט אַ פרוי און קינדער אין אַ לייוונטענעם געצעלט ווינטער־צייט, טאָר אפילו נישט געדענקען אין דער צאָל 50.000—60.000—70.000. וויל דעמאָלט זעט ער גאָרנישט אַ חוץ ציפערן. מען דאַרף אַריינגיין בלויז אין איין געצעלט, וווּ אויף דער פייכטער ערד שטייען אַ פּאָר בעטלעך און אַ קעסטל. די וואַליזעס זענען „פאַרזאָרגט" פון אויבן, אַז טאָמער וועט ביינאַכט, די שעה זאָל נישט זיין, אַראָפּ אַ רעגן, זאָל ער נישט פאַרשווענקען דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט. אויף ביינאַכט טוט מען די קינדער נישט אויס, נאָר מען טוט זיי אָן — וואָלענע סוועטערס, וואַרעמע אונטערהייזלעך, אַז טאָמער חלילה וועט דער „באַלאָן", ס'הייסט דער געצעלט, ביינאַכט אָוועקפליען, זאָלן די קינדער זיין גרייט צו לויפן. ביי דער „טיר" שטייט אַ לאָפּאַטע, אַז טאָמער חלילה וועט אַראָפּ אַ שלאַקסרעגן און ער וועט צערייסן די ראַוועס, זאָל מען גלייך קענען לויפן ראַטעווען. און ווען די טראָפּנס רעגן הייבן אָן קלאַפּן אין לייוונט — הייבן אָן גלייכצייטיק קלאַפּן די הערצער: וואָס וועט דער רעגן ברענגען? ליגט מען אויף די בעטלעך און מען באַוואַכט דעם רעגן, מען באַוואַכט די נאַכט און דעם ווינט. זאָגט די פרוי: יצחק, צו וואָס האָבן מיר דאָס געדאַרפט? ענטפערט דער מאַן: שרה, געדענק, 50—60—70 טויזנט מענטשן זענען אין דער זעלבער לאַגע וואָס מיר. וואָס עס וועט זיין מיט כלל ישראל וועט זיין מיט ר' ישראל. דערפאַר זענען מיר אָבער אין ישראל! אַז אונדזער בעכער פון לאַגער וועט פול ווערן, וועלן מיר באַקומען אַ שיכון און מיר וועלן ווערן וותיקים...

און מיטן חלום צו ווערן וותיקים פאַלט מען אַריין אין האַלבן דרימל, וואָרום דער ווינט קלאַפּט אינעם לייוונט און הייסט וואַכן, די רעגן־וואָלקנס רייטן שוין אַנטקעגן. און דער חלום וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ צערייסט די הערצער מיט זיפצן. עפּעס אַ שולדגעפיל באַפאַלט די איינוווינער פון די געצעלטן. צו זיך אַליין האָבן זיי טענות און יאַדען זיך, אַז קיינער, אויסער זיי אַליין, זענען נישט שולדיק אין זייער גורל.

אַזאַ איז שוין די מענטשלעכע נאַטור, קודם־כל עסט מען זיך אַליין.

אָבער האָט נישט מורא. עס איז דאָ ווער עס זאָל זאָרגן פאַר די עולים. הונדערטער שליחים פאָרן אַרום איבער די יידישע ישובים פון דער וועלט און דערציילן וועגן די ליידן פון די קינדער און פרויען אין די לייוונטענע געצעלטן, אין די שווערע לאַגער־באַדינגונגען. זייערע שאַרפע צינגלעך קלאַפּן ווי העמערלעך אין די קעשענעס פון די יידן: גיטס געלט אויף 30, אויף 40, אויף 50 טויזנט הייזער פאַר די נייע עולים. אַזוי האָבן זיי געקלאַפּט פאַראַיאָרן און אַזוי קלאַפּן זיי היינט. מען האָלט אין איין זאַמלען געלט אויף די 50 טויזנט הייזער — און די 50 טויזנט הייזער זענען נישטאָ.

קומט זיך צונויף די סוכנות אויף אַ קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק און יידן פרעגן, וואָס איז מיט די הייזער? פאַר וואָס וווינען נאָך צענדליגער טויזנטער יידן מיט זייערע ווייבער און קינדער אין די לייוונטענע געצעלטן אין די לאַגערן?

שטעלט זיך אויף איינער פון אונדזערע פּר־טשו־לינגס און זאָגט אַזוי צו זאָגן: אונדזערע אויגן טוען אונדז ווי פון צוזען די ליידן פון די עולים, אונדזערע הערצער ווערן צעקלעמט פאַר זייער פּיין אין די לייוונטענע געצעלטן. אָבער זעט וואָס מיר האָבן שוין אויפגעטאָן: פאַראַיאָרן זענען געזעסן אין די עולים־לאַגערן 10% פון דער באַפעלקערונג; היינט זיצן שוין נישט מער ווי 50 טויזנט יידן אין די לאַגערן. אָבער ביז פרילינג וועלן אַלע לאַגערן ליקווידירט ווערן און קיין ייד וועט מער נישט זיצן אין אַ לאַגער, ווייַל אַלע וועלן איבערגיין אין די — מעברות.

טראַכט זיך אַן אַמעריקאַנער ייד: ס'איז דאָך טאַקע צו באַוווּנדערן וויפל אָט די עולים־פאַרזאָרגער האָבן אויפגעטאָן. אמתע בעלי־מופתים און בעלי־נסים. דורך איין יאָר זענען אַריינגעקומען 172 טויזנט עולים, היינטיקן ווינטער וועלן אַריינקומען נאָך 90 טויזנט יידן, סך הכל 262 טויזנט יידן, און ביז פרילינג וועט קיין איין איינציקער ייד נישט וווינען אין קיין לאַגער, נאָר זיי וועלן זיין אין — מעברות... דאָס וואָרט „מעברה" קלינגט ווי „אַרמון", עס האָט אין זיך אַלע טעמים פון אַ זיכערן דאַך איבערן קאָפּ, פון אַ וואַרעמער יוסטער היים, פון נאָרמאַלער אַרבעט און נאָרמאַל לעבן, פון אַ שול און אַ גן פאַר די קינדער.

אָבער ווער נאָך אַזוי ווי מיר ווייסן דעם באַטייט פון מעברות? נעמט אַראָפּ דאָס שיינע שילדל און איר וועט זען דעם זעלבן לאַגער, דעם זעלבן בית־ליד, באר יעקב, נתניה, ראש העין, פרדסיה, אויף די זעלבע ערטער, אין די זעלבע לייוונטענע געצעלטן מיט איין אונטערשייד, וואָס אין די מעברות שטייט מען שוין אויף די אייגענע „פיס", מען באַקומט שוין נישט מער צו עסן, נאָר מען דאַרף פאַרדינען אויף עסן. מען אַרבעט צוויי־דריי טעג אין דער וואָך און פון דעם דאַרף מען מפרנס זיין ווייב און קינדער. און עלטערע פון 45 יאָר נעמט נישט אָן די לשכה אויף אַרבעט, און מען דאַרף אַראָפּפאַרקויפן פון זיך דאָס לעצטע העמד כדי צו קויפן אין קרעמל אַ ברויט. דערפאַר אָבער

זיצט מען נישט מער אין אַ לאַגער, נאָר אין אַ „מעברה״, וואָס קלינגט ווי דאָס וואָרט „ארמון״ — אַ פּאַלאַץ.

אָבער אונדזערע פּו־טשו־לינגס קענען דערפאַר צוגיפּרופן אין ניו־יאָרק די מאַנדאַרינען און די קלעמענטינעס און זיי פּייערלעך דערקלערן:

פּאַראַיאָרן זענען אין די לאַגערן געזעסן הונדערט טויזנט יידן, היינטיקס יאָר זיצן שוין נישט מער ווי פופציק טויזנט, און צו פרילינג וועט שוין קיין איין ייד נישט זיצן אין אַ לאַגער, נאָר אַלע וועלן זיצן אין — מעברות!

דערפאַר האָבן מיר אייך דערציילט די מעשה מיטן ווייכהאַרציקן קיסר פּו־טשו־לינג.

24טער נאָוועמבער 1950

אין די לעצטע עטלעכע וואָכן, ווען מיר דאָ אויף דער ערד, זענען געווען פאַרנומען מיט אונדזערע „גרויסע" ענינים, איז דאָרט אויפן הימל, פאַרן כסא־הכבוד, פאָרגעקומען אַ וויכטיקער און סענסאַציאָנעלער משפּט.

פון ביידע זייטן פונעם כסא־הכבוד האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע זיבעציק מלאכים, די שרים און די מלאכי־השרת, די מלאכי־הפּנים און אפילו די נפילים. פאַרן כסא־הכבוד זענען געשטאַנען צוויי יידן: איינער אַ קיבוצניק אין אַ בלויער בלוזע איבער אַ פּאָר כאַקי־הויזן און אין אַ „טעמבעל"־היטל; און דער צווייטער — אַ נייער עולה, אין אַן אָפּגעריבענעם מאַנטל און מיט צעריסענע שיך. הינטערן קיבוצניק איז געשטאַנען דער קטיגור און הינטערן נייעם עולה — דער סניגור.

וואָכנלאַנג האָט זיך געצויגן דער משפּט. און געגאַנגען איז עס וועגן רעגן. וואָרום נאָך מיט וואָכן צוריק האָט מען זיך אין הימל געגרייט אויפצו־עפענען די שלוזן פון די הימלישע טייכן און אַראָפּלאָזן אַ רעגן איבער די פעלדער פון ישראל, ווי ס'איז אָנגעקומען אַ תביעה פון אַ מעברה, ווו אַ נייער עולה האָט אַפּעלירט צום רבונו־של־עולם:

„גנעדיקער ריכטער, איך ווענד זיך צו דיין כבוד, דו זאָלסט באַפוילן אָפּהאַלטן דאָס עפענען די שלוזן פון דיינע טייכן, וואָרום איך, אברהם בן שרה־גיטל, אַ נייער עולה, זיץ אין אַ לייוונטענעם געצעלט אין אַ מעברה מיט אַ ווייב און דריי פּיצלעך קינדער. היות תל־אביבער באַלעבאַטים האָבן בדעה צו נעמען מיינע קינדער אויפן ווינטער; און היות תל־אביבער באַלעבאַטים איילן זיך נישט, ווענד איך זיך צו דיר, פאָטער אין הימל, דו זאָלסט אַזוי לאַנג נישט אַראָפּלאָזן קיין רעגן, ביז מיינע קינדער וועלן נישט האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ".

ווי נאָר די תביעה איז דערגאַנגען צום מלאך־הפּנים, איז געוואָרן אין הימל אַ געשריי און געפּילדער: ניש עפענען די שלוזן, ביז די זאַך וועט נישט אויפגעקלערט ווערן! די מלאכי־השרת האָבן דערווייל אַראָפּגעלאָזט אַ פּאָר חמסינען און דער מלאך־הפּנים האָט זיך געווענדט מיט געהעריקע אָנפראַגעס צום מלאך מיכאל, וואָס איז ווי באַקאַנט דער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין הימל, און צום געזונטהייט־מיניסטער מלאך רפאל. סמאל, עזאזל און שטנאל האָבן אָנגעהויבן פירן אינטריגעס, ווי נישט דער הימל וואָלט עס געווען נאָר דער שטאָטראָט אין ירושלים. דעריבער איז באַשלאָסן געוואָרן איינצואָרדנען אַ

משפט פאַרן כסא־הכבוד און אַרויסצורופן סיי דעם נייעם עולה, וואָס איז קעגן רעגן און סיי אַ קיבוצניק, וואָס איז פאַר אַ רעגן.

דער מלאך־הפנים האָט פאַר די פאַרזאַמלטע איבערגעלייענט די תביעה פונעם נייעם עולה און געפרעגט דעם קיבוצניק, וואָס ער האָט צו ענטפערן. האָט דער קיבוצניק אַרויסגענומען פון טאַש אַ פאַרטיקע רעזאָלוציע און געלייענט אַזוי צו זאָגן:

„מיר פּראָטעסטירן זייער שאַרף קעגן האַלטן געשלאָסן די שלוזן פון הימל. מיר זעען אין דעם אַן אימפּעריאַליסטישע אינטריגע, וואָס צילט אויסצוטריקענען אונדזערע פעלדער און דערמיט אונדז נייטן אָנצונעמען די מאַרשאַל־הילף. דער נייער עולה איז געוואָרן אַ געצייג אין די הענט פון דער רעאַקציע; און דעריבער פאָדערט ער נישט אַראָפּצולאָזן קיין רעגנס, ווייל ער וויל שווינען די תל־אביבער באַלעבאַטים זיי זאָלן נישט דאַרפן געבן זייערע קינדער קיין „קורת־גג". נידער מיט אימפּעריאַליסטישע אינטריגעס און זייערע אַגענטן! זאָל לעבן דער פרייער דעמאָקראַטישער רעגן!"

דער לינקער פליגל פון די מלאכים האָט געפּאַטשט בראַוואָ און דער נייער עולה האָט געציטערט. דעמאָלט שטעלט זיך אויף דער מלאך רפאל און ביי אַן אַלגעמיינער שטילקייט ווענדט ער זיך צום כסא־הכבוד:

— מלך מלכי המלכים, ריכטער איבער אַלע ריכטער, פאַרנעם דאָס געבעט פונעם נייעם עולה; דערבאַרעם זיך איבער זיינע דריי פּיצלעך קינדער, וואָס ציטערן אין די נעכט אונטערן לייוונטענעם געצעלט; פאַרנעם דאָס געבעט פון זייער מאַמען וואָס וואַכט איבער אירע עופעלעך. טאָמער שיקסטו אַראָפּ אַ רעגן וועלן חלילה די קינדערלעך קראַנק ווערן און עס וועט אפילו נישט זיין מיט וואָס זיי צו היילן, ווייל דער פּעניצילין האָבן די ישראלים אָוועקגעשיקט קיין קאָרעאַ. און אויף די תל־אביבער באַלעבאַטים האָסטו זיך נישט וואָס צו פאַרלאָזן, ווארום טאָמער וועלן זיי נעמען אַ קינד אויפן ווינטער, וועלן זיי עס אויף צו מאָרגנס אָפּשיקן צוריק, וואָס שייך וואָסער, וועלן זיך די וותיקים אַן עצה געבן. זייער געזעלשאַפט „מקורות" האָט די גייסטע אַמעריקאַנער מאַשינען און זיי שלאָגן אַרויס וואַסער אפילו פון פעלדזן. דעריבער פאַרזיגל די שלוזן פון דיינע טייכן און גיב נישט קיין רעגן, ריכטער איבער אַלע ריכטער.

שטעלט זיך אויף דער מלאך מיכאל, דער אַמבאַסאַדאָר פון ישראל, און זאָגט אַזוי צו זאָגן:

— גרויסער ריכטער, וואַסער האָט די גרעסטע באַדייטונג אין ישראל. טאָמער לאָזסטו איבער דאָס לאַנד אָן וואַסער, וועלן נישט בלויז ליידן די פעלדער. מיט וואָס וועלן אויספילן זייערע רעדעס די דעפּוטאַטן אין דער כנסת? מיט וואָס וועלן זיי אויספילן פּאַרטיי־רעזאָלוציעס, וואַל־הבטחות? מיט וואָס וועלן די מנהיגים פון ישראל אויספילן זייערע פלעגער? ניין, גרויסער ריכטער, אָן וואַסער קאָן זיין אַ קאַטאַסטראָפע נישט בלויז פאַר די פעלדער פון ישראל, נאָר אויך פאַרן גאַנצן געזעלשאַפטלעך־פּאַרטייאישן לעבן אין ישראל. און

וואָס שייך די עולים אין די לאַגערן, קען זיי קיין רעגן נישט מאַכן מער אומגליקלעך ווי זיי זענען. פון אַלע צוזאַגענישן אויף שיכון, אַרבעט און פּרנסה לאָזט זיך סיי־ווי אויס אַ טייך; איז וואָס קען זיי שוין שאַטן נאָך אַביסל וואַסער? דעריבער אַפּעליר איך צו דיר, גרויסער ריכטער, זאָלסט באַפוילן עפענען די שלוזן.

צווישן די זיבעציק מלאכים ווערט אַ גרויס גערודער. סמאל און עזאזל לאַכן אַ פאַרשייט געלעכטער. שטנאל רוימט איין אַ סוד עפּעס איינעם אַ מלאך, וואָס פירט דעם פּראָטאָקאָל. פּלוצעם הערט זיך אַ דונער און דער קטיגור באַקומט דאָס וואָרט:

— אין נאָמען פון מיין קליענט — הויבט ער אָן די רעדע — פאָדער איך אָפּוואַרפן די תביעה פונעם נייעם עולה און, לויטן געזעץ פון חודש טבת, אַראָפּלאָזן אַ גאָסרעגן נישט בלויז פאַר די פעלדער נאָר אויך אָנצופילן די וואַדיס. מיין קליענט טראָגט נישט די שולד דערפאַר, וואָס דער נייער עולה זיצט אין אַ לייוונטענעם געצעלט אין אַ מעברה. ווו איז ער געווען, דער נייער עולה, ווען מיין קליענט און זיינס גלייכן האָבן געהאַקט שטיינער, געלייגט כבישים און געליטן אויף מאַלאַריע? ווו איז ער געווען ווען אַנדערע האָבן צוגעגרייט פאַר אים ער זאָל האָבן צו וואָס צו קומען? וואָלט ער געקומען מיט דער צווייטער עליה, וואָלט ער היינט געווען אַ מיניסטער. אָבער ער איז נישט געקומען. וואָלט ער געקומען מיט דער דריטער עליה, וואָלט ער היינט געווען אַ מנהל פון אַ גרויסן קאָאָפּעראַטיוו. אָבער ער איז נישט געקומען. ער איז אפילו נישט געקומען מיט גראבסקיס עליה, וואָס וואָלט אים געמאַכט פאַר אַ פאַבריקאַנט. אָדער מיט דער דייטשער עליה, וואָס וואָלט אים אַריינגעפירט אַלס הויכן באַאַמטן אין פינאַנץ־מיניסטעריום. ניין, ער האָט געוואַרט ביז צום סוף, ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט. און איצט פאָדערט ער אפילו עס זאָלן קיין רעגנס נישט פאַלן. מיט דער גאַנצער שאַרפקייט וואַרף איך אויך אָפּ די באַשולדיקונג קעגן דעם תל־אביבער וותיק. פאַרוואָס זאָל ער נישט צוריקשיקן די קינדער, בעת מען שיקט אים אַריין אַ מיידעלע פון איראַק, אין דער צייט ווען ער האָט געפאָדערט אַ יינגעלע פון קאַנאַדע! צי איז עפּעס הפקר אַ וועלט? צי קען מען סתם אָנוואַרפן אַ קינד אַ וותיק, וואָס האָט מיט שוויס און חמסינען געבויט דאָס לאַנד, געשניטן שאַסייען און געהאַקט שטיינער? ניין, די גאַנצע תביעה איז אַ פּראָוואָקאַציע און איך אַפּעליר צום גרויסן ריכטער ער זאָל פאַראָרדענען אויפצועפענען די שלוזן און אַראָפּלאָזן אַ רעגן...

דער מלאך גבריאל האָט געוואָלט מאַכן אַ צווישנרוף, אָבער דער מלאך־הפּנים האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ער זאָל זיך אָוועקזעצן. דעמאָלט האָט זיך אויפגעשטעלט דער סניגור און זיך טיף פאַרנייגט פאַרן כסא־הכבוד:

— באַרמהערציקער ריכטער, נישט איך, און נישט מיין קליענט דער נייער עולה, זענען קעגן אַ רעגן. הגם מיר זענען ביי דער מיינונג, אַז אפילו ווען דו גיסט רעגן בשפע דאַרף מען אויך ברענגען קאַרטאָפל פון אַמעריקע,

ציבעלעס פון איטאַליע, װײַץ פון אױסטראַליע און בוראַקעס פון ציפּערן. אפילו נאָך דעם גרעסטן רעגן זענען טאָמאַטן אַזױ טײַער, אַז דרײַ טאָמאַטן זענען אַ נדן, אַ האַלבער מײַער איז אַ צימעס און פּיעטרושקע איז אַ לוקסוס. זײ האָבן אַ געבענטשטן טאַלאַנט צו מאַכן פון דאָלאַרן בלאָטע און פון װאַסער — גאָלד. אָבער אױך דאָס גאָלד פאַרװאַנדלען זײ אין בלאָטע, װאָרום דאָס גאָלד פון די טאָמאַטן און פון פּיעטרושקע גיט מען אױס אױף װאַלן, װאָס ענדערן גאָרנישט. פונדעסטװעגן זענען מיר נישט קעגן דעם, דו זאָלסט הײסן עפּענען די שלוזן פון דײַנע טײַכן. אָבער גלײַכצײַטיק מיטן רעגן עפן די קװאַלן פון דײַנע װוּנדער און װאַרף אַראָפּ שיכונים.

דער נײַער עולה האָט זיך נאָך טיפער אײַנגעבױגן פאַרן כסא־הכבוד און נאָכגעזאָגט: װאַרף אַראָפּ שיכונים!

די זיבעציק מלאכים האָבן געפּאַטשט בראַװאָ און עס האָט אָנגעהױבן דונערן און בליצן.

*

כ״ז טבת, װען עס איז געפאַלן דער גערעכטער אורטײל, איז אַראָפּ אַ שלאַקסרעגן, װאָס האָט מיטגעריסן לײַװנטענע געצעלטן און די בלעכענע אתרוגים־פּושקעס אין די מעברות. דער נײַער עולה האָט אינעם שטורעם געזוכט דעם צװײטן טײל פון אורטײל און ער איז נישט געקומען.

װער װײסט װי לאַנג ער װעט װאַרטן אױף אים...

12טער יאַנואַר 1951

# בני־וואַלן און בני־חורין

דער חודש ניסן איז גאָר אַ וווּנדערלעכער חודש: אין אָט דעם חודש, האָט גאָט צוגעזאָגט צו ברענגען דאָס פאָלק ישראל אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, וואָס פליסט מיט האָניק און מיט מילך, ווי עס ווערט דערציילט אין דער פרשת בא. אין דעם דאָזיקן חודש האָט משה רבינו דאָס ערשטע מאָל אויף דער וועלט איינגעפירט ראַציאָנירונג און פונקטן אויף עסן, ווי אין פסוק שטייט: לקטו ממנו, פון דעם מן, הייסט עס, זאָלט איר נעמען, איש לפי אכלו, יעדער לויט זיין עסן, עומר לגולגולת מספר נפשותיכם, אַ קילאָ אויף אַ קאָפּ לויט דער צאָל פון אייערע נפשות. נאָר אַזוי ווי מיר זענען דעמאָלט אויך געווען יידן, האָבן מיר באַלד איינגעפירט אַ שוואַרצן מאַרק און אָנגעהויבן גרייטן זאַפּאַסן. האָבן מיר אָבער דעמאָלט נישט געהאַט קיין פעטערס אין אַמעריקע, וואָס זאָלן אונדז שיקן פרידזשידערס, זענען די פּראָדוקטן וירום תולעים און ויבאשט געוואָרן... אויף פּראָסט יידיש הייסט עס — פאַרוועמט געוואָרן און פאַרסערכעט געוואָרן.

נאָך וווּנדערלעכער איז דער היינטיקער חודש ניסן: סיי מיר זענען שוין אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, און מיר האָבן פּנחס לוביאַניקער פאַר אַ פאַרזאָרגונגס־מיניסטער, וואָס גיט אונדז אויף פּסח פלייש און צוקער, אייער און קאַקאָסינע; און מיר האָבן ברוך השם אויך פעטערס אין אַמעריקע, וואָס באַזאָרגן אונדז מיט פרידזשידערס — אַזוי אַז מיר קענען זיך אויפן שוואַרצן מאַרק אויך נישט באַקלאָגן...

צו דעם אַלעמען גייען מיר אריין דעם פּסח מיט אַ טערמין פון נייע וואַלן צו דער כנסת; און יידן וועלן זיך זעצן צום סדר ווי די אמתע מלכים, מיט אַ געפיל, אַז נישט קיין אַנדערע, נאָר זיי גופא וועלן באַשטימען ווער עס זאָל אַריין אין דער נייער כנסת און ווער עס זאָל בלייבן אויף דער פליישבאַנק.

זינט די כנסת האָט באַשטימט דעם טערמין פון די נייע וואַלן, איז אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט געוואָרן אין די יידן. עס איז נישטאָ אין ישראל קיין איין פּאַרטיי, וואָס זאָל נישט גלייבן, אַז זי וועט פון די וואַלן אַרויס די זיגערין: די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען זיכער, אַז מיט די איצטיקע וואַלן נעמען זיי איבער די מאַכט און עס וועט זיך אָנהייבן אַזאַ תקופה פון פּריוואַט־איניציאַטיוו, אַז אויך „סולל בונה" וועט זיך דערקלערן אַלס פּריוואַטע אונטערנעמונג... מפּא"י איז זיכער, אַז זי וועט פון די וואַלן אַרויס אַזוי געשטאַרקט, אַז אפילו דער רעליגיע־מיניסטער וועט זיין אַ מפּא"יניק; און די געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוו

וועט דערגיין אַזוי ווייט, אַז רוקח וועט פאַרלייגן אַ קאָאָפּעראַטיוו פון בירגער־מייסטערס. מפ״ם גלייבט, אַז נאָך דעם אַלעמען וועט זי אַרויס פון די וואַלן די זיגערין; און זי וועט ווייזן דאָס פאָלק ווי אַזוי מען שטעלט איין אַ גליקלעכע פאָלקס־דעמאָקראַטיע און ווי מען שאַפט אין ישראל אַ גן־עדן אָן איין אַמעריקאַנער דאָלאַר און ווי מען וועט צעאַקערן דעם נגב אָן איין אַמעריקאַנער טראַקטאָר. די רעליגיעזע זענען איבערצייגט, אַז ענדלעך האָט געשלאָגן די שעה זיי זאָלן איבער־נעמען די מאַכט; און אַלע וועלן נאָך אם־ירצה־השם זען ווי אַזוי די פירער פון מפ״ם וועלן דאַווענען אין רבינו תמס תפילין.

און אויך די מאַסן זענען פול מיט האָפענונג, אַז דאָס מאָל וועלן זיי זיך נישט לאָזן ביי די וואַלן „פירן אין באָד אַריין" מיט טאַנצמוזיק דורך ראַדיאָ־הילכערס, מיט צוזאָגן גאָלדענע בערג און אויפן הימל אַ יאַריד.

איר האָט אַדרבה געדאַרפט הערן ווי אַזוי די נייע עולים האָבן נעכטן אין די רייען צו די אויטאָבוסן אויף דער תחנה המרכזית אין תל־אביב גערעדט וועגן די וואַלן. ביז איצט האָבן זיי געגלייבט אויפן וואָרט. זיי האָבן וואַלן־פּלאַקאַטן געלייענט ווי אַ פרומע ייִדענע לייענט דעם טייטשחומש; די רעדנער האָבן זיי אויסגעהערט ווי יעדער פון זיי וואָלט געוועזן אַ ל״וניק און די טאַנצמוזיק פון די ראַדיאָ־הילכערס האָבן זיי אויפגענומען ווי דעם שיר של משיח. נאָר אויף צו מאָרגנס נאָך די וואַלן זענען זיי געבליבן ווי גלידשוועסטערקינדער נאָך אַ גרויסער חתונה; דאָס ייִנגע פּאָר איז אַוועק וווינען, די מחותנים האָבן זיך געזעצט רעדן וועגן תכלית און די גלידשוועסטערקינדער האָבן זיך מיט די שווערע טשעמאָדאַנעס געשלעפּט צו פוס צו דער ווייטער קאָליע־באַן...

— וואָס דאַרפט איר מער — זאָגט אַ ייִד אַ נייער עולה — אָט זיץ איך שוין מיט פינף שטימען צוויי יאָר אינעם עולים־לאַגער אין נתניה — איך, מיין ווייב, מיינע צוויי כלה־מיידלעך און מיין זון, דער פּרנסה־געבער פון דריי טעג אַרבעט אין דער וואָך. פאַר די וואַלן צו די שטאָטראַטן קומט אַריין צו מיר אין באַראַק אַ יונגער־מאַן, טאַקע אַ סימפּאַטישער בחור, און הייבט מיך אָן אויספרעגן וואָס איך מאַך, וואָס מיין ווייב מאַכט און נאָך אַזעלכע פראַגן. צום סוף זאָגט דער יונגער־מאַן, אַז אַזאַ אָרנטלעכער ייִד ווי איך, דאַרף אַלע פינף שטימען פון זיין פאַמיליע אַוועקגעבן פאַר זיין רשימה. זאָג איך צום יונגען־מאַן: וואָס וועט מיר אַרויסקומען פון דעם, וואָס איך וועל אייך געבן מיינע שטימען? גייט זיך געזונטערהייט, איך האָב מיינע צרות פאַר זיך. וואָס פאַר אַ צרות האָט איר? — פרעגט מיך דער יונגער־מאַן. איך האָב נישט — זאָג איך אים — קיין שיכון פאַר מיינע פינף שטימען. צעלאַכט זיך דער יונגער־מאַן און זאָגט מיר, אַז אויב עס האַנדלט זיך בלויז וועגן אַ שיכון, איז עס בלאָטע, ווארום דאָס וועט ער מיר געבן איינס־און־צוויי. און דער יונגער־מאַן נעמט אַרויס אַ ריינעם בויגן פּאַפּיר, פאַרשרייבט די נעמען פון מיין משפחה, ווען יעדער איז געבוירן געוואָרן און ווו ער איז געבוירן געוואָרן און פרעגט מיך טאַקע צי איך וויל אַ שיכון אויפן פּאַרטער אָדער אויפן ערשטן שטאָק. זאָג איך אים: מילא, זאָל זיין אויפן

פּאַרטער, מיין ווייב ליידט אויף רעוומאַטיזם — ווער זי דאַרף נישט גיין קלעטערן אויפן ערשטן שטאָק. נו, און אויף וועלכער זייט זאָלן אַרויסגיין די פענצטער? — פרעגט דער יונגער־מאַן — אַז איר ווילט קענט איר האָבן די פענצטער אויף דער זייט פון ים און ווען נישט קענט איר האָבן די פענצטער אויף מזרח־זייט. זאָגט מיין ווייב, אַז בעסער איז מזרח־זייט, וואָרום דער ווינט פון ים איז נישט גוט פאַר איר רעוומאַטיזם. מישט זיך אַריין מיין טאָכטער, אַז דווקא פון דער ים־זייט איז גוט, וואָרום פון מזרח־זייט גייען די חמסינען. זאָגט דער יונגער־מאַן, אַז מיר האָבן זיך נישט וואָס צו קריגן, ער וועט אונדז געבן פענצטער פון ביידע זייטן.

אין טאָג פון די וואַלן גיט אונדז דער יונגער־מאַן פינף צעטעלעך מיט אותיות און מיין משפּחה וואַרפט אַריין אין קעסטל פינף שטימען ווי די קאַרטן. פון דעמאָלט אָן איז דער יונגער־מאַן פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין. נאָר ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק באַגעגן איך דעם „תנא־באַרטעק" אין אויטאָבוס קיין נתניה און איך שטיי־צו צו אים: ווו איז עפּעס מיין שיכון מיט די פענצטער אויף ביידע זייטן? וואַרפט זיך דער יונגער־מאַן אויף מיר אַרויף ווי איך וואָלט אים עפּעס שלעכטס געטאָן:

אַ שיכון?! גייט צו קאַפּלאַנען, זאָל ער אייך געבן דעוויזן און „סולל בונה" זאָל אייך געבן צעמענט, וועלן מיר אייך געבן אַ שיכון.

אַזוי, זעט איר, זענען מיר אַרויס פון די וואַלן. איצט אָבער ווער מען מיך שוין מער נישט פירן אין באָד אַריין. איצט אַז איינער וועט קומען און צוזאָגן אַ שיכון, אַרבעט, פּרנסה און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועל איך דעם גאַנצן „שפוך חמתך" אויסלאָזן צו זיין קאָפּ און אים פאַרטרייבן. איצט זענען מיר מלכים, די גאַנצע דעה ליגט אין אונדזערע הענט. וועלן מיר וועלן — וועלן מיר אויס־ווײלן דעם; אויב נישט — וועלן מיר אויסוויילן יענעם. און מיר וועלן זיך אויסבעטן ווי די יידן האָבן זיך ביי משהן אויסגעבעטן אין דער מדבר. איר געדענקט ווי די יידן האָבן געשריגן אין דער מדבר און ווי משה האָט זיי ־אָכגעגעבן?

די נייע עולים אין די רייען צו די אויטאָבוסן האָבן זיך צעוואָרעמט, זיי האָבן זיך דערפילט טאַקע ווי מלכים, וואָס די גאַנצע דעה ליגט ביי זיי אין די הענט, זיי קענען איינעם וואַרפן און איינעם הייבן. ווען דער אויטאָבוס איז צוגעפאָרן אויפצונעמען די פּאַסאַזשירן, זענען זיי אַריינגעשטיגן ווי פּריצים און זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויפן נהג פון „אגד". וואָרום וואָס קען נאָך זיין בעסער, אַז אינעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד זענען מיר; פלייש, פיש און ציבעלעס און אייער אויף פסח קריגט מען; די דעה — האָט מען; און דערצו גייט מען נאָך ווערן מלכים — כאָטש איין מאָל אין יאָר אין אַ סדר־נאַכט.

טאַקע זמן חרותנו!

20טער אַפּריל 1951

## גאָלע בלאָף

ווען מען קוקט זיך צו ווי אַזוי עס אַנטוויקלען זיך נעבעך ביי אונדז באַגריפן פון זאַכן, האָבן מיר „האָפענונג", אַז מיר וועלן גאָר בקרוב שלאָגן דעם רעקאָרד פון — אָרעמקייט.

נאָרמאַלע באַגריפן ווערן ביי אונדז רעלאַטיוו ווי, למשל, אַ — פּאָר הויזן. איר געדענקט דאָך די מעשה ווי מען האָט אַמאָל געהאַט געפרעגט אַ פּראָפעסאָר ווי אַזוי ער קען דערקלערן איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, אַז אַפילו פויערן זאָלן זי פאַרשטיין. האָט דער פּראָפעסאָר גענומען אַ פּאָר הויזן, אַ פייגנבלאַט, אַ בענדל, אַ שטרויספעדער און אַ צילינדער און געזאָגט: איר זעט, אָט דאָס אַלץ זענען הויזן.

היתכן? פרעגט מען דעם פּראָפעסאָר, דערווייל זעט מען דאָך בלויז איין פּאָר הויזן?

ענטפערט דער פּראָפעסאָר: דאָס ווענדט זיך פאַר וועמען. דאָס וואָס אייך דאַכט זיך, אַז עס זענען הויזן, איז פאַר אַ בושמענער נישט קיין הויזן נאָר חוזק. דערפאַר וועט אייך דער בושמענער פאַרזיכערן, אַז די שענסטע הויזן איז דער שטרויספעדער. דאַקעגן איז דער פייגנבלאַט פאַר אדם הראשון געווען הויזן. ווען איר וואָלט געווען אין אינדיע וואָלט איר געזען, אַז אַ פשוט בענדל פאַרטרעט דאָרט אַ פּאָר פויערישע הויזן. און וואָס שייך דעם צילינדער, געדענקט איר דאָך פּושקינס אַנעקדאָט...

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, אַז נאָך דעם ווי איך האָב איבערגעלייענט דעם לעצטן באַריכט פון אונדזער סוכנות וועגן שיכון־בויאונג, האָב איך אָנגעהויבן גלייבן אין דער רעלאַטיוויטעט פון זאַכן; און ווען איר זאָלט מיר איצט זאָגן, אַז אַ ציינדל קנאָבל איז אַן אתרוג, וואָלט איך אייך נישט דערווידערט פון דאַנען ביז אַהער, נאָר געהייסן אייך מאַכן די ברכה פון נטילת־לולב איבער אַ ציינדל קנאָבל.

אדרבה, איך פרעג ביי אייך: דערקלערט מיר, וואָס איז דאָס אַזוינס אַ דירה? נאָר איך בעט אייך, אַז איידער איר וועט מיט ענטפערן, זאָלט איר נישט אַריינקוקן אין קיין ווערטערביכער, אין קיין לעקסיקאָנס און אין ביכער פון אַרכיטעקטן, וואָרום דאָרט קאָן מען אייך דערציילן, אַז אַ דירה איז עפּעס אַזוינס ווי דריי־פיר צימערן מיט אַ קיך, מיט אַ באָדצימער, עיר־קאָנדישנד, מיט אַ פרידזשידער און ווייס איך וואָס אַזעלכע המצאות, וואָס די מאָדערנע קעפּ האָבן אויסגעטראַכט. נאָר דערקלערט מיר פשוט אויפן יידישלעכן שטייגער: וואָס דאָס

איז אַזוינס אַ דירה? אָט אַזוי — אַ דירה, זאָגט איר, איז אַ זאַמלונג פון צימערן און איינריכטונגען, ווו אַ מענטש פילט, אַז ער איז ביי זיך אין דער היים, ווו ער קאָן זיך באַקוועם אויסרוען נאָך דער אַרבעט, זיך פרייען מיט זיין פאַמיליע, אָננעמען פרישע כוחות צו אַרבעטן, עס זאָל זיך אים גלוסטן צו לעבן. אַיאַ, דאָס, זאָגט איר, איז אַ דירה? דאַן האָט איר אַ ביטערן טעות.

נעמט זשע, זייט מוחל, דעם באַריכט פון קרן היסוד, ווו איר וועט לייענען שוואַרץ אויף ווייס אַזוי צו זאָגן:

„45 טויזנט וווין־איינהייטן אין די מעברות".

„די יידישע אַגענץ גרייט זיך אויפצושטעלן במשך פון די נאָענטסטע מאָנאַטן (אַפּריל—יולי) 21.865 נייע וווינונגען אין די מעברות. ביז איצט האָט די אויפנעם־אָפּטיילונגען פון דער יידישער אַגענץ אויפגעשטעלט מיט געלטמיטלען פון קרן היסוד 23.000 וווין־איינהייטן.

אַזוי אַרום וועלן ביז סוף יולי אויסגעפּאַרטיקט זיין 45.000 דירות (די דירות שטרייך איך אונטער, כדי עס זאָל חלילה קיין טעות נישט זיין — מ. צ.) אין די מעברות און זיי וועלן לויט אַ חשבון פון דריי מיט אַזעקסטל נפש פאַר אַ פאַמיליע לאָקירן 160.000 פּערזאָנען".

דאַכט זיך: וואָס קען זיין בעסער? פּאַראַיאָרן איז די גאַנצע מגבית אין אַמעריקע געגאַנגען אונטער דער לאָזונג אויפצובויען אין ישראל 50.000 דירות פאַר עולים; און יידן האָבן געגעבן, קיין עין הרע, געלט. וואָרום ווער נאָך אַזוי ווי אַ ייד ווייסט, וואָס דאָס איז אַזעלכעס אַ דירה. איז אויב פון די 50.000 טויזנט וועלן ביז יולי פאַרטיק ווערן 45.000 דירות, איז וואָס קען זיין נאָך בעסער? און אין דער פאַנטאַזיע האָב איך שוין געזען ווי אַזוי 160.000 יידישע אויסגעמאַטערטע נפשות, געיאָגטע פון פּאָגראָמען און רדיפות, אַנטלאָפענע פון לאַגערן און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, מידע פון די לייוונטענע געצעלטן און אָפּגעבראָטענע אין בלעכענע שפּראָטנפּושקעס קלייבן זיך אַריין אין 45.000 וווינונגען, זאָגן: ברוך שפּטרנו, אַן עק צו די צרות, אויס הימלאָזע, אויס נייע עולים און לאָמיר זיך אין די נייע דירות וותיקירן אויף שמחות און אין פריידן.

ערשט איך לייען ווייטער דעם באַריכט פון קרן היסוד וועגן די דירות פון דער סוכנות און — איך גלייב נישט מיינע אייגענע אויגן: נישט מער און נישט ווייניקער נאָר די 45.000 דירות וועלן באַשטיין פון — איך ציטיר וואָרט ביי וואָרט — 15.500 געצעלטן; 11.300 ברעזענט־געצעלטן; 12.700 דירות פון בלעך און 5.400 הילצערנע וווינונגען.

אויב געצעלטן, ברעזענט־געצעלטן, בלעכענע פּושקעס און ברעטלדיקע שטעלעכלעך הייסן דירות, וועלן מיר פון איצט אָן דאַרפן איינפירן אַ נייעם ווערטערבוך:

אַ קו־שטאַל וועט הייסן פּאַלאַץ; אַ שאַכטל פון פלייש־קאָנסערוון — צילינדער; אַ בעזעם — פּאַלמענבוים; אַ נייער עולה — אַ מענטש וואָס פלאַצט

פון שווילטאָג; שפּייען און כאַפּן — וועט הייסן פּראָדוקטיווע אַרבעט; און בלאָף וועט הייסן — פּאַטריאָטישע פּאַרזאָרגונג.

אָט אַזוי וועלן מיר, אם ירצה השם, מיט דער צייט ענדערן אַלע באַגריפן: וואָס אויף דער וועלט איז שוואַרץ, וועט ביי אונדז זיין ווייס, און רויט וועט זיין געל. מיר וועלן ווערן דאָס גרויסע געהיימניש, די גייענדיקע רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. און אַז די גרויסע אידייע פון קיבוץ־גלויות וועט שוין זיין איינגעאָרדנט אין די דירות פון בלעך און ברעזענט, וועט מען איינלאַדן טוריסטן און זיי ווייזן דאָס גרויסע וווּנדער, ווי אַזוי יידן זענען אין זייער אייגן לאַנד געוואָרן פאַר־האַרטעוועט; נאָך אַ זומער וווינען אין אַ בלעכענער פּושקע, זענען זיי אַזוי דורכגעברענט געוואָרן, אַז פון מענטשן איז געוואָרן שטאָל. און פון וווינען אַ ווינטער אין אַ ברעזענטענעם געצעלט, האָבן זיי זיך אַזוי דורכגעלופטערט — אַז קיין שום צוגווינט האָט שוין אויף די מענטשן נישט קיין שליטה.

מיט איין וואָרט: נסים געשעען ביי אונדז און ווונדער ווערן געוויזן, ווי אַזוי פון מיליאָנען פּאַפּירענע דאָלאַרן ווערן ברעזענטענע דירות און בלעכענע פּאַלאַצן.

4טער מאַי 1951

# ס׳דריטע יאָר מדינה דאַרף כבישים צו יידישע הערצער

דער אונטערשייד פון אַ ייד ביז אַ גוי, זאָגט מען, איז דער, וואָס ווען אַ ייד פרייט זיך אויף שמחות, דערלאַנגט מען צום טיש געזאָטענעם אַרבעס, כדי ער זאָל געדענקען, אַז דאָס רעדעלע דרייט זיך, אַז מען דאַרף זיך נישט צופיל פאַרכלינען פון פרייד און מען דאַרף געדענקען, אַז עס איז דאָ אַ גרויסער גאָט אין הימל, וואָס פירט די וועלט לויט זיין רצון. גאַר אַנדערש פרייט זיך אַ גוי. אַ גוי ווייסט נישט פון קיין קונצן. אויב אַ שמחה — שיכורט ער זיך אָן ווי לוט, שיסט אויף וויוואַט און מיינט, אַז ער האָט די גאַנצע וועלט אין דער וועסטל־קעשענע.

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס אָט ווען מיר היינט פייערן דעם דריטן יאָרטאָג פון דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה און לויט ווי פיל זאַכן געשעען ביי אונדז, וואָלטן מיר געדאַרפט אין אַלץ פאַרגעסן, אפילו אין דעם קיילעכדיקן אַרבעס און זיך פאַרשיכורן פון פרייד.

און, כ׳לעבן, ס׳איז דאָ מיט וואָס זיך צו פרייען. מיט דריי יאָר צוריק, ווען מען האָט זיך געקליבן פראָקלאַמירן די מדינה, האָט מען זיך בסוד־סודות פאַר־קליבן אין תל־אביבער מוזיי, וואָרום מען האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער דערוויסן זיך די שונאים אין וועלכן אָרט עס קומט פאָר די היסטאָרישע פייערלעכקייט — קאָנען זיי אָמאָל קומען מיט באָמבערס און פאַרשטערן די שמחה. מיר האָבן אפילו נישט געהאַט דעמאָלט מיט וואָס צו פאַרטרייבן דעם שונאס עראָפּלאַנען.

היינט, ברוך השם, קאָן זיך שוין אונזער אַרמיי פאַרגינען אַרויסצולאָזן זעקס באָמבערס, וואָס זאָלן באַגלייטן דעם פּרעמיער־מיניסטער ביז אַ שטיק איבערן ים אויף זיין רייזע קיין אַמעריקע. און מען קאָן זיך שוין דערלויבן צוגרייטן אַלע פייערלעכקייטן לויטן בעסטן און שענסטן, כאָטש אויף דער סירישער גרענעץ שיסט מען און עס פאַלן אפילו קרבנות.

מיט דריי יאָר צוריק זענען מיר דאָ געווען נישט מער ווי זעקס הונדערט טויזנט יידן מיט טויזנט דריי הונדערט ביקסן. היינט, ברוך השם, זענען מיר פאַרטאָפּלט אין דער צאָל; און וואָס שייך ביקסן, דאַרף מען שוין נישט שניידן קיין וואַסער־רערן, כדי צו מאַכן סטענעס און מען דאַרף שוין נישט אָנקומען צו קאָנסערוון־פּושקעס אויף צו מאַכן „דודלעד” אויף צו שרעקן די אַראַבער, נאָר עס זענען פאַראַן אַנדערע „שרעק־כלים”, פון וועלכע אונדזערע שונאים קאָנען זיך אויף אַן אמת גישט בלויז דערשרעקן נאָר כאַפּן אַ וויסטע מפּלה.

מיט דריי יאָר צוריק האָבן מיר נאָך געמאַכט געשיכטע אויפן אַלטן

שטייגער. טאַקע געשלאָגן זיך מיט די הענט, ווי אין מלך סאָביעסקעס צייטן. אַ יעגערביקס אָדער אַ ביקס פון אַ מוזיי איז אויך געווען אַ גאַנצער ווייס־איך־וואָס; און דאָס אַלטפּרענקישע „סאַמאָוואַרל״ האָט זיך געקאַטשעט איבער די דעכער ווי אַ „דן״־אויטאָבוס איבער די ענגע גאַסן פון תל־אביב...

היינט דאַקעגן מאַכן מיר די סאַמע מאָדערנסטע געשיכטע, וואָס אַנטקעגן אונדז איז אפילו אַמעריקע אַן אומבאַהאָלפן זויגקינד. אדרבה, קוקט זיך צו ווי אַזוי טרומאַן מיט זיינע מיניסטאָרן זיצן אין וואַשינגטאָן, רירן זיך נישט אַרויס פון דער היים, כאָטש פאָלג מיך אַ גאַנג דער שטח פון אַמעריקע קעגן דעם שטחל פון ישראל. אָבער אונדזערע מיניסטאָרן צערייסן די גרענעצן און פליען איבער דער וועלט אין קאָנסטעליישאַנס, שפּאַרן אַן ווו איר ווילט נאָר הערן און געדענקען; און דאָס קליינע ישראליקל פאַרנעמט אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע מער אָרט ווי די גאַנצע ענגלישע אימפּעריע מישטיינסגעזאָגט.

אָט האָט מעק־אַרטור, דער זיגער איבער פינף און זיבעציק מיליאָן יאַפּאַנער, דער וואָס האָט זיך געוואָלט שטעלן קעגן פיר הונדערט פופציק מיליאָן כינעזער — געלאַנדעט אין וואַשינגטאָן און געמיינט ער שטעלט אין שאָטן די וועלט. קומט דער פּרעמיער פון ישראל און לאַנדעט אויפן זעלבן פּליפּלאַץ אין וואַשינגטאָן מיט אַ שעה שפּעטער און צעמישט מעק־אַרטורן די קאַשע. האָט מעק־אַרטור געהאַט אַ פּאַראַד אויף דער פינפטער עוועניו אין ניו־יאָרק, געמיינט די וועלט גייט אונטער. קומט מיט אַ וואָך שפּעטער דער ישראל־פּרעמיער און וויזט, אַז אויך ער קען האָבן אַ פּאַראַד אויף דער פינפטער־עוועניו, אַז אפילו דריי טויזנט אַמעריקאַנער פּאָליציי־לייט זאָלן זיך קוים קאָנען אַן עצה געבן מיטן פיל־מיליאָניקן עולם.

אדרבה, איך וואָלט געוואָלט זען צי טרומאַן אַליין וואָלט דאָס זעלבע באַוויזן אין תל־אביב, וואָס בן־גוריון האָט באַוויזן אין ניו־יאָרק. זאָל נאָר טרומאַן קומען קיין תל־אביב און אָנציען אַן עולם פון עטלעכע מיליאָן מענטשן! זאָל ער נאָר פּרווון אין תל־אביב רעדן וועגן אַן הלוואה פון אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַר! ער וואָלט אפילו אויף ליליענבלום־גאַס קיין הונדערט גאָלדשטיקלעך נישט צונויפ־געמאַכט. העכסטנס וואָלט אים דער העברעאישער זשורנאַליסטן־פאַראיין אַריינ־גענומען אויפן עתון עתונאים און אים שפּעטער מכבד געווען מיט קאַלטע טיי מיט עוגות.

איך וואָלט געוואָלט אדרבה זען ווי אַזוי אַמעריקע וואָלט זיך אַן עצה געגעבן ווען זי עפנט אירע טויערן און גיט עס אַ נעם אַריין דורך דריי יאָר נאָך אַמאָל אַזוי פיל מענטשן, פון הונדערט און פופציק מיליאָן אויף גאַנצע דריי הונדערט מיליאָן מענטשן. איר שטעלט זיך פאָר וואָס דאָרט וואָלט זיך געטאָן? ווי אַזוי איינער וואָלט דאָס געזעסן אויפן צווייטן און וואָס פאַר אַ רייען עס וואָלטן זיך געשאַפן אויף די אויטאָבוסן־סטאַציעס אין אַמעריקע.

זאָג איך אייך, הלוואי נישט ערגער, וואָס מיר האָבן אויפגעטאָן אין די דריי יאָר. בעסער האָט קיין שיעור נישט. אָט האָט דאָך טאַקע אונדזער פּרעמיער־

מיניסטער געזאָגט אויף דער קאָנפערענץ פון דער מפא״י, פאַר זיין אָוועקפאָרן, אַז וואָס מיר האָבן דערגרייכט אין דריי יאָר, האָט אַמעריקע דערגרייכט אין צוואַנציק יאָר.

נו, צי דאַרף מען נאָך בעסער?

איר וועט אוודאי וועלן זאָגן, אַז ביי אונדז אַרבעט זיך בעסער און מיר האָבן דערגרייכט אין דריי יאָר דאָס, וואָס אַמעריקע האָט דערגרייכט אין צוואַנציק יאָר, ווייל די רעגירונג האָט צו הילף אַזאַ אינסטיטוציע ווי די סוכנות, און וואָס אַמעריקע האָט אַזאַ נישט געהאַט. איז ווער האָט אַמעריקע נישט געלאָזט איינלאַדן אַזעלכע פעאיקע מענטשן ווי עס פאַרמאָגט אונדזער סוכנות?

נאָר, מילא, אַ געלעכטער אָן אַ זייט. געלויבט השם יתברך, וואָס מיר זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מיר קענען זיך פרייען און אפילו מאַכן אַ וויץ.

לכבוד דעם גרויסן יום־טוב וואָלט איך אפילו איינגעלאַדן אַהער אַ ביסל אַנטיסעמיטן זיי זאָלן זען וואָס יידישע ענערגיע קאָן אויפטאָן; וואָס די „פוילענצער", די „וואָס האָבן ליב צו לעבן פון פרעמדער אַרבעט", האָבן געמאַכט; וואָס פאַראַ שאָסייען זיי האָבן געבויט; ווי זיי האָבן זיך דאָס ווי די פייגל אין די נעסטן אַריינגעזעצט אין די ווייסע מייערלעך אינעם ירושלימער קאָרידאָר און זיי אַרבעטן ווי די מוראַשקעס; ווי אַזוי אפילו אין די לאַגערן, אין די בלעכענע פּושקעס און די לייוונטענע געצעלטן איז פול מיט פלענער און מיט צוגרייטונגען. די יידן אין די לאַגערן פאַרמאָגן טאַקע גאָרנישט, זיי האָבן אָבער איין גרויסע זאַך, וואָס שטייגט איבער אַלע פאַרמעגנס און דאָס איז בטחון! אוי, דער יידישער בטחון! ווונדער קאָן ער באַווייזן. ער קאָן דורכרייסן אַלע שוועריקייטן, ער קאָן אפילו בייקומען די באַאַמטע פון דער סוכנות און די באַאַמטע פון דעם מדינה־אַפּאַראַט.

מיט דעם שפּרודלדיקן קוואַל פון יידישער ענערגיע וועט מען בייקומען אַלץ, און באַווייזן אמתע ווונדער. און די גרויסע ווונדער פון יידישער ענערגיע זעען מיר שוין היינט, סך־הכל דריי יאָר זינט דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה.

נאָר ווי זאָגט איר: אויף יידישע שמחות, ווען די פרייד איז גרויס, דערלאַנגט מען צום טיש געזאָטענע אַרבעס, כדי מען זאָל זיך דערמאָנען, אַז די וועלט איז קיילעכדיק און מען דאַרף אויך מאַכן אַ שטיקל חשבון־הנפש.

וועט איר דאָך אוודאי פרעגן וואָס עס קוועלט מיך? וואָס פאַראַ שטייגער חשבון־הנפש דאַרפן מיר דאָס מאַכן?

זאָג איך אייך, אַז הונדערטער נייע פּונקטן זענען טאַקע אַ גליק; און נאָך אַ גרעסער גליק איז צו האָבן געבראַכט זעקס הונדערט טויזנט יידן כן ירבו. נאָר צו דאַרף מען, זאָג איך, נאָך עפּעס. איך מיין, אַשטייגער, אַז צוגלייך מיט כבישים און בלאָקאָנען דאַרף מען אויך בויען די יידישע נשמה, וואָס איז מיד פון וואַנדערונגען און פּיין אין די גלות־לענדער. פּונקט ווי מען בויט כבישים פון איין קאָלאָניע צו דער צווייטער, אַזוי דאַרפן מיר בויען כבישים פון איין

יידיש האָרץ צום צווייטן. וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, אויף אַ שלעכטן כביש ווערן בלויז קאַליע מאַשינען און גומירעדער, אָבער ווען די כבישים צו יידישע הערצער זענען שלעכט — ווערט קאַליע דער מענטש. און דאָס וואָס עס ווערט קאַליע אין מענטש, קאָן מען נישט פאַרריכטן נישט מיט קיין דאָלאַרס און נישט מיט עפּעס אַנדערש, דאָס איז כולו היזק.

וועלן מיר זיך הייַנטיקס יאָר פרייען פאַר דעם דערגרייכטן; פאַר דער מדינה, פאַר די געבויטע קאָלאָניעס, פאַר די יידן אין לאַגערן און פאַר אַלץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן. אפילו דערפאַר וואָס מיר גייען צו וואַלן פאַר אַ נייער כנסת. און ביים ווינטשן זיך „מיר זאָלן אַנטקעגן גיין משיחן״, זאָלן מיר נישט פאַרגעסן זיך צו ווינטשן, אַז איבער אַ יאָר אין דער צייט, ווען מיר וועלן ווידער לייענען וועגן דער צאָל אויפגעבויטע קאָלאָניעס און וועגן די קילאָ־מעטערס כבישים, זאָלן מיר אויך קאָנען לייענען, אַז מיר האָבן אויפגעבויט פעסטונגען פון ליבשאַפט צווישן ייד און ייד; אַז מיר האָבן אויפגעשטעלט וועגן פאַר דער קאָמוניקאַציע צווישן יידישע הערצער; אַז מיר האָבן פאַרשיט דעם תהום פון ברידער־שנאה; אַז מיר האָבן אויפגעבראָכן די קוואַלן פון פאַר־שטענדיקונג צווישן מענטש און מענטש; אַז דער וותיק האָט אויפגעהערט צו פאָכן מיט זיין פּאַספּאָרט, אַז ער איז געקומען מיט אַ פאַר יאָר פריער; אַז די פקידים האָבן אויפגעהערט צו זיין די ספינקסן מיט סאָדע־וואַסער אין די קעפּ; און אחרון אחרון חביב, אַז יעדער ייד, וואָס האָט ענערגיע און איז שאַפונגספעאיק זאָל קאָנען אויסנוצן זיינע פעאיקייטן פאַרן פאָלק און פאַרן לאַנד און נישט דאַרפן פריער אויסטרעטן די טרעפּ פון אונדזערע אַמטן.

און אַז מיר וועלן, אם ירצה השם, דאָס אַלץ דערלעבן, וועלן מיר קאָנען זאָגן, אַז מיר זענען דערגאַנגען צו דער גאולה און יידן וועלן טאַנצן אין די גאַסן, ווי זיי וואָלטן אַנטקעגן געטאַנצט משיחן. אמן.

10טער מאַי 1951

## אימפעריאַליסטישע טאַמאַטן און רעוואָלוציאָנערע קוקורוזע

ביי יידן פלעגט עס נישט זעלטן טרעפן, אַז די זינדעלעך פלעגן אָוועקפטרן דאָס פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון זייערע עלטערן.

דורות קלוגע יידן פלעגן אָנזאַמלען אוצרות, קלייבן אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, זייער גאַנץ לייב און לעבן האָבן זיי אַריינגעלייגט אין די געשעפטן, געבויט און געשאַפן, אויסגעגעבן זייערע אייגענע קינדער און לייטס קינדער. אָבער ווי נאָר די זינדעלעך האָבן איבערגענומען די געשעפטן האָט מען אָנגעהויבן פּטרן דעם טאַטנס האָרעוואַניע, ביז ס'איז דערגאַנגען, אַז מען איז געשטאַנען פאַר באַנקראָט...

איך זאָג דאָס אָנטקעגן דעם גרויסן פאַרמעגן, וואָס אונדזער רעגירונג האָט איבערגענומען פון האַלבן יאָרהונדערט חלוצישן קאַמף און יידישער פאָלקס־באַוועגונג און ווי מיר האַלטן איצט אין דער וועלט.

איר ווייסט דאָך אַליין ווי גרויס עס איז געווען ביי יידן דער נאָמען פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און בפרט דאָס מוזיניקל פון דער באַוועגונג — דער חלוציזם. וויפל כוחות דאָס יידישע פאָלק האָט אַריינגעלייגט אין די קיבוצים וויסן בלויז די בוכהאַלטערן פון קרן־קימת און קרן־היסוד. נישט געווען קיין צו טייערע זאַך פאַר זיי. מען האָט נישט געפרעגט קיין שאלות, צי עס לוינט יאָ, צי עס לוינט נישט; קיינער האָט נישט געוואָלט וויסן ווי טייער עס מאַכט אויס אַ ציבעלע אָדער אַ בוראַק אין קיבוץ. דאָס האָט כ'לעבן, נישט געשפּילט קיין ראָל. די קיבוצים האָבן פאַרזייט און געשאַפן עפּעס העכערס, וואָס שאַצט זיך נישט מיט קיין מאַטעריעלע פאַרמעגנס. זיי האָבן געשאַפן אַ נייעם טיפּ מענטש, אַ נייע, ביז־איצט אומבאַקאַנטע פאָרעם פון לעבן, אַ העכערע פאָרעם פון געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען. טאַטעס, קינדער האָבן געוואָרפן קאַריערעס, זיך אָפּגעזאָגט פון עולם־הזה, אַ מאַך געטאָן אויף אַלץ מיט דער האַנט און געפאָרן קיין ארץ־ישראל זיך מקריב זיין פאַר דער גרויסער אידייע.

און אַז איר זענט מיט יאָרן צוריק אַריינגעקומען אין אַ קיבוץ האָט מען אויף אייך געקוקט ווי אויף אַ שטיקל אליהו הנביא, וואָס דאַרף פּסח צום סדר אַריינקומען אין יידישע הייזער. איר זענט אַריינגעקומען, זיך געזעצט צום טיש און קיינער האָט אייך נישט געפרעגט ווער און וואָס איר זענט. ברכה און גוטסקייט האָט געהערשט אין די קיבוצים. און די אַרבעט איז דאָרט געווען הייליק, און מענטש צו מענטש איז געווען גוט. צי איז דען עמעצן אָנגעגאַנגען וואָס פאַר מחשבות אַ צווייטער טראָגט אין האַרצן? דער עיקר איז געווען די מחשבה פון גלויבן.

פּאָליטישע השקפות? װעמען האָט דאָס געקימערט. אין קיבוץ איז געװען עפּעס העכערס פון פּאָליטישע השקפות — די אידעאַלן פאַר אַ העכערער און בעסערער פאָרעם פון לעבן. אָבער דעמאָלט האָבן קיבוצים נישט געװוסט פון מסחרים און פאַבריקן; זײ האָבן זיך נישט פאַרנומען מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט; זײערע פירער זענען נישט געפאָרן אין „קאַדילאַקס" אָדער „קרײזלערס"; זײערע שליחים אין אויסלאַנד, אויב אַזעלכע פלעגן זײן, האָבן נישט געװוינט אין די רײכסטע האָטעלן.

יענע אַלטע, גוטע צײטן דערמאָנען איצט װותיקישע קיבוצניקעס, װי מען דערמאָנט די ליבע קינדער־יאָרן. די אכזריותדיקע צײט האָט „אָפּגעטאָן אַ שפּיצל" און אַרײנגעפירט אין די קיבוצים פאַבריקן מיט טײערע מאַשינען. דער רפת און דער לול זענען געװאָרן אויס מיוחסים. די בודזשעטן זענען זיך, קײן בײז אויג, צעװאַקסן. די סעקרעטאַרן און קאַסירערס שמעקן נישט אַרײן מער אין דער קו־שטאַל, נאָר זיצן מער אין שטאָט װי אין קיבוץ. און אויב אײנער איז נאָך דערבײ אַ שטיקל שליח, אַ הויכער באַאַמטער, אַ מומחה, אָדער אַ מיטגליד אין דער כנסת — איז אײ־אײ־אײ!

מיט אײן װאָרט, געװיסע מענטשן אין קיבוץ האָבן אַװעקגעװאָרפן די ראָמאַנטיק פון די קינדער־יאָרן און געװאָרן מיט לײטן גלײך. װאָרום באמת: כל זמן ס'איז געװען פאַר מתן־תורה האָט מען זיך געקאָנט „שפּילן" אין ראָמאַנטיק און אין העכערע פאָרמען פון לעבן. נאָר אויב ס'איז שוין פאַראַן אַ נאָרמאַלע מדינה מיט אויסערן־פּאָליטיק און אינערן־פּאָליטיק, איז צו װאָס די ראָמאַנטיק?

ס'איז פּונקט, זאָגט מען, װי מיט חתן־כלה: פאַר דער חתונה בױט מען גלעזערנע פּאַלאַצן און מען מאָלט זיך אויס דאָס טעלערל פון הימל. נישט אַנדערש נאָר אז נאָך דער חתונה װעט מען זיך האַלטן אין אײן ליבן און דאָס גאַנצע יאָר װעט באַשטײן פון דרײ הונדערט און פינף און זעכציק יום־טובים. אָבער נאָך דער חתונה שטעלן זיך דרײ הונדערט און פינף און זעכציק װאָכעדיקע טעג. פון די גלעזערנע פּאַלאַצן לאָזט זיך אויס אַ בוידעם און פון טעלערל פון הימל — װערט אויפן הימל אַ יאַריד...

נאָך מתן־תורה, װען מיר זענען מיט גאָטס הילף געװאָרן מיט לײטן גלײך, האָבן זיך אונדזערע פירער אַרומגעזען, אַז אײגנטלעך האָט די ציוניסטישע באַװעגונג מער נישט װאָס צו טאָן און מען דאַרף זי האָבן װי אַ פינפטן ראָד צום װאָגן. און מען האָט די פירער אין די גלות־לענדער געגעבן אָנצוהערן, אַז זײ האָבן זיך נישט װאָס צו מישן אין די ענינים פון דער מדינה. העכסטנס קאָנען זײ קומען צו אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, אויב אַזעלכער װעט זײן, און זײ דאַרפן צוהעלפן זאַמלען געלט; נאָר דעות־זאָגן — דאָס נישט.

און די קיבוצים װידער האָבן זיך אַרומגעזען, אַז װאָס שײך טאָמאַטן, אָדער ענלעכע זאַכן, איז דאָס נישט װערט קײן שמעק טאַבעק. איצט שפּילט

אַ ראַל פּאָליטיק. וואָרום פּאָליטיק, פאַרשטייט איר מיך, פירט צו מאַכט און מאַכט איז זיס, איי, ווי זיס!

און פּאַרטייען, וואָס זייער אויפגאַב איז פריער געווען שיקן דעלעגאַטן צו קאָנגרעסן, זענען איצט געוואָרן דאָס אויבערשטע פון שטויסל, דאָס צינגל אָדער אַפילו דאָס שעלעכל פון דער וואָג. און עס האָט נישט מער קיין זין די חושים אַריינצולייגן אין רפת, אָדער דיסקוטירן צי דאַרף מען האָבן אייגענע הויזן אָדער קאָלעקטיווע. ס'איז גאָר אַן אַנדער צייט געוואָרן. און די צייט וואַרט נישט. זי לויפט משונהדיק און שטעלט פאַר פּאַקטן; און מען דאַרף נעמען אַ שטעלונג צו קאָרעאַ און אינדאָכינע, צו אַמעריקע און אינדיע. און איצט ווו איז עקספּאָרט? און וואָס איז טאַקע מיט דער אַמעריקאַנער הלוואה? און וואָס הערט זיך מיט די אינדוסטריעלע מאַשינען פון אַמעריקע?

האָט מען אין די קיבוצים אָנגעהויבן פירן וויכוחים אַרום די גרויסע זאַכן. און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן מיט־גלידער קאָן מען נישט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. צווישן די פון מפא"י און מפ"ם ליגט אַ תהום. פריער האָבן דעם תהום אויסגעפילט אידעאַליזם, גייסטיקע פּרינציפּן, חלוציזם און אַרבעט. איצט פילט אים אויס — גאָל. נו, טאַקע פאַרטראַכט זיך נאָר אַ ביסל: ווי אַזוי קאָנען מענטשן לעבן אונטער איין דאַך און באַאַרבעטן צוזאַמען די ערד, בעת איינער אָריענטירט זיך אויף מאָסקווע און אַן אַנדערער — אויף אַמעריקע. ווי אַזוי קאָן מען געפינען אַ בשותפותדיקע שפּראַך, ווען איינער געהערט צו די מאַכטהאָבער און דער צווייטער — צו דער אָפּאָזיציע. און ווי אַזוי פּאַרט זיך עס טאַקע דער אידעאַליסטיש־חלוצישער פּרינציפּ פון קיבוץ מיט — מאַכט?

פון דער צווייטער זייט האָט די מאַכט ליב זיך אָנצושפּאַרן אויף זיכערע יסודות. און וואָס נאָך איז אַזוי זיכער ווי דער קיבוץ? און פּונקט ווי מען האָט געוואָלט באַהערשן די ציוניסטישע באַוועגונג און זי פירן ביים הענטל, אַזוי האָט זיך אויך פאַרגלוסט באַהערשן די קיבוצים און זיי פירן ביים הענטל. האָט די אָפּאָזיציע געזאָגט: מיר קאָנען גיין אַליין; און אויב פירן — זענען מיר די פירער און מיר ווילן די מאַכט. הכלל, איך וועל נישט איבערחזרן דעם וויכוח פון „קיבוץ המאוחד", אַלע פּאַר און קעגנס; און אַז דאָרט קומט פאַר אַ שפּאַלטונג מיט דונערן און בליצן... איז געגנוג, אַז מיר זעען ווו מיר האַלטן אין דער וועלט.

אויב מיט יאָרן צוריק וואָלט אַזאַ שפּאַלטונג געווען פאַרבונדן מיט אַ קליינע רעוואָלוציע אין דער קיבוצים־באַוועגונג, איז די שפּאַלטונג איצט אַ רעוואָלוציע פון אַלע רעוואָלוציעס. מיר וועלן זיין עדות ווי אַזוי מען וועט אָנהויבן טיילן זיך מיט דער ערד און מיט די בהמות און מיט די מאַשינען. יעדער קיבוץ לויט דעם פּראָצענט אָפּאָזיציאָנערן אָדער מאַכטהאָבער. זענען פאַראַן זעכציק פּראָצענט מפּ"ניקעס — צאָלט מען אַרויס די מפּאַ"יניקעס פערציק פּראָצענט — און האָט מיר אַ גוטן שבת. און אויב אין אַ קיבוץ זענען

פאַראַן אַכציק פּראָצענט מפּא״יניקעס — צאָלט מען ארויס דער אָפּאָזיציע צוואַנציק פּראָצענט און — האָט מיר אַ גוטן שליטוועגס. און ווי דער שטייגער ביי שותפים, וואָס צעטיילן זיך — טיילט מען זיך מיט שנאה. צווישן איין שותף און צווייטן וועט אַנטשטיין אַזאַ שנאה ווי די שנאה צווישן פּראָטעסטאַנטן און קאַטאָליקן. און טאַקע נאָך אַ גרעסערע שנאה. וואָרום מיר ווייסן דאָך, אַז ביי יידן קומט פאַר אַלץ עקסטרעמער און שאַרפער. אַז אַ ייד האָט ליב — איז ער גרייט צו שטרעקן דאָס לעבן און אַוועקגעבן דאָס לעצטע קנעפּל. און אַז אַ ייד האָט פיינט — האָט ער פיינט ווי אַ חסיד.

זע איך שוין ווי אַזוי עס וועלן אין דער צוקונפט אויסזען אונדזערע קיבוצים: נאָך דעם ווי מען וועט צעטיילן די ערד פון די קיבוצים און דעם אינווענטאַר צווישן מפּא״י און מפּ״ם, וועט מען צווישן ביידע קיבוצים אויסגראָבן אַ ברייטן ראָוו און אים אויספילן מיט וואַסער, און אפשר אפילו מיט בענזין, כדי צו שאַפן אַ זיכערע נאַטירלעכע גרענעץ.

אויף די פעלדער, צווישן דער קוקורוזע און טאַמאַטן וועט מען אויפשטעלן טאָוולען מיט לאָזונגען און שטעכווערטלעך קעגן דעם שכן. וואָרום רעדן צווישן זיך וועט מען דאָך נישט, וועט מען זיך בלויז שטעכעלירן. אויף די פעלדער פון די מפּ״מישע טיילן פון קיבוצים וועט מען לייענען אַזעלכע לאָזונגען ווי למשל: „מפּא״ישער שכן! דיינע טאַמאַטן זענען פאַרשקלאַפט צום אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און אין דיין קוקורוזע זענען באַהאַלטענע שראַפּנעלן קעגן דער רעוואָלוציע״. דערקעגן אויף די פעלדער פון די מפּא״יניקעס וועט איר לייענען וועגן סאָציאַליזם אין אונדזער דור, וועגן דער גאונות פון דער „סולל־בונה״־ווירטשאַפט און אַנדערע שטעכווערטלעך קעגן דער מפּ״ם.

און אויב דער שנאה־פּראָצעס וועט זיך לויט אַלע געזעצן פון פיינטשאַפט נאָך מער פאַרטיפן — וועט איר נאָך אַמאָל אויפן טויער פון מפּ״מישע קיבוצים לייענען אַ שילדל: „איינטריט פאַר מפּא״יניקעס און אַנדערע רעאַקציאָנערע עלעמענטן שטרענג פאַרבאָטן״. און אויפן טויער פון מפּא״ישע קיבוצים וועט איר לייענען: „סטאַלינישע אַגענטן און זייערע נאָכשלעפּערס דאַרפן נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אָט דעם קיבוץ״.

איר זאָגט: דאָס איז אַ פינצטערע נבואה? ענטפער איך אייך, אַז אויב די וווּנדערלעכע חלוצישע באַוועגונג האָט געקאָנט דערגיין צו דער טראַגעדיע, פון וועלכער מיר זענען לעבעדיקע עדות, איז נישט אויסגעשלאָסן זי זאָל אויך דערגיין צום אַבסורד פון געזעלשאַפטלעכער איזאָלאַציע.

באַהיט זאָל מען ווערן מיט וואָס מען קאָן געפּרוווט ווערן.

1טער יוני 1951

היינטיקע וואָך, פאָרנדיק אין אַן אויטאָבוס פון חיפה, האָב איך זיך צופעליק צוגעהערט צו אַ שמועס פון צוויי נייע עולים. עס איז אפשר נישט שיין זיך צוהערן, וואָס צוויי יידן רעדן צווישן זיך. אפשר רעדן זיי וועגן אַ פאַטענט, וועגן גרויסע געשעפטן אָדער סתם וועגן אָרעמקייט, אָדער אַנדערע אינטימע זאַכן — איז נישט איידל אונטערצושטעלן אַן אויער. אָבער שרייבער זענען געגליכן צו נייגעריקע ווייבער, אומעטום האָבן זיי ליב אויסצובאָרגן עפּעס נייגעריקס, אַ שמעק צו טון וואָס הערט זיך ביים שכן. און כדי זיך מתיר צו זיין די עבירה פון אונטערהערן, האָב איך זיך געטראַכט, אַז איך בין נישט מחויב צו פאַרשטופּן זיך די אויערן מיט וואַטע, אָדער פּלוצעם ווערן טויב. אויב די יידן האָבן זיך צו דערציילן דיסקרעטע זאַכן און זיי ווילן נישט עמעצער זאָל זיי אונטערהערן, טאָ זאָלן זיי זיך פאָרן פון חיפה מיט אַ טאַקסי און נישט מיט אַן אויטאָבוס. נישקשה, די נייע עולים קענען זיך דאָס דערלויבן.

הערסט, כ'לעבן, די עולים ווייסן שוין נישט ווי זיך צו צעבאַלעווען דאָ. נישט גענוג וואָס אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט שיקן זיי אַהער געלט, מען בויט פאַר זיי אומזיסטע הייזער, מען קעכלט זיך מיט זיי ווי מיט אויסגעצערטלטע קינדער, די וותיקים האָבן נעבעך מיט שוויס און פּראַצע צוגעגרייט פאַר זיי פון אַלעם גוטן — ווילן זיי נאָך, די נייע עולים, פאָרן אין אויטאָבוסן ווי די פּריצים און דערצו זאָל מען אפילו נישט אונטערהערן וואָס זיי רעדן...

הכלל, האָב איך אונטערגעהערט. איך האָב אָבער נישט געוווּסט, אַז אויסער מיר הערט נאָך עמעצער אונטער. נעבן מיר איז געזעסן אַ פרוי מיט אַ שטיקל גוידער, אַ ביסל אָנגעבלאָזן, אויף די פינגער — אַ פּאָר שטיינדלעך, און מיט כעס האָט זי געוואָרפן אין מויל שטיקלעך עקספּאָרט־שאָקאָלאַד.

הער איך ווי איין עולה זאָגט צום צווייטן: די ישראל־רעגירונג האָט אַן אייזערנעם כוח. זינט זי האָט גענומען דעם רודער פון לאַנד אין אירע הענט אַריין — איז נישטאָ קיין גרעסערער כוח פון איר. זי האַלט אין איין מנצח זיין. צו ערשט האָט זי מנצח געווען זעקס אַראַבישע מדינות און געמאַכט פון זיי אַש און בלאָטע. דערנאָך האָט זי זיך גענומען צו דער ווירטשאַפט פון לאַנד און זי אַזוי אויסגעפּאַרטיקט, אַז... אדרבה, איר זעט דאָך! דערנאָך ווידער האָט זי געוואָרפן אַז אויג אויף די אַמעריקאַנער ציוניסטן און זיי אַזוי אָנגעקגעלייגט די גרויסע קאָרפּן, די סילווערס און די ניומאַנס, אַז ס'איז גאָט רחמנות אויף זיי. דערנאָך האָט זי געגעבן אַ באַשטאַט די נייע עולים

אין בלעכענע פּושקעס און אין געצעלטן, אַז זיי ליגן איינגעלייגט ווי די שעפּסעלעך און ציטערן ווי פיש אין וואַסער און עפענען אַפילו דאָס מויל נישט. און אַז די רעגירונג האָט זיך געגעבן אַ נעם צו די אַראַבישע פאַרמעגנס, צו די פּרדסים און ווייִנגערטנער, צו די איילבירטן־וועלדער און פייגנביימער — איז ווי אַ געפערלעכער שטורעם וואָלט איבער זיי אַדורך. לויט מיין מיינונג, וואָלט אַמעריקע און ענגלאַנד געדאַרפט איבערגעבן די „קאַלטע מלחמה" אין די הענט פון אונדזער רעגירונג. איך זאָג אייך: קיינער וואָלט אַזוי נישט ליקווידירט די „קאַלטע מלחמה" ווי אונדזער רעגירונג. אָט האָב איך געהערט אַז היינטיקע וואָך האָט אונדזער רעגירונג אַרויסגעשיקט אַ טראַנספּאָרט ציטרין־און מאַראַנצן־סיראָפּ קיין קאָרעאַ. מיינט איר דאָך, אַז דאָס איז סתם סיראָפּ, די קאָרעער זאָלן קענען טרינקען אַ געשמאַק גלעזל גאַזאַז און אָפּכאַפּן דעם אָטעם נאָך אַ יאָר בלוטיקער מלחמה? האָט איר אַ טעות. איר וועט זען וואָס אונטער דעם באַהאַלט זיך. גלייבט מיר, אַז דאָס איז עפּעס אַ שטיקל פון אַמעריקע און ענגלאַנד. און די זאַך איז גאָר פּשוט: אַזוי ווי אַמעריקע און ענגלאַנד קענען נישט אַרויסקריכן פון דער קאָרעער בלאָטע און קענען נישט ליקווידירן די מלחמה, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז מען דאַרף די זאַך איבערגעבן אונדזער רעגירונג. און ווי נאָר אונדזער רעגירונג וועט צולייגן אַ פינגער — וועט פון דער קאָרעער מלחמה ווערן דאָס זעלבע, וואָס מיט אונדזער ווירטשאַפט, מיט די אַמעריקאַנער ציוניסטן, מיט די איילבירטן און פּרדסים און מיט בויען שיכונים... אָט דאָס איז דער טראַנספּאָרט סיראָפּ, איר פאַרשטייט?

אין דעם מאָמענט שלינגט אַראָפּ די פרוי, וואָס זיצט נעבן מיר, אַ שטיקעלע עקספּאָרט־שאָקאָלאַד, ווישט אָפּ די ליפּן מיט אַ ווייס טיכעלע, דרייט זיך אויס פּאַוואָליע צו די צוויי יידן און — עס עפנט זיך אַ מבול:

— איר פּענטאַקעס שבפּענטאַקעס, אַזעלכע און אַזעלכע! מיר האָבן פאַר אייך צוגעגרייט פון פויגלמילך, פאַר אייך האָבן מיר געליטן מאַלאַריע, פאַר אייך האָבן מיר געגעסן אַ פּיטע מיט אַ מאַראַנץ, צוליב אייך האָבן מיר דרייסיק יאָר געשמאַכט אונטער די ענגלענדער. און איצט קומט איר אונדז קריטיקירן? ווער האָט געשיקט נאָך אייך, איר זאָלט אונדז אָפּעסן די ביינער? די פּיס דאַרפט איר אונדז קושן דערפאַר וואָס מיר האָבן אייך צוגעגרייט געצעלטן, איר זאָלט קענען זיצן רואיק. אויב עס געפעלט אייך נישט, טאָ נעמט איר די מאַכט און מאַכט איר בעסער!

נאָך דעם מענה־לשון, וואָס דער אויטאָבוס האָט אויסגעהערט מיט אָפענע אויערן, האָט די פרוי אַריינגעוואָרפן אין מויל אַריין אַ שטיקעלע עקספּאָרט־שאָקאָלאַד און זיך אַרומגעקוקט ווי אַ זיגערין.

די צוויי יידן האָבן זיך נישט פאַרלוירן, נאָר מיט דער זעלבער רואיקייט, וואָס פאַרן מבול, רופט זיך אָפּ איינער:

— מומעשי, איך זע, אַז איר געהערט צו דער צווייטער אָדער צו דער דריטער עליה, מיט איין וואָרט: איר זענט אַ גאַנצער „וותיק". האַלט איך אייך

ביים וואָרט און לאָזט אונדז צו צו דער מאַכט. וועט איר זען ווי אַזוי מען מאַכט שיכונים. איר וועט זען ווי אַזוי מען מאַכט נישט פון געלט בלאָטע, נאָר פון בלאָטע גאָלד. אדרבה, פרווט. איר וועט זען ווי אַזוי מאַכט — מאַכט.

איך בין זיך מודה, אַז נאָך די פּאָר ווערטער וואָלט איך נישט געוואָלט זיין אין דער הויט פון די צוויי נייע עולים. צוזאַמען מיט דער פרוי האָבן זיך אויפגעשטעלט נאָך צוויי יידן און אין אויטאָבוס האָט אָנגעהויבן דונערן:

— מאַכט ווילט איר? ! דאַנקט גאָט, אַז מען האָט אייך אַריינגענומען נאַקעטע און באָרוועסע און פון אייך געמאַכט מענטשן. דעם לעצטן ביסן האָבן מיר אייך אַוועקגעגעבן, איר האָט פון אונדז די שיך אַראָפּגעצויגן. איידער איר זענט געקומען איז אַלץ געווען בשפע, פולע געשעפטן מיט סחורות. פולע מאַגאַזינען מיט קליידער און שיך. ווער האָט דאָס אַלץ אויסגעליידיקט, אויב נישט די נייע עולים? ווילט איר נאָך די מאַכט אויך? ניין, דאָס נישט. אפילו ווען איר זאָלט שפּרינגען אין וואַסער.

— איי — זאָגט איין עולה רואיק — מיר האָבן שוין גענוג געשפּרונגען. מיר האָבן געשפּרונגען פון די צוגן קיין טרעבלינקע, פון די צוגן אויף סיביר, פון די שיפן קיין ציפּערן. איצט שפּרינגען מיר פון איין אַמט אין צווייטן. מיר ווערן צעשפּרונגען פון שפּרינגען. מיר האָבן שוין נישט קיין כוח צו שפּרינגען. פון איצט אָן וועלן מיר גיין...

— צוריק קיין פּוילן? קיין רומעניע? יאָ?

— אָ, ניין, דאָס נישט! — זאָגט דער עולה רואיק — נישט אויף דעם האָבן מיר געשפּרונגען און דערשפּרונגען אַהער, אַז וועלכער עס איז כוח זאָל אונדז רירן פון דאַנען. מיר וועלן בלויז גיין...

— אוי, וועלן מיר גיין... — זאָגט דער צווייטער עולה אויך אַזוי רואיק ווי דער ערשטער.

די פרוי נעבן מיר האָט זיך געדרייט אויפן געזעס. די נישט-דערזאָגטע ווערטער פון די נייע עולים האָבן איר שטאַרק פּאַראינטריגירט. עפּעס אין די ווערטער, אַז זיי „וועלן גיין" האָט זי געפילט פאַר זיך אַ גרויס געפאַר. זי איז געוואָרן אומרואיק. זי האָט שוין דעם עקספּאָרט-שאָקאָלאַד נישט געזויגן נאָר געביסן מיט כעס ווי מען בייסט אַ האָרטן ביין. פּלוצעם דרייט זי זיך אויס צו מיר און נעמט מיך אַריין אין שותפות.

— איך בעט אייך — ווענדט זי זיך צו מיר — וווּ וועלן זיי גיין?

זאָג איך: מסתמא אין דער סוכנות נאָך אַ שיכון.

— ניין — רופט זיך אָפּ איין עולה — אין דער סוכנות גייט מען נישט. דאָרט קריכן מיר שוין.

הייב איך אָן טרעפן וווּ זיי וועלן גיין און איך רעכן אויס וווּ נאָר אַ נייער עולה קען גיין — אין דער לשכת העבודה, אין רעגירונגס-אַמטן, אין קופּת-חולים, אפּוטרופּוס, פּאַרטייען, ווייס איך וווּ נייע עולים קענען אַלץ גיין. און די

יידן ענטפערן, אַז דאָ ליגט מען, דאָ שטייט מען, דאָ דרייט מען זיך, דאַרט פאַלט מען...

איך האָב שוין באַדויערט וואָס איך האָב זיך אַריינגעמישט אין דעם גאַנצן עסק, וואָרום די יידענע האָט אַנגעהויבן קוקן אויף מיר מיט פאַרדאַכט, אַז דאָס האָב איך זיך אָפּגעשמועסט מיט די נייע עולים איר צו דערגיין די יאָרן און דערפירן ביז היסטעריע צוליב נייגעריקייט.

רופט זיך פּלוצעם אָפּ די יידענע: ס׳איז נישט אויסצוהאַלטן פון די נייע עולים. זיי זענען פול מיט געהיימנישן. קיין פּיצל געזעלשאַפטלעכע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט האָבן זיי נישט. מען קען דאַך חלשן.

— מומעשי, איר ווילט חלשן? ווען מיר אייך זאָגן ווהין מיר וועלן גייען, כדי נישט בלויז איר, נאָר אויך מיר זאָלן זיין ביי דער מאַכט — וועלן מיר גייען אין דער כנסת.

— אוי ווי איז מיר! — האָט די וותיקיכע אויסגעשריגן און אויף אַן אמת געפאַלן אין חלשות.

22טער יוני 1951

## דער חשבון פון אַ ישובניק

הכלל ס׳איז שוין נאָך אַלעמען. מען האָט שוין איינגעפּאַקט די הילכערס ביז די קומענדיקע וואַלן. די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן געפּטרט מיליאָנען אַרבעט־שעהן, זענען צוריקגעגאַנגען צו זייער נאָרמאַלער אַרבעט. מען האָט צו קבורה־געבראַכט אין די מיסטקאַסטנס אַ פּאָר הונדערט טאָן פּאַפּיר און מען האָט שוין אויסגעגעבן פינף מיליאָן פונט.

געזאָגט האָט מען אפילו, אַז די וואַלן דאַרפן ברענגען משיחן. ס׳הייסט לויט דעם ווי טייל האָבן געהאַלטן איז משיח שוין דאָ, נאָר מען האָט אים געדאַרפט קרוינען און אַוועקזעצן אויפן טראָן פון מלכות־ישראל. און דאָן זיך נעמען צום שור־הבר און דעם לויתן: שניידן שטיקער און פונאַנדערטיילן צווישן די גליקלעכע, וואָס האָבן דערלעבט משיחס צייטן. מען שמועסט אפילו, אַז דאָס וואָס „סולל־בונה" האָט אַ וואָך פאַר די וואַלן אַרויסגעגעבן בלעך צו מאַכן פאַרמעס צו אייז; און דאָס וואָס „המשביר" האָט אַרויסגעגעבן פון די סקלאַדעס אַמאָניאַק, איז געווען כדי עס זאָלן נישט אויספעלן קיין אייז אויף צו מאַרגנס אין דער ריכטיקער שעה, ווארום אפילו דער שור־הבר און דער לויתן האָבן אויך ליב, אַז ווען מען צעשניידט זיי און צעטיילט זיי זאָל מען זיי אַרויפלייגן אויף אייז, ווי אין פּסוק שטייט.

נישט מער, איצט ווייסן מיר שוין, אַז דער גאַנצער טומל מיט משיחן איז געווען אַ פאַלשער אַלאַרעם און במילא איז אויך דער שור־הבר און דער לויתן אויפן הימל אַ ירידה. מען האָט די יידן אין די מעברות און אין די לאַגערן גענומען, הייסט עס, אין „חדר אַריין" און געפּרעגט ווי דער שטייגער: וואָס ווילט איר — משיחן אָדער פליישן? האָבן יידן געזאָגט, אַז בעסער זאָל קומען משיח, ווארום עס איז זיכער ווי אין קעשענע, אַז מיט משיחן קומט־מיט פיש און פלייש; און אָן משיחן איז אפילו אַ פראַגע צי עס וועט זיין פישפּילע.

אָבער די יידן, וואָס וווינען אין די לייוונטענע געצעלטן און אין די בלעכענע פושקעס האָבן פאַרגעסן צו פרעגן די דריטע פראַגע: אפשר זענען זיי מוותר אויף משיחן מיט אַלע זיבן זאַכן און די רייזע־הוצאות פאַר משיחן זאָל מען אויסגעבן אויף בויען שיכונים?

זינט יידן רעדן וועגן משיחן האָבן זיי נישט געהערט, אַז אויף רייזע־הוצאות זאָל ער דאַרפן האָבן אַזוי פיל מיליאָנען; און מען זאָל אַזש דאַרפן גאַנץ ארץ־ישראל אויסטאַפּעטירן מיט אַפישן און פּאָרטרעטן, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט נישט וועגן משיחן נאָר וועגן אַ פּרימאַדאָנע פון האָליווד.

פאַרקערט, מיר האָבן געוווסט, אַז משיח אַליין איז אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס און ער וועט זיך קוים קענען פאַרגינען צו קומען אויף אַן אייזעלע... זעט אויס, אַז שוין דעמאָלט ווען יידן האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן משיחן און קיבוץ־גלויות אין משיחס צייטן, האָט מען אויסגעחשבונט, אַז אַלע וועלן דאַרפן לעבן אַ צנע־לעבן און דער מוסטער פון צנע־לעבן וועט זיין טאַקע משיח אַליין.

אויב אָבער מען האָט אָוועקגעפּטרט אַזויפל מיליאָנען אויפן משיח־פּאַראַד, איז דאָס טאַקע נישט מער ווי אַ פּאַראַד עס זאָל סתם זיין אַביסל פריילעך אין שטאָט און מען זאָל פאַרגעסן אין די צרות.

נאָר אַזוי ווי מיר האָלטן שוין נאָך די וואַלן און מיר ווייסן שוין, אַז עס בלייבט די זעלבע יענטע נאָר אַנדערש פאַרשלייערט, קען מען שוין מאַכן אַ קאַלטן חשבון: ווען אונדזערע פירער זאָלן זיין בעלי־בתים און נישט קיין היצ־קעפּ, וואָלטן זיי זיך פאַרטראַכט, אַז אַנשטאָט וואַלן און שפּילן זיך אין קאָץ־און מויז־דעמאָקראַטיע, וואָלט אפשר גלייכער געווען מען זאָל די טויזנטער אַרבעט־שעהן, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן אויף די וואַלן, בעסער די טויזנטער מענטשן מאָביליזירט פאַר פּראָדוקטיווער אַרבעט לאָמיר זאָגן, ביים אָפּראַטעווען פאַרנאַכלאַזיקטע פּרדסים. מען וואָלט, אַ שטייגער, געקענט פאַר די פינף מיליאָן פונט און פאַר די דערוויזן פון די פיר הונדערט טאָן פּאַפּיר, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן אין מיסט — אויסבויען שיכונים, אַז פינף טויזנט פאַמיליעס זאָלן גלייך באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אויפהערן זיין קרבנות פון קיבוץ־גלויות. פון פיר הונדערט טאָן פּאַפּיר האָט מען געקענט צוגרייטן העפטן און לערנביכער פאַר אונדזערע קינדער צום נייעם שול־יאָר, זיי זאָלן די לעקציעס נישט דאַרפן מאַכן אויף דער וואַנט. און מען האָט טאַקע געקענט בויען שול־בנינים, אַז אונדזערע קינדער זאָלן זיך נישט דאַרפן שטופּן אין די ענגע קלאַסן ווי די צעטומלטע שאָף.

מאַלע וואָס מען האָט אַלץ געקענט מאַכן פאַר די אַרויסגעוואָרפענע מיליאָנען. נאָר ס'איז די מעשה ווי מיט יענעם ישובניק: אַ ישובניק האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ „צאַצקע". נישט צו גאָט און נישט צו לייט. האָט ער געזוכט אַן עצה און געפונען אַן עצה — חתונה מאכן. וועט זי גיין פאַר־זיך, ווי ס'איז דער גאַנג פון דער וועלט. און אויב ס'האָט אים שוין אָנגעכאַפּט די אידייע פון חתונה מאַכן די טאָכטער, זיך באַפרייען פון איר, האָט ער אַרויס־געשיקט שדכנים, די שדכנים האָבן אים פאַרזאָרגט מיט אַ חתן און מען האָט געמאַכט אַ חתונה טאַקע ווי אונדזערע וואַלן: מיט קלעזמאָרים און מיט טומל. ווייך האָט זיך געגאָסן, ווי ביי אונדז האָט זיך געגאָסן פאַרב; און לעקאַך האָט מען געשניטן, ווי ביי אונדז האָט מען געשניטן פּאַפּיר.

איצט נאָך דער חתונה, ווען דער ישובניק האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט ער נאָך „קריאת־שמע"־לייענען אָנגעהויבן מאַכן אַ חשבון פון זיין גרויסן אויפטו: ער האָט געוואָלט איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרזאָרגן דאָס טעכטערל, כדי ער זאָל מער פון איר קיין צרות נישט האָבן, האָט ער זי חתונה געמאַכט

און זיך אויסגעבייטלט ביז צום דנאָ. גוט. האָט ער זי חתונה געמאַכט. אָבער אַזוי ווי די מחותנים זענען נישט איינגעגאַנגען אויפן שידוך סיידן ער וועט געבן קעסט, האָט ער מסכים געווען אויף קעסט. אויב מען וויל שטאַרק חתונה מאַכן אַ טאָכטער וועט מען זיך אָפּשטעלן אויף קעסט? אָבער די מחותנים האָבן געהאַלטן, אַז נאָך די קעסט וועט דאָך דער יונגער־מאַן זיך דאַרפן צו עפּעס נעמען און אַזוי ווי אַז דעם גראָבן פינגער קען מען קיין פייג נישט מאַכן — בכן, דאַרף ער סילוקן דעם נדן. אַזוי ווי די זאַך האָט אים אויסגעזען גלייך, האָט דער ישובניק געעפנט דעם טייסטער און געסילוקט נדן. ליגט דער ישובניק אויפן געלעגער און קען נישט אַרויסקריכן פון חשבון. ער האָט אַלץ געטון, כדי אַרויסצופּטרן די טאָכטער פון שטוב; און צום סוף איז לאַ־די וואָס די טאָכטער בלייבט ביי אים, האָט ער זיך נאָך אָנגעהאָנגען אויפן קאָפּ אַן איידעם אויף קעסט, געסילוקט אַ נדן, איינגעאָרדנט אַ חתונה מיט קלעזמאָרים, אַריינגעבראָקט דעם לעצטן גראָשן און וואָס ווייטער? וואָס איז געווען דער אויפטו?

וועקט ער אויף פון שלאָף זיין פּלוניתטע און פרעגט איר אַ קשיא:

— וואָס טוט זיך דאָ אויף דער וועלט? זאָג מיר, ווו איז דער טעות אין חשבון?

האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן חשבונען און אַלץ האָט געשטימט ביז אַ האָר, ביזן לעצטן גראָשן. נאָר די טאָכטער די צאַצקע מיטן איידעם אויף קעסט זענען געבליבן אין שטוב...

אַן ענלעכן חשבון האָט מיר נעכטן געמאַכט מיין בעל־מכולת, וואָס האָט דערקלערט אָפן און קלאָר, אַז ער האָט געשטימט פאַר מפא״י. פרעג איך אים: פעטער, איר האָט דאָך אַליין געחשבונט און געזען, אַז דער חשבון שטימט נישט. ענטפערט ער: אַ כפּרה דער חשבון אַנטקעגן דעם גרויסן חשבון, וואָס מפא״י איז די איינציקע פּאַרטיי, וואָס האַלט די עולים אין די מעברות און לאָזט זיי נישט אַריין אין שטאָט. וואָרום ווען נישט מפא״י וואָלט זיך דאָס ביסל עולם פון די מעברות און די לאַגערן אַ לאָז געטון אין שטאָט אַריין. און נישט בלויז איך וואָלט זיך נישט געקענט אויפבויען אַן אייגן הויז, נאָר איך וואָלט אפילו מיט מיין שטיקל דירה נישט זיכער געווען. פאַרשטייט איר שוין?

נו, האָב איך געטראַכט, יעדער האָט זיך זיין חשבון. נישט מער, מיט אונדזער אַלגעמיינעם חשבון שטימט עפּעס נישט. און ווער ווייסט, ווי לאַנג נאָך דער חשבון וועט נישט שטימען...

3טער אויגוסט 1951

# די ווענט נעבעך רעדן

אַן אַלט ווערטל זאָגט: „אין שטוב ווי די וועלף, אין גאַס — ווי די טויבן". מיט דעם מיינט מען מאַן־און־ווייב, וואָס אין שטוב קענען זיי זיך אויסקריגן פאַר אַלע צייטן, אָבער אין גאַס זאָלן זיי אויסזען ווי פאַרליבטע.

זעט אויס, אַז אונדזער אינערן־מיניסטער האָט געדענקט אין דעם שפּריכ־וואָרט, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָפּצוקראַצן און אָפּצורייניקן די ווענט פון די וואַל־פּלאַקאַטן, וואַל־פּאַמפלעטן, וואַל־זידלערייען און אַנדערע וואַל־סימנים. און געטאָן האָט ער עס נישט פאַר אונדזער אייגענעם עסטעטישן געפיל, נאָר ווייל צום ציוניסטישן קאָנגרעס פאָרן זיך צונויף יידן פון דער גאַנצער וועלט, דעלעגאַטן, געסט, נייגעריקע און סתם טוריסטן, וואָס ס'איז נישט געזונט, זיי זאָלן זען דעם „קאָרפּוס דעליקטי", אָדער ווי מען פאַראַפּראַזירט עס אויף יידיש — דעם „קאָרפּוס ווו ליגסטו". וועגן דעם, וואָס אַלע מיר, בירגער פון ישראל, האָבן געדאַרפט פאַרדייען במשך פון וואָכן.

מילא, מיר אין ישראל שפּילן נישט קיין ראָל. מיר קענען שטיין אין די רייען, שלאָגן זיך איבער אַן אָרט אין אויטאָבוס, אויסדראַפּען זיך די אויגן איבער אַ שטיקל אייז, ווערן אויסגעריסן איבער יעדער קליניקייט און פאַר־דייען די גרעסטע פּאַרציעס זידלערייען צווישן די פּאַרטייען. אָבער פאַר די יידן מיט די „ברוך הבא"־זשעטאָנען אין די קלאַפּעס דאַרף מען „קנייפּן די באַקן די פאַרב זאָל שטיין".

און טאַקע איצט, ווען עס פאָרן זיך צוזאַמען, קיין עין הרע, אַזוי פיל יידן פון אויסלאַנד און די יידן הייבן אַן שטעלן קלאָץ־קשיות — כאַפּט מען זיך, אַז מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו זאַכן, וואָס זענען אין פרעמדע אויגן ווילד ווי קראָפּיווע אין אַ בלומענגאָרטן. זעט אויס, אַ דער באַפעל אָפּצוואַשן פון די ווענט די כל־מיני וואַל־לאָזונגען און „מצע'ס" איז נישט אויסגעפירט געוואָרן ווי עס געהער צו זיין, וואָרום אַט כאַפּט מיך אָן אַ ייד פון דרום־אַפריקע, אַן אַלטער ציוניסט, אַ קאָנגרעס־פאָרער, און הייבט מיר אָן שטעלן קשיות:

— זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, איך האָב עפּעס צופעליק געלייענט אויף אַ פּלאַקאַט, וווּ מען רעקלאַמירט משיחן. וואָס איז דאָס עפּעס אַ פאַרשטעלונג אין אַ טעאַטער, אָדער עפּעס אַ רעקלאַמע אויף אַ נייער דערפינדונג?

קוק איך אָן דעם ייד און ווייס נישט צי ער גייט מאַכן ליצנות אָדער ער איז סתם אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה.

— איר ווייסט נישט — ענטפער איך אים — אַז משיח איז שוין געקומען?

ווי פאַלט איר אויס נישט צו וויסן אַזאַ זאַך? וואָס פאַר אַ ציוניסט זענט איר

און בכלל וואָס פאַר אַ ייד זענט איר, וואָס איר ווייסט נישט, אַז משיח איז שוין געקומען...

פאַרזשמורעט דער ייד די אויגן און קוקט אויף מיר פאַרדעכטיק, ווי די תמוז־זון וואָלט זיך מיר אַביסעלע געוואָרפן אין מוח.

— הע — זאָגט ער — משיח איז שוין טאַקע געקומען? פאַרוואָס זשע האָבן מיר וועגן דעם נישט געהערט אין אַפריקע?

ענטפער איך, אַז ערשטנס, איז משיח נישט געקומען פאַר די בושמענער, האָטענטאָטן, באַנטו אָדער פאַר די אַפריקאַנער נעגער, צי גאָר פאַר די בורן, אָדער אַנדערע פעלקער פון אַפריקע, נאָר משיחן האָט מען פאַרשפּראָכן בלויז פאַר אונדז. און צווייטנס, איז ער אויך נישט געקומען פאַר די יידן אין גלות. אויב איר ווילט פילן דעם טעם פון משיחן דאַרפט איר נישט בלויז קומען ווי אַ דעלעגאַט אויף אַ ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים, נאָר פּאַקט איין אייערע פּעקלעך און קומט קיין ישראל וווינען צווישן אונדז און לעבן, ווי מיר לעבן, וועט איר דעמאָלט וויסן, אַז משיח איז געקומען.

זעט שוין דער ייד, אַז איך בין נישט מיט אַלעמען און אַז ער האָט גראָד אָנגעטראָפן אויף דעם, וואָס איז נעבעך באַפאַלן געוואָרן פון אַ משיח־שגעון, און ער טוט מיך אַ פרעג ווי אַן אויספאָרשונג־ריכטער:

— דאָס האָט איר אויפגעקלעפּט די פּלאַקאַטן מיט משיחן?

האָב איך דעם ייד איבערגעלאָזט און אַוועק, ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז אָדער איך וועל דעם ייד דערקלערן פאַר משוגע, אָדער ער וועט מיך משוגע מאַכן.

איך באַוויז נישט אָפּצוגיין קיין פינף טריט ווי איך באַגעגן אַ באַקאַנטן אַמעריקאַנער דעלעגאַט צום קאָנגרעס, דווקא אַ מיושבדיקן ייד און אויך ער הייבט מיר אָן צו שטעלן פראַגן:

— איך בעט אייך — פרעגט ער — צי האָט מען געכאַפּט די באַנדע?

— וועלכע באַנדע? — פרעג איך אים — וואָס פאַר אַ באַנדע? עפּעס מיינט איר, אַז מיר זענען אַמעריקע מיט באַנדעס, גענגסטערס, רעקעטירערס און אַנדערע אויסוווּרפן? מיר זענען — זאָג איך אים — אנשי־חזון. מיר פירן דורך די אידייע פון קיבוץ־גליות; זעקס הונדערט טויזנט אָרעמע יידן האָבן מיר אַריינגעבראַכט און איינגעאָרדנט; מיר האָבן גלותן ליקווידירט; מיר האָבן געלייגט רערן, ווען איר האָט געלייגט דאָלאַרן אין באַנק. נישטאָ קיין באַנדעס ביי אונדז!

זעט דער ייד אַז ער האָט באַליידיקט מיינע פּאַטריאָטישע געפילן און ער הייבט אָן צו שטאַמלען:

— איך... איך האָב חלילה נישט געמיינט קיין שום שלעכטס, נאָר צופעליק האָב איך אויף אַ וואַנט איבערגעלייענט אַ פּלאַקאַט, וווּ עס ווערט אויסגערעכנט עפּעס אַ גאַנצער צעטל באַשולדיקונגען, ווי בוגדים, שפּעקולאַנטן, סאַבאָטאַזשניקעס, אויסנוצערס. האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטעקבריוו פון דער פּאָליציי וואָס זוכט אַ באַנדע פאַרברעכער. אָבער אויב איר זאָגט, אַז נישט, גלייב איך

איך, ווארום איר ווייסט דאָך, אַז איך בין אַביסל שטומפּיק אויף דער עברי, קוים איך קען צעקייען אַ העברעאיש וואָרט און ס'איז מעגלעך, אַז עפּעס אַנדערש איז געווען געשריבן און איך האָב עס שלעכט פאַרטייטשט.

— יאָ — זאָג איך אים — איצט האָט איר דאָס ריכטיק פאַרשטאַנען. עס וואָלט נישט אויסגעמאַכט, אַז אַ דעלעגאַט צום קאָנגרעס זאָל זיך אויסלערנען אַ שייטל עברי און וויסן וואָס עס שרייבט זיך אויף אַ פּלאַקאַט אין ישראל.

דעם זעלבן אָוונט בין איך געווען פאַרבעטן אין אַ געזעלשאַפט, ווו עס האָבן זיך געפונען אייניקע אַמעריקאַנער געסט. ווי דער שטייגער, האָט מען געמאַכט פאַרגלייכן צווישן אַמעריקע און ישראל. איינער האָט באַמערקט, אַז אין תל־אביב זעט מען מער נייע אַמעריקאַנער אויטאָס ווי אין אַמעריקע. דער צווייטער האָט געוואָלט וויסן, פאַרוואָס מען בויט נישט ביי אונדז קיין וואָלקנ־קראַצערס, ווארום, זאָגט ער, ווערדליג דעם ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל, האָט ער שוין באַמערקט, אַז די צוויי עלעמענטן — וואָלקנס און קראצערס — פעלן אונדז נישט... דערנאָך איז פּלוצעם איינער אַרויס מיט אַ קלאָץ־קשיא: פאַרוואָס פאַר איין שלאָגן זיך מיט די אַראַבער, האָבן מיר נישט פאַרנומען מצרים, עבר־הירדן, לבנון און סיריע און נישט אַ סוף געמאַכט צו דער פעאָדאַלער סיסטעם אין מיטעלן מזרח...

זאָג איך דעם ייד: פעטערל, מיט עצות זענען מיר באַזאָרגט. אויב איר האַלט, אַז מיר האָבן „פאַר איין וועגס" געדאַרפט דאָס אַלץ איינגענעמען און ליקווידירן די פעאָדאַלע סיסטעם אין מיטעלן מזרח, האָט איר מיט די גאַנצע 5 מיליאָן יידן און זייערע קאַפּיטאַלן געדאַרפט קומען קיין ארץ־ישראל מיט אַ צען יאָר צוריק און נישט זיצן ביי טרומאַנס פּליישטאָפּ.

— אַי עס סאָרי — אַנטשולדיקט זיך דער ייד — איך מיין נישט צו געבן אייך עצות. אָל־רייט. איר קענט זיך פיקסן ווי איר טרייט. דאָס זענען אייערע ביזנעס. אָבער איך האָב צופעליק געסטאָפּט אין דער סטריט אין תל־אביב און איבערגעלייענט אַ פּלאַקאַט. איז אויף ווי ווייט מיין אַנדערסטענדינג אין עברית גייט אָן, האָב איך געלייענט, אַז מען האָט געקענט פאַרנעמען אידזשיפּט, טראַנס־דזשאָרדן, לבנון און סיריע און סטאָפּן דעם פעאָדאַליזם, נאָר בן־גוריון האָט נישט געלאָזט.

זע איך דאָך, אַז אויך ער האָט זיך שוין אָנגעלייענט מיט אַן אַלטן וואָל־פּלאַקאַט און איך קען אים נישט גיין איינרעדן, אַז ער איז משוגע און ווייסט נישט וואָס ער האָט געלייענט, ענטפער איך אים בזה הלשון:

— יו אַר רייט, מען האָט געקענט „פאַר איין וועגס" פאַרנעמען אויך פּאַקיסטאַן, פּערסיע, אינדיע און טיבעט. נאָר אונדזערע פּאָליטיקער האָבן פאַר־אויסגעזען, אַז אין פּערסיע וועט פאַרקומען אַ נאַפט־קריזיס און אַז טיבעט וועט באַזעצט ווערן דורך כינע. קענען מיר נישט פירן קיין מלחמה אויף צוויי פראָנטן און האָבן דערוויל זיך געמוזט באַגנוגענען מיט דעם וואָס מיר האָבן פאַר־נומען. נאָר, אם ירצה השם, צום קומענדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ירושלים,

ווען איר וועט ווידער קומען צו גאַסט צו אונדז וועלן מיר שוין די אַלע „זאַכן" האָבן געפּיקסט און דער פּעאָדאַליזם וועט שוין זיין געסטאָפּט.

ווענד איך זיך מיט אַ הייסער בקשה צום אינערן־מיניסטער:

זעט מען זאָל וואָס שנעלער אַפּוואַשן די וואַל־פּלאַקאַטן פון די ווענט. וואָרום עס דאַרפן נאָך קומען אַ סך געסט צום קאָנגרעס. און אויב אַלע וועלן לייענען די וואַל־פּלאַקאַטן, וואָס זענען געבליבן אויף די ווענט, איז אָדער זיי וועלן אונדז באַטראַכטן פאַר חסר־דעה, אָדער מיר וועלן זיי דאַרפן בינדן און אַפּשיקן אַהיים.

מילא מיר מוזן פאַרדייען אַלץ, אָבער וואָס זענען נעבעך שולדיק די געסט און די דעלעגאַטן?

10טער אויגוסט 1951

# אַ ן ס ט י ל

אַ קלוגער ייד, און דווקא נישט קיין חבר אין דער כנסת, און נישט קיין דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, זאָגט מיר היינטיקע וואָך, אַז דאָס איינציקע, וואָס איז ביי אונדז געלונגען אויף פולע הונדערט פּראָצענט איז — סטיללאָזיקייט.

יעדעס לאַנד צייכנט זיך אויס מיט שאַפן אַן אייגנהייטלעכן סטיל. עס זענען פאַראַן לענדער, וואָס האָבן אפילו אַ סטיל פאַר הונגער. עס זענען פאַראַן לענדער, וואָס צייכענען זיך אויס מיט אַ דעמאָקראַטישן סטיל; און אַזעלכע לענדער, וואָס האָבן אַ סטיל פאַר אונטערדריקונג.

ביי אונדז אָבער דערגייט די סטיללאָזיקייט אַזוי ווייט, אַז אויב מיר וואָלטן היינט־צו־טאָג שוין געקענט האָבן אַ סטיל פון שטיין אין די רייען — זענען אפילו די רייען געוואָרן סטיללאָז.

אדרבה, קוקט זיך צו ווי אנדערש עס זעט אויס די ריי נאָך ירקות און ווי אנדערש — די ריי נאָך אַ פערטעלע אייז; ווי אַנדערש מען שטייט צום אויטאָ־בוס און ווי אַנדערש צום קצב; ווי אַנדערש אין אַן אַמט און ווי אַנדערש ביי אַ קינאָ.

אין לענדער מיט סטיל צו שטיין אין די רייען ווייסט מען, אַז אויב מען גייט פאַרביי דריי בייטאָג, אָדער דריי ביינאַכט און מען זעט עס שטייען עטלעכע מענטשן אין אַ ריי, פרעגט מען ווער עס איז דער לעצטער און מען שטעלט זיך אויך אַוועק. מעג מען אפילו נישט וויסן, וואָס מען וועט פאַרקויפן — שטייט מען, ווייל דאָס איז סטיל, אַן איינגעשטעלטער נוסח פון שטיין אין די רייען...

גאָר אַנדערש איז ביי אונדז.

טאָמער זעט איר פאַרטאָג ווי עס לויפן האַלב־נאַקעטע מענטשן, אין שטעק־שיך, מיט צעשויבערטע האָר און מיט צעהעצטע אויגן, זאָלט איר נישט מיינען, אַז דאָס יאָגט מען אַ גנב, וואָס האָט זיך אין פרישן באַגינען, ווען מען שלאָפט צום געשמאַקסטן, אַריינגעכאַפּט אין עמעצנס וווינונג גאָר פאַרטאָג „פּאַרטיק צו מאַכן". ניין, דאָס יאָגט מען נישט קיין גנב. און די אייזנדלעך וואָס די מענטשן האַלטן אין די הענט, זענען נישט קיין אייזנס „מקיים פּסק צו זיין" דעם גנב פאַר שטערן מענטשן אין שלאָף.

דאָס לויפן יידן און פרויען אַ פּאַנישן געלויף, ווייל ערגעץ אויף דער עק גאַס האָבן זיי דערזען אַן עק פון אַ וועגעלע פון אייז און זיי לויפן פייל־אויסן־בויגן כדי צו פאַרכאַפּן אַ ריי נאָך אַ פערטעלע אייז.

זייערע נישט אויסגעשלאָפענע פּנימער זענען געלבלעך־בלאַס און די אויגן אַזעלכע צעדבקותטע, ווי מען וואָלט זיי אַרויסגעריסן פון די זיסע חלומות. אָבער באַלד הייבט מען זיך אַן קריגן, זידלען, מען הייבט אויף די אייזנדלעך

אין דער הייך און מ׳זעט באַשיימפּערלעך, אַז ווען נישט דאָס פּערטעלע איז — וואָלטן די מענטשן געשלאָפן און געחלומט חלומות און צעקאָפּעט די ליילעכער...

נו, וועט איר מיר זאָגן, אַז דאָס איז סטיל; אַז מיט אַזאַ ווילדן לויפן פאַרכאַפּן אַ ריי וועלן מיר ווערן אַן איינהייטלעך פאָלק? אַ פאָלק פון איין קולטור און פון איין שפּראַך און פון איין גאָט אין הימל?

איז אפשר וועט איר מיר זאָגן, אַז אין קאָדעקס פון שטיין אין די רייען איז נישט פאַראַן קיין פּונקט, וואָס פאַרבאָט צו לויפן שטיין אין די רייען? אדרבה, וועט איר מיר זאָגן, ווייזט מיר וווּ שטייט געשריבן, אַז מען טאָר נישט לויפן שטיין אין דער ריי.

בין איך מסכים מיט אייך. אפשר דאַרפן מיר, ווי אַן אויסדערוויילט פאָלק, אויך אויסוויילן אַן אייגענעם סטיל פון פאַרנעמען רייען דורכן סטיל פון לויפן. דאָס וואָלט דווקא געווען אָריגינעל און זעלטן ווי, לאָמיר זאָגן, די פאָלקסטענץ אין דליה. און מיר וואָלטן געקענט ווייזן די אָריגינאַליטעט אפילו אין די „יומנים" אין די קינאָס.

אָט אַ שטייגער וואָלט מען געלאָפן פאַרנעמען אַ ריי צו אַן אויטאָבוס. דער אויטאָבוס פון „דן" וואָלט געלאָפן פאָרויס, אָנהייבנדיק פון דער תחנה המרכזית; און יידן וואָלטן אים נאָכגעלאָפן שטעלן זיך אין דער ריי נעבן מוגרבי...

אָדער דער קצב וואָלט געלאָפן מיט אַ געפרוירענער ריפּ פון אַן אויסטראַ־לישער בהמה און די ווייבער וואָלטן אים נאָכגעלאָפן זיך שטעלן אין דער ריי, לאָמיר זאָגן, ביים ככר־דיזענגאָף...

אָדער דער ירקות־הענדלער וואָלט געלאָפן מיט אַ קעסטל פּאַרפּוילטע עקסטראַ־קליינע עפּעלעך; און די ווייבער וואָלטן לויפנדיק שטעלן זיך אין דער ריי, אויפן וועג אַרויסגעשניטן די נקודות...

אָדער דער קצב וואָלט געלאָפן מיט אַ געפרוירענער ריפּ פון אַן אויסטראַ־וואָלטן אים נאָכגעלאָפן מיט נאַסע הענט כאַטש אַ רייב צו טון די הענט אין אַ שטיקל זייף...

דאָס וואָלט שוין געווען אָריגינעל און מען וואָלט דעם סטיל געקענט אַריינגעמען אין דעם בוקעט פון די גרויסע דערגרייכונגען.

דערווייל אָבער זענען מיר סטיללאָז. וואָרום די ריי צו דער קראָם פון ירקות איז גאָר אַנדערש פון דער ריי צום אייז. אויב די ריי צום אייז הייבט זיך אָן לויפנדיק און אין לויפן באַטייליקן זיך ס׳רוב מענער, איז די ריי צו דער ירקות־קראָם אַ ווייבערישע ריי. און די ווייבער, נאָך מיד פון די רייען פון נעכטיקן טאָג, פאַלן פון די פיס און שיקן שמייכלען צום ירקותניק, זוכן זיינע בליקן און זענען גרייט אים צו מאַכן די גרעסטע קאָמפּלימענטן. זעט אויס די ריי ווי אַ מין פּאָלאָנעז־טאַנץ אין אַן אַריסטאָקראַטישן סאַלאָן אין נײַנצנטן יאָר־הונדערט. יעדע מינוט שפּרינגט אַרויס אַ פרוי פון דער ריי און דערנענטערט זיך מיט אַ שמייכל צום ירקותניק צו זען, צי עס וועט נאָך פאַר איר סטייען אַ פּאָר עפּעלעך, אַ פּאָר רויטע פּעפּערלעך און דערווייל פאַלט איר באַגייסטערטער בליק אויפן קעסטל ציבעלעס...

און אַז גאָט העלפט, די פרוי דערגייט שוין אין דער ריי צום ירקותניק, און ער זאָגט איר, אַז זי וועט באַקומען אַ האַלבן קילאָ פּעפּלעך, נאָר זי מוז קויפן אַ קילאָ באַקסער, שמייכלט די פרוי צום ירקותניק מיט אַזאַ זיסן שמייכל, ווי זי וואָלט אַ גאַנץ לעבן געחלומט נאָך באַקסער.

— און איר וועט נעמען צוויי קילאָ בוראַקלעך, — זאָגט דער ירקותניק.

— אַך, בוראַקלעך! זיפצט ראָמאַנטיש די פרוי — כ'האָב שוין אפילו בוראַקלעך. איך האָב אייערנעכטן באַקומען מיין האַלבן קילאָ ציבעלעס — האָב איך גענומען צוויי קילאָ בוראַקלעך. און נעכטן, אַז כ'האָב גענומען מיין האַלבן קילאָ באַנאַנעס, וואָס ווילן אפילו נישט געל ווערן, האָב איך אויך גענומען צוויי קילאָ בוראַקלעך. היינט, זאָגט איר, דאַרף איך נעמען חוץ באַקסער אויך בוראַקלעך, ביטע זייער, אדון לבניה, גיט מיר צוויי בוראַקלעך. זאָלן זיך אַרומדרייען אין שטוב אַ פּאָר בוראַקלעך...

אָט, ווי איר זעט, אַזוי אַנדערש זעט אויס די ריי צום ירקותניק ווי די ריי צום אייז!

אויך אַזאַ סטיל וואָלט געקענט אַנגענומען ווערן. פאַרקערט, אַ סטיל פון שמייכלען מיט חניפה, מיט פאַלשע קאָמפּלימענטן אויפן אַדרעס פונעם ירקותניקס ווייב, וואָלט געהאַט די מעלה, וואָס מענטשן וואָלטן כאָטש געשמייכלט. אין אַזאַ סטיל וואָלט מען געשמייכלט צום שאָפער אין אויטאָבוס: מען וואָלט אים אויסגעפרעגט, וואָס זיין ווייב און זיינע קינדער מאַכן און בכלל ווי ער פילט זיך אין געזונט.

אָבער די ריי צום אויטאָבוס איז גאָר אַנדערש און שרעקלעך סטיללאָז: ערשטנס, באַקט מען זיך אויף דער זון פון אַלע זייטן. און אַז מען איז שוין גענוג ברוין, און דאָס העמד איז שוין פּיטש־נאַס, און די אויגן זענען שוין אַרויסגעקראָכן פון צוזען ווי פינף אויטאָבוסן זענען פאַרבייגעלאָפן אָנגעפּילטע ווי אַ שבתדיק מעגעלע אין די אַלטע גוטע צייטן, און אַז איר האָט זיך אַריינבאַקומען אין זעקסטן אויטאָבוס — קלעמט מען אייך איין אין דער טיר און דער שאָפער שרייט: „לרדת". איצט, אין קלעם פון דער טיר, קענט איר נישט אַרויף און נישט אַראָפּ, איר רייסט זיך ווי אַ הון אין די הענט פון אַ שוחט, צווישן דער־וועלט און יענער־וועלט און איר שוויצט ווי אַ ביבער.

איידער איר וועט דערגרייכן „די־וועלט" אָדער „יענע־וועלט" וועט איר נאָך אויסהערן אַ פּאָר זאַפטיקע קאָמפּלימענטן און איר וועט זיך דערוויסן, אַז סך־הכל זענט איר אַ חמור.

איך וואָלט אייך געקענט אַנצייכענען נאָך אַ פּאָר רייען, וואָס איינע איז פאַרשידן פון דער צווייטער, ווי אַן אַנגעשטעלטער פון „תנובה" ביז אַ פּשוטן בירגער. אָבער איר לעבט דאָך אַליין אין ארץ־ישראל און איר אַליין זענט דאָך דער פּאַציענט אין די רייען, ווייל איך אייך נישט שיטן קיין זאַלץ אויף די ווונדן.

איך האָב בלויז געוואָלט אָנווייזן, אַז מיר ליידן אויף סטיללאָזיקייט אפילו אין פּרט פון שטיין אין די רייען...

24טער אויגוסט 1951

## מען שפּילט „טריאַטער"

מיט פיל, פיל יאָרן צוריק איז אין מיין שטעטל אַראָפּגעקומען אַ יידישע וואַנדערטרופּע, וואָס האָט אויסגעפירט אַ האַרצרייסנדיקע פּיעסע מיט אַ מאָראַלישן עפּילאָג. לויט דעם אופן ווי אַזוי די טרופּע איז אָנגעקומען אין שטעטל אַריין האָט דער בעל־אכסניה נישט געהאַט קיין גרויס חשק די אַקטיאָרן אַריינצולאָזן איבערנעכטיקן. וואָרום זייערע צעריסענע שיך, די פאַרשטויבטע און אָפּגעריבענע טשעמאָדאַנעס און זייערע בלייכע הונגעריקע פּנימער האָבן פאַרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן אים „אַנזעצן" דאָס נאַכטלעגער און אַנטלויפן פון שטעטל.

אָבער אַ ייד איז אַ ייד, און ער וועט דאָך נישט גיין לאָזן אויף דער גאַס נעכטיקן אַ גרופּע יידן, כאָטש „קאָמעדיאַנטשיקעס". האָט דער בעל־אכסניה אָפּגעמאַכט מיט די אַקטיאָרן, אַז זיי זאָלן אים באַצאָלן פאַרויס מיט בילעטן. ער וועט די בילעטן פאַרקויפן און זיין זיכער מיט זיין געלט. אַזוי ווי אָבער דער בעל־אכסניה האָט נישט געהאַט קיין סך בעלנים אויף צו גיין אין טעאַטער, האָט ער גענומען זיין אייגן ווייב מיט די קינדער און אַוועק זען דאָס „טריאַטער".

ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט איז דער בעל־אכסניה שיער נישט אַראָפּגעפאַלן פון שטול, וואָרום ער האָט די אַקטיאָרן נישט דערקענט. אַנשטאָט די אויסגעבלייכטע הונגעריקע פּנימער פון די קאָמעדיאַנטשיקעס, האָט ער געזען פאַר זיך אויסגעפּאַשעטע באַלעבאַטישע יידן מיט בערד, רייכע ווייבער מיט שנירן פערל אויף די העלדזער און עלעגאַנטע „דאַטשן". מיט איין וואָרט, ווען די אַקטיאָרן קומען צו אים אַזוי ווי זיי האָבן אויסגעזען אויף דער סצענע, וואָלט ער זיי אָפּגעטרעטן זיין אייגן בעט און זיי געטרויט אויפן וואָרט.

דערנאָך זענען אַוועק האַרצרייסנדיקע סצענעס פון אַ „הימליש־ריינער" ליבע, וואָס צוליב פאַנאַטישע עלטערן ווערן צעבראָכן צוויי יונגע הערצער. און אין צווייטן אַקט חלשט דאָס מיידל, וואָרום זי איז פאַרפירט געוואָרן דורך אַ צווייטן בחור; און דער אומגליקלעכער פאָטער פון דעם פאַרפירטן מיידל זינגט אַ טרויעריק ליד צום פאַרפירער:

„פּאָדליעץ, פאַרלאָז מיין הויז
דיך האָט זאָנסט אַ שטיין געבוירן.
צוליב זאָ אַ פאַרשייטן טיפ
האָט מיין טאָכטער די אומשולד פאַרלוירן".

נאָך דער דאָזיקער סצענע האָט דער בעל־אכסניה באַשלאָסן, אַז ער וועט דעם פּאָדליעץ נישט אַריבערלאָזן איבער זיין שוועל און זאָל ער שלאָפן אין גאַס.

דערפאַר וועט ער די בעסטע געלעגערס אַוועקגעבן פאַרן פאַרפירטן מיידל און איר אומגליקלעכן פאַטער.

איז אָבער געקומען אַ דריטער און פערטער אַקט, ווו עס האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז דער „פּאַדליעץ" איז קיין „פּאַדליעץ" נישט, נאָר ער האָט באמת ליב דאָס מיידל און ער האָט זי געוואָלט אַרויסראַטעווען פן די הענט פון אַ „באַטריגער", וואָס האָט דעם מיידל געשוואָרן אייביקע ליבע, כדי צו ירשענען דאָס פאַרמעגן פון איר רייכן פאַטער; און כדי דאָס צו באַווייזן, האָט ער חתונה מיטן מיידל אָן אַ גראָשן נדן, נאָר צוליב ריינער ליבע...

וויסט שוין נישט דער בעל־אכסניה וועמען ער זאָל יאָ און וועמען נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל; וועמען ער זאָל לאָזן שלאָפן אין גאָס און וועמען ער זאָל אָפּגעבן דאָס „בעסטע" בעט, — און אַרויסגייענדיק פון טעאַטער זאָגט ער צו זיין ווייב: ווייסט, מיר פאַלט איין, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן געזען אין נישט מער ווי קאָמעדיאַנטישע שטיק, כדי איך זאָל זיי אָפּגעבן די בעסטע בעטן און מיר זאָלן שלאָפן אויף דער ערד...

איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער געשיכטע אין שייכות מיט אונדזער נייער רעגירונג. איך מיין, אַז אפשר דערפאַר, וואָס דאָס אַלץ, וואָס איז פאַרגעקומען מיט אונדזער רעגירונג אין דעם לעצטן יאָר דערמאָנט מער אין אַ שונד־פּיעסע, ווי אין אַ רעגירונגס־קריזיס.

שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס די רעליגיעזע שותפים אין דער קאָאַליציע האָבן אויסגערעדט אויף דער מפא"י: פּיאות־שניידער, פאַרפירער, גויים־מאַכער, טרפות־לייט, מיסיאָנערן, וואָס שמדן אָפּ קינדער אין דער מעברות, צניעות־צעברעכער פון פרומע יידישע טעכטער. דער הערלעכער ייד הרב מימון האָט יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פאַרשטרייקט צוליב די מפא"ישע „שמד־שטיק" און דער חורבן איז געוועזן אַזוי גרויס, אַז די פרומע לייט האָבן מער נישט געקענט זיצן מיט מפא"ישע אפיקורסים און די רעגירונג האָט געפּלאַצט.

און אַז די רעגירונג האָט געפּלאַצט און דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געוואָרפן דעם רעליגיעזן בלאָק דעם גט פאַר די פיס, האָט ער פון דער כנסת־טריבונע אויסגערעדט אסור לדבר אויף די רעליגיעזע, וואָס ווען איר זאָלט היינט לייענען דעם טעקסט פון יענער רעדע, וואָלט איר רויט געוואָרן פאַר חרפה, וואָס מען קען נאָר זאָגן וועגן געוועזענע פּאָליטישע שותפים. נישט אַנדערש נאָר די רעליגיעזע זענען עפּעס אונטערוועלט־פּאָליטיקער, קאַריעריסטן, און נאָך אַזעלכע קאָמפּלימענטן, וואָס נאָך זיי טאָר מען זיי נישט אַריבערלאָזן איבער דער שוועל פון אַ פּאָליטישער אכסניה, נאָר מען דאַרף זיי לאָזן שלאָפן אין גאָס...

איז אָבער געקומען אַ דריטער און פערטער אַקט פון דער פּיעסע — און די רעליגיעזע האָבן פאַרגעסן אין אָפּשניידן די פּיאות פון די תימנער קינדער אין די מעברות, זיי האָבן פאַרגעסן אין דער צניעות פון פרומע יידישע טעכטער, פאַרגעסן אין די טריפהנע פּושקעס פלייש; און די מפא"י, פון איר זייט, האָט פאַרגעסן אין דער „פּאָליטישער אונטערוועלט" און אין די „מאַכט־יעגער" און

מען האָט זיך ווידער געזעצט צו איין טיש, ווי גלייכע מיט גלייכע, און מען האָט ווידער חתונה געהאַט „אויס ריינע ליבע", וואָרום דעם נדן, וואָס די רעליגיעזע האָבן באַקומען, איז נישט ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי.

מילא, פון ליבע איז שוין אָפּגערעדט. דער שידוך פון דער איצטיקער רעגירונגס־פּיעסע איז אַזוי שונדיש, אַז סיי אָרנטלעכע מפא"יניקעס און סיי אויפריכטיק רעליגיעזע יידן, קאָנען אייך גלייך נישט קוקן אין די אויגן אַריין; וואָרום זיי ווייסן, אַז נאָך איידער מען האָט געשטעלט די חופה, האָט שוין יעדער צד באַזונדער צוגעגרייט אַ גט.

דער חתן, מפא"י הייסט עס, האָט זיך פריער געלאָזט שדכנען צו דער מפ"מישער כלה און איז גרייט געווען איר צו שווערן אייביקע ליבע. און דער זעלבער חתן האָט געוואָלט „פּאַרפירן" די צנועה פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אַט־אַט איז מען גרייט געווען צו שטעלן אַ חופה און ברעכן טעלער, נאָר פּלוצעם האָט דער חתן אויסגעחשבונט, אַז פון ביידע שידוכים וועט ער טאָן אַ דריטן שידוך און דאָס דווקא מיט דער, וואָס ער האָט נעכטן אָפּגעגט און אויף איר אויסגערעדט וואָס אין דער זיבעטער קאָרט.

ווי אין יעדער האַרצרייסנדיקער פּיעסע, וועט נאָך מסתמא קומען אַ מאַראַלישער עפּילאָג. דערווייל וועט מען צו יעדער אָפּשטימונג אין דער כנסת פירן מיט אַמבולאַנסן דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געכאַפּט אַ צוגווינט, אַ העקסנשוס אָדער סתם געכאַפּט אַ פיבער. אַ דעפּוטאַט וועט זיך ביי אונדז פאַרוואַנדלען אין אַ טייערן אתרוג, וואָס מען וועט אים דאַרפן האַלטן אין וואַטע און אַוועקשטעלן שומרים איבער זיין פּיטום, וואָרום טאָמער עפּעס־וואָס מיט אַ דעפּוטאַט — איז אויס כלה און צוריק מויד; און ווידער וועט מען דאַרפן אָנהייבן רעדן אַ פרישן שידוך. און ווער האָט דאָס כוח צו אַזאַ שידוכים־וואַקכאַנאַליע?

ווען יענער בעל־אכסניה זאָל לעבן און זיך צוקוקן צו דעם וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין אונדזער האַרצרייסנדיקער רעגירונגס־פּיעסע, וואָלט ער אוודאי איבערגעחזרט זיינע אַמאָליקע ווערטער נאָכן אַרויסגיין פון טעאַטער: אַלץ וואָס מיר האָבן געזען, איז נישט מער ווי קאָמעדיאַנטישע שטיק, כדי איך זאָל זיי אָפּגעבן די בעסטע בעטן און מיר זאָלן שלאָפן אויף דער ערד...

12טער אָקטאָבער 1951

# דער פֿאַרשפּראָכענער גן־עדן

היינטיקן ראש־השנה בין איך געווען פֿאַרבעטן צו אַ באַקאַנטן. ס'האָט געהייסן, אַז ער האָט מיך פֿאַרבעטן אויף מיטאָג. דער טיש איז געווען באַשטעלט מיט שיינע טעלער, מיט גלאַנציק זילבער־באַשטעק, מיט איידעלע כוסות; און אין שטוב האָט געשמעקט מיט פֿריש געבעקס און מיט — בלומען.

פֿון דעם, ווי די שטוב איז פֿול געווען מיט בלומען, האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיין באַקאַנטער האָט פֿאַרבעטן צו מיטאָג אַ צוואַנציק־דרייסיק מענטשן; און גרייטנדיק זיך צום פֿיינעם ראש־השנה מיטאָג, האָט יעדער געשיקט בלומען, ווי עס איז דער שטייגער ביי גוט־דערצויגענע מענטשן.

אויפֿן קרעדענס זענען געשטאַנען צוויי טאַראַקאַטענע וואַזאַנעס מיט גלאַדיאָלוסן. אויפֿן טיש, צווישן די טעלער — אַ קרישטאָל־וואַזאָן מיט רויזן. אויפֿן ראַדיאָ — אַ זילבערנער בעכער מיט רויטע נעגעלעך. אויפֿן ביבליאָטעק־שענקל — צוויי קוישלעך מיט דאַליעס. אויף דער ערד נעבן פּאָטעל — אַ הויכער געשליפֿענער סלאָי מיט היאַצינטן. און חוץ דעם, האָבן זיך נאָך „אַרומגעדרייט" אין שטוב אַ פּאָר וואַזאַנעס מיט סתם בלעטער אָן בלומען.

אין אַן אַטמאָספֿער מיט אַזוי פֿיל בלומען און מיט אַזאַ פֿיין־באַקליידטן טיש, האָב איך זיך פֿייערלעך געזעצט צום מיטאָג. נאָר עפּעס האָב איך באַמערקט, אַז מיין גאַסטגעבער איז אין גרויס פֿאַרלעגנהייט און זיין ווייב ציט־אָפּ מיט דערלאַנגען צום טיש.

פּלוצעם פֿרעגט מיך מיין באַקאַנטער ווי איך האַלט פֿון אַ הערינג־סאַלאַט. ענטפֿער איך אים, אַז ס'איז גאָר נישטאָ עפּעס בעסער ווי אַ הערינג־סאַלאַט. גיסט אָן מיין גאַסטגעבער אַ גלעזעלע כרמל־האָק און רעדט אַריין אין קיך אַריין:

— לאָה, ווו איז עפּעס דער הערינג־סאַלאַט?

ברענגט אַריין די באַלעבאָסטע אַ פֿיינעם טשעכישן פּאָלומיסאַק מיט הערינג־סאַלאַט; און אַז מען עסט שוין דעם הערינג־סאַלאַט, צערעדט מען זיך וועגן סאַלאַטן; און מיין גאַסטגעבער פֿאַרקערעוועט אויף וויטאַמינען און פֿירט אויס, אַז אַ סאַלאַט פֿון גרינעם פֿעפֿער פֿאַרמאָגט מער וויטאַמינען ווי אַלע ירקות צוזאַמען.

פֿאַרשטיי איך, אַז מיין גאַסטגעבער האָט אַ סאַלאַט פֿון גרינעם פֿעפֿער; און איך הייב אָן מאַכן קאָמפּלימענטן דעם גרינעם פֿעפֿער, אַז עפּעס בעסערס און רייכערס איז גאָר נישטאָ אויף דער וועלט.

באַקומט די באַלעבאָסטע קוראַזש און דערלאַנגט צום טיש אַן איידעלן ענגלישן פּאָלומיסאָק מיט לאָקשן פון גרינעם פּעפּער.

— ס׳איז, זאָג איך, זייער מייסטערהאַפט געמאַכט. די לאָקשן פון גרינעם פעפער זעען אויס ווי קלוסקעלעך אָדער אפילו ווי געצופּטע פאַרפל.

— דאָס — זאָגט מיין גאַסטגעבער — איז די קונסט פון מיין פרוי. זי קאָן אַלץ. איך בין טשעקאַווע צי איר וועט טרעפן, וואָס פאַר אַ זופּ איר וועט באַלד עסן. אדרבה, לאה, גיב נאָר אַריין די זופּ.

ברענגט אַריין די פרוי אַ פיינע האַמבורגער וואַזע מיט זופּ, וואָס דער ריח צעגייט זיך איבער דער שטוב. „דאָס, זאָגט מיין גאַסטגעבער, איז דאָס אמתע ביסעלע זופּ״.

נעם איך אין מויל אַריין די זופּ און איך טראַכט ביי זיך, אַז אַזאַ שלעכטע זופּ האָב איך שוין לאַנג נישט געגעסן. ס׳איז נישט קיין זופּ, נאָר עפּעס אַ זיס־זויער־ביטערע רפואה אויף שוויצן. אָבער כדי נישט צו פאַרשעמען די באַלעבאָסטע, זאָג איך, אַז די זופּ דערמאָנט מיר די באַרימטע פראַנצויזישע זופּ „שאַמוּאַ פריקאַסיען״, וואָס אַן איר וואָלט נאַפּאָלעאָן נישט געקענט אַדורכפירן זיין באַרימטע שלאַכט הינטער וואַטערלאָ.

דערנאָך דערלאַנגט מען צום טיש געפּילטע פילע און אַ קאָמפּאָט פון גרינע מאַראַנצן — און ביידע, דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע, הייבן זיך אָן פאַרטיידיקן; זיי בעטן מיך איבער, זיי האָבן מיך פאַרבעטן מיט עטלעכע וואָכן צוריק, נאָך דעם ווי דער לאַנדווירטשאַפט־מיניסטער האָט צוגעזאָגט, אַז אויף יום־טוב וועט אַלץ זיין בשפע, נאָר אַזוי ווי דער מיניסטער האָט נישט געהאַלטן וואָרט און אַזוי ווי ראש־השנה געהערט צו די ימים־נוראים, איז טאַקע שרעקלעך.

זאָג איך, ס׳איז גאָרנישט שרעקלעך, הלוואי זאָל נישט זיין ערגער. פאַר־קערט, אַ ביסעלע הערינג־סאַלאַט איז ווי אַנגעמאָסטן; און וואָס שייך דעם גרינעם פעפער, איז ער וויטאַמינען־רייך און ער דערמאָנט אין קלוסקעלעך אָדער אפילו אין געצופּטע פאַרפל. דערפאַר זענט איר רייך אין בלומען, אַז ס׳איז אַ נחת צו זיצן ביי אייך אין שטוב. ממש אַ באָטאַנישער גאָרטן.

— אָט־אָט־אָט — שרייט אויס דער באַלעבאָס — טאַקע דער באָטאַנישער גאָרטן: גלאַדיאָלוסן און נעגעלעך און היאַצינטן און רויזן און ווייס־איך־וואָס פאַר מינים בלומען, וואָס אונדזער רעגירונג קען זיי מיט אַ לייכט האַרץ פאַרשרייבן צו די גרויסע אויפטוען פונעם פאַרגאַנגענעם יאָר.

וואָרום פאַרשטייט איר מיך — זאָגט ווייטער דער באַלעבאָס — ווען דער מיניסטער זאָל נישט צוזאָגן, אַז אויף יום־טוב וועט אַלץ זיין: סיי פלייש און סיי צוקער, סיי קאַרטאָפל און סיי מעל און ווייס־איך־וואָס, וואָלט איך אייך פאַרבעטן אויף אַ מיטאָג אויף אַ פּראָסטן דאָנערשטיק, ווען דער מיניסטער האָט גאָרנישט וואָס צו טיילן און איר וואָלט ביי מיר געגעסן אַ מיטאָג כיד המלך. ווייל אַ גאַנץ יאָר פאַרלאָז איך זיך נישט אויפן מיניסטער, נאָר אויפן

שוואַרצן מאַרק, וואָס אַרבעט פלאַנמעסיק און פּינקטלעך אַזוי פאַר די וואַלן ווי נאָך די וואַלן, אַז אַ קאָאַליציע אָדער מיט אַ קאָאַליציע.

נאָר אַזוי ווי ס'איז געווען ערב ראש־השנה, און איך דאַרף זיך שטעלן פאַרן משפּט פון רבונו־של־עולם פאַר אַלע מיינע זינד און אים דערציילן פון אַלע מיינע מעשים, האָב איך באַשלאָסן: אויף ראש־השנה קויף איך נישט אויפן שוואַרצן מאַרק. מסתמא וועט אונדזער רעגירונג זאָרגן דערפאַר, אַז יידן זאָלן אין די ימים־נוראים נישט דאַרפן באַגיין אַזאַ פאַרברעך. האָט מיין פרוי געזאָגט צו מיר: אויב אַזוי, טאָ גיי־צו אויפן מאַרק און ברענג דו אַריין דעם ראש־השנה אין שטוב אַריין. האָב איך גענומען דאָס קוישעלע און געגאַנגען איינקויפן אויפן ווייסן מאַרק. ערשט איך קום אויפן ווייסן מאַרק און עס ווערט מיר שוואַרץ אין די אויגן. צוקער זאָגט מען מיר, איז דאָ אין חיפהער פּאָרט; און דאָס שטיקל הון אויף יום־טוב האָט איר שוין באַקומען מיט צוויי וואָכן צוריק. קאַרטאָפל האָט מען נאָך נישט געשיקט פון אַמעריקע. דעם תלוש פון ציבעלעס האָט איר שוין לאַנג אויפגעגעסן. איז וואָס זשע ווילט איר?

דערזע איך אַז פאַרן קרעמל פאַרקויפט מען בלומען. גלאַדיאָלוסן, ווי די לולבן, וואָס ווען ביי אונדז זאָל וואַקסן אַזאַ פּעטרושקע, וואָלטן מיר אפילו פון וואַסער געקענט אָפּקאָכן די געשמאַקסטע זופּן. זאָגט מיר דער סוחר פון די גלאַדיאָלוסן, אַז פּעטרושקע לוינט נישט צו פאַרזעצן. אַז ס'איז נישטאָ קיין פליש דאַרף מען נישט קיין פּעטרושקע. דערפאַר אָבער איז אַ גלאַדיאָלע אַ צירונג אין שטוב און קאָסט סך־הכל דרייסיק פּיאַסטער אַ שטיק. טראַכט איך: ס'איז יום־טוב, קיין פליש איז נישטאָ, קיין מייערן־צימעס איז אַוודאי און אַוודאי נישטאָ, טאָ לאָמיר זשע קויפן אַ ביסל גלאַדיאָלעס און זאָל מען וויסן פון אַ יום־טוב.

עצהט מיך דער בלומען־סוחר, אַז אויב איך וויל האָבן אַ יום־טובדיקע שטוב זאָל איך קויפן אַ ביסל רויזן. סך־הכל קאָסט אַ שטיק צוואַנציק פּיאַסטער. ענטפער איך אים, אַז בעסער וואָלט געווען ער זאָל מיר פאַרקויפן ציבעלעס. זאָגט מיר דער סוחר, אַז ציבעלעס לוינט נישט צו פאַרזעצן. זאָלן בעסער פאַרזעצן ציבעלעס די פויערן פון ציפּערן אָדער איטאַליע. אַזאַ קולטור־פאָלק ווי דאָס יידישע פאָלק פּאַסט גאָר נישט עס זאָל זיך פאַרנעמען מיט פאַרזעצן ציבעלעס. עס איז איידעלער און שענער און קולטורעלער צו האָדעווען רויזן.

מילא — זאָג איך צום בלומען־סוחר — טאָ גיט מיר אַ טוץ רויזן און לאָמיך וויסן פון אַ קולטורעלן יום־טוב.

ביים באַצאָלן ווייזט מיר דער בלומען־סוחר, וואָס פאַר אַ שיינע נעגעלעך ער האָט, טאַקע איינס און איינס און פון אַזאַ טונקל־רויטער פאַרב, ווי פרישע רינדפלייש. איי — זאָג איך צום סוחר — וואָלט איר בעסער געהאָט צו פאַרקויפן רינדפלייש. קוקט ער מיך אָן ווי איך וואָלט געווען אַ ווילדער מענטש. מער, זאָגט ער, פעלט אייך נישט נאָר רינדפלייש! די ווילדע אַביסינער וועלן זיך פאַרנעמען מיט האָדעווען רינדער און אויך מיר מיט רינדער. און נעגעלעך פּאַסט אייך נישט? איר האָט נישט געהערט ווי אונדזער מיניסטער האָט געזאָגט:

ברענגען יידן, אָדער ברענגען פֿלייש. ס׳איז ריכטיק, זאָג איך, נאָר איידער ברענגען יידן און פֿאַרזעצן נעגעלעך, וואָלט אפשר גלייכער געווען ברענגען יידן און האָדעווען רינדער? יאָ, פֿאַרטיידיקט זיך דער בלומען סוחר, אויף רינדער וועט דער מיניסטער שטעלן אַ פּרייז, אָבער נעגעלעך זענען דאָך פֿריי.

— נו, אויב אַזוי, טאָ גיט זשע מיר אַ צען נעגעלעך! — און איך האָב פֿאַר די צען נעגעלעך באַצאָלט אַ פֿרישן פֿונט.

אַהיימגעקומען מיטן באָטאַנישן גאָרטן, זאָגט מיר מיין ווייב, אַז איר איז שוין נמאס צו גיין אין מכולת און איך זאָל גיין ברענגען ברויט. בין איך געגאַנגען — און אין מכולת, האָט מען מיר געהייסן קומען אין אַ שעה אַרום. בין איך דערווייל געגאַנגען זיך דורכשפּאַצירן און אויפֿן וועג האָב איך דערזען יידן כאַפּן. וואָס כאַפּן דאָס יידן ערב ראש־השנה? אפשר קאַרטאָפֿל, אַ הייפּטעלע כאַסע, אַ ביסל טאָמאַטן? הייבט זיך נישט אָן! ווייזט זיך אַרויס, אַז עטלעכע מאַראָקאַנער בחורים פֿאַרקויפֿן היאַצינטן, אַז זיי פֿאַרשמעקן די גאַס און טאָקע בחצי־חינם — צו פֿערציק פּיאַסטער אַ היאַצינט. טראַכט איך זיך, אַז דער יום־טוב קאָסט מיר סיי ווי נישט קיין געלט, די פּאָר פֿונט זענען מיר געבליבן אין טאַש און פֿון די פֿונטן וועל איך אפֿילו קיין קאָמפּאָט נישט קענען אָפּקאָכן, טאָ לאָמיר האָבן אַן עונג יום־טוב און קויפֿן אַ פּאָר היאַצינטן...

כ׳האָב אפֿילו געטראַכט נעמען דאָס ביסל בלומען און אָוועקשיקן אַ רייכן בוקעט צו אונדזער רעגירונג לכבוד יום־טוב פֿאַר אירע גרויסע דערגרייכונגען אינעם פֿאַרגאַנגענעם יאָר. אָבער איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב אייך פֿאַרבעטן צו מיטאָג אויף ראש־השנה; און אַזוי ווי איר וועט ביי מיר דאַרפֿן עסן אַ הערינג־סאַלאַט און גרינעם פּעפּער, טאָ לאָמיך אייך כאָטש מהנה זיין מיט אַ באָטאַנישן גאָרטן. עס זאָל זיך אייך דאַכטן, איר זענט אויף אַ פּיקניק...

דאָס איז געשען ראש־השנה תשי״ב, נאָך דריי יאָר פֿון גרויסע דערגרייכונגען פֿון אונדזער אומשטערבלעכער רעגירונג.

5טער אָקטאָבער 1951

## די קנײדלעך און די הגדה

ס׳האָט אַמאָל אַ ייד געהערט, אַז די קונסט פון דיפּלאָמאַטיע איז: נישט צו דעררעדן, אַ ביסל אונטערשטאַמלען, קיין מאָל נישט זאָגן אַ גאַנצן „נישט" און אנשטאָט צו זאָגן „יאָ" דאַרף מען אונטערהוסטן, גלאָצן מיט די אויגן און מעלה־גירהנען די צונג, אַז דער צוהערער זאָל נישט וויסן אויף וועלכער וועלט ער איז.

אַז דער ייד האָט דערהערט, אַז נישט דעררעדן, אַ ביסל אונטערשטאַמלען און מעלה־גירהנען די אייגענע צונג איז — דיפּלאָמאַטיע, האָט ער אַ פּאַטש געטון מיט די הענט פון פרייד און אויסגערופן: אויב אַזוי איז דאָך מיין רבי דער גרעסטער דיפּלאָמאַט! האָב איך דאָך אפילו נישט געוווּסט, וואָס פאַר אַ רבין איך פאַרמאָג!

איז דער ייד געפאָרן צום רבין נאָך מיט מער ברען, אויסגעהערט דעם רבינס תורה נאָך מיט מער התלהבות, געוווּן אויסער זיך פון זיין אונטערשטאַמלען, פון מעלה־גירהנען די אייגענע צונג; און וואָס ווייניקער ער האָט פאַרשטאַנען דעם רבינס תורה אַלץ גרעסערער חסיד איז ער געוואָרן.

מאַכט זיך אַ מעשה: דעם רבינס זון דאַרף שטיין צו מיליטער און ער, דער רבי, דאַרף אויסגעבן זיין בוגרת. צו אַזעלכע זאַכן דאַרף מען נישט האָבן קיין סתרי־תורה, נאָר ממש כסף. דער „גוי" אין דער „פּריסודסטווע" פאַרשטייט נישט קיין דיפּלאָמאַטיע, ער וויל אין דער „יד אַריין". און דער חתן, וואָס איז גרייט צו נעמען דעם רבינס בוגרת, וויל נדן און נישט קיין אויגנגלאָצעריי.

לאָזט דער רבי ארויסרופן צו זיך דעם ייד, זיין חסיד, און ער זאָגט אים קליפּ־און־קלאָר: אַזוי און אַזוי, מיין מענדעלע דאַרף שטיין צו מיליטער און דער ערל אין דער „פּריסודסטווע" וויל געלט, און פאַר מיין רבקהלען האָט זיך געמאַכט אַ גלייכער שידוך, טאַקע אַ בכבודיקער יונגער־מאַן, אָבער דו ווייסט דאָך היינטיקע יונגע־לייט — ער וויל געלט.

און היות ווי דער ייד האָט געוווּסט, אַז זיין רבי איז אַ גרויסער דיפּלאָמאַט, אַז אונטער יעדן וואָרט ליגט אַ באַהאַלטענער מיין, האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: טאַקע, טאַקע, אויב דער ערל אין דער „פּריסודסטווע" וויל געלט — דאַרף מען אים געבן וואָס מער, און אויב עס מאַכט זיך אַ גלייכער שידוך און דער חתן איז אַ בכבודיקער יונגער־מאַן, שפּילט נישט קיין ראָל דער נדן.

האָט זיך דער רבי דערפרייט, וואָס ער האָט אַזאַ איבערגעגעבענעם חסיד. האָט ער אים געלאָזט רופן צו זיך און ער וויל פון אים ער זאָל זיך מתחייב זיין צו דעקן סיי דעם נדן און סיי די „פּריסודסטווע". אַז דער ייד האָט געזען, אַז

דער רבי מיינט עס אויף אַן אמת, ווערט אים קאַלאַמוטנע אויפן האַרץ און ער שרייט אויס:

— רבי, דאָס איז דאָך נישט קיין דיפּלאָמאַטיע! און איך האָב געמיינט, אַז אַלץ וואָס איר זאָגט איז סתרי־תורה...

אַנטקעגן וואָס האָב איך דערציילט די מעשה מיטן חסיד־שוטה? אַנטקעגן דעם, וואָס אונדזערע פירער פון רעכטס און פון לינקס, און פון רעכטן צענטער, און פון לינקן צענטער, זענען היינטיקע וואָך שטאַרק מבולבל געוואָרן. דער רבי האָט זיי געלאָזט וויסן, אַז איצט איז געקומען די צייט צו סילוקן דעם פּדיון. אויס דיפּלאָמאַטיע, אויס נישט דעררעדן און מעלה־גירהן, נאָר מען דאַרף רעדן קלאָרע דיבורים און — סילוקן, וואָס דער רבי הייסט.

אונדזערע דיפּלאָמאַטן האָבן זיך דורך עטלעכע יאָר געשפּילט אין הויכדיפּלאָמאַטיע און געוויזן דער וועלט, אַז ווער ס'איז שיין, אָבער מיר זענען קלוג. קיין איין קליינע מדינה אויף דער וועלט קאָן נישט זיין נייטראַל. יעדעס מדינהלע ליגט אין בוזעם־קעשענע פון אַ גרויסן גביר. אויב פּוילן ליגט אין בוזעם־קעשענע פון רוסלאַנד — ליגט גריכנלאַנד אין בוזעם־קעשענע פון אַמעריקע; און ליגט איטאַליע אין וועסטל־קעשענע פון אַמעריקע — ליגט רומעניע אין וועסטל־קעשענע פון רוסלאַנד. און ווער ס'איז כיטרער, דער האָט מער מדינהלעך אין זיין האַנט און שפּילט מיט זיי, ווי מיט מאַריאָנעטן. אַז ער וויל — קוועטשט ער זיי צו, און אַז ער וויל — מעגן זיי כאַפּן דעם אָטעם. און האָט דער גרויסער גביר אַ גוטע מינוט — לאָזט ער זיינע צאַפּל־מענטשעלעך זיך שפּילן. און ווען ער דאַרף זיי האָבן אויף האַרמאַטן־פלייש — שיקט ער זיי אַרויס אויף די שלאַכטפעלדער און לאָזט זיי פאַלן מיט אַ העלדישן טויט...

דער גורל פון די צאַפּל־מדינהלעך איז אָפּהענגיק פון דעם, פון וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דער גביר איז. איז דער גביר אַן אכזר — איז אָך־און־ווי צו די צאַפּל־מדינהלעך; און אויב דער גביר איז נישט קיין אכזר — מוז מען אים פונדעסטוועגן דינען, טאַנצן לויט זיין מוזיק.

אָבער אונדזערע דיפּלאָמאַטן האָבן געהאַלטן, אַז זיי זענען קליגער פון דער גאַנצער וועלט. מיר וועלן ווייזן דער וועלט, אַז מיר זענען די איינציקע קליינע מדינה, וואָס איז נייטראַל: גייט נישט מיטן מערב און גייט נישט מיטן מזרח. מען שמייכלט אַהין און מען שמייכלט אַהער, דאָ מאַכט מען אַ קאָמפּלימענט און דאָ זאָגט מען אַ גוט וואָרט. און אַז גאָט וועט העלפן, וועט אונדז נאָך געלונגען צו זיין די פאַרמיטלער צווישן מזרח און מערב און ווייזן דער וועלט, וואָס אַלץ מיר קאָנען.

דערווייל אַז מען האָט געדאַרפט האָבן אַ הלוואה, כדי צו קאָנען זיין אומאָפּהענגיק און נייטראַל, האָט מען זיך געוואָגדן צוביידע גבירים — סיי צום מערב און סיי צום מזרח. אָבער דער מזרח, זעט אויס, איז אַביסל פויל אויף דער קעשענע און האָט אפילו נישט געענטפערט. דערפאַר אָבער האָט אַמעריקע, מעשה גרויסער גביר, געעפנט די קאַסע און געליפערט — הלוואי ווייטער! ווילסטו, מעגן די אַמעריקאַנער יידן אַראָפּנעמען פון זייערע שטייערן וויפל זיי

ווילן און שיקן קיין ישראל. און ווילסטו אַ הלוואה פון הונדערט מיליאָן — נאַ דיר הונדערט מיליאָן! און ווילסטו נאָך 35 מיליאָן — שפּילט עס ביי מיר נישט קיין ראָל. און אויב דו דאַרפסט שפּייז, בין איך דער שפּייזקאַמער — און נאַ דיר פּאַר 20 מיליאָן דאָלאַר שפּייז. און דאָ האָסטו נאָך 65 מיליאָן דאָלאַר; און אויב עס וועט דיר צופעלן — שרייב אַ בריוול...

און געגאַסן פון אַמעריקעס הילף האָבן נישט דווקא די „אַגענטן פון אַמעריקאַניש־ענגלישן אימפּעריאַליזם", די „וואָס גייען אין שפּאַן פון די אַמעריקאַנער מלחמה־העצערס", נאָר גלייך אויף גלייך האָבן אויך געגאַסן „די פּראָגרעסיווע רעוואָלוציאָנערע כוחות", די „איינציק־קעמפּנדיקע פאַרן וועלט־שלום".

אָט בין איך אַנומלט געווען אין אַ קיבוץ, וואָס איז אַ „באַסטיאָן קעגן דעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם". דאָרט ווערן אינקובירט די אידייען פון פּראָגרעס און רעוואָלוציע און דאָס איז אַ טייל פון דער „מזרח־וואַנט" אין ישראל. האָב איך געגלייבט, אַז דאָ, אין אָט דעם באַסטיאָן פון רעוואָלוציע, וועל איך נישט געפינען קיין צייכן פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם. אדרבה, צי האָט איר אַמאָל געזען, אַז אין שטוב פון אַ פרומען יידן זאָל הענגען אַ צלם, אָדער אַן איקאָנע פון הייליקן פּאַוועל?

ערשט איך זע, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין דעם אמתן „תהום" פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם: דער אינקובאַטאָר אין קיבוץ איז אַן אַמעריקאַנער, די טראַקטאָרן — אַמעריקאַנער, דער קאָמביין — אַן אַמעריקאַנער, די קי אין שטאָל — אַמעריקאַנער, די וואַסער־רערן — אַמעריקאַנער, און אויב זיי האָבן דרוקמאַשינען — זענען זיי איינס און איינס געבראַכט פון אַמעריקע. אויפן פּלאַץ פאַרן חדר־אוכל שטייען צוויי נייע אַמעריקאַנער לוקסוס־אויטאָמאָבילן פאַר די פירער, וואָס וווינען אין דעם קיבוץ. דער גרויסער פרידזשידער, וואָס שטייט אין קיך, איז אַן אַמעריקאַנער. די דיזעל־אויטאָס, וואָס רוישן אין קיבוץ — אַמעריקאַנער. די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן אין די צימערן — „טריפהנע" אַמעריקאַנער ראַדיאָס. און אָט פאַרט פאַרביי אַ ייִנגעלע אויף אַ פיין קינדער־וועליסאַפּעדל און איך דערקען: ס'איז „מעיד אין אמעריקע". אין דער ביבליאָטעק שטייט אַ פיינער קלאַוויר. איך הייב אויף די דעק און עס ווערט מיר „פינצטער פאַר די אויגן" — אויך דער קלאַוויר איז „מעיד אין אַמעריקע". און די ביבליאָטעק האָט זיך לעצטנס שטאַרק באַרייכערט מיט ביכער געדרוקט אויף פּאַפּיר פון אַמעריקע.

הכלל, איך זע שוין, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן „אימפּעריאַליסטישן תהום". און פּונקט, ווי אַ פרומער ייד זוכט אין אַ יידיש הויז אַ מזוזה, האָב איך אָנגעהויבן ארומזוכן אינעם קיבוץ עפּעס, וואָס זאָל מיך דערמאָנען אין דער רעוואָלוציע און אַנטי־אימפּעריאַליזם און — איך האָב געפונען: אויף דער וואַנט אין חדר־אוכל איז געהאנגען סטאַלינס אַ קליינער פאַרביקער פּאָרטרעט אויס־געשניטן פון „אָגאָניאָק"...

אויב דער „אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם" האָט געפונען אַזעלכע אָפענע טויערן צו אַן „אַנטי־אימפּעריאַליסטישן באַסטיאָן פון רעוואָלוציאָנערן פּראָגרעס",

ערשט מאָלט זיך, ווי דער „אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם" האָט זיך באַזעצט אין די באַסטיאָנען פון די אַגענטן פונעם „אמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם"!

און גבירים, ווייסט איר, גיבן נישט אומזיסט. זיי האָבן ליב צו לאָקירן קאַפּיטאַלן אויף ריווחים און נישט אויף שיינע אויגן. און אויב מיט אַמעריקע חורט זיך איצט איבער, ווי מיט יענעם רבין — איז אַרויסגעוואָרפן דער טומל פון די לינקע און דאָס דרייען זיך אויפן דיפּלאָמאַטישן קאָרעק פון אונדזערע אָפיציעלע פּאָליטיקער. נעמען פון אַמעריקע, לעבן פון אַמעריקע און שפּילן זיך אין נייטראַליטעט און האַלטן מילכיקע רעדעס, דערמאָנט שטאַרק אין יענעם ייד, וואָס האָט זיך אַנטוישט אין זיין רבינס „דיפּלאָמאַטיע".

בטלנות קאָן מען פּראָווען ביים רבינס טיש, אָבער ווען עס קומט צו סילוקן דעם פּדיון, קאָן מען נישט מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ בטלן...

פּטער נאָוועמבער 1951

# קולטור אויף עקספּאָרט און אין הויז בּרענט אַ פייער

עס ווערט דערציילט ערגעץ אין די אַלטע מוסר־ספרים אַ געשיכטע פון אַ ייד, וואָס איז אויפגעריכט געוואָרן מיט אַלעם גוטן. דער רבונו־של־עולם האָט זיך צוגעהערט צו זיינע תפילות און אים אויסגעלייזט פון זיינע חובות, פאַרטריבן דעם דלפון פון זיין הויז, פריי געמאַכט אים פון פּריצס הענט, צוגעשיקט לייטישע שידוכים פאַר די טעכטער און אָנגעפילט דאָס הויז מיט זאַטקייט און מנוחה.

נאָר דער מענטש איז דאָך נישט מער ווי אַ זינדיקע באַשעפעניש, האָט דער ייד אָנגעהויבן בלאָזן פון זיך מעשה גביר. ער האָט געלאַכט פון נעכטיקע טעג; און ווי אַזוי מען איז זיך נעכטן באַגאַנגען מיט אים, איז ער היינט זיך באַגאַנגען מיט אַנדערע. און ווי דער שטייגער מיט גבירים, האָט ער איבער־געכאַפּט די מאָס.

פלעגן קומען צו אים זיינע ברידער און אַריינרעדן אין אים; וואָס איז דער מער מיט דיר? וואָס בלאָזטו פון זיך? אַ ייד דאַרף געדענקען ווי ער איז געווען געדריקט; אָט אַזוי ווי עס איז דער שטייגער ביי יידן, אַז אויף שמחות עסט מען אַרבעס און פּסח צום סדר עסט מען אייער, מען זאָל זיך דערמאָנען, אַז די וועלט איז קיילעכדיק, דאָס רעדעלע דרייט זיך. און דערפאַר ווען אַ ייד טרינקט אַ גוט ביסעלע וויין דאַרף ער אונטערקרעכצן און זיך פאַסמאַקעווען. דער קרעכץ איז כדי צו דערמאָנען זיך דאָס פאַרגאַנגענע; און דאָס פאַסמאַקעווען גיט די הנאה...

איז דאָך טאַקע דער מענטש נישט מער ווי אַ זינדיקע באַשעפעניש: ווען גאָט ווייזט אים אַ האָר, טראַכט ער ביי זיך, אַז ער האָט גאָט אָנגעכאַפּט ביי דער באָרד; און ער וויל נישט וויסן דעם מיין פון קיילעכדיקע אַרבעס און האָט אַלע מוסר־ווערטער אין בויבעריק.

האָט דער רבונו־של־עולם אין הימל אַ ספּעציעלע „טערקישע" אָפּטיילונג, וווּ עס זיצט אַ שטאַב מיט טערקישע מלאכים, וואָס פאַרנעמען זיך בלויז מיט צוטראַכטן ווי אַזוי מען טוט־אָפּ אַזעלכע גבירים־תקיפים אויף טערקיש.

און נישקשה, אַז מען טראַכט — דערטראַכט מען זיך און גאָט זאָל שומר ומציל זיין צו וואָס אַזעלכע טערקישע מלאכים קענען זיך דערטראַכטן...

איך וויל אייך נישט דערציילן דעם נמשל פון דעם מוסר־ספר, וואָרום מיר האָבן איצט אַזוי פיל אַקטועלע נמשלים, אַז מיר וואָלטן געקענט אויפשרייבן מוסר־ספרים פאַר דור־דורות.

אָט ערשט נעכטן האָבן אונדזערע מנהיגים געבלאָזן פון זיך, געמאַכט דעם גרויסן אָנשטעל, אַז מיר דאָ אין ישראל זענען דאָס רייכסטע קולטור־לאַנד,

אַז מיר פאַרמאָגן אַזעלכע שפּאָגל־נייע קולטור־אוצרות, וואָס מיר קאָנען מיט זיי פאַרטיילן אַ וועלט. מען האָט זיך אַזוי פאַרגאַלאָפּירט, אַז טייל האָבן אפילו געהאַלטן, אַז די יידישע קולטור פון גלות דאַרף מען איינפּאַקן און אַרויפּלייגן אויפן בוידעם, ווי אַלטוואַרג; אַז מיר זענען אַזוי רייך, אַז אפילו פרץ און אפילו שלום עליכם זענען לאַ־עלינו דעם גייסטיקן צענטער, כי — אַזוי שטייט געשריבן בפירוש — מציון תצא תורה.

און אַז עס שטייט געשריבן „מציון תצא תורה", מיינט מען אויפן מאָדערנעם לשון „עקספּאָרט". איז ביי דער סוכנות געגרינדעט געוואָרן אַן עקספּאָרט־אָפּטיילונג, וואָס האָט מיט ספּעציעלע שליחים אָנגעהויבן עקספּאָרטירן קולטור אין די גלות־לענדער. און ביי דער הסתדרות איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג פאַר קולטור־עקספּאָרט, וואָס ליפערט קולטור איבער דער יידישער צעשפּרייטקייט.

גייט דער קולטור־עקספּאָרט קיין אַמעריקע און קיין ארגענטינע, קיין אויסטראַליע און קיין דרום־אַפריקע, קיין פראַנקרייך און קיין בעלגיע. אַ דומפּינג פון קולטור. איינער פון אונדזערע קולטור־עקספּאָרט־שליחים האָט זיך אפילו אין אַרגענטינע דעררעדט צו דעם, אַז די אַרטיקע יידן דאַרפן אַריינוואַרפן אין ים אַריין די גאַנצע גלות־קולטור מיט יידיש צוזאַמען און זיך איבערשטעלן אויף דער קולטור פון ישראל.

און אויף דער יידישער קולטור אין אַמעריקע איז גאָטס רחמנות. אַלץ איז שוין דאָרט אונטערגעגאַנגען, ס'איז שוין קיין שטיין אויף קיין שטיין נישט געבליבן; אַז אויב מען קען נאָך ראַטעווען די אַמעריקאַנער יידן, איז בלויז מיט דעם קולטור־עקספּאָרט פון ישראל.

האָבן די יידן אין די גלות־לענדער זיך דערפרייט: ישראל איז טאַקע אַן אָרעם לאַנד, מען דאַרף אַהין שיקן פון אַ פּאָר זאָקן־בענדלעך ביז אַ שטיקל פיש־פילע, און נאָך צולייגן אַ פּאָר דאָלאַר, אָבער וואָס שייך קולטור, איז עס דאָס רייכסטע לאַנד אויף דער וועלט. אויב ישראל קען עקספּאָרטירן אַזעלכע טראַנס־פּאָרטן קולטור אין די גלות־לענדער, איז מסתמא דאָרט יעדער ייד — אַ פּראָפעסאָר, און יעדער דיכטער — אַ פּרץ, און יעדער תימנער ייד קען ביאַליקן ווי אַ וואַסער, און די איראַקער יידן רעדן נישט קיין פּראָזע נאָר רעציטירן טשערניכאָווסקין, און אין דער העברעאישער אוניווערסיטעט איז אַזאַ געדראַנג, אַז יידן זיצן אויף די טרעפּ און שלינגען תורה.

דערמאָנט זיך מיר אַ בריוו־אויסטויש צווישן צוויי שוועסטער, וואָס איינע איז אין אַמעריקע און די צווייטע — אין ישראל. שרייבט די שוועסטער פון ישראל צו דער שוועסטער אין אַמעריקע: ליבע שוועסטער, איך בעט דיך זייער, אַז אין קומענדיקן שפּייזפּעקל, וואָס דו וועסט מיר שיקן, זאָלסטו, למען־השם, נישט פאַרגעסן אַריינצולייגן אַ פּאָר טעוועלעך שאָקאָלאַד. באַקומט די שוועסטער אין ישראל אַן ענטפער פון דער שוועסטער אין אַמעריקע: ליבע שוועסטער, עס איז מיר אַ וווּנדער וואָס דו שרייבסט מיר איך זאָל אין דעם קומענדיקן שפּייזפּעקל אַריינלייגן אַ פּאָר טעוועלעך שאָקאָלאַד. דאָ ביי אונדז אין אַמעריקע פאַרקויפט מען שאָקאָלאַד פון ישראל פון אַזאַ גוטער קוואַליטעט, אַז איך הייב דיך נישט אָן

צו פאַרשטיין פאַרוואָס דיר געפעלט נישט דער שאָקאָלאַד, וואָס איר האָט אין ישראל, נאָר דו בעטסט דווקא איך זאָל דיר שיקן שאָקאָלאַד פון אַמעריקע...

טאָ גיי דערציייל דער שוועסטער אין אַמעריקע, אַז מיר געהערן צו די לענדער, וואָס די אַרטיקלען, וואָס מיר עקספּאָרטירן זענען נישט בנמצא אויפן אינעווייניקסטן מאַרק. און אַזוי ווי די שוועסטער אין ישראל איז אַ גרויסע פּאַטריאָטקע, האָט זי אויף דעם בריוו פון דער שוועסטער אין אַמעריקע נישט געענטפערט, וואָרום די יידן אין די גלות־לענדער וואָלטן זיך געקענט דערוויסן, אַז פּונקט ווי עס איז מיטן עקספּאָרט פון שאָקאָלאַד, אַזוי איז אויך מיטן עקספּאָרט פון קולטור; און עס וואָלט אונדז אויסגעקומען צו שרייבן צו אונדזערע פריינד און קרובים בריוועלעך פון אַזאַ נוסח:

ליבער אָנקעל, אַזוי ווי דו שיקסט מיר שפּייזפּעקלעך און דו לייגסט אַריין אין די פּעקלעך אויך שאָקאָלאַד פון ישראלדיקער פּראָדוקציע, בעט איך דיך אויך צולייגן אַביסל קולטור־שפּייז, וואָס די סוכנות עקספּאָרטירט קיין אַמעריקע און איז נישט צו באַקומען ביי אונדז אפילו אויפן שוואַרצן מאַרק...

און איך בין זיך פאַר אייך מודה ומתוודה, אַז מיר וואָלטן איצט געדאַרפט ווי דאָס לעבן אַ פּאָר טראַנספּאָרטן פּעקלעך מיט קולטור פון דעם ישראלדיקן קולטור־עקספּאָרט; און עס וואָלט גאָרנישט אויסגעמאַכט, אַז די יידן אין די גלות־לענדער זאָלן אין די פּעקלעך אַריינלייגן אויך אַביסל קולטור פון דער גלות־פּראָדוקציע.

שטעלט זיך נאָר פאַר, וואָס פאַר אַ פרייד עס וואָלט געווען אין יידישע הייזער פלוצעם צו באַקומען פּעקלעך מיט אַלטע יידישע מידות, ווי אַ שטייגער ברידערלעכקייט, גאַסטפריינדלעכקייט, דרך־ארץ, רחמנות און אַנדערע אוצרות.

אָט קום איך היינטיקע וואָך קיין תל־מונד און געפין דאָרט אַ פּאָגראָם־שטימונג. דאַכט זיך, אַלע זענען יידן, קינדער פון איין פאָלק, אחינו בני ישראל. נאָר נאָכן געהיימנישפולן אויפרייס, וואָס האָט געקאָסט דאָס לעבן פון צוויי איראַקער יידן, ברענט דאָרט אַ פייער. די איראַקער פון דער מעברה שרייען, אַז זיי וועלן זיך נישט באַרואיקן ביז זיי וועלן נישט אויסשעכטן די „יהודים יידיש", דאָס הייסט די אשכנזים. און די „יהודים יידיש", דאָס הייסט די אשכנזישע איינוווינער פון תל־מונד, ווערן געהיט דורך פּאָליציי; און אין אָוונט פאַרקלאַפּן זיי טיר און טויער און האָבן מורא אַרויסצוגיין פון די הייזער. ווי נאָר עס פאַלט צו די נאַכט אַנטלויפן יידישע טעכטער אַהיים און טרעטן נישט אַריבער די שוועל ביז צו מאָרגנס.

עטלעכע אשכנזישע פאַמיליעס האָבן אפילו אַרויסגעשיקט פון תל־מונד זייערע טעכטער און קליינע קינדער, ווייל זיי האָבן מורא פאַר אַ פּאָגראָם פון די איראַקער עולים.

אין תל־מונד ווערט שוין אפילו אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ פון אַרטיקע יונגע בחורים, וואָס זאָלן אָפּהיטן די קאָלאָניע קעגן איבערפאַלן.

עס טרעפט אפילו ווען אַ וואָגן פירט ברויט אין דער קאָלאָניע, ווערט

דער וואָגן באַפאַלן און דער באַלעגאָלע אַנטלויפט קוים מיטן לעבן, איבערלאָזנדיק דאָס ברויט מיטן פערד־און־וואָגן.

און עס טרעפט, אַז אין דער שפּייז־קראָם אין דער מעברה ווערט פּלוצעם חושך; און ווען עס ווערט ווידער ליכטיק, איז ערשט רעכט חושך, וואָרום פון די שענקלעך איז אַלץ פאַרשוווּנדן. און עס טרעפט זעלטן אַז ביינאַכט זאָל מען נישט אַראָפּדרייען אַלע וואַסערקראַנען. און עס טרעפט, אַז נאָכן אַראָפּגנבענען די מאַראַנצן פון דיביימער זאָל מען נישט צעברעכן גלייכצייטיק די צווייגן.

— ווער — פרעג איך נאַאיוו אַ תל־מונדער ייד — האָט די איראַקער יידן אַריינגעזעצט אין דער מעברה?

קוקט מיך אָן דער ייד און ער פאַרשטייט נישט וואָס איך וויל.

— ווער, פרעגט איר, האָט זיי אַריינגעזעצט? נו, די סוכנות.

— איז אויב — זאָג איך — די סוכנות האָט זיי געגעבן געצעלטן, פאַרוואָס זשע גיט זי זיי נישט אויך קולטור? כ׳מיין, ווו זענען אונדזערע קולטור־לייט, שריפטשטעלער, אינטעליגענטן, קולטור־שליחים, לערער, מדריכים, הסברהטאָרן, קאָנטראָלערן, פּראָפּאַגאַנדיסטן, אָט די גרויסע אַרמיי פון קולטור? ווו זענען זיי?

קאָן מיר דער ייד נישט געבן קיין ענטפער. ער איז בלויז צושראָקן און ער ווייסט איין זאַך, אַז אויב מען וועט אין דער מעברה נישט אַריינפירן קולטור — וועלן די איראַקער עולים פאַרטרייבן די אשכנזים פון תל־מונד.

איז פון וואַנען זאָלן מיר נעמען קולטור, אויב די סוכנות עקספּאָרטירט די גאַנצע קולטור אין די גלות־לענדער? און אונדזערע קולטור־שליחים פאָרן, נעבעך, אַרום איבער דער וועלט צו ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק פון די הענט פון דער גלות־קולטור.

טראַכט איך, אַז ס׳איז נישט אַזוי שלעכט. אין תל־מונד האָט זיך אַריינ־געכאַפּט די סיטרא אחרא און אין אַנדערע מעברות ליפערט מען יאָ קולטור.

איז ווי נאָר איך קום פון תל־מונד דערהאַלט איך אַ ידיעה, אַז אין עין כרם, ביי ירושלים, קומט פאָר אַ פּאָגראָם. אַ מחנה תימנער יידן באַוואָפנט מיט שטעקנס און מיט אייזנס זענען אַרויס פאַרטיליקן די „יידיש״, אָדער די „וואָס־וואָס״, דאָס הייסט די אשכנזישע יידן; און אַ צענדליגג „יידיש״ זענען צעקלאַפּט געוואָרן און איינעם האָט מען אָוועקגעפירט אין שפּיטאָל אַריין.

ווען די פּאָליציי פון אבו־גוש זאָל נישט אַלאַרמירט ווערן באַצייטנס, ווייסט דער איינציקער גאָט וויפל קרבנות עס וואָלטן געפאַלן אין עין כרם.

איז נאָך אַ נס, וואָס מיר עקספּאָרטירן נישט קיין פּאָליציי קיין אויסלאַנד... פון דעם איז אָבער געדרונגען, אַז נישט אַלץ וואָס מען האָט ווייניק מוז מען עקספּאָרטירן; און די סוכנות, וואָס פאַרנעמט זיך מיטן עקספּאָרט פון קולטור פאַר די יידן אין די גלות־לענדער, וואָלט געדאַרפט אָפּשטעלן דעם עקספּאָרט און טעלעגראַפיש צוריקרופן די קולטור־שליחים, זיי זאָלן, קודם־כל, לעשן דאָס פייער, וואָס האָט זיך צעפלאַקערט אין די מעברות.

די יידן אין ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס, מעלבורן און יאָהאַנעסבורג, וואָס זענען, נעבעך, געשטראָפט מיט דער קולטור פון גלות, קענען נאָך דערווייל אַ ביסל

צוזאַמען מיט אונדזער ישׂראלדיקער קולטור־פּראָדוקציע. און זאָל מען דערווייל דאָס ביסל קולטור און די קולטור־שליחים שיקן אין די מעברות. דאָס וועט, אגב, אויך איינשפּאָרן דעוויזן. און אונדזערע אויפגעקומענע „גייסטיקע גבירים", וואָס בלאָזן פון זיך, וואָס האָבן אַזוי שנעל מוותר געווען אויף דער קולטור פון נעכטן, אויף דער יידישער קולטור פון די גלות־לענדער — וועלן זיך איבערצייגן, אַז מען דאַרף פונעם קאָסטן אַרויסנעמען די אַלטע יידישע אוצרות פון מידות און קולטור און זיי צעוואַרפן איבער די מעברות; און אפשר וועלן יידן זיך נישט דאַרפן פאַרשליסן אויף ביינאַכט נישט אין תל־מונד און נישט אין עין כרם — קעגן די אָנפאַלן פון זייערע אייגענע ברידער.

23סטער נאָוועמבער 1951

## אונדזער צווייטער יוסף דער אויסשפּייזער

יידן אין די קליינע שטעטלעך פלעגן אַמאָל נישט קאָנען באַגרייפן אין וואָס פּאַר אַ לעבנס־באַדינגונגען עס לעבט דער קיסר. אויב דער שטעטלשער גביר טוט אָן אַ העמד צוויי מאָל אַ וואָך, מוז דאָך בראָדסקי אָנטאָן אַ העמד דריי מאָל אַ וואָך, און ראָטשילד טוט זיכער אָן יעדן טאָג אַ פרישׁ העמד, און אַ מיניסטער טוט אָן צוויי מאָל אַ טאָג אַ העמד, און אַ פּרעמיער־מיניסטער טוט אָן יעדע שעה אַ העמד — און פון דעם איז געדרונגען, אַז דער קיסר טוט נישט עפּעס אַנדערש, גאָר האַלט אין איין אָנטאָן און אויסטאָן העמדער. און אַז דער קיסר שלאָפט — שטייט אַ ראָטע סאָלדאַטן און זיי שרייען „שאַ!" און אַז דער קיסר גייט טרינקען אַ גלאָז טיי — בויערט מען אויס אַ לעכל אין אַ היטל צוקער און מען גיסט דאָרט אַריין די טיי. און אַז דער קיסר ניסט — שרייט די גאַנצע לייב־גוואַרדיע „צו געזונט!".

און פונקט, ווי יענע יידן האָבן נישט באַגריפן דעם שטייגער פון קיסר, אַזוי איז היינט שווער צו באַגרייפן דעם שטייגער פון — מיניסטער דב יוסף. מיניסטער דב יוסף איז טאַקע נישט קיין קיסר, ער איז אַ מיניסטער פון אַ רעפּובליקאַנישער מדינה, אָבער נישט אַ געוויינטלעכער מיניסטער, נאָר ער איז אַ גאַנצער מיניסטאַרן־קאַבינעט. אין אונדזער רעגירונג איז ער אַזאַ פענאָמען ווי אַ פרוי, וואָס געבוירט מיט איין מאָל פיר קינדער. מילא, צווילינגס זענען נישט קיין זעלטנהייט, אָבער ווערן אַ מאַמע פון פיר קינדער מיט איין מאָל און אַלע קאָרמענען מיט איין מאָל און באַרואיקן אַלע פיר קינדערלעך מיט איין מאָל — דאָס דאַרף מען קאָנען און מען דאַרף באַוווּנדערן.

און אונדזער דב יוסף איז אַ פענאָמען, וואָס איר וועט נישט באַגעגענען אין קיין שום רעגירונג אויף דער גאַנצער וועלט, טאַקע ווי מען זאָגט, אחד במינו.

אַט אַ שטייגער, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן צונויפשטעלן די רעגירונג נאָך די וואַלן צו דער כנסת, האָט דעמאָלט געפּלאַצט די מעגלעכקייט פון אַ ברייטער קאָאַליציע צוליבן מיניסטעריום פאַר האַנדל און אינדוסטריע. מען האָט דעמאָלט געוואָלט שפּאַלטן דאָס מיניסטעריום אויף צוויי אָדער אויף דריי טיילן, ווייל די מפא"י האָט מורא געהאַט, אַז מיר פאַרמאָגן גאָר נישט אַזאַ פעאיקן מענטש, וואָס זאָל קענען באַהערשן אַזאַ ריזיקן רעסאָרט, ווי אונדזער האַנדל און אונדזער אינדוסטריע. עפּעס אַ קלייניקייט, האָבן צו טאָן מיט אונדזערע סוחרים און אינדוסטריעלער, מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט! ניין, דאָס איז נישט פאַר די כוחות פון איין מענטש.

נאָר ווי זאָגט מען ביי יידן: נויט ברעכט אייזן. און בלית ברירה האָט מען דאָס מיניסטעריום איבערגעגעבן צו איין מיניסטער; און ס'האָט זיך טאַקע באַלד אַרויסגעוויזן, אַז פֿאַר איין מענטש איז דאָס צו שווער, וואָרום, והא ראיה, לבון האָט נעבעך נישט אויסגעהאַלטן די לאַסט און געמוזט אָפּטרעטן. דאַרף די נויט ווידער ברעכן אייזן און — דב יוסף ווערט מיניסטער פֿאַר האַנדל און אינדוסטריע. איז דאָך דאַכט זיך דאָס אַליין שוין געבוג שווער — גיט מען אים נאָך צו די פֿאַרזאָרגונג און די קאָנטראָל. דאָס אַלץ צוזאַמען איז שוין פֿאַר זיך אַליין פֿיר מיניסטעריומס. זעט מען אָבער, אַז דער מענטש נעמט אויף זיך אַזאַ שווערע משא, לייגט מען אים צו נאָך אַ מיניסטעריום — דאָס יוסטיץ־מיניסטעריום. — האָבן מיר שוין, הייסט עס, אַ פֿאַרנעם פֿון פֿינף מיניסטאָרן אין איין מענטש. אָבער ביי דעם בלייבט עס נישט. ווען, נישט פֿאַר קיין שום ייד געדאַכט, דער פֿינאַנץ־מיניסטער ווערט קראַנק און מען דאַרף אַריינטראָגן אין דער כנסת דעם בודזשעט־פּראָיעקט, ווערט דב יוסף דער פֿאַרטרעטער פֿונעם פֿינאַנץ־מיניסטער און ער קלערט־אויף דעם פּראָיעקט. הייסט עס, ווידער אַ זעקסטער רעסאָרט.

איצט וועל איך אייך פֿרעגן, ווי יעגער קליינשטעטלדיקער ייד: אויב אַ געוויינטלעכער מיניסטער, וואָס וויל גוט פֿירן זיין רעסאָרט, דאַרף אַרבעטן כאָטשבי אַכט־צען שעה אין טאָג, מיט קאָנפֿערענצן, זיצונגען, באַראַטונגען און אַלץ מיט אַנאַנדער, טאָ וויפֿל דאַרף אַרבעטן אַ זעקספּאַכיקער מיניסטער? לויט אַ פּשוטן חשבון וואָלט אויסגעקומען, אַז כדי אַלע רעסאָרטן פֿון דב יוסףן זאָלן קלאַפּן ווי געהעריק, דאַרף ער האָבן אין מעסלעס כאָטש אַ פֿופֿציק־זעכציק שעה. און ערשט, וווּ זענען די רעדעס דורכן ראַדיאָ, אין דער כנסת, אין בית־בערל און אין אשדות־יעקב, ביי די סוחרים און ביי די אינדוסטריעלער, ביי די ריכטער אין ירושלים און אין תל־אביב? און ערשט, וווּ זענען די פּאַרטיי־כינוסים און סתם רעדעס?

הכלל, איר וועט מיט הונדערט שעה אין מעסלעס נישט אויסקומען; און עס וועט אייך אין די הונדערט שעה אפֿילו נישט בלייבן, ווען צו עסן און ווען צו גיין אין — קינאָ.

מען קאָן נישט זאָגן — אויף דער וועלט זענען פֿאַראַן פֿיל גאונים און דער גרעסטער פֿון זיי איז דב יוסף. ער איז אפֿילו גרעסער פֿון טשערטשיל און פֿון איינשטיינען. טשערטשיל, וואָס איז פּרעמיער־מיניסטער און ער האָט געקענט זיך נעמען וויפֿל מיניסטעריומס ער וואָלט נאָר געוואָלט, האָט פֿונדעסטוועגן אפֿילו נישט געוואַגט צו נעמען קיין דריי מיניסטעריומס. און איינשטיין האָט ביי אַלע זיינע טעאָריעס נישט באַוויזן צו מאַכן הונדערט שעה אין מעסלעס. נאָר זעט איר, סיי טשערטשיל און סיי איינשטיין וועלן ביי קיינעם נישט פֿאָדערן ער זאָל ווערן אַ טשערטשיל און אַן איינשטיין. דאַקעגן דב יוסף וואָלט גערן געזען יעדן ייד אין ישראל ביי אַ הונדערט־טאָגיקן אַרבעטסטאָג. און טאָמער האָט אַ ייד אין ישראל אַ פֿרידזשידער — דאַרף ער אים אַרויסוואַרפֿן און נאָכלויפֿן נאָך אַ שטיקל אייז. און טאָמער גייט אַ ייד אין קינאָ — איז דאָס אויך אַ שטיק

פֿאַרברעך: אָנשטאָט זיצן אין קינאָ, דאַרף מען בעסער זיצן אין שטוב. און כדי דאָס זיצן אין שטוב זאָל זיין עקאָנאָמיש — דאַרף מען אַראָפּדרייען די עלעקטריע און זיצן אין דער פֿינצטער. און אַז מען זיצט שוין אין דער פֿינצטער, דאַרף מען זיין עקאָנאָמיש און אויסטאָן די קליידער, כדי די קליידער זאָלן זיך נישט אויסרייבן און ער, דב יוסף, זאָל זיך איינשפּאָרן פֿונקטן אויף קליידער. און כדי צו זיין אַ פֿאָלנער פּאַטריאָט דאַרף מען אַרומגיין און קרעכצן און זאָרגן — וועט מען דעמאָלט פֿאַרלירן דעם אַפּעטיט צו עסן און דער אידעאַל פֿון צנע וועט זיין דערגרייכט.

דעם אמת־געזאָגט וואָלט איך שוין מסכים געווען מיטן מיניסטער דב יוסף, אַז די אַכציק טויזנט פֿרידזשידערס, וואָס עס פֿאַרמאָגן יידן אין ישראל, זאָלן קאָנפֿיסקירט ווערן לטובת דער מדינה — און זאָלן נאָך אַכציק טויזנט יידן אין די הייסע זומערנעכט און זומערטעג זיך שטעלן אין דער ריי נאָך אַ פֿערטעלע אייז. נישט אויף דעם איז געשאַפֿן געוואָרן אַ יידישע מדינה, אַז יידן זאָלן אַ לייכט לעבן! אָדער איידער מען נעמט זיך צו די פֿרידזשידערס — זאָל מען צו ערשט אָנהייבן פֿון די ווילעס. יעדער ייד (מיניסטאָרן אַריינגערעכנט), וואָס פֿאַרמאָגט איין ווילע אָדער צוויי, זאָל ער די ווילעס אַוועקגעבן לטובת דער מדינה און זיך אַריינקלייבן אין אַ בלעכענער פּושקע. דערנאָך זאָל קומען די ריי אויף די לוקסוס־אויטאָס — די ביואיקס, קרייזלערס, דאָדזשעס און שעוראָ־לעטס. אַלע אָן אויסנעם, סתם יידן, מיניסטאָרן, מנהלים, משרתים און יוצר־משרתים, זאָלן אָט די אַלע אויטאָס פֿאַרקויפֿן לטובת דער מדינה און אַלע (מיניסטאָרן אַריינגערעכנט) זאָלן פֿאָרן, ווי די יידן פֿון אַ גאַנץ־יאָר, אין די סדום־בעטלעך, וואָס הייסן אויטאָבוסן.

נאָך די ווילעס און אויטאָס זאָל קומען די ריי אויף פֿרידזשידערס. אָבער די פֿרידזשידערס זאָלן איינגעטיילט ווערן אין קאַטעגאָריעס. די ערשטע וואָס וועלן דאַרפֿן אַוועקגעבן די פֿרידזשידערס זאָלן זיין די כל מיני שליחים, מנהלים, הויכע באַאַמטע, פּאַרטיי־פֿירער, גרויסע לייט, וואָס האָבן די פֿרידזשידערס באַקומען פֿאַר דאָלאַרן, וואָס זענען געווען באַשטימט פֿאַר אַנדערע צילן און אויף וועלכע די אַלע לייט האָבן נישט געאַרבעט. און ערשט ווען די אַלע פֿיינע לייט וועלן אָפּטראָגן די פֿרידזשידערס און זיך שטעלן אין דער ריי נאָך אייז — וועלן אַלע איבעריקע יידן אַליין שענקען די פֿרידזשידערס... און מיר וועלן זיין סאָציאַל אויסגעגליכט, ווי דאָס וויל ה׳ דב יוסף.

און איך בין פֿולשטענדיק מסכים מיט ה׳ דב יוסף, אַז מיר גייען צופֿיל אין קינאָ. ווייל, אַז מען גייט אין קינאָ האָט מען דאָך נישט ווען אויסצוהערן די ראַדיאָ־רעדעס פֿון מיניסטער וועגן דעם, וואָס מען וועט געבן פֿאַר פֿעברואַר און וואָס מען וועט באַקומען אין מערץ. ווי אַזוי קאָן מען וויסן די חשבונות פֿון צוקער, קרויט, מאַרגאַרין פֿאַר דעם אָדער יענעם חודש, אויב מען הערט נישט די רעדע פֿון מיניסטער? און אַז יידן זיצן אין קינאָ גראָד דעמאָלט, ווען דער מיניסטער רעדט דורכן ראַדיאָ — האָבן זיי שפּעטער טענות, אַז זיי זענען הונגעריק. אָט האָב איך אויסגעהערט די לעצטע רעדע פֿון דב יוספֿן און איך בין

אַזוי זאַט געוואָרן מיט די פּראָדוקטן, וואָס איך וועל צוריקבאַקומען פאַר פעברואַר, אַז די פּראָדוקטן פון מערץ וועל איך ערשט קאָנען עסן אין אפּריל. ביז דעמאָלט וועל איך אפילו קיין אַפּעטיט נישט האָבן.

דאַרף מען טאַקע מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג מיט די בילעטן אין קינאָ. איינפירן נייע פונקטן אויף קינאָ־בילעטן, אָנשטעלן נייע אויפזעער, שאַפן אַ ניי מיניסטעריום פאַר קינאָ־קאָנטראָל. נישקשה, דב יוסף וועט אויך דאָס מיניסטעריום איבערנעמען. אַז מען קאָן פירן זעקס רעסאָרטן, שפּילט שוין אַ זיבעטער רעסאָרט קיין שום ראָל נישט.

אָבער איידער מען וועט גיין איינפירן אַן אָרדענונג מיט די קינאָ־בילעטן, וואָלט איך פאָרגעלייגט מען זאָל צוליב מאָראַלישע טעמים און צוליב טעמים פון גוטן ביישפּיל, צו ערשט מאַכן אָרדענונג מיט די רייזע־בילעטן אויף עראָפּלאַן און שיפן. אונדזערע מיניסטאָרן, מנהלים, פירער, אידייען־פּרעדיקער, קאָמיסיעס, שליחים, מומחים, השתלמותיסטן און אַנדערע אידעאַליסטן, מיט די ווייבער און קינדער, און אַן די ווייבער און קינדער, זאָלן אויפהערן אַרומפאָרן איבער די אויסלאַנדס, זיי זאָלן זיך אַ ביסל אָפּרוען פון די „אל־עלס", „טי דאבליו אייס", „אייר פראַנס", „קיי על עמס", „בי. איי. דאבליוס" און אַנדערע דאָלאַר־פרעסנדיקע לופט־ליניעס. אַן ווען די אַלע „פליענדיקע ישראלים" וועלן אויפהערן אַרומשמייען איבער די אויסלאַנדס און עסן פון דב יוספס טרוקענער קאַריטע, אַזוי ווי מיר אַלע עסן — וועלן דעמאָלט יידן אין ישראל האָבן פון וועמען צו נעמען אַ ביישפּיל און — אויפהערן גיין אין קינאָ.

און וואָס שייך דב יוספס טענות, אַז מיר לעבן אַ לוקסוס־לעבן — איז ער אויך גערעכט. ס'איז טאַקע נישט שיין, וואָס נאָך דעם, ווי מען באַקומט אין חודש אַ קילאָ קאַרטאָפל, און יעדע פאַר וואָכן הונדערט גראַם פלייש, אַ פערטל קילאָ קרויט און יעדן טאָג ווייס ברויט און שוואַרץ ברויט — זאָל מען נאָך קריכן אויפן שוואַרצן מאַרק און וועלן מער? פון ווען אַן האָבן דאָס יידן אַזעלכע אויסגעלאַסענע מאָגנס?

וואָלטן זיך ווידער יידן פון אַ גאַנץ יאָר באַגנוגנט מיט דעם, וואָס מען טיילט דורכן ראַדיאָ און וואָס מען באַקומט דורך די צייטונגען, ווען — ווען נישט די אויסלאַנדס, ווען נישט די „וואלדאָרף אסטאָריאס", די רייכע האָטעלן און רעסטאָראַנען פון ווין ביז לאָס־אַנדזשעלאָס.

אָט דערציילט מיר אַ ייד אַ סוחר, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון ניו־יאָרק. ווי דער שטייגער אַ ישראל־ייד, איז ער געגאַנגען אויף אָוועטנברויט, ס'הייסט אויף דינער, אין „וואלדאָרף אסטאָריאַ". כדי די קעלנער זאָלן נישט הערן וועגן זיינע געשעפטן, האָט ער גערעדט מיט נאָך אַ סוחר עברית. און צום קעלנער ווענדט ער זיך אויף ענגליש. אָבער דער קעלנער ווערט נישט נתפעל און ענטפערט דעם ייד אויף עברית. פרעגט דער ייד: ווען „וואלדאָרף אסטאָריאַ" זאָל האָבן אַזוי פיל כינעזישע געסט, וויפיל געסט פון ישראל — וואָלט איר שוין גערעדט כינעזיש אויך?

און מען שמועסט, אַז די קעלנער אין ניו־יאָרק לערנען זיך ביי די ישראל־

געסט שנעלער עברית, ווי די נייע עולים לערנען עברית אין די אולפּנים און אָוונט־קורסן אין ישראל.

און אויב אַזוי איז די געשיכטע — ליגט אונדזער אומגליק אין די אויסלאַנדס. און אנשטאָט דער בייזער דב יוסף זאָל אונדז יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פאַרוואַרפן דאָס שטיקל ברויט, וואָס מיר עסן און נישט פאַרגינען אונדז אפילו קיין קינאָ, זאָל ער וואַרפן אַלע רעסאָרטן און איבערנעמען דעם רעסאָרט פון אַ ספּעציעלן עליה־מיניסטעריום; צו ברענגען קיין ישראל אונדזערע אומזיסטע ברויטפרעסער און פּאַראַזיטן, וואָס זיצן אין די שווייצאַריעס, אין די אַמעריקעס, אין די פראַנקרייכס מיט די פאַמיליעס און אָן די פאַמיליעס און פרעסן לעבעדיקע דאָלאַרן און צעפרעסן אזוי די מדינה, אַז פאַר די בירגער איז שוין אפילו דאָס גיין אין קינאָ אַ ווילדער לוקסוס.

21טער מערץ 1952

## אייער מיט בלוטסטראָפּנס און שולן מיט „בוגדים"

אין איין כעלעמער מעשה ווערט דערציילט, ווי אַזוי עס איז איין מאָל געקומען צו אַ ריב־הקהל צוליב אַ בלוטסטראָפּן.

אַ כעלעמער גביר האָט זיך אין דער פרי נאָכן דאַווענען געזעצט עסן פרי־שטיק; און ווי דער שטייגער, האָט די באַשפּייזונג אין כעלעם נישט געפירט נישט דב יוסף און נישט „תנובה" — און מען האָט דעם גביר דערלאַנגט צוויי אייער צום טיש.

קלאַפּט־אויף דער גביר איין איי און דערזעט אַ קליינעם רויטן פלעק. טראַכט ער זיך: אַ בלוטסטראָפּן. מילא, אַ כפרה אַן איי. שטעלט ער אַוועק דאָס איי און קלאַפּט־אויף דאָס צווייטע און עס ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן: ווידער אַ בלוטסטראָפּן! ווערט שוין דער כעלעמער ייד אין כעס: אַזאַ סקאַנדאַל! צוויי אייער און ביידע מיט בלוטסטראָפּנס! נישט אַנדערש, דאָס זענען נישט קיין בלוטסטראָפּנס, נאָר עמעצער פון זיינע כעלעמער שונאים האָבן אים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל.

באַשליסט דער גביר, אַז ער וועט זיך נישט לאָזן שפּייען אין דער קאַשע, ער מוז גיין צום רב און פרעגן אַ שאלה. גייט ער אַוועק צום כעלעמער רב און דערציילט אים די מעשה: אַזוי און אַזוי, גלייך נאָכן דאַווענען האָב איך זיך געזעצט עסן פרישטיק און מיין ווייב האָט מיר דערלאַנגט צוויי אייער צום טיש. קלאַפּ איך אויף איין איי — דערזע איך אַ בלוטסטראָפּן. טראַכט איך זיך: אַ כפרה אַן איי, שטעל איך אַוועק דאָס איי און קלאַפּ־אויף דאָס צווייטע, ערשט עס ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן: ווידער אַ בלוטסטראָפּן! בין איך שטאַרק אין כעס געוואָרן — צוויי אייער מיט צוויי בלוטסטראָפּנס, נישט אַנדערש דאָס זענען נישט קיין בלוטסטראָפּנס, נאָר עמעצער פון מיינע שונאים האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל. בין איך געקומען צו אייך, רבי, מיט אַ שאלה איר זאָלט מיר זאָגן, צי דאָס זענען בלוטסטראָפּנס אָדער „שפּיצלעך".

דערהערט אַזאַ אויסטערלישע מעשה טוט אַן דער כעלעמער רב די ברילן, נעמט די אייער אין די הענט אַריין, קוקט אַהער און קוקט אַהין, רעדט עפּעס האַלב צו זיך און האַלב צו די אייער און זאָגט נישט אין גאַנצן זיכער: אַ סברה, אַז דאָס זענען בלוטסטראָפּנס.

טראַכט דער כעלעמער גביר, אַז טאָמער וואָלטן דאָס געווען קלאָרע בלוטס־טראָפּנס, וואָלט דער רב נישט געטראַכט אַזוי לאַנג; און אויב ער האָט געטראַכט לאַנג — זענען דאָס נישט קיין בלוטסטראָפּנס, נאָר „שפּיצלעך". אָבער היות ווי

ער האָט צו טאָן מיט אַ גביר, איז בעסער דעם ענין צו מאַכן גלאַטיק און דערקלערן, אַז די „שפּיצלעך" זענען בלוטסטראַפּנס.

באַשליסט דער בעלעמער גביר, אַז ער וועט דעם רב כאַפּן ביי דער האַנט; און אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז די בלוטסטראַפּנס זענען „שפּיצלעך" — וועט ער דעם רב נישט אַנדערש נאָר אַראָפּזעצן פון כסא־רבנות — און מעג עס אים קאָסטן ווייס־איך־וואָס!

האָט דער גביר גענומען די אייער און אַוועק צום בעלעמער מורה־הוראה און אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי ער איז געקומען פון דאַווענען, ווי אַזוי ער האָט זיך געזעצט עסן פרישטיק און ווי אַזוי ער האָט אַנטדעקט די מעשה מיט די אייער. נאָר עפּעס געפעלט אים נישט דער ענטפער פון רב, ווארום טאָמער וואָלטן דאָס געווען בלוטסטראַפּנס און נישט קיין „שפּיצלעך", וואָלט דער רב אַזוי לאַנג נישט געטראַכט און אַזוי לאַנג נישט באַקוקט.

און היות ווי דער מורה־הוראה איז געווען נעבעך אַן אָרעמאַן מיט זיבן פּאָלעס און שטאַרק מורא געהאַט זיך איינצורייסן מיטן גביר — האָט ער געענטפערט, אַז לויט דעם, ווי ער זעט, זענען די בלוטסטראַפּנס נישט קיין בלוטס־טראָפּנס, נאָר טאַקע „שפּיצלעך".

איז אין בעלם אויסגעבראָכן אַ ריב הקהל: עס האָבן זיך געשאַפן צוויי פּאַרטייען: אַ פּאַרטיי פון בלוטסטראַפּנס און אַ פּאַרטיי פון „שפּיצלעך". שבת האָט מען נישט געלאָזט לייענען אין ספר, מען האָט נישט דערלאָזט צו קיין עליות און מען האָט זיך געשלאָגן מיט די גאַרטלען. איין פּאַרטיי האָט געשריגן: „דאַלאַי" מיטן רב! און די צווייטע פּאַרטיי האָט געקלאַפּט אין טיש און געשריגן: עוקר מן השורש זיין דעם מורה־הוראה! האָט זיך געטרייסלט דאָס בעלעמער כסא־רבנות, עס האָט געציטערט דער מורה־הוראה און בעלם איז געגאַנגען כאַדאָראָם.

אַז קהל האָט געזען, אַז עס האָלט חלילה די שטאָט זאָל אונטערגיין צוליב צוויי אייער, האָט מען באַשלאָסן, אַז מען שיקט אַרויס אַ משלחת צום לובלינער רב און זאָל דער לובלינער רב פּסקענען.

האָט בעלעם אויסגעקליבן אַ מנין שיינע בעלי־הבתים, איינגעפּאַקט די צוויי אייער און אָפּגעשיקט דאָס משלחת קיין לובלין.

ווי נאָר די בעלעמער בעלי־הבתים האָבן זיך געזעצט צום טיש פון לובלינער רב און אָנגעהויבן אויפוויקלען זייער שאלה, האָט דער רב דערפילט דעם עיפּוש פון די אַלטע אייער און אויסהערנדיק די מעשה האָט ער געפּסקנט, אַז דאָרט ווו קהל קריגט זיך צוליב עיפּוש, דאַרף מען אויך אַ שמעק טאָן צו קהל...

אַנטקעגן וואָס האָב איך דערציילט די בעלעמער מעשה מיטן בלוטס־טראָפּן? אַנטקעגן דעם, וואָס ביי אונדז האָט זיך ווידער צעפלאַקערט דאָס פייער צווישן די שול־זרמים. און דאָס מאָל איז די מלחמה אויסגעבראָכן דווקא אין אַ פּלאַץ וואָס הייסט קרית־שלום.

נאָך מיט צוויי יאָר צוריק, ווען אונדזערע בעלעמער חכמים האָבן צוגע־

טראַכט די מעשה פון אַ מלוכיש שול־וועזן מיט זרמים: אַן אַלגעמיינער זרם, אַן אַרבעטער־זרם, אַ פרומען זרם און אַ נאָך פרומערן זרם, האָט מען געוואָרנט, אַז מען נעמט אויף זיך אַ צרה. לאַ־די, וואָס דער ישוב איז געשפּאָלטן אויף פינף און נײַנציק פּאַרטייען, אויף דריי רעגירונגען, אויף וותיקים און עולים, אויף עליות און ירידות, אויף שוואַרצע און ווייסע און ברוינע און רויטע און געלע, אויף סעקטאָרן און קלייזלעך, און יעדער סעקטאָר איז געשפּאָלטן אויף סעקטאָרלעך און יעדעס קלייזל — אויף קלייזעלעך, אויף קאָאַליציעס, אָפּאָזיציעס און סיעהס — גייט מען נאָך שפּאַלטן די נשמות פון די קינדערלעך, אַז אויך זיי זאָלן אויסוואַקסן צעשפּאָלטענע, צעקריגטע, אַז, חס וחלילה, די „שיינע מידה" פון צעריסנקייט און שנאת־אחים און קלייזלדיקייט זאָל אויך אין דער צוקונפט נישט פאַרשווינדן...

האָבן אונזערע כעלעמער חכמים געזאָגט, אַז היות ווי די געזעלשאַפט איז סיי ווי צעשפּאָלטן, דאַרף מען אויך די קינדערלעך דערציען אין אידעאַלער צעשפּאָלטנקייט. איי, וועט איר זאָגן: מיר זענען נישט גנילאָפּיאַטעווקע, נאָר אַ מדינה זענען מיר; און פריער פאַר אַלץ דאַרפן מיר דערציען געזונטע בירגער, בירגער פּאַטריאָטן, וואָס די מדינה זאָל שטיין איבער די קלייזלעך, וואָס דער אינטערעס פון לאַנד זאָל שטיין העכער פונעם אינטערעס פון דער פּאַרטיי — ליגט טאַקע דאָ דער הונט באַגראָבן, וואָס די מדינה ליגט די פּאַרטיי־דרייערלעך אין לינקער פּיאַטע. וואָרום טאָמער איז די מדינה אַ דינסט ביי דער פּאַרטיי — איז די מדינה גוט און וויל און מען נעמט זי אין אַרענדע; און טאָמער באַדינט נישט די מדינה די פּאַרטיי — איז זי נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק.

געדענקט איר דאָך אוודאי ווי מיט אַ יאָר צוריק האָט זיך די היינטיקע קאָאַליציע צעריסן אויף שטיקער. און נישט צוליב מדינה־אינטערעסן האָט מען זיך געוואָרפן דעם גט פאַר די פיס, נאָר טאַקע צוליב די אומגליקלעכע שול־זרמים. האָט מפא"י אָפּגעשניטן אַ פאה פון אַ תימנער ייִנגעלע — האָט געשמעקט מיט אַ קאַטאַסטראָפע. און טאָמער האָט אַ פרומער פון דער קאָאַליציע צוגעקלעפּט אַ פּאהלע צו אַן איראַקער ייִנגעלע און עס אַרייַנגעכאַפּט אין אַ חדר אַריין — האָט עס געשמעקט מיט — רעוואָלוציע. און מען האָט זיך אַזוי לאַנג געריסן איבער די קינדערשע נשמהלעך, געכאַפּט קינדער ביי הענטלעך און פיסלעך, ביז עס איז אויסגעבראָכן דער אומגליקלעכער רעגירונגס־קריזיס. און וויפל אַט דער קריזיס האָט אונדז אָפּגעקאָסט ביז דער טאַטע זאָל ווידער נעמען דער מאַמען, ביז מפא"י זאָל זיך ווידער פאַרקאָאַליציעווען מיט די פרומע — ווייסט גאָט דער איינציקער. העכער אַ האַלב יאָר האָבן מיר געלעבט אין אַנאַרכיע, דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן איז צעבראָכן געוואָרן, פון דער מאָראַל איז געוואָרן אַ באַרג מיסט, אַז ביז היינט קאָנען מיר דעם אָטעם נישט כאַפּן.

מילא, איך וואָלט נאָך פאַרשטאַנען די כעלעמער חכמה פאַר מלוכיש געלט אויסצוהאַלטן פּאַרטייאישע סעמינאָרן אנשטאט מלוכהשע פאָלקס־שולן, ווען אין די זרמים־שולן זאָל מען דעם יונגן דור דערציען אין גלויבן, זאָל זיין אַ פרומער ייִד מיט גלויבן, זאָל זיין אַ פרייער ייִד מיט זיין גלויבן; וואָרום דאַרט

ווו עס איז פֿאַראַן גלויבן ווערט תמיד עפּעס געשאַפֿן. אָבער וואָס האָט מען ביי אונדז געמאַכט פֿון דער יוגנט? אַמאָל איז דער יוגנטלעכער אין ארץ־ישראל געווען אַ מילגרוים פֿון גלויבן און אידעאַליזם. אונטער דער האַרטלעכער שאָל פֿונעם כאַבּרע איז געלעגן אַ טייערע גלויביקע נשמה. און היינט, פֿיר יאָר זינט דער אַנטשטייאונג פֿון דער מדינה, און צוויי יאָר נאָכן איינפֿירן די „זרמים" איז די יוגנט ניהיליסטיש, גלייבט נישט — נישט אין גאָט, נישט אין דער מדינה, נישט אין דער פּאַרטיי, נישט אין סעקטאָר, נישט אין דער רעגירונג, נישט אין דער אָפּאָזיציע, כאָטש גיב איר אַ היתר־יציאה צו גיין אין די וועגן פֿון די שליחים. די טאַטעס האָבן געוואָלט פֿירן די קינדער אין זייערע דרכים — האָבן זיי דאָס דערלעבט: פֿאָרט דער טאַטע קיין אויסלאַנד ווי אַ שליח, וויל דאָס קינד אויך זיין אַ שליח. פֿאָרט דער טאַטע אויף צוויי יאָר קיין אַמעריקע אויף „השתלמות" און נעמט־מיט די מאַמע אויפֿן חשבון פֿון דער מדינה — וויל אויך דער זון פֿאָרן אויף „השתלמות", חתונה האָבן מיט אַן אַמעריקאַנער מיידל, כדי ער זאָל קאָנען בלייבן אין אַמעריקע און בענקן צו דער מולדת... איז דער טאַטע אַ ציניקער, אַ שמאַראָק־חברה־מאַן, וואָס ווייסט, ווי אַזוי זיך צו הסתדרעווען — ווערט אויך דער זון אַ ציניקער, וואָס טראַכט בלויז ווי אַזוי זיך צו הסתדרעווען.

איז אַ צייט שטיל געווען מיט די „זרמים". עס האָט זיך געדאַכט, אַז אונדזערע „זרמים"־מייסטערס האָבן שוין איינגעזען, וואָס פֿאַראַ בלאָטע זיי האָבן פֿאַרמישט און אויף וואָס פֿאַראַ פֿאַלשע, פֿאַר דער מדינה שעדלעכע, וועגן זיי האָבן ארויפֿגעפֿירט די קינדער. פֿלאַנצן איין אין די קינדער שנאה, שנאה צו יידן, וואָס טראַכטן אַ ביסל אַנדערש, שנאה צו קינדער, וואָס גייען אין אַן אַנדער „זרם"־שול — אנשטאָט יאָסעלעך, שלמהלעך, חנהלעך, שרהלעך, האָבן מיר מפּא"יטשיקלעך, מזרחטשיקלעך, מפּ"מטשיקלעך און צרהלעך.

איז אַ צייט שטיל געווען. און גראָד איצט, ווען עס איז נייטיק מיט געמיינזאַמע כוחות אַרויסצושלעפּן דעם מדינה־וואָגן פֿון דעם וויסטן ווירט־שאַפֿטלעכן תהום, ווען מען דאַרף די ענערגיע פֿאַרוואַנדלען אין שעפֿערישקייט — האָבן זיך ווידער צעפֿלאַקערט די „זרמים" און דאָס פֿייער גייט־אויף פֿון קרית־שלום.

שטעלט זיך אוועק איין „זרם" ביים טויער פֿון דער שול פֿון אַ צווייטן „זרם" און מען כאַפּט קינדער, ווי די צאַרישע קאַנטאָניסטן. און די הייליקע אידעאַליסטן גייען, חלילה, נישט אַרויס כאַפּן די קינדער פֿון די קלויסטער־שולן אין יפֿו. די קלויסטער־שולן אין יפֿו ליגן זיי נישט אפֿילו אין דער לינקער פּאה, וואָרום דאָרט פֿליסט נישט קיין „זרם", דאָרט הענגען בלויז צלמים און נישט קיין פּאַרטיי־שילדלעך. זענען זיי נישט שעדלעך. אָבער אַן אַנדער יידישער „זרם" איז סם־המוות. און ביי דער צווייטער „זרם"־שול אין קרית־שלום גייט אונטער די וועלט, דאָרט איז מען גרייט צו גיין ביז בלוט און אפֿילו צעברעכן די קינדער, אין מיטן שול־יאָר זיי אריבערשלעפּן אין אַ צווייטער שול. באשר דער „אַלגעמיינער זרם" האָט זיך דאָרט צופֿל צעגאָסן און פֿאַרלייגט אַזש צוויי שולן, בעת „מיר", אונדזער „זרם", האָט אויפֿגעשטעלט אַ שול און די קלאַסן פּוסטעווען.

און כדי צו כאַפּן די קאָנטאָניסטן, זענען נישט געגוג עלטערע כאַפּער, נאָר מען שטעלט נאָך דערצו אָן קינדער, וואָס זאָלן טעראָריזירן די קינדער פונעם צווייטן „זרם". און קינדער, ווי קינדער. האָט מען זיי דערציילט אַ מעשה, אַז די יאָסעלעך פון יענעם „זרם" זענען פאַררעטער, שטייען די קינדערביים שול־טויער און שרייען נאָך די קינדער, וואָס גייען אַריין אין שול: — בוגדים! פאַרקויפטע נשמות פאַר אַ גלאָז מילך!"

און די יידישע קינדערלעך, די „פאַררעטערלעך" בייגן אַראָפּ די קעפּלעך און לויפן אַהיים און ציטערן פאַרן וואָרט „בוגד".

נו, גיי און דערקלער די כשרע יידישע קינדערלעך, אַז איין „זרם" האָט אין צווייטן זרם דערזען אַ בלוטסטראָפּן! און דער צווייטער „זרם" זעט אין ערשטן „זרם" פאַרטייאישע „שפּיצלעך".

4טער אַפּריל 1952

# אַ נייע אויפלאַגע פון אַן אַלטער מעשה

עס געשעט נישט זעלטן, אַז רייכע עלטערן דערציען זייער בן־יחידל אין עסיק און האָניק, שטרעקן פאַר אים דאָס לעבן, קויפן אים אויס פון פריזיוו, שלאָפן נישט נעכט און לייגן־איין וועלטן — אבי צו מאַכן אים פאַר אַ לייט מיט לייטן גלייך. און אַז מען דערלעבט שוין צו זען דעם בנאָק אונטער דער חופה און דער טאַטע נעמט אים אַריין אין די געשעפטן — הייבט אָן דאָס בן־יחידל צו „דריגען", ווי מען זאָגט. עס געפעלט אים נישט ווי דער טאַטע פירט די מסחרים. עס געפעלט אים איבערהויפט נישט, וואָס דער „אַלטער" האַלט די שליסלען פון דער קאַסע; און בכלל איז ער, דאָס בן־יחידל, שוין נישט מער קיין חדר־ייִנגל און ס'איז די העכסטע צייט צו בייטן די סיסטעם פון די מסחרים.

און דער טאַטע ווי אַ טאַטע: סיי־ווי האָט ער דאָך אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט פאַרן בן־יחידל, צוליב אים איז ער נישט געשלאָפן נעכט און איינגעלייגט וועלטן. איז פאַרוואָס טאַקע זאָל ער אים נישט געטרויען די שליסלען פון דער קאַסע און אים נישט לאָזן זיין זעלבשטענדיק? גיט איבער דער טאַטע די שליסלען צום בן־יחידל; ער לאָזט איבערמאָלן די שילד און געבן דעם נאָמען „אפרים בערל עפשטיין" קומט צו דער באַרימטער „עט זאָהן", ס'הייסט „אפרים בערל עפשטיין עט זאָהן". אָבער אַז אויף צו מאָרגנס קומט אַריין דער טאַטע אין דער קאַנטאָר טרעפט ער שוין דעם „עט זאָהן" זיצן אויף זיין אָרט און דאָס בן־יחידל בעט אפילו נישט דעם טאַטן זיך זעצן. מילא, שלינגט דער טאַטע אַראָפּ די עוולה. ס'איז פאָרט זיין קינד, זיין בלוט און לייב. וועט ער דאָך נישט נעמען צוליב אַ שטול און זיך צעקריגן מיט אים. אלא מה? דאָס נישט בעטן אים זיך זעצן? ווייס איך וואָס, מסתמא איז דאָס אַ צופאַל...

ווי דער שטייגער, הייבן זיך אָן איבערחזרן די „צופאַלן". דאָס בן־יחידל הערט אויף צו זען דעם טאַטן און טאָמער דערזעט ער אים יאָ, איז ווי ער וואָלט דערזען אַ קלאָץ פאַר די פיס. ווערט דער טאַטע ברוגז, וויל עפּעס זאָגן, פאַר־דרייט דאָס בן־יחידל מיט דער נאָז און ווען דער טאַטע קומט אויף צו מאָרגנס געפינט ער, אַז פון שילד און פון די פירמע־בלאַנקען איז פאַרשוווּנדן דעם „אפרים בערל עט זאָהן" און אַנשטאָט דעם שטייט בפירוש „מאַקס עפשטיין" און גיי לאָד מיך צום רב...

ווערט שוין דעם פאָטער גאַנץ שווער אויפן האַרצן: אַ גאַנץ לעבן געהאָרעוועט, אויסגעטראָגן די „פליטהס", די וועקסעלעך, נישט געשלאָפן, נישט געגעסן, איינגעלייגט וועלטן, און דאָ קומט דער כניאָק און שטעלט מיך אַרויס

הינטער דער טיר. הייבט אָן אפרים־בערל עפשטיין אַרומצולויפן זוכן גערעכטיקייט: אַזאַ זאַך אָפּטאָן אַן אייגענעם פאָטער? אַזוי אים מבייש זיין? ניין, ער וועט נישט שווייגן, ער וועט... ער וועט... קלאַפּן אין טיש!

טראַכט זיך דאָס בן־יחידל: מען דאַרף היטן די פירמע. עס לוינט נישט צוליב אַן אַלטן טאַטן אַרויסצורופן בייז בלוט ביי מענטשן און זיי אויפבינדן די צינגער. רופט ער אַריין דעם טאַטן און זאָגט אים: אדרבה, איך וויל דיך גאָרנישט אַרויסשטופּן פון די געשעפטן. אַלץ וואָס איך האָב געטאָן איז טאַקע כדי די געשעפטן זאָלן גיין וואָס בעסער און די פירמע עפשטיין זאָל אָנהאַלטן דעם גוטן נאָמען. האָסט טענות, אַז איך האָב דיך אַרויסגעשטופּט פון געשעפט? חס וחלילה. קענסט אַריינקומען יעדן טאָג. אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ: אָט דאַרף מען לויפן איינמאָנען חובות, אָפּטראָגן אַ פּעקל, אַרויסטראָגן אַ קערבעלע מיסט וכדומה. וועסט פון היינט אָן באַקומען די אויסשליסלעכע רעכט אויף די אַרבעטן און אונדזער פירמע וועט גיין!...

פאַרוואָס האָב איך דערציילט אָט די גלות־געשיכטע? היינט זענען מיר דאָך, ברוך השם, נישט מער אין גלות; און אַזעלכע זאַכן וועלן זיך, אם ירצה השם, מער אין יידישן לעבן נישט איבערחזרן. איז די מעשה, וואָס אונדזערע שיך זענען נאָך באַלייגט מיט דער בלאָטע פון גלות און יעדן טאָג שלינגען מיר „גאולה־פילן" און „חזון־טאַבלעטן" און שוין קומט פאַר פאַר אונדזערע אויגן אַן „אפרים־בערל עפשטיין"־געשיכטע, וואָס דער אַלטער אפרים־בערל עפשטיין וואָלט געהאַלטן, אַז זיין מאַקסל איז אַ צדיק, וואָס דאַוונט אין רבינו תמס תפילין, אַנטקעגן אונדזער אייגענעם, אויסגעלייזטן מאַקסל.

אָט נעמט, אַ שטייגער, אונדזער רעגירונג און די ציוניסטישע באַוועגונג: עפּעס אַ קלייניקייט די ציוניסטישע באַוועגונג! פופציק יאָר האָט זי איינגעלייגט וועלטן פאַר ארץ־ישראל. נישט געשלאָפן קיין נעכט, באַוויגן מדינות און רעגירונגען, געמאַכט קאָנגרעסן, אויפגעשטעלט אינסטיטוציעס, ווו נאָר זי האָט דערווישט אַ פּרוטה האָט זי אַריינגעלייגט אין ארץ־ישראל, אין יעדער שטאָט און שטעטל איבער די תפוצות האָט זי אָרגאַניזירט יידן, געשאַפן אַ חלוצישע באַוועגונג, גערופן, געקלאַפּט, געוועקט, געשאַפן וויזיעס, הכשרות, קבוצות, חוגים, לשכות, פּושקעס — אַלץ פאַר ארץ־ישראל. און געדאַכט האָט זיך, אַז ווען די אויסגעחלומטע שעה וועט קומען און יידן וועלן אויסגעלייזט ווערן פון גלות — וועט מען די ציוניסטישע באַוועגונג אַריינזעצן אין אַ קאַטש און זי אַריינפירן אין די טויערן פון ירושלים און זאָגן צו איר: האָסט געשטרעקט דאָס לעבן פאַר אַ יידישער מדינה — אָט איז די יידישע מדינה און זעץ זיך אַוועק אויבן־אָן און האָב אַ בכבודיקע עלטער. בפרט אַז די „פירמע" האָט נאָך, נישקשה, אַ שפּאַר ביסל אַרבעט אַוועקצולייגן, איידער מען וועט איר באַוואָרענען קעגן פּליטהס, צוגווינטן, קריזיסן און אנדערע אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען. אָבער געשען איז פּראָסט און גלותדיק, טאַקע אויפן אַלטן שטייגער פון די אפרים־בערל עפשטיינס.

ווי נאָר אונדזער רעגירונג האָט זיך אַריינגעזעצט אין זאַטל, האָט זי

גליך אַנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי איז מען „מבער דעם חמץ”. אָבער דעם אַלטן טאַטן, ס'הייסט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט מען נאָך געדאַרפט. עס איז אַ באַקאַנטע פירמע, וואָס אירס אַ ווערסעלע קען מען לייכט דיסקאָנטירן. און מיט די גויים האָט מען אויך אַ שטיקל חשבון; און דער אַלטער טאַטע קען זיך מיט די פּריצים, וואָס עס קען זיין, אַז מען וועט זיי נאָך דאַרפן...

דערנאָך האָט מען געזאָגט צום אַלטן טאַטן ער זאָל געבן די שליסלען צו דער קאַסע. און אַ טאַטע ווי אַ טאַטע. טראַכט ער זיך: סיי־ווי אַרבעט איך דאָך מיין גאַנץ לעבן פאַרן בן־יחידל — איז וואָס וועל איך האַלטן די שליס־לען? — טאָ נאַדיר די שליסלען און נאַדיר די קוגים. און ווי נאָר דאָס איז געשען, איז דאָס בן־יחידל געוואָרן גרויס ביי זיך און דעם טאַטן אָנגעהויבן אַרויסשטופּן. און נישט בלויז פון דער שילד איז פאַרשוווּנדן דעם טאַטנס נאָמען, נאָר דעם טאַטנס נאָמען איז שוין באַלד חוזק.

אדרבה, וועלכער ייד אין אַמעריקע וועט איך היינט זאָגן, אַז ער איז אַ ציוניסט? טאָמער וועט ער זאָגן, אַז ער איז אַ ציוניסט, וועט מען לאַכן פון אים; מיר ווייסן שוין: אַ באַנקראָטירטע פירמע! אַ ייד אין אַמעריקע, וואָס וועט וועלן ווייזן ווי נאָענט ער שטייט צו דער ישראל־רעגירונג, וועט ער איך ליבערשט זאָגן, אַז ער געהער צו די עקסטרעמע אַסימילאַטאָרן; און ציוניזם איז אים פרעמד, אַז ער ווייסט גאָרנישט, וואָס דאָס איז.

און אויך ביי אונדז אין לאַנד שעמט זיך שוין באַלד אַ ייד צו זאָגן, אַז ער איז אַ ציוניסט. איידער צו זאָגן, אַז ער איז אַ ציוניסט, וועט ער איך ליבערשט זאָגן, אַז ער איז אַן אימפּאָרטער פון „יבוא בלי תשלום”. און פּראַווען ציוניזם איז אַזוי גליך ווי רעדן נאַרישקייטן, אַז אויפן הימל איז אַ יאַריד. שוין אַ צווייט יאָר ווי איך האָב אין ישראל נישט באַגעגנט קיין ייד, וואָס זאָל פאַר מיר שטאָלצירן, אַז ער איז אַ ציוניסט. איינער זאָגט, אַז ער איז אַ שליח, דער צווייטער קלייבט זיך ווערן אַ דיפּלאָמאַט, דער דריטער שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז אַ מנהל, דער פערטער — אַ יועץ, דער פינפטער — אַ מפקח, דער זעקסטער — אַ מיניסטערס אַ גלידשוועסטערקינד, דער זיבעטער — אַז זיין פעטער אַרבעט אין „סולל־בונה”, דער אַכטער — אַז ער האָט געגעסן מיטאָג מיטן יושב־ראש פון דער ועדה הציבורית צו פאָרשן דעם לאָקשן־סקאַנדאַל. און דאָס אַלץ זאָגט מען איך, כדי מען זאָל איך, חלילה, נישט דאַרפן זאָגן, אַז איר זענט אַ ציוניסט, דאָס הייסט: אַ פאַרעלטערטע, אַרויס־געשטויסענע פירמע.

פונדעסטוועגן האָט, אויפן שטייגער פון די אַלטע אפרים־בערל עפּשטיינס, די ציוניסטישע באַוועגונג אָנגעהויבן „איינלייגן וועלטן”: וואָס הייסט מען שטופּט מיך אַרויס? פאַרוואָס איז מיר מיין בן־יחידל מבזה? מיך שטופּט ער אַרויס פון געשעפט און חברט זיך מיט מיינע אַלטע קאָנקורענטן, מיט די אַסימילאַטאָרן, מיט גויים, מיט ווייס־איך־וועמען, אַבי נישט מיט זיין אַלטן טאַטן, וואָס אים האָט ער אַלץ צו פאַרדאַנקען.

האָט דאָס בן־יחידל מורא פאַר לייטיש געלעכטער. עס קען אַמאָל

שאַטן דעם גוטן נאָמען פון דער פירמע. האָט ער אריינגערופן דעם אַלטן טאַטן און געזאָגט: וואָס גייסטו אַרום און באַרעדסט מיך? אדרבה, איך בין גרייט צו געבן דיר אַ ספּעציעלן סטאַטוס. אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ: מען דאַרף זאַמלען געלט, האַלטן רעדעס, מאַכן באַנקעטן. אַט זיצן צענדליגער טויזנטער עולים אין געצעלטן און מען דאַרף האָבן געלט אויף הייזער, אינוועסטיציעס, מען דאַרף האָבן וואַסעררערן, רוישטאָפן, שפּייז און נאָך אַזעלכע זאַכן. איז אדרבה, שפּאַן זיך איין אין דער אַרבעט און זע צוהעלפן, אַז דאָס אַלץ זאָל זיין, וועל איך וויסן, אַז דו ביסט אַ גוטער טאַטע.

האָט טאַקע אונדזער רעגירונג אַריינגעטראָגן אין דער כנסת אַ געזעץ, וואָס זאָל געבן דער ציוניסטישער באַוועגונג די פּריווילעגיע זיך איינצושפּאַנען און שלעפּן דעם שווערן וואָגן; און אויפן וואָגן וועט זיצן דאָס בן־יחידל און אונטערשמייסן דעם אַלטן טאַטן: וויאָ, טאַטע, ווייס פון אַ לעבן!

און וואָס טוט נישט אַ טאַטע פאַר זיין בן־יחידל?

9טער מאי 1952

## חיים נחמן חלבון און ד"ר טעאָדאָר לב־קטן

אין דער וווּנדערלעכער היסטאָריע פון שוטהלאַנד ווערט דערציילט אַזאַ מעשה: אין יאָר 4444 נאָכן וועלט־באַשאַף, האָט איבערן דאָזיקן לאַנד געהערשט מלך טיפּש דער צווייטער, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ווייב די פּרינצעסין בהמהלינע. איז איין מאָל געקומען די מלכה בהמהלינע צו איר מאַן, דעם מלך טיפּש דעם צווייטן, און האָט געזאָגט צו אים אַזוי צו זאָגן:

— נישט אויף דעם האָב איך מיט דיר חתונה געהאַט, אַז אין דיין לאַנד זאָל הערשן כאַאָס!

האָט זיך דער מלך טיפּש דערשראָקן פאַרן כעס פון דער מלכה בהמהלינע און געפרעגט אַזוי צו פרעגן:

— איך בין ביז איצט געווען איבערצייגט, אַז מיין לאַנד איז דאָס גליק־לעכסטע לאַנד אויף דער וועלט, ווי די אַלטע פילאָסאָפן האָבן שוין פעסט־געשטעלט, אַז שוטה־בירגער ווייסן נישט פון קיין זאָרג. איז ווו, מיין בהמהלינע, זעסטו דעם כאַאָס אין מיין לאַנד?

האָט די מלכה בהמהלינע צוגעפירט דעם מלך טיפּש צום פענצטער און אים געזאָגט:

— קוק!

— איך קוק — האָט דער מלך טיפּש געזאָגט — אָבער אַחוץ מיינע אָפּגעריסענע אונטערטעניקע בירגער זע איך גאָרנישט.

— ווי און וויסט צו מיינע יונגע יאָרן — האָט די מלכה בהמהלינע פאַרבראָכן די הענט — צי זעסטו נישט, אַז איין בירגער איז אַ געלער, דער צווייטער אַ שוואַרצער, דער דריטער אַ בלאָנדער און דער פערטער אַ ברוינער? ווי קאָן דאָס אַ ריכטיקער מלך פון שוטהלאַנד דולדן אַזאַ כאַאָס? שוין זאָלן מיר אַלע אונטערטעניקע זיין פון איין קאָליר!

האָט דער מלך טיפּש דער צווייטער אַ קוק געטאָן אויף זיין באָרד און געזען, אַז זי איז ווייס און ער האָט געפרעגט די מלכה:

— פון וואָס פאַראַ קאָליר וואָלסטו וועלן האָבן מיינע אונטערטעניקע?

— איך וואָלט וועלן אַלע זאָלן זיין ווייס — האָט בהמהלינע געענטפערט.

האָט דער מלך טיפּש געזען, אַז מלכה בהמהלינע איז פאַרליבט אין זיין באָרד און ער האָט באַפוילן זיינע הויף־מיניסטאָרן, אַז ביז די נייע לבנה וועט אָרויסקומען זאָלן אַלע זיינע אונטערטעניקע זיין ווייס.

האָבן די מיניסטאָרן גערופן צו זיך די פּייערלעשער און באַפוילן אַזוי צו זאָגן: פילט־אָן אייערע פּאָמפּעס מיט קאַלך; און ביז די נייע לבנה וועט

אַרויסקומען, זאָלן די האָר פון אַלע בירגער זיין באַשפּריצט מיט קאַלך.

און ווען די נייע לבנה איז אַרויסגעקומען זענען דער מלך טיפּש און די מלכה בהמהלינע געשטאַנען ביים פענצטער פון זייער פּאַלאַץ און ארויסגע־קוקט און געזען, אַז אַלע אונטערטעניקע זענען ווייס, ווי פון זעלבן קאַלך געגאָסן.

—ביסט צופרידן, מיין בהמהלינע? — גלעט זיך מלך טיפּש די באָרד.

— ניין, מיין מאַן — ענטפערט מלכה בהמהלינע — ווי קאָנסטו דאָס פאַרטראָגן, אַז אין דיין קיניגרייך זאָל איינער גיין גלייך בעת דער צווייטער הינקט, וואָס אַזאַ אומגלייכהייט קען אַרויסרופן אַן איבערקערעניש אין דיין קיניגרייך.

— ביסט גערעכט, מיין מלכה — האָט מלך טיפּש געזאָגט און אַריינ־גערופן זיינע הויף־מיניסטאָרן און צו זיי געזאָגט אַזוי צו זאָגן: צווישן מיינע אונטערטעניקע זענען פאַראַן טייל, וואָס הינקען. באַפעל איך אייך: אַלע זאָלן גיין גלייך, אָדער אַלע זאָלן הינקען.

איז היות ווי די מיניסטאָרן האָבן נישט געקאָנט מאַכן, אַז די הינקענדיקע זאָלן גיין גלייך, האָבן זיי באַפוילן אַז ביז די נייע לבנה וועט ארויסקומען זאָלן אַלע גלייכע אונטערהינקען.

און ווען די נייע לבנה איז ארויסגעקומען זענען דער מלך טיפּש און די מלכה בהמהלינע געשטאַנען ביים פענצטער פון זייער פּאַלאַץ און אַרויס־געקוקט און געזען, אַז אַלע אונטערטעניקע הינקען. און דער מלך טיפּש איז געווען צופרידן. אָבער די מלכה בהמהלינע האָט זיך צעוויינט:

— זע נאָר — שרייט זי — טיפּש מיינער, ווען אַלע דיינע אונטערטעניקע האָבן אונטערגעהאַקטע פיס, האָבן די פאַרשטאָרבענע קריגסלייט אויף די דענקמעלער גאַנצע פיס. איז, ווי קאָן זיין איינהייטלעכקייט אין דיין לאַנד? שוין זאָל מען זיי אונטערהאַקן די פיס, כדי אַלע דיינע אונטערטעניקע זאָלן זיין גלייך, ווי די זאַנגען אויף די קאָרן־פעלדער.

האָבן די הויף־מיניסטאָרן באַפוילן אונטערהאַקן די פיס פון די דענק־מעלער און דער מלך טיפּש איז געווען צופרידן, אָבער די מלכה בהמהלינע איז נאָך אַלץ ניט געווען צופרידן.

— וואָס פּייניקט דיך נאָך, מיין שאַץ? — האָט דער מלך טיפּש געפרעגט.

— ווען מען זאָל קאָנען אויסגלייכן, אַז איינער זאָל נישט זיין נידעריקער און דער צווייטער העכער, וואָלטן מיר געהאַט די גלייכסטע מלוכה אויף דער וועלט.

— זאָל איך אַראָפּנעמען די קעפּ פון די העכערע, מלכה בהמהלינע, אָדער זיי לאָזן אָפּהאַקן די פיס?

— בעסער די קעפּ — האָט בהמהלינע געענטפערט — וויל סיי־ווי זענען די קעפּ פון דיינע אונטערטעניקע אַן איבעריקע לאַסט פאַר דיין מלוכה...

איך וואָלט אייך דערציילט נאָך ווייטער, ווי אַזוי מלך טיפּש און מלכה בהמהלינע האָבן גייסטיק און פיזיש פאַראיינהייטלעכט זייער קעניגרייך. אָבער

גראָד, ווען איך האָב געהאַלטן ביים שרייבן די שבתדיקע שמועסן האָט מיר אַ ציטונגס־יינגל אַריינגעבערענגט אַ בלאַט־צייטונג און ביים איבערקוקן די צייטונג האָט מיר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין פּלוצעם איבערגעטראָגן געוואָרן אין יאָר 4444 נאָכן וועלט־באַשאַף.

געוויען איז עס בלויז עפּעס אַן אומגעלומפּערטע אַסאָציאַציע אין אַ חמסין־טאָג. וואָרום ווו קומט הודו אין באַד אריין? ווי קומט דאָס יאָר 4444 נאָכן וועלט־באַשאַף צום יאָר 1952 לויט דער נייער צייט־רעכענונג? און ווי קומט מלך טיפּש צו דער תקופה פון דעמאָקראַטיע? נאָר פונדעסטוועגן לאָמיר איך דערציילן באריכות.

דער באַריכט פון דער כנסת האָט איבערגעגעבן וועגן אַ זעלטנהייט — אַ פאָרשלאָג מיט אַ באַגרינדונג וועגן אַ וויכטיקן קולטור־ענין: היות ווי ביי אונדז זענען איצט פאַראַן יידן פון דער גאַנצער וועלט און פון אַלע שבטים; און יעדער שבט האָט זיך זיין קאָליר און זיין שטייגער; און אַז איינער האָט ליב פּאַלאַפעל, האָט דער צווייטער ליב וואַרעניקעס; און אַז איינער טראָגט אַ קאַפּעליטש, טראָגט דער צווייטער אַ טורבאַן; און אַז ביי איינעם טראָגט דאָס ווייב פּלודערן, טראָגט ביי אַ צווייטער דער מאַן הויזן; און אַז איינער רעדט אַראַביש, רעדט דער צווייטער יידיש — זאָל מען אַרויסגעבן אַ געזעץ, וואָס זאָל צווינגען צו בייטן די כל־מיני פאַמיליען־נעמען אויף העברעאישע פאַמיליען־נעמען. און אין דעם זכות וועלן מיר זוכה זיין צו ווערן אַן איינהייטלעך פאָלק און פאַרגעסן אַלע פורעניותן און גלותן; ממש אַ פאָלק, ווי פון איין קאָפּיטע אַראָפּ.

נו, טאָקע, איך פרעג אייך: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז ביי איין פאָלק זאָל איינער הייסן אידעלסאָן, דער צווייטער פייערבערג, דער דריטער יאַנאָווסקי, דער פערטער האַליטש, דער פינפטער ווייס־איך־וואָס פאַר אַן אויסטערלישן נאָמען. מיט איין וואָרט: די פרעמדע נעמען זענען אַן אָנשיקעניש, וואָס צעשפּאַלטן די נאַציע, מאַכן כעפּרא דערעא פונעם חזון צונויפצומישן, צונויפצוגיסן, אויסצופאָרמען און אויסצובילדן, איינצוזאַמלען און איינצוואָרצלען די שבטים פון כל ארבע פינות העולם.

און ווען אַלע שבטים וועלן אויסבייטן זייערע ביז־איצטיקע גלות־נעמען אויף צדקוני, בן־ישר, רחמני, לב־טוב, בן־טוב, נדיבי, שלומי און אַנדערע מעלות־טובות־נעמען — זענען מיר געראַטעוועט. דעמאָלט וועלן מיר האָבן אין דער לינקער פּאה אַלע שווער־יקייטן: מיר וועלן פאַרגעסן אין עקאָנאָמיע, פּאָליטיק, פינאַנסן, הלוואות און מגביתן, אין „פשיטת רגל״ און אין „פשיטת יד״. מיר וועלן האָבן אין דער טיפער אדמה אַלע זאָרגן. די איילבירטן וועלן אַליין אַראָפּ־קומען פון די ביימער; די פאַרטריקנטע פּרדסים וועלן אויפשטיין תחית־המתים; פון די לייוונטענע ביידלעך וועלן אַרויסוואַקסן שיכונים; אַלע קינדערלעך אין מדינת ישראל וועלן האָבן שולן און קינדערהיימען און נישט דאַרפן אָנקומען צו די מיסיאָנערן־שולן אין יפו; מען וועט ווייניקער גנבענען און באַגזלענען די מדינה; אין דער סוכנות וועלן שמאַראַק און אשכול קאָנען לעבן צוזאַמען, ווי

באחרית הימים. עס וועלן פאַרשווינדן די פינף און ניינציק פאַרטייען מיט די 888 פאַרשידענע אייגענע אינטערעסן; איין ייד צום צווייטן וועט זיין, ווי אַ לייבלעכער ברודער; די קולטור־אונטערשיידן צווישן די שבטים וועלן אָפּגעווישט ווערן — מיט איין וואָרט: נאָר צווינגען צו בייטן גאָלדבערג אויף הר־זהב — און מיר האָבן דעם גאָלדענעם באַרג.

זעט איר: דאָס אַליין איז דווקא נישט שווער. אַדורכצופירן אַ געזעץ איז ביי אונדז פיל לייכטער, ווי באַקומען אַ קורצטערמיניקע הלוואה אין דאָלאַרן. די קאָאַליציע דאַרף נאָר מאָביליזירן אירע כוחות; און דעמאָלט מעג זיך די אָפּאָזיציע וואָרפן, ווי אַ פיש אין וואַסער — און דאָס געזעץ וועט אָנגענומען ווערן. דער פּראָיעקט פון געזעץ דאַרף נאָר קומען פון דער ריכטיקער זייט. בפרט ווען מען קאָן אַזאַ געזעץ פאַרשרייבן צו די גרויסע דערגרייכונגען. און וואָס פאַר אַ גרעסערע דערגרייכונגען קאָן נאָך זיין, ווי ברענגען די פולע ישועה אויפן פאָלק ישראל?

איז אָבער די מעשה פון דער געשיכטע די היסטאָריע מיטן כולו חייב אָדער כולו זכאי. דער פּראָיעקט־געבער צו בייטן די נעמען — און דערמיט ברענגען די ישועה — איז טאַקע אַן אייגענער מענטש און דווקא פון די אָנגע־געזעצטע. ער האָט אָבער פאַרגעשלאָגן, אַז די ישועה קאָן קומען, ווען מען וועט דורכפירן די נעמען־ענדערונגען טאָטאַל. דאָס הייסט: מען זאָל בייטן די נעמען נישט בלויז פון די לעבעדיקע יידן אין מדינת ישראל, נאָר אויך פון די גע־שטאָרבענע פירער, וואָס אויף זייערע נעמען זענען פאַראַן גאַסן אין די שטעט פון מדינת־ישראל. וואָרום ווי אַזוי קאָן קומען די ישועה אויב די לעבעדיקע צדקוניס, בן־ישרס, רחמנית, לב־טובס, בן־טובס, נדיבים און שלומיס וועלן זיך אַרומדרייען אויף די גאַסן פון הערצל, ביאליק, ליליענבלום, שיינקין, סאָקאָלאָוו, זשאַבאָטינסקי, פייערבערג, אַרלאָזאָראָוו, אידעלסאָן, צייטלין, מאָהילעווער און אַנדערע גלות־נעמען? איז דעריבער — כולו זכאי און זאָל קומען די גאולה, בייטן הייסט עס, אָט די אַלע גלות־נעמען פון די געשטאָרבענע פירער אויף העברעאישע נעמען און מיר האָבן די גאולה אין בוזעם־קעשענע.

איך האָב זיך שוין אפילו פאָרגעשטעלט, ווי אַזוי דאָס וועט אויסזען: ביאַליק וועט מען מסתמא בייטן אויף חלבון; און מען וועט לערנען קינדער אין די שולן, אַז חיים נחמן חלבון איז געווען דער גרעסטער העברעאישער דיכטער, וויזיאָנער און אויפלעבער פון העברעאיש.

און אַזוי ווי דער נאָמען סאָקאָלאָוו שטאַמט פון אַ נאָמען פון אַ שטאָט אין פוילן, וועט מען דעם נאָמען מסתמא פאַרבייטן אויף אַ שטאָט אין מדינת ישראל, לאָמיר זאָגן: פּתח־תקוה. און עס וועט הייסן, אַז נחום פּתח־תקוה איז געבוירן געוואָרן אין ווישעגראַד ביי פּלאָצק, ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „הצפירה״, העברעאישער שריפטשטעלער און פּובליציסט, פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — נחום פּתח־תקוה.

און ליליענבלום וואָלט אויסגעקומען איבערצוזעצן אויף פּרח־חבצלת. וואָלטן דאָך יידן געפרעגט: ווער איז דאָס דער משה לייב פּרח־חבצלת, וואָס האָט

זוכה געווען צו אַ גאַס אין תל־אביב? און קיין שום ענציקלאָפּעדיע אויף דער וועלט וואָלט איך נישט געענטפערט, אַז דאָס מיינט מען דעם קיידאַנאָווער עלוי און זאַמעטער משכיל, דעם וועקער צו חיבת ציון — משה לייב ליליענבלום. און בייזע צינגער וואָלטן באַלד גזעאָגט, אַז אָט דער פּרח־חבצלת איז מסתמא אַ וותיק, אָדער איינער פון „סולל־בונה", וואָס האָט דורך פּראָטעקציע באַקומען אַ גאַס אין תל־אביב...

און איצט, וואָס וואָלט מען געמאַכט מיטן נאָמען הערצל? ווען איר זאָלט אפילו געהערן צום ועד הלשון און זיין אַ געבוירענער כנעני וואָלט איר אויך דעם נאָמען הערצל נישט געקאָנט איבערזעצן אויף אַ מידות־טובות־נאָמען, נאָר פּונקט פאַרקערט. וואָרום דער ווערטלעכער טייטש פון הערצל איז — לב־קטן. איר שטעלט זיך פאָר אַזאַ זאַך? דער שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם, דער מחבר פון „יידנשטאַט", דער וויזיאָנער, וואָס האָט צום יאָר פאָרויסגעזען די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה — ד״ר טעאָדאָר לב־קטן.

איר לאַכט? איר זאָלט נישט לאַכן! דער פּראָיעקט־געבער צו פאַר־העברעאישן די נעמען פון פאַרשטאָרבענע פירער איז אַ געזעצטער, ערנסטער און חשובער מנהיג בישראל. און ער האָט דעם פאָרשלאָג פאַרטיידיקט פון דער כנסת־טריבונע. און מען האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעשטימט. און מיר האָבן צו פאַרדאַנקען דער השגחה, וואָס כאָטש דער פּראָיעקט־געבער איז אַ מפא״י־פירער (אַ גאָט, וואָס פאַר אַ נסים דו טוסט מיט אונדז!) איז דאָס מאָל דער פּראָיעקט דורכגעפאַלן: 26 האָבן געשטימט קעגן און 18 האָבן געשטימט — פאַר. איר זעט, אויף וואָס פאַר אַ משקולת עס איז געהאָנגען די געשיכטע?

און איצט גלייב איך, אַז איר פאַרשטייט מיין אַסאָציאַציע מיט דער געשיכטע פון יאָר 4444 נאָך דער וועלט־אַנטשטייאונג...

16טער מאַי 1952

# דאָ גיט מען און דאָרט נעמט מען

אַ קליינשטעטלדיקער באַלעגאָלע האָט זיך אַמאָל אָנגעהערט פון שפּילעטערן וועגן די געוואַלדיקע געשעפטן וואָס מען מאַכט אין די גרויסע שטעט. דאָרט זענען פאַראַן אַזעלכע געשעפטן וווּ מען טוט גאָרנישט, נאָר מען זיצט ביי קאַנטאָרלעך און דאָס געלט קומט אַליין אַריין. אָט אין די גרויסע געשעפטן זיצן מענטשן אין ווייסע מאַנקעטן, טרינקען טיי, שמירן די האָר מיט פּאָמאַדע און פון דעם האָבן זיי פּרנסה — הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן!

איז דעם באַלעגאָלעס פאַנטאַזיע צערייצט געוואָרן און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז צופאָרן אין דער גרויסער שטאָט און זען, ווי אַזוי מענטשן האָבן פּרנסה פון זיצן ביי קאַנטאָרלעך. וואָרום אים אַליין וואָלט צונוץ געקומען אַזאַ „שטיקל" פּרנסה. וויפל איז דער שיעור צו האָרעווען? צו יאָגן זיך נאָך פּאַסאַזשירן? און ערשט זיין ווייב — זי יאָגט דאָך אַרויס די כוחות פון זיך. פון פאַרטאָג ביז שפּעט אויף דער נאַכט העלפט זי אים שלעפּן דעם אַבאַראַק, קאָכט און וואַשט אַרויס פון זיך דאָס חיות...

האָט דער באַלעגאָלע אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, איינגעפּאַקט אין טשעמאָדאַנטשיק אַ פּאָר וועש און נאָך אַזעלכע זאַכן אין וועג אַריין, אַרויפגעזעצט זיך אויף דער קאָליע־באַן און אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט.

אָנגעקומען אין דער גרויסער שטאָט — זעט ער, אַז די גאַסן זענען פול מיט מענטשן: מענטשן לויפן אַהין און אַהער; און אָנגעטאָן זענען זיי — אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן! און אויסזען זעען זיי אויס, ווי עס וואָלט געווען חול־המועד. טראַכט ער זיך, אַז אויך דאָס לויפן מוז זיין אַזאַ מין פּרנסה. מען לויפט און מען האָט פּרנסה. עס איז אפילו נישט קיין שלעכטע פּרנסה, אויב מען קאָן אַזוי אויסזען. אויך ער וואָלט געקאָנט טאָן דאָס זעלבע — טראָגן יעדן טאָג די שבתדיקע קאַפּאָטע און לויפן. איי, עס טוען אים ווי די פיס, עס ברעכט אים אַ ביסל אין די געלענקען, וואָלט ער געקאָנט אַריינציען אין דער פּרנסה זיין נעכען, זי זאָל לויפן אביסל און ער זאָל לויפן אַביסל — אוןביידע וואָלטן זיך בכבודיק אויסגעשלאָגן די פּרנסה...

פונדעסטוועגן, אויב די שפּילעטערן האָבן דערציילט, אַז מען קאָן אויך האָבן פּרנסה פון זיצן — איז ער געגאַנגען זען, ווי אַזוי מענטשן מאַכן דאָס. קומט ער אַריין אין אַ באַנק און זעט קאַנטאָרלעך מיט פענצטערלעך, מיט מענטשן אין ווייסע מאַנקעטן און פּאָמאַדירטע האָר. זיי זיצן זיך צירלעך־מאַנירלעך און מענטשן קומען און מענטשן גייען. אין איין פענצטערל גיט מען אַריין געלט און פון אַ צווייט פענצטערל צאָלט מען אויס געלט. און אַלץ אַזוי געלאָסן

און אַזוי שטיל. טאַקע אַ בכבודיקע פּרנסה; און אַזאַ פּרנסה איז, ווי אָנגעמאָסטן אויף זיינע עלטערע יאָרן.

האָט זיך דער באַלעגאָלע צוריק אַרויפגעזעצט אויף דער קאָליע־באַן און אַהיימגעפאָרן און געלאָסן אַריינגעגאַנגען אין שטוב, אַזוי געלאָסן, ווי יענע מענטשן ביי די קאַנטאָרלעך, און געזאָגט צו זיין ווייב:

— נעכע, גיי אַוועק צום אַפּטייקער און זאָל ער דיר געבן אַ שאַכטעלע פּאָמאַדע צו די האָר.

— צו וואָס דאַרפסטו פּאָמאַדע צו די האָר?

— דאָס — זאָגט ער — איז אַ טייל פון דער פּרנסה, וואָס מיר וועלן איצט האָבן ביז איבערן קאָפּ.

און דער באַלעגאָלע האָט פאַרקויפט פערד־און־וואָגן, געלאָזט אויסהאַקן צוויי פענצטערלעך אין שפּאַנישן ווענטל פון זיין הייזקע. איבער איין פענצטערל אויפגעהאַנגען אַ שילדל „דאָ גיט מען" און איבערן צווייטן — אַ שילדל „דאָ נעמט מען" — און אין אַ מזלדיקער שעה האָט זיך דער באַלעגאָלע אַוועקגעזעצט ביי איין פענצטערל און זיין נעכע — ביים צווייטן פענצטערל און די „פּרנסה" האָט זיך אָנגעהויבן.

הכלל, איך וועל עס מאַכן בקיצור: דאָס פענצטערל מיטן שילדל „דאָ גיט מען" האָט געהאַט אַזאַ „זבאָר", אַז אויף צו מאָרגנס איז שוין דער באַלעגאָלע געזעסן ליידיק און נעכע ביים צווייטן פענצטערל — „דאָ נעמט מען" — איז אויך געזעסן ליידיק... פרעגט נעכע: וואָס איז דאָס פאַר אַ פּרנסה, וואָס מען נעמט און מען צעטיילט דאָס גאַנצע ביסל אָרעמקייט? ענטפערט דער באַלעגאָלע, אַז דאָס געשעפט דאַרף זיך „איינאַרבעטן", אַז אויך דאָס פענצטערל „דאָ נעמט מען" זאָל האָבן וואָס צו טאָן און דעמאָלט וועט מען האָבן אַ רואיקע פּרנסה. און כדי דאָס געשעפט זאָל זיך קאָנען „איינאַרבעטן" האָט אונדזער באַלעגאָלע אַראָפּפאַרקויפט פון זיך ביזן לעצטן פאָדעם; און אַז ער האָט דערזען, אַז אָט־אָט און ער וועט דאַרפן נעמען אַ טאָרבע און גיין איבער די הייזער — איז ער אַוועק צום רבֿ מיט אַ געוויין:

— הייליקער רבי — וויינט ער — איך האָב אַלץ געטאָן, וואָס מען טוט אין דער גרויסער שטאָט: איך האָב געלאָזט אויסהאַקן צוויי פענצטערלעך מיט שילדלעך. איך האָב געשמירט די באָרד מיט פּאָמאַדע און מיין נעכע שתחיה האָט געשמירט דאָס שייטל מיט פּאָמאַדע. איך בין געזעסן רואיק און מיין נעכע איז געזעסן רואיק, נישט מער, מיין פענצטערל — „דאָ גיט מען" — האָט געהאַט בעלנים, אָבער דאָס פענצטערל פון מיין נעכן — „דאָ נעמט מען" — האָט, פאַר קיין שום יידן געדאַכט, נישט אָנגעזען קיין צעבראָכענעם דרייער.

— און פון אַזאַ געשעפט ווילסטו האָבן פּרנסה? — האָט געפרעגט דער רבֿ.

— אַזוי האָט מען דאָך פּרנסה אין די גרויסע שטעט! — ענטפערט דער באַלעגאָלע — איך האָב דאָס אַליין געזען מיט מיינע אייגענע אויגן.

— און וואָס די לייט אין די גרויסע שטעט טוען הינטער די פענצטערלעך האָסטו געזען? — פרעגט דער רב.

— דאָס איז מיר נישט איינגעפאַלן צו זען.

— נו, טאָ פאָר צו אין דער גרויסער שטאָט און אַז דו וועסט זיך, אם ירצה השם, אויסלערנען צו טאָן דאָס זעלבע, וואָס יענע לייט טוען הינטער די פענצטערלעך, וועסטו האָבן פרנסה אפילו אָן פענצטערלעך...

נאָר דער באַלעגאָלע האָט שוין דעמאָלט נישט געהאַט קיין פרוטה אויף צו קויפן אַ בילעט אויף דער קאָליע־באַן און ער האָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ געזאָגט צו זיין נעכען:

— אָ, ווען איך זאָל פריער וויסן, וואָס איך ווייס איצט — וואָלטן מיר געהאַט אַ בכבודיקע פרנסה. נאָר ווו נעמט מען איצט אויף שבת?

די דאָזיקע מעשה האָב איך דערציילט סתם אַזוי, גאַרנישט, ווי אַ משל צו אַ נמשל. נאָר אַזוי ווי איך קען מיינע לייענער און איך פיל, אַז זיי וועלן אונזער רעגירונג פאַרגלייכן צו יענעם באַלעגאָלע, זאָג איך: איך האָב דאָס גאָר נישט געמיינט.

דער אמת איז, אַז אויך אונדזערע לייט האָבן זיך, פאַרגעשטעלט אַ מדינה־ווירטשאַפט פונקט ווי יענער באַלעגאָלע האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ „רואיקע פרנסה". זיי האָבן אַלץ איינגעשטעלט, ווי לייט שטעלן דאָס איין אין דער גרויסער וועלט: זיי האָבן געעפנט פענצטערלעך, אויפגעהאָנגען שילדלעך „דאָ נעמט מען" און „דאָ גיט מען", און אָוועקגעזעצט מענטשן דער „הלך זאָל ילכן", און געשען איז, אַז די פענצטערלעך „דאָ גיט מען" האָבן געהאַט אַזאַ „זבאָר", אַז זינט עס איז אויפגעקומען דער נייער ישוב אין ארץ־ישראל — האָבן יידן פון דער זייט פענצטערל נישט געהאַט אַזאַ פרנסה, ווי אין די לעצטע פיר יאָר אין מדינת ישראל. און דאָס צווייטע פענצטערל — „דאָ נעמט מען" — האָט געהאַט אַ פנים פון חוזק. זענען די לייט געפאַלן אויף אַ המצאה און די פענצטערלעך „דאָ נעמט מען" האָבן זיי געעפנט אין — אַמעריקע. און דער „הלך" האָט געיילכט" אַזוי לאַנג, ביז אונדזערע לייט זענען געבליבן, ווי יענער באַלעגאָלע, וואָס כאַטש גיי צום רב און שריי „חי וקיים".

אדרבה, זעט אַליין: די נעם־פענצטערלעך אין אַמעריקע האָבן געאַרבעט — אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן אַזאַ פרנסה! דאָרט האָבן יידן אַריינגעטראָגן דאָלאַרן, און דאָ, ביי אונדזער פענצטערל, זענען געשטאַנען פאַבריקאַנטן, סוחרים, תנובה, סולל־בונה, המשביר, און מען האָט גענומען וויפל מען האָט געוואָלט. עס איז טאַקע געווען אַ קאָנטראָל, וואָס קיין שטאַרקערע קאָן גאָר נישט זיין, וואָרום די וועלט איז נישט הפקר, אַז מען גיט עמעצן געלט דאַרף מען עס פריער איבערציילן, קאָנטראָלירן און ווידער איבערציילן, אַזוי ווי עס פירט זיך אין דער גרויסער וועלט.

אונדזערע גרויסע לייט האָבן אפילו שוין לאַנג געזען, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג: דאָרט טראָגט מען אַריין דאָלאַרן, דאָ צאָלט מען אויס

מאַשינען און רוישטאָפּן — און אַלץ ווערט פאַרפּאַלן, ווי אין וואַסער אַריין. די וואָס זיצן ביי די פענצטערלעך נעמען און גיבן און אַליין ווערן זיי אָרעמער פון טאָג צו טאָג; און נישט נאָר וואָס זיי ווערן אָרעמער, נאָר זיי ווערן נאָך בעל־חובות; און פון רחבותדיקן געבן האָבן זיי נישט אפילו אויף שבת...

האָבן לייטן געשריגן: קינדערלעך, פאַרט אַרויס אין דער גרויסער שטאָט און לערנט זיך, וואָס לייטן טוען הינטער די פענצטערלעך. האָט מען אָנגעהויבן שיקן שליחים, מיניסטאָרן, הויכע באַאַמטע מיט ווייבער און קינדער, געזעל־שאַפטלעכע טוער און נאָך אַזעלכע לייט... אַז מען שמועסט: פאָרן זיך לערנען ווי אַזוי מען מאַכט דאָס אין דער גרויסער וועלט!

און דאָס פענצטערל „דאָ גיט מען" איז דערוויל באַלאַגערט, יידן האָבן פּרנסה, מען דרייט, מען טוט, מען ווערט רייך, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז אונדזערע לייט האָבן זיך אָוועקגעזעצט נאָכטראַכטן און באַשלאָסן — צומאַכן אַ פענצטערל! איז, ווי דער שטייגער ביי אונדז, האָט מען צוגעקלאַפּט נישט דאָס ריכטיקע פענצטערל. אַנשטאָט פאַרמאַכן דאָס פענצטערל „דאָ גיט מען", האָט מען פאַרקלאַפּט די פענצטערלעך פון די בענק, וווּ עס ליגן די גראַשנס אויף נדנים פאַר טעכטער, אויף אַ דאַך איבערן קאָפּ, אויף אָנזאַמלען אַ פּאָר פּרוטהס אויף דער עלטער. אַ ביסל אָפּשפּאָרונגען פון יידן, וואָס פילן, אַז די כוחות ווערן שוואַכער און נאָך אַזעלכע פּקדונות, וואָס האָבן אַזאַ שייכות צום פענצטערל „דאָ גיט מען", ווי אַ פרומער ייד האָט אַ שייכות צו בשר־חזיר.

אָט בין איך היינטיקע וואָך געווען אין אילת. זיצן דאָרט אַרבעטער און אַרבעטן ביי שווערער אַרבעט, ווייל זיי ווילן אָפּשפּאָרן אַ פּאָר פונט. דער האָט אַלטע טאַטע־מאַמע, וואָס מען דאַרף שפּייזן; און דער האָט אַ פּאָר קינדערלעך, און פונעם לוין אין שטאָט קען ער נישט אַדורכקומען. זיצט מען אין אילת, אַ האַלב יאָר, אַ יאָר, מען קלייבט אַ פונט צו אַ פונט און מען טראָגט אים אַריין אין באַנק און מען חלומט, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט מען צוריקקומען אין שטאָט אַריין און האָבן אָנגעזאַמלט אַ פּאָר פונט. האָט מען אָבער פאַרקלאַפּט דאָס נישט ריכטיקע פענצטערל — און די אַרבעטער אין אילת, אין באר־מנוחה און אין אַנדערע מקומות זענען אש־להבה:

— פאַרוואָס האָט מען נישט גענומען 10 פּראָצענט פון די מיליאָניקע פאַרדינסטן פון די טראָסטן, פון די רייכע לייט און פון די סולל־בונהס און תנובהס, וואָס זענען אַריין אין מדינת ישראל מיט ליידיקע הענט און היינט האָבן זיי אָנגעפּראָפּטע זעק? פאַר וואָס האָט מען זיי אָנגעשטאָפּט מיט די אַמעריקאַנער הלוואות און מיר דאַרפן צאָלן צען פּראָצענט פון אונדזער שווייס? ווער בויט דעם נגב — די טראָסטן, די רייכע לייט, אָדער מיר בויען דעם נגב?

נאָר גיי און דערצייל די אילת־אַרבעטער, אַז אַנשטאָט פאַרקלאַפּן דאָס פענצטערל „דאָ גיט מען", האָט מען פאַרקלאַפּט אַ פאַלש פענצטערל און דאָרט, אין יענעם פענצטערל, טיילט מען ווייטער ביד רחבה. און די גרויסע לייט, וואָס שטייען הינטער די פענצטערלעך, שמירן זיך ווייטער מיט פּאָמאַדע, מאַכן דעם

אַנשטעל, אַז דאָס געשעפט גייט, אַז אָט־אָט, מיט די צען פראָצענט און מיט נאָך צען פּראָצענט, און אפשר מיט נאָך צען אָדער צוואַנציק פּראָצענט, וועט קומען די גאולה און דאָס געשעפט וועט אַוועק, ווי די געשעפטן אין דער גרויסער שטאָט...

נאָר איך האָב שטאַרק מורא, אַז מען דאַרף אַריינפאָרן אין דער גרויסער שטאָט און זיך ענדלעך אויסלערנען וואָס מען טוט דאָרט הינטער די פענצטערלעך.

אָבער ווו נעמט מען געלט אויף אַ בילעט אויף דער קאָליע־באַן, אויב דער קאָפּ פּלאַצט פון זאָרג, ווו מען נעמט אויפן נאָענטסטן שבת...

20טער יוני 1952

## וועלט־באַנעם און פיש

די אייניקלעך, זאָגט מען, האַלטן זיך שטענדיק קליגער פאַר די באָבעס און זיידעס. און אַז דער רבונו־של־עולם העלפט, אַז די אייניקלעך ווערן אַליין באָבעס און זיידעס — דערמאָנען זיי זיך, אַז זייערע באָבעס און זיידעס זענען גאָרנישט געווען אַזעלכע נאַראָנים. פאַרקערט, אין טיפערן עלטער ווייזן זיך אַרויס די פריערדיקע דורות אַ סך קליגער און פּראַקטישער. אין אַזאַ פאַל זאָגט מען: אָ, אונדזערע אבות האָבן געוווסט, ווי צו לעבן רואיקער און שענער!

און אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס, און דער עיקר אונדזערע באָבעס, האָבן געהאַט אַ סך דערפאַרונג אין פאַמיליע־ענינים. איז וועגן וואָס פלעגן זיך אַמאָל אונזערע זיידעס און באָבעס זאָרגן? צו ערשט האָט מען געזאָרגט צו דער־ציען די קינדער, דערנאָך זיי זאָלן קריגן זיווגים, און דערנאָך — זיי זאָלן זיך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר נישט רייסן איבער דער ירושה און זיך נישט ווערן בלוטיקע שונאים.

אונדזערע זיידעס און באָבעס האָבן נישט געוווסט פון קיין פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס און פון קיין געזעלשאַפטלעכע דאָקטרינעס. זיי האָבן נישט געקענט נישט מאַרקסן און נישט פרוידן, נישט דאַרווינען און נישט לייבניצן. זיי האָבן אָבער געוווסט, אַז מיטן מין מענטש איז נישט אין גאַנצן איי־איי־איי; און מען דאַרף זוכן אַ מיטל, ווי אַזוי מענטשן צו פאַרבינדן אויף אַזאַ שטייגער, אַז זיי זאָלן לעבן צווישן זיך בשלום און איינע די אַנדערע זיך נישט אויסדראַפּן די אויגן. און אַזוי, ווי געזאָגט, זיי האָבן נישט געוווסט נישט פון מאַרקסן און נישט פון פרוידן, און נישט פון דאַרווינען און נישט פון לייבניצן, האָבן זיי אויסגעפונען, אַז די בעסטע רפואה פאַרן מענטש איז צובינדן אים מיטן נאָפּל צו אַ צווייטן מענטש.

געדענקט זיך, ווי היינט, אַז אַמאָל־אַמאָל, ווען מאַמעס זענען געווען מאַמעס נישט פון איין קינד און נישט פון צוויי, נאָר טאָקע פון זעקס און אַכט און צען קינדער, פלעגן זיי זאַמלען די נאָפּלען פון די קינדער. די נאָפּלען פלעגן זיי צונויפ־בינדן צוזאַמען און זיי באַהאַלטן אינעם פוך פון דער פּערינע. און אַז עס איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד — האָט מען אויפגעטרענט די פּערינע, אויסגעזוכט דאָס בינטל נאָפּלען און צוגעבונדן נאָך אַ נאָפּל — אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז די מאַמע האָט געהאַט אַלע נאָפּלען אין דער פּערינע און זי איז געווען זיכער, אַז אירע קינדער וועלן לעבן בשלום ובשלווה.

צי די סגולה פון בינדן די נאָפּלען האָט שטאַרק צוגעהאָלפן צום שלום —

וויס איך נישט. איך וויס נאָר, אַז די מאָדערנע געזעלשאַפט האָט נישט געהאַלטן פון דער סגולה. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן, אַז די סגולה איז טאַקע אַ סגולה, נאָר היינטיקע צייטן, אַז מען האָט איין קינד, איז צו וועמען און צו וואָס קאָן מען צובינדן זיין נאָפּל? צובינדן דעם נאָפּל צו אַ פּאַרטיי־פּירער? צו אַ יקרות־הוספה? צו אַ טעלעגראַפן־סלופּ? עס זענען אָבער פאַראַן אַנדערע, וואָס זאָגן, אַז די געשיכטע מיט בינדן די נאָפּלען איז נישט מער ווי אַ רעאַקציאָנערע, פינצטערע זאַבאַבאָנע, אַן איבערבלייב פון מיטלאַלטער. ווארום דער בעסטער נאָפּל איז — דער אידעאָלאָגישער נאָפּל. טאָמער בינדסטו עמעצן צו מיט אַן אידעאָלאָגישן נאָפּל, וועט אים שוין קיין שום כוח נישט אָפּרייסן פונעם קאָלעקטיוו און ער וועט זיך אַזוי „פאַרקאָכן", פאַרליבן, הייסט עס, אַז ער וועט זיך מיט זיינע חברים טיילן מיטן לעצטן ביסן. זיי וועלן לעבן, ווי טייבעלעך און זיך עסן פון די פּיסקלעך...

האָט זיך די מאָדערנע מענטשהייט געשאַפן אַלערליי אידעאָלאָגישע נאָפּלען: נאַציאָנאַלע נאָפּלען, סאָציאַלע נאָפּלען, רעוואָלוציאָנערע נאָפּלען, וואָס יעדער האָט געגלייבט, אַז זיין נאָפּל איז דער בעסטער און שטאַרקסטער און אַז אַלע אַנדערע נאָפּלען זענען נישט ווערט, וואָס זיי לעבן אויף דער וועלט.

האָבן די סאָציאַליסטן געזאָגט, אַז דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם וועט ראַטעווען די וועלט. זענען געקומען די באָלשעוויקעס און געמאַכט פון זיי כעפּרא דערעא, אַז דאָס איז נאָך ערגער, רחמנא ליצלן, ווי רעאַקציע. און די באָלשעוויקעס האָבן געשאַפן אַן אייגענעם נאָפּל, וואָס איז ביי זיי געוואָרן טאַקע דער נאָפּל פון דער וועלט. און וואָס עס איז אַרויסגעקומען פון דעם נאָפּל — דאַרף איך אייך נישט דערציילן. האָבן מיר, יידן, געטראַכט, אַז אויב די וועלט איז שיין, זענען מיר קלוג און מיר וועלן וויזן דער וועלט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס אַ ריכטיקער סאָציאַלער נאָפּל. ס'הייסט, ווי אַזוי מיר וועלן דאָס צונויפבינדן אונדזערע נאָפּלען, זיך אויסמישן, פאַרבינדן זיך, פאַרקניפּן זיך נישט אויפן וואָרט, נאָר טאַקע אין קאָלעקטיוו, זיך צובינדן צו דער ערד, איינער צום אַנדערן און אַלע צו דער ערד; מען וועט לעבן צוזאַמען, עסן צוזאַמען, זיך טיילן מיט די קליידער, מיט די געדאַנקען, מיט דער אַרבעט און אַזוי ווייטער.

און געדאַכט האָט זיך אונדז, אַז מיטן אָוועקשטעלן אין ארץ־ישראל די קיבוצים, די אידעאַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, ווו קיינער פאַרמאָגט נישט קיין פּריוואַט־אייגנטום, וועלן מיר איבערדרייען די וועלט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף; און עס וועט הערשן דער אידעאַלער שלום און מענטשן־ליבשאַפט. טאַקע אַזוי ווי אונדזערע באָבעס האָבן געגלייבט, אַז זיי וועלן דאָס אַדורכפירן מיט בינדן די נאָפּלען און זיי באַהאַלטן אין פּוך פון דער פּערינע...

און הלמאי זאָל איך לייקענען — די קיבוצים זענען געווען די שענסטע און די בעסטע נאָפּלען. די וועלט האָט אָנגעהויבן אויף אונדז קוקן מיט דרך־ארץ. אַ קליינקייט עפּעס דאָס יידישע פאָלק! די שענסטע ווערק שאַפן זיי. צו ערשט האָבן זיי דער וועלט געגעבן דעם תנ"ך; און דערנאָך די קיבוצים. און

גויים האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן. הערסט, די וועלט רעדט וועגן סאָציאַליזם, קאָמוניזם און נאָך אַזעלכע אידעאַלן; און דערווייל צווישן סאָציאַליזם און קאָמוניזם שעכט מען זיך, מען הרגעט זיך אויס אייגנציקווייז און קאָלעקטיוו. און דאָ זענען געקומען יידן און באַוויזן, אַז אַן בלוט־פאַרגיסונג, אָן מלחמות און רעוואָלוציעס פירט מען איין דעם אידעאַלן סאָציאַליזם, און מען טאַנצט האָראַ ביז אין בלויען טאָג אַריין.

איז זעט אויס, אַז די גויים האָבן אונדז נישט פאַרגונען און אונדז געגעבן אַן עין־הרע. און אפשר גאָר האָבן מיר אַליין אַ שלעכטן קוק געטאָן אויף אונדזער אידעאַל?

דווקא נאָך דעם, ווי מען האָט אונדז אַזוי פייערלעך פאַרשפּראָכן, אַז נאָך אין אונדזער דור וועלן מיר זוכה זיין צו סאָציאַליזם, צו אונדזער אייגענעם אידעאַלן, קיבוצישן און קיבוץ־גלויותדיקן סאָציאַליזם — איז אַ שוואַרצע קאַץ אַריבער דורך אונדזער אידעאַל און — מיר הערן די פּעטש און די קלעפּ אין די קיבוצים. וואָס איז פּלוצעם געשען, אַז פון דער גרויסער קאָלעקטיווער ליבע איז געוואָרן אַזאַ מין קאָלעקטיווע שנאה? פאַרוואָס האָט מען נעכטן געקאָנט טראָגן די זעלבע פאַר הויזן, זיצן ביי איין טיש און עסן פון איין טעלער; און היינט קאָן מען אפילו אונטער איין דאַך נישט זיצן?

טייל זאָגן, אַז אָנגעהויבן האָט זיך עס זינט מען האָט גענומען איינפירן פענסיאָנאַטן, פאַבריקלעך און מסחר אין די קיבוצים. אנדערע זאָגן, אַז צוזאַמען מיטן שוואַרצן מאַרק אויף פּראָדוקטן האָט זיך אין די קיבוצים אַריינגעכאַפּט אַ שוואַרצער מאַרק פון וועלט־אַנשויאונגען. כל־זמן, הייסט עס, יידן זענען געווען אָריגינעל און געבויט זייער אייגענעם סאָציאַליזם — איז גוט געווען. ווי באַר אָבער די פירער פון די קיבוצים האָבן אָנגעהויבן פאָרן צו די גויים, האָבן זיי אימפּאָרטירט „גויאישע" אידייען און זיי געוואָלט פאַרזעצן אויפן קיבוצישן באָדן; און דעמאָלט, הייסט עס, האָט זיך אין די קיבוצים אָנגעהויבן דער גויאישער שטייגער פון געבן פּעטש, פון רייסן פון זיך לעבעדיקע שטיקער און נאָך אַזעלכע דערפיגדונגען פון דער מאָדערנער וועלט.

נאָר מילא, כל־זמן ס'האָט זיך געהאַנדלט ביי פּעטש און נישט וועלן ווינען אונטער איין דאַך, קאָן מען נאָך זאָגן, אַז דאָס איז אפילו יידישלעך. עלעהיי מען פּאַטשט זיך איבער אַן עליה שבת אין שול; עלעהיי מען פּאַטשט זיך ביים ברענגען אַ נייעם רב אין שטעטל, אָדער אַשטייגער מען ווערט אין כעס אויפן גבאי און מען וויל נישט דאַווענען אין דעם שטיבל, ווו דער גבאי איז גבאי און מען גייט איבער אין אַן אַנדער שטיבל, ווי דאָס פלעגט געשען ביי יידן. איך קאָן נאָך אפילו פאַרשטיין, אַז אין איין קיבוץ שלאָגט מען זיך איבער אַ דרוקעריי, דאָס האָט אַ שייכות צו ספרים, צו גייסט. און גייסטיקע פּעטש האָבן אין זיך אַ באַזונדערן אַראָמאַט. מיר זענען דאָך דאָס עם־הספר!

איז אָבער די מעשה, וואָס מען גייט פון פאָדעם צום קניילעכל: מען האָט אָנגעהויבן מיט גייסטיקע און אידעאָלאָגישע פּעטש, ביים פונאַנדערגיין זיך צוליב

גויאישער וועלט־אָריענטאַציע און מען איז דערגאַנגען ביז — דערטרינקען שיפלעך פון אַן אַנדער קיבוץ.

כ׳מיין טאַקע די געשיכטע, וואָס איז געשען צווישן קיבוץ חולתא און דער קבוצה פון יסוד־המעלה. אַז דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן דעם ים סבכה און אַריינגעלאָזט אַהין פיש — האָט ער דאָס געמאַכט נישט פאַר חולתא און נישט פאַר יסוד־המעלה. נאָר אַז עס קומען צו גיין צוויי גרופּעס יידן און ביידע ווילן כאַפּן פיש — איז אדרבה ואדרבה, כאַפּט געזונטערהייט, און זאָל אייך גאָט העלפן.

איז ווער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז פון אַזאַ שיינעם ים מיט אַזוי פיל פיש זאָל ווערן אַזאַ בלאָטע? דאַכט זיך: די זעלבע יידן, ביידע אויסגעהאָדעוועט אויף ציוניזם, חלוציזם, אידעאַליזם; ביידע ווילן צוגלייך בויען סאָציאַליזם און די מדינה; ביידע ווילן אַנטוויקלען דעם ים און דיווירטשאַפט. אויף אַזוי ווייט גרייכט דער אידעאַליזם. אָבער אַז עס קומט צו כאַפּן פיש — זענען די פיש בלויז מיינע. און שוין חדשים־לאַנג, ווי אזיף אָט דעם קליינעם ים קומט פאַר אַזאַ שטורעם צווישן חולתא און יסוד־המעלה, אַז די צוויי ישובים האָבן זיך פאַר־וואַנדלט אין בלוטיקע שונאים. איך שטעל זיך פאָר, אַז ווען די סיריער קוקן אַראָפּ פון די בערג און זעען, ווי אַזוי צוויי חלוצישע גרופּן עסן־אָפּ איינער דעם אַנדערן די גאַל און ווי אַזוי חולתא דערטרינקט דאָס שיפל פון דער יסוד־המעלה־גרופּע, און מען שפּאַלט קעפּ, און יידן פאַלן אַריין אין וואַסער און ראַטעווען זיך צום ברעג — רייבן זיך די סיריער די הענט פאַר נחת. צו וואָס דאַרפן זיי די יידן דערגיין די יאָרן, אויב די יידן דערגייען זיך אַליין די יאָרן? צו וואָס דאַרפן זיי שיסן אויף יידישע שיפלעך, אויב יידן דערטרינקען אַליין זייערע שיפלעך און האַקן זיך מיט שטעקנס איבער די קעפּ?

און טאָמער פאַלט אייך איין צו זאָגן, אַז אין חולתא האָט זיך געפונען עפּעס אַ שייגעץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעבראָכן פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין און אַז ער האָט אויף אייגענער האַנט דערטרונקען דאָס שיפל פון אַ צווייטער יידישער גרופּע — פירט אייך אַרויס דער קיבוץ פון טעות. פאַרקערט, דאָס שיינע שטיקל אַרבעט איז אַ קאָלעקטיווע מלאכה. וואָרום אַז עס איז קיין חולתא געקומען פּאָליציי אויף אויסצוגעפינען דעם פאַרברעכער, האָט דער קאָלעקטיוו דעם פאַרברעכער אויסבאַהאַלטן און גענומען אויף זיך די קאָלעקטיווע אחריות. און פאַרקערט, דער קיבוץ האַלט אפילו נישט, אַז עס איז באַגאַנגען געוואָרן אַ פאַרברעך. הערסט, דער ים איז „אונדזערער”, די פיש, זענען „אונדזערע” און מיר זענען געקומען פריער — איז ווי קומען עס אנדערע און ווילן אויך כאַפּן פיש? צי איז דאָס נישט אַ פאַרברעך פאַר וועלכן מען דאַרף דערטרינקען אַ שיפל און אָנברעכן די ביינער?

איר זאָגט, עס איז טראַגיש? אויך איך זאָג עס איז טראַגיש. איר פרעגט ווו עס איז דער חלוצישער נאַפל, וואָס האָט פאַרבונדן דעם קאָלעקטיוו אויף צו בויען אַ נייעם יידישן סדר פון סאָציאַליזם אין אונדזער דור?

קאָן זיין אויף דעם איין ענטפער: די סגולה פון בינדן נאַציאָנאַל־געזעל־שאַפטלעך־אידעאָלאָגיש־חלוצישע נאָפּלען איז אַ גוטע. נאָר ביים פייער פון די סוחריש־אידעאָלאָגישע קאַלקולאַציעס האָבן זיך די נאָפּלען אויסגעטריקנט און צעפאַלן און דאָס אַש איז אַריינגעפאַלן אין ים סבכה. דעריבער פלאַקערט דאָס פייער פון ברידער־שנאה, אַז אפילו דאָס וואַסער פון ים קאָן עס נישט לעשן.

איז ווי אַזוי וועט מען טאַקע לעשן דאָס פייער?

18טער יולי 1952

## דער קאַנטשיק און די געזעסלעך

פונקט ווי איר, בין איך אויך אַמאָל געגאַנגען אין חדר און אויך געהאַט אַ מלמד. און פונקט ווי אייער מלמד איז נישט געווען סתם עפּעס אַ ייד, נאָר איר קענט זיצן שעהן־לאַנג און דערציילן וועגן אים אויסטערלישע מעשיות, אַזוי קען איך אויך זיצן אַ לאַנגע ווינטער־נאַכט און דערציילן וועגן מיין מלמד אויסטערלישע שטיק. אָבער מיין מלמד האָט געהאַט אַ באַזונדער „פּעפּערל", וואָס אַז ער האָט „געוואָלט" האָט ער געקענט זיין שטאַרק ווי דוד המלך קעגן גליתן. ער האָט פאַרמאָגט אַלע אייגנשאַפטן פון אַ גבור: ער האָט געהאַט אַ פּאָר פּלייצעס, וואָס ווען איר לייגט אַרויף אויף זיי דאָס גאַנצע פּסחדיקע געשיר, וואָלט ער עס געקענט טראָגן מיילן ווייט, און אַ פּאָר בייזע אויגן האָט ער פאַר־מאָגט, וואָס אַז ער וואָלט נאָר איין רעכטן קוק געטאָן אויף די כמאַרעס פליגן אין חדר, וואָלטן, דאַכט זיך, אַלע פליגן אויסגעפּגרט. אָבער מיין רבי האָט „נישט געוואָלט".

זיין „ווילן" איז געלעגן אויפן אַלמער. און דאָס איז געווען אַ קאַנטשיק מיט פינף „לאָקשן", וואָס אַז ער פלעגט אים נאָר אַ נעם טאָן אין דער האַנט אַריין האָבן די הינטנדלעך פון די חדר־יונגלעך געציטערט ווי שעפּסן אין אַ געוויטער. מיטן קאַנטשיק אין דער האַנט איז מיין רבי געוואָרן אַ שמשון הגבור. און טאָמער איז אָנגעקומען די בייזע שעה און ער האָט זיך מיטן קאַנטשיק צו־געכאַפּט צו אַ קינדיש געזעסל, פלעגט ער צו אים אויסלאָזן זיין גאַנצע פינצטערע דאָליע: ער האָט געקלאַפּט פאַר זיין אייגענעם אייביקן פּחד; ער האָט געקלאַפּט דערפאַר, וואָס גאָט האָט אים נישט צוגעשיקט קיין בעסערע פּרנסה; דערפאַר וואָס דאָס ווייב דערגייט אים די יאָרן; און ער האָט געשמיסן דערפאַר, וואָס ער קען נישט שמייסן זיינע באַלעבאַטים. מיט איין וואָרט: מיין רבי האָט געהאַט גענוג סיבות, פאַרוואָס צו איזדעקעווען זיך איבער די קינדערישע געזעסלעך.

איז געשען איין מאָל. אין אַן ערב־זמן, ווען מיין רבין האָט אָנגעכאַפּט אַן אימה פאַר די אָנקומענדיקע ימים־נוראים; און נישט אַזוי פאַר די ימים־נוראים האָט ער מורא געהאַט, ווי דערפאַר, אַז די באַלעבאַטים זאָלן אים אויפן נייעם זמן נישט געבן די קינדער; און אַז ער וועט נישט האָבן די קינדער, וועט ער נישט האָבן קיין פּרנסה און דאָס ווייב וועט אים דערגיין די יאָרן — האָט דער מלמד אַראָפּגענומען דעם קאַנטשיק פון אלמער און געמאַכט אַזאַ יאַריד אויף די קינדערשע געזעסלעך, אַז אַלע קינדער זענען מיט די הייזלעך אין די הענט זיך צעלאָפן אַהיים און דער מלמד איז נעבעך געבליבן זיצן מיטן מידן

קאַנטשיק אין די הענט און געציטערט פאַר שרעק פאַרן ווייב און פאַר די באַלעבאַטים.

אָבער זיין ווייב האָט נישט געקענט צוזען דעם צער פון איר „גן־עדן־פירער" און געזאָגט צו אים בזה הלשון:

— שלימעזאַלניק מיינער, דו שעכסט זיך דאָך אָפּ אָן אַ מעסער. אַמער וואָלסטו אַריינגעלייגט דעם קאָפּ אין לערנען די קינדער; זיי זאָלן שבת ביים פאַרהער קענען אַ שייטל עברי, וואָלסטו דאָך געוועזן זיכערער מיט דער פרנסה, און דו וואָלסט נישט געדאַרפט מורא האָבן פאַרן בליק פון די באַלעבאַטים, און איך אַליין וואָלט נישט פאַרפינצטערט מיינע יאָרן ביי דיר, און דו וואָלסט נישט געדאַרפט שינדן די הויט פון די קינדערס געזעסלעך.

האָט דער מלמד אַ קוק געטאָן אויפן קאַנטשיק און זיך אויפגעקאָכט:

— שוין, ווילסט מיר שוין דאָס איינציקע פיצל פאַרגעניגן אין מיין לעבן אויך צונעמען?!

אין אָט דעם מלמד מיינעם האָב איך זיך דערמאָנט גראָד ביי אַ געלעגנהייט, וואָס איז זייער ווייט פון מלמדות און אין שייכות מיט יידן, וואָס זענען שוין גאָר נישט קיין מלמדים. איר קענט נישט זאָגן, אַז אונדזער רעגירונג באַשטייט פון מלמדים, כאָטש אין איר זיצן פרומע יידן. זיי זענען שוין גאָרנישט קיין מלמדים. און אויף די אפיקורסים אין דער רעגירונג קענט איר דאָך אוודאי און אוודאי נישט זאָגן, אַז זיי זענען מלמדים. אלא וואָס דען? אַלץ שמעקט מיט יענעם מלמד, וואָס זיין איינציקער כוח איז געלעגן אין שמייסן קינדערשע געזעסלעך און אַחוץ דעם האָט ער מורא געהאַט צו קוקן אפילו אויף פליגן...

אַ קוק טוענדיק אויף אונדזער רעגירונג זעט איר. קיין עין הרע, אַז איר האָט אויף וועמען צו שטעלן. הגם זייערע טאַטעס און זיידעס זענען נישט געווען קיין מיניסטאָרן — האָבן זיי אָבער געכאַפּט דעם שניט פון שאַפן געזעצן, פון אַרויסגעבן דעקרעטן, צונויפשטעלן בודזשעטן, איינפירן באַגרענעצונגען, קאָנטראָלן, מאַכן פּלענער און נאָך אַזעלכע זאַכן, אויף וואָס אַנדערע רעגירונגען אין גויאישע לענדער האָבן געדאַרפט אויפעסן די ציין. און זיי האָבן דעם שניט געכאַפּט צווישן מנחה און מעריב.

אדרבה, פּרוּווט ביי זיך אָפּמאַכן, אַז איין טאָג אין דער וואָך ווילט איר נישט זיין קיין תלמיד; איר ווילט פאַרגעסן, אַז איר האָט איבער זיך אַ מלמד און אַ קאַנטשיק, נאָר אַז איר זענט אַ פרייע פייגעלע אויף גאָטס פרייער וועלט. איז באַלד ווי איר דאַוונט אָפּ און איר זעצט זיך צום טיש עסן פרישטיק — זאָגט אייך אייער ווייב, אַז דב יוסף האָט נאָך היינטיקע וואָך נישט געגעבן קיין מאַרגאַרין און די צווי אייער. ווייסט איר גלייך, אַז די וועלט איז נישט הפקר, נאָר אַז איר האָט אַ פאַרזאָרגונגס־מיניסטער, וואָס זאָרגט פאַר אייער מאָגן און פאַרן האַנדל און אינדוסטריע. און אַז איר זענט שוין נאָך פרישטיק און איר גייט זיך שטעלן אין דער ריי צו וואַרטן אויפן אויטאָבוס צו פאָרן צו דער אַרבעט — דערפילט איר גלייך, אַז איר האָט אַ קאָמוניקאַציע־מיניסטער, און אַז די וועלט איז נישט הפקר. און אַז איר קומט צו דער אַרבעט און איר גייט

איינפּעדעמען אייער פּראָדוקציע — דערזעט איר, אַז מיט די רווישטאָפּן איז נישט אַזוי איי־איי. און פון וואַנען זאָלן זיין רווישטאָפּן, אויב דער פינאַנץ־מיניסטער האָט נישט קיין דעוויזן און מעק־דאַניעל האָט נאָך נישט באַפרייט אַ פּאָר מיליאָן דאָלאַר אויף רווישטאָפּן — זעט איר גלייך דעם פינאַנץ־מיניסטער און דעם האַנדלס־מיניסטער. מיט איין וואָרט: ביז איר קומט אַהיים פון דער אַרבעט מוזט איר טראַכטן וועגן אַלע מיניסטאָרן, אַז זיי זענען פּאַראַן, אַז זיי זאָרגן פאַר אייך און פאַר אייער בירגערלעכן באַוווסטזיין. און טאָמער דאַכט זיך דער רעגירונג, אַז איר האָט חלילה פאַרגעסן אין איר — וועט זי אייך דערמאָנען מיט אַ הלוואה, מיט אַ ווירטשאַפטלעכן פּלאַן, מיט העכערן די פּרייזן. נישקשה זי האָט אויפן אַלמער אַ קאַנטשיק מיט „לאָקשן" און זי וועט אייך אין געהעריקן מאָמענט דערמאָנען ווער זי איז און ווער איר זענט...

דעם אמת געזאָגט, איז דאָס דווקא גוט. אַ בירגער דאַרף פילן, אַז ער האָט אַ רעגירונג, אַז ס׳איז נישט הפקר־פּעטרושקע, אַז אין דער לופטן פליען נישט קיין געבראָטענע טייבעלעך. נאָר וואָס דען? איז די מעשה מיט יענעם מלמד, וואָס די אייניציקע וואָס פילן, אַז ער איז דאָ, זענען די תלמידים — איבער זייערע געזעסלעך לאָזט זיך ווילגיין דער קאַנטשיק. דאַקעגן ווען עס קומט אויסערן חדר איז דער מלמד, לא עליכם: ער האָט מורא אַ וואָרט אויסצורעדן, מוז אָדער שמייכלען, אָדער שווייגן, אָדער דריקן אין זיך און קנייפּן די באַקן די פאַרב זאָל שטיין.

נעמט אַ שטייגער די מלחמה אין אַמעריקע צווישן דער מגבית און דער מלווה־העצמאות. דאַכט זיך: די דאָלאַרן גיבן יידן און די וואָס נעמען די דאָלאַרן ביי די יידן, נעמען דאָלאַרן פאַר נעמען דאָלאַרן. און איינער פון די גרעסטע נעמער איז הענרי מאָנטאָר. איז אַזוי ווי ער נעמט פון דער מלווה־העצמאות, פירט ער אַ מלחמה קעגן דער קאָנקורענץ פון דער מגבית. האָט שוין די מלחמה צווישן דער הלוואה און דער מגבית געשאַפן אַזוי פיל בייז בלוט ביי יידן אין אַמעריקע, אַריינגעבראַכט אַזוי פיל גאַל, אַז די יידן ווערט נישט ניחא צו געבן אַ דאָלאַר. איז וואָלט מאָנטאָר געווען אין ישראל און געפירט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריקל, אַ סטאָלער־וואַרשטאַט און ער וואָלט געמאַכט „קונצן", וואָלט דער מפקח געגעבן אַ שיק־איבער דאָס ביסל רווישטאָף אין „המשביר" און מאָנטאָר וואָלט געשריגן חי וקיים! נאָר אַזוי ווי מאָנטאָר זיצט אין אַמעריקע, און ער האָט, ווי מען זאָגט, דעם „שליסל צו דער שיסל" — פאָרן צו אים מיניסטאָרן, פונקט ווי אַמאָליקע יאָרן אין גלות פלעגן שתדלנים פאָרן צום פּריץ אין הויף אַריין. און וועלכער מיניסטער איז שוין נישט געווען ביי מאָנטאָרן?

אַז ס׳האָט געהאַלטן שלעכט, האָט מען געשיקט גאָלדע מאירסון, אַז זי זאָל ווירקן אויף מאָנטאָרן ער זאָל חלילה נישט קאַליע מאַכן די מערכה. האָט מאָנטאָר אונדזער מיניסטאָרשע געשיקט האַלטן רעדעס און זי איז צוריקגעקומען, ווי מען זאָגט, מיטן בייטשל. און אַז די מלחמה האָט זיך ווייטער צעפלאַקערט, האָט מען געשיקט דב יוספן. און דב יוסף האָט געהאַט אַזאַ השפעה אויף מאָנטאָרן, ווי גאָלדע מאירסון. האָט מען אָבער אַלאַרמירט, אַז ס׳האַלט שלעכט, מאָנטאָר

מאַכט חרוב די שטימונג ביי יידן, יידן וועלן אויפהערן געבן אַ דאָלאַר — האָט מען געשיקט שרתן. אויב שרת קען אַרומגיין מיט מלוכה־מענער פון אַלטע איינגעפונדעוועטע מדינות — וועט ער זיכער מיט זיין דיפּלאָמאַטישער קונסט באַצווינגען מאַנטאָרן און מאַכן שלום צווישן די צוויי פיינדלעכע געלטזאַמלער: דער מגבית און דער הלוואה. האָט זיך מאַנטאָר געמאַכט אַ צימעס פון דעם אַלעמען; און ווען שרת איז געקומען צו אים — האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעפאָרן אויף אורלויב. ער איז מיד, ער איז איבערגעאַרבעט און ער מוז זיך אָפּרוען. איי, צו דיר איז געקומען אַ מיניסטער פון דער סוווערענער מדינת ישראל, דער אויסערן־מיניסטער, וואָס רעדט מיט די גרעסטע לייט פון דער וועלט — איז דאָס פאַר מאַנטאָרן בלאָטע. ער מאַכט די מאה און ער האָט די דעה.

האָט מען געקייבלט צו מאַנטאָרן, ער זאָל אין דער אותו רגע קומען קיין ישראל און מען האָט זיך געגרייט אים צו מאַכן „ס׳באַדעקנס״. איז מאַנטאָר געקומען. געהייסן האָט עס, אַז ער איז געקומען אויף דער לוויה פון אליעזר קאַפּלאַן אָבער לייטן ווייסן עפּעס אַנדערש. לייטן ווייסן, אַז מאַנטאָר האָט געסטראַשעט, אַז אויב מען וועט אים זאָגן אַ דעה גייט ער אַוועק. און אַזוי ווי דער גאַנצער „עסק״ ליגט ביי אים אין די הענט — איז, אדרבה, זאָל מען אים נאָר פּרווון זאָגן אַ שאַרף וואָרט! און מאַנטאָר איז צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע, נישט ווי ער וואָלט געוועזן אויף געהאַלט פון דער הלוואה, נאָר ווי ער וואָלט געוועזן דאָס אויבערשטע פון שטויסל, מער ווי דער פינאַנץ־מיניסטער, האַנדלס־מיניסטער און אויסערן־מיניסטער צוזאַמען.

איז שוין אין דער פּרעסע אַדורך אַ ידיעה, אַז די רעגירונג גרייט שוין צו אַ נייעם ווירטשאַפטלעכן פּלאַן און מען איילט שוין צו אַדורכצופירן אַ צוואַנג־שטייער פון פאַרמעגן... דאָס הייסט, דער מלמד האָט שוין פון אַלמער אַראָפּגענומען דעם קאַנטשיק און ער גייט שוין אויסלאָזן זיין כעס צו די געזעסלעך פון זיינע תלמידים. און אַז דער רבי וועט שמייסן, וועט ער שמייסן פאַר זיין אייגענער שוואַכקייט. ער וועט קלאַפּן דערפאַר, וואָס אַמעריקע מישט זיך אַריין אין ענין פון אריבערפירן דאָס אויסערן־מיניסטעריום קיין ירושלים און מען מוז מוז אויף דעם אונטערשטאַמלען. ער וועט שמייסן דערפאַר, וואָס ער קען זיך נישט קיין עצה געבן מיט מאַנטאָרן. ער וועט פּאַטשן דערפאַר, וואָס אויף דער קלענסטער קאָנוועגשאָן אין אַמעריקע מוז מען קלאַפּן ידידי־בריוועלעך. ער וועט שמייסן דערפאַר, ווייל — רבונו־של־עולם! — קעגן עמעצן מוז דאָך אַ רעגירונג זיין שטאַרק!

דערפאַר ציטערן די געזעסלעך פון די תלמידים, ווי עס ציטערן די שאָף אין צייט פון אַ געוויטער...

25טער יולי 1952

## די כעלעמער באַן

וועגן כעלעם ע״ה ווערט דערציילט אַזאַ געשיכטע:

ס'איז געווען אין די צייטן ווען מען האָט איינגעפירט די אײַזנבאַן. האָבן די כעלעמער געזען, אַז עס לויפט אַ קאָליע־באַן פון וואַרשע קיין פּיטערבאָרג; פון וואַרשע קיין לעמבעריק; פון וואַרשע קיין קעניגסבאַרג. בלויז זייער שטאָט האָט מען אויסגעלאָזן און פון וואַרשע קיין כעלעם לויפט נישט קיין קאָליע־באַן. האָבן זיך פאַרזאַמלט אויף אַן אסיפה די כעלעמער באַלעבאַטים, זיך אָוועק־געזעצט טראַכטן זיבן טעג און זיבן נעכט און האָבן אויסגעטראַכט, אַז מען דאַרף דערלאַנגען אַ פּאַפּיר צום קיסר בזה הלשון: יעוואָ אימפּעראַטאָרסקאָיע וועליטשעסטוואָ אַלעקסאַנדער טרעטי. היות ווי צום ערשט גאָט און דערנאָך דו האָסט געלאָזט לויפן קאָליע־באַנען אויף אַלע וויכטיקע שטרעקעס פון דיין גרויסער אימפּעריע, ווילן מיר, כעלעמער גראָזשדאַנסטוואָ, ציען דיין צאַרישע אויפמערקזאַמקייט אויף אונדזער וויכטיקער שטאָט כעלעם, וואָס איז נעבעך געבליבן אָן אַ קאָליע־באַן, און מיר בעטן דיך פאַר דער טובה פון דיין אימפּעריע, למען השם, לאָזן אויפבויען אַן אײַזנבאַן לובלין—כעלעם.

נאָך אַ פּאָר חדשים וואַרטן איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן, אַז אַזוי ווי כעלעם ליגט אָן אַ זייט, קען מען נאָך דאַרט נישט בויען קיין אײַזנבאַן.

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען די כעלעמער באַלעבאַטים, געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט, און באַשלאָסן, אַז נישט אַנדערש נאָר מען האָט אָפּגעמסרט, אַז כעלעם ליגט אָן אַ זייט און עס בלייבט נישט קיין אַנדער אויס־וועג ווי מען זאָל זיך שטעלן אַליין אויפבויען אַן אײַזנבאַן. וועט מען אַליין בויען אַן אײַזנבאַן ביז לובלין, פון לובלין וועט מען געבן אין דער יד־אַריין די טשינאָווניקעס און מען וועט די כעלעמער באַן צוטשעפּען צום וואַרשעווער פּאָיעזד — און אַזוי אַרום וועט כעלעם פאַרבונדן ווערן מיט דער גאַנצער וועלט און די שטאָט וועט אויפגעריכט ווערן...

איז ווי אַזוי בויט מען אַ באַן?

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה די כעלעמער באַלעבאַטים, געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט און באַשלאָסן, מען זאָל אַרויסשיקן אַ פּאָר חשובע באַלעבאַטים קיין לובלין, זיי זאָלן אָפּוואַרטן די קאָליע־באַן פון וואַרשע, און אַז די באַן וועט אָנקומען זאָלן זיי זיך גוט איינקוקן ווי אַזוי זי איז געמאַכט. האָט מען אויסגעקליבן עטלעכע פון די עלטסטע באַלעבאַטים, וואָס האָבן זיך אָנגעטאָן אין בגדי־שבת, מיטגענומען צידה לדרך און זיך אַוועקגעלאָזט קיין

לובלין. זענען די באַלעבאַטים אָנגעקומען קיין לובלין אויפן וואָקזאַל, געזעצט זיך אָפּוואַרטן. און גראָד דעמאָלט ווען זיי האָבן געהאַלטן אין מיטן מנחה־דאַווענען, האָבן זיי דערהערט אַ פּייף, אַז זיי זענען אַזש דערציטערט געוואָרן. פרעגן די דערשראָקענע באַלעבאַטים: „רבותי, וואָס איז דאָס פאַר אַ פּייף? צי קומט משיח קיין לובלין?" האָט מען זיי געענטפערט, אַז דאָס פּייפט די באַן. זענען די באַלעבאַטים אַרויסגעלאָפן זען ווי עס פּייפט די באַן און זיי האָבן דערזען, אַז נישט בלויז די באַן פּייפט, נאָר פון אויבן זעצט אַ רויך, פון אונטן שפּאַרט אַ פּאַרע, עס קלאַפּט און סאָפּעט. און ווען די באַן איז אַרויף צום וואָקזאַל, זאָגט איין כעלעמער צום צווייטן: „יאַנקל, דו פילסט עפּעס?" ענטפערט יאַנקל: „יאָ, איך פיל — עס שטינקט". און די כעלעמער באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן נאָכפאָרשן און נאָכשמעקן און געקומען צום אויספיר אַז דאָס שטינקען איז דער געהיימער כח וואָס שטופּט די באַן.

אין אַ מזלדיקער שעה זענען די כעלעמער באַלעבאַטים צוריקגעקומען אַהיים און אויף אַן אסיפה פון דער גאַנצער שטאָט דערציילט, אַז דער וווּנדער פון דער באַן איז אַ יידישע זאַך; אַז נאָך איידער פּאַניע־גנב האָט געוווּסט וועגן דעם, האָבן עס שוין יידן געהאַט. וואָרום אַ באַן איז גאָרנישט מיט גאָרנישט: מען דאַרף נאָר עס זאָל אונטערפּייפן, עס זאָל גיין אַ רויך, זעצן אַ פּאַרע, קלאַפּן און סאָפּען, און דער עיקר, עס זאָל אונטערשטינקען — און מען האָט אַ פּאַרטיקע באַן, כאָטש זעץ זיך און פאָר אויף שמחות!

האָבן די יידן געזען, אַז די באַן איז טאַקע אַ יידישע דערפינדונג, וואָרום ביי וועמען פּייפט נאָך אַזוי ווי ביי יידן דער דלות? און ווו זעצט נאָך אַזאַ רויך ווי פון דער באָד, ווען מען הייצט־אונטער פּרייטיק דעם קעסל? און ווו הייבן זיך אויף אַזעלכע וואָלקנס פּאַרע, ווען מען גיסט אַרויס אַ שעפּעלע וואַסער אויף די אָנגעגליטע באָדשטיינער? און ווו קלאַפּט נאָך אַזוי שטאַרק, ווי דאָס האַרץ ביי יידן פון שרעק? און ווער סאָפּעט נאָך אַזוי, ווי עס סאָפּעט אַ ייד ביים שלעפּן דעם יאָך פּרנסה?

האָבן די כעלעמער באַלעבאַטים געלאָזט מאַכן אַ קעסל מיט אַ קוימען, פאַרקאַטשעט די אַרבל און זיך גענומען צונויפשטעלן דעם „פּאַראָוואָז" פון אַלע יידישע זאַכן.

זיבן טעג און זיבן נעכט וואָלט איך אייך געקענט דערציילן ווי אַזוי כעלעם האָט געבויט די באַן, ווי אַזוי מען האָט געשלעפּט די שטיינער פון באָד, ווי אַזוי מען האָט צעריסן פּלויטן אויף צו ברענען עס זאָל גיין אַ רויך, ווי אַזוי כעלעמער באַלעבאַטים האָבן געקלאַפּט און געסאָפּעט, ווי אַזוי זיי האָבן דאָס אַרומגעטאַרעראַמט און, ווי מען וואָלט דאָס געזאָגט אין מאָדערנעם לשון, זיי האָבן געמאַכט פּראָפּאַגאַנדע, אַז אָט־אָט און עס הייבט אָן צו גיין...

אָבער נאָך דעם ווי די כעלעמער באַלעבאַטים האָבן צעפּטרט די שטאָט, אויסגעקלאַפּט און אויסגעסאָפּעט, אויסגעפּאַרעט און אויסגערויכערט און אונטער־געפּייפט — האָט דער „פּאַראָוואָז" זיך נישט גערירט פון אָרט.

זענען זיך די כעלעמער באַלעבאַטים צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה און

געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט פּאַרוואָס עס קלאַפּט און עס סאַפּעט, עס זעצט אַ רויך און עס שפּאַרט אַ פּאַרע, מען האָט שוין פון זיך אויסגעפּייפט דער מאַמעס מילך — און דער „פּאַראַוואָז" רירט זיך נישט פון אָרט.

כאַפּט זיך פּלוצעם איין באַלעבאָס: „רבותי, איך האָב! ווי אַזוי ווילט איר דער „פּאַראַוואָז" זאָל זיך רירן פון אָרט, אויב מען האָט פאַרגעסן דאָס וויכטיקסטע — עס זאָל אונטערשטינקען!"

האָט די אסיפה איינשטימיק באַשלאָסן צו רופן דעם אַלטן שמש — און די כעלעמער באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן פּאַקן די טשעמאָדאַנעס, זיך גרייטן צו פאָרן קיין לובלין מיטן אייגענעם „פּאַראַוואָז"...

אויב איר אָבסערווירט די קאַזיאָנע בויער פון אונדזער „פּאַראַוואָז"-ווירטשאַפט און איר זעט ווי עס זעצט אַ רויך פון ווערטער, אַ פּאַרע פון פּלענער, אַ קלאַפּן פון פּראָפּאַגאַנדע, אַ סאַפּן פון חזון, אַ פּייפן אויף אַלץ אין דער וועלט און די ווירטשאַפט רירט זיך נישט פון אָרט — באַקומט איר אויף אַלץ אַן ענטפער אין דער כעלעמער מעשה.

אויך אונדזערע אייגענע קאַזיאָנע „פּאַראַוואָז"-בויער האָבן געהערט וועגן דעם, אַז אין דער וועלט אַרבעט אַן אינדוסטריע, אַרבעטער — פּראָדוצירן, פאַבריקאַנטן — עקספּאָרטירן, אין ענגלאַנד אָדער אין אַנדערע לענדער ווערט געפירט אַ פּלאַן-ווירטשאַפט. זיי האָבן דאָס אַליין געזען ווען זיי זענען געפאָרן אין שליחות צו קלייבן געלט, זיי האָבן וועגן דעם געהערט בעת די פּויזעס אויף קאָנגרעסן, זיי האָבן געהערט דאָס פּייפן, קלאַפּן און סאַפּען. איז אויב מען האָט זוכה געווען צו בויען אַן אייגענע ווירטשאַפט, איז צו וואָס דאַרף מען עקאָנאָמיסטן, אינזשיניערן, פאַכלייט? זיי וועלן אַליין פּאַרקאַטשן די אַרבל, אַליין זיין דער פינאַנץ-מיניסטער, אַליין דער פאַבריקאַנט, דער עקספּאָרטער און אימפּאָרטער, דער אַרבעטסגעבער און אַרבעטער-פּאַרטיידיקער, אַליין דער צושטעלער און אָפּנעמער, דער סוחר און דער קאָנסומענט. יידן אין דער וועלט וועלן אונטעהייצן מיט דאָלאַרן, דאָס פאָלק וועט אונטערסאַפּען און אונטערפּייפן, די פּראָפּאַגאַנדע וועט אונטערשטינקען און דאָס וועט הייסן מאָדערנע פּלאַנווירטשאַפט.

קלינגען נאָך אין די אויערן די דעקלאַמאַציעס פון אונדזערע „פּאַראַוואָז"-בויער וועגן דער הייליקייט פון קאָנטראָל, פון ראַציאָנירונג און פּלאַנירונג, אַז נישט אַנדערש נאָר אַז דאָס איז אַ נייע רעליגיע, וואָס וועט ברענגען משיחן. מיר אַלע געדענקען נאָך מיט וואָס פאַר פּאַטאָס מען האָט גערעדט וועגן דעם חזון פון קיבוץ-גלויות, וואָס נאָר צוליב אים און פאַר אים איז די מדינה געשאַפן געוואָרן.

איז ווי אַזוי מען האָט זיך „געספּראַוועט" מיטן חזון פון קיבוץ-גלויות — דאַרף איך אייך נישט דערציילן. היינט פאָרן אַרויס צען שליחים אויף צו ברענגען דריי יידן, פון וועלכע עס קומט איינער. און וואָס איז געוואָרן פון דער נייער רעליגיע פון קאָנטראָל, ראַציאָנירונג און פּלאַנירונג? אויך מיט דעם חזון האָבן זיך אונדזערע „פּאַראַוואָז"-בויער „געספּראַוועט" אַזוי, אַז נישט בלויז די קאָנטראָל

ראַציאָנירונג און פּלאַנירונג ווערן צעשווומען ווי אַ רויך, נאָר מיטן רויך גייט אויך אַוועק די ווירטשאַפט.

נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט מיניסטער דב יוסף דערקלערט פאַר אַ דעלעגאַציע פון פאַבריקאַנטן, אַז כל־זמן ער זיצט ביים טיש — וועט דער גאַנצער סדר בלייבן ווי ער איז איינגעפירט געוואָרן. און דער עקאָנאָמיסט־פינאַנסיסט־אידעאָלאָגיסט־פּלאַן־ווירטשאַפטלעריסט אין דער כנסת, ה׳ גוברין, האָט מיט ווערטער־בייטשן צעקלאַפּט די מערכה פון דער אָפּאָזיציע, אַז אַלץ וואָס זי לייגט פאָר, איז נישט ווערט קיין שמעק־טאַבעק, וואָרום וואָס, מישטיינס־געזאָגט, ווייסן פאַבריקאַנטן וועגן פּראָדוקציע און סוחרים — וועגן האַנדל? צי זענען זיי געפאָרן אַמאָל אין שליחות פאַר דער הסתדרות, זיי זאָלן זיך קענען אויף עקספּאָרט און אימפּאָרט?

איז אָבער די מעשה, אַז וויפל די „ווירטשאַפטלער" זאָלן נישט בויען דעם „פּאַראַוואָז" פון אונדזער ווירטשאַפט, וויל ער זיך נישט רירן פון אָרט. די אָפּאָזיציע האָט שוין באַלד נישט קיין כוח צו קלאַפּן, דאָס פאָלק איז שוין מיד פון סאָפּען, די „עקאָנאָמיסטן" פעלט שוין אויס כוח צו פייפן, יידן זענען שוין באַלד מיד פון געבן געלט — און די ווירטשאַפט ליגט ווי אַ שטיין. מען האָט שוין אפילו גערופן אַ כעלעמער שמש ער זאָל צוגעבן זיין „טייל" צום „פּאַראַוואָז" — דאָס איז דער נייער ווירטשאַפטלעכער פּלאַן — און עס גייט נישט.

איז ה׳ ליבנה, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע אויספאָרשן ווי אַזוי עס ווערן דאָרט געמאַכט „פּאַראַוואָזן" און זען פאַרוואָס אונדזערער וויל זיך נישט רירן פון אָרט. און ה׳ ליבנה האָט זיך דאָרט איבערצייגט, אַז „די ערד דרייט זיך". אַז ווען עס שיינט די זון איז טאָג און ווען עס איז פינצטער — איז נאַכט און נישט פאַרקערט, ווי דאָס האָבן געוואָלט די „ווירטשאַפט־אַמאַטאָרן". און ה׳ ליבנה האָט אין זיינע אַרטיקלען וועגן אונדזער ווירטשאַפט גערעדט פּשוטע „פּראָזע": פּראָזע, וואָס מיר הערן נישט אויף צו שרייבן וועגן איר במשך די לעצטע צוויי יאָר. נאָר דעמאָלט ווען מיר האָבן געשריבן וועגן איר — האָט מען אונדז שיער נישט פאַרשריגן אַלס אָנהענגער פון אַנאַרכיע אין דער ווירטשאַפט. און אָט די „אַנאַרכיע" איז געוואָרן דער „אני מאמין" פון ה׳ ליבנה און — וווּנדער איבער וווּנדער — עפּעס ווי איבער נאַכט האָט אויך ה׳ גוברין אָנגעהויבן רעדן די זעלבע „פּראָזע", ווי עס וואָלט זיך אים פּלוצלונג אַנטפּלעקט אַ נייער חזון.

קומען איצט אָפּאָזיציאָנעלע כנסת־דעפּוטאַטן און ווייזן אויף, אַז דאָס וואָס ה׳ גוברין רעדט היינט — האָבן זיי גערעדט מיט אַ יאָר און אַ האַלב יאָר צוריק און אַז דאָס חזרט ער בלויז איבער זייערע ווערטער און זייערע פאָרשלאָגן. נאָר דעמאָלט האָט ער זיי פאַרשריגן און די קאָאַליציע האָט זייערע פאָרשלאָגן אָפּ־געוואָרפן.

איצט, נאָך דעם ווי די רעגירונג פאַראייגנט צו איר פּראָגראַם אויך די פּראָגראַמען פון דער אָפּאָזיציע, וועט זי זיין סיי די קאָאַליציע און סיי די אָפּאָזיציע, זי וועט פּראָפּאַגירן פּלאַנווירטשאַפט און איינפירן פרייע ווירטשאַפט; זי וועט קעמפן פאַר אַ תוספת־יוקר פאַר אַרבעטער און גלייכצייטיק שטיצן דעם

יקרות; זי וועט שטאַרקן די הסתדרות־ווירטשאַפט און גלייכצייטיק פּריוואַטע איניציאַטיוו. און ווען אפילו זי זאָל צו דעם אַלעם האָבן אַן אייגענעם כעלעמער שמש, וועט עס איר אויך נישט העלפן — דער „פּאַראַוואָז" וועט זיך נישט רירן פון אָרט. ווייל אַזוי איז שוין אויף דער וועלט: פּאַרטיי־טוער קענען נישט פירן קיין ווירטשאַפט, ווי ווירטשאַפטלער קענען נישט פירן קיין פּאַרטיי. אַ שניידער קען נישט פּלאַנירן אַ הויז, און אַן אַרכיטעקט קען נישט צושניידן קיין הויזן. כל־זמן אויף דער שאַכברעט פון אונדזער ווירקלעכקייט וועט מען נישט איינשטעלן די פיגורן, אַז יעדע פיגור זאָל פאַרנעמען איר ריכטיקן פּלאַץ, זענען אַלע פּלענער געבויט אין דער לופטן. און אויב צו די בעסטע פּלענער וועט מען נישט נעמען די ריכטיקע פּאַכלייט, נאָר רעזאָלוציע־שרייבער, פּאַרטיי־רעדנער און ביוראָ־קראַטישע באַנצן — וועט זעצן אַ רויך, עס וועט שפּאַרן אַ פּאַרע, עס וועט קלאַפּען און סאַפּען, עס וועט אפילו פּייפן און געשמאַק אונטערשטיינקען, נאָר דער „פּאַראַוואָז" וועט נישט גיין!

8טער אויגוסט 1952

## אַ גמילות־חסד מיט פּאַטענט

ס'האָט אַמאָל עמעצער געזאָגט, אַז אַ ייד אָן אַ גמילות־חסד איז ווי אַ גוי אָן רציחה. צי די געשעפטן גייען גוט, אָדער מיט דער פּוטער אַראָפּ, קען זיך אַ ייד אָן אַ גמילות־חסד נישט באַגיין. האָבן זיך ביי יידן אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע סיסטעמען ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען גמילות־חסדים; און יעדער פּאַסט זיך צו אַ סיסטעם לויט זיין כאַראַקטער.

עס זענען פאַראַן יידן, וואָס בעטן אַ גמילות־חסד הכנעהדיק, מיט אַ קרעכץ. אַזאַ ייד מאַכט קראַנק דאָס ווייב, אָדער מאַלט זיינע קינדער ווי די גרעסטע שלימזלען, וואָס ווען נישט „דאָס" וואָלט ער „געגאַנגען אין גאָלד". ביז ער צעווייקט יענעמס הארץ אין רחמנות און באַקומט אַרויס אַ גמילות־חסד.

אַנדערע, פאַרקערט, מאַכן גאָר דעם אָנשטעל, אַז זיי שטייען אין גרויסן. אַזאַ ייד טוט יענעם אַ טובה, וואָס ער נעמט ביי אים אַ גמילות־חסד. ער רעדט צו אים אויף „דו", רימט זיין אייגענעם יחוס און גיט יענעם אָנצוהערן, אַז ער דאַרף זיך שעצן גליקלעך, וואָס ער גיט אים אַ גמילות־חסד.

פאַראַן נאָך אַ טיפּ ייד, וואָס נעמט גמילות־חסדים מיט חניפה. מעג דער געבער זיין דער גרעסטער עם־הארץ, קומט אים אונטער דער נעמער מיט פּסוקים, ווי ער וואָלט זיי כלומרשט געהערט פונעם בעל־דבר אַליין: ווי זאָגט איר? „בוטח בעשרו הוא יפול", ווער עס זיצט אויף דער זשמעניע און העלפט נישט אַ ייד, וועלן עס גויים ביי אים צונעמען. אי, כ'לעבן, גאָלדענע ווערטלעך האָט איר!...

האָב איך געקענט אַ ייד, וואָס האָט פון דעם גאַנצן ענין גמילות־חסדים געמאַכט אַ פילאָסאָפיע און ער האָט געהאַט אַ פּלאַן ווי אַזוי מען ווערט אַ מיליאָנער. זאָל אים נאָר דער שטעטלשער גביר געבן נאָך אַ גמילות־חסד און ער וועט ווייזן, אַז ער שאָקלט אויס אַלע גבירים פון איין אָרבל...

קומט איין מאָל דער ייד צום שטעטלשן גביר בעטן אַ גמילות־חסד. פרעגט אים דער גביר: וואָס הייסט עפּעס אַ נייעם גמילות־חסד? און די פריערדיקע צוויי האָט איר שוין אָפּגעגעבן?

— וואָס הייסט — זאָגט דער ייד — נישט אָפּגעגעבן? אייערע גמילות־חסדים שטייען דאָך אין גרויסע געשעפטן! איר ווייסט נישט, אַז איך שטיי אין גרויסע געשעפטן? ווי אַ ייד אַ סוחר ווייסט איר דאָך, אַז וואָס גרעסער די מסחרים, אַלץ מער שטייט אַרויסצונעמען. דערווייל טאַקע נעם איך ווייניק אַרויס, וואָרום איך וויל עס זאָל וואַקסן און עס זאָל טאַקע וואַקסן וואָס גרעסער.

— און ווי גרויס איז שוין ביי אייך געוואַקסן? — פרעגט אים דער גביר.

— וואָס הייסט, ווי גרויס? אַז מען מאַכט אַ גוטע טראַנזאַקציע כאַפּט מען אַ טויזנטער און אַמאָל טאַקע גאַנצע צוויי. דעם טויזנטער לייגט מען צו צום קאַפּיטאַל און מען מאַכט גרעסערע געשעפטן, ביז מען דערגייט צו די הונדערט טויזנט. נו, אַז מען האָט שוין די הונדערט טויזנט, שפּילט נישט קיין ראָל צו מאַכן אַ מיליאָן. און טאַקע כדי צו מאַכן דעם ערשטן מיליאָן, דאַרף איך האָבן ס׳לעבן אַ גמילות־חסד.

הייסט עס — האָט דער גביר געזאָגט — אַז איר האָט אַ מיליאָן אין דער פּאַטענץ.

— וואָס הייסט עפּעס איך האָב אַ מיליאָן אין דער פּאַטענץ? — פאַלט אַריין דער ייד אין התלהבות — נישט נאָר איך האָב אַ מיליאָן אין דער פּאַטענץ, נאָר איך האָב די סאַמע פּאַטענץ אַליין.

— און פון דער פּאַטענץ האָט איר אויף שבת? — פרעגט ווייטער דער גביר.

— הערסט אַ בעלן — טוט דער ייד אַ מאַך מיט דער האַנט — ווען איך זאָל וועלן אָנרירן די פּאַטענץ, וואָלט איך דאָך נישט געקומען צו אייך נאָך אַ גמילות־חסד. אַז איר וועט מיר געבן נאָך אַ גמילות־חסד, וועט די פּאַטענץ זיך צווואַקסן, ביז עס וועט זיין פּירות; און דעמאָלט וועל איך אייך, בעזרת השם, אָפּדאַנקען פאַר אַלע גמילות־חסדים מיט אַמאָל...

איז דער גביר נישט געווען קיין קמצן און ווידער געגעבן דעם ייד אַ גמילות־חסד. און ווי דער שטייגער אַ ייד, האָט ער געמאַכט שבת און געזאָגט צום ווייב מיט שטאָלץ:

— נו, האָבן מיר נישט אַ גרויסן גאָט אין הימל? ער פאַרלאָזט קיינעם נישט: איינעם גיט ער מיליאָנען און דעם צווייטן גיט ער פּאַטענצן. דאַרף איך דען זיצן אויף מיליאָנען און מורא האָבן, אַז גזלנים זאָלן מיך באַפאַלן און באַרויבן, אַמער האָב איך מיר פּאַטענצן — און איך האָב די וועלט ניין איילן אין דער ערד; און איך קען מאַכן שבת פּונקט ווי דער גביר.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען עס האָט זיך אונטערגערוקט אַ פרישער ערב־שבת, זאָגט דאָס ווייב:

— ווייסט, מענדל, פאָלג מיך, וואָס וועסטו זיך אַרומטראָגן מיט די פּאַטענצן? גיי צום גביר און זאָל ער ווערן אַ שותף צו די פּאַטענצן, אָדער זאָל ער זיי ביי דיר אָפּקויפן אפילו אונטערן פרייז...

ווייזט אויס, אַז דער טראַגיזם פון מנחם־מענדלען ליגט אין אונדזער בלוט, באַגלייט אונדז אויף אַלע וועגן. און ביי אַלע גרויסע געשעפטן און פּאַטענצן, דאַרפן מיר נאָך אַלץ אָנקומען צו דעם אַלטן יידישן שטייגער פון גמילות־חסדים.

אָט איז היינטיקע וואָך פאַרגעקומען אין „בית בערל" אַ סעמינאַר פאַר די מיליאָנערן פון אַמעריקע און ד״ר דב יוסף האָט מרביץ־תורה געווען וועגן

מיליאָנען און פּאַטענצן. ס׳הייסט די גבירים זענען געוועזן די תלמידים און דער גמילות־חסדים־נעמער איז געווען דער לערער, וואָס האָט די אַמעריקאַנער מיליאָנערן געלערנט ווי אַזוי מען מאַכט עקספּאָרט, ווי אַזוי מען פירט מסחרים און בכלל.

שוין די געשיכטע אַליין איז נישט קיין פּשוטע: אין „בית בערל״, דורך וועלכן עס דאַרף קומען דער סאָציאַליזם, זיצן זיבן מיליאָנערן און הערן אויס לעקציעס וועגן פּאַטענץ; און דערפאַר דאַרפן זיי געבן אַ גמילות־חסד, אָדער נעמען אַ גמילות־חסד ביי אַנדערע יידן און געבן אונדז אויף צו שטאַרקן אונדזער פּאַטענץ.

און ד״ר דב יוסף האָט מיט ציפערן און לאָגיק באַגרינדעט אונדזערע פּאַטענצן אַזוי, אַז איך שטעל זיך פאָר, אַז נאָך דעם סעמינאַר וועלן די מיליאָנערן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע און אונדז נאָכמאַכן, כדי צו ווערן נאָך גרעסערע מיליאָנערן...

ד״ר דב יוסף האָט אָפּגעשאַצט, אַז דער עקספּאָרט־פּאָטענציאַל פון אונדזער אינדוסטריע באַטרעפט נישט ווייניקער פון 130 מיליאָן דאָלאַר, כאָטש אין 1951 האָט אונדזער פּאַקטישער עקספּאָרט באַטראָפן 16 מיליאָן דאָלאַר... פאַרוואָס דב יוסף האָט דעם פּאָטענציאַל געשאַצט אין פאַרגלייך מיטן עקספּאָרט פון 1951 און נישט פון 1952, איז אפשר דערפאַר, וואָס אַזוי ווי אין 1952 איז אונדזער עקספּאָרט געפאַלן און דערמיט האָט זיך דער פּאָטענציאַל געהויבן, האָט ער מסתמא נישט געוואָלט ווייזן, אַז עס איז אונדז צו גוט, כדי מיליאָנערן זאָלן נישט קענען זאָגן, אַז אויב עס איז אייך אַזוי גוט, דער עקספּאָרט־פּאָטענציאָנאַל וואַקסט ווי אויף הייוון, צו וואָס זשע דאַרפט איר הילף? טאָ נעמט און עקספּאָרטירט דעם פּאָטענציאַל — וועט איר דאָך נישט דאַרפן אָנקומען צו לייטן.

איך בין זיך מודה, אַז נאָך אַזאַ סעמינאַר האָט מיר ביים פאַרגלייכן די ציפערן אָנגעהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן, וואָרום אָנשטאָט ווירטשאַפט האָב איך דערזען אַסטראָנאָמיע, כאָטש נעם און עקספּאָרטיר דעם פּאָטענציאַל צום מאַרס.

נאָכן אַריינבאַקומען אַ מיליארד דאָלאַר, זענען מיר דערגאַנגען צו אַן עקספּאָרט פון זעכצן מיליאָן דאָלאַר, מיט אַ פּאָטענציאַל פון הונדערט און דרייסיק מיליאָן דאָלאַר. איז אויב מיר זאָלן וועלן עקספּאָרטירן דעם איצטיקן פּאָטענציאַל, דאַרפן מיר דערצו אַריינבאַקומען נאָך אַן אַכט מיליארד דאָלאַר און דעמאָלט וועט דער פּאָטענציאָנאַל דערגיין צו אַ מיליאַרד דאָלאַר. אויף צו זאַמלען די אַכט מיליאַרד דאָלאַר וועלן מיר דאַרפן האָבן נישט קיין זיבן מיליאָנערן, נאָר אַכט און פערציק מיליאַרדערן. און כדי די מיליארדערן צו דערקלערן דעם אונטערשייד צווישן פּאָטענציעלן און פּאַקטישן עקספּאָרט, וועט מען זיי דאַרפן ברענגען קיין ישראל און איינאָרדענען פאַר זיי אַ סעמינאַר. אין דער איצטיקער לאַגע פון פּאָטענציעלן און פּאַקטישן עקספּאָרט, איז פאַר אַ סעמינאַר גענוג „בית בערל״, ווען אָבער עס וועט זיך האַנדלען וועגן אַ סעמינאַר פאַר אַכט און פערציק מיליאַרדן, אויף צו דערקלערן די נייטיקייט צו רעאַליזירן דעם עקספּאָרט־פּאָטענציאַל פון אַ מיליארד

דאָלאַר פון אַ סומע פון אַכט מיליאַרד געזאַמלטע דאָלאַר, וועט מען דאַרפן אויסבויען אַן אַסטראָנאָמישן אינסטיטוט. כדי צו עקספּאַרטירן דעם פּאָטענציאַל און ברענגען די מיליאַרדן, וועלן מיר דאַרפן האָבן אַ פלאָט פון טויזנט האַנדלס־שיפן. אויף איינקויפן די מכשירים צום אַסטראָנאָמישן אינסטיטוט וועט מען שיקן הונדערט איינקויף־קאָמיסיעס, וואָס אַנשטאט טעלעסקאָפּן און רערן־מאַשינען וועלן זיי ברענגען פרידזשידערס און זאָגן, אַז זיי ווייסן בעסער, וואָס מען דאַרף צו פּאַטענץ.

גוזמאות, זאָגט איר?

חס וחלילה.

דאָס איז די לאָגיק פון אַ סעמינאַר, ווו דער פּרעלעגענט איז ד״ר דב יוסף און די סטודענטן זענען מיליאָנערן, וואָס פאַרשטייען זיך גוט אויף פּאַטענץ.

נאָר די מעשה איז פּונקט ווי מיט יענעם ייד ביים גביר, וואָס אייגנטלעך איז דאָך געגאַנגען אין אַ גמילות־חסד אויף צו קענען מאַכן שבת. נישט מער, מען דאַרף האָבן אַ סיסטעם, ווי אַזוי צו באַקומען דעם גמילות־חסד. וואָרום וואָס דאַרפן מיר זיך איצט כלאָפּאָטשען מיט עקספּאָרט, אויב ד״ר יוסף פאַרזיכערט אונדז, אַז מיט דעם באַשפייזונג איז אָל־רייט: 30 פּראָצענט פון אונדזערע פלייש־באַדערפענישן פּראָדוצירן מיר שוין אַליין. איך האָב אפילו נישט פאַרשטאַנען, צי ד״ר יוסף מיינט 30 פּראָצענט פון אָקסן, אָדער דאָס וואָס איין ייד עסט אויף דעם צווייטן. אויב ער האָט געמיינט אָקסן — האָט ער געזאָגט אַ גוזמא, און אויב ער האָט געמיינט וואָס איין ייד עסט אויף דעם צווייטן — האָט ער אונטערגעשאַצט די ציפער, וואָרום יידן עסן אויף איינער דעם צווייטן אויף פולע הונדערט פּראָצענט מיט אַ פּאָטענציאַל פון נאַטירלעכן צוּוואוּקס און דעם המשך פון קיבוץ־גלויות.

מיט דעם פלייש־פּראָדוקט, הייסט עס, זענען מיר פאַרזאָרגט. דאָס איבעריקע וועט מען ברענגען פון דייטשלאַנד. אָט באַלד וועט מען אָנהייבן ליפערן, די געשעפטן וועלן ווערן פול פון ראַזיר־מעסערלעך ביז פליגנשיסערס — מייד אין דזשערמעני. איז צו וואָס וועלן מיר דאַרפן עקספּאָרט און צו וועמען וועלן מיר עקספּאָרטירן?

בפרט, אַז די מיליאָנערן אין „בית בערל״ דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַריינלייגן, זיי פאַרשטייען זיך אויפן ווונק, אַז מען רעדט וועגן פּאַטענץ און מען מיינט אַ גמילות־חסד.

און זיי וועלן אים געבן!

5טער סעפּטעמבער 1952

# דער קריזיס צוליב דעם שיינעם מין

נישט צום פארזינדיקן. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז ווערן מיר א מדינה ככל הגוים. ערגעץ־ווו אין אן ערנסטער צייטונג אין ישראל האב איך היינטיקע וואך געלייענט א זייער אריגינעלן צוגאנג צו פאלק און מדינה. לויט אט דעם אריגינעלן צוגאנג קומט אויס אזוי: דער יידישער יחיד, דער ר׳ ישראל, האט ליבערשט אויסגעקליבן פארפאלגונגען, איידער זיך צו אסימילירן. דאקעגן דער יידישער קאלעקטיוו, דער כלל־ישראל אין דער פארעם פון מדינה, איילט זיך צו אסימילירן זיך אין דער ארדענונג, וואס די מערב־אייראפעאישע פעלקער האבן פאר אים געשאפן.

און דער פובליציסט, וואס האט געשריבן די שורות זאגט עס נישט לשם פילאסאפיע, נאר אויפן גרונד פון אונזער ווירקלעכקייט. לויט דעם, ווי אונדזער מדינה ווערט געפירט, געשעעט מיט אונדזער אסימילאציע ווי מיט יענעם אפיקורס, וואס כדי צו ווייזן, אז ער שטייט נישט אפ פון די גוים, כאפט ער זיך צו צום עמוד אין שול און פרעסט־אויף דעם חלב פון די לייכטער. ווארום אויב קארופציע הייסט אסימילירן זיך, מעגן שוין איצט די גוים קומען צו אונדז זיך לערנען. אויך ביי זיי איז פאראן קארופציע און נישט ווייניקער, ווי ביי אונדז. אבער איך האב נאך נישט געהערט, אז א מיניסטער ביי די גוים זאל זאגן „לא תחסם שור בדישו״ און זאל דער גנב ווייטער גנבענען. און איך האב נאך נישט געהערט, א פרעמיער ביי גוים זאל זאגן אויף א באריכט וועגן קארופציע, אז ער האט דעם באריכט נישט געלייענט און ער וועט אים נישט לייענען. ער ליגט אים, הייסט עס, אין דער לינקער פאה. און דאס איז א קאפוליער אנצוהערעניש: קינדערלעך „אסימילירט״ זיך, זייט נישט קיין כניאקעס, כל־זמן דער הולך ילכט מאכט רש״י — כאפ.

פארקערט, אט האט ביי די גוים געטראפן, אז דער קאנדידאט פון די רעפובליקאנער אויף וויצע־פרעזידענט פון אמעריקע, סענאטאר ניקסאן, איז נכשל געווארן מיט כשרע זעכצן טויזנט דאלאר, וואס ער האט נישט אנגעגעבן אין זיין באריכט אויף הכנסה־שטייער. נו, נו, וואס אין אמעריקע טוט זיך מיט דעם סקאנדאל! די גאנצע געזעלשאפטלעכקייט גייט דארט כאדאראם און עס האלט, אז צוליב דער געשיכטע זאל אייזנהאוער, וואס איז גאט די נשמה שולדיק, פארלירן מיליאנען שטימען און סענאטאר ניקסאנס קאריערע זאל צעבראכן ווערן אויף שערבלעך. נישט נאר קיינער זאגט דארט נישט: „לא תחסום שור בדישו״: און נישט בלויז עמעצער וויל נישט לייענען און הערן וועגן דעם, נאר פארקערט, מען פארשט און מען זוכט — אז איך בין נישט מקנא דעם סענאטאר.

ווען ביי אונדזערע „אַסימילאַטאָרן״ זאָל געשען אַזאַ מין געשיכטע, וואָלט ערשטנס, דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום אַרויסגעגעבן אַ כתב, אַז דאָס וואָס דער בעל־דבר האָט געטאָן מיט אַ יאָר צוריק איז „גאָרנישט מיט גאָרנישט״ און עס איז נישט ווערט די רייד. צווייטנס, האָט ער שוין איינגעצאָלט די געהעריקע סומע און ער איז כשר לויטן געזעץ. און דריטנס, וואָלט ער געזעלשאַפטלעך געשטיגן און באַקומען עפּעס גאָר־גאָר אַ הויכן אַמט און וואָלט געוואָרן אַ גדול בישראל.

כ׳לעבן, דאָס אָפּגעשטאַנענע אַמעריקע מעג קומען צו אונדז זיך לערנען „אַסימילירן״ זיך לויט דער אָרדענונג פון מערב־איראָפּע...

אָבער נישט בלויז אין דעם פּרט האָבן מיר שנעל געכאַפּט די גויאישע תורה און זיך „אַסימילירט״ און אַריבערגעשטיגן די גויים, נאָר אפילו אין הלכות־נשים זענען מיר שוין ווייט אַוועק פון די גויים און זיי אַריבערגעשטיגן מיט טויזנט קעפּ.

אָט, אַ שטייגער, דערציילט די געשיכטע פון איראָפּע, ווי אַזוי צוליב נשים זענען געפלויגן מיניסטאָרן, אָדער אפילו גאַנצע רעגירונגען. צוליב נשים האָט מען פאַרקאָכט אינטריגעס, עס איז קאַליע געוואָרן דאָס צוזאַמענלעבן פון קאָאַליציעס און נאָך אַזעלכע ראָמאַנטישע געשיכטעס.

איז אין איראָפּע פלעגט דאָס פאָרקומען דער עיקר צוליב איין פרוי; און דווקא נישט צוליב עפּעס אַ צנועה, נאָר פונקט פאַרקערט.

און ביי אונדז ?

אויב עס איז שוין ביי אונדז אויסגעבראָכן אַ „ראָמאַנטישער״ קאָאַליציע־קריזיס, איז נישט צוליב איין פרוי, נאָר צוליב טויזנטער פרויען; און דווקא צוליב צניעותדיקע מיידלעך, צוליב פרומע מיידלעך, וואָס אין דער פרי זאָגן זיי „מודה אני״ און ביינאַכט לייענען זיי „קריאת־שמע״.

דאָס איז שוין נישט סתם „אַסימילאַציע״, נאָר דאָס הייסט אין לשון־קודש „מיזוג״ — נעמען עפּעס פרעמדס אין אויסמישן מיטן אָריגינעלן עס זאָל אַרויסקומען אַ צאַצקע, אין וואָס די וועלט זאָל זיך שפּיגלען.

און ווידער וועלן אונדזערע פירער קאָנען זאָגן פון דער כנסת־טריבונע, אַז דאָס וואָס עס איז געשען איז איינציק אין דער מענטשלעכער געשיכטע, ממש אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע דערגרייכונג.

נישט מער, די „אינטריגאַנטקעס״ וואָס האָבן דערפירט צום קאָאַליציע־קריזיס, הייבן נישט אָן צו וויסן וואָס פאַר אַ קאַשע זיי האָבן פאַרקאָכט, אַז דאָס זענען זיי די דירעקט־שולדיקע אין דעם אומגליק.

אָט האָב איך נעכטן צופעליק אין אַ קאַפע באַגעגנט אַ פרום מיידל און געהאַט מיט איר אַן אינטערוויו, ווי עס פּאַסט צו מאַכן אַן אינטערוויו מיט אַ וויכטיקן פּאָליטישן פאַקטאָר. לויט דעם עלטער פון דעם מיידל, האָט זי געדאַרפט זיין אין מיליטערישע הויזן; און אויב זי איז געווען אין ציוויל — איז אַ סימן, אַז זי איז אַ פרומע. נאָך מער האָבן מיר אירע שטאַרק געפאַרבטע ליפּן איבער־ציַיגט אין איר פרומקייט. וואָרום לויט דער שאלה, וואָס עס האָט געפּסקנט הרב

איטשע מאיר לעווין, קאָן אַ פרום מיידל האָבן געפּאַרבטע ליפּן. און אַזוי ווי אַלע סימנים האָבן געוויזן, אַז זי איז דאָס איינע פון די „אינטריגאַנטקעס״, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם קאָאַליציע־קריזיס, האָב איך זי איבערגעבעטן און געפרעגט:

— היתכן? ווי פּאַלט אייך אויס גראָד ערב ראש־השנה אַרויסצורופן אַ קאָאַליציע־קריזיס?

ענטפערט מיר דאָס מיידל כלומרשט זשענירט, אָבער איך פיל, אַז דאָס מאַכט זי נאָך אונדזער אַ דיפּלאָמאַט:

— אַ קאָאַליציע־קריזיס? איך ווייס גאָר נישט צי עס איז פאַראַן אַ קאָאַליציע־קריזיס! און איבערהויפּט, ווי קום איך צו אַ קאָאַליציע־קריזיס?

— אָ — זאָג איך איר — איר מאַכט עס זייער געשיקט. פאַרקאָכט אַ קאַשע און איר מאַכט זיך, אַז איר ווייסט גאָר נישט. און ווער — זאָג איך — האָט געמאַכט די אינטריגע צווישן פּרעמיער־מיניסטער און ר׳ איטשע מאיר לעווין, אויב נישט איר?

שמייכלט דאָס מיידל קאָקעטיש:

— ווי קום איך צום פּרעמיער־מיניסטער? איך האָב אים טאַקע געזען אין קינאָ אויפן „יומן״. אָבער וואָס שייך איטשע מאיר לעווין, קען איך אים איבערהויפּט נישט.

— יאָ — זאָג איך איר — איר שפּילט זייער גוט אייער פּאָליטישע ראָל, איר זענט אַ געבוירענע דיפּלאָמאַטין. אָבער איר וועט דאָך מיר נישט וועלן איינרעדן, אַז איר ווייסט נישט צו וואָס פאַראַ קאָמפּליקאַציעס איר האָט דער־פירט. איר האָט געשטעלט אין פאַרלעגנהייט די מזרחי און די פּועלי־מזרחי און אויפגעטרייסלט די רבנישע וועלט אין די תפוצות.

— אָך — זאָגט דאָס מיידל — איר מוזט מיך פאַרטוישן מיט דער שיינהייטס־קעניגין פון ישראל.

— ניין — לאָז איך מיר נישט פאַררעדן די ציין — איר זענט טאַקע דיפּלאָמאַטיש געשיקט; איר מאַכט עס, ווי אונדזער אויסערן־מיניסטער. אָבער איר וועט דאָך מיר נישט גיין איינרעדן, אַז איר ווייסט נישט, אַז צוליב דעם קריזיס אין דער קאָאַליציע, וואָס איר האָט אַרויסגערופן, האָט שוין מיניסטער לבון אַרויסגערופן חנה למדן און דוד ליפּשיצן זיי זאָלן ראַטעווען די קאָאַליציע; און די מפּא״ישע אַראַבער אין דער כנסת פאָדערן אַ וויצע־מיניסטער פאַרן האַלטן דאָס צינגל פון דער וואָג. סטייטש, אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך ערב ראש־השנה, אין דער סאַמע מיט פון רעאַליזירן דעם נייעם ווירטשאַפטלעכן פּלאַן, ערב די צאַלונגען פון דייטשלאַנד, ווען מען דאַרף קאָנצענטרירן דאָס אַמעריקאַנער יידנטום אויף צו זאַמלען דרינגנד־נויטיקע פינף און דרייסיק מיליאָן! פע, זאָג איך איר, דאָס פּאַסט נישט פאַר קיין פרומע יידישע טאָכטער! אויף אַזאַ זאַך זענען נאָר פעאיק אַזעלכע פרויען, ווי לוקרעציאַ באָרדזשאַ, מאַדאַם פּאָמפּאַדור, קאַטערינע די גרויסע, אָדער ענלעכע אינטריגאַנטקעס.

— איך קען זײ גאָר נישט — פאַרענטפערט זיך דאָס מײדל — צי זענען זײ אויך תל־אביבער?

— נײן — זאָג איך איר — זײ זענען גראָד פון פתח־תקוה, אָבער אויף זײ װאָלט איך געגלײבט זײ זאָלן אין מיטן קאָאַליציעװען אַװעקשטעלן אונדזער רעגירונג אין אַזאַ שװערער סיטואַציע.

— דאָך — זאָגט מיר אויפריכטיק דאָס מײדל — נעמט איר מיך אַן פאַר אַן אַנדערע. װען מײן בחור זאָל זיך נישט פאַרשפּעטיקן, װאָלט איך שוין איצט געטאַנצט סאַמבאַ בײ יאָקי אויפן דאַך...

אין דעם מאָמענט און אין שײכות מיט אונדזער גאַנצע סיטואַציע, האָב איך זיך דערמאָנט אַ מעשה, װאָס איז אַמאָל געשען מיט אַ קלײנשטעטלדיקן קרעמער:

ס'איז אַ קרעמער אַמאָל געקומען אין דער גרויסער שטאָט אײנהאַנדלען סחורה פאַר זײן קרעמל. איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ גרויסער פירמע, װוּ דער דירעקטאָר איז געזעסן אין אַ קאַבינעט אויף אַ געבעטער שטול; נעבן אים — צװײ טעלעפאָנען; אין אַ שכנותדיקן צימער איז געזעסן זײן סעקרעטאַרין; די משרתים זענען געװען „באַהאַלטן" הינטער פענצטערלעך — שאַ־שטיל, רואיק. זאָגט דער ייִד צו אײנעם פון די משרתים: „ס'איז דאָך בײ אײך נישט קײן געשעפט, נאָר אַ דאַטשע. איז פון דעם האָט איר פּרנסה?" ענטפערט דער משרת: „נאָך װי פּרנסה! און אויף דאַטשע פאָרט אונדזער דירעקטאָר קײן ביאַריץ. און איך װעל אײך אויסזאָגן אַ סוד, אַז אונדזער דירעקטאָר האָט נאָך דערצו אַ לײטישע פּילגש, אַן אשת־איש. „און דאָס אַלץ סטײעט פון דעם געשעפט?" — פרעגט דער ייִד. „זיכער — זאָגט דער משרת — מען רעכנט עס אים אַראָפּ פון די שטײערן".

איז דער ייִד אַהײמגעקומען און באַשלאָסן מאַכן אַ „גרויס געשעפט". ער האָט אַלץ געענוי אַרומגערעדט מיט זײן װײַב, אַז זי װעט זײן זײן סעקרעטאַרין, די קינדער װעט ער אַרונטערשטעלן הינטער פענצטערלעך; און װאָס שײך ביאַריץ, װעט ער שבת גײן הינטערן שטעטל שפּאַצירן — און דאָס אַלץ אַרײַנשרײַבן אין די ביכער און מען װעט עס אים אַפּרעכענען פון די שטײערן. האָט זיך דער ייִד דערמאָנט, אַז צום גרויסן געשעפט פעלט אים נאָך אַ פּילגש אַן אשת־איש. האָט אים דאָס װײַב געעצהט ער זאָל אין די ביכער אַרײַנשרײַבן צפּורה דעם בעל־עגלהס, װאָס איז סײ־װי אַ חצופה. זאָגט דער קרעמער: אַ חצופה טויג נישט. דער משרת אין דער גרויסער שטאָט האָט אים בפירוש געזאָגט: „אַ לײטישע פּילגש". זאָגט אים דאָס װײַב: נו, אויב צוליב פּרנסה, טאָ שרײַב אַרײַן די רביצין — אַבי דאָס געשעפט זאָל גײן.

אָט דאָס איז דאָס װיכטיקסטע: דאָס געשעפט זאָל גײן. פרומע מײדלעך, בילדונג לויט שטרעמונגען, „נאַציאָנאַלע דינסט" — דאָס זענען נישט מער, װי מיטלען אויסצושפּילען מאַכט־אַמביציעס און מאַכט־אינטערעסן און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז מען ראַטעװעט דאָס פאָלק, אַז מען ברענגט די גאולה; כאָטש דאָס

פאָלק איז שוין מיד פון די „גאולה"־ברענגער, פון די קהל־פאַרזאָרגער און פון די אינטריגעס, וואָס כאָטש זיי דערמאָנען אין די פירעכצער פון די גויים, לויט וועלכע מיר „אסימילירן" זיך, דאָך אין דער אמתן זענען מיר שוין געגאַנגען העכער און מען עסט שוין ביי אונדז חלב פון די לייכטער...

נאָר נעמט עס נישט, חלילה, צו ערנסט, ווייל דאָס איז ערשט דער סאַמע אָנהייב.

26טער סעפּטעמבער 1952

## וואָס איז סאָציאַליזם

אַמאָל־אַמאָל, ווען רעליגיע איז געווען אָפּיום פאַר די מאַסן און באַלע־באַטישע קינדער האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון דער רעוואָלוציע, האָט אַ קליינשטעטלדיקער באַלעבאָס דערפילט, אַז זיינע קינדער האָבן אים אַריינ־געבראַכט אין שטוב אַריין אַזאַ מין זאַך ווי סאָציאַליזם.

ער האָט, אייגנטלעך, נישט געוווסט, וואָס איז דאָס פאַר אַזאַ זאַך דער „ציציליזם״. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז אַזוי ווי די קינדער באַהאַלטן זיך אויס מיט דעם אויך פאַר אים, איז דאָס מסתמא אַ מין קאָנטראַבאַנדע, וואָס אפילו על־פּי תורה טאָר עס אַ ייד נישט נעמען אין דער האַנט אַריין.

האָט דער ייד קודם כל אָנגעהויבן זוכן אין די אַלמערלעך, אונטערן בעט, אין שטעלעכל, ווו נאָר אַן אָרט, כדי אויסצוגעפינען דעם „ציציליזם״ און אים אַרויסוואַרפן פון שטוב. און וואָס מער ער האָט געזוכט אין נישט געפונען, אַלץ מער האָט עס אים אויפגערעגט. ער איז שוין גרייט געווען צו געבן אַ רענדל, ער זאָל כאָטש איין מאָל קענען זען דעם „ציציליזם״ — אויב נישט אויף אַרויס־צוּוואַרפן אים, איז, לכל הפּחות, כדי צו זען, וואָס דאָס איז אַזוינס, וואָס מען באַהאַלט עס אַזוי שטאַרק פאַר מענטשלעכע אויגן...

ביז דער ייד האָט נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט איין מאָל געזאָגט צו די קינדער: איך ווייס, אַז איר באַהאַלט אויס אין שטוב אַ געפערלעכע זאַך, וואָס איז טריף פאַרן קיסר און אַ זינד קעגן רבונו־של־עולם. איז וואָס שייך דעם רבונו־של־עולם — איז מילא, איר זענט שוין נאָך בר־מצווה און איר וועט פאַר אייערע זינד אַליין דאַרפן תשובה טאָן. אָבער וואָס שייך דעם קיסר — קען אַמאָל נאַטשאַלסטוואָ מאַכן ביי מיר אין שטוב אַן „אָביסק״ און טאָמער וועלן זיי געפינען דעם „ציצילים״ — שעכט איר אונדז אָפּ אָן אַ מעסער. טאָ זאָגט זשע מיר, קינדערלעך, ווו איר האָט אים פאַרשטעקט, אַז ווי אַ מעשה מאַכט זיך, זאָל איך דעם „ציציליזם״ קענען באַצייטנס אַרויסוואַרפן.

זאָגט איין זון, אַז ערשטנס, איז דאָס נישט „ציציליזם״ נאָר סאָציאַליזם״; און צווייטנס, איז סאָציאַליזם נישט קיין זאַך, וואָס מען באַהאַלט אונטערן בעט, נאָר דאָס איז אַ היסטאָרישער פּראָצעס.

האָט זיך דער טאַטע דערשראָקן: קינדערלעך מיינע, איר וועט דאָך מיך פאַר דער צייט פאַרטרייבן אין קבר אַריין. פאַרוואָס האָט איר מיר נישט געזאָגט, אַז איר האָט שוין אַ פּראָצעס אויך? אַזאַ פּראָצעס שמעקט דאָך מיט סיביר!

ענטפערן די זין, אַז דאָס אי נישט זייער פּראָצעס, נאָר דאָס איז דער פּראָצעס פון דער געשיכטע.

— זענט איר עדות אין דעם פּראָצעס, הייסט עס? — פאַרשטייט נישט דער טאַטע.

— ניין — ענטפערן די זין — מיר העלפן אין דעם פּראָצעס.

— איז וואָס האָט איר דערפון? דאָס וועט אייך געבן פּרנסה?

— ניין — ענטפערן די זין — דאָס וועט געבן פּרנסה די מאַסן. מען וועט ביי אַלע אַלץ צונעמען און דאָס אַלץ אַריינלייגן אין איין שיסל; און שפּעטער וועט מען זיך טיילן גלייך אויף גלייך.

— דאָס איז גראָד נישט שלעכט — טוט זיך דער ייד אַ צי איבער דער באָרד — אָבער זאָגט מיר, קינדערלעך, אין וועמענס שיסל וועט מען דאָס אַלץ אַריינלייגן? איר ווייסט, דער סאָציאַליזם הייבט מיר אָן צו געפעלן, אָבער איך וואָלט באַשטאַנען, אַז אויף אַריינצולייגן אַלץ, זאָלט איר נעמען מיין שיסל...

אָט אַזאַ מין דיסקוסיע, בערך, איז די לעצטע צייט פאָרגעקומען אין אונזער היימיש שטעטל. כ'מיין דעם „סימפּאָזיום" צווישן דוד בן־גוריון און די אַלגעמיינע ציוניסטן.

וואָרום ביז איצט איז דער סאָציאַליזם ביי אונדז געגאַנגען בדרך הטבע. און לויטן מאָדערנעם שטייגער, האָט מען גענומען דעם אָפּיום, כ'מיין, די רעליגיע, און מיט אים, מיטן אָפּיום, הייסט עס, פאַרטשאַדעט די מאַסן זיי זאָלן נישט פילן, אַז מען פירט זיי צום „סאָציאַליזם". און איר קענט גאָרנישט זאָגן, אַז מפּא"י איז נישט אַ געריבענע פּאַרטיי. וואָרום אַנשטאָט זי זאָל אַליין געבן אָפּיום, האָט זי אין דער קאָאַליציע אַריינגענומען די ריכטיקע „אַפּטייקער" פון דעם מזרחי און פון דער אגודה, אַז זיי זאָלן צוגרייטן די אָפּיום־ליולקעס, אַז זיי זאָלן פאַרשיכורן די מאַסן; און צווישן די וויכוחים וועגן פלייש פון אַרגענטינע און שבת־רו פאַר אויטאָס האָט דערווייל „סולל־בונה" געבויט „סאָציאַליסטישע" פאַבריקן און „המשביר" האָט אויפגעעפנט „סאָציאַליסטישע" קראָמען — דער־נענטערט דעם קץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט און געעפנט דעם וועג פאַרן סאָציאַליסטישן משיח.

אָט אַזוי האָבן מיר געגלייבט באמונה שלימה, ביז בן־גוריון האָט נישט אויפגעדעקט די קאָרטן, אַז ער האַלט די מזרחי און די אגודה נישט פאַר קיין „אַפּטייקער", וואָס זאָלן צוגרייטן אָפּיום פאַר די מאַסן, נאָר פאַר אויפריכטיקע קלאַסן־פריינד און בויער פון סאָציאַליזם.

וואָרום ער איז געקומען און געזאָגט צו די אַלגעמיינע ציוניסטן אַזוי: אויב איר וועט נישט מסכים זיין אויף דער פּאָליטיק בנוגע דער הסתדרות־ווירטשאַפט און אויב איר וועט נישט אויפהערן זיין שונאים פונעם אַרבעטער־קלאַס — וועט איר נישט קענען אַריינגיין אין דער קאָאַליציע. און אַזוי ווי די מזרחי און די פּועלי־מזרחי זיצן שוין אין דער קאָאַליציע פעליקע פיר יאָר; און ביז ערב ראש־השנה איז אויך געזעסן די אגודה און אירע פּועלים, הייסט עס, אַז זיי זענען געווען און זענען פריינד פונעם אַרבעטער־קלאַס און זיי פאַרשטייען, אַז מען דאַרף אונטערשטופּן דעם קץ דורך בויען די הסתדרותישע געשעפטן און אַ סוף מאַכן צום קאַפּיטאַליזם.

און היות איטשע מאיר לעווין איז אַרויס פון דער קאָאַליציע נישט צוליבן „סאָציאַליזם", נאָר צוליב פרומע מיידלעך, איז אָנצונעמען, אַז ער איז ווייטער געבליבן אַ געטרייער סאָציאַליסט, נאָר אַ סאָציאַליסט מיט אַ „מיידלשן אָפּנייג". דאַקעגן די מזרחי און די פּועלי־מזרחי זענען ווייטער כשרע קלאַסן־פריינד און פאַרשטייען דעם „אומפאַרמיידלעכן היסטאָרישן פּראָצעס" פון „סולל־בונה"־סאָציאַליזם. און אויב בן־גוריון האָט דעם „סאָציאַליסטישן" תנאי געשטעלט די אַלגעמיינע ציוניסטן און נישט די מפ"ם, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען נעענטער צום היסטאָרישן פּראָצעס פון סאָציאַליזם ווי די מפ"ם, וואָרום די מפ"ם קומט דאָך אפילו נישט אין באַטראַכט ווי אַ שותף צום אויפבוי פונעם „סאָציאַליזם" אין מדינת ישראל...

דערמאָנט עס מיר אין דער דיאַלעקטיק פון יענעם קליינשטעטלדיקן ייד, וואָס אים איז געפעלן סאָציאַליזם, נאָר מיט אַ באַוואָרעניש, אַז אויף אַריינצולייגן אַלץ, וואָס מען וועט צונויפנעמען, זאָל מען נעמען זיין שיסל.

אין אויך מפא"י האָט אינעם היסטאָרישן פּראָצעס אונטערגערוקט איר שיסל. און ווער עס לייגט אריין אין דער שיסל און פרעגט נישט קיין שאלות — דער איז אַ סאָציאַליסט, מעג ער אפילו נישט זיין קיין ציוניסט. אויב אָבער עמעצער וויל אונטערשטעלן אויך זיין שיסל — איז ער פּסול פאַרן סאָציאַליזם אין אונדזער דור.

וועט איר פרעגן: ווי קומט די שיסל צו סאָציאַליזם? איז די מעשה ווי מיט יענעם זשאַנדאַר: אַז ער האָט נישט געקענט פונעם געזעץ מאַכן קייטן, האָט ער די קייטן געמאַכט פאַר אַ געזעץ. זאָגט רש"י: אויב מען האָט נישט געקענט מאַכן פונעם סאָציאַליזם אַ שיסל, האָט מען אַ שיסל געמאַכט פאַר סאָציאַליזם — און דער עסק איז אויף אַ דרך. די שיסל איז שוין טאַקע געוואָרן סאָציאַליזם. און ווער עס איז אויף דעם נישט מסכים, איז אַ פינצטערער רעאַקציאָנער, אַ קלאַסנפיינד, אַ „סולל־בונה"־פרעסער.

אדרבה, פּרוווט ביי אונדז היינט אויף אַן אמת באַשטימען, וואָס איז אַזוינס סאָציאַליזם און ווער איז אַ סאָציאַליסט. אויב איר וועט צו פיל אַריינטראַכטן, קען זיך אַרויסווייזן, אַז „המשביר" איז סאָציאַליזם, הרב פעלדמאַן איז אַ סאָציאַליסט און די פּאַלאַצלעך און ווילעס פון סאָציאַליסטישע פירער זענען די פעסטונגען פון סאָציאַליזם.

ווען איך זאָל זיין אויפן „סימפּאָזיום" אין האָטעל „שרון", וואָלט איך פאַרגעלייגט אָנשטאָט צו רעדן וועגן די באַציאונגען צווישן מפא"י מיט די אַמעריקאַנער ציוניסטן, זאָל מען בעסער זיך דורכשמועסן וועגן די באַציאונגען צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַלאַצן און די בלעכענע ביידלעך אין די מעברות. וואָרום עס קען געמאָלט זיין, אַז פון איצטיקן „סימפּאָזיום" אין האָטעל „שרון" זאָלן צענדליגער טויזנטער יידן ווידער אַריינפאַרן אין ווינטער אַריין אויף שווימענדיקע געצעלטן און ביידלעך, אַז מען זאָל ווידער דאַרפן אַרויסראַטעווען קינדער פון די מעברות. אָבער דאָס וואָלט געווען נישט קיין פּראַקטישער „סימפּאָזיום", ווייל אויב מען זאָל טאַקע אויסבויען שיכונים פאַר אַלע עולים —

איז מיט וואָס וועט מען קומען בעטן געלט ביי די אַמעריקאַנער יידן? מיט סאָציאַליזם וועט מען קומען צו זיי? מען וועט קלאַפּן אין די פּושקעס, אַז יידן זאָלן געבן געלט אויף סאָציאַליסטישע ווילעס.

ניין, אויף אַזאַ סאָציאַליזם וועלן יידן קיין געלט נישט געבן. דאַרף מען שמועסן וועגן תכלית־זאַכן, וועגן אַ סטאַטוס, וועגן ציוניסטישע פעדעראַציעס, וועגן פאַראייניקן די יידישע קעשענעס, זי זאָל קאָלעקטיוו אַריינשיטן אין דער שיסל, וואָס איז נישט עפּעס אַנדערש ווי סאָציאַליזם בינינו ובין עצמנו...

10טער אָקטאָבער 1952

## די אינקאַרנאַציעס פון ווישנו

היינטיקע וואָך, נאָך דעם, ווי יידן האָבן פאַרענדיקט דאָס לויפן איבער די געטלעכע קאָנצעלאַריעס, ווו מען האָט געכתיבעט און געחתימהט און אין אַ גליקלעכער שעה האָט מען אין „הושענא רבה" אַרויסבאַקומען דעם רשיון, דאָס גוטע „קוויטל", הייסט עס, און אַלס דאַנק פאַרן בורא־עולם האָט מען זיך געפרייט מיט זיין תורה — האָבן זיך יידן ווידער אויסגעזעצט אין שדרות רוטשילד, אין תל־אביב, און נישט געקענט זיך אָפּלויבן פון דעם רבונו־של־עולמס דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס:

שטעלט זיך נאָר פאָר די פּינקטלעכקייט: אין די עשרת־ימי־תשובה גיט מען אָן די בקשות; א' תשרי ווערן מיט איין מאָל אויסגעשריבן אַלע רשיונות; ט' תשרי, צו דער מינוט און צו דער רגע, ווערן די רשיונות אונטערגעשריבן; און כ"א תשרי עפנט מען די הימלען און, אָן צו שטיין אין דער ריי, באַקומט זיך יעדער זיין רשיון גלייך אַהיים, אָן פּראָטעקציע, אָן טובות; און קיינער פרעגט נישט ביי דיר, צי דו געהערסט יאָ צו אַ פּאַרטיי, אָדער צי דו געהערסט נישט צו קיין פּאַרטיי. עס איז גענוג, אַז מען איז אַ ייד. און איז דען דעריבער אַ וואונדער, וואָס נאָך אַזאַ אָרדענונג און פּינקטלעכקייט, נעמען זיך יידן ווידער צו דער תורה, טאַקע פון סאַמע בראשית, כדי צו לויבן דעם רבונו־של־עולם פאַר זיינע דעמאָקראַטישע פאַראַנדקעס?

ניין, ס'איז גאָרנישט קיין וואונדער.

און ערשט, אַז איר הייבט אָן לערנען בראשית, דערזעט איר די גרויסקייט פון בורא־עולם, וואָס האָט פון תהו־ובהו, פון אַ סוכנותישער ווירטשאַפט, ווי מען וואָלט ביי אונדז געזאָגט — אין געציילטע זעקס טעג געמאַכט אַ וועלט אָן דער הילף פון קרן־קימת, האָט ער אויסגעלייזט די ערד פון וואַסער; און אָן דער הילף פון דער הסתדרות, האָט ער איינגעפירט אַ זעקסטאָגיקע אַרבעטס־וואָך מיט אַן אָבליגאַטאָרישן אָפּרו־טאָג. און הגם ער האָט נישט געמאַכט קיין מגביתן, און נישט גענומען קיין אַמעריקאַנער הלוואות, און עס זענען נישט געווען קיין קיבוצים מען זאָל זיך אין זיי אַרומשלאָגן, האָט ער פאַראַקערט די פעלדער פון דער וועלט און פאַרזעצט פרוכטביימער און איינגעאָרדנט פאַר די נייע עולים — אדם און חוה — אַ שיכון, טאַקע אַ גן־עדן, אויף אַלע נייע עולים אין ישראל געזאָגט געוואָרן!

נו, איז נישטאָ פאַרוואָס צו לויבן דעם רבונו־של־עולם?

האָט זיך פון צווישן עולם אַרויסגערוקט אַ ייד מיט אַ חול־המועד־קאַפּעליטשל פאַררוקט אויפן שפּיץ קאָפּ און ער האָט געזאָגט בזה הלשון:

— איך זע סיין, אַז איר זייט אין דער אָפּאָזיציע און איר רעדט קעגן אונדזער מעמסאָלע. איר ווילט דאָך זאָגן, אַז דער רעביינו־סעל־איילעם איז געווען אַזוי גרייס, כדי צו באַווייזן, אַז בן־גוריון איז קלענער. זאָג איך אייך, אַז דער רעביינו־סעל־איילעם איז טאַקע גרייס, נאָר צו ערסט ער און דערנאָך טאַקע בן־גוריון. ווו האָט איר נאָך געזען אַזאַ גרייסן מענטש ווי בן־גוריון, וואָס זאָל קענען זיין אַ גאַנצע מעמסאָלע?

איר זאָגט, אַז סטאַלין איז גרייס? ווו איז זיין גרייסקייט, אַז ער קען ניט אַוועקלאָזן פון זיך נישט מאַלענקאָוון, ניט מאָלאָטאָוון, ניט קאַגאַנאָוויטשן, קיינעם ניט. אדרבה, האָט איר אַמאָל געזען, אַז סטאַלין זאָל אַוועקלאָזן אין דער וועלט אַריין אַ פינף־זעקס מיניסטאָרן?

וועט איר מיר דאָך זאָגן, אַז צערציל איז גרייס? הייבט זיך ניט אָנעט. האָט איר געזען, אַז צערציל זאָל מיט איין מאָל אַוועקלאָזן אין דער וועלט אַריין פינף־זעקס מיניסטאָרן? און איך קאָוויר אייך, אַז טאָמער וואָלט ער דאָס יע געטאָן — וואָלט אים די אימפּעריע צעפאַלן און גאָר.

און טאָמער וועט איר מיר וועלן זאָגן, אַז טרומאַן איז גרייס — הייבט זיך ניט אָנעט! ווי קען ער זיין גרייס, אַז די קאָפּ טוט אים סיין ווי פון זיין פּרעזידענט און ער גייט אַוועק.

און גאָר אנדערס איז אונדזער בן־גוריון. ערסטענס, איז ער אַזוי גרייס, אַז ער טראַכט גאָר ניט פון אַוועקגיין, צווייטנס, איז ער אַזוי גרייס, אַז ער קען זיין אַליין די גאַנצע מעמסאָלע. אָט נעמט אַ סטייגער: אַליין איז בן־גוריון ראָס־האַמעמסאָלע און שר הבטחון. אויף דעם אַליין דאַרף מען סיין האָבן צוויי קעפּ, נעמט דער קאָמוניקאַציע־מיניסטער און סטאַרבט. קומט בן־גוריון און זאָגט: וועל איך סיין זיין קאָמוניקאַציע־מיניסטער אייך. איז אייך ניט גענוג, נעמט איצע מאיר לעווין און צוליב נאָסים גייט ער אַרויס פון דער קאָאַליציע און גייט אַריין אין דער אָפּאָזיציע און לאָזט סטיין דעם משרד הסעד. האָט איצע מאיר לעווין געמיינט, אַז די וועלט עקט זיך און אויס מעמסאָלע. זאָגט בן־גוריון: אַז איך קען זיין דריי מיניסטאָרן — ספּילט סיין אַ פערטער קיין ראָל ניט.

איז אַזוי ווי אָבער אונדזער מעמסאָלע דאַרף האָבן געלט — סיקט זי אַרויס קיין אַמעריקע דעם שר המיסטאַרא, וואָרום נאָך די באָמבעס און סנאַראַדן, איז אונדזער שר המסטאַראַ באַרימט אויף דער וועלט און יידן וועלן אים געבן געלט — האָט ער איבערגעלאָזט די פּאָליציי, מיט די באָמבעס, מיט די סנאַראַדן און געפאָרן קיין אַמעריקע. ניסקאָסע, אויף בן־גוריונען קען מען זיך פאַרלאָזן: אויב ער איז פיר מיניסטאָרן און ער קען גריכיס — פאַרוואָס זאָל ער נישט קענען זיין פינף מיניסטאָרן? און ער איז טאַקע געוואָרן אויך פּאָליציי־מיניסטער.

אָבער אַזוי ווי איין מיניסטער איז ווי איין צאָן אין מויל, ניט צו קייען און ניט אַראָפּצוסלינגען, האָט די רעגירונג באַסלאָסן, אַז עס איז גלייכער קיין אַמעריקע אויך צו סיקן דעם שר־האַמיספּאָטים. וואָרום חז״ל זאָגן, אַז אין

צוויִיען איז סטאַרקער. פאַר איין מיניסטער וועלן זיי געבן אַ דאָלאַר, וועלן זיי פאַר צוויי מיניסטאָרן גיבן טאָפּלט. פאַרסטייט איר די חכמה פון אונדזער מעמסאָלע?

איז ווער זשע וועט דערווייל זיין שר האַמיספּאָטים? וואָס הייסט, ווער? אויף דעם האָבן מיר דאָך אַזאַ גרייסן ראָס־האַמעמסאָלע, וואָס ביי אים צו זיין זעקס מיניסטאָרן ספּילט אַזאַ ראָל, ווי ביי ראָטשילדן אויסרייכערן זעקס ציגאַרן. און גריכיס קען ער, איז ער ווי צוגעפּאַסט פאַר מיספּאָטים — און בן־גוריון איז טאַקע אַ זעקספּאַכיקער מיניסטער, וואָס קיין בעסערער קען גאָרנישט זיין.

איז אָבער די מייסע, וואָס פריער האָט זיך סיין אַרויסגעכאַפּט קיין אויס־לאַנד דער געזונט־מיניסטער, אַ געזונט אויף זיינע יאָרן, און אונטערגעוואָרפן דאָס פּעקל טאַקע בן־גוריונען. וועט בן־גוריון, מיינט איר, אַרויסוואַרפן דאָס געזונט, אָדער ער וועט עס איבערגעבן אין די הענט פון פּריוואַטער איניציאַטיוו? קענט איר ניט בן־גוריונען! אויב ער האָט געזונט געמאַכט די ווירטסאַפּט, וועט ער עך קענען געזונט מאַכן דעם יסווו, און אַזוי ווי ער קען טאַקע גריכיס און אויף סרייבן רעצעפּטן איז ער איינער ביים יידיסן פאָלק — איז ער עיך געוואָרן דער מיניסטער פאַר געזונט — און האָט מיר אַ גוטן סאַבעס.

איז דאָך סיין בן־גוריון גרייס, אויב ער קען זיין זיבן מיניסטאָרן פאַר איין קלאַפּ. ווייסט איר טאַקע ניט, וואָס גרייסקייט איז. און כדי דאָס יידיסע פאָלק זאָל זען ווען דער רעביינו־סעל־איילעם האָט אונדז צוגעסיקט פאַר אַ מאַסיאַך — פאַרט עיך קיין אויסלאַנד דער אַגראַר־מיניסטער. עפּעס, זאָגט מען, האָט ער דאָרט אַ גאַר וויכטיקע סעליכעס; און אויף דער צייט פון דער סעליכעס וועט בן־גוריון איבערנעמען די פעלדער מיט די וועלדער און עיך זיין אַגראַר־מיניסטער. וואָרום סיי־ווי איז ער זיבן מיניסטאָרן, איז וואָס וועט אים אַרן, אַז ער וועט זיין אַן אַכטער מיניסטער?

איז די געסיכטע פון דער מעשה אַזאַ היסטאָריע, וואָס מעיסע סאַרעט קלייבט זיך פאָרן אין אונ״א, וואָרום די סמאַדאַלניקעס, די אַראַבער הייסט עס, גרייטן זיך דאָרט אין אונ״א מאַכן פּראָטעסטן, מסוגענע סטיק. איז ווי וועט דאָרט זיין אַן מעיסע סאַרעט? איז פאַרסטייט זיך, אַז אַזאַ וויכטיקע טעקע וועט בן־גוריון נישט לאָזן אַרומסמייען אַן אַ פירער און ער וועט אַליין בכבודו ובעצמו ווערן אויסערן־מיניסטער. אויב ער קען זיין אכט מיניסטאָרן — פאַר־וואָס זאָל ער נישט קענען זיין ניין מיניסטאָרן?

שדרות רוטשילד איז שוין געזעסן צעטומלט פון דעם ליטוואַקס פּראָ־פּאַגאַנדע, און דווקא אַ גאַליציאַנער האָט זיך אָפּגעריסן אויף אים:

— הערט, ליטוואַק צלם־קאָפּ. און וועס וועט איר טוען ווען אין מיצקע דערינען, ווען בן־גוריון טראָגט ניין טעקעס, וועט דער פּועל־מזרחי אַנפּאַפן און זיך אָנגעבען אין דעמיסיע; און דער פינאַנץ־מיניסטער און דער האַנדלס־מיניסטער וועלן דאַרפן פאָרן קאַן אַמעריקע העלפן ראַטעווען די מערכה פון דעם פּאָליציי־מיניסטער און פון דעם יוסטיץ־מיניסטער?

— פּססס — צעלאַכט זיך דער ליטוואַק — כ׳לעבן, ערסטנס האַלט שוין

בן־גוריון איין טעקע פון הפועל המזרחי — די טעקע פון געזונט. בלייבט דאָך נישט מער ווי דער אינערן־מיניסטער. ספּילט ביי בן־גוריונען צו זיין אינערן־מיניסטער אַזאַ ראָלע ווי ביי אייך אויפעסן צוויי פּאָרציעס בשר־קוויץ. און וואָס סייך פינאַנסן, קען בן־גוריון גריכיס, ווי אַ וואַסער, און אַזאַ יאָר אויף מיר וואָס פאַר אַ פינאַנץ־מיניסטער ער קען זיין. און וואָס סייך האַנדלס־מיניסטער, האָט איר דאָך סיין געזען ווי ער האָט געפירט אין באָד אַריין די סוחרים פון די צי״עינים קלאָלים, וועט ער ניט קענען זיין קיין האַנדלס־מיניסטער?

און אַז בן־גוריון וועט איבערנעמען אַלע פופצן מיניסטאָרן־טעקעס, וועט ער פאַרספּאָרן אַלע קלאָפּאָטן. ער וועט קענען אַ סטייגער אָפּהאַלטן עטלעכע זיצונגען פון דער רעגירונג יעדן טאָג: אַ זיצונג ביי פריסטיק, אַ זיצונג ביי מיטאָג און אפילו אנסטאָט „קריאת־סמע״־לייענען, וועט ער פאַרן סלאָפן גיין אָפּהאַלטן מיט זיך אַליין אַ קאָנפערענץ און אָננעמען באַסלוסן איינסטימיק און מיט קאָלעקטיווער אחריות. איר פאַרסטייט צי ניט?

און אייב בן־גוריון וועט האַלטן אַלע פופצן מיניסטאָרן־טעקעס, וועלן מיר איין מאָל פאַר אַלע מאָל פטור ווערן פון קאָאַליציע־קריזיסן. צו וואָס זאָלן פופצן באַזונדערע מיניסטאָרן פירן סלעכט, אויב איינער פאַר פופצן מיניסטאָרן קען פירן גוט?

און אין דעם זכות וועלן מיר זיין די איינציקע מדינה אין דער וועלט, וואָס מיר וועלן האָבן אין איין מענץ אַ גאַנצע רעגירונג. וועט דאָס יידישע פאָלק קומען צו בן־גוריונען און אים זאָגן:

— אדוני ראָס־האַמעמסאָלע — שר־הבטחון ־ שר־החוץ ־ שר־האוצר ־ שר־המסחר והתעשיה ־ שר־התחבורה ־ שר־העבודה ־ שר־החקלאות ־ שר־החינוך ־ שר־הפנים ־ שר־המשטרה ־ שר־הבריאות ־ שר־הסעד ־ שר־המשפטים, גוט סאָבעס!

17טער אָקטאָבער 1952

# גאולה־ווייען

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָב איך בייגעוווינט אין אַ קליין פּויליש שטעטל אַ ציוניסטישן מיטינג מיט דיסקוסיעס. יעדער רעדנער האָט, ווי דער שטייגער, געשילדערט די קומענדיקע מדינה לויט זיין טעמפּעראַמענט.

איינער האָט זי געשילדערט אידיליש, לויט שיר־השירים: יידן וועלן זיך ליב האָבן, ווי אין פּסוק שטייט — ישקני מנשיקות פּיהו, מען וועט זיך קושן אין די פּיסקלעך, וקול התור נשמע בארצנו — און מען וועט גאָרנישט טאָן, נאָר ליגן און הערן, ווי עס וואָרקעט די טורטלטויב.

אַ צווייטער, אַ מער פּראָזאַאישער רעדנער, האָט געזאָגט, אַז עס איבעריק צו דיסקוטירן. לאָמיר נאָר קומען קיין ציון, וועלן מיר שוין וויסן, וואָס מיר האָבן צו מאַכן. ווי מיכה הנביא האָט געזאָגט: לכו ונעלה אל הר ד׳, לאָמיר נאָר דערלעבן צו זיין אין הייליקן לאַנד — און איר וועט זען, כי מציון תצא תורה, אַז אַנדערע וועלן זיך מעגן קומען צו אונדז לערנען.

איז צום סוף אַרויפגעגאַנגען אַ דריטער און אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— רבותי — האָט ער אויסגעשריגן — הערט נישט, וואָס עס רעדן צו אייך די כּניאָקעס, פלאַסקעדריגעס און די צעקראָכענע פּיפּערנאָטערס, וואָס רעדן אייך איין געבראָטענע טורטלטויבן אין דער לופטן. „ישקני" קענען מיר זאָגן אויך אין גלות. מיר וועלן בויען אַ לאַנד מיט אַלע לענדער גלייך, ככל הגויים, מיט אַלעם גוטן און מיט אַלעם שלעכטן. צי האָט נישט רוסלאַנד עקספּאָרט און אימפּאָרט און אויך גנבים? וועלן מיר אויך האָבן עקספּאָרט, אימפּאָרט און אויך גנבים! צי האָט נישט פראַנקרייך פאַבריקן פון שאַמפּאַן און סאַרדינען און אויך קאַבאַרעטן? צי האָט נישט אַמעריקע די גרעסטע אינדוסטריע און אויך גענגסטערס — וועלן מיר אויך האָבן די גרעסטע אינדוסטריע און אויך גענגסטערס!

שטעלט זיך אויף אַ ייד אין זאַל און מאַכט דעם רעדנער אַ צווישנרוף:

— איך בעט אייך, אפשר וואָלט איר פאַר אונדז גענומען דעם עקספּאָרט, דעם אימפּאָרט, די פאַבריקן פון שאַמפּאַן און סאַרדינען און די גרעסטע אינדוסטריע — און פאַר די גויים איבערגעלאָזט די גנבים, קאַבאַרעטן און די גענגסטערס?

האָט זיך דער רעדנער צעקאָכט און אַ זעץ געטאָן אין טיש:

— אַ קרענק וועלן מיר איבערלאָזן פאַר די גויים! אַלץ וועלן מיר האָבן!

זעט אויס, אַז פון יענע ראָמאַנטיקער, וואָס האָבן ציטירט די פּסוקים

פון שיר־השירים און פון מיכה, איז געבליבן אַקטועל בלויז דער „ישקני" און געזיגט האָט טיילוויז דער רעדנער פון רעאַליזם. איך זאָג „טיילווייז", ווייל פון עקספּאָרט און אימפּאָרט האָבן מיר דערווייל בלויז איין טייל — אימפּאָרט; אויף צו מאַכן שאַמפּאַן, ברענגט מען דערווייל ראָזשינקעס פון טערקיי; בנוגע סאַרדינען, האָט צו זאָגן „תנובה"; און וואָס שייך דאָס איבעריקע, האָב איך שטאַרק מורא, אַז דער רעאַליסטישער ככל־הגויים־רעדנער איז געווען מער, ווי אַ רעאַליסט — ער איז געווען אַ נביא...

נישט מער, אָט יענעם רעדנער איז נישט איינגעפאַלן, אַז כדי צו זיין ככל הגויים דאַרף מען אויך האָבן אייגענע אַנטיסעמיטלעך, גאָוויטשינסקעלעך, שטרייכערלעך, אַזעלכע היטלעך, וואָס זאָלן קענען אַ ביסל טאָן אויף אַ ייִד און ווען „בייטיק" אויך אָנכאַפּן ביי דער פּאָלע, אָדער אַ ביס טאָן אַ ייִדישן פּוס; און טאַקע אפשר מאַכן אַ שטיקל פּאָגראָם אויך. וואָרום ווי אַזוי וועלן מיר אָן אַזעלכע „זאַכן" קענען זיין ככל הגויים? מיר וועלן דאָך, חלילה, פאַרשעמט ווערן אין די אויגן פון די גויים.

אָבער, יידן, זייט זיך נישט מייאש. מיר האָבן, זיי זענען דאָ, זיי מערן זיך און — מיר וועלן שוין אפילו פאַר דעם שוואַרצן געדעכעניש פון אַ „דוואַ גראָשע", אָדער פון אַ שטירמער", נישט קענען פאַרשעמט ווערן. די „ליכטיקע פּרי" מיט אַלע פינצטערע חן־גריבעלעך איז אָנגעוואַקסן, ווי אַ ווילדער שוואָם. נישט מער, אין פּוילן האָט זי געהייסן „דוואַ גראָשע" און אין דייטשלאַנד „שטירמער" און ביי אונדז איז עס אַ לשון־קודשדיק בלעטל. און דער שרייבער טראָגט אַ העברעאישן נאָמען — דני.

אדרבה, נעמט דאָס בלעטל פון פאַרגאַנגענעם פרייטיק — און איר וועט דאָרט געפינען לשון־קודשדיקע פּערזן, וואָס שטרייכער וועט זיך אין קבר דרייען, ווי אַ וואָרעם, פאַר וואָס ער קען זיך נישט אונטערשרייבן אונטער זיי. ער וועט דאָרט אין קבר צעפּרעסן ווערן פון קנאה, פאַר וואָס ער מוז פּוילן אין דר'ערד, בעת אין תל־אביב, וואָלט ער געקענט זיין אַ מיטאַרבעטער אין אַ לשון־קודשדיקער צייטונג, שרייבן אַנטיסעמיטישע שירים אַן שפּייען יידן אין פּנים אריין און גלייכצייטיק זיין אַ פּאַטריאָט!

פאַרוואָס האָט זיך דאָס הינטל אַזוי אָפּגעריסן?

איין קלייניקייט:

אויף אַ קבלת־פּנים פאַר אָפּאַטאָשו, האָט דער גאַסט געהאַט די חוצפּה צו זאָגן, אַז „יידיש לשון האָט טיפע וואָרצלען אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק; און אַז ישראל דאַרף זיך נישט פאַרוואַנדלען אין אַ קבר פאַר יידיש".

האָט דאָס אַרוסגעבראַכט פון די כלים די דניס און אַנדערע דראַניעס און עס איז אַוועק אַ העצע. וואָלט מען נאָך דאָס פאָגראָמירטע יידישע לשון געקענט פאַרקויפן צו דייטשלאַנד פאַר אַביסל סחורה, ווי מען האָט פאַרקויפט יידיש בלוט, וואָלט עס נאָך געווען אַ געשעפט. אויב אָבער פאַרקויפן קען מען עס נישט און לעבן לעבט עס, דאַרף מען עס כאָטשבי אַליין באַגראָבן.

און דאָס קליינע יידיש־אַנטיסעמיטל גיסט אויס אויפן יידישן לשון אַ

שמוץ, פון מאַמעלע־טאַטעלע־ציצעלע־אוי־ווײ־געוואַלד. און נאָך דעם ווי ער האָט שוין שייגעצעוואַטע אָנגעבילט און אויסגעגאַרעט דאָס לשון פון זעקס מיליאָן קדושים וטהורים, זאָגט ער אַזוי:

אבל אני אכזר מטבע,
ואנוכי תמיד מוכן
לכרות לשפת עלגים זו קבר
ובכבודי להיות קברן.

דאָס הייסט, אַז ער איז פון דער נאַטור אַן אַכזר און ער איז שטענדיק גרייט אויסצוגראָבן אַ קבר פאַר יידיש לשון און אַליין זיין דער באַגרעבער.

און אויב איר ווילט וויסן צוליב וואָס דער געדיכטער איז געקומען קיין ציון, זאָגט ער גלייך:

אַז ער איז נישט געקומען אַהער בלויז ווי צום מקור פון פישפּילע און „צנע" און אויך נישט בלויז ווי אין אַ רעטונגס־אָרט. לאָזט אים נאָר צו — און ער וועט גלייך האָבן דערגרייכט זיין ציל: באַגראָבן יידיש. און ער ענדיקט זיין באַגרעבער־ליד מיט דעם זעלבן, וואָס אַלע מנובלים האָבן אָנגעהויבן: „עס איז נישטאָ קיין אויפלעבונג אָן טויט". עס הייסט, צו דער פולער גאולה פעלט אים בלויז דער טויט פון יידיש.

אויב פון טויט פון יידיש מאַכט דאָס קליינע אַנטיסעמיטל אָפּהענגיק זיין גאולה, איז גאָר נישט פויגלדיק מיט דער „גאולה"; און ער וועט זיך פּונקט אַזוי דערוואַרטן אויף איר, ווי שטרייכער האָט זיך דערוואַרט אויף זיין „גאולה".

און וואָס איך בין יאָ זיכער איז דאָס, אַז ווען די יידיש־רעדנדיקע זאָלן אויפהערן ליפערן דאָלאַרן, וואָלטן די קאַנדידאַטן אויף באַגרעבערס געפּגרט פאַר אַ ביס חמץ און זיי וואָלטן נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן אַ בויגן פּאַפּיר אויף צו דרוקן אַזעלכע אַנטיסעמיטישע פּאַשקווילן. און איך בין זיכער, אַז דאָס קליינע אַנטיסעמיטל געפינט זיך שוין ערגעץ־ווו אויף דער רשימה פון שליחים; און ער וועט נאָך אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד און מיטן יידישן לשון וועט ער זיך נאָך איינשאַפן אַ פרידזשידער און אויסשנאָרן אַ ביסל וועש און אַ מיקסטער מיט אַ פּרעשור־קוקער. און איך בין אויך זיכער, אַז ווען ער גייט ביינאַכט אין תל־אביב און ער דערשרעקט זיך פאַרן אייגענעם שאָטן, שרייט ער אויס אויף פּראָסט יידיש: אוי, מאַמע!

נישט מער, ס'איז אין דער מאָדע אַנטיסעמיטיזם, דאַרף מען זיין ככל הגויים, כדי מען זאָל זיין געזעלשאַפטלעך...

24טער אָקטאָבער 1952

## ספּעציאַליסטן עליכם!

אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט יעדע פֿון די אַכט און פֿערציק שטאַטן — צוויי נעמען: אַ נאָמען מיט אַ צונאָמען. דעם שטאַט אַריזאָנאַ רופֿט מען „דער שטאַט פֿון בין־השמשות"; קאַליפֿאָרניע רופֿט מען „דער גאָלדענער שטאַט"; דער שטאַט אַלאַבאַמאַ איז „דער שטאַט פֿון געלן האַמער"; דעם שטאַט מיזורי רופֿט מען „ווייז מיר" און דעם שטאַט קענטאָקי רופֿט מען „דער שטאַט פֿון בלאָען גראָז".

און פֿאַרוואָס יעדער שטאַט אין אַמעריקע האָט זיין צונאָמען, איז מסתמא צוליב דער זעלבער סיבה, פֿאַר וואָס יעדעס יידישע שטעטל אין פּוילן האָט געהאַט זיין צונאָמען: און אין יעדן שטעטל האָט מען אויך צו איינצלנע יידן צוגעטשעפּעט נעמען.

אויב, למשל, מען האָט געזאָגט „וואַרשעווער פּרעסער", אָדער „כעלעמער נאַראָנים", אָדער „שעדלעצער קאָשעצעס", האָט עס נישט געהייסן, אַז אַלע יידן אין די דערמאָנטע שטעט האָט מען גערופֿן „פּרעסער", אָדער „נאַר", אָדער „קאָשעץ". צווישן די „וואַרשעווער פּרעסער" האָט געקענט זיין אַ „משה טשאַפּ" און צווישן די „כעלעמער נאַראָנים" האָט געקענט זיין אַ „חיים פּרעסער" און צווישן די שעדלעצער „קאָשעצעס" האָט געקענט זיין אַ „ברוך אַנזעצער".

פֿון דעם איז געדרונגען, אַז די וועלט איז געבויט אויף נעמען און צונעמען. ווייל אָפּטמאָל זענען נעמען צופֿעליקע. צופֿעליק ווערט געבוירן אַ קינד ביי טאַטע־מאַמע, וואָס הייסן גוטהאַרץ; און ווען דאָס קינד וואַקסט אויף קען ער גאָר זיין פּונקט דאָס קאַפּויערדיקע פֿון אַ גוט האַרץ. און די וועלט גיט אים דעמאָלט דעם ריכטיקן נאָמען.

איך האָב געקענט אַ ייד, וואָס האָט געהייסן ריינזילבער און איך שווער אייך, אַז דער נאָמען „פֿאַרזשאַווערט אייזן" וואָלט אויך געווען צו פֿיל פֿאַר אים.

איך האָב אויך געקענט אַ ייד, וואָס האָט געהייסן ריינער. און איר מעגט מיר גלייבן, אַז דער ייד איז געווען אַזוי ווייט פֿון ריינקייט, ווי איך בין ווייט פֿון מאַרס.

און זיכער איז אייך אויסגעקומען צו טרעפֿן זיך מיט יידן, וואָס הייסן שוואַרץ, כאָטש זיי זענען בלאָנד; און יידן, וואָס הייסן גרין, כאָטש זיי זענען געל; און יידן, וואָס הייסן רייך, כאָטש דער דלות פּייפֿט ביי זיי זיבן טעג אין דער וואָך.

אָט גראָד מיט אַ פּאָר טעג צוריק זענען געקומען צו מיר אַ פּאָר יידן פֿון דער מעברה אין בני־ברק און מיר דערקלערט, אַז זיי האָבן אויסגעפֿונען די

ריכטיקע סיבה פאַרוואָס זיי זיצן אין דער דאָרטיקער מעברה שוין צוויי יאָר און מען גיט זיי נישט קיין שיכונים. נישט אַנדערש, נאָר דאָס איז דערפאַר, וואָס מען האַלט זיי פאַר בראַק, זיי זענען הייסט עס בני־בראַק.

זאָג איך צו די יידן: פאַרקערט, ווערליק ווי די נעמען זענען תמיד פאַרקערט, זענט איר גאָר די גליקלעכע, איר זענט נישט בני־בראַק. אייער מזל וועט זיין אַנדערש ווי בראַק. דעם בעסטן באַווייז האָט איר, אַז ווען דער פרעמיער־מיניסטער האָט געזוכט אַ „פתח־תקוה" (אַ טיר פאַר האָפענונג) פאַר זיין קאָאַליציע, איז ער געפאָרן נישט קיין פתח־תקוה, נאָר דווקא קיין בני־ברק. און איך קען יידן, וואָס וווינען אין אַ לאַגער אין פתח־תקוה און זיי האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן די תקוה צו באַקומען אַ שיכון.

הכלל, פון נעמען קען מען נישט קלוג ווערן. אָט נעמט אַ שטייגער תל־אביב. תל־אביב איז דער טייטש דאָס „בערגל פון פרילינג". איז חוץ די בערגלעך מיסט אויף די פלעצער און אויפן ים־ברעג, קענט איר דאָ קיין בערגל פאַר קיין רענדל נישט זען. און וואָס שייך פרילינג — ווייס איך בלויז, אַז יידן שוויצן דאָ אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר. האָבן יידן טאַקע צום נאָמען „תל־אביב" צוגעלייגט אַ צונאָמען — „תל־בלאָף" און יידן ווייסן וו זיי זענען אין דער וועלט.

איך ווייס, אַז ווען יידן האָבן זיך אַריינגעקליבן קיין עכו האָבן זיי, ווי דער שטייגער פון יידן, געזוכט דעם טייטש פון נאָמען „עכו". טאַקע אַ וואָרט, וואָס זאָגט גאָרנישט, וואָס באַטייט גאָרנישט. איצט אָבער, נאָך דעם ווי אַ קאָמיסיע האָט אויסגעפונען די שיינע זאַכן פון דאָרטיקן בירגעמייסטער, האָבן די יידן פון עכו געגעבן דער שטאָט אַ צונאָמען: „דא עקא", וואָס דער ווערטלעכער טייטש איז: „דאָס איז די סיבה און דער מקור פון דער צרה"... און אַלץ איז ענדלעך קלאָר געוואָרן.

אַנטקעגן וואָס האָב איך דאָס אַלץ געזאָגט?

איך האָב דאָס געזאָגט אַנטקעגן דעם, וואָס אויב דער שטייגער פון דער וועלט איז שוין אַזאַ, אַז צו אַ נאָמען דאַרף מען צולייגן אויך אַ צונאָמען, כדי מיר זאָלן ווייסן וו מיר זענען אין דער וועלט, איז וואָס פאַראַ צונאָמען גיט מען אונדזער מדינה?

ישראל אַליין זאָגט גאָרנישט. וואָרום אַל דאָס גוטע, וואָס איז געווען אינעם וואָרט „ישראל" — אחדות, ליבשאַפט, ברידערלעכקייט, קעגנזייטיקע הילף, געוויסן, יהדות, (כ'מיין טאַקע דאָס וואַרעמע יידישע וואָרט „יאַהנדעס") — פון דעם אַלעמען איז ווייניק געבליבן. אויפן זעלבן שטייגער ווי די מדינה הייסט מדינת ישראל, קען זי אויך הייסן מדינת בערל, מדינת דוד, מדינת גרונם, מדינת זיאַמע, אָדער אפילו מדינת ציפע — אַנטקעגן דעם ווי איין ייד צופט דעם צווייטן.

היות אָבער ישראל איז שוין דער באַשטימטער נאָמען פון דער מדינה, אַזוי ווי די נעמען פון די אַמעריקאַנער שטאַטן אַלאַבאַמאַ, ניו־יאָרק, מיזורי, אָדער אַריזאָנאַ, און אַזוי ווי מיר לעבן סיי־ווי פון אַמעריקע — דאַרפן מיר איצט צוטראַכטן אַ צונאָמען פאַר דער מדינה, טאַקע אויפן אַמעריקאַנער שטייגער. און אויב מיר

וועלן שוין אויך האָבן אַ צונאָמען, ווי יעדער אַמעריקאַנער שטאַט, וועט אונז בלויז בלייבן אויסצופּועלן ביים נייעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און אונדז אַריינגעמען אַלס 49־טן שטאַט פון זיין מדינה און שלום על ישראל. די אַמעריקאַנער יידן וועט עס קאָסטן ביליקער און אונדז וועט עס זיין באַקוועמער...

וואָלט איך דעריבער פאָרגעלייגט, אַז דער צונאָמען פון אונדזער מדינה זאָל זיין: נישט בין־השמשות־שטאַט, נישט וווּנדער־שטאַט, נישט גאָלדענער שטאַט און נישט זילבערנער שטאַט, און נישט דער שטאַט פון פאַווידלע, און אויך נישט דער שטאַט פון געלן האָמער, אָדער שטאַט פון בלאָען גראָז. ראשית, זענען שוין די נעמען פאַרכאַפּט פון די אַמעריקאַנער שטאַטן, והשנית, זאָגן זיי פאַר אונדז גאָרנישט. איך וואָלט פאָרגעלייגט אונדזער שטאַט זאָל מען געבן אַ צונאָמען: „דער שטאַט פון ספּעציאַליסטן".

און דאָס איז דער ריכטיקער צונאָמען פאַר אונדזער מדינה.

אדרבה, ווען איר וועט זיך גוט אַריינטראַכטן, וועט איר זיך איבערצייגן, אַז ספּעציאַליסטן זענען די ספּעציאַליטעט פון אונדזער מדינה. ערשטנס, וועט איר אין דער גאַנצער געשיכטע נישט געפינען אַזעלכע ספּעציאַליסטן ווי אונדזערע, וואָס זאָלן אין איינציקע פיר יאָר אַזוי צעברעכן די ווירטשאַפט, ווי זיי האָבן ביי אונדז צעבראָכן. צווייטנס, וועט איר אין דער גאַנצער געשיכטע פון קלייבן געלט נישט געפינען אַזעלכע ספּעציאַליסטן ווי אונדזערע, וואָס האָבן ביז איצט געשלאָגן דעם וועלט־רעקאָרד סיי פון קלייבן און סיי פון אויסברענגען געלט. דריטנס, וועט איר אויף דער גאַנצער וועלט נישט געפינען אַזעלכע ספּעציאַליסטן אויף צו פאָרן קיין אויסלאַנד, ווי דאָס זענען אונדזערע שליחים. פערטנס, וועט איר צווישן די באַרימטע אינזשינערן אין דער וועלט נישט געפינען אַזעלכע ספּעציאַליסטן ווי ביי אונדז, וואָס פאַר צענדלינגער טויזנטער עולים בויען זיי לוקסוס־שיכונים אויפן — פּאַפּיר. פינפטנס, וועט איר אויף דער גאַנצער וועלט נישט געפינען אַזעלכע ספּעציאַליסטן אויף סטאַטיסטיק, ווי ביי אונדז, וואָס שטעלן אייך צונויף די ציפערן אויף אַזאַ אופן, אַז עס הייבט אָן שווינדלען פאַר די אויגן און עס דאַכט זיך אייך, אַז מיר האָבן שוין איבערגעיאָגט אַמעריקע...

דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן וועגן אונדזערע אייגענע ספּעציאַליסטן. אָבער מיט דעם זענט איר נאָך נישט פאַרטיק. איצט ווי האַלט עס מיטן אימפּאָרט פון ספּעציאַ־ליסטן? כ'מיין, די ספּעציאַליסטן וואָס קומען צו אונדז פון אמעריקע, פון ענגלאַנד, פון שוועדן און האָלאַנד און די ספּעציאַליסטן, וואָס עס שיקן צו אונדז די פאַר־אייניקטע פעלקער. אין תל־אביב האָט מען שוין אפילו אויסגעבויט אַ ספּעציעל הויז פאַר די ספּעציאַליסטן. און וועלכע ספּעציאַליסטן איר ווילט זענען שוין געווען ביי אונדז, זענען דאָ און וועלן נאָך קומען:

ספּעציאַליסטן אויף אייזנבאַן, אויף פּאָרטן, אויף באַוואַסערונג, אויף מאַכן שווייצערקעז, אויף איינזאַמלען זיתים; ספּעציאַליסטן אויף צו מאַכן צוקער, אויף צו בויען וועגן, אויף צו פאַרזייען קרויט און בויען הייזער פון בלאָטע; ספּעציאַליסטן אויף צו סטאַביליזירן די פינאַנסן, מאַכן קינסטלעכן רעגן; ספּעציאַליסטן אויף

איינזייערן אוגערקעס, אָרגאַניזירן דעם עקספּאָרט און באַקן לאַנגע לעבלעך ברויט; ספּעציאַליסטן אויף קאָאָפּעראַטיוון, פּריוואַטער איניציאַטיוו און אויף צו מאַכן פּאַפּיר פון אייער־שאָלעכץ; ספּעציאַליסטן אויף צו כאַפּן פיש אין ריינעם וואַסער, אין מוטנעם וואַסער און אין זאַלצוואַסער; ספּעציאַליסטן אויף נישט צו עסן און זיין זאַט און אויף נישט צו טרינקען און נישט זיין דורשטיק — הכלל, איך וועל אייך נישט אויסרעכענען אַלע ספּעציאַליסטן, וואָס זענען שוין געווען ביי אונדז, וואָס זענען דאָ און וואָס וועלן נאָך זיין. איך מיין אָבער, אַז היינטיקע וואָך איז געקומען צו אונדז דער וויכטיקסטער ספּעציאַליסט, וואָס אונ״אָ, אַמעריקע, ענגלאַנד, האָלאַנד, שוועדן און אַנדערע לענדער האָבן געשיקט צו אונדז. דאָס איז דער ספּעציאַליסט אויף לופט.

אויב פון אַלע ביזאַיצטיקע ספּעציאַליסטן האָט זיך אויסגעלאָזט לופט, גלייב איך גראָד, אַז דער לופט־ספּעציאַליסט איז דער ריכטיקער מאַן אויפן ריכטיקן פּלאַץ. וואָרום לופט איז דאָס וויכטיקסטע געביט ביי אונדז:

די רעגירונגס־קאָאַליציע הענגט אין דער לופטן; די לופט־געשעפטן ווערן דער דאָמינירנדיקער פאַקטאָר אין אונדזערווירטשאַפט; אין די מעברות איז די לופט אַן אָנגעשטרענגטע און עס ברעכן אויס שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס; אין רחובות פליען הייזער אין דער לופטן; אין די מעברות גרייטן זיך די ביידלעך צום ווינטער צו פליען אין דער לופטן; דער נייער ווירטשאַפטלעכער פּלאַן איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. עס איז ביי אונדז פון אַלע זייטן אַזוי פול מיט לופט, אַז איז שווער דעם אָטעם צו כאַפּן.

שטעל איך זיך פאָר, אַז דער לופט־ספּעציאַליסט וועט ביי אונדז האָבן פולע הענט מיט אַרבעט סיי אין די סעקטאָרן, סיי אין די שטרעמונגען, סיי אין די אַמטן און סיי אין די פּאַרטייען. בלויז ביים עפענען די לופטשיקעס פון אונדזערע ביוראָ־קראַטישע אַמטן און אינסטיטוציעס, כדי דאָרט־אַהין אַריינלאָזן אַ ביסל פרישע לופט — וועט ער דאַרפן ביי אונדז זיצן און עלטערן זיך אין פריידן. און אַז פריער דער רבונו־של־עולם און דערנאָך דער לופט־ספּעציאַליסט וועט העלפן, וועלן מיר נאָך קענען עקספּאָרטירן לופט קיין אויסלאַנד און דערפאַר אַריינבאַקומען די ריכטיקסטע דעוויזן, כדי אונדזער רעגירונג זאָל קענען פריי אָפּעטעמען און נישט דאַרפן מאַכן קיין נייע קורצטערמיניקע הלוואות.

ווי איר זעט, זענען מיר פון אַלע זייטן פאַרזאָרגט מיט אינלענדישע און אויסלענדישע ספּעציאַליסטן מיט וועלט־נעמען. זיי ברענגען אונדז ישועות ונחמות. און אויב מיר זוכן אַ צונאָמען פאַר אונדזער מדינה, איז נישטאָ עפּעס בעסערס ווי די באַצייכענונג — „דער שטאַט פון ספּעציאַליסטן״. און אין זכות פון דעם נאָמען, וועט אויף אונדז די וועלט קוקן ווי אויף דעם פאַרגעשריטנסטן, דעמאָקראַטישסטן, אַרבעטסזאַמסטן און פּראָדוקטיווסטן לאַנד אויף דער וועלט; און מיר וועלן לכבוד שבת קענען אָפּעטעמען מיט פרישער, נישט קאָנטראָלירטער לופט...

31טער אָקטאָבער 1952

## מיר וועלן נאָך דערלעבן

ס'האָט אמאָל אַ קלוגער ייד געזאָגט: אדם הראשון האָט געלעבט נײַן הונדערט און דרייסיק יאָר און ער איז געשטאָרבן. מתושלח האָט געלעבט נײַן הונדערט און זעכציק יאָר און ער איז געשטאָרבן. ירד האָט געלעבט נײַן הונדערט און צוויי און זעכציק יאָר און ער איז געשטאָרבן. איז דאָך אַ סימן, אַז שטאַרבן מוז מען דאָך אַמאָל. פון וואַנען זשע נעמט זיך אָבער, וואָס אָדם, מתושלח און ירד האָבן געלעבט מער ווי צו נײַן הונדערט יאָר און אַזאַ מאַן ווי משה איש האלהים האָט געלעבט נישט מער ווי הונדערט און צוואַנציק יאָר?

איז די מעשה אַזוי: אדם איז שוין געווען זאַט פון יאָרן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר. ער האָט אָבער נישט געוואָלט שטאַרבן, כדי נישט איבער־צולאָזן די וועלט אין די הענט פון זײַן איינציק געבליבענעם זון קין, וואָס אויף אים, ווי איר ווייסט, האָט מען זיך נישט געקענט פאַרלאָזן. וואָרום אויב קין האָט געקענט הרגענען זײַן איינציקן ברודער הבל, האָט זיך אים אויך געקענט פאַרגלוסטן הרגענען זײַן זון חנוך — אָן דעמאָלט איז עק וועלט; און מען וואָלט געבליבן ביי דער פּרשה בראשית...

פאַרוואָס זשע האָט אָבער ירד געלעבט נײַן הונדערט און צוויי און זעכציק יאָר און נישט הונדערט און צוואַנציק? איז דער ענטפער, ער האָט נישט געוואָלט שטאַרבן אָן אַ יורש. און ערשט ווען ער האָט צו אַכט הונדערט יאָר געבוירן אַ זון, האָט ער צוגעוואָרט נאָך הונדערט און צוויי און זעכציק יאָר ביז דער זון וועט ווערן זעלבשטענדיק — און דאַן איז ער געשטאָרבן.

פאַרוואָס האָט מתושלח געלעבט אַזוי לאַנג? איז אויף דעם אויך דאָ אַן ענטפער: מתושלח האָט געבוירן זײַן זון למך צו הונדערט און זיבן און אַכציק יאָר און געוואָלט שטאַרבן. נאָר גיי און לאָז איבער די וועלט אין די הענט פון אַ למך! האָט ער טאַקע געוואַרט ביז ער וועט געבוירן נאָך אַנדערע זין און טעכטער; און אַז ער האָט שוין געזען, אַז למך איז נישט מער דער גאַנצער פירער — האָט ער גענומען און געשטאָרבן.

דער פאַר אָבער האָט משה רבנו געקענט רואיק שטאַרבן צו הונדערט און צוואַנציק יאָר. ער האָט געהאַט ביי וועמען איבערצולאָזן די ירושה. הינטער אים איז שוין געשטאַנען יהושע בן־נון מלא רוח חכמה — פול מיט גייסט פון חכמה, כי סמך משה את ידיו עליו — וואָרום ער איז געגאַנגען אין די וועגן פון משהן, וישמעו אליו בני ישראל — און די קינדער פון ישראל האָבן געהאַט צוטרוי צו אים, וואָרום זיי האָבן געזען דעם גלײַכן וועג.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אז איך האָב דאָס אַלץ דערציילט אַנטקעגן דעם פּריצייטיקן טויט פון אונדזער פּרעזידענט חיים ווייצמאַן ז״ל.

שטעלט אייך נאָר פאָר, ווי מיר וואָלטן היינט אויסגעזען, ווען משה זאָל האָבן געשטאָרבן דעמאָלט ווען יידן האָבן אין דער מדבר געמאַכט דעם עגל הזהב און זיך געבויט ווילעס; ווען, פון דער צווייטער זייט, זענען די יידן געזעסן אין לייוועטענע געצעלטן, אַנדערע האָבן געהאַנדלט אויפן שוואַרצן מאַרק, עוסק געווען מיט גאָלדשטיקלעך אויף דער שוואַרצער בערזע וכדומה אַזעלכע זאַכן. ווען משה זאָל שטאַרבן פּריצייטיק, וואָלט נישט נאָר נישט געווען ווער עס זאָל טרומייטערן אַרום די מויערן פון יריחו, נאָר עס וואָלט אפילו היינט נישט געווען ווער עס זאָל „פייפן״...

דעריבער, זאָג איך, איז פּרעזידענט חיים ווייצמאַן געשטאָרבן פּריצייטיק. דאָס וואָס ער האָט געגלייבט, אַז עס דאַרף זיין אין דער מדינה, האָט ער נישט דערלעבט צו זען.

ער האָט אַ שטייגער געוואָלט אין דער מדינה זאָל הערשן צ ד ק ו י ו ש ר. איז וואָס שייך ה ע ר ש ן, דאַרף זיך די וועלט קומען צו אונדז לערנען. אָט האָבן די דעמאָקראַטן אין אַמעריקע געהערשט גאַנצע צוואַנציק יאָר. זיי האָבן זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו הערשן. אין ווייסן הויז זענען זיי שוין געזעסן ווי ביי זיך אין דער היים. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך דורך צוואַנציק יאָר נישט אויסגעלערנט צו הערשן אַזוי, אַז נאָר זיי זאָלן הערשן. און אַז עס איז געקומען די צייט און דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט געזאָגט „נישט״ — קומט אַן אַנדערער צו הערשן. טאָמער אָבער וואָלטן די דערפאַרענע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטן געקומען זיך לערנען ביי אונדזערע דעמאָקראַטן, וואָלטן זיי געזען ווי אַזוי מען קען זיין דער איינציקער הערשער אַפילו ווען מען איז אין דער מינדערהייט. דער עיקר איז נישט ווי אַזוי דאָס פאָלק שטימט, נאָר ווי אַזוי מען הערשט.

און וואָס שייך י ו ש ר און צ ד ק, וואָלט איך עס געוואָלט האָבן אין באַר געלט, וואָס עס פעלט סיי צו יושר און סיי צו צדק. ס׳הייסט, די ווערטער „יושר״ און „צדק״ הערט מען אויף טריט און שריט. אָט גיי איך נעכטן פאַרביי אויף לילינבלום־גאַס און צופעליק הער איך ווי איין ייד זאָגט צום צווייטן: „ס׳איז אַ י ו ש ר. אַז מאָרגן זאָלן סוועדענעס שטייגן אויף עטלעכע פונקטן״. אָדער אין איינס פון די שבזי־געסלעך אין תל־אביב האָט מען ביי אַ ייד אָראָפּ־געריסן דעם דאַך און געלאָזט אים זיצן פאַר די רעגנס צווישן פיר ווענט אונטערן הימל. לויפט אַרום דער ייד און שרייט: ווו איז צ ד ק? קוקט מען אויף דעם ייד, ווי אויף אַ מענטש, וואָס זוכט דעם נעכטיקן טאָג. אַזוי קוקט מען אויף אים אין דער עיריה, אין דער פּאָליציי, אַזוי קוקט אויף אים דער באַלעבאָס פון דאַכלאָזן הויז. און אפשר איז טאַקע צ ד ק געווען אַ נייער עולה, וואָס האָט באַשלאָסן נישט אָננעמען די ישראל־בירגערשאַפט און איז אַוועק־געפאָרן קיין קאַנאַדע? און אפשר זיצט נאָך צ ד ק אין אַ לייוועטענעם געצעלט און לויפט אַרום איבער די אַמטן בעטן אַ שיכון?

איך קען אַ סך יידן, וואָס זוכן ביי אונדז יושר און צדק. אַ גאַנצער לעגיאָן יושר־און צדק־זוכער איז פאַראַן, נאָר די ביידע: יושר און צדק — זיי זענען נישטאָ.

דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט האָט אויך געוואָלט מיר זאָלן האָבן אַזאַ קאָנסטיטוציע, ווי עס האָט אַמעריקע. האָט ער נישט בלויז נישט דער־לעבט מיר זאָלן האָבן אַזאַ קאָנסטיטוציע ווי אין אַמעריקע, נאָר ער האָט איבערהויפּט נישט דערלעבט צו זען וועלכע ס'איז קאָנסטיטוציע.

ביי אונדז ווערט די קאָנסטיטוציע געבויט אויף דעם זעלבן אופן ווי מען בויט די פּאָלקס־שיכונים: קודם נעמט מען געלט. דערנאָך זאָגט מען, אַז מען גייט מאַכן פּלענער. דערווייל בייט זיך די סיטואַציע און מען דאַרף בייטן די פּלענער. דערנאָך בויט מען אויף די פּלענער און אזוי וועט מען צוציען ביז די נייע וואַלן... אַזוי אויך מיט דער קאָנסטיטוציע: דערווייל ציט מען אַרויס ביים עולם וויפל עס לאָזט זיך אַן אַ קאָנסטיטוציע, נאָר ביז ווו־ווען גיט מען זיך אַן עצה מיט דער מאַנדאַט־„קאָנסטיטוציע", מיט די אויסנאָם־געזעצן, וואָס זענען אפילו נישט קיין גלידשוועסטערקינדער פון אַ קאָנסטיטוציע. און אַזוי וועט עס מן־הסתם גיין ביז צו די נייע וואַלן, כדי עס זאָלן קענען הערשן יושר און צדק...

און טאָמער וועט אונדז שוין גאָט העלפן און די דריטע כנסת וועט אונדז יאָ געבן אַ קאָנסטיטוציע ווי עס האָט אַמעריקע — איז וואָס וועלן מיר טאָן מיט די עטלעכע טוץ פּאַרטייען, וואָס פּאַסן נישט פאַר אַזאַ מין קאָנסטיטוציע?

עקספּאָרטירן די פּאַרטייען און פאַר זיי נעמען וואַלוטע? — איז ערשטנס, דאַרף נישט דער וועלט־מאַרק אַזאַ מין בבל־סחורה. און צווייטנס, זענען די פּאַרטייען אַליין וואַלוטע־נעמער, עס הייסט, „די סחורה רעדט פאַר זיך אַליין"... און טאָמער וועט איינעם איינפאַלן אַן אידייע, אַז די פּאַרטייען זאָלן זיך אויפ־לייזן, איז מער מעגלעך, אַז גאָלד זאָל זיך אויפלייזן אין שמן־קיק, איידער די קלענסטע פּאַרטיי אפילו זאָל זיך אויפלייזן פון אייגענעם ווילן. זעט דעריבער אויס, אַז אַנשטאָט מיט אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע, וועלן מיר זיך דערווייל באַגנוגענען מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן...

און נאָך עפּעס, וואָס דער פאַרשטאָרבענער פּרעזידענט האָט געוואָלט זען אין דער מדינה און נישט דערלעבט: אַן איינהייטלעכע מלוכהשע בילדונג, וואָס זאָל דערציען יידישע קינדער ווי מדינה־פּאַטריאָטן, מיט נאַציאָנאַלע און אַלמענטשלעכע אידעאַלן, פרייע מענטשן; אַז די פּאַרטייאישע דערציאונג זאָל נישט אַריינלייגן די כשרע קינדערלעך אין סדום־בעטלעך פון זייער קרייזל־און קלייזל־„פּראָגראַמען".

איז וועלכע פּאַרטיי ביי אונדז וועט זיך דאָס די ערשטע אָפּזאָגן פון נשמה־כאַפּעריי? קינדער זענען דאָך די צוקונפט. מיט זיי פאַרבינדט מען דאָך מאַכט־חלומות. און וועלכע פּאַרטיי חלומט נישט ביי אונדז וועגן מאַכט, אויב זי האַלט זיך נאָך נישט ביי דער מאַכט?

אָך, ס׳איז שווער, זאָגט איר? מען דאַרף לעבן מתושלחס יאָרן, כדי צו דערלעבן, אַז דער פּאַרטייאישער למך זאָל אונדז נישט ירשענען?

אָבער זייט נישט אַזוי פּעסימיסטיש.

האָט דאָך דער פֿאַרשטאָרבענער פּרעזידענט דערלעבט איין גרויסע זאַך: צו זען די כלי — די מדינה, וואָס מען דאַרף זי אויספּילן מיט אַלע גוטע זאַכן.

איז איצט דער עיקר צו וויסן מיט וואָס די כלי אויסצופּילן. און אַזיב מיר וויסן וואָס מיר ווילן און מיר וועלן האָבן מאָראַלישן כוח, וועלן מיר נאָך זיין עדות, ווי פֿון דער טייערער כלי וועלן אַרויסגלאַנצן די גרויסע ווערטן, וואָס עס האָט געוואָלט דער פֿאַרשטאָרבענער פּרעזידענט און וואָס עס באַגערן מיר, לעבעדיקע — צו זיין אָפּגעשיידט פֿון אים — אַ מדינה פֿון יושר, צדק, ברי־דערלעכקייט און פֿרייהייט. נישט מער.

14טער נאָוועמבער 1952

## חאַפּע און בעפּע

צוויי קליינשטעטלדיקע יונגע־לייט, וואָס זענען „געכאַפּט געוואָרן אין דער מעשה" און אָנגעהויבן לייענען ביכלעך וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע, האָבן זיך איינמאָל „פאַרהאַקט" ביי די „קעגנזאַצן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט". דערהויפּט צוויי ווערטער האָבן זיך זיי געשטעלט ווי צוויי ביינער אין האַלדז — נישט אַראָפּצושלינגען און נישט אויסצושפּייען. די צוויי ווערטער זענען געווען „האָסע און בעסע". האָבן די יונגע־לייט געהאָסעט און געבעסעט אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי זייער אייגענער טאַטע געהערט דאָך צום קאַפּיטאַליסטישן קלאַס — ער האָט אַ באַקאַליי־קרעמל אין מאַרק — ווייסט ער דאָך צום בעסטן זיינע אייגענע קעגנזאַצן, וועלן זיי אים פרעגן, וואָס דאָס מיינט אַזוינס „האָסע" און בעסע".

האָבן זיך די צוויי יונגע־לייט אָנגענומען מיט מוט און צוגעגאַנגען צום טאַטן און אים געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— מיר ווילן, טאַטע, דו זאָלסט אונדז פאַרטייטשן אַ פּרשה פּאָליטישע עקאָנאָמיע.

קוקט אָן דער טאַטע זיינע צוויי בנים, ווי זיי וואָלטן נאַרוואָס אַראָפּ־געפאַלן פון הימל:

— וואָס הייסט דאָס, פאַרטייטשן אייך אַ פּרשה פּאָליטישע עקאָנאָמיע? וואָס איז דאָס פאַר אַ פּרשה און נאָך וועלכער פּרשה אין חומש שטייט זי? צי שטייט די פּרשה פּאָליטישע עקאָנאָמיע נאָך דער פּרשה חיי־שרה, אָדער פאַר דער פּרשה לך־לך?

האָבן די זין, ווי דאָס איז דער שטייגער מיט היינטיקע קינדער, אָנגעהויבן לערנען דעם טאַטן, וואָס דאָס מיינט אַזוינס פּאָליטישע עקאָנאָמיע. אַז זיי האָבן געזען, אַז דער הולך ילכט נישט, ס'הייסט דער טאַטע, דער קאַפּיטאַליסט, ווייסט נעבעך אַליין נישט, אַז זיין ווירטשאַפט ליידט אויף קעגנזאַצן, האָבן זיי אים פּשוט געפרעגט, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן „האָסע" און בעסע"?

האָט דער טאַטע אויסגערופן:

— האָט איר באַלד געדאַרפט זאָגן אין וואָס אייך גייט! „האָסע" און „בעסע" איז, פאַרשטייט איר מיך, גאָרנישט מיט גאָרנישט. סך־הכל זענען דאָס צוויי נעמען פון איין מין סאָרט קדחת, וואָס וואַרפט אַרויף און אַראָפּ. נאָר די וועלט האָט פאַר איין טייל פון דעם קדחת צוגעטראַכט איין נאָמען — „האָסע", ווען עס וואַרפט אַרויף; און פאַרן צווייטן טייל קדחת — „בעסע", ווען עס וואַרפט אַראָפּ.

— איז וואָס זשע פּאַרט בעסער — פרעגט דער זין — „האָסע", אָדער „בעסע"?

האָט דער טאַטע געענטפערט:

— קינדערלעך, די אַלע ווערטער זענען נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק. טאָמער „האָסע"־טע פּרנסה, קען אַ „בעסע"־רע נישט שאַטן. אָבער טאָמער, אויף קיין שום ייד געדאַכט, „האָסע"־טע אַ מכּה, זאָלסטו נישט בעטן אויף קיין „בעסע"־רע...

ווער נאָך אַזוי ווי מיר קענען אָפּשאַצן די חכמה פון יענעם פּשוטן ייד, כאָטש ער האָט נישט געוווסט מיט וואָס מען עסט פּאָליטישע עקאָנאָמיע און אפילו נישט געחלומט צו זיין אַ מיניסטער ביי יידן...

ווער נאָך אַזוי ווי מיר זענען אין אַזאַ קורצער צייט אַדורכגעגאַנגען דאָס קדחת פון געוואָרפן ווערן ארויף און אַראָפּ?

אינפלאַציע, סטאַגנאַציע, ראַציאָנאַליזאַציע און אינוועסטיציע; דיסקרי־מינאַציע, דעוואַלואַציע, פּריוואַטע איניציאַטיוו — מיר האָבן זיך שוין אויס־געטרייסלט אין אַלע פאָרמען פון ווירטשאַפטלעכן קדחת — און עס איז נישט גוט.

האָט מען איינגעפירט ראַציאָנאַליזאַציע — איז נישט גוט; לאָזט מען פריי — איז ווידער נישט גוט. איז געווען אַן אינפלאַציע — האָט איינער געגעסן דעם צווייטן; איצט איז אַ סטאַגנאַציע — עסט יעדער זיך אַליין. און ס'איז אָבער ניט גוט.

איז וואָס זשע יאָ גוט? אויב „האָסע" טויג נישט און „בעסע" טויג אויך נישט — איז וואָס זשע טויג יאָ? איז אויף וואָס זאָלן מיר בעטן צו ערשט דעם רבונו־של־עולם און דערנאָך אונדזער רעגירונג?

האָט אויף דעם געענטפערט דער קליינשטעטלדיקער ייד: טאָמער „האָסע"־טע פּרנסה — קען אַ „בעסע"־רע נישט שאַטן. אָבער טאָמער „האָסע"־טע אַ מכּה — זאָלסטו נישט בעטן אויף קיין „בעסע"־רע.

וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, וואָלטן אונדזערע עקאָנאָמיסטן און קהל־פאַרזאָרגער אָנשטאָט צו פאָרן אין די אויסלאַנדס אויף „השתלמות", לכל־הפּחות אויסגעהערט, וואָס עס זאָגט שלמה המלך, ווי אין פּסוק שטייט: אוגר בקיץ בן משכיל — ווער עס גרייט זיך אָן זומער, האָט אויפן ווינטער, — מען זאָל דאָס ביסל אַריינבאַקומענע „גרייצערס" נישט האָבן פאַרשמאָרעט און דעם פלאַם פון ענטוזיאַזם זאָל מען נישט האָבן פאַרגאָסן מיט דעם וואַסער פון חזון־רעדעס, וואָלטן מיר זיך אין אַ קורצער צייט אַזוי באַפעסטיקט, אַז עס וואָלט מקוים געוואָרן דער פּסוק „הון עשיר קרית עוזו" — דאָס פאַרמעגן פון רייכן, הייסט עס, איז זיין פעסטונג. אָבער אַזוי ווי אָנשטאָט ווירטשאַפטלעכע פעסטונגען האָט מען געבויט פּאַלאַצן, פּאַסאַזשן און אַנדערע „שומר־שבת"־טורעמס — זענען מיר אַרויס פון דער „האָסע" מיט אַ „האָסע"־טע נישט און מיר זענען אַריין אין דער „בעסע" ווי דער „נרדם בקציר", ס'הייסט ווי דער, וואָס האָט פאַרשלאָפן דעם שניט; און מיר האָבן „זיך געכאַפּט", אַז מיר זענען אַריין אינעם ווינטער, אין דער „בעסע" הייסט עס, מיט אַ ליידיקן שפּייכלער.

ווען צו אונדז האָבן לעצטענס אָנגעהויבן עולה־רגל־זיין די כל המינים מומחים און אָנגעהויבן געבן די ריכטיקע עצות, האָב איך געהאַט דאָס געפיל פון יענעם אָרעמאַן, וואָס צו אים אין שטוב איז אַריינגעקומען אַ גביר און געזען, אַז „דער הימל איז איבערן טיש”, ס'הייסט: איין לאָך אין דאַך פאַרדעקט די צווייטע לאָך. זאָגט דער גביר צום אָרעמאַן: איר וועט דאָך האָבן פולע בעטן מיט רעגן. דאַרפט איר שוין ל אָ ז ן מאַכן אַ נייעם דאַך. קוועטשט דער אָרעמאַן מיט די פּלייצעס: אדרבה, ווער ל אָ ז ט נישט?

ס'הייסט, די רעגירונג אונדזערע איז שוין דערגאַנגען צו אַזאַ מעמד, אַז זי ל אָ ז ט שוין... נאָך אַ ביסל און איר וועט זיך פילן ווירטשאַפטלעך פריי און באַפרייט ווי אַ פייגעלע אין וואַלד. שוין איצט קענט איר ל אָ ז ן די מאַשינען אפילו אויף גאַנצע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת און זיך אָפּנעמען אייער פּריוואַט־איניציאַטיוו פאַר אַלע צייטן...

אלא וואָס? אַז אונדזער רעגירונג לאָזט שוין, איז אַ סימן, אַז איר האָט שוין נישט מיט וואָס... אַט קען איצט יעדער אַרבעטער ל אָ ז ן זיך אויפנייען אַן אַנצוג פון דעם בעסטן ענגלישן שטאָף און קיינער וועט אים נישט שטערן צו לאָזן. אָדער ער קען ל אָ ז ן אויפנייען אַ פּאָר שיך פון דעם בעסטן לעדער אפילו פאַר דרייסיק פונט און דער שוסטער וועט נישט דאַרפן זאָגן תהלים איבער דער קאַפּיטע. אָדער עס קענען איצט קומען צו אונדז די מערסטן קאַפּריזנע אינוועסטיטאָרן פון אויסלאַנד און קיינער וועט ביי זיי, חלילה, נישט פאָדערן זיי זאָלן מאַכן שותפות מיט „סולל־בונה”. פאַרקערט, די רעגירונג וועט זיי געבן די גרעסטע פּריווילעגיעס, אַבי נאָר זיי זאָלן קומען און אינוועסטירן, בויען, שאַפן און וויסן פון אַ לעבן. אָבער זיי קומען נישט.

אַנומלט האָב איך זיך צופעליק צוגעהערט צו אַן אידיליש־פאַרבענקטן שמועס פון צוויי פאַבריקאַנטן. האָט אייגער געזאָגט צום צווייטן: אָך, צי געדענקסטו די צייט ווי די מאַשינען זענען געלאָפן ווי די משוגעים און מען האָט געציטערט טאָמער קומט אַריין אַ רעגירונגס־קאָנטראָלער. און אַז דער קאָנטראָלער איז נישט געקומען און די אַרבעטער פון „שוואַרצן מאַרק” האָבן פאַראַרבעט די „שוואַרצע סחורה”; און די „שוואַרצע קונים” האָבן געצאָלט „שוואַרצע פרייזן”; און אַלץ איז געווען שוואַרץ — ווי ליכטיק איז אונדז דעמאָלט געווען! וואָס פאַר אַ זוניקע פּערספּעקטיוון מיר האָבן געהאַט! און צי געדענקסטו וויפל פריי־דיקע פּריוואַטע איניציאַטיוו מיר האָבן געהאַט ווען די פּריוואַטע איניציאַטיוו איז געווען אונטערדריקט? אפילו דעמאָלט ווען דב יוסף האָט געזאָגט, אַז ווען ער וויל קען ער ליקווידירן די גאַנצע פּריוואַטע אינדוסטריע — האָט נאָך די צוקונפט געלאַכט מיט מעגלעכקייטן, אָבער איצט? ווען קיינער סטראַשעט נישט, ווען דו קענסט פראַנק און פריי שפּינען און וועבן, נייען און שטעפּן און די פּריוואַטע איניציאַטיוו איז באַפרייט געוואָרן פון די קייטן — אָך, וואָס פאַראַ ביטערע צייטן עס גייט אויף דער פּריוואַטער איניציאַטיוו!

פון דאַנען איז געדרונגען, אַז די רעגירונג וועט בנשיקה אויך אָפּהאַלטן אַ נצחון איבער די, וואָס זאָגן אַן, אַז זיי וועלן נישט צאָלן דעם פאַרמעגן־שטייער.

ווי זי האָט ענדלעך אָפּגעהאַלטן אַ טאָטאַלן נצחון אין דער ווירטשאַפט. זי האָט דעם ווירטשאַפטלעכן כאַאָס באַרואיקט, איינגעשטילט, זי האָט ליקווידירט די אינפלאַציע. איר פּראָגראַם לויטן נייעם ווירטשאַפטלעכן פּלאַן, אַז עס וועט זיין אַרבעטלאָזיקייט, האָט זי דורכגעפירט. נאָך די שווערע מלחמות קעגן שוואַרצן מאַרק, ליגט דער שוואַרצער צוזאַמען מיטן ווייסן אַ באַזיגטער, אָן אָטעם. מיר זענען אין דער מיט פון אַ פּאַכמענישער, גוט־אויסגעפּלאַנטער סטאַגנאַציע, וואָס לויט אַלע סימנים וועט די סטאַגנאַציע דערגרייכן איר אידעאַלן פּונקט ווען די רעגירונג וועט ענדלעך האָבן איינקאָסירט דעם פאַרמעגן־שטייער. און דעמאָלט וועלן מיר פּטור ווערן פון די סתירות פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, פון אינפלאַציע און סטאַגנאַציע, פון „האָסע" און „בעסע", פון אַלץ.

דער נייער ווירטשאַפטלעכער אידעאַל וועט זיין דערגרייכט...

5טער דעצעמבער 1952

אַ ייד, אַ פּראָסטער „חי־וקיים״, וואָס האָט אָבער קיינמאָל בכוונה תחילה נישט עובר געווען אויף קיין „לאו׳ס״, האָט איין מאָל געהערט דאָס שפּריכוואָרט: „אַז מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַפּער פון אונטער דער תליה״. איז אים די מעשה גוט אַריין אין קאָפּ: אויב אַזוי איז דאָך גאָר אַנדערע רייד! דער „לא תגנוב״ שטייט דאָך פאַרן „לא תענה ברעך עד שקר״ — זאָלסט נישט פאַלש עדות זאָגן קעגן דיין פריינד, און פאַרן „לא תחמוד אשת רעך״ — זאָלסט נישט גלוסטן דאָס ווייב פון דיין פריינד. הייסט דאָך עס, אַז אויב מען דאַרף אַמאָל אַ גנב, קען מען דאָך אויך אַמאָל דאַרפן אַזעלכן, וואָס איז עובר געווען אויפן „לא תחמוד״.

האָט דער פּראָסטער „חי־וקיים״ איינגעשפּאַנט פערד־און־וואָגן און אָוועק־געפאָרן אין שטאָט־אַריין צום רב.

— הייליקער רבי — פאַלט ער אַריין צום רב אין שטוב — אויב מע איז מתיר „לאו׳ס״ וויל איך איר זאָלט מיר כאָטשבי מתיר מאַכן דעם לעצטן „לאו״ פון די עשרת־הדברות. מסתמא האָבן שוין די גבאים אַראָפּגענומען די סמעטענע און אויסגעכאַפּט דעם היתר אויף „לא תנאף״ און „לא תגנוב״, טאָ זאָל כאָטש פאַר אַ געוויינטלעכן בשר ודם אָנקומען דער היתר אויף „לא תחמוד״...

האָט דער רב אָנגעקוקט דעם ייד, צי איז ער חלילה אַראָפּ פון זינען, אָדער ער איז סתם חסר־דעה.

דערציילט דער ייד די מעשה, וואָס ער האָט געהערט, אַז אויב מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַפּער פון אונטער דער תליה. הייסט דאָך עס, אַז מען דאַרף אַמאָל אַ גנב. און אויב מען דאַרף אַזש אַ גנב, דאַרף מען זיכער אויך „לא תחמודניקעס״. ווייל ער, דער פּראָסטער בשר־ודם, זיך מקריב זיין פאַר קהל און זיין איינער פון זיי...

האָט זיך דער רב דערשראָקן פאַר די כוונות פון דעם פּראָסטן „חי־וקיים״ און געזאָגט צו אים אַזוי צו זאָגן:

— האָסט טאַקע געהערט גוט. מען זאָגט טאַקע „אַז מען דאַרף דעם גנב, נעמט מען אים אַפּער פון אונטער דער תליה״. אָבער די מעשה שהיה כך היה: מען האָט אַמאָל געדאַרפט אויפהענגען אַ גנב, האָט זיך דער תלין שטאַרק געאיילט אין זיין טורעם־הויז. אין איילעניש האָט ער פאַרגעסן דעם שטריק און האָט אויך פאַרלוירן דעם שליסל צום טורעם. קומט ער צו דער תליה — די תליה איז דאָ, דער גנב איז אויך דאָ, נאָר די שטריק זענען נישטאָ און דער שליסל איז נישטאָ. איז ווי אַזוי באַקומט מען אַרויס די שטריק פון טורעם?

האָט מען פאַרן גנב „מתיר״ געמאַכט, אַז ער מעג גיין אין טורעם גנבנען די שטריק. איז דער גנב געלאָפן הענדום־פּענדום, אַרויפגעקלעטערט אויפן טורעם, אויסגעשלאָגן א שויב, אַריין אינעווייניק און כדי לייכטער אַראָפּצוקלעטערן, האָט ער דעם שטריק אַריבערגעהאָנגען איבערן האַלדז און איז צוריק אַראָפּ. דער תלין האָט אים שוין אַפילו נישט געדאַרפט אַרומוויקלען דעם שטריק אַרום האַלדז, נאָר בלויז אים אויפהענגען...

עד כאן די געשיכטע מיטן פראָסטן „חי־וקיים״. ווייטער גייט די געשיכטע מיט דער קאַאַליציע.

טאָמער וועט אַמאָל אַ שרייבער פון געשיכטע אַרויסנעמען די באַריכטן, וואָס די מפא״י־לייט האָבן אַלץ במשך פון עטלעכע יאָר פאַרגעוואָרפן פון דער כנסת־טריבונע די אַלגעמיינע ציוניסטן, וועט ער דאַרפן נישט מער, נאָר אויפ־שרייבן דאָס קעפּל „אַלגעמיינע ציוניסטן״ און ציטירן דאָס אַלטע יידישע פאָלקס־ליד „וואָס ביסטו, קאַטינקע, ברוגז״:

מיין טאַטע איז אַ סמאַראָוואָזשניק,
די מאַמע גנבעט פיש אין מאַרק,
און דער ברודער איז אַ קאַטאָרזשניק,
און די שוועסטער... טי די די די די דאָס...
דער פעטער איז געשטאַנען אין די ראָגן,
די מומע — אַ הענדלערקע אין גאַס;
און דער ברודער זיצט אין די אָסטראָגן,
און די שוועסטער... טי די די די די דאָס...

נישט מער.

מען האָט די אַלגעמיינע ציוניסטן באַקליידט מיט דער ליליענבלום־גאַס, מיטן שוואַרצן מאַרק, מיט שפּעקולאַציע, מיט דיווערסאַנטן, שמוגלער און אַנדערע שיינע נעמען, וואָס וואָלטן גענוג געווען פאַר צוואַנציק פּאַרטייען.

איז היינט, ווען מיר זענען אריינגעטרעטן אין אַ תקופה, ווען דאָס מפא״ישע דוד׳ל פייפט ארויף צו דער אַלגעמיין־ציוניסטישער רייזעלע און ער פאַרזיכערט איר:

כ׳וועל פון היינט נישט פייפן מער,
דערויף גיב איך אַ שבועהלע —
דיר צוליב וועל איך אפילו
ווערן פרום, מיין צנועהלע,
כ׳וועל זיין ווען דו ווילסט נאָר, רייזל,
ווי דיין מאַמע פרום,
יעדן שבת גיין אין קלייזל —
קום, קום, קום! —

איז אין אָט דער תקופה דאַרף מען זיך פאַרטראַכטן, פאַרוואָס האָט זיך פלוצעם די ליבע אַזוי צופלאַקערט צווישן מפא״י און די אַלגעמיינע ציוניסטן, אַז דאָס געטרייע ווייב פון מפא״י — די מזרחי־פראַקציעס — איז נעבעך אָפּגערוקט

געוואָרן אין אַ זייט און מען האָט אפילו מורא פאַר אַ האַלבן גט? מען שמועסט, אַז עס איז נישט געווען קיין שלום־בית. מען שמועסט, אַז אפילו „אין די בעסטע צייטן האָט איינער דעם צווייטן „געגריזשעט״. פונדעסטוועגן זענען דאָך די מזרחי־פראַקציעס געווען, ווי יענע אשת־חיל, וואָס האָט אַלץ פאַרבייגן, ווען עס האָט מפא״י עפּעס געדראָט אין דער כנסת. זיי זענען געגאַנגען אין שפּאַן, אויף אַלץ האָבן זיי געזאָגט גם זו לטובה און געווען דער קאַאַליציע טריי דאָס לעבן. קיין מאָל מיט קיינעם חלילה נישט פאַרראַטן, אפילו צוליב שלום־בית צעקריגט זיך מיט דער אייגענער משפּחה, מיט דער אגודת ישראל און די פּועלים פון דער אגודה. איז פון וואַנען אַזאַ קאָכעדיקע ליבע צווישן מפא״י און די אַלגעמיינע ציוניסטן? און ווי אַלע שטאַרקע ליבעס איז אויך די ליבע „אויסגעבראָכן״ בסתר, איבער נאַכט. מען האָט נישט געהערט און נישט געזען און אין דער פרי דער־ווייסט מען זיך — דאָס פּאָרל איז „פאַרליאַפּעט״, זיי האָבן זיך געשווירן אייביקע ליבע.

עס איז אפילו, זאָגט מען, פאַראַן אַזאַ מין געזעץ אין דער ליבע, אַז וואָס גרעסער די קאָנטראַסטן, אַלץ פלאַמיקער איז די ליבע. אַ פּרינץ ווערט טאַקע משוגע פאַר אַ פּויעריש מיידל; אַ פּרינצעסין אַנטלויפט מיט איר בעל־עגלה און נאָך אַזעלכע קאָנטראַסטן.

אָבער דאָס קלערט נאָך אַלץ נישט אויף. וואָרום מפא״י איז נישט קיין יונג בחורל, וואָס קען זיך פאַרליבן מיטן גאַנצן הארצן. מפא״י איז שוין דער־גאַנגען צו יענעם מעמד, ווען צו מערסטן איז מען פאַרליבט אין זיך אַליין און מען קוקט אויפן זייגער די ראַנדעוווּ זאָל נישט דויערן צו לאַנג...

אלא וואָס איז דאָ געשען? פאַרוואָס האָט זיך די מפא״י אַזוי צוגעאײלט גראָד אויף צו מאָרגנס, ווען די מפּ״ם האָט איר געהאָלפן דערפירן די אַלגעמיינע ציוניסטן צו אַ מפּלה בעת די פּרעזידענט־וואַלן, און נאָך צוגעוואָרפן די אַלגע־מיינע ציוניסטן אַ „קאָמפּלימענט״, אַז זיי זענען נישט נאָר קאַפּיטאַליסטן, נאָר אויך פאַשיסטן... און דאָס אַלץ אַרום־און־אַרום האָט גאָרנישט געשטערט, אַז דער סאָציאַליזם אין אונדזער דור זאָל מיט שטורעם זיך מזווג זיין מיט דער פּריוואַט־איניציאַטיוו.

זאָגט מען, אַז פון חתנס צד איז דאָס אַן אויסגערעכנטער שידוך. דער פאַראָרעמטער חתן „לאַשטשעט״ זיך אויף דער כלהס נדן. אַנומלט האָט ער אפילו געמאַכט אַ פּרווו ביים כלה־מיידל ארויסבאַקומען דעם נדן סתם אַזוי, דורך אַ צוואַנג־הלוואה פון פאַרמעגן־שטייער; און די היינטיקע כלה האָט געשריגן „קאַראַאול!״ זי וועט נישט געבן, זי וועט זיך נישט לאָזן באַרויבן אין מיטן העלן טאָג. איצט אָבער, אַז די ליבע איז „אויסגעבראָכן״ און מען גרייט זיך צו דער חופּה, וועט די כלה סילוקן. וואָרום נאָך דער חופּה איז דאָס פאָרפאָלק געגליכן צו איין מענטש — וואָס מיינס איז דיינס און וואָס דיינס איז מיינס...

און דער חתן רעכנט אויס אויפן דרשה־געשאַנק, וואָרום דער כלהס צד פאַרמאָגט אַ זילבערנעם רבֿ, אָדער ווי מען זאָגט אויף ענגליש אַ סילווער ראַבּיי

אין אַמעריקע. און דער זילבערנער רב האָט אַן איזן־אויער ביי וועלכן מען דאַרף זיך האַלטן אין אַזאַ גליטשיקער צייט...

איז אויב אַזוי — פאַרוואָס זשע איז אַזוי צוגעפאַלן די כלה? וואָס האָט זי דערזען אין חתן? צי געדענקט נישט די כלה, ווי אַזוי ער, דער חתן, האָט צעשטעלט איר משפחה אין די ווינקעלעך פון דער ליליענבלום־גאַס און איר באַשאָטן מיט „נאָבלסטע קאָמפּלימענטן״? צי ווייסט זי נישט, אַז דער חתן האָט שוין אויפגעגעסן נישט איין נדן און ער מאַכט אַ לעבן פון חובות?

זאָגט מען, אַז דאָס איז די ליבע פון אַ יונג מיידל. זיי, די אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס זינט די מדינה איז אַנטשטאַנען, זענען זיי נאָך נישט געשטאַנען ביי דער מאַכט, לעכצן זיי נאָך דער מאַכט. זיי זענען אויסגעבענקט: שוין יאָרן ווי זיי לעבן אין ליבע־טרוימען צו דער מאַכט. איז אין אָט דער שיכרות האָבן זיי נאָר געוואַרט אויפן „פייף״, כדי זיך צו וואַרפן אין די אָרעמס. און ווען דער יונגער־מאַן נעמט זי אָרום, זינגט זי אים אין אויער אַריין:

כ׳גלייב עס דיר, מיין ליבינקער,
און דערפאַר דיר, דודל,
שטריק איך אויס אַ שיין תפילין־זעקל
מיט אַ מגן־דודל,
ווען געפעלן עס וועט אין קלייזל
זאָגן זאָלסטו זיי:
— ס׳האָט געשטריקט מיין ליבע רייזל —
איינס, צוויי, דריי...

אָבער בייזע צינגער זאָגן עפּעס אַנדערש: זיי זאָגן, די בייזע צינגער, אַז דער חתן האָט די כלה גענומען, ווייל ווען מען דאַרף דעם גנב נעמט מען אים אפּער פון אונטער דער תליה, לויטן פירוש פון יענעם רב מיטן פּראָסטן „חי־וקיים״... דער פּלאַן פון מפא״י איז טאַקע געווען: מיטן כוח פון די קליינע, אָבער דערפאַר פרומע, פּאַרטייעלעך אין דער קאָאַליציע, אַזוי אויסמאַטערן די אַלגעמיינע ציוניסטן אין אָפּאָזיציאָנעלן פיבער, אַז זיי זאָלן אַליין אַריינלייגן די קעפּ אין דער פּעטליע. איז אָבער די מעשה, וואָס דער מפא״י האָט שוין אויסגעפּעלט געלט אויף שטריק. האָט זי באַשלאָסן „אַפּערנעמען דעם גנב פון אונטער דער תליה״ און דורך געבן אים אַ „היתר״ — „אַנגאַזשירן״ אים, אַז ער זאָל אַליין קלעטערן אויפן טורעם, דורכקלאַפּן מיטן קאָפּ די וואַנט, „אַרויס־גנבענען״ דעם שטריק און דעם שטריק זיך אַליין אַרויפלייגן אויפן האַלדז. און ווען ער וועט אַראָפּקלעטערן פון טורעם מיטן שטריק אויפן האַלדז, וועט מען נישט דאַרפן קיין סך פאַרן זעלבסטמאָרד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

וואָס אַלץ בייזע צינגער קענען אויסרעדן...

19טער דעצעמבער 1952

## אַ מעשה מיט אַ שניידער

אַ קליינשטעטלדיקער לאַטוטניק, אַ ייד אַ מטופל מיט קינדער און אַ גרויסער אָרעמאַן, איז כל ימיו אויסגעשטאַנען פון זיין ווייב, אַז נאָר צוליב דעם, וואָס ער איז אַ לאַטוטניק און נישט קיין לייטישער בעל-מלאכה, ווערט זי געבעך פאַרשוואַרצט ביי אים. טאָמער וואָלט ער זיך געלערנט דאָס אומנות ווי ס׳דאַרף צו זיין און געקענט אויפשטעלן אַ לייטישע פאָר הויזן, וואָלט זי נישט געדאַרפט אויסגעריסן ווערן.

— די קליענטן וועלן דאָך אַנטלויפן פון דיר — פלעגט זי אים אָפּעסן דאָס האַרץ — אַז טאָמער ברענגט מען דיר אַריין אַ כאַלאַטל אויף איבערצומאַכן אויף אַ פּידזשאַקל — קומט ביי דיר אַרויס אַ שפּענצער; און ביי דיר קומען דאָך שטענדיק ארויס צוויי לינקע אַרבל.

— איז וואָס דאָס ביין — פלעגט ער זיך פאַרטיידיקן — אַז אנשטאָט אַ פּידזשאַקל קומט ביי מיר ארויס אַ שפּענצער? אַבי יידן גייען נישט אַרום נאַקעט. און וואָס שייך צוויי לינקע אַרבל, שטערט עס נישט צו געבן שלום-עליכם...

נאָך אַזאַ סצענע פלעגט דער לאַטוטניק אָפּט אַנטלויפן אין בית-מדרש אריין, כדי נישט צו הערן די טענות פון ווייב.

זיצט ער איין מאָל אין בית-מדרש און הערט זיך צו ווי בטלנים, אָרנט-לעכע יידן, איידעמלעך אויף קעסט, חוזקן פון דער וועלט, באַרעדן דעם און יענעם וכדומה אַזעלכע זאַכן.

— אַז וואָס טויג מיר די חכמה? — זאָגט איינער פון די בטלנים — אַן עם-הארץ איז רייך און אַ תלמיד-חכם האָט נישט אויף שבת. אַ שניידער שטעכט זיך אויס די אויגן ביים נייען די זשופּיצע און דער גביר פאָרט אין איר צום רבין. דער פויער אַקערט מיט דער נאָז די ערד און איך עס די פרישע זעמעלעך. דער זעלנער ווערט געהרגעט און דער קיסר געווינט די מלחמה.

האָט זיך דער לאַטוטניק שטאַרק איבערגענומען מיט די ווערטער און זיך געטראַכט זיין פילאָסאָפיע, אַז דער יונגערמאַן אין בית-מדרש האָט געזאָגט הייליקע ווערטער: אַן עם-הארץ איז נאָך ערגער ווי אַ לאַטוטניק און ער מאַכט אַ לעבן; דער גביר, וואָס פאָרט צום רבין קען נישט אַ קאָץ דעם ווידל פאַרבינדן און דער שניידער נייט פאַר אים אַ זשופּיצע; דער פויער האָרעוועט און האָט קוים אַ פּאָר ליקענע לאַפּטשעס, בעת דער לייזיקגייער עסט די פרישע זעמעלעך; און דער קיסר? — דער קיסר זיצט זיך אין פּאַלאַץ, עסט מאַרצעפּאַנעס און געווינט מלחמות.

אויב אַזוי — טראַכט זיך דער לאַטוטניק — בין איך שוין אויף אַ דרך.

קיין תלמיד־חכם בין איך נישט — קען איך שוין זיין רייך; קיין גוטער בעל־מלאכה בין איך נישט — קען איך שוין טראָגן אַ זשופּיצע און פאָרן צום רבין; די ערד אַקער איך נישט — קען איך זיך עסן פרישע זעמעלעך; און אויב אַנדערע ווילן געהרגעט ווערן — בין איך גרייט צו ווערן אַ קיסר.

און אויב אַזוי — טראַכט ווייטער דער לאַטוטניק — איז וואָס קען זיין בעסער ווי צו זיין אַ קיסר, האָבן רייכטימער, זיך פאָרן צום רבין אויף שבת און אָפּנעמען ראַפּאָרטן, אַז איך געווין מלחמות?

איז דער לאַטוטניק אַהיימגעקומען און געזאָגט צום ווייב:

— הערסט, מיין ווייב, ווען דו זאָלסט איצט האָבן געווען זיין אין בית־מדרש און געוועסט זיך האָבן צוגעהערט ווי אַזוי יידן האָבן גערעדט וועגן מיר, ווי אַזוי זיי האָבן מיך געליבט, וואָלסטו אויפגעהויבן די הענט צום הימל אויף צו דאַנקען זיין ליבן נאָמען פאַר דעם וואָס איך בין דיין מאַן. וואָס אַ שטייגער וואָלסטו געטאָן ווען איך זאָל זיין אַ תלמיד־חכם און נישט קיין עם־הארץ? דו וואָלסט דאָך אפילו אויף שבת נישט געהאַט. און שטעל זיך נאָר פאָר ווי איך וואָלט אויסגעזען ווען איך זאָל זיין אַ גוטער שניידער: איך וואָלט גענייט זשופּיצעס און אַנדערע וואָלטן געפאָרן צו די רביים. און טאָמער וואָלט איך געווען אַ פּויער, וואָלט דער קיסר קיסר געווונען מלחמות און דו וואָלסט געבליבן אַן אלמנה. איז אויב אַזוי — זאָל לעבן דיין קיסר און דערלאַנג אַ פּאָר פרישע זעמעלעך.

האָט דאָס ווייב אויסגעשטרעקט די האַנט צום מאַן:

— גיב מיר, משה, אַ פּאָר גראָשן אויף צו קויפן דעם ערשטן זעמל.

און דער קיסר האָט אבדיקירט...

*

איך האָב די מעשה מיטן קליינשטעטלדיקן לאַטוטניק דערציילט סתם אַזוי, צוליב ליבשאַפט פאַר פאָלקלאָר. און אויב דער קליינשטעטלדיקער לאַטוטניק וואָלט ביי אונדז געפּאַסט פאַר אַ גרויסן מאַן, אַ מומחה פאַר פּאָליטיק און עקאָנאָמיע און פינאַנסן, מיין איך דערמיט גאָרנישט. ס'חזרט זיך בלויז איבער די אַלטע מעשה, אַז וואָס גרעסער דער לאַטוטניק — אַלץ גרעסערע חלומות האָט ער. וואָרום ס'איז דאָך פיל שווערער צו נייען זשופּיצעס, ווי צו פאָרן צום רבין; ס'איז דאָך פיל לייכטער צו עסן פרישע זעמעלעך, ווי צו זייען און שניידן; און אוודאי איז פיל לייכטער צו זיין אַ קיסר און אָפּצוהאַלטן אין פּאַלאַץ נצחונות. בפרט נאָך, אַז די מפּלות זענען קיינמאָל נישט דעם קיסרס, נאָר תמיד דעם פאָלקס מפּלות.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק בין איך געווען אויף אַ קאָנפערענץ פון לאַטוטניקעס. ס'איז געווען אין תל־אביב. איך האָב געהערט ווי זיי האָבן זיך גערימט; נישט אונדזערע זיידעס און נישט אונדזערע טאַטעס האָבן געמאַכט פּאָליטיק און געפירט אַ מדינה, נישט זיי און נישט מיר האָבן געהאַט די השגות. דערפאַר האָבן מיר — וויזיע. און די דערפאַרונג „האָט באַוויזן" אַז דער עיקר איז וויזיע. און אַז צו דער וויזיע וועלן נאָך צוקומען נסים — וועלן זיין נסים ונפלאות.

טראַכט איך איצט, אַז ווען עמעצער זאָל דעמאָלט האָבן אויסגעצויגן די האַנט אויף צו זאָגן: „גיב מיר, משה, דיינע ערשטע אייגן פאַרדינטע פאַר פרוטות אויף צו קויפן דעם ערשטן זעמל" — וואָלט דער קיסר אבדיקירט, די וויזיע וואָלט געוואָרן רעאַלער, מען וואָלט זיך נישט פאַרלאָזט אויף קיין נסים, מען וואָלט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט, צו שווערער אַרבעט, צו פאַרדינען דאָס טעגלעכע ברויט אין שוויס פון אייגענעם שטערן.

ס'איז אָבער געשען אַן אומגליק פון דער סעריע נסים — מען האָט באַקומען געלט נישט בלויז אויף די פרישע זעמלעך, נאָר אויך אויף עוגות, און אויף מאַשינען וואָס מען האָט יאָ געדאַרפט און נישט געדאַרפט, אויף עקספּערימענטן, וואָס מען האָט יאָ געדאַרפט און נישט געדאַרפט, אויף אילוזיעס אויפן הימל אַ יאַריד און אויף אויסברענגערייַ. און אויב אַזוי זענען לאַטוטניקעס געוואָרן עקאָנאָ־מיסטן, פינאַנסיסטן, מומחים און אַלצווייסער. און אויב אַזוי — זאָלן אַנדערע נייען זשופּיצעס און מיר וועלן פאָרן צום רבין. זאָלן אַנדערע אַקערן און זייען און מיר וועלן עסן די זעמלעך. אַמעריקע איז נישט קראַנק צו שיקן קאַרטאָפל, פעקלעך, קליידער, געלט. מען האָט געלעבט אַ לעבן פון אַ שיכורן שניידער — פאַר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן און די קומענדיקע דורות. מען האָט זיך געוואָרפן מיט מיליאָנען, מען האָט געלעבט אָן חשבון, מען איז געפאָרן אָן חשבון, געאַרבעט אָן חשבון, אויסגעגעבן אָן חשבון, ווי אמתע דלפנים אין חלום.

אָנשטאָט פּראָדוצירן און עקספּאָרטירן סחורות, האָבן מיר פּראָדוצירט און עקספּאָרטירט ווערטער אין שיין פאַרפּאַקטע פעקלעך, וואָס נאָך דעם ווי מען האָט זיי געעפנט זענען זיי געווען ליידיק. אָנשטאָט בויען פאַבריקן, וואָס פּראָדוצירן אויף עקספּאָרט, האָט מען געבויט פּאַלאַצן, לוקסוס־הייזער און ווילעס.

אונדזערע לאַטוטניקעס־מומחים זענען פאַרשיכורט געוואָרן. זיי האָבן געגלייבט, אַז דאָס, וואָס דער אַמעריקאַנער שניידער נייט די זשופּיצע און זיי פאָרן צום רבין — איז עקאָנאָמיע. אַז דער עודף פון די אַמעריקאַנער שפּייזן, פון וועלכע מיר עסן זעמלעך — איזווירטשאַפט. אַז דאָס, וואָס זיי האַנדלען איין מאַשינען — איז שוין געענוג די מאַשינען זאָלן זיך דרייען און מיר זאָלן האָבן אַן אינדוסטריע. אַז דאָס, וואָס זיי הייסן מנהלים און האָבן די מאַכט — הייסט, זיין אַ קיסר. און אַ קיסר האָט אָפּ בלויז נצחונות...

עס האָבן זיך פאַרווישט די גרענעצן צווישן ווירקלעכקייט און דמיון, צווישן דעם מעגלעכן און אוממעגלעכן, אויף אַזוי ווייט, אַז אפילו דאָס רעאַלע האָט אויך אויפגעהערט צו זיין רעאַל...

איז ווער שולדיק וואָס פּלוצעם, נאָך אַלע זייערע נצחונות האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז דאָס פאָלק האָט — פאַרשפּילט. מיר זענען, אין דער ערשטער אָפּענסיווע פון דער ווירקלעכקייט, צוריקגעוואָרפן געוואָרן נאָך אַ סך ווייטער ווי מיר זענען געשטאַנען ביים אָנהייב. זיי האָבן פּלוצעם באַגריפן, אַז מ י ר האָבן נישט קיין אינדוסטריע, קיין עקספּאָרט; אַז מ י ר האָבן פאַרלעבט צו פיל; אַז א ו נ ד ז ע ר ווירטשאַפט האָט נישט קיין יסוד; אַז מ י ר אַרבעטן צו ווייניק

און פאַרדינען צו פיל; אַז מיר דאַרפן אַראָפּנידערן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד און אַז עס איז נישט גוט מיט אונדז.

זיי האָבן אַנטדעקט אַמעריקע אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נאָר ווי זאָגט מען ביי יידן: בעסער שפּעטער איידער קיין מאָל נישט. כאָטש גוט, וואָס זיי האָבן עס „אַנטדעקט" אַזוי שפּעט. זיי האָבן נאָך אויך איצט געקענט גלייבן, אַז זיי האַלטן אַפֿ כסדרדיקע נצחונות און אַז עס איז גוט, וואָס בעסער קען גאָר נישט זיין.

נאָר איין זאַך וואָס זיי האָבן נאָך נישט אַנטדעקט: אַז זיי זענען נישט קיין מומחים און נישט קיין עקאָנאָמיסטן און נישט קיין פינאַנסיסטן. און עס איז באמת נישט זייער שולד, וואָס זיי האָבן געוואָלט מאַכן אַ פידזשאַק און עס איז אפילו קיין שפּענצער נישט אַרויסגעקומען. זיי האָבן געהאַט אַ גוטן ווונטש, נאָר אפשר אַ צו גוטן ווונטש. זיי האָבן געמאַכט אַזוי ווי יענער בעל־עגלה, וואָס בעת דער וואָגן איז אַריין אין בלאָטע, האָט ער אָנגעהויבן שרייען: וויאָ. און אַז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער אָנגעהויבן זינגען: וויאָ. און אַז דאָס פערד האָט נאָך אַלץ נישט געצויגן — האָט ער אָנגעהויבן מתפלל זיין: רבונו־של־עולם, וויאָ, ווי־יי־יאָ, ווי־יי־יאָאָאָ!... און ער האָט פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און דערווייל פאַרגעסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער ערד מיט אַ פשוט פערד...

*

דאָס איז בלויז אַ דיגרעסיע. אין דער ווירקלעכקייט האָב איך דאָס מאָל געוואָלט שרייבן בלויז וועגן דער פאָלקלאָריסטישער מעשה מיטן קליינשטעטלדיקן לאָטוטניק. דאָס פאָלק טראַכט נישט אויס קיין מעשיות. עס שאַפט די מעשיות פון לעבנס־דערפאַרונג. דאָס איז דער תנ"ך פון טאָג־טעגלעכן שטייגער. און אַז מען דערציילט איבער די מעשיות — שווימט אַליין אַרויס דער נמשל.

וואָלט גוט געווען, אַז אונדזערע ביזאַיצטיקע עקאָנאָמיסטן, פינאַנסיסטן, ווירטשאַפטלער, ראַטגעבער און מומחים זאָלן אין דער שווערער צייט זיך אָפּרוען אַ ביסל, איבערגעבן דעם שווערן וואָגן אין אַנדערע, דערפאַרענע הענט און אַליין זיך פאַרטיפן אין דעם רייכן ים פון יידישן פאָלקלאָר, כדי זיי זאָלן זען, אַז אויף כעלעמער ימים קען מען נישט לאָזן קיין שניפּישאָקער שיפן.

עס איז צו געפערלעך!

פטער יאַנואַר 1953

## וואָלקנס פון מאָסקווע

„דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין" — איז געווען דאָס ערשטע ליד פון אַ ראַדיאָ־פּראָגראַם פון יידישע פאָלקס־לידער, וואָס איז טראַנסמיטירט געוואָרן דורך וואַרשע פון מאָסקווע פאַר אַמעריקע.

(פון דער פּרעסע)

עס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען איבער די יידישע שטעטלעך פון פּוילן האָט געהערשט נויט און הונגער. דעמאָלט האָט שוין מער נישט געגאָלטן דער פּסוק „איך האָב נישט אויף שבת", נאָר אַלע טעג פון דער וואָך זענען געווען „שבת". האָבן זיך אין אַלכסנדרער שטיבל צונויפגעזאַמלט די חסידים אויף „שלוש סעודות". אָבער ווער „שלוש־סעודות" און וואָס „שלוש־סעודות" — ס'איז אפילו קיין געזאַלצענער הערינג נישט געווען. הינטערן בעלעמער האָט זיך אָן האָפענונג געוואַלגערט דאָס ליידיקע ניכטערע פלעשל פון יי"ש.

שרייט מיט אַ מאָל אויס אַן אַלטער אַלכסנדרער חסיד:

„רבותי, דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין!" און די חסידים אַרום לאַנגן ליידיקן טיש הייבן־אויף די הענט און הייבן אָן זינגען אַן אַלכסנדרער פריילעכן ניגון:

און בים־באָם, באָם־באָם, בים־באָם, באָם —
און בים־באָם, באָם־באָם, בים־באָם, באָם ...

אינעם ניגון רייסן זיך אַריין הונגעריקע זיפצן, יידישע אָכצן, ביז פון די „פריילעכע" בים־באָמס הייבט אָן ציען ביי די לעפּעלעך; די הערצער ווערן פאַרקלעמט; די אויגן פאַרדבקותט; די הענט פאַרבראָכן; די שטערנס פאַרצויגן; און דעם אַלכסנדרער רבינס פריילעך געזאַנג ווערט אַזוי אומעטיק־אומעטיק, ווי עס וואָלט געהאַלטן ביי וועלט־אונטערגאַנג.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי די אַמעריקאַנער יידן האָבן אויפגענומען דאָס יידישע פאָלקס־ליד „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין", וואָס מאָסקווע האָט זיי איבערגעשיקט אין אַ קאַלטן פעברואַר־טאָג פון יאָר 1953. מעגלעך, אַז הערנדיק די מאָסקווער אוידיציע מיטן „רבינס" ווונטש, האָבן זיך די אַמע־ריקאַנער יידן אַרומגענומען און טאַקע געטאַנצט אַ פריילעכן „בים־באָם". נאָר מיר איז געוואָרן זייער קאַלעמוטנע אויף דער נשמה; אפשר נאָך מער קאַלעמוטנע ווי יענע אלכסנדרער חסידים אין דעם קליינעם שטעטעלע צו „שלוש־סעודות".

וואָרום, אדרבה, שטעלט אייך נאָר פאָר דעם דרייעק: מאָסקווע — אַמע־ריקאַנער יידן — „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין". און ווען? — אין דער תקופה פון שפּיאָנען!

בטלנים האָבן די איצטיקע תקופה אַ נאָמען געגעבן „די תקופה פון דער אַטאָם־באָמבע". וואָס פאַר אַ תקופה, און וואָס פאַר אַן אַטאָם־באָמבע — אַז די וואָס באַזיצן זי האָבן פאַר איר מורא אימת־מוות.

צי האָט איר געהערט, אַז די מענטשן אין דער שטיין־תקופה, אין דער בראָנדז־תקופה, אין דער תקופה פון רענעסאַנס, אָדער אין דער תקופה פון טעלעגראַף, זאָלן מורא האָבן פאַרן שטיין, אָדער פאַרן בראָנדז, אָדער פאַרן רענעסאַנס, אָדער פאַרן טעלעגראַף? פאַרקערט, אין יענע תקופות זענען די מענטשן גאָר פריילעך געווען מיט זייערע אַנטדעקונגען. עס האָבן זיך פאַר זיי געעפנט נייע וועלטן, נייע מעגלעכקייטן, נייע האָפענונגען. איצט ציטערט מען, אַז אַלע וועלטן און אַלע מעגלעכקייטן און האָפענונגען זאָלן זיך ענדיקן מיטן ערשטן קנאַל פון דער אַטאָם־באָמבע. דערפאַר, זעט איר, באַהאַלט מען אויס פאַר אייך דעם ריכטיקן נאָמען פון דער תקופה — די תקופה פון שפּיאָנען.

וואָרום ווער, מישטיינסגעזאָגט, איז שוין היינט נישט קיין שפּיאָן? ווען האָט מען שוין נישט צוגעשריבן אָט דעם אַמאָל אַוואַנטוריסטישן טיטל?

אַמאָל איז דער נאָמען „שפּיאָן" געווען פאַרבונדן מיט אויסערגעוויינטלעכע טיפּן. מען האָט וועגן זיי געשריבן סענסאַציאָנעלע ביכער. דהיינו: לאָורענס, מאַטאַ האַרי און אַנדערע, וואָס לייענענדיק וועגן זיי האָבן זיך תלמידים נערווועז געביסן די נעגל ביז וויטיק. היינט איז דאָס „פּאַך", ווי מען זאָגט, אַריין אין דער שוסטערגאַס. מיט אַ ליאַדע ציוניסט, אַ שקל־קויפער, אַ ייד פון די בראָנקס, אָדער אַ מכולתניק אין תל־אביב שרעקט מען די רעוואָלוציע, אַז זיי זענען שפּיאָנען. און נישט סתם עפּעס שפּיאָנעלעך, נאָר טאַקע שפּיאָנען פון אַמעריקע, אָדער פון ענגלאַנד. מילא, וועגן די גרעסערע איז דאָך שוין אָפּגערעדט! מען האָט שוין אונדז אַזוי פאַרשפּיאָנעוועט די מוחות, אַז מיר ווייסן שוין ניט ווער עס איז אַ גרעסערער און ווער עס איז אַ קלענערער שפּיאָן. ווען איך האָב אַנומלט געלייענט אין אַ סאָוויעטישן זשורנאַל, אַז דוד בן־גוריון איז אַ שפּיאָן און אַז משה שרת איז אַ שפּיאָן, האָב איך געטראַכט, אַז זיי זענען שוין די גרעסטע שפּיאָנען. וואָרום וואָס קען זיין גרעסער פון אַ פּרעמיער־מיניסטער אַ שפּיאָן און אַן אויסערן־מיניסטער אַ שפּיאָן? ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז אַ גרעסערער שפּיאָן פון זיי בײדע איז משה סנה, וואָרום לויט פּראַג איז ער גאָר אַן אָנפירער פון שפּיאָנאַזש. און אויב מרדכי אורן איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער שפּיאָן און קובובי איז אַ ציוניסטישער שפּיאָן, איז שוין איצטווירקלעך שווער צו וויסן ווער עס איז אַ גרעסערער און ווער אַ קלענערער שפּיאָן...

אָבער מיט דעם זענט איר נאָך נישט פאַרטיק! אַזוי ווי, לויט די סאָוויעטן, איז ציוניזם אַ שפּיאָנאַזש־באַוועגונג, הייסט עס, אַז אַלע ציוניסטן זענען שפּיאָנען. וואָלט עס אויסגעקומען, אַז נישט־ציוניסטן, זענען נישט קיין שפּיאָנען. איז אָבער דאָס „אומגליק", וואָס אויך נישט־ציוניסטן זענען „געכאַפּט אין דער מעשה". וואָרום זיי שטיצן דאָך ישראל. און אַזוי ווי ישראל איז אַ „נעסט פון אַמעריקאַנער שפּיאָנאַזש", איז ווער עס שטיצט די „נעסט" איז דאָך אוודאי און אוודאי אַ שפּיאָן? און אַזוי ווי די יידישע קאָמוניסטן אין ישראל דעקלאַרירן

זיך יעדן טאָג, אַז זיי זענען די אמתע און איינציקע פּאַטריאָטן פון מדינת ישראל — זענען זיי דאָך גאָר די ריכטיקע שפּיאָנען.

איז לויט דעם חשבון פון מאָסקווע — זענען מיר אַלע שפּיאָנען, אומ־אָפּהענגיק צי עמעצער וווינט אין די בראָנקס, אין בוענאָס־איירעס, אין יאָהאַנעסבורג, צי אין פּתח־תקוה; אומאָפּהענגיק צי עמעצער איז אַ פּרעמיער־מיניסטער, אַן אויסערן־מיניסטער, אַ קיבוצניק, אַ פירער פון דער סנה־גרופּע, אָדער אַ מכולתניק. אַלץ וואָס עס טוען די יידן אויף דער גאַנצער וועלט, צי איינער פאַרנעמט זיך מיט פּאָליטיק, צי ער גייט הויזן, אָדער האַנדלט, איז דאָס נישט מער ווי קאָמופלאַזש, אויגנפאַרבלענדעניש. וואָרום די ריכטיקע פּראָפעסיע פון אַלע איז — שפּיאָנאַזש.

איז פאַר וועמען, אויב אַזוי, האָט עס מאָסקווע אָנגעגעבן די ראַדיאָ־אוידיציע פון יידישע פאָלקס־לידער מיט „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין" בראש? פאַרוואָס עפּעס פאַררופט זיך מאָסקווע אויף אַ רבין, כדי צו זאָגן די יידישע שפּיאָנען, אַז זיי זאָלן פריילעך זיין? וואָס אַרט עס מאָסקווע, אַז די שפּיאָנען וועלן נישט פריילעך זיין?

איז אויב מען רעדט שוין וועגן שפּיאָנען, טאָ לאָמיר פּרווון דערגיין וואָס שטעקט דערין; און מיר וועלן אויסגעפינען, אַז מערטשעם בקרוב וועט אין מאָסקווע אַרויסשפּרינגען אַ נייער פּראָצעס, וווּ עס וועט דערוויזן ווערן, אַז דער גאַנצער פּראָגראַם פון די יידישע פאָלקסלידער פון מאָסקווע איז צוגעגרייט געוואָרן פון „דזשאָינט", כדי דורך די יידישע פאָלקסלידער איבערצוגעבן וויכטיקע סודות פון ראַטנפאַרבאַנד פאַרן סטייט־דעפּאַרטאַמענט אין וואַשינגטאָן.

אַזוי אַ שטייגער, האָט מען חוץ דאָס ליד „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין", אויך איבערגעגעבן פון מאָסקווע דאָס פאָלקסליד „קודי יידיש?"

אוי, יידיש
קודי יידיש?
זאַטשעם יידיש?

יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

און אַז מען טראַכט —
טראַכט מען יידיש.
און אַז מען רעדט —
רעדט מען יידיש.

יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

יאַק יידיש, —
טאָ פּאַיידיש.
יאַק יידיש, —
טאָ דאַיידיש.

יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.
יאָק ני יידיש —
טאָ ני פאַיידיש;
יאָק ני יידיש —
טאָ ני דאַיידיש.
יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

דאָס דאָזיקע ליד וועט אויפן קומענדיקן פּראָצעס דינען ווי אַ באַוויז, אַז די גאַנצע אוידיציע איז געווען אַ פאַררעטעריש־קאָסמאָפּאָליטישער שפּיאָנאַזש־אַקט פון איבערגעבן סודות פון סאָוויעטישן אוקראַינע.

ווארום ערשטנס, איז דאָ קונציק אויסגענוצט געוואָרן דאָס וואָרט „יידיש", וואָס מיינט נישט יידישקייט, נאָר עס מיינט אויף אוקראַיניש „פאָרן". „קודאָ יידיש?" און „זאָטשעם יידיש?" הייסט עס, אַז די רויטע אַרמיי האַלט ביים פאָרן. דערנאָך גייט "יאָק יידיש — טאָ פאַיידיש", וואָס מיינט, אַז אויב די אַמעריקאַנער אַרמיי מיט דער הילף פון די ציוניסטן וועלן איצט אָנפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיי שאַנסן צו פאַרנעמען רוסלאַנד. און יאָק ני יידיש — טאָ ני דאַיידיש". אויב, הייסט עס, איר וועט איצט נישט אָנפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, וועלן שפּעטער די שאַנסן זיין קליינע...

לויט מיין מיינונג, וואָלטן די פּראָגראַם־צונויפשטעלער פון דער יידישער אוידיציע פון מאָסקווע געדאַרפט באַצייטנס זיך אַליין מודה זיין אין דעם שפּיאָנאַזש־אַקט, וואָס זיי זענען פאַררעטעריש באַגאַנגען, כדי מען זאָל זיי משפּטן צוזאַמען מיט די יידישע דאָקטוירים, וואָס זענען אָנגעשטאַנען אויפן לעבן פון סאָוויעטישע פירער.

ווארום אויב דאָס איז נישט קיין שפּיאָנאַזש־אַקט, פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס האָט זיך מאָסקווע פאַררופן אויפן רבין, אַז די אַמעריקאַנער יידן דאַרפן פריילעך זיין? צי איז עס דען לויט דער דיאַלעקטיש און לעניניסטיש־סטאַליניסטיש אויס־געהאַלטן, אַז נאָך דעם ווי מען גיט אַזעלכע קלעפּ איבער יידישע קעפּ, זאָל מען זיי באַלד דערנאָך הייסן פריילעך זיין?

איז מיר טרויעריק געוואָרן אויף דער נשמה, ווען דער וואַרשעווער ספּיקער האָט באַגינען געמאָלדן, אַז ראַדיאָ מאָסקווע הייבט אָן דעם פּראָגראַם מיט „דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין". און דער ניגון איז געווען אַזאַ אומעטיקער, ווי פון יענע אלכסנדרער חסידים, וואָס האָבן געפּראַוועט „שלוש־סעודות" מיט אַ פּוסטן מאָגן ביי אַ ליידיקן טיש...

13טער פעברואַר 1953

## ווי נעמט מען אַ שערלאַק האָלמס?

נאָך פינף יאָר עסן קעסט, האָט איין מאָל דער שווער געזאָגט צום איידעם: גענוג מיר אָפּגעגעסן די ביינער! ס'איז צייט זאָלסט אויפהערן קוועטשן די באַנק און זיך נעמען צו אַ פּרנסה.

— צו וואָס פאַר אַ פּרנסה קען איך זיך נעמען? — האָט דער איידעם געפרעגט.

— נעם זיך צו דעם צו וואָס עס ציט דיך — האָט דער שווער גע־ענטפערט.

האָט דעם יונגען־מאַן געצויגן צו מאַכן טינט. האָט ער ביים מוכר־ספרים געקויפט אַ ביכל, ווי אַזוי צו מאַכן טינט און ער האָט אָנגעהויבן פאַבריצירן טינט. איז די שטוב פול געוואָרן מיט טינט: טינט אויף די ווענט, טינט אין די כלים, און דער יונגער־מאַן גופא האָט אויסגעזען, ווי מען וואָלט אים אַרויסגעצויגן פון אַ מקווה מיט טינט. אָבער ווען דער שווער האָט געוואָלט אונטערשרייבן אַ וועקסל און גענומען אַ ביסל טינט פון דעם איידעם — האָט דער טינט גע־קלעקט געטריפט, צעגאָסן זיך ווי דער ים פון יידישע צרות, אָבער נישט געשריבן.

זאָגט דער שווער צום איידעם: האָסט שוין פאַרטינטעוועט אַ האַלבן נדן און קיין טינט קומט נישט אַרויס! וואָלסטו זיך אפשר גענומען צו עפּעס בעסערס?

— צו וואָס זשע נעמט מען זיך? — פרעגט דער איידעם.

— נעם זיך צו דעם צו וואָס עס ציט דיך — ענטפערט דער שווער.

— עס ציט מיך צו מאַכן זויערקרויט — האָט דער איידעם געזאָגט און געלאָפן קויפן אַ ביכל, ווי אַזוי צו מאַכן זויערקרויט. האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשיכטע פון „שאַטקעווען" קרויט. קלאַפּן אין די פעסלעך, שלעפן זיך מיט זאַלץ: אַ קוק אין ביכל און אַ שאָט זאַלץ; אַ קוק אין ביכל און אַ קלאַפּ אין קרויט, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז דער יונגער־מאַן איז געוואָרן אַ פאַבריקאַנט פון קרויט. אָבער ווען מען האָט שפּעטער געעפנט אַ פעסל און פאַרזוכט די זויער־קרויט איז זי געווען ביטער, ווי גאַל, און געזאַלצן, ווי דער ים — נישט צו נעמען אין מויל אַריין.

זאָגט דער שווער צום איידעם: האָסט שוין באַלד פאַרטיק געמאַכט די צווייטע העלפט פון נדן און קיין קרויט קומט נישט אַרויס! וואָלסטו זיך אפשר גענומען צו עפּעס בעסערס?

— צו וואָס זשע נעמט מען זיך? — פרעגט דער איידעם.

— נעם זיך צו דעם צו וואָס עס ציט דיך — ענטפערט דער שווער.

— עס ציט מיך צו ווערן אַ מוהל — האָט דער איידעם געזאָגט.

דאָ איז דער שווער אין כעס געוואָרן און געזאָגט:

— מילא, אַז עס האָט דיך געצויגן צו מיין טאָכטער — און נאָך פינף יאָר איז נישט־מען־הערט און נישט־מען־זעט, איז דאָס מיין אומגליק. אַז עס האָט דיך געצויגן צו מאַכן טינט און זויערקרויט — און ס'איז גאָרנישט אַרויס־געקומען, איז דאָס דיין אומגליק. נאָר טאָמער ציט דיך צו ווערן אַ מוהל — זאָל דיך שוין אויפהערן ציען, וואָרום דו וועסט אומגליקלעך מאַכן די וועלט...

— איז צו וואָס זשע נעמט מען זיך? — פרעגט דער איידעם.

— נעם זיך צו דעם צו וואָס עס ציט דיך נ י ש ט — האָט דער שווער געענטפערט.

איז דער יונגער־מאַן געלאָפן צום רב און אָפּגעגט דאָס ווייב.

און דער שווער האָט זיך דערוווסט, אַז זיין איידעם קען פאָרט עפּעס...

אויך איך האָב זיך שוין געוואָלט מייאש זיין פון אַ סך טאַלאַנטן און פאַכלייט אין אונדזער מדינה־אַפּאַראַט. איך האָב געזען, ווי אונדזערע איידעמלעך אויף קעסט האָט געצויגן צו כל־מיני ציעכצער. איינעם האָט געצויגן צו ווערן אַ מומחה אויף איינקויפן פלייש; דעם צווייטן האָט געצויגן צו ווערן אַ מיניסטער; דעם דריטן האָט געצויגן צו ווערן אַ פאַרזאָרגער פון כלל־ישראל. און אַז פון דעם „ציען" אין גאָרנישט אַרויסגעקומען, האָבן זיך די „ציעניסטן" איבער־געצויגן אין אַנדערע „ציעכצער" און דער מומחה אויף פלייש איז געוואָרן אַ מומחה אויף פּאָליטיק, און אַ מיניסטער איז געוואָרן אַ שליח, און דער פאַרזאָרגער פון כלל־ישראל איז געוואָרן אַן איינקויפער פון מאַשינען. און אַז פון דעם קומט ווידער נישט אַרויס — ציט מען זיך איבער אין אַנדערע געביטן און מען ווערט נייע „מומחים". איי, וועט איר דאָך זאָגן צו וואָס דאַרף מען זיך נעמען צו דעם וואָס „ציט", אַז מען קען זיך נעמען צו דעם, וואָס מען קען? וואָרום ווי לאַנג קאָן מען אַזוי נאָכגיין אַלץ וואָס ציט? צי מוזן זיי אַזוי לאַנג ציען ביז מיר וועלן, חלילה, אויסציען ווי מען זאָגט, די קאַפּיטעס? דעם נדן האָבן זיי שוין אויפגעגעסן, ימים טינט האָבן זיי שוין אויסגעגאָסן, ניין מאָס רייד האָבן זיי שוין אויסגערעדט און — עס ציט נאָך ווייטער...

אָט, אַ שטייגער, לאָמיר נעמען אונדזערע פּאָליציי־מומחים. מען קען נישט זאָגן, אַז זייערע זיידעס און טאַטעס זענען געווען פּאָליציי־ספּעציאַליסטן, דעטעק־טיווס, אויסשפּירערס און שערלאָק האָלמסעס. פאַרקערט, זיי זענען דאָס נישט געווען. זייערע זיידעס זענען געווען יידן, וואָס האָבן אפילו מורא געהאָט פאַר פּאָליציי; און זייערע טאַטעס זענען אויך ספּעציאַליסטן אויף געביטן, וואָס זייערע זיידעס און טאַטעס זענען פרעמד געווען די ספּעציאַליטעטן. נישט מער, צו אונד־זערע מיניסטאָרן קאָן איך נישט האָבן קיין טענה הלמאי זיי זענען נישט געפאָרן קיין אויסלאַנד אויף „השתלמות", זיך לערנען צו זיין מיניסטאָרן. אָבער אונדזערע שערלאָק האָלמסעס זענען דווקא יאָ געפאָרן — און נאָך ווי געפאָרן אויף „השתלמות". נאָר איך הייב אָן מורא צו האָבן, אַז טאָמער וואָלטן מיניסטאָרן געפאָרן אויף „השתלמות", ווי עס זענען געפאָרן אונדזערע פּאָליציי־מומחים, וואָלט די לאַגע נאָך ערגער געווען ווי זי איז...

נאָר לאָמיר זיך צוריקקערן צו אונדזערע פּאָליציי־מומחים.

איך האָב מורא צו זאָגן, אַז אונדזערע פּאָליציי־מומחים זענען געוואָרן דאָס, וואָס זיי זענען, נאָר דערפאַר ווייל עס האָט זיי צו דעם געצויגן, ווי יענעם איידעם האָט געצויגן צו מאַכן טינט, אָדער זויערקרויט. וואָרום טאָמער ווערט אויסגעפּירט אַ פאַרברעך, זענען אַלע כלים פול — מען מאַכט אַ „מבצע" אויפן ענגלישן „אָפּעריישאָן"־שטייגער; מען שטעלט אויף די פּיס אַלץ, וואָס לאָזט זיך — פּאָליציילייט, דעטעקטיווס, ראַדיאָ־אויטאָס, שפּיר־הינט, פינגער־אָפּדרוק־נעמער, שפּורזוכער, ריחות־שמעקער, פאַרבן־קענער, לאַבאָראַנטן; די פּרעסע גייט כּאַדאָראָם, די קאָמוניקאַטן פליען ווי פייערדיקע סטענגעס פונעם צילינדער פון אַ קונצנמאַכער — דער האָט געזאָגט און יענער האָט דערקלערט און אַ דריטער האָט געהיימענישפול געשמייכלט און אַ פערטער האָט געזאָגט, אַז דער „מבצע" אנטוויקלט זיך, אַ פינפטער איז שוין אויף די שפּורן, צוואַנציק זענען פאַרהאַלטן, פינף האָט מען שוין באַפרייט, צען ווען וועט מען מאָרגן באַפרייען, פינף וועלן זיצן פערצן טעג; און אויפן פופצנטן טאָג האָט זיך דער פאַר־ברעכער אַליין נישט צוגעשטעלט, און די פינף זענען באַפרייט געוואָרן, און די אַקטן זענען געבליבן, ווי אַ כּלה אונטער דער חופּה, ווו דער חתן האָט פאַרגעסן צו קומען...

אָפטמאָל נעמט מיך אַרום אַזאַ רחמנות אויף אונדזערע פּאָליציי־ספּעציאַ־ליסטן, וואָס בלייבן נעבעך מיטן „מבצע", ווי יענער ביי דער דאָראָזשקע, אַז ווען איך זאָל האָבן צייט וואָלט איך אַוועק אין דער פּאָליציי און זיך „מודה" געווען, אַז איך — איך האָב אונטערגעלייגט אַ באָמבע, איך האָב דערמאָרדעט, איך האָב פאַרגוואַלטיקט, אבי דער פּרעסטיזש פון דער פּאָליציי זאָל נישט ליידן, אַבי זיי זאָלן נישט דאַרפן שטעלן אויף דעם „מבצע" אַ מצבה.

מען דאַרף זיין אויפריכטיק און מודה זיין, אַז עטלעכע „מבצעס" האָבן זיך אונדזערע פּאָליציי איינגעגעבן. דאָס איז געווען דעמאָלט ווען פרומע יונגע־לייט זענען געגאַנגען מיט אַ באָמבע צו דער כּנסת אויסצובאָמבן אַ פּראָטעסט קעגן נעמען אין מיליטער פרומע מיידלעך. האָט עמעצער פריער אָנגעקלונגען און געגעבן צו וויסן: אַזוי און אַזוי, יידן, מען גייט!... האָט די פּאָליציי אָנגעשטעלט דעם גאַנצן אַפּאַראַט, פאַרטיילט די ראָלן, אַרומגעשטעלט דעם כּנסת־בנין, צו־געגרייט די קעטשלעך פון דער פּאָליציי, געמאַכט איינריכטונגען און דזשאַלאַמע; און פּונקט צו דער באַשטימטער מינוט זענען די באָמבנטרעגער געגאַנגען צו דער כּנסת — גלייך אין דער פאַכמעניש־צוגעגרייטער נעץ אַריין.

און עס איז געשען, ווען אַ יונגער־מאַן האָט געטראָגן אַ באָמבע צום אויסערן־מיניסטעריום. ער האָט נישט געוואָרט עמעצער זאָל אָנקלינגען אין דער פּאָליציי. ער האָט זיך אַליין מטריח געווען, אַליין געמאַכט די באָמבע און אַליין געקלונגען אין דער פּאָליציי: איך גיי וואַרפן אַ באָמבע אין דער און אין דער שעה, זייט פּינקטלעך! און די פּאָליציי האָט אָנגעשטעלט דאָס קלאַפּער־געצייג, אַרומגעשטעלט דעם בנין, ביים אַריינפאָר אין דער קריה אפילו אַוועק־געשטעלט אַ פּאָליציי־פּאָטאָגראַפיסט, כּדי אַלץ גענוי אָפּצופאָטאָגראַפירן, אַז דער

„קליענט" זאָל שפּעטער נישט חרטה האָבן פאַר וואָס ער האָט זיך אַליין „פאַר־שיט".

אָבער די וועלט, זאָגט מען, באַשטייט נישט פון בלויז דזשענטללייט. עס זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס האַלטן נישט פאַר נייטיק אָנצוקלינגען אין דער פּאָליציי און אָנצוזאָגן, וואָס פאַר אַ פאַרברעך זיי גייען אויספירן. און עס איז זייער נישט שיין און אפילו אכזריותדיק מצד די לייט, וואָס האָבן אַזוי פאַר־ברעכעריש־קאָנספּיראַטיוו אונטערגעלייגט די באָמבע הינטער דער טיר פון הויז פון דעם פאַרשטאָרבענעם קאָמוניקאַציע־מיניסטער און אפילו מיט קיין רמז נישט געגעבן אָנדייטן, ווו זיי געפינען זיך, אָדער ווער זיי זענען. און נאָך מער פאַרברעכעריש זענען די, וואָס האָבן אונטערגעלייגט די באָמבע אונטערן הויז פון דער סאָוויעטישער געזאַנדשאַפט און אפילו קיין שפּורן נישט איבערגעלאָזט ווו מען קען זיי זוכן. נייך, נייך, די וועלט באַשטייט נישט פון בלויז דזשענטל־מענישע פאַרברעכער. און אוודאי קען מען נישט פאָדערן עס זאָל זיין אַ דזשענטלמען אַ סאַדיסטישער מטורף, וואָס האָט פאַרגוואַלדיקט און דערמאָרדעט אַ קינד.

איז די פּאָליציי געבליבן מיט די „מבצעס", מיטן גרויסן אַפּאַראַט, מיטן טומל, מיט די דערקלערונגען — און די פאַרברעכער זענען געבליבן דאָרט ווו זיי זענען געווען. זיי ווילן זיך אַליין נישט מעלדן.

ווייס איך נישט ווען מען וואָלט איצט געדאַרפט שיקן אויף „השתלמות" — אונדזערע פּאָליציי־מומחים, כדי זיי זאָלן אויסלערנען דאָס פאַך, אָדער אפשר וואָלטן די פאַרברעכער געפאָרן אויף „השתלמות" — צו ווערן דזשענטללייט און זיך אַליין איבערגעבן אין דער פּאָליציי, אָדער אפשר וואָלטן זיי שוין געבליבן אין חוץ־לאָרץ. נישט גענוג וואָס זיי באַגייען פאַרברעכנס — קאָמפּראָמיטירן זיי נאָך אונדזער פּאָליציי...

נאָר אויב איר מיינט אַז אונדזערע פּאָליציי־מומחים זענען אין גאַנצן לא יוצלחס וואָס נעמען זיך צו זאַכן, צו וועלכע זיי ציט, נאָר זיי קענען נישט, האָט איר אַ טעות. אָט האָבן זיי אַרויסגעגעבן אַ קרימינאַל־זשורנאַל, וואָס איז אַזוי טאַלאַנטפול געמאַכט און מיט אַזוי פיל פאַכמענישקייט, אַז איך פיל, אַז טאָמער וועל איך לייענען דעם זשורנאַל אַ גאַנץ יאָר, וועל איך ווערן דער בעסטער דעטעקטיוו, אַז קיין שום באָמבנוואַרפער, קיין שום פאַרברעכער וועט זיך פון מיינע הענט נישט אַרויסדרייען...

27טער פעברואַר 1953

## ברוך אתה שלא עשני קאָמוניסט

ווען איך וואָלט געווען אַ פּראָפעסאָר פון תפילות, וואָלט איך היינט אין תפילת־שחרית צווישן די ברכות פון „שלא עשני גוי", „שלא עשני עבד" און „שלא עשני אשה" אַריינגעשטעלט נאָך אַ ברכה — „שלא עשני קאָמוניסט". און געווען וואָלט עס, דאַכט זיך, דער שטאַרקסטער פון אַלע דאַנקען פאַרן בורא־עולם. וואָרום וואָס אַ שטייגער, איז דער גאַנצער „שלא עשני גוי"? אַ גוי האָט אַ ברירה זיך מגייר צו זיין און ער ווערט אַ גר־צדק און זיין זכות איז גרויס. און נאָך וויניקער איז דער „שלא עשני עבד". אפילו פאַר אַן עבד קומט אַ צייט ווען ער ווערט באַפרייט. און אפילו ווען אַן עבד, איז ער נאָך אַלץ אַ סחורה עובר לסוחר. ער האָט זיין ווערט. דער באַלעבאָס ווייסט, אַז ער דאַרף היטן דאָס געזונט און לעבן פון זיין קנעכט, וואָרום ער קאָסט געלט — אַנטקעגן דער מאָדערנער „פרייהייט", ווו דער פשוטער מענטש שפּילט אַזאַ ראָל, ווי אַ ליידיק ציגאַרעטן־שאַכטל. ליגן דאָרט נאָך ציגאַרעטן, ס'הייסט כוח — היט מען עס; איז שוין נישטאָ קיין ציגאַרעטן, אַוועקגעגעבן די כוחות — וואַרפט מען עס אַרויס און שריי חי־וקיים...

און שוין גאָר אומפאַרשטענדלעך איז דער „שלא עשני אשה". איך קאָוויר אייך, אַז נישט איין תל־אביבער אַרבעטסלאָזער, וואָס זאָגט יעדן טאָג דעם „שלא עשני אשה" וואָלט גלייכער געוואָלט זיין אַ וויוויען לי, אַ בעטי דייוויס, אָדער אַן אַנדער גרעטא גאַרבאָ און זיך דרייען אין האָליוווד, איידער זיך דרייען ווי אַ מאַנספאַרשוין פאַר דער לשכת־העבודה אין תל־אביב...

דאַקעגן וואָלט מיין ברכה „שלא עשני קאָמוניסט" געווען די ריכטיקע ברכה. וואָרום זיין אַ קאָמוניסט איז טאַקע גאָטס רחמנות:

ערשטנס, טאָר אַ קאָמוניסט נישט טראַכטן. וואָרום אַז מען טראַכט קען מען זיך אַמאָל דערטראַכטן צו עטוואָס אַנדערש און דעמאָלט קען מען, לא עלינו, געשטרויכלט ווערן מיט טיטאָאיזם, טראָצקיזם, קאָסמאָפּאָליטיזם — שדים ווייסן צו וואָס פאַראַ שטרויכלונג מען קען דערגיין ווען מען טראַכט אַליין.

והשנית, מוז אַ קאָמוניסט פאַרטיידיקן אַלץ, וואָס קומט פון אויבן, מוז נאָכדרייען די העוויות, נאָכזאָגן יעדעס וואָרט מיטן ריכטיקן טראָפּ, נישט רעכטס, נישט לינקס נאָר ווי אַ לאָקאָמאָטיוו אויף רעלסן — פייפן און אונטערשטש...

והשלישית, קענען אַמאָל קומען די פירער פון אויבן און אַלץ איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף, אַזש עס הייבט אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן. מילא, די פירער, וואָס זענען אויסגעאיבט ווי צירק־אַקטיאָרן, קענען גיין אויף שטריק, שלינגען פייער, טאַנצן אויף רייפן און מאַכן נאָך אַזעלכע

קאַזשעלקעס. אָבער וואָס זאָל טאָן אַ קאָמוניסט אין תל־אביב, וואָס פון האַלטן גלייך די ליניע איז אים נעבעך שטייפלעך געוואָרן דער רוקנביין, אַז ביים נאָכ־מאַכן אַ „סאַלטא מאָרטאלע" קען ער נעבעך ברעכן רוקן־און־לענד? וואָס זאָל ער טאָן?

אָט באַגעגן איך אַזאַ מין קאָמוניסט, נישט קיין קליינעם און נישט קיין גרויסן, נאָר סתם אַזאַ מיטעלן און פרעג אים אַ קלאָץ־קשיא:

— נו, וואָס זאָגסטו עפּעס צו די מאָסקווער דאָקטוירים? האַ, כ'לעבן, נעכטן האָסטו געשריגן אויף זיי: פאַררעטער, שפּיאָנען, מענטשן־פאַרגיפטער, אימפּעריאַליסטישע אַגענטן, פאָלקס־שונאים — און היינט?...

הייבט זיך אָן דער יונגער־מאַן צו דרייען אויפן קאָרעק:

— ס'האָט געזיגט די גערעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע! — שרייט ער — די רעוואָלוציע איז דרייסט און האָט נישט מורא מודה צו זיין זיך...

זאָג איך אים:

— וואָס שייך מודה זיין זיך, האָבן זיך פריער מודה געווען קלעמענטיס און סלאַנסקי און זיי זענען אַוועק אויף יענער וועלט. און דערנאָך האָבן זיך מודה געווען די מאָסקווער פּראָפעסאָרן — און דו האָסט זיך שוין געגרייט צו פייערן דעם נצחון פון דער רעוואָלוציע, ווען די פּראָפעסאָרן וועלן זיך באָמבלען אויף די תליות. איאָ, האָסט געהאָפט, אַז זיי וועלן זיך באָמבלען און די רעוואָלוציע וועט זיגן? און וואָס שייך דער גערעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע, איז ווער איז די רעוואָלוציע, פרעג איך, דער וויצע־מיניסטער פאַר דער זיכערקייט פון ראַטנ־פאַרבאַנד רעיומין, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך סטאַלינען בכבודו ובעצמו און וואָס זיצט שוין איצט אין טורמע, אָדער די רעוואָלוציע איז דער, וואָס האָט נאָך סטאַלינס טויט פאַרכאַפּט די מאַכט? לויט די פּאָעמעס לכבוד סטאַלינען, איז סטאַלין געווען „דער גערעכטסטער", „דער אָנטעותדיקער", „דער אַלץ זעענ־דיקער" און דער „אַלץ וויסנדיקער". ער איז געווען, ווי עס זינגט זיך דאָרט: „די זון און די לבנה און די גאַנצע וועלט". איז אויב ער האָט באַשטימט, אַז רעיומין זאָל היטן די זיכערקייט פון דער רעוואָלוציע — זיצט איצט די רעוואָלוציע אין תפיסה און די „עקלהאַפטע שפּיאָנען־באַנדע אונטער דער מאַסקע פון פּראָפעסאָרן" זענען אַרויס אויף דער פריי. הע, ווי שיקט זיך דאָס דריי וואָכן נאָכן טויט פון סטאַלינען אַראָפּצורייסן פון אים אַל דאָס איבערמענטשלעכע? — לו עינים — און ער האָט נישט געזען, אַז רעיומין איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אומשולדיקע מענטשן געצווונגען מודה צו זיין זיך אויף מיאוסע פאַרברעכנס, וואָס זיי זענען נישט באַגאַנגען; לו אזנים — און ער האָט נישט געהערט, ווי די קאָנטער־רעוואָלוציע קלאַפּט אין סאַמע קרעמל; ער, דער גערעכטסטער, האָט דער־לאָזט צו אַזאַ אומגערעכטיקייט; ער, דער אַלץ־וויסנדיקער, האָט גאָרנישט געוווּסט, וואָס עס קומט פאָר הינטער זיינע פּלייצעס.

מילא, סטאַלינען אַליין קען מען שוין איצט נישט אַריינזעצן פאַר באַ־שטימען אַלס לייטער פון זיכערהייטס־מיניסטעריום פון דער רעוואָלוציע „אַ מענטש מיט אַ שוואַכן כאַראַקטער און פּאָליטישער פאַרבלענדעניש" און „אַ

פאַרמאַסקירטן פאָלקס־פיינד". אָבער עס לעבט דאָך איליא ערענבורג, וואָס האָט די אומשולדיקע פּראָפעסאָרן צוגענאָגלט מיט אַ לשון, ווי ער אַליין וואָלט געשטאַנען דערביי ווי די פּראָפעסאָרן האָבן אומגעבראַכט זשדאַנאָוון און ווי ער אַליין וואָלט געזען זי זיי מישן גיפט אויף צו פאַרסמען אַנדערע סאָוויעטישע פירער.

מיין באַקאַנטער מיטעלער קאָמוניסט האָט געמאַכט דעם אָנשטעל ווי אַלץ איז פאַר אים פּשוט, ווי אַ לעבל ברויט.

— עס איז געשען — זאָגט ער — אַ טעות. די קאָנטער־רעוואָלוציע מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן שיקט אַריין אירע אַגענטן...

— איז ווער — פרעג איך אים — האָט געשיקט דעם לאָסט־אויטאָ קיין קיין מינסק, ער זאָל אַרויפפאָרן אויפן אויטאָ פון מיכאָעלסן און מאַכן פון אים קרעפּלפליייש, כדי שפּעטער זאָל דער קרעמל־זינגער ערענבורג באַשמוצן אים, אַז ער איז אַפילו קיין קינסטלער נישט געווען, נאָר עפּעס אַ וויסטער שאַרלאַטאַן, אַ „דזשאָינט"־אַגענט, וואָס רעזשיסירט אַ קאָמעדיע פון אַ רעוואָלוציאָנער? און איצט נאָך סטאַלינס טויט און נאָך מיכאָעלס טויט איז מיכאָעלס צוריק קינסטלער, צוריק רעוואָלוציאָנער, צוריק רעזשיסער — אויף יענער וועלט.

און אויב אין אָט דער זעלבער תקופה האָט מען אַ צענדלינג מענטשן אויפגעהאַנגען אין פּראַג, זענען זיי דאָך אומשולדיק אויפגעהאַנגען געוואָרן. עס האָט דאָך דעמאָלט געהערשט דער זעלבער סטאַלין, דער זעלבער רעזשים און עס האָט געזונגען דער זעלבער שפּילפויגל, איליא ערענבורג.

— איך האָב צוטרוי צו דער גערעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע! — שרייט אויס מיין מיטעלער קאָמוניסט — אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אין פּראָג איז געווען די זעלבע אַפּערע ווי מיט די פּראָפעסאָרן, וועט מען די אומגעבראַכטע רעהאַביליטירן.

— אויב אַזוי — זאָג איך — זענט איר דאָך פּאַרטיק מיט דער רעוואָלוציע; וואָרום שטעלט אייך פאָר: אויב מען וועט רעהאַביליטירן די אומגעבראַכטע אין פּראָג, וועט מען דאַרפן אומברענגען די, וועלכע האָבן אומגעבראַכט סלאַנסקין און קלעמענטיסן, פּונקט ווי מען וועט אומברענגען די, וועלכע האָבן געוואָלט אומברענגען די פּראָפעסאָרן. וועט מען, בכן, מוזן אָנהייבן פון סאַמע אָנהייב: אומברענגען די, וועלכע האָבן אומגעבראַכט בוכאַרינען, זינאָוויעוון, קאַמעניעוון, טוכאַטשעווסקין. און אַזוי ווי דאָס זענען געווען מאָלאָטאָוו, וואָראָשילאָוו, ווישינסקי ווי הויפּטבאַשולדיקער און נאָך אַנדערע, וואָס זיצן איצט אין קרעמל — וועט איר דאָך דאַרפן אומברענגען דעם גאַנצן אַוואַנגאַרד פון דער רעוואָלוציע. איז וועמען וועט איר איבערגעבן די מאַכט איבער דער רעוואָלוציע — טופּיקן, אָדער מיקוניסן?

— מיר האָבן צוטרוי צו דער רעוואָלוציע! — שרייט ווידער אויס מיין קאָמוניסט.

— איך ווייס — באַרואיק איך אים — אַז איר האָט צוטרוי צו דער

רעוואָלוציע. טאָמער וואָלט איר נישט געהאַט קיין שטאַרקן צוטרוי צו דער רעוואָלוציע, וואָלט דאָך דער „קול העם" מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק נישט געשריבן, אַז דער ישוב פירט אַ העצע קעגן ראַטנפאַרבאַנד און פאַר אַמעריקאַנער דאָלאַרן פאַרטיידיקט ער די שפּיאָנען־באַנדע אין געשטאַלט פון פּראָפעסאָרן. איצט ווייזט זיך גאָר אַרויס, אַז דער מחבר פון דער העצע קעגן ראַטנפאַרבאַנד איז געזעסן אין סאַמע קרעמל אונטער דער השגחה פון סטאַלינען און מיטן הסכם פון די העכסטע אינסטאַנצן פון דעם אוואַנגאַרד פון דער וועלט־רעוואָלוציע. איז אַזוי ווי איר האַלט פון זעלבקריטיק, דאַרפט איר אָנהייבן פון זיך אַליין, עס הייסט, פון קרעמל. פון דאָרט, זעט איר איצט, איז אַרויס דאָס גאַנצע בייז. פון דאָרט און נישט פון וואַשינגטאָן אָדער לאָנדאָן, האָט מען אָנגעהויבן די „אומגעזעצלעכע מעטאָדן פון אַרויספּרעסן דאָס מודה זיין זיך אויף נישט באַגאַנגענע פאַרברעכנס". און נישט בלויז די פּראָפעסאָרן האָבן זיך אַזוי אַרום „מודה געווען", נאָר אויך מרדכי אורן. איר האָט דאָך אַליין אין „קול העם" ציטירט זיינע ווערטער, אַז ער איז אַן אינטערנאַציאָנאַלער שפּיאָן, אַז ער איז געווען פאַרבונדן און געאַרבעט פאַרן ענגלישן אינטעלידזשענס סערוויס.

און נאָך מיט יאָרן צוריק האָבן זיך אונטער די אויגן פון סטאַלינען און בעריאַן און מיט דער מיטהילף פון דעם זעלבן מיכאָעלסן, וואָס איז פון אַ גוטן באָלשעוויק געוואָרן אַ „דזשאָינטישער" שפּיאָן און איצט צוריק אַ גוטער קאָמוניסט — „מודה געווען" ערליך און אַלטער און זיי זענען דערשאָסן געוואָרן...

דאָס איז געווען דער זעלבער בעריא און דער זעלבער מאַלאָטאָוו און דער זעלבער וואָראָשילאָוו און דער זעלבער ווישינסקי, וועלכע האָבן היינט איבערגעדרייט דעם פּעלץ און געוואָרן ווי מען זאָגט „איידל געזאָנגען". זיי האָבן פּלוצעם דערזען, אַז מען טאָר נישט אָנווענדן קיין אויספּרעסונג־מעטאָדן אויף „מודה צו זיין" זיך. נאָך אַזוי פיל אומשולדיק־פאַרגאָסענע טייכן בלוט, נאָך אַזעלכע ימים טרערן און ליידן, האָבן זיי דערזען, אַז בלוט איז רויט און אַז מען שלאָגט טוט וויי און אַז מען שיסט — שטאַרבט מען.

ביי מיר אין שטעטל איז געווען אַ ייד אַ פערד־גנב. ער האָט געגנבעט פערד ביי וועמען נאָר עס האָט זיך געלאָזט: ביי פּריצים, ביי פּויערים, ביי יידישע באַלעגאָלעס, עס האָבן געמעגט זיין פּייערדיקע גניאַדעס, ווי דיכאָווע שקאַפּעס — ער האָט זיך גאָרנישט געקענט אָנזעטיקן מיט די גניבות. ביז וואַנען באַלעגאָלעס האָבן אים צעשטאָכן. ווען ער איז געלעגן אויפן בעט, ראַנגלענדיק זיך צווישן לעבן און טויט, האָט ער געשריגן: איך האָב אָבער געזאָגט צו זיך: „מאָטיע, גענוג!"...

אויך די זעלבע לייט, די זעלבע בריהס, ראַנגלען זיך איצט צווישן זיך אויף לעבן און טויט און זיי פּילן, אַז דער גורל קען זיי אויסמעסטן מיט דער זעלבער מאָס, מיט וועלכע זיי האָבן געמאָסטן טויזנטער און מיליאָנען אַנדערע. שרייען זיי איצט, אַז מען טאָר נישט אָנווענדן אומגעזעצלעכע מעטאָדן, ווייל זיי

האָבן מורא, אַז מאָרגן קענען זייערע מעטאָדן אָנגעווענדט ווערן כלפּי זיי אַליין. דער גולם קען אויפשטיין קעגן זיין באַשאַפער.

שטייט היינט דער שאינו־יודע־לשאול־קאָמוניסט און שרייט: „עס זיגט די גערעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע!"

און איך מאַך אַ ברכה: ברוך אתה שלא עשני קאָמוניסט ואפילו חצי קאָמוניסט...

10טער אַפּריל 1953

# אַ נייער קורס פאַרן דאָלאַר

אַנטקעגן דעם וואָס מען זאָגט, אַז מען טאָר נישט בעטן אויף בעסער, נאָר מען דאַרף דאַנקען גאָט פאַר דעם ביסל, וואָס ער גיט. דערציילט זיך אַ געשיכטע ווי אַזוי אַ קליינשטעטלדיקער ייד, וואָס עס איז אים גראָד געגאַנגען נישט שלעכט, איז געשטאַנען יום־כּפּור אין שול און געבעטן. טראַכט דער ייד: סיי־ווי בעט איך שוין, וועל איך בעטן, אַז גאָט אין הימל זאָל מיך אויסגלייכן מיטן שטעטלשן גביר, וואָס האָט פעלדער און וועלדער און מיליאָנען־מיליאָסן. און דער ייד האָט אָנגעהויבן געוואַלדעווען: „רבונו־של־עולם, וואָס בין איך ביי דיר ערגער פון דעם שטעטלשן גביר? צי בין איך נישט פּונקט אַזאַ ייד ווי ער? פאַרוואָס קומט אים וועלדער און פעלדער און מיליאָנען־מיליאָסן און מיר נישט? זאָלסט מיך שוין אויסגלייכן מיטן שטעטלשן גביר!”

איז אין הימל געוואָרן אַ טומל: אַ ייד אַ חוצפּהניק, ער האָט געזונט און פּרנסה — איז עס פאַר אים ווייניק, וויל ער נאָך מער! האָט מען אין הימל באַשלאָסן דעם ייד צו געבן פעלדער און וועלדער און מיליאָנען־מיליאָסן, אָבער אויך אים צוגעגעבן פּונקט אַזאַ קראַנקן מאָגן ווי עס האָט געהאַט דער שטעטלשער גביר; אַ קראַנקן מאָגן, וואָס פאַרטראָגט נישט מער ווי אַ ביסל באַבלעך... (?)

מיט מילך און דאָס אַלץ... איז דער „גאָט־געהאָלפענער” ייד נעבעך אַרומגעגאַנגען אין די שטעקשיך אין שטוב און די מיליאָנען־מיליאָסן זענען אים אויסגעגאַנגען „באָקאָם”, די קאַשע מיט מילך איז אים געקראָכן פון האַלדז און דער מאָגן — אוי, דער מאָגן!...

אָט אַזאַ מין געשיכטע האָט געהאַט אַ ייד, פון די בראָנקס, וואָס איז געקומען אויף פּסח קיין ישראל זיך קוויקן מיט דער יידישער מדינה. איך האָב זיך מיטן ייד באַקענט צופעליק ביי אַ קיאָסק פון צייטונגען אין תל־אביב. איך האָב געקויפט אַ צייטונג און ער האָט געקויפט אַ צייטונג. איך האָב געקויפט אַ זונטיק־„פאָרווערטס” און ער האָט געקויפט אַ זונטיק־„פאָרווערטס”. צערעדט מען זיך: ווער זענט איר? און ווער זענט איר? דערציילט מיר דער ייד, אַז ער איז פון די בראָנקס אין ניו־יאָרק. געקומען קיין ישראל איז ער צוויי וואָכן פאַר פּסח און ער האָט שוין באַוויזן צו זען אַ פערטל מדינה. ער קען שוין דעם נגב בעסער ווי די בראָנקס, וווּ ער וווינט זינט פינף און דרייסיק יאָר. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער שוין זוכה געווען צו האַלטן שטיקער יידישן קופּער, ער האָט זיך געבאָדן אין אילת, דורך זיינע אייגענע פינגער האָט ער זוכה געווען אַדורכצוזיפּן דאָס גלאָז־זאַמד פון נגב, ער איז שוין געווען אין סדום, ביים ים־

המלח, און אין אַ פּלעשל מיטגענומען אַביסל וואַסער פֿון ים המלח, ווי אַן אייביקן אָנדענק, אַז ער האָט זוכה געווען צו זײַן אין סדום.

דער ייד האָט גערעדט צו מיר כמעט מיט טרערן אין די אויגן פֿון פֿרייד: איך פֿיל זיך אין נגב ווי אַ פֿיש אין וואַסער. יעדער ייד איז דאָרט בײַ מיר אַן אברהם אבינו און יעדע פֿרוי, וואָס איך באַגעגן, איז בײַ מיר די מאַמע שרה. ס'איז עפּעס אַזאַ טײַער געפֿיל, וואָס מען קען עס נאָר פֿילן ווען מ'איז אַליין אין נגב און מען זעט די יידישע מדינה מיט די אייגענע אויגן. גלייבט מיר, אַז ווען איך זאָל נישט האָבן אויסגעשוויצט מײַנע בעסטע יאָרן אין אַ סוועט־שאָפּ אין ניו־יאָרק, וואָלט איך אַליין געוואָרן אַ חלוץ אין נגב, איך וואָלט פֿאַרקאַטשעט די אַרבל און געריסן שטיקער פֿון די בערג אין נגב, אַז אַ רויך וואָלט געגאַנגען! נאָר אַ חלוץ וואָלט איך געוואָרן!

אָבער אַז דער ייד פֿון די בראָנקס האָט אויסגעגאָסן פֿאַר מיר די גאַנצע פֿרייד פֿון זײַן האַרץ, זאָגט ער צו מיר: פֿונדעסטוועגן האָב איך אַ טענה צו דער ישראל־רעגירונג.

— וואָס פֿאַר אַ טענה האָט איר צו דער ישראל־רעגירונג? — פֿרעג איך.

ענטפֿערט מיר דער ייד:

— מען באַרויבט אונדז. מען נעמט בײַ אונדז צו די דאָלאַרן פֿאַר האַלב אומזיסט. פֿאַר איין דאָלאַר באַקומען מיר איין פֿונט.

זאָג איך צום ייד:

— ס'איז נישט ריכטיק, מען באַרויבט אײַך נישט. מיר האָבן דרײַ קורסן פֿאַרן דאָלאַר. באַקומט איר, ווי אַ טוריסט, דעם דריטן קורס, דעם העכסטן! חוץ דעם — זאָג איך אים — באַקומט איר אַלץ ביליקער מיט צוואַנציק פּראָצענט, איר האָט ביליקערע רייזעס אין לאַנד און איבערהויפּט איז נישט טײַערער בײַ אונדז ווי אין אַנדערע טוריסטישע לענדער. און אפֿילו ווען בײַ אונדז זאָל אײַך אויסמאַכן אַביסל טײַערער, איז דאָס אויך ווערט. דערפֿאַר האָט איר פֿרייד, איר זעענט אין דער יידישער מדינה און איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז איר וואָלט געוואָלט זײַן אַ חלוץ אין נגב.

— ריכטיק — זאָגט דער ייד — ס'איז מיר דאָ גוט, וואָס בעסער קען שוין נישט זײַן. אָבער אַ פֿונט פֿאַר אַ דאָלאַר קרענקט מיך. ס'איז, זאָלט איר מיר מוחל זײַן, גאַזלאָוואַניע. ווען די רעגירונג וועט נאָר מאַכן אַ העכערן קורס פֿאַרן דאָלאַר, וועט דאָ זײַן פֿאַר אַ יידישן טוריסט אַ גן־עדן — די־וועלט און יענע־וועלט!

ביים טרוים פֿון אַ העכערן קורס פֿאַרן דאָלאַר האָט זיך געענדיקט אונדזער שמועס און מיר האָבן זיך געזעגנט.

טאָ הערט וואָס עס קען געשען:

מיט צוויי טעג צוריק האָט מיך דער בראָנקסער ייד אויפֿגעזוכט. איך האָב דעם ייד נישט דערקענט. ער האָט אָפּגענומען אפֿשר אַ צען קילאָ. ער איז געווען בלייך, ווי ער וואָלט אויפֿגעשטאַנען פֿון אַ קראַנקייט.

— וואָס איז געשען מיט אייך? — פרעג איך דעם ייד.

— עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט אַ העכערער קורס פאַר אַ דאָלאַר — זאָגט דער ייד אַ סאַפּענדיקער — טאָמער איז מיר געווען גוט ווי די וועלט און כ׳האָב געהאַט אַ הנאה פון דער יידישער מדינה, האָט מיך געשטאָכן דער האָבער און איך האָב געוואָלט נאָך בעסער. צו אלעם גוטן אויך אַ העכערן קורס פאַרן דאָלאַר. און שטעלט אייך פאָר: אויף צו מאָרגנס, נאָך דעם ווי איך האָב געהאַט טענות פאַרוואָס מען גיט טוריסטן איין פונט פאַר אַ דאָלאַר, האָט די יידישע רעגירונג אויסגעהערט מיין בקשה און באַשטימט צו געבן פאַר איין דאָלאַר — איין פונט מיט אַכציק פּיאַסטער. גראָד דעם טאָג האָב איך געוואָלט אַוועקפאָרן אין גליל. טראַכט איך: לויף נישט אין גליל! צו ערשט גיי אין בייט אויס אַביסל דאָלאַרן לויטן העכערן קורס, וועסטו וויסן פון אַ לעבן. גיי איך אַוועק אין דער באַנק און שטעל זיך אין דער ריי. ערשט ביים פענצטערל זאָגט מען מיר, אַז עס איז ריכטיק, די רעגירונג האָט טאַקע באַשטימט צו געבן טוריסטן איין פונט מיט אַכציק פּיאַסטער פאַר איין דאָלאַר. אָבער עס איז נישטאָ וואָס צו איילן זיך. פון באַשטימען ביזן איינפירן אין לעבן נעמט עס ביי אונדז אַ שטיקל צייט. די באַאַמטע מוזן זיך צו ערשט פאַרטראַכטן וואָס און ווען, ווארום ס׳איז נישט הפקר אַ וועלט, עס גייט אין געלט. בין איך שוין דעם טאָג נישט געפאָרן אין גליל. איך וועל דאָך נישט גיין אַוועקגעבן אַ דאָלאַר פאַר אַ פונט, בעת די רעגירונג גופא האָט באַשטימט אַ פונט אַכציק! וואָס איז, מען שאַרט דען דאָלאַרן אין די בראַנקסקער גאַסן?

בין איך אויף צו מאָרגנס ווידער אַוועק אין דער באַנק און ווידער דאָס זעלבע: די רעגירונג האָט טאַקע באַשטימט, אָבער דערווייל קענט איר אויסבייטן בלויז אַ דאָלאַר פאַר איין פונט. סיידן מאָרגן־איבער־מאָרגן וועט די רעגירונג צו וויסן געבן ווען און וואָס. בין איך ווידער אַוועק אין האָטעל און ווידער נישט געפאָרן אין גליל, ווארום איך וועל דאָך נישט גיין אַרויסוואַרפן געלט אין די גאַסן. בין איך אַזוי געגאַנגען אייניקע טעג פון האָטעל אין באַנק און פון באַנק אין האָטעל און עס נעמט נישט קיין סוף צו די צרות. איך האָב שוין געדאַרפט זיין צוריק פון גליל און פאָרן קיין ירושלים, ווארום קיין ירושלים האָט זיך מיר געבענקט אַ גאַנץ לעבן. אַ קלייניקייט ירושלים! אָבער וואָס ירושלים? ווען ירושלים? איך ליג אָדער אין דער באַנק אָדער אין האָטעל און איך פאַרשעלט מיר די יאָרן: צו וואָס האָב איך געדאַרפט בעטן אויף אַ העכערן קורס פון דאָלאַר? ס׳איז דאָך מיר גוט געווען ווי דאָס לעבן, איך בין זיך געפאָרן אין נגב ווי אַ פריץ, איך האָב געוווסט אַז איך לעב אויף דער וועלט. האָט מיך דער טייוול געדאַרפט אָנשיקן איך זאָל בעטן אויף בעסערס, אויף אַ העכערן קורס פון דאָלאַר, עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט צו זיין אַ חלוץ פון אַ העכערן קורס!

פון האַרצוויייטיק האָב איך ביינאַכט נישט געקענט שלאָפן און איך האָב זיך געטראַכט: אַ כפרה דער העכערער קורס פאַרן דאָלאַר. מערטשעם אין דער פרי הייב איך זיך אויף און גיי בייטן אַ דאָלאַר פאַר אַ פונט און פאָר קיין גליל. די וועלט גייט נישט אונטער אויב איך וועל פאַרלירן אַ פּאָר דאָלאַר אין דעם

קורס־אונטערשייד. הייב איך זיך אויף אַ נישט־אויסגעשלאָפענער און לויף אין דער באַנק: נאָט אייך, האָב איך געזאָגט צום יונגען־מאַן ביים פענצטערל, פופציק דאָלאַר און גיט מיר פופציק פונט און אַז עק זאָל עס נעמען! וואָרום צוליב דער נייער פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג וועגן העכערן קורס האָב איך שוין פאַרשפּעטיקט צו זען אַ דריטל פון לאַנד. שמייכלט צו מיר דער באַאַמטער: איר זענט געהאָלפן, זאָגט ער צו מיר, די רעגירונג האָט שוין געהייסן אויסצאָלן פאַר איין דאָלאַר אַ פונט אַכציק. און איך באַקום אין דער האַנט אַריין אַ זשמעניע מיט פונטן. אָבער ווען איך גיב אַ קוק אויפן „קרעדיט־לעטער" ווערט מיר נישט גוט. אין „קרעדיט־לעטער" שטייט געשריבן „פופציק פונט פאַר פופציק דאָלאַר", אָבער אין האַנט אַריין האָב איך באַקומען נײַנציק פונט. גיי איך צו צום באַאַמטן ביים פענצטערל און זאָג אים: איר האָט געמאַכט אַ טעות. איר האָט מיר געגעבן נײַנציק פונט און אין „קרעדיט־לעטער" האָט איר אַרײַנגעשריבן פופציק פונט. זאָגט דער באַאַמטער, אַז אַזוי איז די פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג. מילא, טראַכט איך, יידישע מיניסטאָרן ווייסן וואָס זיי טוען און כ׳וועל זיך נישט גיין פאַר זיי כלאָפּאָטשען, אַבי איך האָב אין דער האַנט אַ פונט אַכציק פאַר איין דאָלאַר.

גיי איך אַוועק אין האָטעל באַצאָלן דעם חשבון, כדי איך זאָל קענען פאָרן אין גליל. ערשט אין האָטעל זאָגט מען מיר, אַז ערשטנס באַקום איך שוין נישט די צוואַנציק פּראָצענט ביליקער, וואָרום איך קען דאָך נישט פאָדערן ביידע זאַכן מיט אַ מאָל, סיי אַ פונט אַכציק פאַר אַ דאָלאַר און סיי צוואַנציק פּראָצענט ביליקער. צווייטנס, קען איך אין האָטעל צאָלן בלויז מיט די פונטן פון „קרעדיט־לעטער" אָבער נישט מיט די פונטן, וואָס איך האָב אין טאַש. ווער איך צעטומלט: וואָס איז פאַר אַן אונטערשייד? ביידע מינים פונטן האָב איך דאָך באַקומען פאַר מיינע דאָלאַרס? ענטפערט מען מיר: איין פונט איז פאַר איין דאָלאַר און די אַכציק פּיאַסטער זענען אַ פּרעמיע. וואָס פאַר אַ פּרעמיע איז דאָס? — פרעג איך. איך וויל נישט קיין פּרעמיעס, איך וויל באַצאָלן. צי איז נישט דער נייער קורס פאַר איין דאָלאַר אַ פונט מיט אַכציק פּיאַסטער? ענטפערט מען מיר, אַז איך בין גערעכט, אָבער העלפן מיר קענען זיי נישט. אַזוי איז די פאַראָרדענונג פון דער רעגירונג. הייב איך אָן טראַכטן אַהין און צוריק און עפּעס קלעפּן מיר זיך נישט די געדאַנקען. עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען.

גיי איך אַרויף אין צימער און לייג זיך אין בעט אַריין. ליגנדיק טראַכט איך: וואָס וועל איך ליגן אין בעט און וואָס איז דאָ אַרײַנצוטראַכטן? קיין מיניסטער בין איך נישט און אויב אַ יידישער מיניסטער האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג האָט ער זיכער געוווסט וואָס ער טוט. איבעריקנס, זאָל זיך מיר דאַכטן, אַז איך האָב נישט באַקומען נײַנציק פונט פאַר פופציק דאָלאַר, נאָר בלויז פופציק פונט, ווי פריער. אײַ, די פריערדיקע צוואַנציק פּראָצענט ביליקער — גייט די וועלט נישט אונטער און — איך פאָר קיין גליל. האָב איך פאַר כעס באַשלאָסן אויסצוגעבן די פערציק פונט אויף מתנות פאַר מיין פאַמיליע אין

דער היים. און איך האָב אַזוי געטון. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען אין האָטעל האָב איך זיך געכאַפּט, אַז נאָך דעם באַצאָלן דעם חשבון אין האָטעל און נאָך דעם איינקויפן מתנות האָב איך שוין נישט קיין געלט צו פֿאָרן אין גליל.

גיי איך אַוועק אין דער פֿרי אין דער באַנק און זאָג צום באַאַמטן: נאַט אײַך פֿערציק דאָלאַר און גיט מיר פֿונטן. באַקום איך פֿאַר די פֿערציק דאָלאַר זעכציק פֿונט. לויף איך צו צום פֿענצטערל און זאָג דעם באַאַמטן: איר האָט געמאַכט אַ מיסטייק, אַ טעות הייסט עס. פֿאַר פֿערציק דאָלאַר צו איין פֿונט אַכציק, קומט מיר זיבעציק פֿונט; און איר האָט מיר געגעבן זעכציק פֿונט. ענטפֿערט מיר דער באַאַמטער, אַז דאָס איז נישט קיין מיסטייק. עס איז דאָ אַ נײַע פֿאַראָרדענונג פֿון פֿינאַנץ־מיניסטער, אַז אויב מען בײַט־אויס קיילעכדיקע פֿינפֿאונצוואַנציקער דאָלאַרס באַקומט מען טאַקע צו איין פֿונט אַכציק פֿאַר אַ דאָלאַר. אָבער אויב מען „שפּאַלט" אַ פֿינפֿאונצוואַנציקער, באַקומט מען פֿאַר די „געשפּאָלטענע" בלויז צו איין פֿונט פֿאַר אַ דאָלאַר. אַזוי ווי אין פֿערציק דאָלאַר איז פֿאַראַן בלויז איין גאַנצער פֿינפֿאונצוואַנציקער און פֿופֿצן „געשפּאָל־טענע" דאָלאַרס, באַקומט איר פֿאַר דעם פֿינפֿאונצוואַנציקער צו איין פֿונט אַכציק און פֿאַר די „געשפּאָלטענע" פֿופֿצן — צו איין פֿונט פֿאַר אַ דאָלאַר. זאָג איך צו דעם באַאַמטן: אויב אַזוי, טאָ נאַט אײַך נאָך צען דאָלאַר, כּדי אויך דער צווייטער פֿינפֿאונצוואַנציקער זאָל זײַן אַ גאַנצער. ענטפֿערט מיר דער באַאַמטער, אַז דער חשבון איז שוין געמאַכט און עס איז שוין צו שפּעט. פֿאַר די צען דאָלאַר קען ער מיר מאַכן אַ צווייטן חשבון. אָבער אַזוי ווי צען דאָלאַר זענען נישט פֿינף און צוואַנציק, נאָר צען „געשפּאָלטענע", וועל איך איצט פֿאַר די צען דאָלאַר באַקומען בלויז צען פֿונט. איך האָב אפֿילו געוואָלט אָנהייבן שרײַען געוואַלד. איך האָב זיך אָבער באַטראַכט, אַז ס'איז בעסער קיינער זאָל נישט וויסן, אַז איך בין אַראָפּ פֿון זינען...

בין איך אַוועק אין האָטעל, געלייגט זיך אין בעט אַריין און געהייסן זיך דערלאַנגען אַ קאַלטן קאָמפּרעס צום קאָפּ. איז אַרויפֿגעקומען צו מיר דער מענעדזשער פֿון האָטעל פֿרעגן, וואָס מיט מיר איז געשען. זאָג איך אים, אַז ער זאָל קיינעם נישט דערציילן, אַז איך בין אַראָפּ פֿון זינען. מסתּמא האָט אויף מיר אַזוי שטאַרק געווירקט אַ חמסין, אָדער אפֿשר האָב איך געהאַט צו שטאַרקע איינדרוקן אין נגב... איך האָב געוואָלט אַ פּאָר טעג זײַן אין גליל. איך גיי אויס פֿאַרן גליל. מען זאָגט, אַז נאָך אַזאַ שיין שטיקל לאַנד איז אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ פֿאַראַן. איך האָב אויך געדאַרפֿט זײַן אין ירושלים. איר ווייסט, וואָס עס מיינט פֿאַר אַ ייִד פֿון אויסלאַנד צו זײַן אין ירושלים? אין דער הייליקער שטאָט פֿון דוד המלך, קומען אויפֿן קבר פֿון דוד המלך און זיך אויסוויינען דאָס האַרץ? איז מיר איינגעפֿאַלן אַ משוגעת, אַז אַ פֿונט פֿאַר אַ דאָלאַר איז צו ווייניק. אַ פּיאָנער פֿון אַ העכערן קורס פֿאַרן דאָלאַר האָב איך געוואָלט זײַן! איז מיר די רעגירונג אַנטקעגן געקומען, זי האָט געמאַכט אַ העכערן קורס און מיר צעדרייט די געדאַנקען. איך האָב פֿאַרלוירן

גליל, איך האָב פֿאַרלוירן ירושלים, וואָרום איבערמאַרגן מוז איך דאָך שוין אַוועקפֿאָרן... זאָגט מיר דער מענעדזשער פֿון האָטעל, אַז איך בין נישט משוגע. נישט מער, עס געשעט ביי אונדז, אַז צו ערשט גיט מען אַרויס אַ געזעץ און דערנאָך זעצט מען זיך אַוועק טראַכטן וואָס צו טון מיטן נייעם געזעץ. אָבער היות ווי דער שטייגער פֿון באַאַמטע איז צו טראַכטן פּאַמעלעך און צווישן איין מאָל טראַכטן און אַ צווייט מאָל טראַכטן טרינקט מען טיי — קען געשען, אַז פֿון יעדן שטיקל טראַכטעניש גיט מען אַרויס אַ באַזונדער פֿאַראָרדענונג — דעריבער בייטן זיך די פֿאַראָרדענונגען און עס איז אַרויסגעקומען מיט דעם נייעם קורס, דאָס וואָס איז אַרויסגעקומען. עס וועט פֿאַרבייגיין נאָך אַ שטיקל צייט ביז דאָס נייע געזעץ וועט איינגעפּירט ווערן אין לעבן אַזוי ווי עס געהער צו זיין; און טוריסטן וועלן אַן קאָפּ־ברעכעניש באַקומען פֿאַר יעדן דאָלאַר צו איין פונט מיט אַכציק פּיאַסטער. און דעמאָלט וועלן טוריסטן אין ישראל קענען מאַכן דאָס ריכטיקע לעבן, סיי זיי וועלן שעפּן נחת פֿון דער מדינה און סיי דער באַזוך אין ישראל וועט זיי קאָסטן ביליק.

איז דער ייד אַרויפגעקומען צו מיר פֿרעגן, צי ער קען האָבן צוטרוי צו דעם, וואָס דער מענעדזשער פֿון האָטעל האָט אים געזאָגט און צי זעט ער נישט אויס ווי ער וואָלט אַראָפּ פֿון זינען. האָב איך דעם ייד פֿאַרזיכערט, אַז דער מענעדזשער האָט ריכטיק אויפגעקלערט די גאַנצע געשיכטע מיטן נייעם קורס. עס קען געשען, אמת, קאָן זיין, אַז אויף וועלכן עס איז באַאַמטן האָט צופעליק געווירקט אַ חמסין, אָבער ער, דער ייד, איז אָל־רייט. האָב איך דעם ייד אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איבעראַיאָר קומט ער ווידער אויף פּסח; און מעג מען דעמאָלט באַשטימען אַ נייעם קורס פֿאַרן דאָלאַר — וועט ער זיך מער נישט לאָזן אַוועקשלעפּן פֿון גליל און פֿון ירושלים...

17טער אפּריל 1953

אין כעלעם האָט זיך אַמאָל פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז משיח קומט. איז אין שטאָט געוואָרן אַ שמחה, און יידן האָבן באַצייטנס אָנגעהויבן פּאַקן פּעקלעך. אָבער אין מיטן פּאַקן די פּעקלעך האָבן זיך יידן פאַרטראַכט: וווהין פּאָרט מען אַנטקעגן משיחן? האָבן זיך יידן פאַרטראַכט, אַז פון טראַכטן קומט גאָרנישט אַרויס, נאָר מען דאַרף לויפן צום רב פרעגן, וואָס צו טאָן. האָבן יידן געלאָזט ליגן די פּעקלעך און זענען געלאָפן צום רב.

— רבי, וואָס טוט מען? משיח קומט, מיר האָבן שוין איינגעפּאַקט די פּעקלעך, נאָר מיר ווייסן נישט וווהין צו גיין אַנטקעגן משיחן.

האָט זיך אויך דער רב פאַרטראַכט און געזאָגט אַז עס איז נישטאָ וואָס צו טראַכטן:

— משיח קומט אין ארץ־ישראל און, אם ירצה השם, מיט דער עלעווער באַן פאָרן אַלע יידן קיין ארץ־ישראל. אָבער כדי אַלע זאָלן זוכה זיין אַנטקעגן צו גיין משיחן, מוז יעדער אָפּגעבן וואָס עמעצן קומט...

האָבן די כעלעמער פאַרשטאַנען דאָס וואָס דער רב האָט געזאָגט און מען האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, אַז מאָטל חיימס קומט פּעטש פאַר אויס־גיסן אַ פּאַמעשאַף פאַר דער סאַמע טיר פון זיין שכן — און דער שכן איז געלאָפן אָפּגעבן די פּעטש. און וועלוול מוסר האָט זיך דערמאָנט, אַז דעם וויינשענקער קומט אָפּצומסרן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט באַצאָלט לאַ־יחרץ געלט. אַ דריטער האָט זיך דערמאָנט, אַז דער ליי־קאַסע קומט די לעצטע ראַטע פון אַ הלוואה; אָבער אַזוי ווי די ליי־קאַסע איז שוין געווען געשלאָסן, האָט ער אויסגעהאַקט די שויבן, כדי אַריינצוּוואַרפן די ראַטע. אַ פערטער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער קומט קהל פאַר אַן עליה — און ער איז געלאָפן צו אַ שול־גבאי באַצאָלן; אָבער אַזוי ווי דער גבאי איז געווען שטאַרק פאַרנומען, האָט ער אים געשיקט צו אַ צווייטן און דער צווייטער האָט אים געשיקט צו אַ דריטן, ביז ער האָט אָנגעהויבן געבן פּעטש, הלמאַי מען וויל נישט ביי אים צונעמען פאַר דער עליה אין משיחס צייטן. און אַז מען גיט פּעטש — גיט מען צוריק פּעטש. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט האָט כעלעם געהאַקט שויבן און זיך געפּאַטשט ביז זי האָט פאַרשפּעטיקט די עלעווער באַן קיין ארץ־ישראל...

כ׳האָב זיך דערמאָנט די געשיכטע מיט די כעלעמער ערב־משיח־פּעטש ערב דעם ערשטן מאַי, אינעם פּערטן יאָר זינט אונדזער פּרעמיער־מיניסטער האָט מכריז געווען, אַז אונדזער דור וועט זוכה זיין צום סאָציאַליזם אין מדינת ישראל.

דאַכט זיך, אַז בעסער קען נישט זיין: אַן אייגענע מדינה איז אַ װוּנדער־לעכע זאַך; און אויב אין דער אייגענער מדינה וועט מען נאָך אויך באַלד זוכה זיין צום סאָציאַליזם און טאַקע בימינו — איז דאָך טאַקע משיחס צייטן!

און דעם אמת דאַרף מען זאָגן, אַז אונדזער הסתדרות האָט זיך אָנגעהויבן פּאַקן אַנטקעגן צו גיין משיחן. מען האָט געפּאַקט פאַבריקן, געשעפטן, בנינים, ווו נאָר מען האָט דערווישט אַ גוטע זאַך האָט מען איינגעפּאַקט — מגביתן, הלוואות, קרעדיטן, פּאָזיציעס און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, וואָס זענען נייטיק אַנטקעגן צו גיין משיחן, וואָרום ווי זאָגט מען ביי יידן: אפילו משיחן קען מען נישט אַנטקעגן גיין מיט ליידיקע הענט.

און כדי אין אַזעלכע פאַרכטיקע צייטן זאָל זיין כולו זכאי — האָט מען אונטער דעם הסתדרותישן דאַך אַרונטערגענומען אַלע, וואָס דאַרפן זוכה זיין צו משיחן, ס'הייסט, דעם גאַנצן פּראָלעטאַריאַט. וואָרום סאָציאַליזם מאכט נישט קיין אונטערשייד צווישן אַרבעטער. סאָציאַליזם פרעגט נישט אויף קיין פּאַספּאָרט און אויף קיין פּאַרטיי־קאַרטע.

סאָציאַליזם מיינט יעדן איינעם, וואָס לעבט פון אייגענער פּראַצע. איז ווי אַזוי האָט מען געקענט אַנטקעגן גיין דעם סאָציאַליזם, בעת פון יענער זייט טיר פון דער הסתדרות זענען נאָך געשטאַנען די פרומע אַרבעטער? וואָס איז, באשר זיי זענען פרום, זיי געהערן צו פועל המזרחי און צו פועלי אגודת־ישראל דאַרפן זיי נישט אַנטקעגן גיין משיחן?

זענען מיר געוועזן עדות פון דער פרייד, וואָס אויפן וועג צום סאָציאַליזם האָט מען אויך אונטער דער הסתדרות איינגעזאַמלט די אַרבעטער פון פועל המזרחי און מען האָט געלאָזט וויסן דער וועלט, אַז די אַרבעטער־אייניקייט אין ישראל האָט אָפּגעהאַלטן אַ ווייטערדיקן נצחון אַנטקעגן דעם ענדגילטיקן נצחון פונעם פּראָלעטאַריאַט. און טאַקע ווי אין משיחס צייטן, איז געקומען די צייט און די הסתדרות האָט איינגעזאַמלט אויך די אַרבעטער פון פועלי־אגודת־ישראל און מיר האָבן דערלעבט די גליקלעכע צייט, וואָס אונדזער נביא האָט פאָרויס־געזען, אַז אויף דעם זעלבן הסתדרותישן פעלד פּאַשען זיך מפא"י, מפ"ם, קאָמו־ניסטן, העובד הציוני, פועלי־מזרחי און פועלי־אגודת־ישראל — אַן אידעאַלע אַרבעטער סאָלידאַריטעט וואָס קיין בעסערע קען מען זיך נישט ווינטשן.

און היות ווי סאָציאַליזם אַנערקענט נישט קיין שאָוויניזם און פּרעדיקט אינטערנאַציאָנאַליזם, האָט מען אויך באַשלאָסן אַריינצונעמען אין די הסתדרותישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען די אַראַבישע אַרבעטער.

צי קען זיין נאָך בעסער? צי זענען עס טאַקע נישט משיחס צייטן?

נישט מער, עס איז געשען, ווי מיט דעם כעלעמער רב, וואָס האָט אָנגע־זאָגט, אַז ביים אַנטקעגן־פאָרן משיחן מיט דער עלעווער באַן מוז יעדער אָפּגעבן וואָס עמעצן קומט... און כדי מקיים צו זיין די מצווה, האָט יעדער צד אָנגעהויבן אָפּגעבן וואָס עמעצן קומט: האָט מפא"י באַשלאָסן, אַז די קאָמוניסטן קומט מאָסקווע און דעריבער קענען די קאָמוניסטן נישט זיצן אין הסתדרותישע אינסטיטוציעס.

און מפּ״ם האָט באַשלאָסן, אַז איר קומט אייגענע קיבוצים, רייך פון פרעמדע עלעמענטן. און מפּא״י האָט באַשלאָסן, אַז איר קומט אַן אייגענער קיבוצים־פאַרבאַנד. און מפּ״ם האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס קומט דער סנה־גרופּע צו באַזייטיקן פון דער פּאַרטיי. און די סנה־גרופּע האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס קומט איר אַן איינהייטלעכער פראָנט מיט די קאָמוניסטן. און, פּונקט ווי אין כעלעם, האָט מען די אַלע „קומענישן" באַגלייט מיט פּעטש. און אַז מען פּאַטשט — פּאַטשט מען צוריק און אַז מען פּאַטשט צוריק — שפּאַלט מען זיך: שפּאַלט מען קיבוצים און מען שפּאַלט געשפּאַלטענע קיבוצים און מען שפּאַלט שטרייקן און וועלט־ אָריענטאַציעס. מען שפּאַלט פּאַטריאָטיזם — אַ האַלבן פּאַטריאָטיזם פאַר ישראל און אַ צווייטן האַלבן פּאַטריאָטיזם פאַרן ראַטנפאַרבאַנד...

נאָר איין זאַך: די הסתדרות, דעם בשותּפותדיקן דאַך איבערן וואַקזאַל, פון וועלכן ס׳דאַרף אָפּגיין די עלעוועד באַן אַנטקעגן דעם סאָציאַליסטישן משיח בימינו, האָט מען נישט געשפּאַלטן. און לייטן האָבן געזען אין דעם אַ גוטן סימן, אַז וואָס מיר זענען זענען מיר, אָבער סאָלידאַרע סאָציאַליסטן זענען מיר. מען וועט זיך טאַקע פּאַטשן, שפּאַלטן, רייסן שטיקער איינער פון צווייטן, מען וועט פירן פראַנצייזישע שטרייקן, איטאַליענישע שטרייקן, גאַנדי־שטרייקן, נאָר אין דער עלעוועד באַן וועט מען אַריינשטייגן צוזאַמען און פאָרן צו־זאַמען.

כדי צו ווייזן דער וועלט, אַז די רייסענישן אין דער אייגענער מחנה פון ישראל־פּראָלעטאַריאַט זענען נישט מער ווי אַ „מאבק־רעיוני", ווי מען זאָגט ביי אונדז, אַ מין אידייאישער גראַנגל — האָט מען ביז איצט כאָטש איין טאָג אין יאָר, אינעם טאָג פונעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער יום־טוב, דעם ערשטן מאי — מאַניפעסטירט צוזאַמען. אין דעם טאָג האָט מען זיך אַנטוואָפנט פון ברידערקאַמף און זיך באַוואָפנט מיט קלאַסנקאַמף. מען האָט אַוועקגעלייגט אין אַ זייט דאָס, וואָס צושיידט און אויפגעשריבן אויף די טראַנספּאַרענטן דאָס, וואָס פאַרבינדט. אין דעם דאָזיקן טאָג האָט מען נאָך אַלץ געגלייבט, אַז די אַלע וואָס פאַרזאַמלען זיך אונטערן דאַך פון דער הסתדרות, מיינען נאָך אַלץ די זעלבע עלעוועד באַן. מען וועט זיך אויספּאַטשן, אויסשפּאַלטן, איינער וועט אָפּגעבן דעם צווייטן, וואָס אים קומט, אָבער אין איין באַן וועט מען אַנטקעגן פאָרן דעם סאָציאַליזם...

וואָרום ס׳איז דאָך געווען אַזוי קלאָר, ווי דער הימל דעם ערשטן מאי אין ישראל, אַז אויב די קאָמוניסטן רייסן זיך צום סאָציאַליזם, און מפּ״ם האָט אַ דירעקטן בילעט צום סאָציאַליזם, און מפּא״י האָט אויך אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן סאָציאַליזם בימינו — איז די עלעוועד באַן אַ בשותּפותדיקע. און זי וועט טאַקע גיין דורך די געמיינזאַמע מאַי־דעמאָנסטראַציעס און דורך די בשותּפות־דיקע מיטינגען.

איז אָבער פּונקט ווי די כעלעמער האָבן צוליב די פּעטש פאַרשפּעטיקט די משיח־באַן, אַזוי האָבן זיך אויך אונדזערע סאָציאַליזם־ברענגער פאַרגאַ־לאָפּירט אין די „מאבק־רעיוני־פּעטש" און איידער איז נאָך אַרויף אויף

די באַנטערפלעך, האָט מען אָנגעהויבן אָפּטשעפּן באַזונדערע וואַגאָנען. האָט מפּא״י אָפּגעשטימט: אויס בשותפותדיקע מאי־דעמאָנסטראַציעס! גענוג גע־גאַנגען! פון היינט־אָן וועט מען נישט ברעכן די פיס, נאָר מען וועט זיצן אויפן סטאַדיאָן און זען אַ פאָרשטעלונג פון סאָציאַליזם. און ווער עס מיינט סאָציאַליזם באמת, דאַרף זיך קומען זעצן; און דער, וואָס וועט נישט זיצן — וועט זיין אַ שטרייקברעכער. און אַז מפּא״י זאָגט, אַז דעם ערשטן מאי איז גענוג צו זיצן — זאָגט מפּ״ם, אַז זי באַשטימט צו גיין, אַז מען גייט — דערגייט מען צו עפּעס. און אויב מפּא״י האָט באַשלאָסן צו זיצן דעם ערשטן מאי, איז אַ סימן, אַז זי גייט זיצן שבעה נאָכן סאָציאַליזם. און די קאָמוניסטן זאָגן, אַז נישט בלויז זיי וועלן נישט זיצן — נאָר זיי וועלן אפילו לויפן צוזאַמען מיט דער סנה־גרופּע, וואָרום אין צוויען לויפט זיך בעסער.

טייל זאָגן אפילו, אַז זיי זעען נישט קיין בייז אין דעם, וואָס איינער וועט דעם ערשטן מאי זיצן און דער צווייטער וועט גיין. עס איז אַ פראַגע פון טעמפּעראַמענט. ווי האָט אַמאָל געזאָגט מאַלאַטאָוו אפילו וועגן היטלעריזם: עס איז אַ געשמאַק־זאַך... קעגן אידייאישע איבערצייגונגען קעמפט מען נישט. יעדער דערגייט צו זיין אידייאישן ציל מיט זיין אייגענעם וועג. ווען אַ הון וויל לייגן אייער — גייט זי נישט, נאָר זי זיצט. און ווען דער זייגער וויל מעסטן די צייט, שטייט ער נישט, נאָר ער גייט. הכלל, אפילו דעם היינטיקן ערשטן מאי וואָלט יעדער געקענט דערגרייכן זיין ציל מיט זיין באַזונדערן טעמפּעראַמענט: מפּא״י — דורך זיצן און מפּ״ם — דורך גיין און די קאָמוניסטן — דורך מאָביליזירן די מאַסן.

און אַלץ וואָלט געווען כדרך הטבע, ווען מפּא״י זאָל זיצן אומגעשטערט און מפּ״ם זאָל גיין אומגעשטערט און די קאָמוניסטן זאָלן מאָביליזירן די מאַסן אומגעשטערט. איז אָבער די געשיכטע מיטן „מאבק־רעיוני״. אויב יעדער האָט פון דעם „עלעווער־צוג״ אָפּגעטשעפּעט אַ באַזונדערן וואַגאָן, האָט מען שוין אויך געזען, אַז יעדער זאָל זיין וואַגאָן לאָזן אויף דער זעלבער משיח־ליניע, נאָר אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג... ווען מפּא״י וועט זיצן און קוקן אויף דער סאָציאַליסטישער פאָרשטעלונג אויפן סטאַדיאָן, וועט דער וואַגאָן פון מפּ״ם פאָרן אין דער פאַרקערטער ריכטונג און פון די תל־אביבער גאַסן זיך לאָזן צו די טויערן פון סטאַדיאָן, ווו עס וועט פאָרקומען די פאָרשטעלונג; און אויב די טויערן וועלן זיין געשלאָסן — זאָגן די מפּ״ם, אַז זייער וואַגאָן וועט דורכ־ברעכן טויערן. און די קאָמוניסטן זאָגן, אַז אויך זיי וועלן באַווייזן סיי צו גיין און סיי צו זיצן — און זאָל מפּא״י פּרוּוון נישט לאָזן!

נו, אַז פון דעם אַלעם זאָל נאָך זיין אַ רייד וועגן דערפאָרן צו סאָציאַליזם איז שוין אָפּגערעדט. דאָס איז שוין נישט געפאָרן צום סאָציאַליזם, נאָר אָפּגע־חוזקט, בכיוון אויסגעדרייט די וועגווייזערס, אויפגעהויבן די סעמאַפאָרן דאָרט, ווו זיי דאַרפן זיין אַראָפּגעלאָזט און די וועקסלען אָנגעשטעלט אויף בלינדע ליניעס. און אויב מ׳האָט נאָך נישט צעזעצט דעם וואָקזאַל, אויב מען זיצט נאָך

אונטער דעם זעלבן הסתדרותישן דאַך, איז דאָס נאָר דערפֿאַר, ווייל דאָס איז דערוויל דער באַקוועמסטער פּלאַץ, ווו מען קען זיך פּאַטשן און מאַבקעווען.

מען דאַרף נאָר צוזוואָרטן און זען דעם גרעסטן חוזק: אַז אָט די אַלע צעריסענע און צעפּליקטע אַרבעטער־כּוחות זאָלן אויך דעם הייַנטיקן ערשטן מאַי אויפשרייבן אויף זייערע טראַנספּאַרענטן:

„אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט אייך". און אַלע וועלן אוודאי זינגען דעם זעלבן „אינטערנאַציאָנאַל" און פּרעדיקן אַרבעטער־אייניקייט אין יאַפּאַן, בורמא, האָנאָלולו און טיבעט...

אָרעם שטעטעלע כעלעם, האָסט זיך גאָר קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז אַלע מעשה־האַפּטיקע אויסטראַכטענישן אויף דיין אַדרעס זאָלן זיין די טראַגישע רעאַליטעט אין אונדזער אייגענער מדינה...

1טער מאַי 1953

## אַלץ פֿאַר די קומענדיקע דורות

עס דערציילט זיך אַ מעשה ווי איין מאָל איז אַ ייד פֿאַרבייגעגאַנגען דעם פּאַלאַץ פֿון קעניג און געזען ווי זיין מאַיעסטעט קראַצט זיך אונטער דער קרוין און זיפֿצט.

פֿרעגט דער ייד:

— וואָס זיפֿצסטו, אדוני המלך?

— דאָס זאָרג איך פֿאַר מיינע בירגער — ענטפֿערט דער קעניג.

— וואָס פֿאַרא זאָרג האָסטו פֿאַר דיינע בירגער? — פֿרעגט דער ייד.

שנייצט אויס דער מלך די נאָז אין אַ זיידענעם ליילעך און לאָזט אַרויס אַ קעניגלעכע טרער פֿון לינקן אויג:

— וואָס ווייסטו, ייד, וואָס פֿאַראַ זאָרג אַ מלך האָט פֿאַר זיינע בירגער! ערשטנס, מוז איך טראָגן די קרוין. צווייטנס, מוז איך ביי זיי צונעמען אַ העלפֿט פֿון זייערע תבואות.

— שרעקלעך! — באַדויערט דער ייד דעם קעניג.

— שרעקלעך, זאָגסטו? מאָל זיך, אַז צו דעם מוז איך נאָך ביי זיי נעמען שטייערן; און צו דעם אַלעם האָבן נאָך מיינע בירגער אַ קאַפּריז חתונה צו מאַכן זייערע טעכטער און אויף מיר פֿאַלט די לאַסט פֿון מקיים צו זיין די מצווה פֿון „פּרימאַ נאָקטיס"...

— אַזוי! — ווערט דער ייד פֿול מיט התפּעלות — און דאָס אַלץ מוז באַוויזן אייער מאַיעסטעט אַליין?

— אַליין — קרעכצט דער מלך — און אויב די לאַסטן, וואָס איך טראָג, זענען שוין אַזוי אויך גרויס, מוז איך נאָך פֿון צייט־צו־צייט מאַכן אַ מלחמה, כדי צו געבן מיינע בירגער דאָס פֿאַרגעניגן געהרגעט צו ווערן פֿאַרן פֿאָטערלאַנד ווי העלדן. וואָרום דאָס וואָס איך מוז צונעמען ביי מיינע בירגער אַ העלפֿט פֿון די תבואות און נעמען ביי זיי שטייערן, זענען חומרדיקע זאַכן און אַ מלך קען נישט בלויז זאָרגן פֿאַרן חומר פֿון די בירגער. ער מוז דער עיקר טראַכטן פֿאַר די קומענדיקע דורות. דאָס וויכטיקסטע זענען די קומענדיקע דורות. אַן קומענדיקע דורות... פֿאַרשטייסט, די קומענדיקע דורות דאָס איז די גרויסקייט פֿון מיין קעניגרייך... די קומענדיקע דורות, פֿאַרשטייסטו, זענען קומענדיקע דורות... דעריבער מוז איך מקיים זיין די מצווה פֿון „פּרימאַ נאָקטיס", כדי עס זאָלן זיין קומענדיקע דורות. און איך מוז מאַכן מלחמות, כדי די קומענדיקע דורות זאָלן זיך קענען גרויס־האַלטן מיט די העלדנטאַטן פֿון די קרבנות פֿאַרן פֿאָטערלאַנד. פֿאַרשטייסטו שוין די לאַסטן, וואָס ליגן אויף מיינע פּלייצעס?...

טוט זיך דער ייד אַ גלעט איבער דער באָרד און זאָגט אַזוי צו זאָגן:
— אדוני המלך, אַזוי ווי איך זע, אַז דו אַרבעטסט נעבעך איבער די כוחות, דערלויב זשע דיין אָרעמען שקלאַף צו העלפן טראָגן די משא פון דיינע פּלייצעס. אדרבה, איך בין גרייט איבערצונעמען אַ העלפט פון דיינע לאַסטן. און אַזוי ווי דו האַלטסט, אַז דער עיקר זענען די קומענדיקע דורות, טאָ נעם פאַר זיך די מצווה פון „פּרימאַ נאַקטיס" און די פאַבריקאַציע פון די העלדן; איך וועל טראָגן אויף זיך די תבואות מיט די שטייערן...

אַז דער מלך האָט דערהערט, אַז דער ייד קוואַפּעט זיך אויפן פּעטן ביסן, האָט ער געשיקט זיינע מענטשן מען זאָל קאָנפיסקירן דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דעם ייד. און אַדורכלאָזנדיק דאָס יידישע צירונג דורך די קעניגלעכע פינגער האָט זיין מאַיעסטעט אַ זיפץ געטאָן:
— שווער איז די זאָרג פאַר די קומענדיקע דורות...

*

היינט זענען אַנדערע צייטן און אַן אַנדער שטייגער. איבער דער וועלט הערשן מענטשן אָן קרוינען, אָן סצעפּטערס. די הערשער האָבן זיך אַרומגעזען, אַז מען קען הערשן אויך אין אַן אלפּאַקן רעקל און אין אַ שטרויענעם הוט. וואָרום שטעלט אייך נאָר פאָר, ווי עס האָט אַמאָל אויסגעזען אַ קעניג, וואָס האָט נעבעך אין אַ שווערן חמסין געדאַרפט טראָגן אַ קעניגלעכן פּעלץ מיט אַ שווערער גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ און דערצו נאָך אַ שווערן סצעפּטער אין דער האַנט. האָבן די היינטיקע הערשער אָט די אַלע נאַרישקייטן אַוועקגעוואָרפן. אַ העמדל, אפילו אָן אַ קראַוואַט, אַן עלעקטרישן ווענטילאַטאָר ביי דער זייט, אַ וויסקי-סאָדאַ אויפן טיש — און מען קען לייכט זאָרגן פאַר די קומענדיקע דורות...

וואָרום עס זענען פאַראַן אייביקע זאַכן אויף דער וועלט, זאַכן וואָס בייטן זיך נישט נאָך אַלע רעוואָלוציעס און איבערקערענישן. אָט די אייביקייט-ווערטן, וואָס פאַראייניקן אַלע מעכטיקע פון דער וועלט, סיי צי זיי זענען מלכים, סיי זיי זענען דעמאָקראַטישע, צי פאָלקס-דעמאָקראַטישע אָדער אַנדערע הערשער. דאָס איז די זאָרג פאַר די קומענדיקע דורות. טאָמער זאָגט איר צו זיי: גזלנים, לאָזט אָפּ מיט די שווערע שטייערן, מיט די מלחמות, מיט די אָנשיקענישן, וואָס פאַר-סמען דאָס לעבן פון לעבעדיקן דור — גלאָצן זיי פרום מיט די אויגן:
— וואָס הייסט אָפּלאָזן? און וואָס איז מיט די קומענדיקע דורות? צי ווייסט איר דען נישט, אַז אַלץ וואָס מיר טוען איז נאָר כדי צו באַוואָרענען די קומענדיקע דורות?

וועט איר זיי דאָך אוודאי ענטפערן, אַז דער קומענדיקער דור שטייט נישט אין דער ריי נאָך אַ שיכון, ער בעט נישט ביי אייך קיין ברויט, דערוויל דאַרף ער נאָך נישט קיין פאָר שיך, קיין לערן-ביכל. דאַקעגן דער איצטיקער דור שטייט יאָ אין דער ריי נאָך אַ שיכון, און ער וויל שוין עסן, און ער דאַרף שוין אַ פּאָר שיך און נאָך אַזעלכע חומרדיקע זאַכן...

וועט מען אייך אויף אַזעלכע ווערטער ענטפערן, אַז איר הייבט נישט אָן

צו פאַרשטיין די פּראָצעסן פון דער געשיכטע. אָט נעמט אַ שטייגער אַ פּויער, וואָס וויל איבער אַ יאָר שניידן די תבואה — צי וועט ער קענען שניידן תבואה, אויב ער וועט נישט מיסטיקן דאָס פעלד און אַריינלייגן אין דער ערד לעבעדיקע קערנער? איז ווי אַזוי מיסטיקט מען די פעלדער פון די קומענדיקע דורות און ווי אַזוי פאַרזייט מען די קומענדיקע דורות? פאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אַז כדי צו מיסטיקן און פאַרזייען די פעלדער פון די קומענדיקע דורות מוזט איר אָקערן און פאַרזייען מיט דעם איצטיקן דור...

אָט דאָס אַלץ דערצייל איך אַנטקעגן אַ שמועס, וואָס איך האָב זיך צוגעהערט ביי אַ געשלאָסן פּענצטערל פון אַן אַרבעטס־אַמט, ווו דער באַאַמטער האָט פאַר אַן אַרבעטסלאָזן אויפגעקלערט די פּראָצעסן פון דער געשיכטע פון דעם קומענדיקן דור אין מדינת ישראל.

דער אַרבעטסלאָזער איז געווען שרעקלעך פּראָזאַאיש און איבערהויפּט נישט גענומען אין אַכט די היסטאָרישע פּראָצעסן. ער האָט גערעדט ווי דער גרעסטער עם־הארץ, אַז דעם מינדסטן זין פאַר וויזיע. אין שטוב, האָט ער געזאָגט, האָט ער אַ פרוי מיט דריי קינדער. ווילן דאָס ווייב און קינדער יעדן טאָג עסן. און ער אַליין — איז ער זיך מודה — איז אויך שלאָף אויף דער זעלבער קראַנקייט, וואָס טאָמער עסט ער נישט — קלעמט אים אונטערן האַרץ און רק עס גלוסט זיך אים חלשן. און נאָך אַ שוואַכקייט האָבן זיין פרוי און זיינע קינדער, וואָס אין אָוונט ווילן זיי נישט זיצן אין דער פינצטער. מער פעלט זיי נישט, נאָר עלעקטרישע באַלייכטונג! איז פון וואַנען זאָל ער נעמען עלעקטרישע באַלייכטונג, אויב ער האָט נישט צו באַצאָלן דעם אַלטן חשבון און מען האָט אים אָפּגעשלאָסן דעם עלעקטרישן שטראָם? נאָר די חוצפּה פון די קינדער דערגייט אַזוי ווייט, אַז ווען מען שיקט זיי אַהיים דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געבראַכט דעם אָפּצאָל פאַר העפטן און מילך — שרייען זיי: טאַטע, גיב געלט! באַשר זיי שעמען זיך פאַר אַנדערע קינדער, וואָס ברענגען יאָ דעם אָפּצאָל. דעריבער — האָט דער אַרבעטלאָזער געזאָגט — בין איך געקומען אַהער, איר זאָלט מיר געבן אַ ביסל אַרבעט, וואָרום איך קען שוין נישט מער — און ער מאַכט אַ צייכן מיטן פינגער איבערן האַלדז, ווי ער וואָלט זיך חלילה געוואָלט שעכטן.

ענטפערט אים דער באַאַמטער, אַז ער פאַרשטייט זייער גוט, אַז ווייב און קינדער ווילן עסן און אַז מען עסט נישט גלוסט זיך חלשן. נישט מער, די רעגירונג קען נישט פון זיך באַשאַפן אַרבעט.

פאַרוואָס זשע ווערן יאָ באַשאַפן אַנדערע זאַכן? — וויל וויסן דער אַרבעטסלאָזער — אַ שטייגער רייכע בנינים, אויטאָס, רייזעס קיין אויסלאַנד און נאָך אַזעלכע גרויסע אונטערנעמונגען.

ענטפערט דער באַאַמטער: די רעגירונג האָט צו זאָרגן נישט בלויז פאַר דעם דור, נאָר דער עיקר פאַר דער צוקונפט, וואָרום מיר, ווי איר קוקט אונדז אָן, זענען נישט מער ווי אַ דור המדבר, אַ קיבוץ־גלויות פון פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס איינער איז פון האָצעפּלאָץ און דער צווייטער פון איישישאָק, וואָס יעדער

רעדט אַן אַנדער לשון און טראַכט נאָר וועגן שיכּון, אַ שטיקל מעבל און אנדערע נאַרישקייטן. אָבער דער קומענדיקער דור! — דער באַאַמטער האָט פרום פאַר־גלאָצט די אויגן און אַ שמייכל געטאָן — דער קומענדיקער דור איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש... איר וועט זען, וואָס פאַראַ פיינער דור עס וועט זיין דער קומענדיקער! איך זאָג אייך, איר וועט דעמאָלט זען, וואָס פאַראַ קלוגע רעגירונג מיר האָבן היינט געהאַט און וואָס פאַראַ מחיהדיקע פּאָליטיק זי האָט געפירט... ווען איר זאָלט האָבן אַ שטיקעלע וויזיע, וואָלט איר אָנגענומען פאַר ליב אייער איצטיקן צריך; איר וואָלט געפילט דאָס ליכט אפילו ווען מען שליסט אייך אָפּ די עלעקטריע און איר וואָלט פאַרשטאַנען, אַז פאַר דעם קומענדיקן דור לוינט אפילו אונטערצוהונגערן, וואָרום דער עיקר, קינדערלעך, איז די צוקונפט. אונדזער גאַנצע צוקונפט ליגט אין דער צוקונפט... איצט פאַרשטייט איר שוין וואָס פאַראַ שווערע משא עס טראָגט אונדזער רעגירונג?

זאָגט דער אַרבעטסלאָזער: איך בין אַ שטאַרקער בעלן צו זען דעם קומענדיקן דור, פאַר וועלכן עס טראָגט אַזאַ שווערע משא אונדזער רעגירונג. און עס איז מיר אַ ביטערער רחמנות אויף איר. איצט פאַרשטיי איך שוין פאַר־וואָס זי האַלט זיך אַזוי ביי דער מאַכט; פאַרוואָס זי האָט איינגעפירט צנע און אָפּגעשאַפט צנע; פאַרוואָס זי האָט איינגעפירט דאָלאַר־קורסן און זי שאַפט אָפּ דאָלאַר־קורסן; פאַרוואָס זי האָט אָפּגעשאַפט דעם אַלטן פּלאַן און אויסגעאַרבעט אַ נייעם פּלאַן; פאַר וואָס זי שיקט שליחים און ברענגט צוריק שליחים. איצט איז שוין פאַר מיר אַלץ קלאָר ווי אַ ליכטיקער מאַי־טאָג. אָבער איך בין אַ גרויסער בעלן צו זען דעם קומענדיקן דור, פאַר וועלכן די רעגירונג אַרבעט אַזוי שווער און ביטער. וואָלט איך וועלן פון איר, פון דער רעגירונג, הייסט עס אַראָפּנעמען אַ ביסעלע לאַסט, עס זאָל איר זיין לייכטער צו טראָגן. איך בין טאַקע אַ ייד פון דעם דור המדבר, נאָר גלייבט מיר, אַז איך האָב נאָך אַ שטיקל האַרץ און איך פיל אירע שוועריקייטן, ווי זי ברעכט זיך נעבעך אונטער דער שווערער משא. וויל איך פון איר אַראָפּנעמען אַ טייל פון די לאַסטן, ס'הייסט, פון די חומרדיקע לאַסטן פון דעם איצטיקן דור פון די פירער, דערפאַר וועט דער רעגירונג זיין לייכטער צו טראָגן די משא פון די קומענדיקע דורות...

האָט דער באַאַמטער מיט דער וויזיע פון די קומענדיקע דורות אַ קוק געטאָן אויפן אַרבעטסלאָזן און געזאָגט:

— אָט מיט דעם דור גייט בויען די צוקונפט!...

8טער מאַי 1953

## האָמאָ סאַפּיענס און „כוח האדם"

ס'איז געווען אַ מאָל אַ צייט, ווען אויך דער מענטש האָט געשפּילט אַ ראָל. די גאַנצע וועלט האָט זיך געדרייט אַרום מענטש. פּונקט ווי אַלע גרויסע און שיינע זאַכן, האָט אויך דער מענטש געהאַט אַ לאַטייניש נאָמען: „האָמאָ סאַפּיענס" האָט מען אים גערופן. און אַז אַ „האָמאָ סאַפּיענס" איז חלילה קראַנק געוואָרן, זענען אפילו דאָקטוירים געגאַנגען אויף די שפּיצפינגער, מען איז זיך באַגאַנגען מיט אים ווי מיט אַן איידל געפעס. אַ דאָקטאָר איז געווען אַ שטיקל הייליקער, ווייל ער איז עוסק געווען אין היילן די העכסטע הייליקייט: דעם „האָמאָ סאַפּיענס".

און אַז ס'איז געווען אַ „האָמאָ סאַפּיענס" אַן אָרעמאַן, וואָס האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם שטעטלשן דאָקטאָר — האָט זיך חלילה דער דאָקטאָר נישט אָפּגעזאָגט צו היילן אים.

היינט לעבן מיר אין אַ פּראָגרעסיווער וועלט. פון „האָמאָ סאַפּיענס" איז געוואָרן וואָס איר ווילט, אָבער נישט קיין מענטש. היינט שיקט מען מיר צו אַ צעטל, אַז איך זאָל זיך צושטעלן צו אַ געוויסער רעגיסטראַציע און אויפן צעטל איז אונטערגעשריבן „כוח האדם" — „מענטשן־כוח", הייסט עס, אנטקעגן דעם משקל פון „מעכאַנישן כוח", אָדער דעם „כוח פון פערד", וואָס ווערט רעגיסטרירט אויף דעם זעלבן שטייגער ווי דער „מענטשן־כוח".

מענטשן האָבן אויפגעהערט צו זיין מענטשן און געוואָרן „מענטשן־מאַטעריאַל".

ווען איר זאָלט זיך אַ שטייגער באַקענען מיט דער ווירטשאַפט פון אונדזער קופּת־חולים, וואָס דאַרף זיין די פאַרקערפּערונג פון סאָציאַלער מעדיצין און וואָס ווירטשאַפטלט מיטן געזונט און לעבן פון כמעט צוויי דריטל מענטשן פון אונדזער מדינה — וואָלט איר געזען, וואָס עס איז נעבעך געוואָרן פון דעם אַמאָליקן „האָמאָ סאַפּיענס" און היינטיקן „מענטשן־מאַטעריאַל".

דער אינדיווידועלער נפש האָט אויפגעהערט עקזיסטירן און דעריבער איז אויך נישטאָ קיין אינדיווידועלער קראַנקער. היינט אָפּערירט מען מיט קאָלעקטיוו. פאַר דעם דאָקטאָר עקזיסטירט נישט קיין איינציקער קראַנקער, נאָר אַ ציפער. ער באַטראַכט אַ קראַנקן אונטערן אַספּעקט פון אַ צירקולאַר וויפל נומערן ער דאַרף אויפנעמען אַ טאָג. אין דער מיט פון אויסקלאַפּן אַ פּלייצע כאַפּט ער זיך, אַז עס איז שוין אַריבער די צייט און ער לאָזט אייך איבער אין דער מיט און הייסט אייך קומען אַ צווייט מאָל. און אויב ער ווייסט שוין יאָ וואָס אייך איז — האָט ער ווידער אַ צירקולאַר, וואָס פאַר אַ רפואה ער מעג

אייך געבן, עס זאָל קאָסטן ביליק. ווארום איר מיט אייער מיחוש זענט נישט אין זכר אין מאָסקווע — עס וואָרט אַ קאָלעקטיוו.

טאָמער וואָלט איר זיך אַמאָל באַקענט מיט דער רשימה פון די ווונדערלעכע רפואות, וואָס די וויסנשאַפט שטעלט איצט צו, און זי פאַרגלייכן מיט דער רשימה פון רפואות, וואָס ווערן פאַרשריבן אין קופּת־חולים אַ שטייגער — וואָלט איר געזען ווי נידעריק עס איז געפאַלן דער „האָמאָ סאַפּיענס", ס'איז שוין נישט קיין „האָמאָ" און נישט קיין „סאַפּיענס", נאָר אַ ווייטיק אין האַרץ, דאָס ביליקסטע פון ביליקן. מען לאַכט זיך אויס פון מענטש און מען לאַכט זיך אויס פון די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. פאַר אונדזער סאָציאַלער מעדיצין עקזיסטירט נישט די וויסנשאַפט און עס עקזיסטירט נישט דער אינדיווידועלערליידנדיקער, נאָר צירקולאַרן וועגן דעם „מענטשן־מאַטעריאַל".

ווען איך האָב געהאַט געפרעגט אַ מומחה, פאַרוואָס באַהאַנדלט אַזוי די סאָציאַלע מעדיצין דעם קראַנקן, נישט רעכענענדיק זיך מיט יעדן פּאַציענט באַזונדער און ווענדט נישט אָן די בעסטע היילמיטלען — האָט מיר דער מומחה געזאָגט: ווען מען זאָל וועלן באַהאַנדלען יעדן קראַנקן אַזוי ווי עס באַהאַנדלט אַ קראַנקן אַ סאָלידער פּריוואַטער דאָקטאָר, וואָלט מען נישט געקענט בויען די פּראַקטישע בנינים.

פרעג איך דעם מומחה: וואָס פאַרא נאָך פּראַקטישערער בנין קען זיין ווי דאָס שנעלע געזונט מאַכן אַ מענטש? אַ כפּרה דער פּראַקטישער בנין, אבי פאַרקירצן די ליידן פון אַ מענטשלעך נפש.

זאָגט ער צו מיר, אַז איך בין נישט קיין פּראָגרעסיווער מענטש. דער עיקר, זאָגט ער, איז פונאַנדערבויען זיך. די בנינים זענען דאָך פאַרן קאָלעקטיוו! און קודם־כל דאַרף מען זאָרגן פאַרן קאָלעקטיוו.

זאָג איך צו אים: צי האָט איר געפרעגט די מאַסע ליידנדיקע אין דעם קאָלעקטיוו צי זיי ווילן בעסער לוקסוס־בנינים, אָדער אַ ראַדיקאַלע רפואה פאַר זייער קראַנקייט?

האָט מיר דער מומחה ווידער געענטפערט, אַז איך טראַכט נישט מאָדערן, איך טראַכט אינדיווידואַליסטיש, איך זע צו פיל דעם איינציקן מענטש און זע נישט דעם קאָלעקטיוו.

האָב איך דעם מומחה דערציילט אַ געשיכטע, וואָס האָט געטראָפן מיט מיר אַליין. און די מעשה איז געווען אַזאַ:

איך בין אַמאָל געווען צוגאַסט ביי אַ געוויסן אָנגעזעענעם מאַן מיט זייער פּראָגרעסיווע השקפות. ביים מיטאָג איז געקומען צו רייד וועגן די ליידן פון מענטשן. האָט מיר מיין גאַסטגעבער אַרויסגעזאָגט זיין פּראָגרעסיווע מיינונג, אַז אין מדינה־מאַסשטאַב קען מען נישט נעמען אין באַטראַכט די ליידן פון איינצלנעם מענטש. „אַז מען האַקט האָלץ — פאַלן שפּענער". דער עיקר איז צוגרייטן פאַר די קומענדיקע דורות.

האָב איך געזאָגט, אַז אַט זענען מיר אויך איינער פון די „קומענדיקע דורות". די פאַרגאַנגענע דורות האָבן געטראַכט אַז זיי זענען נישט וויכטיק, נאָר

וויכטיק איז דאָס גליק פון די „קומענדיקע דורות", דאָס הייסט מיר, אין היינטיקן דור — און זעט ווי מיר זעען אויס. איז וואָלט אפשר בעסער געווען מען זאָל אָנהייבן טראַכטן וועגן זיך, באַזאָרגן די ליידנדיקע און אומגליקלעכע אין היינטיקן דור, פאַר זיי שאַפן אַ בעסער לעבן, צוהערן זיך צו די ליידן פון יעדן מענטש. אפשר וועט אויך דורך דעם אַרויסקומען מער גליק פאַר די דורות, וואָס דאַרפן ערשט קומען?

האָט זיך מיין גאַסטגעבער שטאַרק אויפגערעגט: ווי קען דאָס אַ פּראָגרעסיווער מענטש טראַכטן אַזוי רעאַקציאָנער? ווי קען מען דאָס אין געשיכטלעכע פּראָצעסן זען די ליידן פון אַן איינצלנעם מענטש. ניין! מיר דאַרפן טראַכטן נאָר מיט קאַטעגאָריעס פון קאָלעקטיוו, וווּ דער יחיד איז נישט מער ווי אַ שפּענדל...

אַזוי ווי דער שמועס איז פאָרגעקומען ביים עסן און דער גאַסטגעבער האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט מיט מיינע רעאַקציאָנערע השקפות, האָט ער נעבעך שלעכט פאַרדייעט דאָס עסן און באַקומען קראַמפּן.

האָט איר געדאַרפט זען, וואָס ס'איז אַרויסגעקומען פון אַלע פּראָגרעסיווע השקפות פון מיין גאַסטגעבער! אין איינע צען מינוט איז פאַרשוווּנדן דער קאָלעקטיוו, עס זענען פאַרשוווּנדן די קומענדיקע דורות, עס איז נעלם געוואָרן די תורה „אַז מען האַקט האָלץ — פאַלן שפּענער", אַלע געשיכטלעכע מאַסשטאַבן האָבן זיך איינגעשרומפּן, הימל און ערד האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם בייכעלע פון מיין גאַסטגעבער. קיין שום רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונגען, קיין שום סאָציאַלע רעוואָלוציעס וואָלטן אויף דעם שטערן פון גאַסטגעבער נישט אַרויסגעבראַכט אַזוי פיל ביטערע שווייסטראָפּנס, ווי די קראַמפּן פון זיין אינדיווידועלן מאָגן. ער האָט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און געקרעכצט, נישט ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ פאַרדאַרבן אינדיווידועל מעגעלע, נאָר ווי ער וואָלט געגאַנגען צו־קינד מיט צוואַנציק קומענדיקע דורות און אפשר נאָך מער.

פאַרשטייט זיך, אַז כאָטש מיין גאַסטגעבער איז אַ מיטגליד אין קופּת־חולים, האָט מען גערופן אַ פּריוואַטן דאָקטאָר; און דערביי האָב איך אויסגעהערט אַ סאַרקאַסטישע באַמערקונג, אַז קופּת־חולים איז אַ „קופּע חולים" און אין אַן ערנסטן ענין איז גלייכער צו רופן אַ פּריוואַטן דאָקטאָר...

*

איך זאָג דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם, וואָס ביי אונדז (און דאָס איז איצט אין דער מאָדע אויף דער גאַנצער וועלט) האָט מען אויפגעהערט זען דעם מענטש. דער אינדיווידועלער מענטש, דער יחיד ווערט בטל בששים אין דער וועלט, וואָס ער אַליין שאַפט.

אַט האָט מען איינגעפירט אויף דער וועלט און טיילווייז אויך ביי אונדז ספּעציעלע טעג אין יאָר: „אַ טאָג פאַר דער מוטער", „אַ טאָג פאַרן קינד", „אַ טאָג פאַרן ים", „אַ טאָג פאַר דער מדינה", „אַ טאָג פאַר דער אַרמיי", „אַ טאָג

פאַרן אַרבעטער". עס זענען פאַראַן לענדער, ווו עס זענען אויך איינגעפירט „אַ טאָג פאַרן פערד", „אַ טאָג פאַרן הונט" און אַנדערע וויכטיקע „טעג".

און אַט האָט דער ראש העיר פון חיפה, אבא חושי, היינטיקע וואָך איינגעפירט „אַ טאָג פון בלומען".

ס'איז טאַקע אַ שיינער טאָג, אַ נאָבעלער טאָג. בלומען זענען אַ שיינקייט פאַרן אויג, אַ צאַרטקייט פאַר דער נשמה; אַ פּאָר בלומען הינטערן פענצטער — און די וועלט ליגט אייך צופוסנס. אַ פּאָר בלומען אויפן טיש — און אין שטוב איז יום־טובדיק.

דאָס איז אַלץ זייער שיין.

אָבער איך וויל וויסן ווען וועט באַשטימט ווערן „אַ טאָג פאַרן מענטש", כאָטש איין טאָג אין יאָר פאַרן מענטש! כאָטש אויף איין טאָג זאָל מען זען, אַז אַ קאָלעקטיוו ווערט צונויפגעשטעלט פון טויזנטער, פון מיליאָנען יחידים; אָבער אין יעדן יחיד קלאַפּט אַ באַזונדער הארץ, אַז יעדער איינער ליידט באַזונדערע פיזישע און גייסטיקע ליידן, אַז יעדער מענטש איז אַ גאַנצע וועלט און אַז ער איז דער טאַטע און די מאַמע פון אַ קומענדיקן דור און אַז אויך אים קומט כבוד, אַז ער איז נישט „מענטשן־כוח", אָדער „מענטשן־מאַטעריאַל", נאָר ער איז דער „האָמאָ סאַפּיענס", דער הויפּט פון דער וועלט אויפן טראָן פון אייביקייט.

וואָרום לאָמיר זיך נישט אָפּנאַרן: די אַלע „טעג"־פייערונגען גייען אַרום דעם מענטש. מען מיינט נישט אים דירעקט, מען מיינט דעם געשטאַלטלאָזן קאָלעקטיוו, דעם „מענטשן־מאַטעריאַל", דעם „כוח האדם", דעם „מענטשן־כוח" אַנטקעגן משקל Horse-Power — דעם „פערד־כוח".

כל זמן מען וועט נישט זען דעם מענטש, דעם איינס, וואָס שטעלט צונויף די גרויסע ציפער פון קאָלעקטיוו — וועט דער „טאָג פון דער מוטער" זיין דער סימבאָל פון דער פאַבריקאַציע פון קינדער פאַר מלחמה־אַרמייען; דער „טאָג פונעם אַרבעטער", דער 1־טער מאַי, וועט זיין נישט מער ווי אַ גענעראַלער איבערבליק, איבער דער מאַסע, וואָס מען קען עקספּלואַטירן; דער „טאָג פון קינד" — וועט בלייבן דער איבערבליק איבער דעם אויפוואַקסנדיקן „מענטשן־מאַטעריאַל" ווי הארמאַטן־פלייש און דער „טאָג פון בלומען" וועט באַווייזן, אַז אפילו אַ בלום באַקומט מער אויפמערקזאַמקייט ווי עס באַקומט דער מענטש.

ערשט ווען די אַלע טעג פון זעלבפאַרבלענדעניש וועלן פאַרביטן ווערן אויף „טעג פאַרן מענטש" — וועט צוריקגעשטעלט ווערן דער כבוד און אַנזען פון דעם „האָמאָ סאַפּיענס", וואָס פאַר אים און נאָר פאַר אים איז די גאַנצע וועלט; און ערשט דעמאָלט וועט אויך דער קאָלעקטיוו זיין גליקלעכער, זיין לעבן — לייכטער און שענער, ווייל עס וועט זיין דער קאָלעקטיוו פון דעם מין מענטש און נישט דער קאָלעקטיוו פון „מענטשן־מאַטעריאַל".

22טער מאַי 1953

## פּעטש לכבוד דעם סאָציאַליסטישן משיח

קיין כעלעם האָט אַמאָל דערגרייכט אַ ידיעה, אַז משיח קומט־אָן; און אַז משיח קומט, וועט ער דאָך אַוודאי קומען קודם־כל קיין כעלעם.

האָבן זיך די כעלעמער יידן אָנגעהויבן גרייטן אויפצונעמען משיחן: ווער עס איז געלאָפן אין מקווה אַריין, ווער עס האָט זיך געזעצט זאָגן תהלים און אַנדערע האָבן גאָר אויסגעקאַלעכט די שטיבער, אויסגעקערט די גאַס, אויסגערייניקט די קוימענס. עפּעס אַ קלייניקייט? משיח קומט אָן קיין כעלעם!

זענען זיך צונויפגעקומען די שבעים חכמים פון כעלעם און זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן ווי אַזוי ק״ק כעלעם דאַרף באַגעגענען משיחן.

האָט איינער געזאָגט: מען דאַרף אים באַגעגענען מיט ברויט און זאַלץ.

און אַ צווייטער האָט געזאָגט: מען דאַרף אים אַנטקעגן פאָרן מיט אַ קאַטש מיט דריי פערד נאָ־שפּיץ.

און אַ דריטער האָט געזאָגט: מען דאַרף אים אַנטקעגן גיין מיט מוזיק.

האָט איינער געענטפערט: עס איז אַ בזיון. מיט ברויט און זאַלץ האָט מען דאָך אויפגענומען דעם כראָביע ימח שמו. איז שוין זשע, להבדיל, וועט זיך כעלעם נישט פאַרגינען אויף אַ גרעסערן כבוד פאַר משיחן?

האָט אַ צווייטער געזאָגט: דריי פערד נאָ־שפּיץ וועלן רייסן סכנות נפשות. און היות ווי משיח וועט דאָך קומען אויף אַן אייזל און אַן אייזל רייסט דאָך נישט, קוים ער רירט זיך, וועט זיך משיח, חלילה, שלעכט פילן צוליב זיין קאָמוניקאַציע.

האָט אַ דריטער געזאָגט:

אויך מיר אַ קבלת־פּנים מיט מוזיק! אויף דער אָרעמסטער חתונה שפּילט דאָך מוזיק. איז וואָס איז דאָס פאַרא קבלת־פּנים פאַר משיחן?

האָט מען זיך ווידער געזעצט טראַכטן און מען האָט געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט, ביז איינער פון די שבעים חכמים האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש:

— איך האָב!

— וואָס האָסטו?

— מען וועט אויפשטעלן אַ טויער, דורך וועלכן משיח וועט אַריינרייטן קיין כעלעם.

האָבן זיך די איבעריקע ששים ותשעה חכמים אויפגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט אַ התלהבותדיקן:

— הא, ס׳איז גוט!

האָט מען געלאָזט רופן יאַנטל דעם סטאָלער און אים געזאָגט:

— אין דער אותו רגע זאָלסטו זיך שטעלן בויען אַ טויער פון טויער־לאַנד, וואָרום נישט קיין אַנדערער, נאָר דער סאָמאָראָדנער משיח דאַרף אַריינפאָרן קיין כעלעם!

— אויף וועלכן אָרט זאָל מען אָוועקשטעלן דעם טויער? — פרעגט יאַנטל.

זענען די שבעים חכמים מבולבל געוואָרן: טאַקע דורך וועלכער זייט וועט משיח אַריינפאָרן? אַז ער וויל קאָן ער אַריינפאָרן מיט דער לובלינער גאַס; און אַז ער וויל קאָן ער אַריינפאָרן מיטן וועג פון רובעשאָוו, אָדער גאָר פון קאָוולע.

האָט מען זיך ווידער אָוועקגעזעצט טראַכטן און מען האָט זיך דער־טראַכט: היתכן? פון וואַנען ווייסן עס די חכמים, אַז משיח וועט אַריינפאָרן מיט אַ פּאַראַדנעם וועג. פאַרקערט, עס לייגט זיך מער אויפן שכל, אַז משיח וועט אויסקלייבן די אָרעמע געסלעך, אַ שטשאָנקעלע, אַ זייטיק וועגל, אַ שטעגל וכדומה.

און קהל האָט אויסגעפירט. האָט גאַנץ כעלעם אָנגעהויבן בויען טריאומף־טויערן: אַ טויער דאָ און אַ טויער דאָרט. אַ טויער אויף רעכטס און אַ טויער אויף לינקס. אַ טויער אין דער קרום און אַ טויער גלייך. און יעדער איז געווען זיכער, אַז דווקא דורך זיין טויער וועט משיח אַדורכגיין; און דעריבער האָט ער אַריינגעהאַקט זיין טויער פּאַפּעריק צו דעם טויער פון זיין שכן. איז געקומען אַן אַנדערער און אַריינגעהאַקט זיין טויער פּאַפּעריק אין דעם פּאַפּעריק פון דעם פריערדיקן פּאַפּעריק, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז מען האָט זיך אָנגעהויבן שלאָגן: וואָס הייסט עפּעס דו פאַרסט מיר אַריין פּאַפּעריק אין מיין טויער פאַר משיחן? אָבער כעלעמער עקשנים האָבן אפילו אין מיטן שלאָגן זיך געבויט. ביז אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט זיך די שטאָט אַרומגעזען אַז זי איז פאַרקנאַקט. פון אַלע טויערן איז אויסגעוואַקסן איין פלאָנטערוואַנט אַרום דער שטאָט, אַז נישט בלויז משיח וועט נישט האָבן דורך וואָנען אַריינצופאָרן, נאָר אפילו סטעפּאַן, להבדיל, וועט נישט האָבן ווו אַרום אַריינצופירן אַ קערצל קאַרטאָפל אין שטאָט אַריין.

צי דערמאָנט איך נישט די מעשה־כעלעם אונדזערע אייגענע כעלעמער, וואָס האָבן געדאַרפט אַריינפירן דעם סאָציאַליסטישן משיח קיין ארץ־ישראל?

אַז דער סאָציאַליסטישער משיח וועט קומען — איז דאָך קלאָר. פאַר אונדזערע משיח־ברענגער איז אָבער אויך קלאָר געווען, אַז דער סאָציאַליסטישער משיח וועט אריבערשפּרינגען לענדער און פעלקער און צו ערשט אַריינמאַרשירן קיין ארץ־ישראל. ערשט פון דאַנען וועט ער אויך גיין אין אנדערע לענדער, וואָרום מציון תצא תורה. אַזוי איז געווען אין די צייטן פון די נביאים און אַזוי וועט זיין אין די צייטן פון די מאַרקסיסטישע נביאים. סאָציאַליזם וועט זיך אָנהייבן ביי אונדז און מיר וועלן ווייזן דער וועלט וואָס פאַר אַ פּנים סאָציאַליזם

דאַרף האָבן. וואָרום זיי, די גויים, רחמנא ליצלן, ווייסן דאָך נישט מיט וואָס מען עסט סאָציאַליזם...

האָבן זיך אונדזערע חכמים אַוועקגעזעצט טראַכטן ווי אַזוי אויפצונעמען דעם סאָציאַליסטישן משיח. האָט איינער געזאָגט, אַז ער וועט דאַרפן אויפגענומען ווערן דורך „סולל-בונה"; אַ צווייטער האָט געזאָגט, אַז נאָר דורך די קיבוצים; אַ דריטער האָט אפילו געהאַלטן, אַז קופּת-חולים וועט אים דאַרפן אויפנעמען, וואָרום ער וועט דאָך קומען אַ פאַרוווּנדעטער דורך די גויים און מען וועט אים דאַרפן געבן אַ שפּאַר ביסל אַספּירין, כדי אים צוריקשטעלן אויף די פיס...

זענען אַלע שבעים חכמים געווען אייניק, אַז קומען — קומט ער. אויפ־נעמען דאַרף מען אים. און אויפנעמען וועט אים די הסתדרות. דאָס איז קלאָר. ווען אָבער דאָס אַלץ איז שוין געווען קלאָר און עס איז שוין אפילו פעסטגעשטעלט געוואָרן דער טערמין ווען ער דאַרף קומען — „אין אונדזער דור", פאַרשטייט זיך — איז אַרויסגעשוווּמען די פראַגע וועגן אויפשטעלן אַ טריאומף-טויער. איז פון וועלכער זייט וועט ער אָנקומען? צי וועט ער אָנקומען מיטן מאָסקווער וועג, אָדער ער וועט אָנקומען מיט לאָנדאָנער שאָסיי און אפשר גאָר מיטן וואַשינגטאָנער טראַקט?

וואָלטן אונדזערע סאָציאַליזם-פּירער געקענט די כעלעמער מעשיות, וואָלטן זיי באַשלאָסן: אויס טויער! נישטאָ קיין טויער! זאָל דער סאָציאַליסטישער משיח אַריינקומען דורך וועלכער זייט ער וויל — אַבי ער זאָל זיין. אָבער אַזוי ווי אונדזערע סאָציאַליזם-פּירער זענען צו שטאָלץ אויף צו לערנען כעלעמער מעשיות — האָבן זיי, ווי דער שטייגער איז, נאָכגעטאָן כעלעם למעשה.

זאָגן די קאָמוניסטן: משיח וועט קומען מיטן מאָסקווער וועג און מען דאַרף בויען דעם טריאומף-טויער אויף לעניניסטיש-סטאַליניסטישע פונדאַ־מענטן.

זאָגט מפא"י: אַ קרענק! משיח וועט קומען פון לאָנדאָן. נאָר כדי אַמעריקע זאָל זיך נישט באַליידיקן, וועט מען דעם טויער בויען פון אַמעריקאַנער קאָנ־סערוון-פּושקעס, באַצירט מיט קראַנצן פון דאָלאַרן.

שרייט מפ"ם: חלילה. די אַמעריקאַנער פּושקעס און די דאָלאַרן-קראַנצן זענען גראַד אַ גוטע זאַך, נאָר דעם טויער דאַרף מען בויען מיט איין פוס אויפן מאָסקווער וועג און דעם צווייטן פוס איינשטעלן פּאַפּעריק, מען זאָל האָבן דעם איינדרוק, אַז ער געפינט זיך אויך אויפן אייראָפּעאישן וועג. וועט דאָס זיין ווי יענער חסיד מיטן אונטערגעשוירענעם בערדל: ביים רבין איז ער אַ חסיד צוליב דער זיידענער זשופּיצע און ביי די פרייע איז ער אַן אַפּיקורס צוליבן אונטערגעשוירענעם בערדל...

קומט סנה און שרייט: „קאַראַאול!" נאָר מיטן וועג פון מאָסקווע וועט אָנקומען משיח. און דאָס וואָס די מפ"ם וויל — איין פוס פון טויער אויפן מאָסקווער וועג און דעם צווייטן פוס פּאַפּעריק אויפן אייראָפּעאישן וועג — איז בלאָף. דאָס מיינען זיי אָפּצונאַרן דעם עולם. אייגנטלעך מיינען זיי דעם גלייכן פוס אויפן

מפא״ישן וועג און דעם פּוס פּאַפּעריק אויפן רוסישן וועג, כדי צו מאַכן דעם אָנשטעל און בלאָפן די רעוואָלוציע.

און היות ווי די קריגעריי צווישן מפ״ם און סנה האָט געמאַכט אַן איינדרוק אין שטעטל און צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון קהל, האָט זיך ווידער מפא״י דערשראָקן, אַז מען קען אַמאָל אָנהייבן לייקענען אין איר טויער, אַז דורך אים וועט טאַקע אַריינמאַרשירן דער סאָציאַליסטישער משיח. זענען זיך צונויפגעקומען אירע חכמים און געטראַכט און זיך דערטראַכט: אַ קרענק מפ״ם און אַ קרענק סנה, צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן. נאָר דורך אונדזער טויער וועט אַריינמאַרשירן דער סאָציאַליזם. איי, איר זאָגט, אַז מיר בויען אַ טויער פון אַמעריקאַנער קאָנסערווון־פּושקעס, מיט דאָלאַרן־קרענץ — וועלן מיר אויפן טויער אויפהענגען רויטע פענער, מיליטערישע אָרקעסטערס וועלן שפּילן דעם „אינטער־נאַציאָנאַל״ און מיר וועלן האָבן מקיים געווען אַלע מצוות. און טאָמער זאָל זיך אַמאָל דער סאָציאַליסטישער משיח עקשנען, נישט וועלן אַדורכגיין דורך דעם טויער, וועלן מיר אַרויסשיקן אַ טויזנט פּאָליצייליט באַוואָפנט מיט מאַשינ־געווער, מיט גאַזמאַסקעס און טרערן־באָמבעס און מיר וועלן אים אַריינשלעפּן אַזוי ווי מיר האָבן אַרויסגעשלעפּט די חברה פון קיבוץ יפתח. נישקשה, היינט האָבן מיר די מאַכט און מיר וועלן זיך נישט לאָזן בלאָזן אין דער קאַשע. מיט כוח וועלן מיר אַריינשלעפּן דעם סאָציאַליזם דורך אונדזער טויער.

האָבן יידן געזען, אַז די זאַך האַלט טאַקע ביי אַט־אַט און, אויפן שטייגער פון כעלעם, האָט יעדער פּאַר זיך אָנגעהויבן בויען אַ טויער. וואָרום אויב ער גייט — מוז ער נישט גיין דורך די פּאַראַדנע וועגן. ער קען אויך גיין דורך עין־חרוד, דורך יפתח, דורך כסופים, דורך יעדן קיבוץ באַזונדער. און מען בויט אַיין טויער נעבן צווייטן. און איינער בויט אַריין פּאַפּעריק אין דעם צווייטנס טויער. און אַז יידן בויען טויערן פאַר משיחן גיט מען זיך פייערדיקע קלעפּ, מען שלעפּט ביי די פּיס, מען רייסט זיך ביי די האָר, מען האַקט זיך אַןביילן און מען מאַכט „פלעקן״ אונטער די אויגן. עס איז פריילעך, שלאָג, מאַטל, משיח גייט!

אָבער אין דעם גאַנצן טראַסק, אין דער געקלאַפּעריי, אין די געשלעגן און אין די בלוטיקע מלחמות זעט נישט כעלעם, אַז דאָס שטעטל איז שוין אַזוי אַרומגעקלאַפּט מיט פּלאָנטער־טויערן, אַזוי פאַרפּאַרקנט און פאַרדרייט, אַז ווען אפילו דער סאָציאַליסטישער משיח זאָל איצט באמת וועלן קומען קיין ארץ־ישראל — וועט ער נישט האָבן, ווו אַדורכצוגיין; און טאָמער וועט ער זיך דאָך אַדורכרייסן — קען ער צופעליק אַריינפאַלן אין אַ קיבוץ און אַריינכאַפּן אַ קלאַפּ אין די הייליקע געשלעגן פאַר זיין כבוד וועגן, פאַרן כבוד פון סאָציאַליסטישן משיח...

5טער יוני 1953

# די צעריבענע מאַפּע

נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווען פאַניע האָט אַריינגעכאַפּט קלעפּ, פלעגן יידן אין די שטעטלעך חוזקן פון דער גבורה פון רוסישע גענעראַלן. זיי האָבן זיך דערציילט אַ געשיכטע, ווי אַזוי דער צאַר ניקאָלאַי האָט איין מאָל אַריינגערופן איינעם פון זיינע בעסטע גענעראַלן און אים באַפוילן:

— שוין זאָלסטו נעמען דייך אַרמיי און גיין פירן מלחמה!

האָט דער גענעראַל אַרויסגעכאַפּט די שווערד און ער איז גרייט צו לויפן. שטעלט אים אָפּ דער צאַר און פרעגט אים:

— בהמה, ווו לויפסטו? קעגן ווועמען ווועסטו קעמפן? קעגן וואָס ווועסטו קעמפן?

— ריכטיק! — שרייט־אויס דער גענעראַל — איך ווייס טאַקע נישט קעגן ווועמען איך זאָל קעמפן. קעגן ווועמען זשע זאָל איך קעמפן, אדוני צאַר?

האָט אים דער צאַר געגעבן אַ מאַפּע און אים אָנגעזאָגט, אַז דאָס לאַנד אויף דער מאַפּע, וואָס איז אַרומגעצייכנט מיט גרינלעכער פאַרב זאָל ער איינ־נעמען און באַהערשן.

— באַפעל, אדוני צאַר! — קלאַפּט־צו דער גענעראַל מיט די שטיוול און רוקט אַריין די מאַפּע אין דער כאָלעווע.

און דער גענעראַל מיט דער מאַפּע אין דער כאָלעווע פון שטיוול פירט זיינע זעלנער — ראַז־דוואַ־טרי! ראַז־דוואַ־טרי! און אַז מען קלאַפּט מיט די שטיוול אין מאַרש, הייבט זיך די מאַפּע אין דער כאָלעווע; אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס רייבן זיך אָפּ פון דער מאַפּע טייכן, בריקן, בערג, וועגן, דערפער און שטעט, עס רייבט זיך אָפּ אַ גאַנץ לאַנד און עס הייבן זיך אָן אָפּרייבן אויך אַנדערע לענדער — אַ וועלט־פאַרניכטונג קומט פאָר אין דער כאָלעווע... און דער גענעראַל פירט זיינע חיילות ביז ער קומט צו צו אַ זומפּ — נישט אַהער און נישט אַהין.

נעמט דער גענעראַל אַרויס די מאַפּע צו זען, ווו ער איז אין דער וועלט און ער דערזעט: נישטאָ קיין טייכן, קיין בריקן, קיין בערג און וועגן קיין שטעט זענען נישטאָ, קיין לאַנד איז נישט בנמצא, נאָר אַ גראָער צעריבענער פלעק.

טוט זיך דער גענעראַל אַ פּאַטש אין בויך און שרייט אויס צו זיינע סאָלדאַטן מיט טריאומף:

— יעי באָגו! — גיט אַ קוק, רעביאַטאַ, וואָס פאַר אַן אַרמיי מיר פאַרמאָגן: אַן איין שאָס אַן איין אָפּענסיווע — און דעם שונאס לאַנד איז צעריבן אויף אש און בלאָטע. זאָל לעבן אונדזער צאַר! זאָל לעבן אונדזער זיגערישע אַרמיי! הוראַ, הוראַ! מיר זענען די שטאַרקסטע אַרמיי אויף דער וועלט!

אַט אין דעם צאַרישן גענעראַל האָב איך זיך דערמאָנט, װען איך האָב געלייענט אין איינער אַן ערנסטער העברעאישער צייטונג אין תל־אביב אַ „קריטיקע" פאַר וואָס „קול ישראל" האָט איינגעפירט אַן אָפּטיילונג צו באַקענען די צוהערער מיט אַנגעזעענע יידישע שרייבער פון מזרח־אייראָפּע. באשר, זאָגט די צייטונג, דאָס מזרח־אייראָפּעאישע יידנטום האָט בכלל נישט געהאַט קיין קולטור און עס איז נישטאָ װעגן וואָס צו רעדן. עס איז לא דובים ולא יער. עס איז גאָרנישט מיט נישט. איי, ס'איז דאָרט יאָ געװען עפּעס אַ שטיקל מגיד — האָבן די תימנער יידן אין תימן אויך געהאַט חשובע יידן און די יידן אין איראַק האָבן אויך געהאַט חשובע יידן. איז וואָס עפּעס זיך אַנגעכאַפּט אַן יידישע שרייבער פון מזרח־אייראָפּע? אַמער, אַנשטאָט צו רעדן װעגן עפּעס אַ פיקציע יידישע קולטור, יידישע סופרים פון מזרח־אייראָפּע, זאָל „קול ישראל" ליבערשט איינ־װאָרצלען די צוהערער אין דער ישראל־קולטור...

אַמאָליקע צייטן האָט מען געװוסט, אַז אַ ייד, וואָס קען לשון־קודש — איז אַ ייד, וואָס קען זיך אויס אין די שוואַרצע פינטעלעך, אַ יודע־ספר און אַוודאי אַ תלמיד־חכם. איז װער זאָל זיך דאָס ריכטן, אַז מיר װעלן דערגיין צו אַזאַ מדרגה, אַז אַ ייד װעט קענען שרייבן אַ גוטן לשון־קודש און דאָך זיין דער לעצטער עם־הארץ, וואָס ביי אַנדערע פעלקער װאָלט מען אים אַנשטאָט געלאָזט שרייבן אין אַ צייטונג — געגעבן אין דער האַנט אַריין אַ לייטער מיט אַ בעזעם און — גיי זיי אַ קוימענקערער.

װאָרום צי דערמאָנען איך נישט אַזעלכע עם־הארצישע װערטער װעגן דעם פאַרגלייך פון דער יידישער מזרח־אייראָפּעאישער קולטור מיט דער קולטור פון די תימנער און איראַקישע יידן — אין יענעם צאַרישן גענעראַל, וואָס ביי אים אין שטיוול האָט ער „פּאַרניכטעט" לענדער און פעלקער?

אויך אונדזער לשון־קודש־שרייבער אין דער יידישער מדינה, אין אַ צייטונג מיט יידישע אותיות, האָט אַריינגענומען אין דער כאַלעװע צװעלף הונדערט יאָר יידישע קולטור אין מזרח־אייראָפּע און מאַרשירנדיק פון „כסית" ביז דער רעדאַקציע — אחת־שתים־שלוש, אחת־שתים־שלוש, האָט ער צעריבן די אוצרות פון די מזרח־אייראָפּעאישע גאונים, צדיקים, פילאָסאָפן, משכילים, די מאָדערנע יידישע שעפער, די איינגעפונדעװעטע קולטור אין די מאַסן, די קולטור־אייגנ־אַרטיקייט, וואָס איז דער גרעסטער װוּנדער װי אַזוי זי האָט געקענט אַנטשטיין אין גלות־באַדינגונגען.

און אָט די זעלבע העברעאישע צייטונג, וואָס מיט אַ פּאָר צענדלינג עם־הארצישע שורות פרעגט זי אָפּ די קולטור פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן, האָט זיך אַנומלט שטאַרק געבייזערט אויף די רוסן, פאַרוואָס אין דער סאָוויעטישער ענציקלאָפּעדיע איז אָפּגעפרעגט די עקזיסטענץ פון יידן װי אַ פאָלק. װען איך װאָלט געװען אַ סאָוויעטישער פּאַטריאָט און אַ רוס, װאָלט איך אין דער סאָוו־יעטישער ענציקלאָפּעדיע דווקא ציטירט דאָס אַרטיקל פון אָט דער העברעאישער צייטונג װי אַ באַװייז, אַז עס איז טאַקע נישט פאַראַן קיין יידישע נאַציע. װאָרום אויב דער יידישער נאַציע אין מזרח־אייראָפּע האָבן געפעלט די אַטריבוטן פון

טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע און דערצו נאָך האָבן זיי נישט געהאַט — נישט קיין שפּראַך, נישט קיין גייסטיקע קולטור און נישט קיין קולטור־אייגנאַרט — איז מיט וואָס זענען זיי אַ נאַציע?

נישט מער — ווען דאָס זאָגן רוסן, זענען זיי אַנטיסעמיטן, אָבער ווען צו דעם אויספיר קומט אַ העברעאישע צייטונג אין מדינת ישראל — איז דאָס אַ יידיש־פּאַטריאָטישע טאַט און זי פאַרדינט זיך גוט ביי דער ישראל־קולטור, וואָס איז נאָך „אויפן הימל אַ יאַריד".

ביי יידן זאָגט מען אַ ווערטל, אַז „עס איז בעסער צו זאָגן קראַנק געווען", אײדער „רייך געווען", וואָרום אַז מען איז געווען קראַנק און מען איז צוריק געזונט — איז מען צוריק אויפן פערד; אָבער אַז מען איז געווען רייך און געוואָרן אַ יורד — ליגט מען אין דר׳ערד און מען באַקט בייגל.

די מזרח־אייראָפּעאישע קולטור איז, צו אונדזער אַלעמענס אומגליק (און דאָס איז אויך דאָס אומגליק פון דעם העברעאישן עם־הארץ) געוואָרן אַ יורד. און נישט, חלילה, דערפאַר איז זי געוואָרן אַ יורד, ווייל אָט די קולטור האָט אָפּגעדאַרט, נאָר דערפאַר וואָס זי איז פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיטן פאָלק, און זי איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די, מיט וועלכע אונדזערע גאַלדמאַנס, בובערס און אַנדערע באָבערס פירן איצט אַ הייסע ליבע און „מען עסט זיך פון די פּיסקלעך".

אָבער הגם די יידישע מזרח־אייראָפּעאישע קולטור איז היינט אַן אומגליקלעכער יורד, וואָלטן מיר דאָ אין ארץ־ישראל זיך געפונען היינט אין אַ נאָך מער אומגליקלעכן קולטור־מדבר, ווען נישט די ירושה פון דער יידישער מזרח־אייראָפּעאישער קולטור.

אדרבה, נעמט נאָר אַרויס פון דער „ישראל־קולטור" די יצירה פון גלות מזרח־אייראָפּע — דעם גלויבן פון ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער, דאָס פייער פון ר׳ מענדעלע קאָצקער, די שאַרפקייט פון ווילנער גאון, די בייסיקייט פון מענדעלען, די נשמהדיקייט פון ביאַליקן, די דערהייבונג פון פּרצן, דעם אָפּטימיזם פון שלום עליכמען; נעמט אַרויס דעם ברען פון די מזרח־אייראָפּעאישע יידן — און מיר וועלן דאָ בלייבן אדם נאַקעט — אַ לעוואַנטינישער ישוב, וואָס נישט נאָר זיין מאַטעריעלע שפּייז קומט פון פרעמדע לענדער, נאָר אויך די גייסטיקע באַשפּייזונג ווערט אימפּאָרטירט פון פרעמדע לענדער און קולטורן.

דער צאַרישער גענעראַל, וואָס האָט אין דער כאַלעווע פון שטיוול אָפּגעמעקט לענדער און פעלקער פון דער מאַפּע, איז נישט באַשאַפן געוואָרן דורך רוסן. רוסן האָבן, פאַרקערט, אַרויסגעהויבן אפילו אַזעלכע פּאַגראָמשטשיקעס ווי כמעלניצקי און סוואָראָוו, כדי אויך מיט זייער הילף צו שטאַרקן די לעבנס־פונקציעס פון זייער פאָלק. און ביי אונדז, להיפך, ווערט באַשאַפן דורך יידן אַליין דער מין צאַרישער גענעראַל, וואָס צערייבט אַ קולטור אין דער כאַלעווע, כדי צו ווערן נאָך אָרעמער, נאָך שוואַכער און נאָך מער פאַרלוירן, ווי מיר זענען.

ווען ישראל זאָל שוין טאַקע האָבן אַן אייגענע רייכע גייסטיקע און מאַטעריעלע קולטור און איך זאָל זיין אַ לעוואַנטינישער כנעני־געצנדינער, וואָלט

איך נאָך אפשר צוגעלאָזט דעם געדאַנק, אַז פאַר מיין אייגנאַרטיקן „קוסעלעך"־געשמאַק זענען די קולטור־פּאַטראָוועס פונעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום אַן אַ טעם און טאַקע אויך איבעריק.

וואָרום צו וואָס, אַ שטייגער, דאַרף מען דעם גלויבן פון אַ לוי יצחק בערדיטשעווער, אויב עס איז דאָ אַזאַ גלויבן ווי אין דעם דאָלאַר. און צו וואָס דאַרף מען דאָס פייער פון אַ ר' מענדעלע קאָצקער, אויב מען קאָן אויסקנאַקן פון אַ רעוואָלווער און „מאַכן קאַלט" אויפן אָרט. און צו וואָס דאַרף מען די שאַרפקייט פון אַ ווילנער גאון — אויב איך קאָן יענעם פאַרפאָרן „דוגרי און האַלאָס". און צו וואָס דאַרף מען די בייסיקייט פון מענדעלען, אויב איינער קען בייסן דעם צווייטן. און צו וואָס דאַרף מען די נשמהדיקייט פון ביאַליקן, אויב מען דאַרף נשמה איבערהויפּט אויף כפּרות. און צו וואָס דאַרף מען די דערהייבונג פון פּרצן, אויב מען קאָן דערהייבן ווערן דורך פּראָטעקציע. און צו וואָס דאַרף מען דעם אָפּטימיזם פון שלום־עליכמען, אויב מען קען ווערן אַ שליח און זיך עלטערן אויף „השתלמות" אין חוץ־לארץ. און צו וואָס דאַרף מען איבער־הויפּט דעם ברען פון דעם מזרח־אייראָפּעאישן יידנטום, אויב עס זענען פאַראַן פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן קעגן ברענען...

אין בעסטן פאַל, אויב מען וועט וועלן זיין קולטורעל — וועט מען קויפן אַן „אָגאָניאָק", אַ „וועלט־וואָכע", אַן אילוסטראַסיאָן", אָדער גאָר אַן „אילוס־טרייטעד וויקלי". און אויב מען וועט שוין אויך וועלן מקיים זיין די מצווה פון פּאַטריאָטיזם און לייענען אין עברית — וועט מען איבערזעצן אַרציבאַשעוון, טורגעניעוון, דרייזערן, העמינגוויי און נאָך אַנדערע שרייבער פון פעלקער און לענדער. פּונקט אַזוי קען מען אויך מאַכן אַ לעבן אַן די יידישע מזרח־אייראָפּעאישע מאכלים, ווי יידישע פיש, בייגל, כרעמזלעך, קנישעס, קניידלעך, צימעס, געהאַקטע לעבערלעך, טשאָלענט, קוגל, מאָנטאשן מעגעלעך; און אָנשטאָט זיי קאָן מען עסן דענישע פּוטער, טערקישע פיש, אַרגענטינער פלייש, מעקסיקאַנער צוקער, קאַנאַדער ברויט, אַמעריקאַנער קענס, איטאַליענישע עפּל. וועט מען האָבן אַ קולטור־גאַסטראָנאָמישן אינטערנאַציאָנאַל און מיר וועלן באמת זיין דער ריכטיקער קולטור־באַסטיאָן אין דעם ווילדן מיטעלן מזרח.

זעט אויס, אַז צו אָט דעם „קולטור־אידעאַל" צילט דער שרייבער; און יענע צייטונגען, וואָס פרעגן־אָפּ די יידישע מזרח־אייראָפּעאישע קולטור, וואָס האָט אונדז צעמענטירט ווי אַ פאָלק און דערפירט ביז אַהער — זיי לייגן עס אַריין אין זייערע כאַלעוועס די מאַפּע פון דער יידישער וועלט־קולטור.

קומט דעריבער אַ יישר־כוח „קול ישראל", וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז אָן דעם יסוד פון דער יידישער מזרח־אייראָפּעאישער קולטור, וועט איבערהויפּט קיין קולטור נישט באַשאַפן ווערן אין ישראל. נאָר אויף דעם געזונטן פאָלקס־פונדאַמענט וועט זיך בויען דער נייער בנין פאַרן גאַנצן פאָלק ישראל און נישט פאַר אַ שבט כנענים.

3טער יולי 1953

## פּאַראַד... אָקסן

ערגעץ־ווו האָב איך אַמאָל געלייענט אַ געשיכטע, ווי אַזוי אַ ייד האָט צוואַנציק יאָר נאָך דער חתונה איין מאָל געזאָגט צו זיין ווייב:

— קום, כאַנטשע, לאָמיר זיך אָפּשמועסן אויף אַן אָוונט הינטער דער שטאָט. דו וועסט זיך היטן פאַר מענטשן און זיך אַרויסשלייכן דורך די הינטער־געסלעך; איך וועל מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך גיי דאַווענען מנחה־מעריב און זיך אויך אַרויסשלייכן פון דער שטאָט, אַז קיינער זאָל מיך נישט באַמערקן. דאָרט וועלן מיר זיך ביידע אַריינפּאַלן אין די אָרעמס און זיך שווערן אייביקע ליבע.

צי געדענקסטו נישט די זיסע שרעק, וואָס מיר האָבן דעמאָלט איבער־געלעבט און געמרוימט צו קענען זיין אונטער איין דאַך? צי געדענקסטו נישט ווי אַזוי דו ביסט אַ באַרוועסע געשפּרונגען דורכן פענצטער, ווען טאַטע־מאַמע זענען געשלאָפן, און האָסט זיך אויסגעלינקט אַ פוס, אַלץ כדי צו טרעפן זיך מיט מיר? אוי, וואָס פאַראַ האַרציקע ראָמאַנטיק! וואָס שייך מיר, געדענק איך נאָך די זיסע מינוטן, ווען אויפן וועג צו טרעפן זיך מיט דיר זענען מיר גויאישע הינט באַפאַלן און מיר אָפּגעריסן אַ פּאָלע. האָב איך זיך געטראַכט: איך האָב אייך אין דר׳ערד מיט דער פּאָלע, אַבי איר לאָזט מיך אַרויס אַ לעבעדיקן צו מיין כאַנטשען. דעמאָלט האָבן מיר ווי צוויי גנבים געגנבעט — איך האָב געגנבעט אַ שעמעוודיקן קוש ביי דיר און דו האָסט געגנבעט אַ צניעותדיקן קוש ביי מיר; און ביי דער לבנה און שטערן האָבן מיר זיך געשוווירן אייביקע ליבע. און דערנאָך, אַהיימגייענדיק, האָבן אונדז שקצים באַוואָרפן מיט שטיינער און איך האָב באַקומען מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ, אַז נאָך ביז היינט האָב איך אַ שראַם אויף דעם אָרט. צי געדענקסטו וואָס פאַראַ שיינע גליקלעכע צייט דאָס איז געווען? נו, און דערנאָך די אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע פעטש, וואָס דו האָסט באַקומען פון דיין טאַטן!

איי, ווו נעמט מען די גליקלעכע ראָמאַנטישע צייטן! קום, כאַנטשע, לאָמיר זיך אויף היינט אָפּשמועסן הינטער דער שטאָט...

אָט אַזאַ מין שטייגער אינסצעניזירטע איבערחזרונג פון די ראָמאַנטישע מאַנדאַט־צייטן אין ארץ־ישראל זעט מיר אָפּטמאָל אויס די היינטיקע ווירק־לעכקייט אין ישראל.

דעמאָלט האָט איבער ארץ־ישראל געמלכותט דער ענגלענדער. ער האָט געמאַכט „עוצר" און פאַרשפּאַרט יידן אין די הייזער — אָבער אַלע פּאַרטייען זענען געזעסן אין אַ קאָאַליציע און זיך געשוווירן אייביקע ליבע. ער האָט געבראַכט סחורה, כדי צו שטערן די אַנטוויקלונג פון דער יידישער אינדוסטריע.

האָבן יידן אַרויסגעלאָזט אַ לאָזונג „תוצרת הארץ" און מען האָט געבויט פאַבריקן. און טאָמער האָט אַ ייד געבויט אַ הויז און געבראַכט פון חוץ לארץ וואַנעס און שויבן — האָט מען די וואַנעס צעבראָכן און די שויבן צעבראָזגעט. וואָס הייסט עפּעס תוצרת־חוץ, ווען יידן דאַרפן בויען אַן אייגענע אינדוסטריע אין ארץ־ישראל ?! און אַז דער ענגלענדער האָט פאַרמאַכט די טויערן פון לאַנד — האָבן אין די פינצטערע נעכט צוגעשלאָגן וואַנדלענדיקע שיפן צו ברעגעס און יידן זענען געלאָפן אין וואַסער, כדי אַנדערע יידן אַרויסצוטראָגן אויף די פּלייצעס און זיי אַוועקפירן צו זיך אַהיים און זיי אָפּטרעטן זייער אייגן בעט. וואָס הייסט עפּעס פאַרמאַכט טויערן פון ארץ־ישראל ?!

און אין די קיבוצים האָט געהערשט שלום ושלווה. און די יוגנט האָט געפלאַטערט מיט גלויבן. און קרן קימת האָט אויסגעלייזט באָדן. און טאָמער האָט דער ענגלענדער אַדמיניסטראַטיוו פאַרמאַכט הינטער די קראַטן אַ פּאָר יונגע־לייט — האָט דער ישוב געפיבערט. און טאָמער האָט דאָס „ווייסע בוך" נישט דערלויבט צו לייגן וואַסער־רערן צו אַ קיבוץ אין נגב, האָבן רבנים מתיר געמאַכט צו אַרבעטן אום שבת און אַן „עבודות ציבוריות" און אַן נאַרמעס זענען איבער שבת געלייגט געוואָרן די רערן.

און אַלץ צוליב וואָס? אַלץ פאַר דער גאולה; אַלץ כדי די ליבע צווישן יידן זאָל נישט דאַרפן זיין אַ געגנבעטע; אַז יידן זאָלן קענען פריי אַריינקומען אין זייער לאַנד און אַנדערע יידן זאָלן קענען פריי פאַרלייגן זייערע בעטן פאַר די וואָס זענען געקומען נע־ונד; און כדי קיין שום מאַכט זאָל מער נישט קענען כלפּי יידן אַנווענדן אויסנאַם־געזעצן, אַדמיניסטראַטיוון אַרעסט, אָדער אַנטאָן אַנדערע צרות; אַז יידן זאָלן קענען פריי בויען זייער אינדוסטריע און נישט דאַרפן מורא האָבן, אַז עמעצער וועט זיי שטערן דורך אַריינפירן תוצרת־חוץ; אַז קרן קימת זאָל מער נישט אויסלייזן באָדן, נאָר דער גאַנצער באָדן זאָל געהערן בלויז צו אונדז; אַז נישט קיין פּקיד זאָל הערשן איבער אונדז, נאָר אַז אַלץ זאָל געמאַכט ווערן מיט חלוצישן ברען.

ווי האָט געזאָגט יענער ייד? דער טרוים צו קענען זיין אונטער איין דאַך. זאָל עס קאָסטן אַ פּאַלע, זאָל עס קאָסטן אַ שטעקן איבערן קאָפּ און אָטעם־פאַרכאַפּנדיקע פּעטש — עס לוינט!

הייב איך איצט אָן פאַרשטיין ווי ווינציק עס האָט פאַרשטאַנען יענער ייד, וואָס האָט געוואָלט איבערחזרן ראָמאַנטיק אַן יוגנטלעכער התלהבות; און נישט אָפּגעשאַצט דאָס גליק פון היים, פון רו, פון יענער האַרמאָניע, וואָס דאַרף שוועבן איבער יעדן דאַך.

וואָרום אָט קומען פאַר פאַר אונדזערע אויגן אינסצעניזירטע איבער־חזרונגען פון יענער ארץ־ישראל ראָמאַנטיק פון די מאַנדאַט־צייטן, אָבער אָן יענער הייליקער האַרצקלאַפּעניש, אָן יענעם נשמה־ציטער, אָן יענער קרבנות־גרייטקייט, וואָס האָט די גרעסטע געפאַרן פאַרוואַנדלט אין טרוימערישן גליק, וואָס האָט געגעבן אַ זין יעדער טאַט.

**און ווי יעדע אינסצעניזירטע איבערחזרונג — איז אויך די איבערחזרונג ווי אַ נאָרמאַל פּנים אין אַ קרומען שפּיגל.**

**און אָט זעט וואָס פאַר אַ פּנים דאָס האָט און ווי די אינסצעניזאַציע זעט אויס אין דער צייט, ווען די מאַכט אין לאַנד ווערט געפירט דורך די, וואָס זענען אַליין געזעסן אין לאַטרון אויפן גרונד פון אויסנאַם־געזעצן:**

„אויפן גרונד פון אויסנאַם־געזעץ זענען צוויי פאַרהאַלטענע, שמואל הלוי און יוסף מענקעס, אַדמיניסטראַטיוו אַריינגעזעצט געוואָרן אויף דריי חדשים, נאָך דעם, ווי די פּאָליציי האָט נישט באַוויזן צונויפצוזאַמלען קעגן זיי באַווייזן".

(פון דער פּרעסע)

„קרן קימת" האָט אָפּגעקויפט ביי דער ישראל־רעגירונג אַ ריזיקן שטח באָדן".

(פון דער פּרעסע)

**עס הייסט: מען אינסצעניזירט דאָס אויסלייזן באָדן — פון דער אייגענער מדינה פאַר — דער אייגענער מדינה...**

„מיטן פאַרשיטן דאָס לאַנד מיט דייטשע סחורות פון די צאָלונגען, וועט צעשטערט ווערן די ישראל־אינדוסטריע".

(פון דער פּרעסע)

**און „חרות" פאָדערט שוין אין אַ לייט־אַרטיקל צו שאַפן אַ פאַרבאַנד צו שיצן די אינלענדישע פּראָדוקציע, אַזוי ווי דאָס איז געווען ביי די ענגלענדער...**

**וואָרום אָט האָט מען דאָך אויף אַ נאָווינע געבראַכט פון אויסלאַנד אַ טראַנספּאָרט טאָמאַטן־קאָנסערוון — אַ פּאָר טעג נאָך דעם, ווי מען האָט אַרויס־געוואָרפן אויפן מיסט צוויי הונדערט טאָן טאָמאַטן.**

**און מען ברענגט פאַרטיקע ווייסע פאַרטעכער, אין דער צייט ווען פאַבריקן אין ארץ־ישראל זאָגן אָפּ אַרבעטער, וואָס נייען קאָנפעקציע.**

**ס'איז האָפּליע אַ לעבן!**

און כדי אָפּצושרייען די גזירה פון מלכות וועגן פרויען־דינסט, האָבן די טעכטער פון אגודת ישראל אַרויסגעלאָזט אַ קול קורא צו אַלע טעכטער פון ישראל, זיי זאָלן יעדן טאָג זאָגן צען פּרקים תהלים לויט דער ריי און יעדן טאָג מוסיף זיין די פּרקים כ' און מ"ד.

**וואָס זשע זאָגט זיך אין אָט די פּרקים?**

**זאָגט זיך דאָרט צווישן אַנדערן:**

**יענך ד' ביום צרה. און דער רבונו־של־עולם וועט דיר ענטפערן אין טאָג פון נויט.**

**יתן לך כלבבך וכל עצתך ימלא — דער רבונו־של־עולם וועט דיר אַנטקעגנקומען לויט דעם ווי דו ביסט אין הארץ, און דיין יעטוועדער באַראַט וועט ער דערפילן.**

**ד' הושיעה המלך יעננו ביום קראנו — העלף גאָט, זאָל דער קעניג אונדז ענטפערן אין דעם טאָג, ווען מיר רופן.**

און אין קאַפּיטל מ״ד, וואָס אַ יידישע טאָכטער אין ישראל דאַרף זאָגן יעדן טאָג, כדי אָפּצושרייען די גזירה פון ממשלת ישראל, זאָגט זיך צווישן אַנדערן אַזוי:

נחשבנו כצאן טבחה — מיר ווערן באַטראַכט ווי שאָף צו דער שחיטה.

עורה, למה תישן, אדוני, הקיצה, אל תזנח לנצח — כאַפּ זיך אויף, פאַרוואָס שלאָפסטו, גאָט, וואַך אויף פאַרלאָז אונדז נישט אויף אייביק.

קומה עזרתה לנו ופדנו למען חסדך — שטיי אויף, העלף אונדז און ליז אונדז אויס פון דיין חסד וועגן.

פון וועמען דאַרף דאָס אונדז דער רבונו־של־עולם אויסלייזן? פון די הענט פון דער יידישער רעגירונג?

אָט דאָס קאַפּיטל תהלים איז איינגעקריצט אין זכרון פון יעדן ייד, ווייל יידן פלעגן עס שטענדיק זאָגן אין גלות אין צייטן פון פּאָגראָמען, גזירות, נגישות און רדיפות...

נו, איז ווי געפעלט אייך עפּעס די „אינסצעניזירטע ראָמאַנטיק" אויפן פינפטן יאָר פון גאולה?

אָבער איר זענט נאָך נישט פאַרטיק. די פּרעסע דערציילט אויך, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט אין סאַראַפּענד געשטעלט ווערן אַ טעראָריסטישע גרופּע פאַר אַ מיליטעריש געריכט.

און דאָס איז ווידער אינסצעניזירטע „ראָמאַנטיק" פון די פּראָצעסן קעגן לח״י און אצ״ל.

דאַכט זיך, און עס ווילט זיך דאַכטן, אַז דאָס איז נישט די ווירקלעכקייט. אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ בייזער חלום. אַז ווי נאָר מען וועט זיך אויפכאַפּן וועט מען קענען זאָגן דעם אַלטן יידישן שפּרוך: „אויף וויסטע פעלדער און וועלדער! און זאָל עס זיין פאַר אַן אָפּקומעניש".

וואָרום וועלכער חסר־דעה האָט אין יענער ראָמאַנטישער צייט געקענט גלייבן, אַז ווען עס וועט קומען דער טאָג פון גאולה, וועט אַ יידישע רעגירונג אַדמיניסטראַטיוו איינזעצן יידן? אָדער אַזאַ משונהדיקער איינפאַל, אַז די ערד, וואָס איז באַפרייט געוואָרן פאַרן יידישן פאָלק, זאָל נאָך אַמאָל „אויסגעלייזט ווערן" פון די הענט פון דער יידישער רעגירונג דורך „קרן קימת". אָדער אַז יידן וועלן דאַרפן שיצן זייער נאַציאָנאַלע אינדוסטריע קעגן דייטשע סחורות, געבראַכטע פון אַ יידישער רעגירונג. אָדער אַז יידן וועלן קעגן דער יידישער רעגירונג זאָגן דאָס קאַפּיטל תהלים, וואָס זיי האָבן געזאָגט אין אַן עת צרה אין גלות. אָדער אַז פון די וואַנדלענדיקע שיפן, פון וועלכע יידן האָבן אַנדערע יידן אַראָפּגענומען אויף די פּלייצעס — וועט איינגעפירט ווערן אַ קוואָטע פאַר יידן דורך אַ יידישער רעגירונג! אַז פון דעם ווי די יידן האָבן אָפּגעגעבן זייערע בעטן פאַר נע־ונדע ברידער, וועט זיך אויסלאָזן, אַז איין ייד וויל אויפעסן דעם צווייטן. אַז פון חלוציזם און קיבוצים וועט זיך אויסלאָזן, אַז אַ מפּא״יניק וועט נישט טאָרן הויזן אונטערן דאַך פון קיבוץ המאוחד און אַ מפּ״מניק וועט ארויס־

געפירט ווערן מיט פּאָליציי פון אַ מפא״ישן קיבוץ. און אַז פון דעם גאַנצן פלאַם און ברען וועט זיך אויסלאָזן אַ רויך.

און ווער האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן, אַז אויפן פינפטן יאָר פון גאולה זאָל דער „דבר״ שרייבן וועגן באַאַמטע פון דער יידישער מדינה, אַז אויב שטרייקן, ווייל מען שלעפּט אָפּ זייערע שכירות, איז אַ סימן, אַז זיי זענען נישט לאָיאַל צו זייערע אויפגאַבן אפילו ווען מען צאָלט זיי רעגולער...

און פונקט ווי דאָס קאַפּיטל תהלים מ״ד דערמאָנט אונדז געוויסע צייטן אין גלות, אַזוי דערמאָנט אויך דאָס לייט־אַרטיקל אין „דבר״ וועגן דער לאָיאַליטעט פון יידישע אָנגעשטעלטע און מדינה־אַפּאַראַט, אין אַ געוויסן נוסח פון גויאישע רעגירונגען כלפּי יידן.

גאָט מייִנער, וואָס פאַראַ שרעקלעכע ענלעכקייטן!

ניין, ניין, איך גלייב נישט, אַז וועלכער עס איז ייד זאָל מסכים זיין אויף אַזעלכע „אינסצעניזירטע ראָמאַנטיזמען״. ווייל איך נישט קיין אינסצעניזאַציע און קיין ראָמאַנטי.מען, נאָר איך וויל ליבערשט אַ גרויע אַרבעטזאַמע ווירקלעכקייט פון טאָג־טעגלעכער אַרבעט, אָן ראָמאַנטיק, אָן די קלינגענדיקע ווערטער, אָן די פייערווערק, וואָס דאַרפן שאַפן דעם רויך צו פאַרשטעלן דעם טראַגיזם פון אונדזער לעבן.

ווערט דערציילט אַ מעשה ווי איין מאָל איז אין שול אַריינגעלאָפן דער שמש און אויסגערופן:

— יידן, משיח גייט!

האָט אַ ייד מפסיק געווען און אַ געשריי געטאָן:

— אוי, אַ בראָך האָט מיר געטראָפן!

פרעגט מען דעם ייד: וואָס איז אייך געשען? ענטפערט ער: שטעלט אייך נאָר פאָר — מיר האָבן אין שטעטל אין גאַנצן צוויי גבאים; און טאָמער שעכט מען אפילו צען אָקסן, הייבט זיך אָן אַ מעשה מיט אַ טאַקסע, מיט אַ קאַראָבקע, אַז מען קען צו קיין ביסן פלייש נישט דערגיין. ערשט מאָלט אייך, וואָס עס וועט געשען ווען משיח וועט קומען און אויף איין אייִנציקן שור־הבר וועלן זיך וואַרפן אַלע גבאים פון פאָלק ישראל. איז וואָס פאַראַ טאַקסע וועט דאָס דעמאָלט זיין?!

איז אויב משיח וויל — זאָל ער קומען, נאָר די שליטה פון די גבאים זאָל ער פריער צונעמען, כדי עם ישראל זאָל נישט אַריינפאַלן אין דער גאולה מיט דער אַלטער טאַקסע און קאַראָבקע...

און הלוואי זאָל אויך אונדזער גאולה באַפרייט ווערן פון דעם „ראָמאַנטישן רעקוויזיט״ פון אויסנאַם־געזעצן, פון קוואָטעס קיין ישראל, פון מיליטער־געריכטן, פון „אויסלייזן״ אויסגעלייזטן באָדן, פון דעם, אַז יידן זאָלן זאָגן קאַפּיטלעך תהלים קעגן גזירות — פון דעם אַלץ, וואָס איז געבליבן בירושה פון דעם נציב העליון. און דערפאַר זאָל צוריק אויפגיין יענער פלאַם און יענער גלויבן, וואָס האָט דעם ישוב באַגלייט ביז דער גאולה.

און דעמאָלט וועלן מיר אַלע צרות דערמאָנען אין פריידן.

10טער יולי 1953

# אַז די ערד דרייט זיך

אין אַמאָליקע אויפקלערונג־יאָרן אין די קליינע שטעטלעך, ווען מען איז „געגאַנגען צום פאָלק", ווען מען האָט „ליכטיק געמאַכט אין די מוחות פון די מאַסן", איז איין מאָל געקומען אין אַ שטעטל אַריין אַ יונגער־מאַן מיט לאַנגע האָר און מיט אַ שוואַרצן שניפּס, און זיך אַוועקגעשטעלט רעדן אין דעם שניידער־שולכל וועגן וויסנשאַפט. די קליינשטעטלדיקע יידן פון יענער צייט האָבן אפילו נישט געוווסט, וואָס איז דאָס אַזוינס וויסנשאַפט. זיי האָבן געוווסט: אַ פּרשה חומש, אַ פּרק משניות, אַ יום תהלים, אַ בלאַט גמרא וכדומה. אָבער וויסנשאַפט? ווי זעט עס אויס — די וויסנשאַפט? וואָס פאַר אַ טעם האָט זי און וואָס פאַר אַ ברכה מאַכט מען איבער איר?

פון דעם יונגען־מאַן מיט די לאַנגע האָר האָבן בלויז געהערט די נאַאיווע יידן, אַז „וויסנשאַפט איז מאַכט"; אַז „וויסנשאַפט פירט צו פּראָגרעס"; אַז „וויסנשאַפט ברענגט ליכט און פאַרטרייבט די פינצטערניש"; אַז „וויסנשאַפט וועקט אויף דעם מענטש פון שלאָף"...

זענען יידן צעטומלט געוואָרן. נישט אַנדערש, אַז דער יונגער־מאַן איז געקומען אין דעם שניידער־שולכל פרעגן רעטענישן און קיינער ווייסט דאָ נישט וואָס צו ענטפערן. וואָרום טאַקע ווי קען דאָס זיין, אַז איין זאַך זאָל אויפטאָן אַזוי פיל זאַכן? עפּעס אַ מאָדנע זאַך די וויסנשאַפט: אויב מאַכט — ווייסט יעדער איינער, אַז די מאַכט אין שטעטל איז יעפים ניקאַפאָראָוויטש פלושקין און נישט עפּעס אַ וויסנשאַפט. און אויב צו דער פאַפּיראָסן־פירמע „נאַבעלס" אָדער „פּראָ־גרעס", ווי ער זאָגט דאָרט — פירט צו איר יאָסלס בויד, וואָס גייט צוויי מאָל אַ וואָך קיין ראַטשיבאַי, און נישט עפּעס אַ באַלעגאָלע וויסנשאַפט, וואָס קיינער האָט נישט געהערט און קיינער ווייסט נישט פון אים. און שוין אין גאַנצן חסר־דעה איז דער יונגער־מאַן, ווען ער זאָגט „אַז וויסנשאַפט ברענגט ליכט און פאַר־טרייבט פינצטערניש". זינט די וועלט איז אַ וועלט ווייסט יעדער איינער, אַז אויב עס איז טאָג — איז ליכטיק; און אויב ביינאַכט איז פינצטער, איז נישטאָ עפּעס בעסער ווי אַ גבירישער בליצלאָמפּ; און אויף גיין אין דרויסן האָט אַ ייד אַ לאַמטערן. אָבער וויסנשאַפט, וואָס ברענגט ליכט — דאָס איז סתם אַ ווילדע אויסטראַכטעניש. און איצט מיטן „אויפוועקן", איז נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. אַ נייער וועקער — וויסנשאַפט. יידן ווייסן, אַז צו סליחות און צו עבודת הבורא וועקט אויף דער שמש; און זומער־לעב וועקט אויף דאָס קרייען פון די הענער.

הכלל, דער יונגערמאַן מיט די לאַנגע האָר מיינט דאָ נישט די הגדה, נאָר

די קנײדלעך. זאָל ער שוין אויסזאָגן, וואָס פאַר אַן אַנשיקעניש ס׳איז אַט די וויסנשאַפט און וואָס פאַרא רעטעניש פרעגט ער דאָ!

איז מען צוגעשטאַנען צום יונגען־מאַן: אַזוי־און־אַזוי, מיר זענען יידן בעלי־משפחות, פאַרנומענע מענטשן און דו באַלעבאַטשעסט דאָ אַ לעטניק מיט עפּעס אַ וויסנשאַפט. רעד קלאָרע דבורים, אָדער טראָג זיך אַרויס פון שולכל.

האָט זיך דער יונגער־מאַן דערשראָקן און אָנגעהויבן געבן משלים, כדי צו דערקלערן וואָס דאָס איז אַזוינס וויסנשאַפט:

— וויפל איז צוויי מאָל צוויי? — פרעגט דער יונגער־מאַן.

— פיר! — שרייט־אויס דער עולם.

— זעט איר — זאָגט דער יונגער־מאַן — דער חשבון פון „צוויי מאָל צוויי איז פיר״ איז מאַטעמאַטיק און מאַטעמאַטיק איז וויסנשאַפט. און איצט, ווייסט איר אַז די ערד איז קיילעכדיק און זי דרייט זיך. איז אויב זי דרייט זיך, קומט אויס, אַז אײן מאָל אין מעת־לעת גייען מיר מיטן קאָפּ אַראָפּ. און אויב מיר ברעכן נישט הענט און פיס, ווען די ערד דרייט זיך איבער קאַפּויער, איז נאָר צוליב דעם מאַגנעס אין דער ערד. איר פאַרשטייט? דער מאַגנעס ציט־צו און לאָזט נישט אַראָפּפאַלן צו אַל די שוואַרצע יאָר. הכלל, יידן, צו דערגיין ווי אַזוי אַט דער מאַגנעס אַרבעט איז וויסנשאַפט.

האָט די מעשה מיטן מאַגנעס אָנגעהויבן אַרײנקריכן אין די קעפּ. און אַז עפּעס גייט אַריין אין קאָפּ, הייבט מען אָן שטעלן פראַגן און יידן האָבן דווקא געוואָלט וויסן אין וועלכער צייט פון טאָג גייט מען דאָס מיטן קאָפּ אַראָפּ.

זאָגט דער יונגער־מאַן: צוועלף אַזייגער בײנאַכט.

ווערט צווישן עולם אַ טומל. זיי האָבן גאָרנישט געוווּסט, אַז יעדע נאַכט, ווען זיי ליגן אין די בעטן שטייט פאַר זיי די סכנה, אַרויסצופאַלן פון די בעטן און ברעכן האַלדז און נאַקן. איז אַ יישר־כוח דעם מאַגנעס, וואָס ראַטעוועט יידן פון צו ווערן קאַליקעס. אָבער אַז די יידן פון שניידער־שולכל האָבן שוין געכאַפּט דאָס וויסן, האָבן זיי זיך אָפּגעשמועסט, אַז, אם ירצה השם, צוועלף אַזייגער בײנאַכט וועלן זיי זיך אַרײנבאַקומען צו די גבאים פון שטעטל און פון אונטער זייערע בעטן אַרויסגנבענען דעם מאַגנעס און מען וועט מיטן אייבערשטנס הילף פּטור ווערן פון דער טאַקסע אויף פלייש און פון טייערער קרקע אויפן בית עלמין...

*

מיט אָט דער מעשה וויל איך חלילה נישט אָנרירן אונדזערע לייט, וואָס ווערליק זייער אמת און שטאַנד זענען זיי די ממונים און די ווייסער פון וויסנשאַפט. אויב אָבער אין דעם ווייטערדיקן וועלן קומען געוויסע אַנאַלאָ־גיעס, אין דאָס נאָר דערפאַר, וואָס אויך ביי אונדז איז די וויסנשאַפט געוואָרן אַזאַ מין „מאַגנעס״, וואָס דאַרף אָדער מיך האַלטן, אָדער אַ צווייטער זאָל מיר דעם מאַגנעס אָפּנעמען פון אונטערן בעט גראָד, ווען די ערד שטייט קאַפּויער מיטן קאָפּ אַראָפּ...

עס איז אַ צייט אַזאַ, אַז ווען עס לוינט, איז וויסנשאַפט פּאָליטיק און ווען איר דאַרפט דאָס האָבן, איז פּאָליטיק וויסנשאַפט. און דעריבער האָבן מיר היינט נישט סתם וויסנשאַפט, וויסן, נאָר מיר האָבן וויסנשאַפט מיט אַ ווײדעלע — פּראָגרעסיווע וויסנשאַפט, רעאַקציאָנערע וויסנשאַפט, אימפּעריאַליסטישע וויסנ־שאַפט. און עס זענען אויך פאַראַן אַזעלכע, וואָס אַ גאַנץ יאָר גלאַצן זיי מיט די אויגן צו וויסנשאַפט. אָבער ווען דאָס איז זיי נייטיק — פּרעגן זיי איבערהויפּט אָפּ די וויסנשאַפט און — עס איז נישטאָ קיין פּולס, פּולס איז נישט מער ווי אַ בלאָף.

אַז מען דאַרף — איז גריכיש אַ וויסנשאַפט. און אויב מען דאַרף — איז עקאָנאָמיע נישט קיין וויסנשאַפט. אויב עס לוינט — איז פּלאַנירונג נישט קיין וויסנשאַפט און כאַאָס איז די גרעסטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונג...

איך מיין, אַז די גרעסטע אַנערקענטע וויסנשאַפט וואָלט געווען פאַר די דאָזיקע לייט, ווען זיי זאָלן קענען „אָפּערנעמען דעם מאַגנעס פון אונטער די בעטן" פון די קאָנקורענטן אין דעם מאָמענט, ווען דער ערד־קײַלעך געפינט זיך מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אַך, ווי דאָס וואָלט געווען וויסנשאַפט!

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס עס איז היינטיקע וואָך געשען: די „מזרחי"־פעדעראַציע אין אַמעריקע האָט אין ישראל געלייגט דעם ווינקלשטיין פון דער אוניווערסיטעט אויפן נאָמען פון בר־אילן ז"ל. דאָס וועט זיין אַן אוניווערסיטעט פאַר עקזאַקטע וויסנשאַפטן, ווי כעמיע, אַנטראָפּאָלאָגיע, פיזיק, מאַטעמאַטיק און אַזוי ווייטער; און ביי דער געלעגנהייט וועט מען דאָ אויך לערנען אַ בלאַט גמרא.

מען קען נישט זאָגן, אַז אונדזער לאַנד איז רייך מיט ערשט־קלאַסיקע לערן־אַנשטאַלטן. שוין נישט רעדנדיק, אַז מיר האָבן ווייניק פּשוטע פאַכשולן, האָבן מיר זיכער גאָר ווייניק לערן־אַנשטאַלטן, צו דערציען די נייטיקע צאָל אַקאַדעמיקער, וואָס זענען אַ ברכה פאַר יעדן לאַנד און באַזונדער פאַר אונדזער לאַנד, וואָס איז ביים אַנהייב פון אויפבוי. אַנשטאָט אונדזער יוגנט זאָל אַרומ־בלאָנקען אין פרעמדע אוניווערסיטעטן און די עלטערן דאָ אין לאַנד זאָלן דאַרפן אָפּקלאַפּן די טירן פון פינאַנץ־מיניסטעריום אויף צו באַקומען אַ פּאָר דאָלאַר פאַר זייערע קינדער אין אויסלאַנד — איז וואָס קען זיין בעסער ווי דאָס, אַז אונדזער יוגנט זאָל האָבן אַ מעגלעכקייט צו לערנען זיך דאָ אין לאַנד?

איז אויב עס קומט אַ פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג און בויט־אויף אַן אוניווערסיטעט פאַר עקזאַקטע וויסנשאַפטן — וואָלט מען איר געדאַרפט זאָגן אַ יישר־כוח און העלפן מיט אַלע מעגלעכקייטן. איי, וועט איר זאָגן, דאָ, אין בר־אילן אוניווערסיטעט, וועלן זיך לערנען בלויז פרומע יונגע־לייט — טאָ זאָלן זיי געזונט און שטאַרק זיין. אַן אַנטראָפּאָלאָג, צי אַ כעמיקער, אָדער פיזיקער, וואָס קען אַ בלאַט גמרא, איז גאָרנישט קיין שלעכטע זאַך, פאַרקערט, אַ בלאַט גמרא שאַרפט דעם מוח. און אַ פיזיקער, אָדער כעמיקער, וואָס איז אַן עם־הארץ אין יידישן וויסן איז גאָרנישט קיין יחוס. איך האָב נאָך נישט געזען, אַז גמרא זאָל עמעצן שטערן אין עקזאַקטע וויסנשאַפטן. איך ווייס, אַז די

ערשטע אַקאַדעמישע אינטעליגענץ ביים פּוילישן יידנטום אַ מאָל, איז גראָד געקומען פון דער ישיבה און אַ טייל פון דער דאָזיקער אַקאַדעמישער אינטע־ליגענץ זענען געוואָרן פּראָפעסאָרן אין פרעמדע אוניווערסיטעטן.

בין איך געקומען אויף דער פייערונג פון לייגן דעם ווינקלשטיין פון דער בר־אילן אוניווערסיטעט און איך האָב זיך געריכט דאָ צו טרעפן פּראָ־פעסאָרן פון דער ירושלימער אוניווערסיטעט, דעם פּרעמיער־מיניסטער, וואָס טראָגט אַן אַקאַדעמישן ערן־טיטל דווקא פון אַ רעליגיעזער אַקאַדעמיע. און אוודאי האָב איך געהאָפט דאָ צו טרעפן דעם בילדונגס־מיניסטער, וואָס זיין אויפגאַבע איז דאָך צו זאָרגן פאַר דער בילדונג אין לאַנד. ער, דער בילדונגס־מיניסטער, וואָלט דאָך אויף אַזאַ פייערלעכקייט געדאַרפט זיין דער ערשטער.

וואָרום וואָס? צי איז אונדזער בילדונגס־מיניסטער שוין זאַט מיט אוני־ווערסיטעטן, מיט הויכשולן אין ישראל? צי האָט ער שוין דערגרייכט דעם ציל פאַר בילדונג אין ישראל?

מען קען דאָך נישט זאָגן, אַז די ירושלימער אוניווערסיטעט שטייט אויף דער געהעריקער בילדונגס־מדרגה און אָרגאַניזאַציאָנעלן ניוואָ. זינט דער הר הצופים געפינט זיך אין גלות, איז אויך די ירושלימער אוניווערסיטעט אין גלות — „טערא סאַנטאַ״. שוין יאָרן ווי מען רעדט וועגן בויען אַ נייעם אוני־ווערסיטעט־צענטער און מען בלייבט דערווייל ביים רעדן. מען האָט דורך דער צייט פון רעדן אויפגעבויט פּראַכט־בנינים פאַר אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן, וואָס זענען, חלילה, נישט געווען אַן אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר בלויז צוליב לוקסוס און סנאָביזם פון אויפגעקומענע גבירים האָט מען די פּאַלאַצן געבויט. בלויז די ירושלימער אוניווערסיטעט, די צענטראַלע הויכשול אין מדינת ישראל, דאַרף זיך „אָפּקווּעטשן די ביינער״ אין צופעליקע נישט צוגעפּאַסטע לאָקאַלן. און קינדער פון ישראל דאַרפן פאָרן זיך לערנען קיין אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך און אפילו אין דעם פאַרשאָלטענעם דייטשלאַנד, נאָר דערפאַר ווייל די ירושלימער אוניווערסיטעט קען זיך נישט אַנטוויקלען צו די ווירקלעכע אַקאַדעמישע באַדערפעניש פון דער מדינה.

איז אויב די לייטונג פון ירושלימער אוניווערסיטעט און די רעגירונג האָט ביז איצט נישט געקענט פאַר דער ירושלימער הויכשול שאַפן די נייטיקע באַדינגונגען — האָבן זיי געדאַרפט באַגריסן די איניציאַטיוו פון דער אַמע־ריקאַנער „מזרחי״, וואָס האָט געשאַפן די מיטלען פאַר נאָך אַן אוניווערסיטעט אין ישראל. וואָס מער הויכשולן אין אַ לאַנד אַלץ העכער שטייט די וויסנשאַפט. פּונקט ווי עס איז פאַראַן קנאת־סופרים, אַזוי איז אויך פאַראַן קנאת־דעת. און דאָס איז אַ שעפערישע קנאה.

בין איך געווען זיכער, אַז צו לייגן דעם ווינקלשטיין פון בר־אילן אוני־ווערסיטעט וועלן קומען באַגריסן פּראָפעסאָרן פון ירושלימער אוניווערסיטעט. און עס וועט קומען באַגריסן דעם פּרעמיער־מיניסטער, וואָס כאָטש גריכיש איז טאַקע זיין „האָבי״, אָבער אַזוי אָפּט שטעלט ער דעם טראָפּ אויפן יסוד פון דער תנ״כישער און נאָר תנ״כישער „יודאיקאַ״. און אוודאי וועט דער

הויפּט־מחותן זיין דער בילדונגס־מיניסטער, וואָס כאָטש ער איז ענג־פאַרבונדן מיט אַ פּאָליטישער פּאַרטיי, איז ער פאַר אָביעקטיווער בילדונג, וואָרום ער שטייט דאָך שטאָל און אײַזן פאַר אַלגעמיינער מדינה־בילדונג...

זענען צו דער פייערונג פון לייגן דעם ווינקלשטיין פון בר־אילן אוני־ווערסיטעט געקומען:

פּראָפעסאָרן פון אַמעריקע, דער ריכטער לואיס לעווענטאַל פון אַמעריקע, אַ פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין תל־אביב, אַמעריקאַנער געסט און אנשי מזרחי פון ישראל און אַמעריקע, אָבער קיין איין פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט איז נישט געקומען באַגריסן. און עס איז נישט געקומען דער פּרעמיער־מיניסטער, וואָס רעדט אַזוי אָפט וועגן יידישן גייסט און וויסן. און עס איז נישט געקומען דער בילדונגס־מיניסטער — דער אָפיציעלער ממונה איבער קולטור, גייסט און וויסן אין מדינת ישראל.

הייסט עס בערך אַזוי: מאַטעמאַטיק און כעמיע און פיזיק און אַנטראָ־פּאָלאָגיע זענען וויסנשאַפטן בלויז דעמאָלט, ווען זיי זענען פון מײַן חדר. אויב אָבער זיי ווערן געלערנט דורך אַן אַנדער חדר — זענען אָט די געביטן נישט מער וויסנשאַפט און זיי זענען פּסול. עס לוינט אפילו נישט די טרחה צו קומען באַגריסן פאַר אַזאַ אוניווערסיטעט. און מען דאַרף אַזאַ אוניווערסיטעט באַטראַכטן ווי לופט, וואָס מען זעט נישט און מען הערט נישט.

באשר — קאָנקורענץ. באשר ביי אונדז האָט מען איינגעפירט מאָנאָפּאָלן. אויף אַלץ מאָנאָפּאָלן. און אויב נאָך אַן ענלעכע אינסטיטוציע, נאָך אַ שעפערישער אנשטאַלט — טויג דאָס נישט, עס ברעכט די טראַדיציע פון קאַרטעליזם.

אויף נאָך אַן אוניווערסיטעט איז מען אויפגעבראַכט. נאָך אַן אוניווער־סיטעט איז אַ שלעכטע זאַך, דאָס איז, נעבעך, מאַטעמאַטיש־פיזיש־כעמיש־אַנט־ראָפּאָלאָגישע רעאַקציע, וואָס לוינט נישט צו פאַרלירן פאַר איר פינף מינוט צייט.

נײַן, יענע קליינשטעטלדיקע יידן, וואָס צום סוף פון דער לעקציע וועגן וויסנשאַפט, האָבן זיי אויסגעפונען די נוצלעכקייט פון דעם מאַגנעטיזם פון דער ערד אויף אָפּצושאָפן די טאַקסע אויף פלייש און ביליקער מאַכן קרקע אויפן בית־עלמין — זענען געווען פּשוטע אָרנטלעכע, נאַאיווע יידן. זיי האָבן, נעבעך, נישט געוווסט, וואָס דער יונגער־מאַן וויל פון זיי, וואָס פאַר אַ תרגום־לשון ער רעדט. אָבער אונדזערע ראַפינירטע לייט מאַכן בלויז דעם אָנשטעל פון נאַאיווע און פאַרשטייען נישט די וויסנשאַפט־שמיסנשאַפט פון אַ נייער אוניווערסיטעט, איבער וועלכן זיי וועלן נישט קענען אויסשפרייטן זייער מאָנאָפּאָל־פּאַטשיילע.

זיי פאַרשטייען, אַז ישראל־יונגע־לייט קענען זיך לערנען אין קאַטוילישע אוניווערסיטעטן אין אַמעריקע; זיי פאַרשטייען אפילו, אַז ישראל־יונגע־לייט קענען זיך לערנען אין דייטשע אוניווערסיטעטן. נאָר זיי קענען נישט מוחל זיין, וואָס יידישע יונגע־לייט וועלן זיך לערנען אין ישראל אין אַ יידישער אוני־ווערסיטעט, אונטער דער לייטונג פון רעליגיעזע פּראָפעסאָרן, וואָס וועלן דערציען אַקאַדעמישע קאַדרען, וועלכע זענען אַזוי לעבנסנייטיק פאַר דער יונגער אָרעמער מדינה.

31טער יולי 1953

## טעראָריסטן עליכם!

אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט, אַז דער רבונו־של־עולם באַוואַרנט נישט קיינעם און אַז ער גיט יעדן וואָס אים קומט. געדענק איך, ווי ביי מיר אין שטעטל איז געווען אַ ייד, וואָס מען האָט אים גערופן מרדכילע. מען קען נישט זאָגן, אַז מרדכילע איז געווען אַ גאַנצער ייד, כ'מיין, אַ ייד מיט אַ פּאָר פּלייצעס, מיט אַ פּאָר ידים, מיט אַ באָרד, וואָס מען קען זי שפּאַלטן אויף צווייען, אַז יעדע העלפט באַזונדער זאָל זיין פאַר זיך אַליין אַ יחוס...

פאַרקערט, ער איז געווען, ווי מען זאָגט, אַ דריטל פּאַרציע. אַ יידעלע קליין ווי אַ פעפערל, מיט קליינע פיסעלעך און קורצע הענטלעך, מיט אַ בערדעלע, וואָס פון איין הערעלע צום צווייטן האָט מען געדאַרפט פאָרן מיט דער קאַליע־באַן. און אַ שטימעלע האָט ער געהאַט אַזאַ שפּיציקס און פּיפּעדיקס, אַזוי ווי דער פאַרהאַקטער פייף פון אַ קליין לאָקאָמאָטיוול. און אַ קעפּעלע האָט ער געהאַט, אַז טאָמער האָט ער געזאָגט איין וואָרט, האָט ער דאָס צווייטע פאַרגעסן.

איז אין שטעטל אַרומגעגאַנגען אַן אַנעקדאָט ווי אַזוי מרדכילע איז באַשאַפן געוואָרן:

איין מאָל פּורים, ווען די מלאכים אין הימל זענען געווען בגילופין, האָבן זיי אָנגעהויבן אויסקנעטן אַ מענטש. לכבוד פּורים, האָבן זיי באַשטימט, אַז דער מענטש, וואָס זיי נעמען אין דער אַרבעט אַריין, וועט הייסן מרדכי. האָבן זיי צוליב פּורים־שפּאַס באַשלאָסן, אַז זיי וועלן דאָס מאָל אויסקנעטן אַ קליין מענטשעלע, מיט קליינע הענטלעך, קליינע פיסעלעך, אַ קליין קעפּעלע, אַ קליין מוחל, אַ קליין שטימעלע — הכלל, אַ מיניאַטור־יידעלע, וואָס מען וועט רופן מרדכילע.

אַז דאָס מענטשעלע איז שוין געווען פאַרטיק, האָבן די מלאכים צוגעפירט מרדכילען צום כסא־הכבוד, ער זאָל אַריינהויכן אין דעם מענטשעלע אַ נשמהלע און זאָגן, ווי זיין שטייגער, „כי טוב", מען זאָל קענען מרדכילן אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

האָט כביכול אַ קוק געטאָן אויף מרדכילן און געזאָגט צו די מלאכים:

— קונדייסים, ווי האָט איר געקענט אפילו אין שפּאַס אַזוי באַוואַרנען אַ ייד און אים געבן אַלץ קליין. אין דער רגע זאָלט איר מאַכן, אַז מיט איין זאַך זאָל ער כאָטש זיין גרויס!

האָבן די מלאכים געזאָגט „נעשה ונשמע" און געמאַכט, אַז מרדכילע זאָל זיין אַ גרויסער אָרעמאַן...

*

אין דער מעשה מיט מרדכילען האָב איך זיך דערמאָנט, ווען איך בין געזעסן און זיך צוגעקוקט צום טעראָריסטן־פּראָצעס אין מיליטערישן געריכט אין צריפין.

טעראָריסטן זענען נישט קיין נייס אין דער וועלט. אויך מיליטערישע געריכטן זענען נישט קיין נייס און אויך אויספּאָרשער זענען נישט קיין נייס. מען קען נישט זאָגן, אַז די אַלע זאַכן זאָלן זיין יצורים פון דעם חזון פון יידישן פאָלק פאַר די צוויי טויזנט יאָר ציון־בענקשאַפט.

נאָר אויב עס איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן אין הימל, אַז קמח זאָל גיין מיט תורה און אַז אויב מען וויל, אַז „מציון תצא תורה" מוז מען אויך האָבן פּאָליציי, אויספּאָרשער און אַנדערע „כלי קודש" און מען מוז אויך זיין צוגעגרייט אויף טעראָריסטן — איז אין וואָס פאַרא פּורים האָבן עס די מלאכים אין הימל צוגעגרייט, אַז דאָס אַלץ זאָל זיין אַזוי שפּלדיק קליין? וואָס פאַר אַ חוזק האָבן עס די מלאכים געשפּילט מיט אונדז?

מילא, מיר קענען נישט האָבן קיין טענות צום רבונו־של־עולם וואָס ער האָט אונדז געגעבן אַזאַ קליין לאַנד. געלויבט דער אייבערשטער דערפאַר. ווי זאָגט מען? אויף מיסט דאַרף מען האָבן אַ גרויסן קעסל, אָבער אויף צירונג איז גענוג אַ קליין קעסטעלע. אָט אַ שטייגער איז דער באַרג עווערעסט — דער גרעסטער באַרג אין דער וועלט; ער שטעקט „מיטן שפּיץ אין הימל". פונדעסטוועגן האָט פון באַרג עווערעסט אפילו קיין האָן קיין קריי נישט געטאָן. דערפאַר האָט אויפן באַרג סיני, וואָס איז אַ ליליפּוטל אַנטקעגן עווערעסט, דער רבונו־של־עולם אונדז געגעבן אַזאַ גרויסע תורה, וואָס די גאַנצע וועלט שפּיגלט זיך אין איר. איז אַ שקעטעלע, זאָגט מען, אַ סגולה אויף בריליאַנטן... און אונדזער קליין מדינהלע האָט געקענט אויסגעפּילט ווערן מיט תורה, מיט יושר און מיט צדק ווי אַ מילגרוים מיט זאַפטיקע קערעלעך.

איז וואָס שייך אונדזער מדינהלע, האָבן מיר זיך נישט וואָס צו קלאָגן און אויף מאָרגן — זאָל גאָט זאָרגן.

איז אָבער די מעשה, וואָס ביי דעם קליינעם מדינהלע זענען די מלאכים נישט געבליבן שטיין. זיי האָבן, אַ שטייגער, אין דעם קליינעם מדינהלע אונדז געקענט געבן אַ גרויס האַרץ. זענען זיי געגאַנגען און אונדז געגעבן אַ הערצעלע, אַז עס איז אפילו נישטאָ וואָס עס זאָל קלאַפּן. אַ שטיינערן הערצעלע, אַז אַ ייד קען זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט און ער וועט קיין קלאַפּ נישט דערהערן, כאָטש גיי און שריי חי־וקיים. און וואָס שייך תורה, זאָגט דאָך דער פּסוק „אין קמח אין תורה". און אַזוי ווי מיר אימפּאָרטירן קמח פון אויסלאַנד, איז קלאָר, אַז אויך תורה ווערט אימפּאָרטירט פון אויסלאַנד — פון רוסלאַנד, צי פון אַמעריקע.

איז ווען איך האָב דערהערט די נייס, וואָס דער יורידישער עצה־געבער פון דער רעגירונג האָט מבשר געווען פאַר דער וועלט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ הכל־יכול־אָרגאַניזאַציע פון טעראָריסטן, וואָס זענען געגאַנגען אַראָפּוואַרפן

די סאָמעראָדנע רעגירונג און מאַכן אַן איבערקערעניש אין דער מדינה, האָב איך פרייער אָפגעאָטעמט:

ענדלעך האָבן מיר אויך באַשאַפן גרויסע זאַכן: גרויסע אירידענטן, וואָס האָבן דאָס גאַנצע גרויסע קלאַפּערגעצייג וואָס מען דאַרף, כדי אַראָפּצו־וואַרפן מיט כוח אַ גאַנצע רעגירונג; און ענדלעך האָבן מיר אַ נאָך גרעסערע פּאָליציי, וואָס איידער די גרויסע אירידענטן זענען געגאַנגען אַראָפּוואַרפן די רעגירונג, האָט זי, די נאָך גרעסערע פּאָליציי, געכאַפּט די גרויסע טעראָריסטן. און ענדלעך האָבן מיר נאָך גרעסערע אויספאָרשערס, וואָס האָבן איינס און צוויי, ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע, געעפנט די פאַרקאַנספּירירטע מיילער פון די גרויסע טעראָריסטן, וואָס האָבן זיך מודה געווען ווי אַ מזמור.

צוזאַמען דערמיט האָב איך שוין פאַרבונדן גרויסע האָפענונגען אויף דער נאָענסטער צוקונפט. אויב במשך פון געציילטע פינף יאָר זענען ביי אונדז אויסגעוואַקסן גרויסע טעראָריסטן און נאָך גרעסער־גרעסערע אויספאָרשער, וועלן מיר אם ירצה השם גאָר בקרוב זוכה זיין צו גרויסע ספּעציאַליסטן אין אונדזערע פינאַנסן, צי נאָך גרעסערע ספּעציאַליסטן אין די רעגירונגס־אַמטן, אין דער סוכנות וכדומה; מיר וועלן זוכה זיין צו גרויסע פירער, צו גרויסן יושר און נאָך גרעסערן צדק.

הכלל, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר גייען אַריין אין אַ תקופה פון גרויסע זאַכן.

בין איך געגאַנגען זען די אתחלתא דגאולה; זיין אַן עדות פון דעם גוטן אָנהייב פון גרויסע טעראָריסטן, גרויסער פּאָליציי און נאָך גרעסערע אויס־פאָרשערס, וואָס באַך זיי דאַרפן זיך אָנהייבן שיטן גרויסע זאַכן...

אָבער וויי־וויי, זעט אויס, אַז די מלאכים וואָס האָבן געקנעטן אונדזער גורל, האָבן באַשלאָסן צו זיין קאָנסעקווענט ביזן סוף און מאַכן פון אונדז אַ מרדכילע.

קוק איך אויף די טעראָריסטן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק אין צריפין, וואָס אין יעדן איינעם פון זיי האָב איך זיך געגרייט צו זען כאָטש אַ ברוך שולמאַן, און, כ׳לעבן, כ׳האָב זיך דערפילט ווי אָפּגעשמיסן.

אָט די יינגעלעך און מיידעלעך זענען עס אינדזערע דעקאַבריסטן? מיט אָט די „כסית״־בערדלעך און דזשיפּ־„פאַלקעלעך״ זענען זיי געגאַנגען שטורעמען די באַסטיליע? איז ווי צו דער באַסטיליע, אויב מיט דער מאַמענס מילך אויף די ליפּן קען מען זי שטורעמען. האָב איך זיך געטרייסט: ווער ווייסט? אפשר זענען דאָס טעראָריסטישע וווּנדער־קינדער, וואָס שוין אין דער מאַמעס שויס האָבן זיי געמאַכט רעוואָלוציעס? אפשר זענען זיי דורכגענומען מיט עפּעס אַ באַגייסטערטער אידייע, מיט עפּעס אַ נביאישער אמונה, וואָס גיט זיי דעם כוח פון אַ דוד אַנטקעגן גליתן?

ווייזט זיך אַרויס, אַז חוץ צו זעכצן־זיבעצן פרילינגס האָבן זיי גאָרנישט — נישט קיין אידייע, נישט קיין אמונה און נישט קיין וועלט־השקפה. חוץ חוצפה, בערדלעך און וואָנסעלעך, האָבן זיי גאָרנישט. עפּעס ניהיליסטלעך אויפן שטייגער

פון די גימנאַזיסטן אין אַרציבאַשעווס צייטן. עפּעס אַן אָפּגרעפּץ פון אַ פּרע־היסטאָרישער תקופה, וואָס קומט קאַפּויער, ווען מען לייגט זיך שלאָפן מיט אַ פולן מאָגן.

און קעגן זיי, קעגן די ניהיליסטלעך, האָבן עס דערוואָקסענע מענטשן, אויספאָרשער, הויכע פּאָליציי־אָפיצערן און מיליטער־אָפיצערן, בראש מיט דעם יורידישן יועץ פון דער רעגירונג, אָנגעשטעלט אַ מאַשין, ווי אויף אַראָפּצושיסן די לבנה. דאָס איז פּונקט ווי מען וואָלט זיך מיט אַ זעכציק־טאָניקן טאַנק פאַר־מאָסטן אויף אַ מוראַשקע, וואָס האָט דערקלערט מלחמה אַן אימפּעריע.

הכלל, מרדכילעך.

זאָגט מען אָבער, אַז ווען אַ מוראַשקע קריכט אַריין אין אויג, קאָן אויך אַ לייב אויפהערן זען. און ווען איך זאָג: לייב, מיין איך אויך אונדזערע אויס־פאָרשער, וואָס האָבן צווישן מנחה און מעריב אַרויסבאַקומען ביי די ניהיליסטלעך אַלע זייערע פּלענער וועגן אַראָפּוואַרפן די רעגירונג. האָב איך זיך פאַרגעשטעלט נישט אַנדערש, נאָר גלייך ווי מען האָט די פּאָר ניהיליסטלעך גענומען אין „חד גדיא” האָבן זיי זיך דערשראָקן און אויסגעפּלאַפּלט זייערע אירידענטישע פּלענער און פאַרשיט דאָס גאַנצע „כל הנערים”.

הייבט זיך נישט אָן. עס ווייזט זיך גאָר ארויס, אַז מיר האָבן זייער באַלייענטע פּאָליציי און מיליטער־פאָרשער. זיי האָבן אַוודאי זיך אָנגעלייענט וועגן די פאַרש־מעטאָדן פון לאַוורענטי בעריאַ און זיינע חברים; ווי אַזוי עס האָבן זיך מודה געווען מאַרשאַל טוכאַטשעווסקי, זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, בוכאַרין און אַנדערע אירידענטן. ווי אַזוי מען האָט זיי נישט געלאָזט שלאָפן וואָכן־לאַנג, ווי אַזוי מען האָט זיי געסטראַשעט, אַז אויב זיי וועלן זיך נישט מודה זיין, וועט נישט זיין גוט מיט זייערע משפחות. זיי אַליין וועט מען צעשיסן אויף פּיץ־פּיצלעך, אַז עס וועט קיין צייכן פון זיי נישט בלייבן.

איז ווי מיר האָבן געהערט אין געריכט־זאַל אין צריפין, האָבן זיך די פאָרשער פון די ניהיליסטלעך איבערגענומען מיט אָט די מעטאָדן; און ווי עס פּאַסט פאַר גוטע תלמידים פון גרויסע רבים — האָט מען די יונגע־לייט אויך נישט געלאָזט שלאָפן. נישט וואָכן לאַנג, נאָר בלויז אַ פּאָר נעכט. אין מיניאַטור. ווידער אַ מרדכילע. נישט צען פאָרשער זענען מיד געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן, נאָר בלויז דריי פאָרשער. און זיי האָבן נישט געסטראַשעט מיט נקמה קעגן די פאַמיליעס, נאָר געסטראַשעט גלייך צו שיסן און ברענגען די צעשאָסענע צו קבורת חמור. און אַז אַ גרויסער טעראָריסט, וואָס האָט זיך געגרייט אויף דער העלדישקייט אַריינצוגייען אין דער געשיכטע דורך מאַכן אַ פּוטש, אַ מדינה־איבערקערעניש, האָט בלויז דערהערט, אַז עס דראָט אים נישט צו קומען צו קבר ישראל — האָט ער זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן זינגען ווי אַ קאַנאַריקל.

ווען איך האָב געהערט די דאָזיקע דערציילונגען אין געריכט, האָט זיך מיר דערמאָנט אין יענעם תלמיד, וואָס האָט געהערט אין שול, אַז די ימים גיסן זיך נישט אויס, ווייל די ערד דרייט זיך שנעל. איז דער תלמיד אַהיימגעקומען,

געכאַפּט דעם פּאַמעשאַף און אָנגעהויבן דרייען איבער זיין אייגענעם קאָפּ אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך אַליין אָפּגעצוואָגן און זיך אָנגעטרונקען מיט די פּאַמויעס.

די אויספּאַרשער אַלס עדות זענען אַריין אין געריכט ווי לויתנס און אַרויס זענען זיי, נעבעך, ווי מרדכילעך.

מרדכילעך — די געמשפּטע מרדכילעך — די אויספּאַרשער, אַ מרדכילע — דער געפּילדער וועגן פּלישתים עליכם...

חוזקן פון אונדז די מלאכים, וואָס קנעטן אונדזער ווירקלעכקייט. זיי מאַכן פון אונדז אַ מרדכילע, מיט קליינע פּיסעלעך, אַ קליין קעפּעלע און אַ קליין מוחלע. און איך האָב מורא, אַז כדי מען זאָל זיי נישט אויפוואַרפן, אַז זיי האָבן אונדז קיין איין גרויסע זאַך נישט געגעבן, האָבן זיי אונדז מזכה געווען מיט אַ גרויסן — דלות.

לטער אויגוסט 1953

# אַ געשיכטע, וואָס באַוועגט זיך

יידן קענט איר מיט אַ וועג נישט איבערראַשן. נישטאָ נאָך אַזאַ פאָלק אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיין אַזוי דערפאָרן אויף די קאָמפּליצירטסטע וועגן, אויף די סאַמע לענגסטע און געדרייטסטע וועגן, ווי דאָס יידישע פאָלק. פּונקט ווי מען באַצייכנט די ענגלענדער ווי אַ ים־פאָלק, די איטאַליענער ווי אַ מוזיק־פאָלק, די נאָרוועגער ווי אַ פישער־פאָלק, אַזוי איז דאָס יידישע פאָלק אַ וועג־פאָלק. זיבן אַכטל פון דער יידישער געשיכטע איז פאָרגעקומען אויפן וועג און אונטערוועגס: יעקב אבינו איז געגאַנגען קיין מצרים. משה האָט די יידן אַרויסגעפירט פון מצרים. יהושע בן־נון האָט די יידן אַריינגעפירט קיין ארץ־ישראל. דוד איז געגאַנגען קעמפן מיט די פלשתים. יידן זענען געגאַנגען אין גלות בבל. יידן זענען צוריקגעקומען פון גלות בבל און זיי זענען ווידער געגאַנגען אין גלות. און אין לעצטן גלות אין גלות פון צוויי טויזנט יאָר, זענען מיר נישט נאָר געגאַנגען נאָר מיר זענען אויך געלאָפן און מען האָט אונדז געטריבן.

דורך די גאַנצע צוויי טויזנט יאָר, האָט דאָס יידישע פאָלק, אין זיין גאַנג, כסדר געלעבט און זיך געגערט מיט דער אידייע פון וועג — צו גיין, צו גיין צוריק קיין ארץ־ישראל. די אידייע פון גיין איז געווען אַזוי שטאַרק ביי אונדז, אַז אפילו טעאָדאָר הערצל האָט געזאָגט, אַז אויב נישט גיין קיין ארץ־ישראל, לאָמיר גיין כאָטש קיין אוגאַנדע. אבי גיין, אבי מקיים זיין די מצווה פון גיין. אפילו וועגן דער מדינה פון אלע טרוימען, וועגן דער מדינה, וואָס מיר האָבן איצט, האָט מען דאָך יאָרן לאַנג געזאָגט אַז דאָס איז אַ מדינה אונטערוועגס. און אפילו איצט, ווען מיר האָבן שוין די מדינה, ווען מיר דאַרפן שוין נישט גיין, לעבט אין אונדז דער אַטאַוויזם פון גיין און מען האַלט אין איין גיין און אין איין פאָרן: עס פאָרן שליחים. מען פאָרט אויף אויסגעטראַכטער השתלמות. עס לויפן דעלעגאַציעס אויף פיקטיווע קאָנגרעסן. מען פאָרט באַגליקן דאָס יידישע פאָלק מיט קולטור. מען פאָרט מאַכן הויך־פּאָליטיק. הכלל, דער וועג ליגט אונדז אין בלוט און מיט וועגן קען מען אונדז נישט איבערראַשן.

נאָר אונדזער פינאַנץ־מיניסטער, וואָס אָפּט דאַכט זיך, אַז ער טראַכט וועגן זיך, אַז ער איז דער ערשטער פינאַנץ־מיניסטער אין דער וועלט, איז געווען זיכער, אַז ער וועט אונדז איבערראַשן און פאַרשיכורן, ווען ער האָט פון דער כנסת־טריבונע געזאָגט, אַז מיר זענען שוין אַדורכגעגאַנגען אַ האַלבן וועג. נאָך אַ האַלב וועגעלע, הייסט עס, און מיר וועלן זיך קענען אָוועקזעצן און זאָגן: שוין! מיר זענען שוין זעלבשטענדיק און פאַר זיך.

האָבן יידן געהויבן מיט די פּלייצעס און געטענהט, אַז אויב אונדזער פינאַנץ־

מיניסטער קען זיך אַזוי אויף פינאַנסן ווי ער קען זיך אויף וועגן — איז נישט גוט מיט די פינאַנסן, ווי עס איז שלעכט מיטן וועג... און אויב, חלילה, דער צווייטער האַלבער וועג דאַרף גיין אין די וועגן פון דעם ערשטן האַלבן וועג, איז ווער ווייסט ווו מיר וועלן אַרויסקומען און וואָס פאַר אַ לאַנגען וועג מיר וועלן דאַרפן דורכמאַכן, כדי אַרויסצוקומען אויפן ריכטיקן וועג.

וואָרום, אדרבה קוקט זיך נאָר צו וואָס פאַראַ צידה לדרך דאָס יידישע פאָלק האָט אונדז געגעבן אויפן וועג: דאָס יידישע פאָלק האָט אונדז געגעבן אַנדערטהאַלבן מיליאַרד דאָלאַר. און האָט אונדז געגעבן זיבן הונדערט טויזנט צאַפּלדיקע, אַקטיווע, טאַט־דורשטיקע און ענטוזיאַסטישע יידן, וואָס האָבן מיט זייער ענערגיע געקענט אויפשטעלן אַ וועלט. און די זעקס הונדערט טויזנט יידן אין ארץ־ישראל זענען אויך נישט געווען קיין מפּיל־קינדער און נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר זיך צוגעגרייט צום נייעם וועג, וואָס בעסער קען שוין נישט זיין. און צוויי טויזנט יאָר בענקשאַפט האָט אויפגעפראַלט אַן ענטוזיאַזם ביים יידישן פאָלק אַ התלהבות, וואָס אין שעפערישן זין איז זי שטאַרקער געווען פון הונדערט וואַסערשטאָף־באָמבעס.

אָט מיט אַזאַ צידה לדרך, וואָס קיין שום פאָלק און אומה אויף דער וועלט האָט קיין מאָל נישט געהאַט — האָבן מיר אָנגעהויבן גיין דעם נייעם וועג. איך זאָג: מיר האָבן אָנגעהויבן גיין. הלוואי וואָלטן מיר אָנגעהויבן גיין. די מעשה איז אָבער, וואָס נישט מיר האָבן אָנגעהויבן גיין, נאָר מען האָט אונדז אָנגעהויבן פירן. און די פירער, וואָס האָבן צניעותדיק דערקלערט, אַז נישט זייערע טאַטעס און נישט זייערע זיידעס זענען געווען מיניסטאָרן — האָבן אונדז אָנגעהויבן פירן מיט אַזאַ אָנשטעל, ווי יעדער איינציקער פון זיי וואָלט געווען אַ ביקאָנספילד, א ראַטענוי, אַ באַרוך. מומחים זאָגט איר? ווער דאַרף זיי און צו וואָס נוצן אונדז די אַלע טראַנס און אַנדערע „פאַרשלעפּטע קרענק", אויב מיר אַליין ווייסן צום בעסטן וואָס מיר דאַרפן? איר וועט זען, אַז כאָטש די וועלט גייט שוין אין בלוט דריי־פערטל יאָרהונדערט פאַר אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג — וועלן מיר נאָך אין איצטיקן דור, אין דעם ערשטן דור פון מדינת ישראל, בשלום ובשלווה אַריינפאָרן אין סאָציאַליזם און די וועלט וועט פּלאַצן פון קנאה...

איר זאָגט: קליטה? איינאָרדענען זיבן הונדערט טויזנט עולים, אַ זאַך וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען — טאַ גיט אונדז די מיטלען און איר וועט זען ווי שנעל מיר וועלן דאָס מאַכן, אַז די וועלט וועט שטוינען...

און די וועלט, ווען זי זאָל וויסן, וואָלט זי געשטוינט. זי וואָלט געשטוינט, אַז נאָך דעם גאַנצן צידה לדרך, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער געשיכטע, לעבט נאָך איצט אַ דריטל פון די נייע עולים אין קאָנסערוון־פּושקעס, אין בלעכענעביידלעך, אין צופעליקע שיכונים; אַ דריטל האָט זיך איינגעאָרדנט אין די פאַרלאָזטע אַראַבישע הייזער; אַ טייל פון דעם דריטן דריטל האָט זיך איינגעאָרדנט מיט אייגענע מיטלען און פאַר די איבעריקע האָט מען אויפגעבויט שיכונים. און אָפיציעל און סטאַטיסטיש הייסט עס, אַז די קליטה איז געלונגען...

אוודאי האָט זיך אַנטוויקלט די אינדוסטריע און אַוודאי איז געוואַקסן די

לאַנדווירטשאַפט. איז וואָס דער וווּנדער? צי זענען מיר, חלילה, פּאַראַלי־זירטע, אָדער קינדער אין די וויגן, אַז יעדע אָנשטרענגונג זאָל אַרויסרופן התפּעלות? אַז יעדע דערגרייכונג זאָל איבערראַשן? צי האָבן מיר דורך טויזנטער יאָרן פון יידישער אונטערנעמערישקייט ערשט דאָ דערפאַרן, אַז יידן זענען ענערגיש, אונטערנעמעריש, אַז זיי קענען אַ באַרג מיט אַ באַרג צונויפפירן, אויב מען לאָזט זיי נאָר, אויב מען לייגט זיי נישט קיין שטיינער אונטער די פיס?

וואָס אָבער שאַפט די אויסגעבויטע אינדוסטריע, אויב צוזאַמען מיט דער אַלטער ציטרוס־פּראָדוקציע, וואָס גיט די גרעסטע דעוויזן־פּאָזיציע, ברענגט זי אַריין אַ צענטל פון די דעוויזן, וואָס מיר דאַרפן האָבן אויף אויסקומעניש — נאָך אַזאַ ריזיקן צידה לדרך? נאָך אַזעלכע ריזיקע אינוועסטיציעס?

מיט דעם צידה לדרך, אויפן ערשטן האַלבן וועג, זעט מיר אויס דער ערשטער האַלבער וועג אַזוי ווי עמעצער וואָלט געזאָגט: איך פאָר אַנטדעקן דעם נאָרדפּאָל און איך געפין זיך שוין אויפן האַלבן וועג צום נאָרדפּאָל — אין דער הויפּטשטאָט פון נאָרוועגיע... אָדער איך גיי דערגרייכן דעם שפּיץ פון מאָנט עווערעסט — און איך געפין זיך שוין פיר טויזנט מעטער פונעם באַרג־שפּיץ... אָדער אַ מער אַקטועלער פאַרגלייך: איך עמיגריר פון ישראל קיין אַמעריקע און איך געפין זיך שוין אין דייטשלאַנד, אין פערנוואַלדער לאַגער...

אַט אַזוי זעט מיר אויס דער האַלבער וועג פון לוי אשכול.

וואָרום אויב נאָך אַלע שטיצעס פון יידישן פאָלק, פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, פון די אָנגעזאַמלטע קאַפּיטאַלן פון ישוב פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער מדינה, פון דער ירושה נאָך די אַראַבער — זענען פופציק טויזנט פּרנסה־געבער אין ישראל אַרבעטסלאָז און אַ פערטל מיליאָן נפשות זענען הונגעריק — איז דאָס אַ האַלבער וועג, אָדער אַ גאַנצער דורכפאַל?

אויב נאָך דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבן באַקומען, האָט מען געדאַרפט זיך שטעלן אויף די קני פאַר אונדזערע רוצחים, די דייטשן, און אונדז זאָגן, אַז בלויז מיט די דייטשע צאָלונגען קענען מיר זיך ראַטעווען — איז דאָס נישט קיין האַלבער וועג, נאָר דאָס איז אַ קאַטאַסטראָפע.

זיך ראַטעווען מיט די דייטשע צאָלונגען, הייסט שוין נישט געגאַנגען, נאָר געקראָכן אויף די קני; און נישט געקראָכן אויף די קני באַרג־אַרויף, נאָר באַרג־אַראָפּ!

אויף אַלע אונדזערע וועגן אין אונדזער אַלטער גיי־געשיכטע פון אברהם אבינו, איבער גלות בבל, איבער גירוש שפּאַניע, זענען מיר געגאַנגען. אפילו אין די גאַז־קאַמערן פון אונדזערע איצטיקע „רעטער" האָט מען אונדז געטריבן, אָדער מיר זענען געגאַנגען, אָבער נישט געקראָכן.

איצט קריכן מיר. אָן חרפה און אָן בושה. און קריכנדיק קנייפּט מען די באַקן די פאַרב זאָל שטיין, מען שפּייט אונדז אין פּנים און מיר זאָגן: עס איז אַ פּרילינג־רעגן, אַ רעטונג־רעגן. און דער פינאַנץ־מיניסטער קוקט שוין אויס די שפּל־טראַנספּאָרטן פון דייטשע סחורות, כדי דאָס געלט, דאָס יידישע בלוט, זאָל אָנהייבן פליסן אין דער פוסטער קאַסע.

און מען האָט אַ סך יידן פאַרטשמעליעט די מוחות, מען האָט אויסגעלאָשן ביי זיי יעדן פונק פון האָפענונג און גלויבן און זיי האָבן זיך געלאָזט איינרעדן, אַז אָן די דייטשע צאָלונגען וועלן מיר, חלילה, אונטערגיין. אויב מען וועט נישט פאַרקויפן די נשמה, וועט דער גוף נישט האָבן קיין קיום. און דער מעכאַניזם פון „לאָגיק" האָט זיך צעאַרבעט אויף דער גאַנצער פאַרע: די מדינה איז אין סכנה און נאָר די דייטשע צאָלונגען וועלן אונדז אָפּראַטעווען. דעריבער דאַרף מען קריכן אויף די קני און זיך ראַטעווען מיט דעם טריפהנעם געלט.

דאָס ערשטע מאָל אין דער יידישער געשיכטע, נישט אין פינצטערן גלות, נאָר אין דער אייגענער מדינה, האָבן יידן געגעבן די ווילדע אנטיסעמיטן אַן אַרגומענט, אַז אַ ייד איז גרייט פאַר געלט צו פאַרקויפן די נשמה.

קיין מאָל איז דאָס נישט געווען — איצט איז עס געשען „אויפן האַלבן וועג". די רוימער האָבן פון די יידן געוואָלט אַ קליינינקייט שבקליינינקייט פון זייער נשמה: בלויז אריינשטעלן זייער געצנדינערישן אָדלער אין בית המקדש. האָבן יידן געענטפערט: איבער אונדזער גוף! גאָרנישט פון דער נשמה וועלן מיר געבן, אפילו קיין ברעקל נישט! און די נשמה איז געבליבן גאַנץ און ריין.

עס האָבן די קאַרדינאַלן פון שפּאַניע געזאָגט צו די יידן: גיט אייער נשמה און איר וועט ראַטעווען אייער גוף. האָבן יידן געענטפערט מיט גיין אין ים אריין. און די נשמה און דער גייסט פון פאָלק איז געבליבן גאַנץ און ריין.

איצט, אין אונדזער תקופה, אין דער אייגענער מדינה, האָט מען מיט דעם פאַלשן און ליגנערישן אַרגומענט פון בלית ברירה פאַרקויפט די נשמה, די מאָראַל, דעם גייסט, מען האָט זיך שפּל געמאַכט אין די אייגענע אויגן און געעפנט טיר און טויער פאַר דעם ניבול־פה פון אַלע שונאי ישראל.

זאָג איך: אויב די נשמה פון פאָלק איז ווערט אַכט הונדערט מיליאָן דאָלאַר — זענען פאַראַן בעלנים וואָס וועלן געבן מער און וואָס וועט סטייען נישט בלויז פאַר אַלע אַל־תחסום־שור־בדישו׳ניקעס, נאָר וועט סטייען אויס־צובויען גאָלדענע ווילעס פאַר יעדן בירגער אין דער מדינה און פאַרן גאַנצן „וועג".

די קריסטלעכע קירך וואָלט פאַר דער נשמה פון יידישן פאָלק געגעבן נישט אַכט הונדערט מיליאָן דאָלאַר, נאָר אַכט מיליאַרד דאָלאַר אין מזומנים: און שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר גלאַטיקער וועג עס וואָלט זיך געשאַפן...

(זאָל זיך נאָר ד"ר גאָלדמאַן נישט אָנכאַפּן אין דער „אידייע" און לויפן צום פּויפּסט פאַרהאַנדלען...).

יאָ, יאָ, אויפן „האַלבן וועג" איז אונדז ווייניק וואָס געבליבן פון אונדזערע הייליקייטן. פון אַלע חוקים און געבאָטן האָט דער חוק פון „אל תחסום שור בדישו" פאַרטרעטן די עשרת הדברות, אָבער ווען אַ יידישער פּאָליציי־אָפיצער איז מקדש שבת און שבת איז ביי אים הייליקער ווי אַ שבועה — דעגראַדירט מען אים, ווייל ער לאָזט נישט צעשטערן זיין מאָראַ־ליש־עטישן און גלויבן־יסוד, וואָס איז דער קדשי־קדשים פון יעדן מענטש.

מען מוז נישט זיין רעליגיעז, כדי אויפגעציטערט צו ווערן פון דעם סימפּטאָמאַטישן פאַל. וואָרום אפילו דער מיליטערישער רעגולאַמין פון דעם סאַמע אָפּגעשטאַנענסטן פאָלק זאָגט: „דער באַפעל־געבער טאָר נישט אַרויס־געבן אַזעלכע באַפעלן, וואָס דער באַפעל־אָפּנעמער קען נישט אויספירן".

און ביי אונדז וויל מען ברעכן דעם מאָראַלישן רוקנביין פון אַ מענטש, וואָס האַלט הייליק זיין גלויבן. און צי ווייסט דען נישט די העכערע מאַכט, אַז ווען מען צעברעכט דעם מאָראַלישן רוקנביין פון אַ מענטש, עפּנט מען פאַר אים די טויערן פון אַלע פאַרברעכנס?

שטראָף זיי נישט, גאָט, זיי ווייסן טאָקע נישט. זיי זענען שוין מבולבל. זיי ווייסן שוין נישט ווו איין און ווו אויס. עס האָבן זיך שוין צעמישט די יוצרות — וואָס מען מעג יאָ און וואָס מען טאָר נישט. ווייל דער גלויבן איז אויסגערונען, די נשמה איז פאַרקויפט און דער גאָלדענער דייטשער קאַלב ווינקט מיט זיינע קעלבערנע אויגן און לאָקט מיט אַלע עבירות. און דער געשטאַנק פון דעם פליישטאָפּ האָט שיכור געמאַכט זייערע מוחות.

גייען מיר נישט אויפן האַלבן וועג, נאָר מיר קריכן, קריכן אויף די קני אויף אַ וועג, וואָס גאָט דער איינציקער ווייסט וווהין ער פירט און צו וועלכן אָפּגרונט ער פאַלט אַראָפּ.

14טער אויגוסט 1953

## אין וואָס די גדולי התורה האָבן פאַרגעסן

„בארץ אשר ד׳ אלקיך נותן לך נחלה לרשתה תמחה את זכר עמלק מתחת השמים. לא תשכח!״

(דברים כ״ה י״ט)

איך האָב אַמאָל ערגעץ־ווו געלייענט אַ לעגענדע, וואָס דערציילט וועגן די וואַנדלונגען פון געלייטערטע נשמות אויף דער ערד: די נשמות שוועבן איבער דער אויבערפלאַך פון דער ערד און זוכן אַ תיקון אין אַ נייעם גוף. ווי נאָר אַ נשמה הערט דאָס געשריי פון אַ געווינערין, שוועבט זי צו צום בעט און זעט וועמ די פרוי איז. און טאָמער איז אין דער געווינערין פאַראַן אַ ניצוץ פון גוטס — באַהעפט זיך די נשמה מיטן ניי־געבוירן קינד און עס קומט אויף דער וועלט אַ מענטש מיט אַ נשמה.

די מענטשן מיט נשמות זענען צדיקים, אָדער סתם גוטע לייט, מיט וואַרעמע הערצער, וואָס הערן דעם קרעכץ פון ליידנדיקע און דעם רוף פון די, וואָס רופן.

נאָר עס מאַכט זיך אַמאָל אַ דור, ווען די געשרייען פון מאַרק, די געשרייען ביי פאַלשע תפילות און ביי פאַלשע שבועות, פאַרטויבן די געשרייען פון די געווינערינס און די נשמות, וואָס זוכן אַ תיקון, שוועבן אַרום מבולבלע און הערן נישט דאָס געשריי פון די געווינערינס. דעמאָלט ווערן געבוירן מענטשן אָן נשמות.

און מענטשן וואָס ווערן געבוירן אָן נשמות הייסן: אַ דור פון גאָטלאָזיקייט. ווייל גאָט באַהעפט זיך מיטן מענטש דורך דער נשמה און דער דור האָט נישט קיין נשמה...

דאַכט זיך, אַז מיר לעבן איצט אין דער מיט פון אַזאַ דור, וואָס האָט נישט קיין נשמה און נישט קיין גאָט און נישט קיין אמונה. דער געשריי פון מאַרק פאַרטויבט דעם רוף פון דער געווינערין פון דעם גאולה־דור. דעם קלאַנג פון דער גאָלדענער מטבע נעמען זיי אָן ווי דעם אָפּהילך פון שופר של משיח. דאָס בלעקן פון גאָלדענעם קאָלב איז פאַר זיי די מוזיק פון גאולה...

עס האָבן זיך צעמישט די יוצרות און מען ווייסט נישט ווו אײַן און ווו אויס. דער פשט פון „בשוב ה׳ את שיבת ציון היינו כחולמים״ איז, אַז בשיבת ציון האָט סאָדע־וואַסער אַ זעץ געטאָן אין די קעפּ אַריין און פון חולמים זענען געוואָרן גזוזניקעס און פון דער אַקסיאָמע, אַז „מציון תצא תורה״ — איז דער פשט געוואָרן, אַז פון ציון אַנטלויפט די תורה...

דורך אַלע גלותן האָבן יידן געטראָגן מיט זיך די תורה, דעם תנ״ך. אויף קיין איין סטאַציע פון דער לאַנגער גלות־רייזע האָבן זיי נישט אויפגעגעבן אָט דעם מורה־דרך. אָבער ביי אונדז אין לאַנד פון תנ״ך, איז דער תנ״ך געוואָרן אַ זאַך, וואָס געהערט צום פּאַסאַזן און אַן אַרטיקל פאַר כיבוד פאַר גויאישע אורחים.

ווען עס קומט אַ גויאישער גאַסט, איז מען אים מכבד מיט אַ תנ"ך געבונדן אין אַ לעדערנעם באַנד, אָבער די אייגענע יידישע בירגער, אין לאַנד פון די אבות, איז מען „מכבד" מיט די בריטישע אויסנאַם־געזעצן... נו, זיכער, וואָס פאַרא פנים וואָלט דאָס געהאַט, ווען עס קומען צו אונדז אַזעלכע געסט ווי פאָסטער דאַלעס, אָדער סטיווענסאָן און מען וואָלט זיי מכבד געווען מיט די בריטישע אויסנאַם־געזעצן געבונדן אין אַ לעדערנעם באַנד? פאַר די גויים מוז מען מאַכן דעם אָנשטעל, אָבער פאַר יידן?...

יאָ, אַליין קוקט מען אויך אַמאָל אריין אין תנ"ך, עס איז אַ „האָבי", ווי קנעלן גריכיש, אָדער ווען מען דאַרף אַמאָל זען, צי מען מעג פאַרבינדן דעם אָקס דאָס מויל ווען ער דרעשעט... און מיט פרייד געפינט מען אויס, אַז מען טאָר נישט... אפילו די גרעסטע גדולי התורה וועלן נישט קענען פסקענען אַנדערש. פון דער תורה נעמט מען ארויס די „ראַזשינקעס", וואָס מען קען צופּוצן צו דער אייגענער פאַרטיי־תורה און צו די אייגענע אינטערעסן, ווי אין פסוק שטייט: שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך... און יעדער היט זיינע אייגענע שערים און שרים און — שלום על ישראל.

אַזוי די וועלטלעכע און אַזוי די פרומע.

מיט אייניקע וואָכן צוריק האָבן די גדולי התורה בישראל (די, וועלכע זיצן נישט אין דער קאָאַליציע) געפּסקנט קעגן שרות לאומי. זיי האָבן גערופן צו דעמאָנסטראַציעס אין תל־אביב און אין ירושלים. מען האָט אין קאַמף אריינגעפירט די שווערע אַרטילעריע: תהלים זאָגן בציבור, בלאָזן שופרות, נדרים, שבועות, חרמות. מען האָט געריסן די שערי־רחמים און די שערי קאָאַליציע. ווי פאַרשטאַרקונגען אין דעם גענעראַל־אַנגריף קעגן דער גזירה, האָט מען מאָביליזירט דאָס אָרטאָדאָקסישע וועלט־יידנטום. יהרג ולא יעבור. נישט ווייניקער.

אין דער תורה איז אָבער נישטאָ — נישט קיין חוק און נישט קיין צוו, אַז מען טאָר נישט נעמען מיידלעך צו שרות לאומי. עס איז נישט מער ווי אַ „פּלוגתא" אַרום דער קאָאַליציע־שיסל: אַ פרומע פאַרטיי, וואָס זיצט שוין ביי דער שיסל, פּסקנט: מען מעג. אַ פאַרטיי, וואָס רייסט זיך צו דער שיסל — זאָגט מען טאָר נישט. און זי מאָביליזירט דאָס חיל און שיסט פון שווערע אַרטילעריע, כדי — דורכצוהאַקן פאַר זיך אַ וועג צו דער קאָאַליציע. און איך פאַרזיכער אייך, אַז „באחרית הימים", ווען מען וועט אם ירצה השם זיצן ביי דער קאָאַליציע־שיסל און די אויפזיכט איבערן שרות הלאומי וועט מען איבער־געבן נישט צו גאָלדע מאירסאָן, נאָר צו „אונדז" — וועט אַזאַ שטייגער „שרות לאומי" זיין כדת וכדין.

אָבער אָט איז געשען ביי אונדז עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ביז די טיפענישן געדאַרפט אויפטרייסלען די גדולי התורה בציון. זיי האָבן געדאַרפט אויפשטיין ווי די לייבן און לעמפערטן און אייגרייסן הימל און ערד. זיי זענען אָבער געבליבן רואיק.

שטייט אין דער תורה געשריבן:

זכור את אשר עשה לך עמלק — געדענק וואָס עמלק האָט געמאַכט צו דיר, אשר קרך בדרך — וואָס האָט דיך געפּאַקט אונטערוועגס; ויזנב בך כל הנחשלים אחריך — און ער האָט געשלאָגן אַלע שלאַפע און שוואַכע הינטער דיר; ואתה עיף ויגע — און דו ביסט געווען מיד און דערשעפּט.

און דעריבער גיט אַרויס די תורה א צוו:

„בארץ אשר ד׳ אלקיך נותן לך נחלה לרשתה תמחה את זכר עמלק מתחת השמים. לא תשכח״. — אין דעם לאַנד, וואָס ד׳ דיין גאָט האָט דיר געגעבען פאַר אַ נחלה צו אַרבן, זאָלסטו דעם זכר פון עמלקן פון אונטער דעם הימל אויסמעקן. זאָלסט נישט פאַרגעסן!

און אַט האָט אַ יידישע שיף פון דעם האַנדלספלאָט פון מדינת ישראל געבראַכט אין דער יידישער מדינה דעם שענדלעכן זכר פון עמלקן — אייזן פון די זעלבע עמלק-פאַבריקן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט די רושטן און קרעמאַ־טאָריעס צו פאַרברענען דאָס יידישע פאָלק. מען האָט געבראַכט כעמיקאַליען פון די זעלבע דייטשע פאַבריקן, וואָס האָבן אויסגעאַרבעט דעם „ציקלאָן״ צו פאַרגאַזן דאָס יידישע פאָלק אין די גאַז־קאַמערן. מאָרגן וועט מען קיין ישראל ברענגען באַגערס פון די זעלבע פאַבריקן, וואָס האָבן געליפערט די באַגערס פאַר טרעבלינקע, סאָביבאָר און כעלמנאָ.

די ישראל רעגירונג האָט פאַרבעטן קיין ישראל פאָרשטייער פון עמלקן.

דער שענדלעכער זכר פון עמלקן וועט פאַרפּלייצן אונדזער לעבן. אונדזערע הייזער וועלן געבויט ווערן מיט דייטשן אייזן און האָלץ. די סחורות פון עמלקן וועלן אַרויסרייסן דאָס ברויט פונעם מויל פון יידישע אַרבעטער. מיר וועלן זיך וואַשן מיט זייף פון דייטשע כעמיקאַליען. יעדער ביסן עסן וועט זיין טמא מיט דייטשע עלעמענטן. אַנשטאָט אַ זכר לחורבן אין יעדן יידישן הויז, וועט יעדעס יידיש הויז אין מדינת ישראל זיין פול מיטן פאַרשאָלטענעם זכר פון עמלק. אין די פאַבריקן פון ישראל וועלן מאָרגן־איבערמאָרגן אַרבעטן דייטשע אינזשינערן. מיר וועלן אַלע טמא ווערן פון עמלקן. און עמלק אַליין ווערט אַריינ־געגנבעט אין דער מדינה אונטער פאַרשטעלטע נעמען.

און מען רעדט־אײַן קינד און קייט בישראל, אַז נאָר מיט דער הילף פון עמלקן וועלן מיר ראַטעווען אונדזער קיום.

זעט, ווי אַזוי עמלק רייסט זיך אַריין אין אונדזער מחנה, אַז אפילו לשנה־טובה קאַרטן ברענגט מען דאָך פון דייטשלאַנד. מען פאַרקלעפּט די דייטשע אויפשריפטן מיט יידישע אותיות „לשנה טובה״ און מען מאַכט טמא אונדזערע הייליקסטע געפילן.

אפילו די, וואָס האָבן בפרהסיה און מיט פאַרריסנקייט פּאַקטירט מיט עמלקן, האָבן דאָס געפיל, אַז זיי באַגייען אַ פאַרברעך. וואָרום ווען נאָך דעם ווי זיי האָבן אונטערגעשריבן דעם שאַנד־אָפּמאַך מיט עמלקן, זאָלן זיי האָבן אַ ריין געוויסן און קענען קוקן יידן אין די אויגן אַריין און שלאָפן דעם שלאָף פון גערעכטע — וואָלטן זיי די שיף מיט די דייטשע סחורות נישט אַריינגע־

גנבעט אין אַ ישראל־פאַרט אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. און זיי וואָלטן אויף די דעכער אַרום פאַרט נישט אויסגעשטעלט מאַשין־געווער. און זיי וואָלטן נישט געבראַכט קיין פאָליציייאישע שפירהינט און זיי וואָלטן נישט מורא געהאַט צו דערציילן די יידישע יונגעלייט פון דער פאָליציי צו וואָס פאַר אַן אַקציע זיי ווערן געפירט קיין יפו.

זיי וויסן וואָס פאַר אַ טומאה זיי פירן אַריין קיין ישראל. אָבער זיי זענען הענדלער, קרעמער, וואָס זענען גרייט אין בית המקדש אפילו אַריינצופירן אַ צלם, אַבי צו האָבן רווחים און מיטלען פאַר זייער אייגענעם גולם. זיי האָבן זיך פאַרלוירן און פאַרגעסן ווו זיי זענען אין דער וועלט. זיי האָבן פאַרגעסן און זיי מאַכן זיך פאַרגעסן, אַז צווישן אונדז דרייען זיך אַרום טויזנטער יידן מיט די אויסטאַטואירטע נומערן אויף די אָרעמס, די כל הנחשלים ועיפים און יגעים, וואָס עמלק האָט געזויגן זייער בלוט און איצט רייצט מען זייערע ווונדן. אַ, די יידן מיט די נומערן ווייסן דעם באַטייט פון די דייטשע באַגערס, פון די נאַצי־פירמעס „קרופ", „טעש אונד טעשינער", „א. גע. פאַרבען אינדוסטריע" און אַנדערע, וואָס פון טויט־ליפעראַנטן אין מיידאַנעק און בירקענאו, זענען זיי געוואָרן „רעטונגס"־ליפעראַנטן פון מדינת ישראל...

דאָס האָב איך דאָך אין 1948 מיט מיינע אייגענע הענט איבערגעגעבן אין רעליגיע־מיניסטעריום פון מדינת ישראל אַ באַנדעראָל פון אַ „ציקלאָן"־שעכטל, פון דעם גיפט מיט וועלכן מען האָט פאַרגאַזט יידן אין מיידאַנעק. און פון דער זעלבער האַמבורגער פאַבריק, וואָס האָט דעם „ציקלאָן" אויסגעאַרבעט, ווערן איצט געליפערט כעמיקאַליען קיין ישראל.

דעם שוואַרצן זכר פון עמלק שלעפּט מען אַריין קיין ארץ־ישראל. מען מאַכט טמא דאָס לאַנד, מען פאַרגאַזט די יידישע נשמה.

פון זיי, וואָס האָבן די תורה בלויז ווי כיבוד פאַר גויאישע אורחים און פאַר יידן האָבן זיי בריטישע אויסנאַם־געזעצן, קען איך נישט פאָדערן זיי זאָלן געדענקען דעם „לא תשכח" פון דער תורה. זיי האָבן פיל שפּעטערע תורות פאַרגעסן. זיי האָבן נישט בלויז תורת משה פאַרגעסן, נאָר אויך תורת הערצל, תורת סירקין און תורת ברענער. בלויז איין תורה האָבן זיי — די תורה פון קרעמער. געלט — געלט — געלט. פון טויטע און פון לעבעדיקע. זיי מאַכן נישט קיין אונטערשייד צווישן כשר געלט און געלט, פון וועלכן עס גיסט זיך יידיש בלוט. זיי וועלן פאַר געלט, פאַר זייער מולך, אַריינפירן דעם צלם אין קדשי־קדשים.

אָבער איר, גדולי התורה, אדמו"רים, רבנים, דיינים, וואָס איר האָט מרעיש עולם געווען קעגן שרות לאומי פון יידישע טעכטער פאַר דער יידישער מדינה — אויך איר האָט פאַרגעסן דעם „לא תשכח" פון דער תורה. קיין איין וואָרט האָט איר נישט געזאָגט קעגן עובר זיין אויף „תמחה את זכר עמלק". איר האָט גאָרנישט באַמערקט, ווי אין אַ פאַרט פון ציון האָט מען אַריינגעגנבעט אַ שיף מיט עמלק־קאָנטראַבאַנדע.

יידן אין די געטאָס זענען געגאַנגען אויף קידוש השם מיט דעם אויס־

געשריי: „זכור את אשר עשה לך עמלק". זיי האָבן געגרופן נישט בלויז צו די הימלען, נאָר אויך צו אונדז, לעבעדיקע יידן אין ארץ־ישראל, וואָס בלויז אַ נס האָט אונדז אָפּגעראַטעוועט פון דעם זעלבן פינצטערן גורל. זיי האָבן געגרופן אויך צו אונדז: „זכור את אשר עשה לך עמלק". און מיר פאַרגעסן אין זייער געשריי און אין דעם געבאָט פון „תמחה את זכר עמלק". און אויך איר, היטער פון תורת משה, וואָס איר קעמפט אַזוי שטאַרק, אַז די תורה זאָל זיין דער יסוד פון דער מדינה — איר שווייגט איצט, ווען מיר ווערן פאַרפלייצט פון פיל ערגערס ווי מיט חזיר, ווייל קיינעם אין ישראל נייט מען נישט צו עסן חזיר, אָבער קיין שום אָפּגעהיטענער ייד אין ישראל וועט זיך נישט קענען אויסהיטן פון עובר זיין אויפן „תמחה את זכר עמלק". ער וועט טראָגן דעם זכר פון עמלקן אין זיינע קליידער, ער וועט האָבן דעם עמלק־זכר אין זיין אַרבעטס־וואַרשטאַט, אין זיין שפייז, אויף זיין פעלד, אין דעם שפילצייג פון זיינע קינדער און אפילו די ספרים פון וועלכע ער לערנט, וועלן זיין געדרוקט אויף עמלק־פּאַפּיר.

און עס וועט הייסן, אַז דער זכר פון עמלקן איז אַריין קיין ציון מיטן שטילן הכשר פון די, וועלכע האָבן איינגעלייגט וועלטן קעגן גיוס בנות.

איז ווער וועט גלייבן אין אייער תהלים־זאָגן, אין אייער שופר־בלאָזן, אין אייערע שבועות און חרמות?

ווער וועט גלייבן, אַז איר זענט פריי פון די „העברעע וועלטלעכע אַספּעקטן" פון וועלכע די אפּיקורסישע מפא"י און אירע שותפים זענען גע־פאַנגען?

21טער אויגוסט 1953

ווי איר ווייסט, האָט זיך כעלעם, אַ חוץ מיט חכמה, מיט גאָרנישט אונ־טערשיידט פון אַנדערע יידישע קהילות. און ווי דער שטייגער, האָט כעלעם אויך געהאַט אירע אָרעמעלייט, וואָס האָבן געלעבט פון קצבה, מתן בסתר, מעות־חיטים און נאָך אַזעלכע יידישע פּרנסות.

דערציילט זיך וועגן אַזאַ כעלעמער אָרעמאַן, אַ ייד אַ מטופּל מיט קינדער, אַ ייד אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, וואָס האָט, נעבעך, געלעבט פון אַ פּאָר דאַרע גראָצערס, וואָס מען האָט אים צוגעוואָרפן פון דער קהלשער קאַסע.

ער האָט איין מאָל צונויפגערופן די זין, די טעכטער און דאָס ווייב און געזאָגט אַזוי צו זאָגן:

— קינדער, הגיעו המים עד נפש. איר זעט דאָך אַליין, אַז צו דער וואָך פעלט אונדז צו אַ מיטוואָך־דאָנערשטיק, פרייטיק־שבת און זונטיק־מאָנטיק־דינסטיק. און כאָטש לייג די ציין אויף די פּאָליצעס. האָב איך אייך צונויפגערופן, מיר זאָלן צוזאַמען געפינען אַ שטיקל אויסוועג, וואָרום כאָטש גיי פון דער בריק אין וואַסער...

האָבן די זין, די טעכטער און דאָס ווייב אונטערגעשפּאַרט די שטערנס מיט די ווייזפינגערס, ווי צום דענקען, און זיך געזעצט טראַכטן אונטערן פּאַרזיץ פון דעם טאַטן, דעם קבצן אין זיבן פּאָלעס.

זענען זיי געזעסן דריי טעג און דריי נעכט און געטראַכט אַהין און אַהער. זאָגט איין זון:

— טאַטע, איך וועל חתונה האָבן מיט אַ בת־מלכה. און ווי שיקט זיך דאָס, אַז דער שווער דער מלך, זאָל מיר נישט געבן קיין פּרנסה פאַר מיין טאַטן.

רופט זיך אָפּ דער טאַטע:

— אַ בת־מלכה היינטיקע צייטן? חס וחלילה! די וועלט איז דאָך פול מיט שטרייקערס און בונטאָווש־טשיקעס. איז וואָס זשע טו איך, אויב אַ שטרייקער וואַרפט אַ באָמבע און דער קיסר, דער שווער, ווערט צעריסן? פעלט מיר נאָך צום געלענדער אַ שנור אַ בת־מלכה אויף קעסט?!

זאָגט איין טאָכטער:

— טאַטע, איך וועל חתונה האָבן מיט אַ דאָקטאָר. און ווי שיקט זיך דאָס, אַז היינטיקע צייטן, ווען יעדער ייד איז חרוב קראַנק, זאָל אַ דאָקטאָר נישט פאַרדינען אויך פאַר דער פאַמיליע פון זיין הייס געליבטער פרוי?

ענטפערט דער טאַטע:

— אַ דאָקטאָר היינטיקע צייטן? חס וחלילה! וואָס טו איך אויב עס

ברעכט, חלילה, אויס די כאָלערע און אַלע פּאַציענטן שטאַרבן אויס? פעלט מיר נאָך אויף קעסט אַן איידעם אַ דאָקטאָר, וואָס אַן צווי אייער אויף פרישטיק רירט ער זיך נישט?!

און אַט אַזוי צווישן איין פלאַן און צווייטן, טוט דער טאַטע אַ קלאַפּ אין טיש:

— קינדערלעך, ווער עס איז שיין און איך בין קלוג! איך האָב, וואָס עפּעס בעסערס קען גאָרנישט זיין! אַזוי ווי צוואַנציק גראַצערס באַקום איך פון קהל און אַזוי ווי פאַר די גראַצערס קויפן מיר ברויט און הערינג און ציבעלעס, וועלן מיר דאָס ברויט, דעם הערינג און די ציבעלעס קויפן צום פרייז וואָס מיר צאָלן ביז איצט. ביים עסן וועלן מיר דאָס ברויט רעכענען דריי מאָל אַזוי פיל; און פון דעם פאַרדינטן אויפן ברויט וועלן מיר די הערינג באַרעכענען אויך דריי מאָל אַזוי פיל, און פאַר דעם פאַרדינטן פון די הערינג וועלן מיר קויפן אייער. וואָס שייך די ציבעלעס, וועלן מיר זיי באַרעכענען פינף מאָל אַזוי פיל. גישקשה, אַז מען האָט צו פרישטיק ברויט, פוטער און אייער, מוז מען זיך נישט איבערעסן מיט ציבעלעס... און פון דעם פאַרדינטן פון די ציבעלעס וועט מען קויפן וויסאָצקיס טיי און טאָקע האָבן דאָס גוט ביסעלע טיי...

איז דער ייד געלאָפן צו קהל: גיט מיר די צוואַנציק גראַצערס, וואָרום עס שטייט מיר פאַר נתעשר צו ווערן! און אַז קהל האָט געהערט, אַז אַ ייד שטייט נתעשר צו ווערן פון צוואַנציק גראַצערס, האָט מען אים אויסגעצאָלט די קצבה און ער איז געלאָפן איינקויפן פינף לאָבנס ברויט, צען הערינג און צוואַנציק ציבעלעס. אויפן וועג מאַכט ער דעם חשבון, אַז פון דעם אַליין וואָס ער טראָגט, האָט ער שוין אַזוי פיל; און פון דעם וואָס ער האָט נאָך אין דער קעשענע וועט ער אויך פאַרדינען דריי־פיר מאָל אַזוי פיל. און דריי־פיר מאָל אַזוי פיל פון צוואַנציק גראַצערס, מאַכט אויס אַן ערך פון אַ זיבעציק־אַכציק גראַצערס. און אַז אַ ייד האָט זיבעציק־אַכציק גראַצערס, איז ער דאָך אַ גביר עושר — איז, קינדערלעך, רייבט אַ סעודה, איר האָט אַ טאַטן אַן עושר!

האָט מען זיך, ווי דער שטייגער, צוגעכאַפּט צו דער אַכילה, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גבירישער משפּחה. אָבער אַז מען האָט אויפגעגעסן דעם לעצטן גראַצער און דער טאַטע דער „עושר" האָט דערזען, אַז ער האָט נישט אויף שבת — האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט זידלען די אַריטמעטיק, וואָס האָט אים פאַררעטעריש פאַרפירט...

עס איז געגנוג אַ קוק צו טאָן אויף די פאָסטעמקעס פון אונדזערע עקאָנאָמיע־מייסטערס, כדי צו דערקענען אין וועלכע אוניווערסיטעטן זיי האָבן זיך געלערנט און מ'קאָן באַלד דערפילן, אַז עס שמעקט מיט כעלעם. נאָר ווי דער שטייגער מיט גוטע תלמידים, שטייגן זיי איבער זייערע רבים און גייען נאָך העכער... אויב די עקאָנאָמיע פון דעם כעלעמער קבצן איז אַ מעשה, איז די עקאָנאָמיע פון אונדזערע מייסטערס אַ — לעגענדע, וואָס אַז מיר וועלן לעבן און געזונט זיין, וועלן מיר עס דערציילן אונדזערע אייניקלעך אין פריידן.

איר געדענקט דאָך אַוודאי די תורה פון דב יוספן, אַז ביי אונדז אין

לאַנד וועט נישט זיין קיין אָרט פאַר עקאָנאָמישער אומגלייכהייט: דעם גביר אַ פּאַר הויזן אויף דריי יאָר און דעם אָרעמאַן אַ פּאַר הויזן אויף דריי יאָר. דעם גביר אַנדערטהאַלבן שיך אין אַ יאָר און דעם אָרעמאַן אַנדערטהאַלבן שיך אין אַ יאָר. דעם גביר 100 גראַם פיש און דעם אָרעמאַן 100 גראַם פיש. דעם גביר אַן אַנסע אייל און דעם אָרעמאַן אַן אַנסע אייל. גלייך אויף גלייך — סיי אָרעם און סיי רייך, ווי עס פּאַסט פאַר דער יינגסטער דעמאָקראַטיע אין דער וועלט, וואָס וועט איבערראַשן און איבערשטייגן און איבער... ווייס איך וואָס.

וואָס פון דעם איז אַרויסגעקומען, דאַרף איך אייך נישט דערציילן. פון דעם גבירס אַ פּאַר הויזן אויף דריי יאָר האָט זיך אויסגעלאָזט אַ הויז און פון דעם אָרעמאַנס אַ פּאַר הויזן אויף דריי יאָר — האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. פון דעם גבירס אַנדערטהאַלבן שיך אַ יאָר האָט זיך אויסגעלאָזט אַ פאַבריק און פון דעם אָרעמאַנס אַנדערטהאַלבן שיך אַ יאָר האָט זיך אויסגעלאָזט אויפן הימל אַ יאַריד. פון דעם גבירס 100 גראַם פיש און אַנסע אייל האָט זיך אויסגעלאָזט אַ פולער פרידזשידער און פון דעם אָרעמאַנס 100 גראַם פיש און אַנסע אייל האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ער האָט נישט קיין געלט אפילו אויסצוקויפן די מנות פון „סאָציאַליסטישן אידעאַל״.

מען שמועסט אפילו, אַז פון אָט דער „באחרית הימים־גלייכהייט״ זענען די פאַבריקאַנטן און די אינדוסטריעלער אַזוי געריכרט געוואָרן, אַז זיי האָבן געשאָפן אַ פאָנד, כדי איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר צו שטעלן אַ דענקמאָל פאַר דב יוספן מיט אַן עפּיטאַף:

„יוסף דעם צווייטן
פון שבט פועל —
דעם דערליי׳ער פון פאַבריקאַנטן,
פון סוחרים — דער גואל״.

און אַז די מייסטערס האָבן דערזען כי לא טוב, אַז פון דעם נייעם סדר איז געוואָרן תוהו־ובוהו, רחמנא ליצלן, האָט מען זיך אָוועקגעזעצט טראַכטן און מען האָט זיך דערטראַכט, אַז פונקט ווי דער אַהין איז געווען אָוועקגעשטעלט אויף גלייכהייט, וועט מען איצט נעמען דעם „נאָזאַד״ אויף גלייבהייט:

אַ יקרות פאַרן גביר און אַ יקרות פאַרן אָרעמאַן... לעגאַליזירט דעם שוואַרצן מאַרק סיי פאַרן גביר און סיי פאַרן אָרעמאַן... אַ יקרות אויף הינדלעך און אַ יקרות אויף ברויט... לוקסוס־שטייער אויף זיידענע קליידער און לוקסוס־שטייער אויף כאַקי־הויזן... אַז מען שמועסט — סאָציאַליסטישע גלייכהייט!

אָט טאַקע דאַ אָנומעלט קום איך אַריין אין אַ געשעפט און בעט אַ פּאַר כאַקי־הויזן. טאַקע אַ פּאַר הויזן פרייע פון פונקטן, דלפונישע כאַקי־הויזן. ווייזט מיר דער סוחר אַ פּאַר תחתונים, וואָס אַ גביר וואָלט זיך געשעמט מיט זיי צו קומען אויף יענער וועלט. זאָגט מיר דער סוחר: דאָס קאָסט פיר און אַ האַלבן פונט. פרעג איך דעם סוחר: היתכן? פיר און אַ האַלבן פונט פאַר אַזעלכע תחתונים

אחרונים? ווייזט מיר דער סוחר, אַז אין די הויזן איז אַריינגענייט אַ צעטעלע מיט אַ שורה ציפערן און מיט אַן אויפשריפט: „מס־מותרות". זאָג איך צום סוחר: אויף אַ כפרה דאַרף איך מותרות. איך וויל נישט קיין לוקסוס־הויזן, גיט מיר אַ פּאָר פּראָלעטאַרישע הויזן און נישט קיין לוקסוס.

ענטפערט מיר דער סוחר:

נאָך ערגערער שטאָף און נאָך ערגער גענייט זענען בלויז תכריכים. אָבער אויך אויף תכריכים־הויזן איז דאָ אַ מס. נאָר אַזוי ווי מען קען דאָך נישט זאָגן, אַז תכריכים זענען מותרות, רופט מען דעם שטייער „מס־מסוייג"...

געהערט אַזעלכע דיבורים — בין איך אַוועק און געקויפט אַ פּאָר ריכטיקע לוקסוס־הויזן. אויב שוין יאָ צאָלן מס־מותרות, זאָל איך כאָטש מקיים זיין די מצווה פון מותרות...

אָט אַזוי, זעט איר, האָט זיך ביי אונדז אַלץ פאַרוואַנדלט אין לוקסוס: אַ ציגאַר איז לוקסוס און אַ געוויינטלעכער מאַכאָרקע־ציגאַרעט, וואָס רייסט די לונגעז, איז אויך אַ לוקסוס. הינער זענען לוקסוס און אַ גלאָז מילך איז אויך אַ לוקסוס. לעבעדיקע קאַרפּן זענען לוקסוס און אויך ברויט איז שוין אַ לוקסוס.

דער תירוץ איז: לוי אשכול איז גאָט די נשמה שולדיק. די קאַסע איז ליידיק, די באַאַמטע דאַרף מען אויסצאָלן די פּענסיעס און די קצבה סטייעט נישט. דאַרף מען הייבן די פּרייזן. אויפשלאָגן וואָס העכער און רייסן פון טויטע און פון לעבעדיקע. און אַז מען הייבט די פּרייזן — ווערט אַלץ טייערער, ווערן אויך די פּענסיעס טייערער. מוז מען ווידער הייבן די פּרייזן און די פּענסיעס שטייגן ווידער. איז דאָך נישטאָ קיין עצה, איז ווידער העכערע פּרייזן. העכערער צאָל, מער שטייערן. מען ציט דעם דאָלאַר ביי די אויערן — און ווידער גרעסערע הוצאות און ווידער נייע שטייערן...

שרייען יידן געוואַלד: מיר האַלטן שוין ביים לעצטן לעכל פון פּאַסיק און נאָך איין צי און מיר גייען אויס. ענטפערט אשכול: דער בוד־שעט. מען מוז ראַטעווען דעם בודזשעט און די קצבה איז שוין איצט וואַסער אויף קאַשע. מוז מען זיך „אָפּרעדן", אַז כאָטש אין דער וועלט פאַלן די פּרייזן, אַז כאָטש עס גרייטן זיך שיפן מיט אומזיסטע שפּייז פון אַמעריקע אַז כאָטש אין לאַנד איז אַ שפע אויף גרינסן מוז מען אַלץ מאַכן טייערער, ווייל דאָס איז — געזונט פאַרן בודזשעט.

עס איז פונקט ווי מיט יענעם קליינשטעטלדיקן פעלדשער, וואָס האָט געהערט, אַז אַספּירין איז געזונט. רופט מען אים צו אַ קראַנקן. טראַכט דער פעלדשער: אויב אַספּירין איז געזונט דאַרף מען דעם קראַנקן הייסן אַראָפּ־שלינגען מיט אַמאָל אַ פינף אַספּירין. אין אַ שעה שפּעטער אַלאַרמירט מען דעם פעלדשער: דער קראַנקער איז פאַרביי! זאָגט דער פעלדשער: פאַרביי? אַספּירין איז דאָך געזונט, לאָזט אים אַראָפּשלינגען אַ צען אַספּירין. אַ האַלבע שעה שפּעטער אַלאַרמירט מען ווידער דעם פעלדשער: דער קראַנקער גוססט! שרייט דער פעלדשער: גאָט איז מיט אייך! אַספּירין איז דאָך געזונט! שטופּט אַריין דעם קראַנקן נאָך אַ צוואַנציק אַספּירין...

אויף צו מאַרגנס דערוויסט זיך דער פעלדשער, אַז דער פּאַציענט איז געשטאָרבן. שאָקלט ער מיטן קאָפּ און זאָגט: אַ שאָד, זעט אויס ער האָט געהאַט אַ שוואַך האַרץ. אַ נישט וואָלט איך אים מיט אַזאַ אַספּירין־קוראַציע געשטעלט אויף די פיס...

זעט־אויס, אַז פון לוי אשכולס „אַספּירין־קוראַציע" האָט זיך דער האַנדלס־מיניסטער פּרץ בערנשטיין דערשראָקן, אַז נאָך אַ ביסל יקרות, נאָך אַ ביסל שטייערן — און מיר וועלן פאַרפאָרן אין אַזאַ בלינד און פינצטער געסל, פון וועלכן נישט דער בירגער און נישט דער בודזשעט וועלן אַרויס מיט גאַנצע ביינער. אָבער היות מען האָט שוין אַראָפּגעשלונגען אַזעלכע פערדישע פּאַרציעס „אַספּירין", אַז אָט־אָט און מיר זענען פאַרביי — פאַרשרייבט בערנשטיין אַ „פּאַרגליוווערונגס־קור". פּונקט ווי מען פאַרפרירט נאַרוועגישע פיש און אַרגענ־טינער פלייש, זאָל מען ביי אונדז פאַרפרירן דעם יקרות, נישט הייבן מער די שטייערן, נישט אויסציען מער דעם דאָלאַר פאַר די גרונד־שפּייזן. און נישט בלויז פאַרפרירן דעם יקרות, נאָר אויך ביליקער מאַכן סחורות.

ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

איינער פון די מיטלען זאָל זיין: פאַרוואָרפן דעם ישראל־מאַרק מיט אַזוי פיל דייטשע סחורות צו ביליקע פּרייזן, אַז אונדזערע פאַבריקאַנטן זאָלן צוליב קאָנקורענץ־טעמים מוזן אַראָפּלאָזן די פּרייזן.

נו, דאָס איז שוין אַן אמתע „אַספּירין"־קוראַציע. וואָרום דער מיניסטער פאַרגעסט, אַז אויב מען וועט דעם ישראל־מאַרק פאַרוואָרפן מיט דייטשע סחורות פון דעם מין, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין לאַנד — וועלן די קרבנות זיין די אַרבעטער. דער פאַבריקאַנט, וואָס האָט אייגנטום און האָט רעזערוון, וועט האָבן אַ ברירה צו שליסן די פאַבריק און לעבן פון גרייטן ווי לאַנג ער וועט קענען. אָבער די אַרבעטער וועלן באַלד אויף צו מאַרגנס זיין אָן ברויט און נישט קענען קויפן די „ביליקע" סחורות.

און אַז די אַרבעטער וועלן נישט אַרבעטן — וועלן זיי ניט האָבן פון וואָס צו צאָלן שטייערן. און אַזאַ מין קינסטלעכע אַרבעטלאָזיקייט קאָן דערפירן צו אַזעלכע סאָציאַלע רעזולטאַטן, אַז אפילו אַ ריכטיקע רפואה זאָל שוין מער נישט העלפן.

הכלל, ווער עס שטעלט זיך איין אויף קצבה, אויף לעבן פון שנאָר — דער מוז דערגיין צו דער כעלעמער אריטמעטיק פון זיין אָן „עושר" און זיין אויף צרות.

און ווער עס וויל נישט האָבן קיין טענות צו דער אַריטמעטיק, האָט איין ברירה: אין שוויס פון זיין שטערן צו פאַרדינען זיין ברויט און אין שוויס פון אייגענער אַרבעט בויען דאָס לאַנד; און פאַרגעסן אין קצבה, מעות־חיטים, אָדער מתן בסתר.

28טער אויגוסט 1953

## צוויי מאַרקטעג און אויף שבת איז נישטאָ

בעלעמער חכמים איז אַמאָל איינגעפאַלן, אַז דער סדר אויף דער וועלט איז שלעכט אָוועקגעשטעלט און אויב חלילה מען וועט דעם וועלט־סדר נישט איבערשטעלן, איז — אויס וועלט. שטעלט אייך פאָר אַזאַ גאָלדענעם טאָג אין דער וואָך, ווי דאָנערשטיק, ווען עס שטעלט זיך דער מאַרקטאָג: פויערים קומען פון די דערפער מיט פולע וועגענער און זעק, אַז מען קען פשוט נתעשר ווערן. איז אָבער די צרה וואָס אין דעם טאָג מוזן יידן אויך אויפשטעלן די סטראַגאַנעס מיט הויזן, מיט שטיוול, מיט שניט־סחורה און מיט געבעקס. און אַז מען שטעלט אויס די סטראַגאַנעס — לייזט מען. און אַז מען לייזט — האָט מען נישט קען צייט צו טאַפּן אין די פויערישע זעק. און אַז מען טאַפּט נישט אין די פויערישע זעק, קען מען דאָך נישט נתעשר ווערן. איי, מען קען דאָך נישט לייזן, גאָר בעסער גיין טאַפּן די זעק — איז די מעשה, וואָס אַז מען לייזט נישט, האָט מען נישט אויף שבת. איז וואָס זשע קומט אַרויס פון נתעשר ווערן, ווען מען האָט נישט אויף שבת?...

זענען זיך צונויפגעקומען די שבעים זקנים דק״ק בעלעם און זיך אָוועקגעזעצט טראַכטן וואָס צו טאָן: אין שטאָט איז פאַראַן אַן אוצר — דער מאַרקטאָג — ווען מען קען נתעשר ווערן און גוטס טאָן קינדער. נאָר גיי זוך דעם אוצר, ווען דו ביסט צוגעבונדן צום סטראַגאַן און צום קרעמל.

האָבן די שבעים זקנים געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און אויסגעטראַכט, אַז עס קען גאָרנישט זיין עפּעס בעסערס ווי מען זאָל מאַכן, אַז יעדע וואָך זאָל האָבן צוויי דאָנערשטיקס. אַז עס וועלן זיין צוויי דאָנערשטיקס וועלן זיין צוויי מערקטעג. וועט מען אין איין דאָנערשטיק אויסשטעלן די סטראַגאַנעס אויף צו לייזן, מען זאָל האָבן אויף שבת; און דעם צווייטן דאָנערשטיק וועלן קומען די פויערים מיט די וועגענער, וועט מען טאַפּן אין די זעק און — נתעשר ווערן.

ווו זשע נעמט מען אָבער צוויי דאָנערשטיקס אין איין וואָך?

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען די שבעים זקנים און ווידער געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט, ביז מען האָט זיך דערטראַכט, אַז נישט קיין אַנדערער ווי דער רבונו־של־עולם אַליין האָט באַשאַפן צוויי דאָנערשטיקס: אַזוי ווי מען זאָגט במשך פון דער וואָך צוויי מאָל „והוא רחום”, מאָנטיק און דאָנערשטיק, איז פון דעם געדרונגען, אַז אויך מאָנטיק איז דאָנערשטיק...

האָבן זיך די שבעים זקנים געווונטשן „מזל־טוב”. עפּעס אַ קלייניקייט?! נישטאָ אַזעלכע חכמים ווי אין ק״ק בעלעם! און יידן וועלן, אם ירצה השם,

שאַרן רענדלעך אין די גאַסן... אין איין דאָנערשטיק וועט מען אויסשטעלן די סטראַגאַנעס און פאַרדינען אויף שבת און אין דעם צווייטן דאָנערשטיק וועט מען טאַפּן אין די פויערשע זעק און נתעשר ווערן...

איז אין כעלעם געווען ששון ושמחה: אַזאַ גליק! צווי דאָנערשטיקס, צווי זשויבטעג. נייַן, ווער עס איז שיין, אָבער כעלעם איז קלוג.

האָבן יידן אָנגעהויבן לויפן צו קהל און פרעגן אין וועלכן דאָנערשטיק פון דער וואָך זאָל מען אויפשטעלן די סטראַגאַנעס און אין וועלכן דאָנערשטיק זאָל מען טאַפּן אין די זעק...

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען די שבעים זקנים, ווידער געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און אויסגעטראַכט, אַז אין דעם ערשטן דאָנערשטיק פון דער וואָך זאָל מען טאַפּן אין די זעק און נתעשר ווערן און דעם צווייטן דאָנערשטיק פון דער וואָך זאָל מען אויפשטעלן די סטראַגאַנעס און פאַרדינען אויף שבת.

מאָנטיק, עס הייסט אין דעם ערשטן כעלעמער דאָנערשטיק, ווי נאָר דער בורא־עולם האָט אַרויסגעלאָזט די זון פון פוטער־פאַס, איז שוין גאַנץ כעלעם געשטאַנען אויף די פיס. קינד־און־קייט איז אַרויס אין גאַס און זיך געגרייט, אַז אָט באַלד וועלן אָנהייבן קומען די פולע פויערישע וועגענער, עס וועט זיך שטעלן דער גרויסער יאַריד, מען וועט אָנהייבן טאַפּן אין די זעק און מען וועט שאַרן רענדלעך אין די גאַסן, מען וועט נתעשר ווערן. מלמדים האָבן אויף דעם טאָג צעלאָזט די חדרים, שניידער האָבן אויסגעלאָשן די פרעס־אייזנס, בעל עגלהס האָבן נישט געשפּאַנט די פערד — אַלע האָבן זיך מיט אויסגע־צויגענע הענט אַרויסגעלאָזט אין גאַס, גרייט צו טאַפּן די זעק.

שטייט כעלעם גרייט נתעשר צו ווערן. די זון איז שוין הויך אויפן הימל. דער זייגער ווערט 9 און 10 און קיין פויער זעט מען נישט. דער זייגער ווערט 11 און 12. דורך דער צייט האָט מען שוין געקענט אָנשאַרן די ריכטיקע זעקלעך מיט רענדלעך אָבער קיין פויערישן וואָגן זעט מען נישט אויף קיין רפואה. נישט אַנדערש נאָר די גויים ווילן נישט, אַז כעלעמער יידן זאָלן רייך ווערן....

לויפן יידן אַוועק צו קהל: היתכן? ס'איז אַ דאָנערשטיק איבער דער וועלט, יאָ, צי נישט? די שטאָט האָט זיך געגרייט טאַפּן אין די זעק, נאָר די פויערים זענען נישט געקומען. איז וואָס זשע וועט זיין מיטן צווייטן דאָ־נערשטיק?

האָבן די שבעים זקנים ווידער געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און באַשלאָסן, אַז היות ווי יידן דאַרפן אויף שבת, זאָל מען דעם צווייטן דאָנערשטיק אין דער וואָך, למען השם נישט טאַפּן אין די זעק, נאָר פונאַנדערשטעלן די סטראַגאַנעס און פאַרדינען אויף שבת.

האָט זיך טאַקע דעם צווייטן דאָנערשטיק געשטעלט דער ריכטיקער מאַרק און יידן האָבן צעשטעלט די סטראַגאַנעס. אָבער אַזוי ווי יידן האָבן געהאַט אַן אָנזאָג פון קהל מ'זאָל, למען השם, דעם צווייטן דאָנערשטיק נישט טאַפּן קיין זעק,

האָבן פּויערים נישט געלייזט קיין געלט פאַר ווייץ און קאַרטאָפל און דעריבער האָבן זיי נישט געהאַט פּאַרוואָס צו קויפן הויזן און שטיוול — און די יידן זענען געבליבן מיט גאָרנישט אויף שבת...

האָבן כעלעמער געטראַכט, אַז ווער עס איז שיין און מיר זענען קלוג: דעם ערשטן דאָנערשטיק פון דער צווייטער וואָך וועלן מיר שוין נישט לויפן טאָפּן אין די זעק, נאָר פאַרקערט, מען וועט אַרויסשטעלן די סטראַגאַנעס און דערוויל פאַרדינען אויף שבת. וואָרום אַז מען האָט שוין אויף שבת, קען מען זיך שוין אין דעם צווייטן דאָנערשטיק דערלויבן דאָס פאַרגעניגן נתעשר צו ווערן.

האָט גאָט געגעבן דעם מאָנטיק, ס'הייסט, דעם ערשטן דאָנערשטיק פון דער צווייטער וואָך. דאָס מאָל האָבן יידן צעשטעלט די סטראַגאַנעס. אָבער דער זייגער איז שוין 9, איז שוין 10 — און קיין פּויער זעט מען נישט אויף אַ רפואה.

ווערט שוין קהל צעבייזערט. אַזאַ זאַך! עס איז נישט געהערט געוואָרן אויף דער וועלט! האָבן צוויי דאָנערשטיקס אין איין וואָך און נישט פאַרדינען אויף שבת און אויך נישט נתעשר ווערן?! הכלל, כעלעם וועט זיך נישט לאָזן! אויך דעם צווייטן דאָנערשטיק וועט מען אַרויסשטעלן די סטראַגאַנעס און זיך נישט צורירן צו די זעק. וואָרום פאַרדינען אויף שבת איז בילֹיכער פאַר אַלץ!

היות ווי די יידן האָבן אויך דעם דאָנערשטיק נישט געטאָפּט אין די זעק און די פּויערן האָבן נישט געלייזט און נישט געהאַט פּאַרוואָס צו קויפן הויזן און זאַלץ און נאַפט, האָבן זיי באַשלאָסן: מער קיין כעלעם קומען זיי נישט. פון היינט־אָן פאָרן זיי צום מאַרק קיין לעוואַרטאָוו.

זענען די כעלעמער געבליבן, מיט צוויי פּוסטע דאָנערשטיקס און מיט פולע סטראַגאַנעס. און זיי האָבן זיך געזעצט זאָגן תהלים, אַז אַ פּויער זאָל אַריינשמעקן אין שטאָט אַריין...

כ'האָב די מעשה דערציילט אַ ביסל באַריכות, כדי איר אַליין זאָלט זי קענען צופּאַסן צו דערווירקלעכקייט פון אונדזערע אייגענע כעלעמער און אַז איר וועט דאָס פּרווון טאָן, וועט איר זען, ווי אַזוי דאָס קומט אַרויס פון זיך אַליין...

אָט נעמט, אַ שטייגער, דעם גרויסן דאָנערשטיק, דעם ריכטיקן מאַרק־טאָג, ווען פון אַמעריקע האָבן זיך געשאָטן דאָלאַרן, ווי באַב, און יידן, קיין עין הרע האָבן זיך געשאָטן ווי מן פון הימל — פון פּוילן און די דייטשע לאַגערן, פון פּערסיע און פון תימן, פון פראַנקרייך און פון גריכנלאַנד, פון יוגאָסלאַוויע און פון אינדיע, פון איראַק און פון צפון־אַפריקע. און די דאָלאַרן! יידן האָבן אָנטקעגנגעטראָגן אוצרות: הונדערט מיליאָן, צוויי הונדערט מיליאָן, אַ האַלבן מיליאַרד, אַ גאַנצן מיליאַרד — גאַנצע זעק.

האָט קהל געזען, אַז מען קען זיך נישט צערייסן: וואָס טוט מען פריער? צי זאָל מען פריער „טאָפּן אין די זעק", אָדער זאָל מען פריער אויפשטעלן די בלעכענע סטראַגאַנעס? פון „טאָפּן אין די זעק" קען מען נתעשר ווערן, אָבער

פון אויפשטעלן די סטראַגאַנעס קען מען דאָך, קודם־כל, האָבן אויף שבת. אָבער אַזוי ווי עס זענען פאַראַן צופל „זעקטאַפערס”, איז אפשר גלייכער מען זאָל אויפשטעלן די סטראַגאַנעס און פאַרדינען אויף שבת?

איז אָבער דער יצר־הרע גרויס ווי דער ים הגדול, און רק ער רעדט אַריין אין אויער: „שוטה, וואָס פאַרדרייסטו זיך אַ קאָפּ מיט סטראַגאַנעס, אַז דאָ ליגן זעק, וואָס אַנדערע „טאַפּן” אין זיי און ווערן נתעשר”... און אַז מען לויפט „טאַפּן אין זאַק” איז דער יצר־הרע שוין ווידער דאָביים אויער: „שוטה, אין די זעק טאַפּן שוין צופל הענט; לויף צו די סטראַגאַנעס, וועסטו דערווייל פאַרדינען אויף שבת”.

פון דעם יאָגעניש און קאָכעניש, האָט קהל נישט געוווּסט וואָס פריער צו טאָן. מען קען זיך דען צערייסן? צי קען דען טאַקע אַ זינדיקער מענטש וויסן ביי וועלכן אויוון מען קען זיך אָנוואַרעמען און ביי וועלכן מען קען זיך פאַרברענען?...

זענען זיך צונויפגעקומען די שבעים גבאים צו באַטראַכטן, וואָס טוט מען מיט אַזאַ זשויב־יאַריד? עס גייט, קיין עין הרע, פון צווי זייטן: פון איין זייט — יידן און פון דער צווייטער זייט — דאָלאַרן; און מער ווי איין שטיקל גוף פאַרמאָגט דאָך נישט דער מענטש! טאָמער ביסטו ביי די זעק, קענסטו שוין נישט זיין ביי די בלעכענע סטראַגאַנעס. און טאָמער ביסטו ביי די סטראַגאַנעס, טאַפּט שוין אַן אַנדערער אין די זעק. מען קען פּלאַצן!

האָבן די שבעים גבאים געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און אויס־געטראַכט, אַז מען דאַרף בייטן דעם סדר. עס דאַרפן זיין צווי „דאַנערשטיקס” מיט צווי באַזונדערע „מערקטעג”. אין איין „דאַנערשטיק” זאָלן זיך שיטן דאָלאַרן און אין צווייטן „דאַנערשטיק” זאָלן קומען יידן. פאַרוואָס עפּעס אַלץ צוזאַמען? דער רבונו־של־עולם, וואָס איז אַ גרעסערער כל־יכול פון אַלע אונדזערע גבאים, האָט אויך נישט באַשאַפן די וועלט אין איין דאַנערשטיק, נאָר זיך געמאַכט גאַנצע זעקס דאַנערשטיקס!

איז געטראַכט און געמאַכט. פון איצט אָן וועלן קומען דאָלאַרן באַזונדער און יידן באַזונדער.

איז אין וועלכן דאַנערשטיק זאָלן קומען די דאָלאַרן און אין וועלכן דאַנערשטיק זאָלן קומען די יידן?

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען די שבעים גבאים, געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און באַשלאָסן, אַז קודם, אין דעם ערשטן דאַנערשטיק, זאָלן גיין די דאָלאַרן, וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, יידן זענען נישט קיין האָזן — זיי וועלן נישט אַנטלויפן. זיי האָבן געוואַרט צוויי טויזנט יאָר, וועלן זיי וואַרטן צוויי טויזנט און זעקס יאָר. עס ברענט נישט! דאַקעגן דאָלאַרן, זעט איר, דאַרף מען וואָס שנעלער אויסלייזן פון גלות. מיט זיי טאָר מען זיך נישט שפּילן, וואָרום עס קען זיי אַמאָל איינפאַלן דאָס, וואָס עס איז איינגעפאַלן די אַמעריקאַנער ציוניסטן — נישט צו קומען...

דער חשבון מיט די דאָלאַרן און מיט די יידן האָט ביי אונדז געשטימט

געננוי, פּונקט ווי עס האָט געשטימט דער חשבון מיט די סטראַגאַנעס און מיט די פּויערישע זעק אין כעלעם. געזעץ איז געזעץ. און ס׳האָט זיך אויסגעלאָזט מיט די דאָלאַרן און מיט די יידן אַזוי ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט די סטראַגאַנעס און זעק אין כעלעם. מיר זענען געבליבן מיט די פולע בלעכענע סטראַגאַנעס אין די מעברות; און די זעק מיט די דאָלאַרן ווילן נישט קומען. וואַיזט אויס, אַז פּונקט ווי אַ יאַריד האָט ליב עס זאָלן זיין צוזאַמען סיי פולע סטראַגאַנעס און סיי פולע פּויערישע וועגענער, אַזוי האָבן דאָלאַרן ליב צו קומען צוזאַמען מיט יידן...

זענען אונדזערע גבאים געבליבן מיט צוויי פוסטע דאַנערשטיקס און מיט פולע בלעכענע סטראַגאַנעס אין די מעברות און אַזוי פיל סטראַגאַנעס אין די מאַגאַזינען, אַז מען קען זיי שוין איצט בחצי חינם פאַרקויפן קיין — גריכנ־לאַנד, כדי עס זאָל כאָטש זיין אַ פּאָר פּיאַסטער אויף הוצאות צו פאָרן זוכן אַ ייד אין דער וועלט, טאָמער וועט צוזאַמען מיט אים אויך עולה זיין אַ דאָלאַר...

איז אָבער די מעשה, וואָס יידן פאַרטראָגן נישט קיין פוסטע דאַנערשטיקס, קיין פוסטע יאַרידים־טעג. פוסט מעג זיין אַ געוויינטלעכער טאָג, ווען מען זאָגט נישט „והוא רחום״. נאָר טאָמער איז פוסט דער יאַריד טאָג — אַנטלויפן יידן קיין — קאַנאַדע, אָדער אפילו קיין דייטשלאַנד, אָדער זיי אַנטלויפן אין שמד, צי אין אַנדערע צרות אויף אונדזערע שונאימס קעפּ. נאָך איידער מען הערט, ווי עס קלאַפּן די רעדער פון דעם וואָגן, מיט וועלכן עס קומט אַ האַלבער עולה — זענען שוין טויזנט יידן אַנטלאָפן ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט. זיי פאַר־טראָגן נישט דעם אומעטיקן יאַריד, ווו יידן גענעצן ביי די סטראַגאַנעס און קיין פּויער באַווייזט זיך נישט.

פונדעסטוועגן איז אין אונדזער כעלעמער געשיכטע פאַראַן איין ליכטיקער פּונקט, וואָס אונטערשיידט אונדז פון יענע כעלעמער. נעמלעך: אין דער צייט ווען יענע כעלעמער מיט די דורכגעפאַלענע צוויי דאַנערשטיקס, האָבן זיך געזעצט זאָגן תהלים, אַז אַ פּויער זאָל אַריינשמעקן אין שטאָט — פאַרלאָזן זיך נישט אונדזערע כעלעמער אין גאַנצן אויף תהלים. חוץ תהלים (האַלטן הויך־קלינ־גענדיקע, אויגן־גלאַצערישע, שמן־זית־טריפנדיקע, פאַטעטיש־פּאַטריאַטישע רעדעס) ווערן אויך אין דער וועלט אַריין געשיקט שליחים.

איינער אַזאַ שליח, אַ סאַמאַראַדנער מיטגליד פון דער סוכנות־לייטונג, איז איצט געקומען פון אַן עקספּעדיציע אין צפון־אַפריקע און אונדז מבשר געווען אַ פריילעכע בשורה, אַז אין די אַטלאַס־בערג האָט ער געפונען אַ יידיש דאָרף, וואָס איז מוכן ומזומן, אם ירצה השם, עולה צו זיין קיין ישראל. אויף ווי ווייט עס דערגרייכט דער ענטוזיאַזם פאַר עליה אין די אַטלאַס־בערג (דער העכסטער באַרג־שפּיץ פון די אַטלאַס־בערג דזשעבעל דזורדזשורא ליגט אויף אַ הויך פון 2308 מעטער) באַווייזט דאָס, וואָס די יידן, וואָס וווינען אונטער דזשעבעל דזשורדזשורא, האָבן ספּעציעל פאַרפאַסט אַ ליד אויף עברית לכבוד ה׳ רפאל, דעם סוכנות־שליח, וואָס וויל זיי אויסלייזן פון די אַטלאַסענע בערג און ברענגען אין דער גאולה פון די בלעכענע געצעלטן.

איך אַליין בין נישט געווען אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ, ווו דער סוכנות־פירער האָט דערציילט די סענסאַציאָנעלע נייס, אַז יידן פון אונטערן דזשעבעל דזשורדזשוראַ רייסן זיך צו דער עליה. נאָר אַזוי ווי פון גוט באַגלייבטע קוועלן האָב איך שוין געהערט ציטירן דריי ווערסיעס פון דעם פאַרפאַסטן ליד פון די אַטלאַסענע יידן לכבוד דעם חשובן שליח פון דער סוכנות, דערלויב איך זיך איבערצוזעצן איין ווערסיע אין יידיש:

„געלויבט ביסטו רפאל,
ביסט אייזן־שטאַרק ווי שטאָעל,
פיר אונדז קיין ישראל,
ווי משה רבינו אַמאָעל.
דזשעבעל דזשור־דזשוראַ,
עס לעבע אדון רפאל".

נאָך אַזאַ מין נצחון אין די אַטלאַס־בערג, הייב איך אָן קוקן מיט חזון־אויגן אויף די גרויסע אויסזיכטן פון אַ מאַסן־עליה פון אַלע בערג־געביטן אין דער וועלט: פון די קאַווקאַזער בערג, פון די פּאַלמירער בערג, פון די אַלפּן־בערג, פון די טאַטרן־בערג, פון די פּירענעען־בערג. און נישט אומזיסט האָט אַן עקספּעדיציע לעצטנס דערגרייכט דעם באַרגשפּיץ פון עווערעסט — אויך פון די הימאַלאַיען־בערג וועט גיין אַ מאַסן־עליה. און ווי עס ווערט געמאָלדן פון די סוכנות־קרייזן, איז שוין באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן פאַרלייכטערונגען אין די האַרבע געזעצן פון דער „סעלעקטיווער עליה". און הגם דער „הארץ" איז קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן אַזעלכע פאַרלייכטערונגען, איז צו האָפן, אַז די רעגירונג וועט דעם באַשלוס פון דער סוכנות באַשטעטיקן און עס וועט זיך אָנהייבן אַ ברייטער עליה־שטראָם. עס איז צו האָפן, אַז צוזאַמען מיט אָט דעם עליה־שטראָם, זאָלן ווידער אָנהייבן פליסן דאָלאַרן, עס זאָל זיך ווידער שטעלן דער גרויסער יאַריד, אין איין דאָנערשטיק — סטראַגאַנעס צוזאַמען מיט זעק, עס זאָל ווידער זיין אין וואָס צו טאַפּן — אויף נתעשר צו ווערן און אויך צו האָבן אויף אַ כשרן שבת...

16טער אָקטאָבער 1953

# דער אַלט־נייער גאַראַדאָוואָי מעסט יושר

ביי מיר אין שטעטל איז געווען אַן אַלטער אויסגעדינטער גאָראָדאָוואָי, וואָס האָט נאָך געדענקט אַלעקסאַנדערס צייטן. אין זיינע יונגע יאָרן פלעגט ביי אים זיין לייכטער ארויסצוציען די שווערד פון דער שייד, ווי אויפעסן אַ קאָפּ פון יידישע פיש. אויב ער האָט זיך צערעדט וועגן די „גלאַנץ־תקופות" פון זיין לעבן, זענען אַלע דאַטעס געווען „יידישע": „האַ, דאָס איז געווען אין האָמעל... ווען מיר האָבן געשונדן די פעל פון שטרייקערס"; „אַך, יאַ, דאָס איז געווען אין מינסק, ווען מען האָט צעטריבן די יידישע בונטאָווטשיקעס"; „יאַ, איך דערמאָן זיך שוין... דאָס איז געווען אין ביאַליסטאָק, ווען מיר האָבן צעטריבן יידישע קראַמאַלניקעס אין וואַלד".

אָבער ווען דער גוי איז עלטער געוואָרן, די שווערד האָט זיך אים אנגעהויבן נאָכשלעפן; און אויפעסן אַ פּאָרציע יידישע פיש איז געווען אַ שפּילכל אנטקעגן אַרויסציען די שווערד פון דער שייד — פלעגט ער אָפטער אַריינקומען צו יידן און זיי זיך דערקלערט אין ליבע, אַז, אייגנטלעך, האָט ער קיין מאָל יידן נישט פיינט געהאַט. חלילה, זיי זענען אויך מענטשן. אפילו דער צאַר ווייסט וועגן דעם. נישט מער, צו וואָס דאַרף מען זיך בונטעווען? אויב דער צאַר גיט אַרויס אַ „פּריקאַז", אַז מען טאָר נישט שטרייקן — טאָר מען נישט! „פּריקאַז" איז „פּריקאַז". אויב דער צאַר גיט אַרויס אַ „פּריקאַז" אַז מען טאָר זיך נישט זאַמלען אין די גאַסן, איז „פּריקאַז" — „פּריקאַז" און מען דאַרף זיך נישט זאַמלען אין די גאַסן. און אַז דער צאַר גיט אַרויס אַ „פּריקאַז" אָנברעכן די ביינער די „סוואָלאָטשעס", איז „פּריקאַז" — „פּריקאַז" און מען דאַרף זיך לאָזן ברעכן די ביינער. נישקשה, דער צאַר באַטיושקאַ ווייס, וואָס ער טוט און מען דאַרף אים פאָלגן. זענען אָבער געקומען די שלעכטע יידן פון ביאַליסטאָק און נישט געלאָזט אויספירן דעם „פּריקאַז". זיי האָבן זיך צעבונטעוועט: מיר אַ שאָס — זיי אַ שאָס; מיר מיט דער „שאַשקע" און זיי — מיט אַ מעסער. מיר מיט פּיקעס און זיי — מיט העק. האָט די וועלט געהערט אַזאַ סקאַנדאַל? נו אדרבה, ווילט איר, אַז מיר זאָלן יידן דערפאַר ליב האָבן?...

האָבן יידן אָנגעהויבן איינטענהן:

— גאָספּאָדין גאָראָדאָוואָי, ווי קען מען דאָס האַקן מיט אַ שווערד איבער די קעפּ?

— דאָס זענען דאָך יידן! — פלעגט דער אַלטער גאָראָדאָוואָי זיך אויפקאָכן און פאַרהוסטן. און ער פלעגט אַרויסכאַפּן פון בוזעם דאָס פּייפּעלע גרייט אויף צו אַלאַרמירן די רוסישע אימפּעריע... קעגן יידישער געפאַר.

דער אַלטער גאַראַדאַוואַי, וואָס האָט באַוווּנדערט יידישע פּיש און ליב געהאַט יידישע קעפּ, איז נישט געשטאָרבן. ער לעבט אין פאַרשיידענע גילגולים אין דער גרויסער וועלט. היינט טראָגט ער נישט ביי דער זייט קיין שווערד, נאָר ער פאָרט אין אַ טאַנק און האַלט אין בוזעם־קעשענע אַן אַטאָם־באָמבע. בלויז אין איין זאַך האָט ער זיך נישט געביטן — ער פאַרשטייט ווייטער נישט די יידן.

אַ מאָדנע פאָלק: עס אנערקענט נישט קיין „פּריקאַז". ס'איז דאָ אַ „פּריקאַז" אַריבערצוגיין די גרענעץ און שעכטן אַ פּאָר יידן — שעכט מען. „פּריקאַז" — איז „פּריקאַז". קומט אַ „פּריקאַז" ביי דער נאַכט אַריינוואַרפן אַ באָמבע אין אַ יידיש הויז — דאַרף מען זיין לאָיאַל און פריער אַליין עפענען די פענצטער, עס זאָל זיין לייכטער אַריינצוואַרפן די באָמבע... „פּריקאַז" איז „פּריקאַז" און „דער צאַר ווייסט בעסער".

אָבער ווו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז יידן זאָלן זיך בונטעווען? ענטפערן מיט שיסן, מיט באָמבעס און מיט אַנדערע צרות? פע, דאָס איז אַ פאַרברעך, וואָס מען דאַרף זיי אָנלערנען, די בונטאָווּשטשיקעס!

אפשר געדענקט איר נישט — דאַרף מען עס דערמאָנען, וואָס פאַראַ קאָמפּלימענטן און וואָס פאַראַ לאָקריץ־זיסע ווערטער עס האָבן אונדז געשענקט די גויים נאָך דער מלחמה: אַזאַ אָרעם פאָלק, נעבעך, אַזאַ גוט פאָלק, די יידן. ווי מען האָט זיי דאָס געקוילעט! טאַקע אַ רחמנות. און טאַקע וואָס האָט „די וועלט" געקענט טאָן קעגן היטלערן, ווען ער האָט געמאָרדעט יידן? גאָרנישט האָט זי, נעבעך, געקענט טון. נאָך אַמאָל דערקלערן היטלערן אַ מלחמה? — דאָס האָט ניט קיין זין. סיי־ווי פירן מיר דאָך מלחמת קעגן היטלערן. איז אַז מיר וועלן געווינען — וועט איר אויך געווינען. איי, איר זאָגט, מיר זאָלן היטלערן וואָרענען, אַז מיר וועלן אָננעמען ספּעציעלע סאַנקציעס פאַר מאָרדן יידן? — ווי קענען מיר דאָס טון? רוזוועלט אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז עס וועט מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק, אויב עמעצער וועט זאָגן, אַז דאָס איז אַ מלחמה פאַר יידן. און ענגלאַנד אַליין האָט דאָך געזאָגט, אַז אויסמישן אַזאַ הייליקע זאַך ווי די מלחמה מיט דער „יידן־פּראָגע" און די טרעבלינקעס — וועט שטערן די מלחמה־אָנשטרענגונג.

איי, ווי קען אַ וועלט צוזען ווי מען שעכט אויס אַ פאָלק מיט קינדער, פרויען, עופעלעך? איז ווידער די זעלבע מעשה — עס זענען דאָך נישט מער ווי יידן.

דערפאַר אָבער האָט מען די יידן „דערלויבט" צו האָבן אַן אייגענע מדינה. מען האָט זיי „דערלויבט" זיי זאָלן זיך אויסבלוטיקן אין דער מלחמה, זיי זאָלן אָוועקגעבן די בעסטע קינדער פון ישוב; און די בעסטע קינדער, וואָס זענען נאָך דער באַפרייאונג געקומען פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן גלייך אויפן שלאַכטפעלד — זיי זאָלן פאַלן פון אַראַבישע קוילן.

דאָס, ביטע זייער. איר זענט אַ פאָלק מיט רעכט און — איר קענט בלוטיקן.

טאָמער אָבער וועט איר ווען זאָגן אַז אונ״אָ האָט „עפּעס״ געהאַט אַ שטיקל שייכות, „עפּעס״ האָט מען דאָרט אָפּגעשטימט וועגן אַ יידישער מדינה און אונ״אָ האָט זיך געדאַרפט אַנגאַזשירן נישט ערגער ווי אין קאָרעאַ און נישט דערלאָזן צו דער בלוטבאָד — איז ווידער די זעלבע מעשה: עס האַנדלט זיך דאָך נישט מער ווי אין יידן, וואָס האָבן שוין אַ „חזקה״ אויף געשאָכטן צו ווערן. צי איז דען אונ״אָ באַשאַפן געוואָרן אויף אָפּצושטעלן חזקות פון פעלקער?...

דערפאַר אָבער האָט די וועלט געשעפּט פון אונדז אונדז נחת, געצערטלט אונדז, ווי אַ בן־יחידל. אַוואַ, זע נאָר, ס׳איז דאָך אַ באַסטיאָן פון קולטור אויפן מיטעלן מזרח. אמת טאַקע, די ווילדע אראבער שעכטן זיי לאחדים, קומען אַריבער ביינאַכט און פּיף־פּאַף — געהרגעט צוויי יידן. דערפאַר אָבער זענען די יידן אַ קולטור־פאָלק, אַן אמתדיק קולטור־פאָלק.

און איר האָט געזען, וואָס פאַר אַן אַרמיי די יידן האָבן אויפגעשטעלט? ס׳איז דאָך ממש צו באַוווּנדערן די אַרמיי. איי, אַ יידיש פּאַרל גייט ביינאַכט שפּאַצירן אין ירושלים און מען דערשיסט זיי — דאָס איז גאַרנישט. דאָס איז אַ מיאוסע אַרבעט פון אַ פּאָר ווילדע אַריינדרינגלער, וואָס מען דאַרף זיי נישט נעמען ערנסט. ס׳איז באמת נישטאָ וועגן וועמען צו רעדן! דערפאַר אָבער האָבן די יידן אַ מאָדערנע אַרמיי, בחורים איינס און איינס, וואָס טאָמער וועלן מיר זיי אַמאָל דאַרפן, וועלן מיר קענען אויף זיי רעכענען...

און ערשט די וויסנשאַפט פון יזראַעל! צי ווייסט איר דען וואָס פאַר אַ טייערע וויסנשאַפט דאָס יונגע יזראַעל פאַרמאָגט? דאַכט זיך גאָרנישט, אַן עופעלע, אָבער זעט נאָר ווי דאָס צעאַרבעט מעשים אין דער וויסנשאַפט! ס׳איז טאַקע געשען, אַז מען האָט אין אַ יידיש דאָרף דאָרט אַריינגעוואָרפן אַ שטיקל גראַנאַט און עפּעס דאָרט געהרגעט יידישע טאַטע־מאַמע; און די קינדערלעך, זאָגט מען, זענען געוואָרן יתומים. אָבער וואָס פאַר אַ באַטייט האָט דאָס אַנטקעגן דער וווּנדערבאַרער וויסנשאַפט פון יזראַעל! באמת, ס׳איז צו באַוווּנדערן...

און וואָס שייך באַהערשן די דעזערט, די מדבר, הייסט עס, האָט שוין לאַודערמילק אַליין געזאָגט און געהאַלטן „ספּיטשעס״, אַז די יידן האָבן אַן אייזערנעם כוח און ס׳איז דאָ וואָס ביי זיי צו לערנען. און טאָמער, זאָגט איר, האָט „מען״ אַוועקגעהרגעט אַ פּאָר יידן אין דער דעזערט — שפּילט דאָס נישט קיין ראָל. פאַרקערט, דאָס איז אַ העלדישער טויט און אפילו אַ גוטער נאָמען פאַר אַן אינטערעסאַנטן ראָמאַן, ממש אַ „בעסט סעלער״: „דער טויט אין דער דעזערט״. נישטאָ קיין שענערער נאָמען! זעסט די יידן? נישט בלויז קענען זיי שיין פאַלן אין דער מלחמה, נישט בלויז קענען זיי זיין דער באַסטיאָן פון קולטור אין מיטעלן מזרח, נישט בלויז קענען זיי באַהערשן די וויסנשאַפט און באַהערשן די דעזערט, נאָר זיי קענען אויך שאַפן די שענסטע נעמען פאַר „בעסט סעלער״־ראָמאַנען: „דער טויט אין דער דעזערט״...

און מיר, ווי דער שטייגער, האָבן געשעפּט פולע הויפנס נחת פון די גוייִשע קאָמפּלימענטן. אין יעדן מינדסטן קאָמפּלימענטל פון אַ גוי האָבן מיר

זיך געשפּיגלט און געצאַצקעט. זעסט, אַפילו גויים זעען דאָס גרויסע, דאָס שיינע, דאָס קאָלאָסאַלע, דאָס שלימותדיקע, נאָר בלויז מיר אַליין דרייען מיט די נעז; דאָס געפעלט אונדז נישט און יענץ געפעלט אונדז נישט. נאָר מען קריטיקירט און מען זוכט די לעכער אינעם גאַנצן.

אָבער אַז צווישן די גויאישע קאָמפּלימענטן, האָט זיך אין די יידישע דערפער דאָס פּאַרגאָסענע בלוט אַנגעזאַמלט אין אַ טייך און קיינער פון אונדז איז נישט געווען זיכער, צי ער וועט מאָרגן זיין אָרעם ביסל בלוט נישט אַריינגיסן אין דעם טייך — און יידן האָבן געענטפערט מיט צען פאַר הונדערט, האָט זיך דער גילגול פון גאַראַדאַוואַי צעקאַכט:

— עס איז נישט געהערט געוואָרן אַזאַ זאַך אין דער וועלט. דאָס איז אויפטרייסלענדיק, דאָס איז... דאָס איז... יידישע חוצפה און בלוט־דורשטיקייט.

און אַלע האָבן זיך געוואָרפן. זיי האָבן פאַרגעסן אין דעם באַסטיאָן פון קולטור; אין דער אַרמיי, וואָס קען זיי מאָרגן צוניץ קומען; אין דעם טעמפּל פון וויסנשאַפט; אין די באַהערשער פון דער דעזערט; זיי האָבן פאַרזען דעם טייך יידיש בלוט; די יתומים און אבלים פון די יידישע קרבנות. אַלץ איז ווי אָפּגעווישט געוואָרן מיט דער האַנט. נאָר בלויז דאָס בלוט אין קיביא זעען זיי. און זיי קריצן מיט די ציין, איינער איבערשטייגט דעם צווייטן אין די „קאָמפּלימענטן אַד האָק" און אין די קראָקאָדיל־טרערן אויף דעם אָרעמען און אומשולדיקן אַראַבישן פאָלק, וואָס ווערט נעבעך געמאָרדעט דורך יידן.

פּרוווט איר זיי פרעגן: גאַספּאַדין גאַראַדאַוואַי, און אונדז מעג מען שעכטן? און אונדז מעג מען פייניקן אומבאַשטראָפט, ווי מען האָט יידן געפּייניקט אין די געטאָס?

וועט דער גילגול פון גאַראַדאַוואַי זיך אויפקאָכן און אייך ענטפערן:

— וואָס פאַר אַ פאַרגלייך? איר זענט דאָך יידן! איר האָט דאָך עפּעס אַ חזקה געשאָכטן צו ווערן!

איז אַ „פּריקאַז" — „פּריקאַז", לייגט זיך און לאָזט זיך שעכטן; און אויב איר וועט ווערן קראַמאַלניקעס, בונטאַוושטשיקעס און רעוואָלוציאָנערן און איר וועט וועלן אָפּשאַפן די אַלטע איינגעפונדעוועטע טראַדיציעס פון לאָזן זיך אויסמאָרדן — וועט מען אייך לאָדן צום זיכערהייטס־ראַט, צום היטער פון שלום, צדק און פעלקער־ליבע און מיר וועלן אייך פאַרמשפּטן אויף ברויט און וואַסער און עבודת־פּרך, כדי איר זאָלט געדענקען, אַז די וועלט איז נישט הפקר, אַז ווען מען שעכט אייך — שטעלט אונטער די העלדזער — וועט איר זיין דער אמתער באַסטיאָן פון קולטור אין מיטעלן מזרח, די מוסטער־דעמאָקראַטיע פאַר דער וועלט...

דער גילגול פון דעם אַלטן גאַראַדאַוואַי מעסט צדק און יושר...

23טער אָקטאָבער 1953

איינער האָט אַמאָל געוואָלט מאָלן אַ בילד וועגן דער תמימות פון אַ גלוביקן ייד, האָט ער דערציילט אַזאַ מעשה:

אין שטעטל איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ שרפה. ווי דער שטייגער אַ שרפה אין שטעטל שפּרייטן זיך די פלאַמען אויס איבער די שינדל־דעכער, עס פּלאַצן שויבן, יידן לויפן מיט פּעק בעטגעוואַנט, טראָגן שלאָפנדיקע קינדער, אַנדערע לויפן מיט עמערס, אַ געשריי, אַ גוואַלד, אַ געוויין, דאָס שטעטל איז פאַרביי.

לויפט אַ ייד קעגן שטראָם, די באָרד צעפּלאָשעט, די פּאָלעס צעבלאָזן, ווי פליגל, די אויגן דערשראָקן און ער שרייט: גוואַלד, ווו איז דער רב?!

שרייען יידן: ר' מאָטל, וואָס איז געשען, וואָס איר דאַרפט דעם רב אין אַזאַ מינוט?

שרייט מאָטל: גוואַלד, יידן, גיט מיר דעם רב!

— אָבער וואָס איז געשען?!

— עס ברענט!

— זעען דאָך אַלע, אַז עס ברענט און דאָס שטעטל איז פאַרביי.

— ניין, ס'איז אַ שרעקלעכע שרפה, וואָס אַזעלכע איז נאָך נישט געווען. גיט מיר שוין דעם רב!

— זאָגט, לאָמיר הערן, ווו ברענט? אַלע זעען דאָך, אַז דאָס שטעטל ברענט, אַז קיין איין גאַנצער דאַך איז שוין נישטאָ און איר שרייט: עס ברענט אַ שרפה און איר דאַרפט צום רב.

— רבונו של עולם! — שרייט אויס דער ייד — צי האָט איר דען נישט געזען ווי יעקל בעל־עגלה איז אַנטלאָפן מיט אַ שיקסע?!...

זאָל מיר מוחל זיין אונדזער לייענער, צבי הערש בלום פון זכרון יעקב, וואָס איך וויל אים פאַרגלייכן צו אָט דעם תמימותדיקן פרומען ייד אין ברע־נענדיקן שטעטל. אונדזער גלייביקער לייענער האָט מיר אַריינגעשיקט אַ בריוו צוזאַמען מיט דעם שער־בלאַט פון אַ לשון־קודש זשורנאַל פון חנוכה. ווען איך זאָל דאַרפן דעם בריוו כאַראַקטעריזירן בקיצור, וואָלט איך געזאָגט: „הייליקער אויפרעג". אין דעם בריוו ווענדט זיך צו מיר צבי הערש בלום, ווי „צו דעם וואָרט־זאָגער אין יידישע פראַגן, דאָס הייסט, ווו עס הייבט זיך אָן און ווו עס ענדיקט זיך דאָס פּינטעלע ייד". איז אויף דעם וואָלט איך געזאָגט מיין פריינד, אַז ער לייגט אויף מיר אַרויף אַ צו גרויסע משא און אַ צו גרויסע אחריות, און אַז זיין בריוו איז פון אַזאַ רירנדיקער תמימותדיקייט, אַז איך קען זיין שטאָלץ,

וואָס אונדזער צייטונג פאַרמאָגט אַזעלכע לייענער. אָבער דער הייליקער אויפרעג אין דעם בריוו איז ווי דאָס געשריי פון יענעם ייד אין שטעטל.

וואָס אַזוינס האָט פריינד בלום דערזען, ווען דאָס שטעטל איז אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען?

ער האָט דערזען, ווי אַ לשון קודשדיקער זשורנאַל האָט אין חנוכה־נומער געגעבן אויפן שער־בלאַט אַ בילד פון אַ גבירישן יוסטן חנוכה־לאָמפּ. נאָר אַנשטאָט פון יעדן רערל מיט בוימל זאָל אַרויסשטעקן אַ ברענענדיק קניטל, ווי אין די חנוכה־לאָמפּן פון אונדזערע פרומע טאַטעס — שטעקט אַרויס פון יעדן רערל אַ נאַקעט מיידל. אַכט רערלעך — אַכט נאַקעטע מיידלעך; און דער „שמש״ איז אַ „שמשטע״ — אַ האַלב נאַקעט מיידל.

פאַרשטייט איר שוין, ווי אַזוי אַ לשון־קודשדיקער זשורנאַל אין מדינת ישראל שטעלט זיך פאָר דעם נס חנוכה? — דורך ניין ברענענדיקע נאַקעטע מיידלעך.

פאַרשטייט איר שוין דעם זין פון חשמנאים־אויפשטאַנד? — ניין נאַקעטע מיידלעך.

פאַרשטייט איר שוין, וואָס די יוגנט דאַרף זוכן אין דעם נס חנוכה? — ניין נאַקעטע מיידלעך.

פון „הנרות הללו״ האָט מען געמאַכט „הנערות הללו״...

אין דעם שענסטן ייִדישן סימבאָל, אין דעם סימבאָל פון די ברענענדיקע אַכט ליכטלעך, אין וועלכע עס האָט זיך צוויי טויזנט יאָר געוואַרעמט די ייִדישע נשמה אין גלות — ברויט מען איצט די אויגן פון דער ייִדישער יוגנט אין ישראל מיט אַכט נאַקעטע נקבות און די ניינטע, האַלב־נאַקעטע נקבה, צינדט אָן די אַנדערע אַכט...

ווען אַן אַנטיסעמיטישער זשורנאַל אין גלות וואָלט אין חנוכה פאַרעפנט־לעכט אַזאַ מין שאַנדבילד, וואָלטן יידן אויפגעציטערט. מען וואָלט פּראָטעסטירט, מען וואָלט געמאַכט אינטערפּעלאַציעס, מען וואָלט זיך משתדל געווען אַזוי לאַנג, ביז די אַנטיסעמיטישע שענדער פון ייִדישע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געפילן וואָלטן באַשטראָפט געוואָרן.

לעבן מיר דאָך אָבער אין אונדזער אייגענער ייִדישער מדינה, און איר קענט דאָך נישט באַשולדיקן אַ לשון־קודשדיקן זשורנאַל אין אַנטיסעמיטיזם, אין שענדן ייִדישע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע געפילן — איז ווער זשע וועט אינטערפּעלירן ביי וועמען און ווער ביי וועמען וועט זיך משתדל זיין קעגן אַזאַ מין פּראָפּאַגאַציע?

צי מיינט איר טאַקע, אַז מיר האָבן אַט דעם חנוכה־לאָמפּ מיט די ניין נאַקעטע מיידלעך אויפן שער־בלאַט נישט באַמערקט אין צייט? מיר האָבן אים באַמערקט. אָבער שרייען וועגן דעם, וואָלט געהייסן זיך אַוועקשטעלן אין דער ראָל פון יענעם ייד, וואָס ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען אין פלאַמען, איז ער געלאָפן זוכן דעם רב, כדי אים דערציילן, אַז יעקל בעל־עגלה איז אַנטלאָפן מיט אַ שיקסע.

וואָרום איר פאַרשטייט: אונדזער גאַנץ שטעטל ברענט. עס ברענט פון די סאַמע יסודות ביז צו די דעכער. דורך די קלויסטערס אין ירושלים, אין יפו, אין רמלה, אין חיפה און נצרת זענען שוין אָפּגעשמדט געוואָרן פיר טויזנט יידן — מענער פרויען און קינדער. עס איז געוואָרן אַזאַ מין מגפה, אַז ווען איינער איז אין כעס, ווייל דער שטייער־אַמט האָט אים באַוואָלט מיט צו גרויסע שטייערן — לויפט ער צום גלח זיך ראַטעווען פון די שטייערן דורך שמד. מיינט איר, חלילה, אַז דאָס איז אַ גוזמא? ניין, ס׳איז נישט קיין גוזמא.

אַזאַ בריוו, ווי אַ ייד סטראַשעט, אַז ער וועט זיך שמדן צוליב די שטייערן, געפינט זיך ביי אונדז אין דער רעדאַקציע. און טאָמער איז איינער אין כעס אויף דער סוכנות, ווייל ער איז שוין פיר יאָר אין לאַנד און ער ווינט נאָך אַלץ אין אַ בלעכענער אתרוג־פושקע — לויפט ער צום גלח נאָך אַ שיכון אין — בראַזיל. און אַז איינער איז אַרבעטלאָז און ער פאַרלירט דאָס געדולד ביי דער לשכת העבודה — לויפט ער צו דער לשכה פון דער „הייליקער טערעזע״, כדי צו באַקומען אַרבעט אין — קאַנאַדע.

זעט איר וואָס ס׳איז געוואָרן פון קעמפערישע יידן; פון יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע פרייהייטס־קאַמפן, אין אַלע סאָציאַלע רעוואָלוציעס; אַנשטאָט צו קעמפן קעגן דער שטייערן־לאַסט, אַנשטאָט צו קעמפן פאַר אַ שיכון און צו פאָדערן אַרבעט — מאַכט מען זיך לייכט. ביים גלח דאַרף מען נישט קעמפן. דאָס ביסל שמד־וואַסער איז ווייניקער ווי דאָס באַשפּריצן דעם קאָפּ ביי אַ שערער נאָכן שערן זיך... און מען ווערט „באַפרייט״.

איר וועט אָבער מאַכן דעם גרעסטן טעות אויב איר וועט מיינען, אַז די סיבות פון דער שמד־שרפה זענען טאַקע שטייערן, אַ שיכון אָדער אַרבעט. ניין! דאָס זענען בלויז תירוצים.

די סבה פון דער שרפה איז אַ טיפערע. וואָלט נאָך אונדזער גרעסטער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע פון אויסשעכטן זעקס מיליאָן יידן נישט געבוירן געוואָרן די יידישע מדינה — איז ווער ווייסט צו דער שמד וואָלט, חלילה, נישט פאַרענדיקט מיט דער שארית הפליטה. נאַציאָנאַלער יאוש קען אומברענגען אַ פאָלק. פון אָט דער קאַטאַסטראָפע האָט אונדז אָפּגעראַטעוועט די יידישע מדינה. מדינת ישראל איז געווען די שיף, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט די זיך טרינקענדיקע, זי איז געוואָרן די דאַמבע קעגן יאוש און שמד. אויב אָבער אין מדינת ישראל, אין דער רעטונגשיף, האָבן זיך יידן אָנגעהויבן שמדן, איז אַ סימן, אַז אין דער רעטונגשיף איז געוואָרן אַ לאָך און עס רייסן זיך אַריין וואַסערן, וואָס דראָען צו פאַרשווענקען און צו פאַרזינקען!

איז די מאַראַל געזונקען די ערשטע. און יידן מיט שוואַכע נערוון, יידן וואָס זייערע נשמות זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן דורך פאַרניכטונגס־לאַגערן, דורך קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דורך פאַרלירן זייערע פאַמיליעס און דעם גלויבן אין מענטש — שפרינגען די ערשטע. איינער „שפרינגט״ צוריק קיין דייטשלאַנד אין גיהנום אַריין און דער צווייטער „שפרינגט״ אַריין אין קלויסטער, כדי

„אַרויסצושפּרינגען״ אין קאַנאַדע, אַ דריטער „שפּרינגט״ אַריין אין עקלהאַפטע פאַרברעכנס. אָבער כדי צו מאַכן זיך קוראַזש צום שפּרונג — טראַכט מען אויס סיבות: הויכע שטייערן, אַרבעטסלאָזיקייט, שיכונלאָזיקייט און אַנדערע לאָזיקייטן.

און דאָס שטעטל ברענט מיט אַ העלישער שרפה.

אוי, ווי עס ברענט!

מיר, דאָס פאָלק, וואָס ווייקט און זאַלצט פליש, כדי נישט צו פילן דעם טעם פון בלוט; מיר, דאָס פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע געוואָרפן אין דער וועלט אַריין דעם רוף „לא תרצח״; מיר, דאָס פאָלק פון בלוט־ריינקייט און עטיק — האָבן דערלעבט, אַז אין אונדזער אייגענער מדינה האָבן מיר אין איין יאָר — אין 1952 — געהאַט צוויי און זעכציק מאָרדן און הונדערט און עלף פּרוּוון צו דערמאָרדן. אין איינע פיר חדשים פון לויפנדיקן יאָר האָבן מיר געהאַט זיבן און דרייסיק מאָרדן און צוויי און פופציק מאָרדפּרוּוון.

מיר, דאָס איינציקע פאָלק אויף דער וועלט, וואָס האָט אין זיינע רעליגיעזע תפילות און אין זיינע וויזיעס געבעטן און געבענקט צום צוריקקער קיין ירושלים און מנדר געווען אַ נדר „אם תשכח...״ — מיר, וואָס מיר האָבן זוכה געווען, אַז תפילה און וויזיע זאָל ווערן רעאַליטעט — האָבן שוין פערציק טויזנט יידן ביי אונדז געבראָכן די תפילה און דעם נדר און אַנטלאָפן פון ירושלים, פון ישראל, צוריק אין גלות אַריין.

אָט דאָס איז די העלישע שרפה, וואָס פלאַקערט איבער אונדזערע דעכער, וואָס צעפרעסט אונדזער שטעטל, וואָס רייסט פון אונדז שטיקער.

נישט ווי אַ שטראָף מן השמים איז די שרפה אַראָפּגעשיקט געוואָרן. נישט פון זייער אייגענעם ווילן זענען אונדזערע שיינע און איידעלע מידות פון זעלבּ־הילף, פון ברידערלעכקייט, פון צדק און יושר — „דאָס פּינטעלע ייד״ — אַריינגעשפּרונגען אין פייער.

מען האָט אָט די נאַציאָנאַלע אוצרות מיט פיל אַנדערע הייליקייטן און ווערטן אַרויסגעריסן פון יידישע הערצער און זיי פאַרשפּיגן און פון זיי אָפּגעחוזקט; און אויף זייער פּלאַץ האָט מען אַוועקגעשטעלט קינסטלעכע געטער און געטשקעס און איבער זיי — אַן עגל הזהב — אַ פרידזשידער, אַ קאַדילאַק, אַ ווילע און עם־האַרצישע פאַרריסנקייט.

פלאַקערט די שרפה, די פלאַמען פאַרשלינגען די דעכער, צעשמעלצן די יסודות. אין אָט דער שרפה קומט אַ ייד פון זכרון יעקב, אַ ייד אַ תמימותדיקער, אַ גלויביקער, און ווערט דערשיטערט פון דעם, וואָס אַ לשון־קודשדיקע צייטונג אין תל־אביב האָט אין די קריגעלעך פון חנוכה־לאָמפּ, אין דעם סימבאָל פון יידישער העלדישקייט, פון קאַמף פאַר פרייהייט, פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ, אין די קריגעלעך, וואָס סימבאָליזירן דעם נס חנוכה — אַריינגעשטעלט אַכט נאַקעטע נקבות מיט אַ האַלב־נאַקעטער „שמשטע״.

איך פאַרשטיי איך, ליבער צבי הערש בלום פון זכרון יעקב. איך פיל אייער ווייטיק. אָבער לאָמיר צוזאַמען געפינען אין זיך דעם קאָלעקטיוון כוח צו לעשן די אַלגעמיינע שרפה אין שטעטל, די שרפה ווו עס ווערט פאַרברענט אונדזער מאָראַל, אונדזער נאַציאָנאַלע שטאַנדהאַפטיקייט — דאָס „פינטעלע ייד". און דעמאָלט וועט אויך פון די „הנערות הללו" צוריק ווערן „הנרות הללו", וואָס וועלן סימבאָליזירן נישט בלויז דעם נס חנוכה, נאָר אויך דעם נס מדינת ישראל.

25טער דעצעמבער 1953

# ציוניזם איז נעבעך רעאַליזירט

איר האָט געוויס געהערט די מעשה מיטן לאָדזשער משרת, אָבער מיר וועלן זי נאָך אַמאָל איבערחזרן, ווייל די מעשה האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ פאַקט:

איז געווען אין לאָדזש אַ גרויסער מאַנופאַקטור־סוחר, וואָס ווו נאָר ער האָט ערגעץ אַרויסבאַקומען אַן אַלטן, אָפּגעשאָסענעם און אויסגעריבענעם וויץ, פלעגט ער קומען און דערציילן די וויצן דעם משרת זיינעם.

דעם משרת, נעבעך, האָבן די אַלטע וויצן געקערט די גאַל, ער איז געשפּרונגען פון דער הויט, פאַר יעדן אַלטן וויץ וואָלט ער דעם „אַלטן" צעריסן אויף שטיקער. אָבער וואָס זאָל ער טון? ער איז דאָך אָפּהענגיק פונעם באַלעבאָס, מוז ער אים חנפהנען, מאַכן אַן אָנשטעל. פלעגט דער משרת ביי יעדן „וויץ" פּלאַצן פון געלעכטער, האַלטן זיך ביי די זייטן, זיך דרייען אויפן קלעצל: כי־כי־כי און כאַ־כאַ־כאַ און כאָ־כאָ־כאָ. און דער באַלעבאָס האָט זיך געקלאַפּט אין בייכל: ווער ס'איז שיין און איך בין — אי שיין און אי קלוג. אָט דערלאַנג איך דעם משרת די אמתע סחורה, אַז ער וועט ביי מיר קראַפּירן פון געלעכטער.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז דער באַלעבאָס געקומען אין געשעפט אַריין און געזאָגט דעם משרת:

— זלמן, ביסט געקינדיקט פון ערשטן.

מילא, געקינדיקט איז געקינדיקט, צוליב דעם וועט זיך דער משרת נישט זעצן וויינען. אָבער שפּעטער־צו, ווען דער באַלעבאָס איז אַרויס מיט זיינע אַלטע וויצן, זעט ער ווי דער משרת טוט נישט קיין שמייכל. קיין שום וויץ נעמט אים נישט. ער זאָל דאָס טון כאָטש אַ פינטל מיטן אויג. ער דערציילט וויצן און דער משרת — גאָרנישט.

— זלמן, פאַרוואָס לאַכסטו נישט? — האָט דער באַלעבאָס אַ זעץ געטון אין טיש.

— איך בין געקינדיקט, בין איך שוין נישט מחויב צו לאַכן...

אָט אַזאַ מין ענלעכע שפּיל האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אָפּגעשפּילט במשך פון אַ צוויי־דריי יאָר צווישן דוד בן־גוריון און די ציוניסטן פון די תפוצות. ביז ס'איז ענדלעך געקומען דער פינאַל: „איך בין געקינדיקט און איך בין שוין נישט מחויב צו לאַכן"...

אָבער לאָמיר אייך דערציילן די גאַנצע מעשה:

אוודאי ווייסט איר דאָך די דעפיניציע פון דעם „וואָס איז אַ ציוניסט?"

אַ ציוניסט, ווייסן מיר, איז אַלע יאָרן געווען דער, וואָס האָט אַקטיוו געשטיצט דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל און זיך אַליין מכשיר געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. נישט אַזוי?

איז כל־זמן אין ארץ־ישראל האָבן געהערשט די ענגלענדער און זיי האָבן עס צוגעטיילט אַ באַגרענעצטע צאָל סערטיפיקאַטן — האָבן טייל ציוניסטן געטענהט, אַז זיי זענען פטור פון קומען קיין ארץ־ישראל. ערשטנס, זענען נישטאָ גענוג סערטיפיקאַטן. צווייטנס, איז ארץ־ישראל אין די באַדינגונגען פון דעם מאַנדאַט אויך אַ שטיקל פּאָליטישער גלות. דריטנס, פון איילעניש קומט קיין שום גוטס נישט אַרויס... דערפאַר אָבער, אַז דער רבונו־של־עולם וועט העלפן און עס וועט ווערן אַ יידישע מדינה — וועט מען זיך, אם ירצה־השם, אויפהייבן און עולה זיין מאַסנווייז, ווי אין פּסוק שטייט...

האָט אונדז דער אייבערשטער געהאָלפן. איצט קען שוין יעדער ציוניסט מקיים זיין די הויפּט־מצווה פון אַ ציוני: פאַרלאָזן דעם גלות מיטן גאַנצן הכל בכל מכל פּלעקל — מיט ווייב און קינד, מיטן פאַרמעגן, מיט דער גאַנצערווירטשאַפט, מיט האַק און פּאַק.

וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, די מצווה פון שטיצן ארץ־ישראל זענען שוין מקיים אפילו בונדיסטן, אָדער סתם יידן, וואָס האָבן קיין מאָל קיין שקל נישט געקויפט. צוליב דעם האָבן שוין נישט ציוניסטן וואָס צו זיצן אין גלות. וויפל ציוניסטן זאָלן נישט געבן פאַר ארץ־ישראל, זיצנדיק אין שיקאַגאָ, אָדער אין בוענאָס־איירעס, אָדער אין יאָהאַנעסבורג, איז דאָס אַ שיבוש אַנטקעגן דעם, וואָס זיי וואָלטן געגעבן דעם לאַנד ווען זיי אַליין, מיט זייערע ווייבער און קינדער און מיט זייער פאַרמעגן און פעאיקייטן זאָלן עולה זיין קיין ישראל.

אַז עס איז אָבער געקומען צום פּסוק „וילך", האָבן זיי געענטפערט: זאָל דערווייל דער הולך ילכן פון די לענדער, ווו יידן ווערן פאַרפאָלגט, ווי אַ שטייגער, פון דייטשלאַנד, פון פּוילן, יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע תימן איראַק, פּערסיע, מאַראָקאָ און נאָך אַזעלכע לענדער, און מיר וועלן געבן די דאָלאַרס צו ברענגען „דהי פּור בראָדהערס", די אָרעמע ברידער, הייסט עס.

זענען טאַקע געקומען יידן מכל ארבע פּינות העולם. קיינער האָט ביי קיינעם נישט געפרעגט: יאָ־ציוניסט, נישט־ציוניסט — אַבי יידן, און וואָס מער יידן; וואָרום וואָס פאַר אַ זין האָט אַן אתרוג־פּושקע אָן אַן אתרוג, ס'הייסט, אַ יידישע מדינה אָן יידן?

און אַז דער עולם האָט געזען, אַז די יידן פון די פאַרפאָלגונגס־לענדער שעפּן זיך אויס, מען האָט שוין אפילו געבראַכט דאָס גאַנצע יידישע אָרעמקייט פון טערקיי, דער הקדש אין טריפּאָלי איז שוין אפילו אָן איין אורח, די קהלה אין מאַראָקאָ איז שוין פריי געוואָרן פון אַלע אביונים — האָט בן־גוריון געזאָגט צו די ציוניסטן אין די רייכע לענדער: קינדערלעך, איצט זייט איר זיך אַליין מטריח און זייט מקיים די מצווה, וואָרום אַ חוץ ארץ־ישראל איז אַלץ גלות, גלות שבגלות; אונדזער לאַנד דאַרף האָבן יידן און טאַקע אַזעלכע יידן ווי איר —

ציוניסטן, פאַרמעגלעכע, יידן מיט איניציאַטיוו און מיט שעפערישקייט; אַ האַלב לאַנד שטייט ליידיק און וואַרט אויף אייך מיט אָפענע אָרעמס.

איז ווי נאָר ציוניסטן האָבן געהערט אַזעלכע קלאָרע דיבורים, האָבן זיי געגעבן דעם ריכטיקן זעץ אין טיש: וואָס הייסט, אַז עמעצער וועט אונדז לערנען וואָס ס׳איז ציוניזם? מיר גיבן די טאָלערס און מיר וויסן אַליין וואָס ציוניזם איז. און אויב עמעצער וועט אונדז לערנען דעם ציוניסטישן אלף־בית, וועלן מיר אויפהערן געבן די טאָלערס. און וואָס שייך גלות — וועט אונדז קיינער נישט לערנען קיין געאָגראַפיע, וואָס פאַרא לאַנד עס געהער יאָ צום גלות און וועלכעס לאַנד ס׳איז נישט גלות.

איז דער סקאַנדאַל געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט געבן הכחשות, דעמענטיס, אַפּליקעגונגען, אויסשטרייכן פּראָטאָקאָלן, פאַרלייקענען, אַז ס׳איז לא דובים ולא יער, מען האָט נישט געזאָגט, מען האָט נישט גערעדט — אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך...

עלעהיי בן־גוריון האָט גאָרנישט געזאָגט. מען האָט אויסגעטראַכט אַ בלבול.

איז וואָס זאָל מען טון, אַז דער וואָס האָט די מאה — דער האָט די דעה? און ווער עס האָט די מאה — דער קען געאָגראַפיע. זענען געקומען ציוניסטישע פירער פון אַמעריקע. וואָס אַן זייער שאַדן זאָלן מיר האָבן דאָס, וואָס זיי האָבן „דערלייגט" צום ציוניזם און צו מדינת ישראל, און זיך אַוועקגעזעצט איינקנעלן מיט בן־גוריונען הלכות ציוניסטישע פילאָסאָפיע. נישט אַנדערש נאָר עס מוז געפּסקנט ווערן, אַז אַמעריקע איז נישט גלות. אויב משיח וועט קומען וועט ער אַריינרייטן קיין וואַשינגטאָן.

און אַזוי איז טאַקע אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז די גאַנצע וועלט איז גלות אַ חוץ ארץ־ישראל און אַמעריקע. איר האָט דען געהאַט אַ ברירה? פון דעם ציוניסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס טאַקע נישט מער ווי אַ וויץ, פון וועלכן איר קענט אפילו נישט לאַכן, אָבער אַזוי ווי די אַמעריקאַנער ציוניסטן האָבן דאָך טאָלערס, מוז מען מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי האָבן אַנטדעקט אַ נייע דעפיניציע אויף גלות און ציוניזם און — כי־כי־כי און כאַ־כאַ־כאַ און כאַ־כאַ־כאַ... קנייפּ די באַקן די פאַרב זאָל שטיין.

מען האָט שוין אפילו געשמועסט, אַז אויך די ציוניסטן פון ענגלאַנד האָבן זיך געגרייט אַרויסצובאַקומען אַ קאָנצעסיע, אַז אויך ענגלאַנד איז נישט קיין גלות. און די ציוניסטן אין דרום־אפריקע האָבן אַ ביסל אונטערגעקריצט מיט די ציין, וואָס זייער לאַנד איז נישט דערקלערט געוואָרן פאַר אויס גלות. מען וויסט אַ שטייגער, אַז דרום־אַפריקע איז אַ גלות פאַר די נעגער און פאַר די אינדיער, אָבער ווי קומט מען עפּעס און מען מישט אויס נעגער און אינדיער מיט די דרום־אַפריקאַנער ציוניסטן, אַז אויך זיי זענען אין גלות?

דער באַגריף „גלות" איז געוואָרן אַזאַ פּילבאַר וואָרט, אַז בעת דוד בן־גוריון האָט געהאַלטן זיין ענגלישע רעדע אויף דער מיליאָנען־קאָנפערענץ אין ירושלים און ער האָט דערמאָנט דאָס וואָרט „גלות", האָט ער גלייך צוגעגעבן

אַ באַמערקונג, אַז „גלות" איז נישט געווען דאָס זעלבע, וואָס מען מיינט אויף ענגליש „דיאַספּאָראַ". ווארום ביים טיש זענען געזעסן די מיליאָנערן און איין שלעכט וואָרט, חלילה, פאַרן גלות־נישט־גלות, וואָלט געקאָנט אָפּקאָסטן אַ פאַרמעגן. די מיליאָנערן וואָלטן זיך גלייך געקענט באַליידיקן און גיי גיב ווידער הכחשות, דעמענטיס און אַפּרופּענישן, דער טייוול ווייסט וואָס.

איך האָב דעמאָלט שטאַרק מיטגעפילט בן־גוריונען. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס גייען אויף קאָמפּראָמיסן, אַז דאָס בייטן די „געאָגראַפיע", קאָסט אים געזונט. ווארום דער ריכטיקער אמת איז דאָך מיט אים. נאָך דער אנטשטייאונג פון דער מדינה, דאַרפן ציוניסטן אין דער וועלט ענטוועדער קומען קיין ישראל, אָדער זיך אָפּזאָגן פון ציוניזם. מיט איין „דאָס" אויף צוויי יאַרידים קען מען נישט פאָרן. אין דער צייט ווען די יידישע מדינה דאַרף האָבן די עליה פון די ציוניסטן פון די דעמאָקראַטישע לענדער ווי אַ לעבעדיקער גוף דאַרף לופט — האָט נישט קיין זין צו פאַראַדירן אין פילאַדעלפיע מיט אַ ציוניסטישער לעגיטי־מאַציע אין קעשענע און נישט וועלן עולה זיין קיין ישראל. עס איז פונקט אַזוי ווי איך זאָל זיך דערקלערן אין אייביקער ליבע צו אַ מיידל אין האָנאָלולו און שליסן מיט איר אַן אָפּמאַך, אַז איך וועל בלייבן אין פּתח־תקוה, און זי זאָל זיך עלטערן אין האָנאָלולו...

נאָר ווי האָט געזאָגט דער לאָדזשער משרת? איך דאַרף דאָך, נעבעך, אָנקומען צום באַלעבאָס. ער צאָלט מיר אויס דאָס געהאַלט, מוז איך מאַכן דעם אָנשטעל, אַז כ'פלאַץ פון גרעלעכטער פון זיינע אַלטע וויצן...

זענען זיך היינטיקע וואָך צונויפגעקומען קיין ירושלים די פירער פון דעם וועלט־ציוניזם, די ציוניסטישע עקזעקוטיווע הייסט עס, אויף צו באַטראַכטן די ציוניסטישע פּאָליטיק כלפּי „דהי פור בראָדהערס" אין ישראל. עס איז געווען ממש אַן אידיליע. ערשטנס, האָבן שוין די ציוניסטישע פירער אין דער וועלט אַ קאָנצעפּסיע אויפן גלות. זייער פּראָבלעם איז שוין דערליידיקט און פאַרחתמעט. איז די פראַגע בלויז, די זאָרג פאַר „דהי פור בראָדהערס אין יזראַעל". נו, אויב מען דאַרף בלויז זאָרגן פאַר אַנדערע און מיט דעם אייגענעם גורל איז מען פאַרטיק — איז וואָס פעלט נאָך צום פולן גליק?

דאָס גליק און די אידיליע איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין אָוונט איז מען אפילו געגאַנגען אין „עדן"־באַר טאַנצן. און די אידיליע וואָלט אוודאי אָנגע־האַלטן ביז צום סאַמע סוף פון דער קאָנפערענץ ווען נישט — — — די קינדיקונג פון דעם „משרת".

אַזוי ווי בן־גוריון זיצט אין שדה־בוקר אַ „געקינדיקטער", האָט אים די עקזעקוטיווע צוגעשיקט אַ פאַרבעטונג צו דער קאָנפערענץ. וואָלט בן־גוריון ווייטער געווען פּרעמיער־מיניסטער, וואָלט ער אוודאי געקומען צו דער קאָנפערענץ און געהאַלטן אַ רעדע און געמוזט זיך היטן מיט אַ וואָרט, חלילה נישט צו דערצערנען די ציוניסטן אין דער וועלט. און ער וואָלט געדאַרפט אונטערהאַלטן דעם פּירוש רש"י אויף ציוניזם אין גלות.

אָבער איצט, ווען בן־גוריון איז שוין אַ „געקינדיקטער" און ער דאַרף

שוין נישט לאָכן פון די אַלטע וויצן פון דעם „באַלעבאָס", האָט ער צוגעשריבן צו דער עקזעקוטיווע אַ „ידידי־בריוועלע", אַז: קינדערלעך, צי איז מעגלעך די עקזיסטענץ פון אַ ציוניסטישער באַוועגונג אָן דעם פערזענלעכן חוב עולה צו זיין קיין ישראל? און בן־גוריון לייגט־פאָר, אַז די עקזעקוטיווע זאָל אויף איר קאָנפערענץ מברר־זיין די פראַגע, צי האָט אָן עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג דער ציוניסטישער אַפּאַראַט, אויב דער אינהאַלט פון אָט דעם ציוניזם מיינט נישט, אַז ציוניסטן דאַרפן קומען זיך באַזעצן אין ישראל.

אָט דאָס „ידידי־בריוועלע" פון שדה־בוקר האָט צווישן די ציוניסטישע פירער אַרויסגערופן אַ סומאַטאָכע, ווי נישט קיין בריוועלע וואָלט עס געווען, נאָר אַ באָמבע. נישט ווייניקער צעטומלט פון די אויסלענדישע ציוניסטן זענען געוואָרן צעטומלט אויך אונדזערע אינלענדישע ציוניסטן. מען האָט זיך נישט געקענט גלייך קוקן אין די אויגן אַריין, וואָרום מיט צוויי ווערטער האָט בן־גוריון צעבראָכן די געאָגראַפיע און דער גלות האָט באַקומען דעם אַלטן ציוניסטישן באַטייט.

און כדי דער אמת זאָל זיין שפּיציקער און שאַרפער האָט בן־גוריון דאָס „ידידי־בריוועלע" אפילו נישט אַדרעסירט צו דער עקזעקוטיווע, נאָר צו ד"ר לאָוטערבאַך, וואָס האָט פאָרמעל אונטערגעשריבן די פאַרבעטונג. און ווען אָט די מעשה איז באַקאַנט געוואָרן איז דער שטורם געוואָרן נאָך גרעסער.

ד"ר נחום גאָלדמאַן, וואָס האָט „געדראָט", אַז ער גייט זיך באַזעצן אין ישראל און דערווייל איז ער געבליבן זיצן אין דעם צווייטן נישט־גלות — אין אַמעריקע, האָט אפילו געזאָגט, אַז בן־גוריונס בריוועלע וועט קאָסטן טייער...

אָבער איצט וועט בן־גוריון נישט דאַרפן געבן קיין הכחשות, דעמענטיס, אַפּלייקענונגען, אַז מען האָט אים שלעכט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַזוי נישט געמיינט...

ער איז אַ „געקינדיקטער" און ער דאַרף נישט מער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער „האַלט זיך ביי די זייטן" פון געלעכטער פון דעם „באַלעבאָס"עס אַלטע, באַנאַלע וויצן...

בן־גוריון האָט געזאָגט דעם אמת, אָבער צי די באַקוועמלעכקייט־ציוניסטן וועלן מאַכן דעם אמתן אויספיר — וועט מען דאַרפן וואַרטן און זען..

1טער יאַנואַר 1954

## מיר דערנענטערן זיך צו קראַפּאָטקינס אידעאַל

צי געדענקט איר די געשיכטע מיטן פאַרלוירענעם באַן־בילעט? אויב איר געדענקט זי — דערציילט נישט קיינעם, אַז איך דערצייל אַלטע אַנעקדאָטן. און אויב איר געדענקט זי נישט — וועט זי זיין פאַר אייך אינטערעסאַנט. אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט: וואָס איך האָב נאָך צו פאַרלירן...

צו אַ ייד, וואָס פאָרט אין דער באַן, קומט צו דער קאָנדוקטאָר און בעט דעם בילעט צו קאָנטראָלירן. זוכט דער ייד אין איין קעשענע, אין אַ צווייטער, אין אַ דריטער — נישטאָ דער בילעט. הייסט אים דער קאָנטראָלער זוכן אין אַ פערטער קעשענע, אין אַ פינפטער, אין אַ זעקסטער — והילד איננו, דער בילעט איז אַוועקגעקומען.

אין דעם קאָנדוקטאָר צינדט זיך אָן עשו׳ס בלוט, ער הייבט זיך אָן אויפֿ־צורעגן: אַזוי און אַזוי, איך וועל דיך אַרויסזעצן אויף דער ערשטער סטאַציע און... און...

דער ייד אָבער זוכט אין דער זיבעטער קעשענע, אין דער אַכטער, אין דער ניינטער; ער זוכט פּאַמעלעך, רואיק, נישט געאיילט זיך, און צום סוף זעצט ער זיך אַוועק ווי קיין מאָל גאָרנישט: „כ׳האָב פאַרלוירן דעם בילעט״.

איז דער קאָנדוקטאָר אַרויס מיט לשון: איך וועל דיך אויף דער הויפּט־סטאַציע לאָזן אַרעסטירן, איך וועל... איך וועל דיך לאָזן באַשטראָפן, מען וועט דיר פאַרהאַלטן דעם טשעמאָדאַן...

און דער ייד זיצט, ווי פריער, פאַרטראַגן אין זיך, דעם קאָנדוקטאָרס ווערטער גייען אים פון איין אויער אַריין און פון צווייטן אַרויס. עס זאָל עס אים אַרן! עס זאָל עס אים אַ טשעפּע טאָן!

רופט זיך אָפּ אַ דערנעבנדיקער ייד:

— פעטער, איר הערט? דער ערל גייט אַרויס פון די כּלים, ער זאָגט, אַז ער וועט אייך לאָזן צונעמען דעם טשעמאָדאַן.

דרייט אויס דער ייד דעם קאָפּ צום צווייטן ייד און זאָגט אים:

— איר הערט, ר׳ ייד, מיין ווייב ליגט חרוב קראַנק אין אַ שפּיטאָל; מיין זון האָט מען געמסרט און מען האָט אים צוגענומען צו מיליטער; מיין טאָכטער איז אַנטלאָפן מיט אַ שייגעץ; איך פאָר זען, צי מען וועט מיר עפּעס אָפּגעבן פון דעם, וואָס מען האָט מיר אַנגעזעצט; און באַלד אויפן וואָקזאַל, נאָך איידער איך האָב זיך אַריינגעזעצט אין באַן, האָט מען ביי מיר צוגעגנבעט דעם טשעמאָדאַן — איז וואָס קאָן מיר נאָך געשען?

איז אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט, אַז מען דאַרף זיך איבערנעמען

דערמיט, וואָס שוין צוויי חדשים ווי מען אונטערהאַנדלט וועגן אַ קאָאַליציע און מען רייסט־איבער די פאַרהאַנדלונגען; מען קניפּט־אָן די פאַרהאַנדלונגען און מען רייסט זיי ווידער איבער. ס׳איז שוין באַלד נישטאָ ביי וואָס אָנצוקניפּן און ביי וואָס איבערצורייסן.

זינט דעם ווי מפא״י האָט זיך געזעצט צום ערשטן מאָל מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן אויף צו אונטערהאַנדלען וועגן אַ קאָאַליציע, האָט שוין די־וועלט און יענע־וועלט באַקומען אַן אַנדער פּנים: עס איז שוין פאַרגעקומען די בערמודא־קאָנפערענץ; מיר האַלטן שוין ביי דער בערלינער קאָנפערענץ; אין פראַנקרייך האָט מען שוין אויסגעוויילט אַ פּרעזידענט; מען האָט שוין בעריאַן אַוועקגעשיקט אויף יענער וועלט צו אָרגאַניזירן אַ נ. ק. וו. ד., כדי צו שיצן סטאַלינען; אין וויעטנאַם איז שוין פאַרגעקומען אַ גענעראַל־אָפענסיווע; אין שדה־בוקר האָט שוין דוד בן־גוריון אויסגעשריבן דריי העפטן און צוויי בלייפעדערס אויף בריוו אין רעדאַקציעס; מיר זענען שוין אַריבער אין יאָר 1954 און — — —

מ׳האָט שוין ווידער איבערגעריסן די פאַרהאַנדלונגען צווישן מפא״י און די אַלגעמיינע ציוניסטן...

איך האָב שטאַרק מורא, אַז מיר וועלן אַרויס פון דער עפּאָכע פון דער וואַסער־שטאָף־באָמבע און מיר וועלן אַריין אין דער עפּאָכע פון דער קאָנפער־באָמבע — און עטלעכע פּונקטן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן וועלן נאָך אַלץ נישט זיין קלאָר פאַר מפא״י.

אָבער איך נעם זיך נישט איבער. עס זאָל מיר כאָטש אַ טשעפּע טאָן. גאָרנישט. לחלוטין גאָרנישט.

וואָרום אדרבא: מיט וואָס בייט זיך די לאַגע אָן אַ רעגירונג פון דעם. ווי זי איז געווען מיט אַ רעגירונג? גאָרנישט. לחלוטין גאָרנישט...

אָבער סטייטש, וועט איר מיר זאָגן, ווי קען דאָס אַ מדינה זיין אַזוי לאַנג אָן אַ רעגירונג? וועל איך אייך ענטפערן: הערט פעטער, קיין עליה איז נישטאָ, קיין פּרנסה איז נישטאָ, קיין אידעאַליזם איז נישטאָ, קיין געלט איז נישטאָ און קיין שלום איז נישטאָ — איז וואָס קען מיר נאָך געשען?

איר וועט מיר סטראַשען, אַז דער פּרעמיער־מיניסטער וועט אַוועק אין שדה־בוקר מיסטיקן די פעלדער? ער איז שוין סיי ווי אין שדה־בוקר.

פאַרקערט, קלוגע יידן אין תל־אביב זאָגן אפילו, אַז וואָס ווייטער עס ציען זיך די פאַרהאַנדלונגען און וואָס לענגער מיר זענען אָן אַ רעגירונג, אַלץ בעסער קען זיך אויסלאָזן. עס קען אַמאָל געשען, מיר זאָלן זיך איבערהויפּט צוגעוווינען צו זיין אַ מדינה אָן אַ רעגירונג. וואָרום צווישן זיך גערעדט: צו וואָס דאַרפן מיר אַ רעגירונג מיט זעכצן מיניסטאָרן, מיט אַמטן, מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג?

אונדזער פינאַנץ־מיניסטער איז אַמעריקע, אונדזער האַנדלס־מיניסטער איז דייטשלאַנד, אונדזער אויסערן־מיניסטער איז דאָס אַמעריקאַנער יידנטום, אונדזער זיכערהייטס־מיניסטער איז דער רבונו־של־עולם, אונדזער אַנטוויקלונגס־

מיניסטער איז דער נס, אונדזער קולטור־מיניסטער זענען די אַמעריקאַנער פאַרלאַגן — איז וואָס זשע דאַרפן מיר טאַקע נאָך אַ רעגירונג?

עס איז גאָר מעגלעך, אַז אַזוי ווי מיר האָבן פאַרשפּראָכן דער וועלט צו זיין אַ מוסטער־מדינה און וויזן צו וואָס ס'איז פעאיק דער יידישער זשעני — פירן מיר אפשר איצט אַדורך דעם עקספּערימענט צום גרעסטן אידעאַל פון דער מענטשהייט — אַ מדינה זאָל זיך פירן אָן אַ רעגירונג, אַזוי ווי קראָפּאָטקין האָט זיך דאָס פאַרגעשטעלט אין זיין אוטאָפּיע: אויס רעגירונג, אויס מיניסטאָרן, נאָר אַלץ סינדיקאַליזירט־אַנאַרכיזירט — ווי דער שטייגער איצט ביי אונדז: טאָמאַטן — אַ סינדיקאַט, ביר — אַ סינדיקאַט, שיך — אַ סינדיקאַט, צעמענט — אַ סינדיקאַט, און מילך — אַ סינדיקאַט, און פיש — אַ סינדיקאַט, און אויטאָבוסן — אַ סינדיקאַט, און שילומים — אַ סינדיקאַט, און פאַרטייען — אוודאי און אוודאי אַ סינדיקאַט, נאָר איין זאַך איז פריי און צוגענגלעך פאַר אַלע — קבצנות.

נאָר ווי זאָגט איר? — ס'איז וויי צום געלעכטער. ווען ס'איז נישט מיין צרה — וואָלט זי פאַר מיר געווען די כפּרה, אָבער די צרה איז דאָך, נעבעך, אונדזערע! נאָך אַביסל אַזאַ סינדיקאַליזירט־אַנאַרכיזירטן שטייגער און ווער ווייסט ווי מיר וועלן אויסזען!

דעריבער דאַרפן מיר זאָגן צו אונדזערע פירער: יידן, קיבעצן איז טאַקע אַ יידישע זאַך, נאָר דאָס איז גוט אין קלויז. קיבעצן אין אַ מדינה, וואָס מען האָט זיך אַזוי לאַנג אויסגעקוקט די אויגן נאָך איר — איז אַ סכנותדיקע שפּיל. נישט מפא״י האָט וואָס צו פאַרקויפן און נישט די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן וואָס צו פאַרקויפן. איז וואָס בלאָזן זיי אַזוי פון זיך און שטייען אין גרויסן? זיי האָבן ביז איצט די מדינה גליקלעך געמאַכט? איינגעפירט דעם סאָציאַליזם בימינו? די אַרבעטסלאָזע אַרבעט געגעבן און די הונגעריקע אָנגעזעטיקט? און די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן דעם משיח פון פּריוואַטן סעקטאָר געבראַכט קיין ישראל?

אלא וואָס דען?

ביידע, זאָגט מען, האָבן מורא אָפּצולאָזן איינער דעם אַנדערן. פאַרן צוזאַמען ווי ביז איצט קען מען טאַקע נישט, אָבער זיך צושאָקלען צוזאַמען ביז צו די נייע וואַלן מוז מען.

שאָקלט מען זיך אויף פאַרהאַנדלונגען, מען רייסט־איבער און מען רעכנט־אויס אין קריזיס אויף דעם זעלבן, אויף וואָס מען האָט גערעכנט ביים רעגירן — אויף דעם גרעסטן גענעראַל אין מדינת ישראל — אויף דעם גענעראַל נס, וואָס האָט אונדז ביז איצט נישט פאַרפירט און — הלוואי ווייטער...

נסים וועלן נישט פעלן.

8טער יאַנואַר 1954

## קאַראַאול, לועזית!

אין דער געגנט פון ביאַליסטאָק איז אַמאָל־אַמאָל, פאַר דעם חורבן, געווען אַ קליין יידיש שטעטעלע, וואָס איז געווען באַרימט צוליב אָפטע שריפות. וואָס איז דאָס וווּנדער? דאָס גאַנצע שטעטעלע איז באַשטאַנען פון הילצערנע הייזלעך מיט שינדל־דעכער. טאָמער איז אין איין הויז אויסגעבראָכן אַ שריפה און דערצו האָט נאָך געבלאָזן אַ ווינטל — פלעגט דאָס גאַנצע שטעטעלע אַוועק־פליען אין פלאַמען. איז אין דעם שטעטל געווען איין יידישער פייערלעשער. וואָס הייסט אַ יידישער פייערלעשער? דאָס הייסט אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ פעסל אויף צוויי רעדער און אַ שקאַפּע אויף פיר פיס. איז וואָס דאַרף מען בעסער, אויב עס איז דאָ אַלץ וואָס מען דאַרף: אַ פעסל אויף צוויי רעדער אויף צו פירן וואַסער, אַ שקאַפּע, וואָס זאָל שלעפּן דאָס פעסל, און שריפות, וואָס מען דאַרף לעשן. איז אָבער די מעשה, וואָס דאָס געשעפט האָט נישט געאַרבעט. אַזוי ווי אַ פעסל אויף צו פירן וואַסער דאַרף זיין גאַנץ און אַ שקאַפּע דאַרף עסן — פלעגט זיך שטענדיק מאַכן אַזוי: ווען די פאַס איז געווען גאַנץ, האָט גראָד די שקאַפּע נישט געקענט אויסהאַלטן דעם הונגער און אַוועקגעפּגרט. און טאָמער איז שוין יאָ געווען אַ שקאַפּע — פלעגט זיך אַרויסווייזן, אַז דאָס פעסל רינט. און אַז דאָס פעסל איז שוין געווען גאַנץ און אויך די שקאַפּע איז געווען גאַנץ — זענען קיין שריפות נישט געווען. נאָר אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, פלעגט דער פייערלעשער לויפן מיטן פעסל און שרייען: „יידן, מאַכט אַ וועג, עס ברענט!" אָבער אַז ער איז צוגעקומען צו דער שריפה איז די פאַס געווען ליידיק, ווייל דאָס פעסל האָט גערונען...

פלעגן יידן שרייען:

— מיישקע, אַ גוט יאָר אויף דיר, וואָס פאַר אַ פייערלעשער ביסטו, אַז ווען עס איז דאָ אַ שריפה האָסטו נישט קיין שקאַפּע און ווען דו האָסט שוין יאָ אַ שקאַפּע האָסטו נישט קיין פעסל.

האָט דער ייד געענטפערט קאַלט:

— הערט, ברענען מוז דאָך, ווייל יידן דאַרפן פייערקאַסע. איז וואָס פאַרא גוטס וואָלט אייך אַרויסקומען ווען דאָס פעסל זאָל טאַקע זיין גאַנץ? אָבער אַזוי ווי איך דאַרף אויך פרנסה, איז דאָך דער עיקר דאָס שרייען: „יידן, עס ברענט, מאַכט אַ וועג!" און דאָס טו איך אַלע מאָל, מעג דאָס פעסל רינען און די שקאַפּע פּגרן...

אַט די מעשה דערמאָנט זיך מיר תמיד, ווען אין ישראל ווערט באַנייט דער קאַמף קעגן דער פרעמדשפּראַכיקער פּרעסע. וואָרום אַט דער קאַמף ;עט

מיר אויס ווי יענע שריפה אין שטעטל, ווי עס לויפט דער פייערלעשער און שרייט: יידן, מאַכט אַ וועג, עס ברענט! ווייל דאָס פעסל איז, נישט פאַר אייך געדאַכט, און די שקאַפּע איז — פאַר קיין שום יידישער שקאַפּע נישט געדאַכט, נאָר דער עיקר איז דאָס שרייען, ווייל... יידן דאַרפן דאָך פייערקאַסע און דער פייערלעשער דאַרף פּרנסה.

נאָר לאָמיר אייך נישט אָפּפּטרן בלויז מיט אַ מעשה און אויך דערציילן די געשיכטע: אין ישראל דערשיינען אַרום 130 העברעאישע אויסגאַבן און עפּעס מער פון הונדערט פאַרשיידענע אויסגאַבן אין פרעמדע שפּראַכן (יידיש ווערט פאַררעכנט צווישן די פרעמדע). אָבער אָט די צאָל זאָגט נאָך גאָרנישט. פון די הונדערט און דרייסיק העברעאישע אויסגאַבן זענען פאַראַן 13 טעגלעכע צייטונגען, 10 וואָכנבלעטער מיט אַ וועזנטלעכן טיראַזש און די איבעריקע זענען וואָכנבלעטער מיט אַ גאָר קליינער צירקולאַציע, חודש־שריפטן, דריי־חדשים־שריפטן און אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבן.

און איצט ווי זעען אויס די פרעמדשפּראַכיקע אויסגאַבן.

גאַנצע טאָג־צייטונגען אין פרעמדע שפּראַכן זענען פאַראַן זעקס: צוויי אין דער דייטשער שפּראַך, איינע אין ענגליש, איינע אין אונגאַריש, איינע אין אַראַביש און איינע אין פראַנצייזיש. אַ חוץ דעם, זענען פאַראַן קאָמבינירטע, אָדער „געדרייטע" טאָג־צייטונגען. דאָס זענען טאָג־צייטונגען, וואָס דערשיינען אונטער צוויי נעמען — דריי מאָל אַ וואָך הייסן זיי איין נאָמען און דריי מאָל אַ וואָך הייסן זיי אַן אַנדער נאָמען. איין „געדרייטע" טאָג־צייטונג איז אין יידיש, איינע פון די „געדרייטע" איז אין פּויליש און צוויי זענען אין רומעניש.

אַ חוץ דעם, דערשיינען אין פרעמדע שפּראַכן ביז אַ צען וואָכנבלעטער, די איבעריקע זענען חודש־זשורנאַלן. צו דעם קומען נאָך צו אַ צאָל פאַרשיידענע פּעריאָדישע אויסגאַבן.

אויף וויפל די 130 העברעאישע אויסגאַבן זענען לעבעדיקע, דאָס הייסט, זיי דערשיינען רעגולער, אויף אַזוי פיל זענען די מערהייט אויסגאַבן אין פרעמדע שפּראַכן האַלב־טויטע. דאָס מיינט, אַז עס זענען טאַקע פאַראַן 105 דערלויבענישן אויף פרעמד־שפּראַכיקע אויסגאַבן, אָבער אַ גרויסער טייל דער־שיינט בלויז פון צייט־צו־צייט, כדי עס זאָל נישט פאַרלוירן גיין די גילטיקייט פון דער דערלויבעניש. אָט די פון צייט־צו־צייט אַרויסגעגעבענע צייטונגען דערשיינען בלויז אין אַ פּאָר צענדלינג עקזעמפּלאַרן, בלויז פאַר דער מאַכט, כדי אויפצוהאַלטן די דערלויבעניש, און דעריבער האָבן זיי נישט קיין שום באַטייט. דאָך מוז מען צוגעבן, אַז די פרעמדשפּראַכיקע פּרעסע פאַרנעמט אַן אָנגעזעענע אָרט און דאָס איז אויך נאַטירלעך. די באַפעלקערונג האָט זיך אין איינציקע יאָר מער ווי פאַרטאָפּלט און דאָס — פון פאַרשיידן־שפּראַכיקע גרופּן, וואָס קענען נישט בלייבן אָן אויסגאַבן אין דער שפּראַך, אין וועלכער זיי האָבן זיך אויסגעלעבט אין זייערע אַלטע היימען. וואָלט מען זיי נישט געגעבן קיין צייטונגען אין די דאָזיקע שפּראַכן — וואָלטן זיי אין גאַנצן אָפּגעריסן געוואָרן פון לעבן. דאָס וואָלט געווען קולטור־באַרבאַריזם.

עס איז ווילד די טענה, אַז די פּרעמד־שפּראַכיקע פּרעסע איז אַ געפֿאַר פֿאַר העברעאיש. זי קען נישט זיין קיין געפֿאַר, ווייל דאָס מלוכהשע לעבן שפּילט זיך אויס אין העברעאיש, די שולן זענען העברעאיש, אויף איינצוואַרצלען העברעאיש ווערן אויסגעגעבן ריזיקע סומעס, איבערן גאַנצן לאַנד ווערט געפֿירט אַ ברייטע נעץ פֿון העברעאישע קורסן, וווּ עס ווערט געלערנט אומזיסט. די הסתדרות גיט אַרויס אַ ספּעציעלע טעגלעכע צייטונג אין העברעאיש מיט פּאַרטייטשונגען אין אַ פֿינף־זעקס שפּראַכן. איז דעריבער קיין שום געפֿאַר פֿאַר העברעאיש נישט פֿאַראַן. אמת איז, אַז אַ צאָל לייענער וואָלט מיט מאַטערניש געקענט איבערלייענען די נייס אין אַ העברעאישער צייטונג, אָבער אַנשטאָט צו מאַטערן זיך מיט העברעאיש — לייענען זיי גערן אין דער שפּראַך, וואָס איז זיי אייגן.

וואָלט אפשר אָט דער מאָטיוו פֿון קאָנקורענץ באַווויגן די העברעאישע פּרעסע צו שרייען „קאַראַאָול!" אויף דער פּרעמדשפּראַכיקער פּרעסע. איז דאָס אָבער אויך נישט קיין מאָטיוו, ווייל פּונקט ווי די מערהייט צייטונגען אין העברעאיש ווערט אַרויסגעגעבן דורך פּאָליטישע פּאַרטייען, אַזוי ווערן אויך די מערהייט פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען אַרויסגעגעבן דורך די פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס זענען אַלע ציוניסטישע און אַלע פֿאַר העברעאיש און קעגן די פּרעמדע שפּראַכן.

אַנשטאָט צו שרייען „קאַראַאָול!" און קאַראַאָול שרייען אַלע פּאַרטייען דורך זייערע העברעאישע צייטונגען קעגן די פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען, וואָס זיי אַליין גיבן אַרויס און פּאַרלירן דערביי ריזיקע סומעס געלט. וואָלט גענוג געווען, אַז אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען זאָלן אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן זייערע פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען און עס וואָלט געווען איבעריק צו שרייען „קאַראַאָול!"...

לאָמיר איצט זען: ווער מאַכט די פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען? ווער זענען די רעדאַקטאָרן און די מיטאַרבעטער? איר ווייט לאַכן — די מערהייט מיט־אַרבעטער אין די פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען זענען אַליין רעדאַקטאָרן און זשורנאַליסטן פֿון העברעאישע צייטונגען. און די זעלבע, דורכאויס די זעלבע, וואָס שרייבן אין די פּרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען, מאַכן אין זייערע העברע־אישע צייטונגען אַטאַקעס קעגן די צייטונגען אין די פּרעמדע שפּראַכן...

דער שענסטער קוריאָז פֿון שרייען „קאַראַאָול!" קעגן זיך אַליין איז פֿאַר־געקומען מיט אַ וואָך צוריק, ווען ה' זוסמאַן, אַ פֿאָרשטייער פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן, האָט אין דער כנסת אריינגעטראָגן אַן אינטערפּעלאַציע צום אינערן־מיניסטער, וואָס איז אויך אַן אַלגעמיינער ציוניסט, קעגן דער פּרעמד־שפּראַכיקער פּרעסע. און ה' זוסמאַן, וואָס האָט אינטערפּעלירט דעם אינערן־מיניסטער, איז אַליין דער שעף פֿון דער פּרעמד־שפּראַכיקער פּרעסע פֿון די אַלגעמיינע ציוניסטן...

ווייט איר דאָך פֿרעגן: וואָס טוט זיך דאָ? פֿאַרוואָס טרעטן אַרויס מענטשן קעגן דעם, וואָס זיי אַליין טוען? כדי אויפֿצוקלערן דעם גאַנצן פּסיכאָלאָגישן פּלאָנטער ווי אַזוי מענטשן פֿאַרשליסן די טיר און וואַרפֿן אַוועק די שליסלען, כדי באַלד זאָלן זיי אַליין אויפֿברעכן די טירן — וואָלט מען געדאַרפֿט אָנשרייבן

אַ גאַנצע שטודיע. אָבער צוויי מאָמענטן, וואָס ליגן גלייך פון אויבן, דאַרף מען באַרירן: דער ערשטער מאָמענט איז דאָס, וואָס מען רופט אָן קאָנווענציאָנעלער שקר. די זעלבע העברעאישע זשורנאַליסטן, וואָס אַרבעטן־מיט אין פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען האָבן מורא עמעצער זאָל זיי מאַרגן נישט פאַרוואַרפן די זינד. דאַרף מען האָבן אַן אַליבי פאַר זיך און פאַר אַנדערע, דעריבער האָט מען אָנגענומען דעם קאָנווענציאָנעלן שקר קלאָמפּערשט צו באַקעמפן זיך אַליין...

דער צווייטער מאָמענט איז דאָס, וואָס צו דער פרעמד־שפּראַכיקער פרעסע דערלייגן די פּאַרטייען פאַרמעגנס מיט געלט, ווייל דער עולם וויל נישט לייענען קיין פּאַרטייאישע פרעסע. אויך צו דער העברעאישער פּאַרטייאישער פרעסע ווערן דערלייגט ריזיקע געלט־סומעס, אָבער אויף דעם איז נישט פאַראַן קיין עצה. אַ פּאַרטיי מוז האָבן אַ צייטונג. אָבער דערלייגן ריזיקע סומעס צו עטלעכע צייטונגען — קען דאָך אויפפרעסן אַ פאַרמעגן! וואָלטן אייגנטלעך אַלע פּאַרטייען געוואָלט זיך באַפרייען פון וואָס מער צייטונגען מיטן תנאי, אַז אויך אַנדערע פּאַרטייען זאָלן אָפּשטעלן אַ ביסל צייטונגען. אויב אָבער איין פּאַרטיי קען שוין מער נישט אויסהאַלטן און זי שליסט אַ צייטונג — ווערט זי באַלד פּאַטריאָטיש און הייבט אָן שרייען קעגן דער פרעמד־שפּראַכיקער פרעסע פון אירע קעגנער... אָט דער מעטאָד אַרבעט ווי אַ געזעץ.

אָבער אַזוי ווי די פּאַרטייען וועלן זיך קיין מאָל נישט קענען צוזאַמענרעדן וועגן אָפּשטעלן אַלע זייערע פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען און איין פּאַרטיי האָט מורא פאַר דער צווייטער, אַז זי וועט בלייבן אָן אַ צייטונג, בעת די צווייטע וועט יאָ האָבן געלט אַרויסצוגעבן פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען — האָבן איצט אַלע אָנגעהויבן שרייען: „קאַראַאול”. דער איצטיקער „קאַראַאול!” איז אויסגערעכנט, אַז די רעגירונג זאָל דורך אַ געזעץ באַגרענעצן דאָס אַרויסגעבן פרעמד־שפּראַכיקע צייטונגען. דער אינערן־מיניסטער אַרבעט שוין איבער אַ געזעץ, וואָס זאָל בייטן דעם ביז־איצטיקן ענגלישן פרעסע־געזעץ, און וואָס זאָל צוימען דעם וועג פאַר דער פרעסע אין פרעמדע שפּראַכן. אין גאַנצן פאַרבאָטן די פרעמד־שפּראַכיקע פרעסע וועט מען נישט קענען, ווייל, ערשטנס, איז ישראל אַ דעמאָקראַטישע מדינה און עס לעבן אין איר מינדערהייטן, ביי וועלכע מען קען דאָך נישט צונעמען דאָס רעכט אַרויסצוגעבן אַ פרעסע אין זייערע שפּראַכן. צווייטנס, וואָלט דער פאַרבאָט נישט געקענט מאַכן קיין אויסנאַמען: איין שפּראַך יאָ דערלויבן און די צווייטע — נישט. אויף אַ זיצונג פון אַ געוויסער קאָמיסיע אין אינערן־מיניסטעריום איז אפילו געשטאַנען די פראַגע ווי אַזוי צו באַהאַנדלען יידיש. צי דאַרף מען יידיש באַהאַנדלען ערגער ווי פּויליש, אָדער דייטש, אָדער דאַרף מען זיך צו יידיש באַציען אַזוי ווי מען באַציט זיך צו דייטש און פּויליש. נאָך לאַנגע דיסקוסיעס איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז די באַציאונג צו יידיש דאַרף נישט זיין ערגער, נאָר די זעלבע ווי צו דייטש און צו פּויליש. די דריטע סיבה פאַרוואָס מען קען נישט אין גאַנצן פאַרבאָטן די פרעסע אין פרעמדע שפּראַכן זענען די — — וואַלן. פאַר פּאַרטייען איז דאָך די וויכטיקסטע זאַך וואַלן און אָן פּראָפּאַגאַנדע קען מען קיין וואַלן נישט מאַכן. און ביי וואַלן דאַרף מען

צו די ווײלער רעדן אין דער שפּראַך, וואָס זײ פֿאַרשטײען און פֿילן צום בעסטן. איז ווי וועלן דאָס פּאַרטײען פּועלן בײ זיך צו פֿאַרבאָטן די פֿרעמד־שפּראַכיקע פּרעסע און פֿאַר זיך אַלײן פֿאַרמאַכן די טויערן צו די הערצער פֿון די ווײלער?

זוכט מען איצט פֿאַרשײדענע וועגן ווי אַזוי צו מאַכן דעם וואָלף זאַט און דאָס שעפּעלע זאָל בלײבן גאַנץ. עס הײסט, אַז די פֿרעמד־שפּראַכיקע פּרעסע זאָל דאָך זײן דערלויבט, אָבער זי זאָל נישט האָבן קײן לײכטן לעבן. אײנע פֿון די פֿאַרשלאַגן איז, אַז יעדע צײטונג אין אַ פֿרעמדער שפּראַך זאָל גלײכצײטיק מוזן האָבן אַ העברעאישע איבערזעצונג. דאָס הײסט יעדע טעלעגראַמע, יעדע נאָטיץ און יעדעס אַרטיקל אין אַ פֿרעמדער שפּראַך זאָל ווערן איבערגעזעצט און געדרוקט אין העברעאיש אין דער זעלבער צײטונג צוזאַמען מיט דער פֿרעמדער שפּראַך. דאָס הײסט, אַז יעדע צײטונג וועט זײן צ ו ו ײ י צײטונגען. אַזוי אַרום וועלן די צײטונגען אין די פֿרעמדע שפּראַכן האָבן טאָפּלט הוצאות און זײ וועלן נישט קענען עקסיסטירן.

אָבער אַט דער פּראָיעקט האָט שוין אַרויסגערופֿן אַ קעגנערשאַפֿט בײ די אַרויסגעבער פֿון דער העברעאישער פּרעסע, ווײל גראָד אַזאַ צײטונג אין 2 שפּראַכן קען ווערן אַ געפֿערלעכע קאָנקורענץ פֿאַר דער העברעאישער פּרעסע, וואָרום יעדער אײנער וועט פֿאַר דעם פּרײז פֿון אַ העברעאישער צײטונג קענען האָבן צוויי צײטונגען: אַ העברעאישע און אין דער שפּראַך, אין וועלכער ער קלײבט זיך פֿונאַנדער צום בעסטן... צו דעם פּראָיעקט וועלן אויך נישט דערלאָזן די פּאַרטײען, וואָס גיבן אַרויס אַלײן פֿרעמד־שפּראַכיקע צײטונגען, ווײל דאָס וואָלט נאָך מער פֿאַרגרעסערט זײערע דעפֿיציטן...

די גאַנצע זאַך איז נישט קײן לײכטע און נישט אַזוי שנעל וועט קענען געפֿינען ווערן אַ לײזונג. וועט איר דאָך פֿרעגן: אויב עס זענען פֿאַראַן אַזעלכע שוועריקײטן און אַזוי פֿיל פֿאַראינטערעסירטע, אַז עס זאָל יאָ זײן אַ פֿרעמד־שפּראַכיקע פּרעסע, צו וואָס זשע הײבט מען אויף דעם טומל? פּאַסט זיך אויף דעם דער ענטפֿער פֿון דעם קלײנשטעטלדיקן פֿײערלעשער מיט דעם צעלעכערטן פֿעסל: ברענען מוז דאָך, ווײל ײדן דאַרפֿן פֿײערקאַסע; און וואָס פֿאַר אַ גוטס וואָלט אַרויסגעקומען ווען דאָס פֿעסל זאָל זײן גאַנץ? איז דער עיקר דאָס שרײען: „ײדן, עס ברענט, מאַכט אַ וועג!" און דאָס טו איך אַלע מאָל, מעג אפֿילו דאָס פֿעסל רינען און די שקאַפֿע פּגרן...

23סטער יאַנואַר 1954

# אַ ישׂראל־ייִד צוגאַסט אין ישׂראל

אין איינעם אַ טאָג האָט געקלונגען צו מיר דער טעלעפאָן פון האָטעל „דן" און די טעלעפאָניסטין האָט מיר מודיע געווען, אַז מיסטער סעמיועל האָפּקינס פון לאָנג ביטש, קאַליפאָרניע, וויל מיט מיר רעדן.

— העלאָ, מיסטער האָפּקינס?

— יעס, סער, דאָ רעדט מיסטער האָפּקינס פון לאָנג ביטש... איך וועל האָבן גרויס פּלעזשור צו רעדן צו אייך... צי קענט איר מיר באַזוכן אין האָטעל „דן"?

— אפשר, מיסטער האָפּקינס, וואָלט איר זיך מטריח געווען צו מיר? — האָב איך אַריינגערעדט אין טרייבל — איר זענט אַ גאַסט אין ישׂראל און איך וועל אייך אויפנעמען מיט פּלעזשור.

— האָ, נאָו — קווענקלט זיך מיין אומבאַקאַנטער מיסטער האָפּקינס דורכן טעלעפאָן — איך וועל האָבן דעם פּלעזשור אייך אויפצונעמען ביי מיר מיט אַ גלעזל ברענדי.

איז מילא, אַ גאַסט וואָס איז געקומען אַזש פון קאַליפאָרניע און ער בעט אַזוי שטאַרק, דאַרף מען אים גיין באַזוכן. בין איך אַוועק אין האָטעל, ווו נישט ווייט פון אַריינגאַנג, גייט מיר אַנטקעגן אַ ייד מיטביידע הענט אין די קעשענעס, מיט אַ ציגאַר אין מויל און מיט אַ ברייטלעך־פרייען טריט, ווי ער וואָלט געווען דער קעניג פון געבאַקענע פערפל אויף צען אַמעריקאַנער שטאַטן.

— איר זענט מיסטער צאַנין? איך בין מיסטער סעמיועל האָפּקינס — שטרעקט ער מיר אויס אַ ברייטע וואַרעמע האַנט און מיט דער צווייטער טוט ער מיר אַ פּאַטש אין פּלייצע.

איך קוק אָן דאָס פּנים פון דעם ייד און זאָג צו אים:

— דער וויץ איז אייך געלונגען, אדון קימעלמאַן.

— וואָס פאַר אַן אדון קימעלמאַן? איך בין נישט קימעלמאַן, איך בין מיסטער סעמיועל האָפּקינס פון לאָנג ביטש, קאַליפאָרניע.

— מיסטער האָפּקינס — זאָג איך צו אים — מאַכט נישט קיין ליצנות. איר זענט דאָך אדון קימעלמאַן, וואָס האָט דאָס גאַלאַנטעריע־געשעפט אויף אַלנבי.

— וואָס פאַלט אייך איין, איך קען נישט קיין שום אדון קימעלמאַן, וואָס האָט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט אויף אַלנבי — טרייסלט זיך אָפּ מיסטער האָפּקינס.

— סטייטש, איר זענט דאָך פּאָרט אדון קימעלמאַן, דער אַלטער ציוניסט, וואָס איז עולה געווען מיט דרייסיק יאָר צוריק און געווען דער חלוץ פון גאַלאַנטעריע אין ארץ־ישׂראל.

— ניין — טרייסלט ער זיך אָפּ — איך בין מיסטער האָפּקינס, אַ טוריסט אין ישׂראל. איך בין געקומען אין ייִדישן לאַנד צו האָבן פּלעזשור און פרייען זיך מיט דעם, וואָס איר האָט דאָ אויפגעבויט... נאָר איידער וואָס־ווען לאָמיר גיין נעמען אַ ברענדי...

מיר זענען אַראָפּ אין דעם געמיטלעכן באַר. די טעמפּעראַטור איז אָנגענעם, די פאָטעלן זענען ווייך און באַקוועם, דאָס ליכט איז געדעמפּט און הינטער די פענצטער רוישן די כוואַליעס פון ים. דער קעלנער דערלאַנגט אַ קאַלטן ברענדי, וואָס פליסט אַריין אין בלוט ווי אַ שטאַרקער עליקסיר.

— ווייטער, פּליז, נאָך אַ ברענדי — זאָגט מיסטער האָפּקינס און ער רוקט זיך אַריין טיפער אין פאָטעל.

איך קוק אויף דעם גליקלעך־צעשמייכלטן מיסטער האָפּקינס און איך ווייס נישט, צי בין איך אַראָפּ פון זינען, אָדער דער מיסטער האָפּקינס איז נעבעך געפאַלן אויפן קאָפּ. דאָס איז דאָך פּאַרט אדון קימעלמאַן, אַ ציוניסט, אַ וותיק, דרייסיק יאָר אין לאַנד, מיט אַ גאַלאַנטעריע־קראָם אויף אלנבי. דאָס בין איך דאָך ערשט מיט אַ צען טעג צוריק געפאָרן מיט אים צוזאַמען אין אַ טעקסי פון ירושלים. איך געדענק דאָך אפילו די מעשה, וואָס ער האָט מיר דערציילט, אַז שוין אַ האַלב יאָר לעבט ער צווישן תּל־אביב און ירושלים צוליב עפּעס אַ רשיון... נאָר צוליב זיין עקשנות, צוליב אַ פּרינציפּ נישט צו געבן אין דער ידי־אַריין האָט אים שוין זיין ווייב אָפּגעיאַדעוועט דאָס לעבן פאַרוואָס ער איז אַ טעמבעל און באַקומט נישט דעם רשיון...

— טרינקט — זאָגט צו מיר מיסטער האָפּקינס — ס'איז גוטער ברענדי. איר האָט אַ טייערע מדינה. אַלץ האָט איר, אפילו גוטן ברענדי, וואָס אַזאַ האָב איך אין לאַנג ביטש נישט געטרונקען...

— מיסטער האָפּקינס...

— לחיים! — רופט־אויס מיסטער האָפּקינס — לחיים פאַר דער מדינה! איר האָט אַ טייערע מדינה... דאָס וויל איך זאָלט איר וויסן... איך האָב געמאַכט אַ רייזע איבער דער מדינה און איך זאָג אייך... לחיים, נישטאָ נאָך אַזאַ מדינה אויף דער וועלט...

— אָבער מיסטער האָפּקינס...

— לעט'ס גאָו — לאָזט ער מיר נישט קומען צום וואָרט — נעכטן בין איך געווען אין סדום. אַ נייס פּלעיס. די באָיס מאַכן דאָרט פאָטאַש. און ביי די פאָספאַטן־מאַינס בין איך געוועזן... איך זאָג אייך: איר מעגט זיין שטאָלץ. און צוריק האָט מיך דער גאַיד פון טוריסט־באָס געפירט קיין שׂדה־בוקר צו בן־גוריונען. אַ ביוטעפול פּלעיס. אייער פּרעמיער איז אַ גוטער פעלאָו. איך האָב אים געזען ווי ער אַקערט אַ פעלד. אָל־רייט, אַז מען האָט אַזאַ פּרעמיער קען מען זיין שטאָלץ. דערנאָך האָט מיך דער גאַיד געפירט צום אשל־בוים אין באר־שבע. איך זאָג אייך, איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין שטעטעלע שעפּיטיווקע ווען איך בין געגאַנגען אין חדר און געלערנט... ויטע אשל בבאר־שבע — און אברהם האָט געפלאַנצט דעם אשל־בוים אין באר־שבע, און טרערן האָבן מיר זיך געשטעלט

אין די אויגן... נעמט אַ ברענדי, לחיים!... איר זעט, אייערנעכטן בין איך געווען אין חיפה, מען האָט מיך אַרומגעפירט איבער אַ צען פאַבריקן... אָ־קעי! די מאַשינען אַרבעטן. די אַרבעטער זענען אָל־רייט, מען קען זאָגן: גליקלעך. איך האָב איינעם געפרעגט צי אים פעלט עפּעס, האָט ער מיר געענטפערט: אויסער די אַמעריקאַנער יידן זאָלן קומען קיין ישראל פעלט מיר גאָרנישט. די אַרבעטער האָבן אפילו געוואָלט טאַנצן אַ הורא נעבן די מאַשינען. נאָר דער מענעדזשער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי טוען דאָס נישט ווייל זיי ווילן פאַרשטאַרקן די פּראָדוקציע, כדי דאָס לאַנד זאָל שנעלער ווערן עקאָנאָמיש זעלבשטענדיק.

— אדון קימעלמאַן! — רוף איך אויס — וואָס חוזקט איר פון מיר. מיר זענען דאָך צוזאַמען געפאָרן אין אַ טעקסי פון ירושלים. איר געדענקט ווי איר האָט מיר געוויזן דאָס פּעקל קבלות אויף מס הכנסה, קרן השוואה, מס יתר, מס מותרות, מס מסוייג, מס עסק, המקדמה למס הכנסה, מס לקרן היצוא, מס...

— שאַד־אַפּ! — האָט מיסטער האָפּקינס אויסגעשריגן מיט אַ שיכורלעך קול — איך בין נישט קיין קימעלמאַן, איך ווייס נישט פון קיין שום מס הכנסה, קיין קרן השוואה, קיין מס יתר, קיין מס מותרות, קיין שום מס. איך בין מיסטער האָפּקינס פון לאָנג ביטש, קאַליפאָרניע. איך האָב פלעזשור פון דעם דזשואיש סטייט. דאָ אין האָטעל האָב איך אַ סואיט פון צוויי צימערן מיט אַלע באַקוועמ־לעכקייטן ווי אין מיאַמי מיטש. איר הערט ווי די כוואַליעס פון יידישן ים קלאַפּן אין די ברעגעס פון אונדזער לאַנד?... היינט אין דער פרי האָט מיך דער גאַיד אַוועקגעפירט אין הסתדרותישן הויז. אָ־קעי... ווען יידישע אַרבעטער אין ישראל האָבן אַזאַ היים דאַרפן זיי זיין גליקלעך. אויב זיי האָבן אַזאַ יוניע, איז שוין לייכט זיך פאָרצושטעלן אין וואָס פאַר אַ לוקסוס עס לעבן די גליקלעכע יידישע אַרבעטער אין ישראל. די אַמעריקאַנער יוניאָנס דאַרפן זיך קומען לערנען צו אייך, ווי אַזוי עס לעבן אַרבעטער. דערנאָך האָט מען מיך אַוועקגעפירט אין דער פּאַפּיר־פאַבריק אין חדרה. אַ פאַבלהאַפטע פאַבריק. דער גאַיד האָט מיר געזאָגט, אַז דער הערצל־וואַלד, וואָס מען האָט צוגעגרייט מיט דרייסיק יאָר צוריק, וועט ליפערן גענוג האָלץ אויף צו מאַכן פּאַפּיר.

— הער קימעלמאַן! — שריי איך אויס — דאָס האָט איר מיר דאָך דערציילט אין דער טאַקסי פון ירושלים, אַז מען האָט ביי אייך געמאַכט אַן עיקול, ווייל איר האָט נישט באַצאָלט דעם מס הכנסה פאַר אייער ווייב, וואָס אַרבעט ביי אייך. איר זענט נישט קיין שום האָפּקינס, פון קיין שום לאָנג ביטש, איר זענט דער אייגנטימער פון דעם גאַלאַנטעריע־געשעפט אויף אלנבי, איר זענט אַ פּשוטער אַקטיאָר, וואָס שפּילט די ראָל פון אַן אַמעריקאַנער טוריסט, איר זענט אַ סנאָב, איר זענט אַ האָכשטאַפּלער, איר זענט דאָס, וואָס אייער ווייב האָט געזאָגט אויף אייך — איר זענט אַ טעמבעל און דאָס אַלץ.

מיסטער האָפּקינס האָט זיך איינגעשרומפּן אין דעם ווייכן פאָטעל און געקוקט אויף מיר מיט פייכטע אויגן:

— יאָ, איז וואָס פון דעם? פאַרוואָס פאַרגינט איר מיר נישט מיין גליק? איך בין טאַקע קימעלמאַן פון דער אלנבי, דער וותיק, דער אַלטער

ציוניסט, דער חלוץ פון גאַלאַנטעריע, דער וואָס לויפט שוין אַ האַלב יאָר צווישן תל־אביב און ירושלים און קען נישט באַקומען דעם רשיון, ווייל ער איז אַ מעמבעל און קען נישט געבן אין דער יד אריין און קען אויך נישט געבן אין באַק אַריין, און האָט אין דר'ערד אַלע פּראָטעקציעס, און האָט נישט קיין שוואָגער אַ מנהל, און האָט נישט קיין צד אין דער קאָאַליציע, און ווערט אויסגעריסן פון האַרצקלעמעניש, און קען זיך שוין מער נישט באַהערשן, כדי נישט צו פּלאַצן.

לאָזט מיך כאָטש אַ פּאָר טעג זיין אַ סעמיועל האָפּקינס פון אַ לאָנג ביטש אָדער פון אַן אַנדער לאַנגער באַנק, אַ טוריסט, וואָס פרייט זיך ווי אַ קינד פון אַלע שיינקייטן, וואָס מען ווייזט אים, און וואָס פרייט זיך, וואָס די קעלנערס טאַנצן אַרום אים, וואָס די אַרבעטער אין די פאַבריקן קלאָגן נישט פאַר אים, נאָר פאַר־קערט, זיי זענען גליקלעך, לעבן גליקלעך און זאָרגלאָז, אָן דאגות פּרנסה, אָן שטרייקן, אָן האַרץ־קלעמעניש. און אַלץ איז אַזוי פּשוט און אַזוי נישט קאָמפּליצירט און אָן פּראָבלעמען. און אַז איך ליג אין דעם ווייכן בעט, דאָ אין האָטעל, ברענגט מען מיר נישט די צעטעלעך אויף די צוואַנציק טויזנטערליי מסים און איך ווייס נישט פון קיין עיקולן.

פאַרוואָס פאַרגינט איר מיר נישט דאָס גליק צו זיין אין אַן אמתן ארץ־ישׂראל, אַזאַ ווו יעדער פון אונדז וואָלט געוואָלט לעבן און זיך פרייען און זי איינאָטעמען אין זיין בלוט, אין זיין נשמה? רופט מיך: מיסטער האָפּקינס, נעמט מיר נישט צו די אילוזיע פון אַ פּאָר טעג גליק. פאַרוואָס זאָל צו אַזאַ גליק זוכה זיין אַ מיסטער האָפּקינס פון אַ לאָנג ביטש, וואָס איז פּטור פון אַלץ, און פאַרוואָס זאָל צו דעם נישט האָבן די זכיה מענדל קימעלמאַן, אַן אַלטער ציוניסט, וואָס איז שוין דרייסיק יאָר אין לאַנד און איז אויסגעפּאָקט און אויסגעמאָזלט?

— מיסטער האָפּקינס — זאָג איך צו אים — באַרואיקט אייך. נעמט אַ קאָניאַק און באַרואיקט זיך. איר האָט רעכט אויף אַ פּאָר טעג אמתן גליק אין ישׂראל. איך האָב צו אייך גאָרנישט. איך האָב נישט געמיינט צו פאַרשאַפן אייך פאַרדרוס דורך דעמאַסקירן אייך. חלילה... נעמט אַ קאָניאַק, לחיים!

אדון קימעלמאַן האָט אויסגעטרונקען דעם קאָניאַק און געזאָגט שטיל:

— איר ווייסט, פאַרוואָס איך בין אַריין אין דער הויט פון אַ מיסטער האָפּקינס? ווייל איך האָב שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן. איך האָב געפילט, אַז איך וועל פּלאַצן. נעם איך אַ צייטונג אין דער האַנט אַריין און הייב אָן לייענען וועגן די כל מיני גניבות און קאָרופּציעס, הייבט מיר אָן שווינדלען פאַר די אויגן און איך הייב אָן צו טאַפּן אין מיינע אייגענע קעשענעס, אפשר מיינט מען עס אויך מיך. אפשר בין איך איינער פון די וואָס באַרויבן די מדינה. וואָרום איך אַליין בין דאָך אַן אַלטער ציוניסט, געקומען אין לאַנד אַריין מיט דעם גאַנצן גלויבן אין מיין נשמה, אַזוי ווי די, וואָס באַרויבן איצט די מדינה, וואָס לויפן אַרום אין די קאַדילאַקס און פּרעדיקן ציוניזם, קיבוץ גלויות, חלוציזם. אפשר בין איך איינער פון זיי?

ניין, דאַכט זיך, אַז איך בין נישט ענלעך צו זיי, אַז איך בין נישט מער

ווי אַ קרבן פון זעלבסטבאַשולדיקונג. קומט צו גיין אַ צווייטער ציוניסט, אַ זשורנאַ־ליסט, אַ פּובליציסט, און רעדט דאָס אַלץ אַרום און פרעגט אַ שרעקלעכע, מוראדיקע פראַגע, אויב ישׂראל וואָלט צוריק אָקופּירט געוואָרן דורך די ענגלענדער, צי וואָלטן די ישׂראל־יידן געוויינט? און ער קען נישט געבן קיין ענטפער, ווייל ער האָט מורא, אַז קיינער וואָלט נישט געוויינט...

אַז איך האָב געלייענט די דאָזיקע ווערטער האָב איך זיך צעוויינט ווי אַ קינד: אָט דאָס איז עס? אָט אַזוי זעען מיר אויס נאָך אַלע חלומות, נאָך אַלץ וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט?

האָב איך באַשלאָסן: אַ סוף אַן עק זאָל עס נעמען. איך מוז פאָרן אויף אַ פּאָר טעג קיין ישׂראל של מעלה, אַהין ווו עס פאָרן טוריסטן און זיי לעבן איבער דאָס גרעסטע גליק אין זייער לעבן. בין איך אַוועק אין האָטעל „דן" און בין געוואָרן מיסטער סעמיועל האָפּקינס, וואָס ווערט געפירט דורך טוריסטן־פירער און ווערט באַגלייט מיט אַ סימפּאַניע פון ווערטער און האָפענונגען און געמיט־לעכקייט און אַלץ, אַלץ, אפילו דער שוואַרצער פאַבריק־קוימען איז איינגעהילט אין ראָזע פאַרבן, ווי אַ רוזיקער ים אין זונאויפגאַנג. האָב איך איך איינגעלאַדן צו זיך, כדי איר זאָלט אין אייער צייטונג געבן אַ ידיעה, אַז מיסטער סעמיועל האָפּקינס פון לאָנג ביטש, קאַליפאָרניע, איז געקומען אויף אַ לוסטרייזע קיין ישׂראל און ער איז איבערגליקלעך פון דעם, וואָס מען האָט געוויזן זיינע אויגן און געלאָזט הערן זיינע אויערן... איר וועט טרינקען נאָך אַ בראַנדי?

— יאָ, מיסטער האָפּקינס, מיר וועלן טרינקען לחיים פאַר דער מדינה פון טרוים און אויך פאַר דער מדינה פון דערווירקלעכקייט.

5טער פעברואַר 1954

## דאָס אָרעמע קינד און דער באַלאָן

צי זענט איר אַמאָל געווען עדות פון אַ באַלאָן־טראַגעדיע ביי אַן אָרעם, נישט דערפאַרן קינד?

דאַכט זיך: וואָס פאַר אַ טראַגעדיע קאָן דאָ זיין מיט אַ באַלאָן, אַ שטיקל אויפגעבלאָזן גומי פאַר אַ פאַר פּיאַסטער? זאָג איך אייך: קיין שום אָרעם קינד זאָל מיט אַזאַ טראַגעדיע נישט געפּרווווט ווערן.

גייט אַן אָרעמע מאַמע מיט איר יינגעלע ביי דער האַנט און דער קאָפּ איז איר פאַרטון מיט זאָרג: ווו נעמט מען אויף היינט און ווו נעמט מען אויף מאָרגן? אָבער דאָס יינגעלע האָט זיך זיין וועלט און זיינע זאָרגן און ווען ער דערזעט אויפן עק פון דער גאָס אַ ייד מיט באַלאָנען — שלעפּט ער די מאַמען ביי דער האַנט און די אייגעלעך צעגלאַנצן זיך אים: אַך, וואָס פאַר אַ פאַרכישופטע וועלט פון בלויע באַלעמס, רויטע באַלעמס און גרינע באַלעמס און אין יעדן קאָליר שלאָגט זיך אָפּ אַנדערש די זון און אַנדערש דער הימל.

— מאַמע, אַ בלויען באַלאָן! — בעט זיך דאָס יינגעלע.

— קינד מיינס, איך האָב נישט קיין געלט. ווי קען איך דיר קויפן אַ בלויען באַלאָן, ווען איך האָב נישט פאַר דיר אויף שווארץ ברויט.

— מאַמע אַ גרינעם באַלאָן!

—קינד מיינס, ווי קען איך דיר קויפן אַ גרינעם באַלאָן, ווען איך האָב נישט פאַר דיר אויף אַ רויטן טאַמאַט.

שלעפּט די מאַמע דאָס קינד ביים הענטל, פירט אים אַוועק פון דער פאַר־כישופטער וועלט, און דאָס יינגעלע וויינט:

— מאַמע, מאַמע, איך דאַרף נישט קיין ברויט און איך דאַרף נישט קיין טאַמאַט. קויף מיר אַ באַלאָן, מאַמע, מאַמע.

גייט פאַרביי אַ ייד און הערט, ווי דאָס קינד וויינט און ווי דאָס קינד בעט זיך: אַ באַלאָן, מאַמע.

זאָגט דער ייד:

— קום, יינגעלע, איך וועל אין אַ שפּילצייג־געשעפט דיר קויפן אַ באַלאָן און וועסט זיך אים אַליין אויפבלאָזן און וועסט האָבן דיין אייגענעם באַלאָן.

איז פונקט ווי די מאַמע איז געווען אומגליקלעך, וואָס אַ זייטיקער דאַרף זיך מרחם זיין איבער איר קינד, אַזוי איז דאָס קינד געווען גליקלעך, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעפונען אַ גוטער פעטער, וואָס וויל אים קויפן אַ באַלאָן.

זאָגט די מאַמע:

— אַ דאַנק. מיין קינד וועט נישט בעטלען קיין באַלאָן, ווי עס וועט נישט בעטלען קיין ברויט.

זאָגט דאָס יינגעלע:

— קום מאַמע, דער פעטער וויל מיר קויפן אַ באַלאָן, איך זאָל זיין מיט אַלע קינדער גלייך און האָבן מיין אייגענעם באַלאָן.

האָט די מאַמע מער נישט געקענט צוזען דעם צער פון איר קינד און געלאָזט דער פעטער זאָל פאַר אים קויפן אַ באַלאָן.

האָט זיך דאָס יינגעלע אויסגעקליבן אין געשעפט אַ בלויען באַלאָן מיט ווייסע שטרייפן, וואָס דער סוחר האָט געזאָגט, אַז ווען מען בלאָזט אים־אויף איז ער ווי אַ שטיק פון אַ זומערדיקן וואָלקן.

האָט דאָס יינגעלע מיט ציטערנדיקע הענטלעך גענומען דעם באַלאָן און אַרויס אויף דער גאַס אַנטקעגן דער זון; און דער גוטער פעטער האָט זיך געזעגנט:

— זע, יינגעלע, זאָלסט נישט אויפבלאָזן צו שטאַרק.

— יאָ, פעטער, איך וועל נישט אויפבלאָזן צו שטאַרק.

און דאָס יינגעלע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן דער זון אויפבלאָזן דעם באַלאָן. ווערט די בלויקייט נאָך בלויער און די ווייסע שטרייפן נאָך ווייסער.

זאָגט די מאַמע:

— קינד מיינס, גענוג. בלאָז נישט־אויף צו שטאַרק, האָסט שוין אַ באַלאָן.

ענטפערט דאָס קינד:

— ניין, מאַמע נאָך אַ ביסעלע. זעסט דאָך ווי די בלויקייט ווערט בלויער און די ווייסע שטרייפן ווייסער. בלויז נאָך אַ ביסעלע. אַ קליין ביסעלע.

בלאָזט אַריין דאָס יינגעלע נאָך אַביסל אָטעם, די אייגעלעך צעגלאַנצן זיך אים:

— זעסט מאַמע, דעם באַלאָן שאַדט גאָרנישט. עס איז אַ גוטער באַלאָן, ער לאָזט זיך אויפבלאָזן.

— קינד מיינס, גענוג. די בלויקייט איז פאַרפירעריש און די ווייסקייט פאַרבלענדט. בלאָז נישט מער, קינד, דער באַלאָן איז שוין גרויס.

הערט נישט דאָס קינד דער מאַמעס ווערטער. וואָס ווייסן דען עלטערע וועגן דער גוטסקייט פון אַ באַלאָן? וואָס פאַרשטייען דען עלטערע פון דעם גלאַנץ, וואָס עס באַקומט אַ באַלאָן, ווען מען בלאָזט אים אויף גרעסער און גרעסער? אָט באַלד וועט ער זיין גרויס, אַזוי גרויס, ווי די לבנה. און פאַר־בייגייענדיקע קינדער וועלן אים נאָכקוקן מיט קנאה: אַזאַ אָרעם קינד, מיט אויס־געדרייטע שיכלעך און אין אַ מאַנטעלע איבערגעמאַכט פון דער מאַמעס אַ קליידל — און וואָס פאַר אַ שיינעם באַלאָן ער האָט! ס'האָט נאָך קיינער אַזאַ שיינעם באַלאָן נישט געהאַט...

אָטעמט אַריין דאָס קינד אין באַלאָן נאָך אַביסל אָטעם, דער באַלעם ווערט גרעסער, די בלויקייט איז שוין פון אַ וואָלקן און די ווייסע שטרייפן זענען שוין זילבערנע.

— קינד מיינס — בעט די מאַמע — האָב גאָט אין האַרצן. געדענק, אַז דעם באַלאָן האָט דיר געקויפט אַ גוטער פעטער. ס'איז אַן אויסגעוויינטער באַלאָן. ס'איז ווי איך וואָלט אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך אַ נדבה. דאָס האָט דאָך צוליב דיינע טרערן דער פעטער געקויפט דיר דעם באַלאָן.

— ניין, מאַמע, בלויז נאָך אַ ביסעלע אים אויפבלאָזן. דו זעסט דאָך, אַז בלויז אין דער מיט איז ער אביסל אויפגעבלאָזן, אין די עקן — נאָך גאָרנישט. אָט ריר אים אָן מיט אַ פינגער. זעסט, נאָך אַביסעלע און אַלע קינדער וועלן באַוואונדערן מיין באַלאָן.

טראַכט די מאַמע: אַן אָרעם קינד. אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. עסט נישט צו דער זעט. אַזוי פיל אָרעמקייט אין שטוב. זאָל ער נאָך אַ ביסעלע אויפבלאָזן. דער גלאַנץ פון באַלאָן וועט פאַרשטעלן זיין אָרעמקייט און כאָטש איצט וועט ער זיין מיט אַנדערע קינדער גלייך... נאָר דער מאַמעס האַרץ האָט דאָך געציטערט: אַ געשענקטער באַלאָן, און ער דאַרף זיין אויף מאָרגן און אויף איבערמאָרגן, אַ פרייד פאַרן קינד פאַר אַלע זיינע ליידן.

און דאָס קינד קוקט גליקלעך אויף דער צעשמייכלטער און דאָך צעשראָ־קענער מאַמען. אויף איר פנים שלאָגט זיך שוין אָפּ אַ זוניקער רעפלעקס פון דעם באַלאָן, אירע אויגן זענען שוין בלאָ ווי דער תכלת פון באַלאָן און די וויס־קייט פון די שטרייפן איז ווי די וויסקייט פון דעם זייד פון איר אַמאָליקן מיידלשן באַנד...

בלאָזט אַריין דאָס קינד נאָך אַביסעלע אָטעם. דער באַלאָן צעוואַקסט זיך. דאָס קינד זעט שוין נישט די מענטשן אַרום זיך. דער באַלאָן פאַרשטעלט שוין פאַר אים די באַוועגונג אין גאַס, די באַלקאָנען פון די הייזער, די וואָלקנדלעך אויפן הימל, אפילו זיין אייגענע מאַמע זעט ער שוין נישט. אַלץ ווערט פאַרשטעלט פון דעם אויפגעבלאָזענעם באַלאָן, פון דעם תכלת און זילבערנע שטרייפן. און פון יענער זייט באַלאָן הערט ער בלויז דאָס קול פון זיין מאַמען, וואָס קומט איצט פון אַן איבערבאַלאָנישער וויטער וועלט.

— קינד מיינס, האָב גאָט אין האַרצן! לאָז נאָך אַ ביסל לופט! דער באַלאָן וועט פּלאַצן!

און דאָס קינד ענטפערט פון דעם באַלאָנישן אַלימפּ:

— אַך, מאַמע, וואָס ווייסטו דען פון אַ באַלאָן? האָט דאָך דער קרעמער געזאָגט, אַז דער באַלאָן וועט זיין ווי אַ שטיק פון אַ זומערדיקן וואָלקן! זעסטו, ווי ער איז שוין דורכזיכטיק דער באַלאָן? דורכזיכטיק און פינקלדיק, אַז אָט באַלד ווערט ער אַ זומערדיקער וואָלקן און קיינער וועט זיך נישט קענען פאַר־גלייכן צו מיר. אַלע וועלן מיר באַוואונדערן, מאַמע, דו הערסט מאַמע!

פון יענער זייט באַלאָן הערט ער אַ קרעכץ פון דער מאַמען. אָבער וואָס גייט אים אָן דער קרעכץ פון דער מאַמען, ווען דער באַלאָן איז שוין באַלד דער שענסטער און דער גרעסטער און דער לייכטסטער. און פאַר די אויגעלעך זעט ער נישט מער ווי דעם באַלאָן, און דאָס קעפּעלע איז שוין שיכור פון פרייד. ציען

זיך אויס די זיכערע ליפּעלעך צום מיילעכל פון באַלאָן און נאָך אַ בלאָז און נאָך אַ בלאָז, אָט־אָט און עס ווערט אַ וואָלקן און פּלוצעם —

— פּוף!

דער חלום האָט געפּלאַצט. נישטאָ קיין באַלאָן, נישטאָ קיין תכלת, קיין ווייסע שטרייפן, אַלץ איז אַוועק מיט אַ טעמפּן קורצן קלאַפּ. דאָס אָרעמע קינד שטייט שטאַר מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך, ווי עס וואָלט געבעטלט אַ נדבה, און עס באַגרייפט נאָך נישט וואָס עס איז געשען. אַנטקעגן שטייט די מוטער אַ דערשראָקענע, אַ פאַרצווייפלטע, קוקנדיק אויף איר אָרעם קינד, וואָס האָט געהאַט אין זיינע הענטלעך אַ וועלט אַ גאַנצע און איז איצט געבליבן נאָך אָרעמער ווי ער איז געווען מיט אַ האַלבער שעה צוריק...

*

חשובע קאָאַליציע אונדזערע, ווען איר בלאָזט איצט אין דער כנסת דעם געשענקטן בלויען באַלאָן מיט די ווייסע שטרייפן — לאָזט נאָך אַביסעלע לופט. דער באַלאָן איז אין סכנה!

26טער פעברואר 1954

# די שוואַרצקינצלער

עס זענען פאַראַן זייער אַ סך מענטשן, וואָס פאַרשטייען נישט דעם אונטער־שייד צווישן קונסט און קונץ. און ווייל ביי אַ טייל מענטשן פאַרווישן זיך די דאָזיקע צוויי באַגריפן, ווערט די לאַגע אויסגענוצט דורך קינצלער, כדי צו שפּילן די ראָל פון — קינסטלער.

און מיר ווייסן דאָך, אַז צווישן די צוויי באַגריפן פון קונסט און קונץ, קינצלער און קינסטלער ליגט אַ תהום. עס איז אַפילו מעגלעך, אַז דער פּרימיטיוו פון קונסט איז טאַקע געווען די קונץ, די פאַרבלענדעניש מיט פלינקייט, מיט באַוויזן עפּעס אַזאַ מין אויסגעקליגלטקייט, וואָס רופט אַרויס שטוינונג. אָבער פון אָט דער קונץ אַלס פּרימיטיוו פון קונסט איז די וועלט שוין לאַנג אַוועק. היינט ווייסן מיר, אַז ווירטואָזיטעט אין שפּילן פידל איז קונסט; און פאָרן אין צירק אויף אַ וועליסאָפּעד און אויסשפּילן דערביי אַ ווינער וואַלץ איז קונץ; הגם פיזיש איז פיל שווערער צו פאָרן אויף אַ וועליסאָפּעד און שפּילן פידל, איידער שפּילן פידל שטייענדיק מיטביידע פיס אויף דער סצענע...

אין פיל געביטן אָבער ווערט דאָך די קונץ געלונגען אויסגענוצט דורך פּיפּיקע קינצלער און זשאָנגלערן, וואָס פאַרקויפן די קונץ פאַר קונסט. אַפילו אין דער קונסט גופא ווערט דורך טייל מענטשן אָנגעווענדט די קונץ. אָבער, דאַכט זיך, אַז דעם רעקאָרד פון באַוווסטזיניקער מיסטיפיקאַציע שפּילן גראָד די פּאָלי־טיקער, וואָס פאַרקויפן קונץ פאַר קונסט.

און אפשר דערפאַר האָט די וועלט אַזאַ פּנים, וואָס אָנשטאָט דורך פּאָלי־טיקער־קינסטלער, ווערט זי געפירט דורך פּאָליטיקער־קונצנמאַכער, זשאָנגלערן, לצים און פּאַיאַצן, וואָס קענען די קונץ פון טומלען און פאַרטומלען און מאַכן גלייבן, אַז די טייבעלעך, וואָס זיי ציען אַרויס פון צילינדער זענען באַשאַפן פון דער לופט, אַרויסגעכישופט פון דער — מוזע.

עס איז געגנוג זיך צוקוקן צו דער הויכער אינסטיטוציע, וואָס הייסט „פאַר־באַנד פון פאַראייניקטע פעלקער", אָדער ווי מיר רופן אים בקיצור אונ"אָ.

אויסערלעך איז דער איינדרוק אַן אימפּאָזאַנטער. דאָס איז דער פּאַרלאַמענט פון דער פעלקער־משפּחה, די טריבונע פון אינטערנאַציאָנאַלער גערעכטיקייט, פון אינטערנאַציאָנאַלער פאַרשטענדיקונג.

ווען איר עפנט די מגילה פון אונ"אָ, מוזט איר דאָך אַזש באַצויבערט ווערן פון דעם שטראַליקן ליכט, וואָס פליסט אַרויס פון צווישן די מגילה־טאָוולען:

„מיר פעלקער פון די פאַראייניקטע נאַציעס, וואָס פעסט איז אונדזער באַשלוס צו ראַטעווען די קומענדיקע דורות פון די מלחמה־

אַנשיקענישן, וואָס האָבן אין איין דור צוויי מאָל פאַרשאַפט דער מענטש־הייט אומבאַשרייבלעכעליידן.

„קומען מיר צו פאַרשטאַרקן אונדזער גלויבן אין די יסודותדיקע רעכט פון דעם מענטש, אין דעם כבוד און ווערט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, אין די גלייכע רעכט פון מאַן און פרוי און פון גרויסע ווי קליינע נאַציעס.

„און מיר קומען באַשטימען די נייטיקע באַדינגונגען פאַר דער עקזיסטענץ פון גערעכטיקייט און אָפּצוהיטן די פאַרפליכטונגען, וואָס זענען באַשטימט דורך טראַקטאַטן און אַנדערע קוועלן פון אינטערנאַציאָנאַלער יוריסדיקציע.

„און צו אַרבעטן פאַר דעם סאָציאַלן פּראָגרעס און אויסצובעסערן די לעבנס־באַדינגונגען אין ווייטגייענדיקער פרייהייט.

„און פאַר די דאָזיקע צילן — צו האַנדלען מיט געדולד און לעבן אין קעגנזייטיקן שלום ווי גוטע שכנים.

„און צו פאַראייניקן אונדזערע כוחות פאַרן קיום פון אינטער־נאַציאָנאַלן שלום און זיכערהייט — — —".

דאַכט זיך: וואָס דאַרף מען נאָך מער? צי קען דען זיין אַ גרעסער גליק ווי דאָס וואָס גלאַנצט אַרויס פון די דאָזיקע ווערטער? צי וויל דען דער מענטש עפּעס מער ווי מען זאָל רעספּעקטירן זיין פערזענלעכקייט, זיינע גרונד־רעכט, די רעכט פון זיין נאַציע, פּראָגרעס, גוט שכנישע באַציאונגען און זיכערקייט?

נאָר ס'איז די מעשה ווי מיט דער קונץ: די מגילה איז אַ מגילה, די ווערטער זענען ווערטער — אַזוי ווי דאָס טייבעלע און דער צילינדער זענען אַ טייבעלע און אַ צילינדער, נאָר דער קונצנמאַכער מאַכט פון דעם אַלעם זשאָנג־לערישע אויגן־פאַרבלענדערישע שטיק!

אָט זיצן אין אונ"אָ די מערב־מדינות. עס זיצט אַ פאַרשטייער פון אַמעריקע, פון אַ מדינה, וואָס האָט אַליין אַזוי פיל בלוט אַוועקגעגעבן פאַר פרייהייט, פאַר אומאָפּהענגיקייט, פאַר שלום. און זעט ווי אַזוי אָט די מדינה זשאָנגלירט אין אונ"אָ מיט דער פרייהייט, אומאָפּהענגיקייט און שלום פון קליינע פעלקער, מיט דעם רעספּעקט און כבוד פון פעלקער, וואָס דאַרפן אַזוי שטאַרק שלום און זיכערקייט. איין שטאַרק וואָרט פון אַמעריקע, איין ענערגישע פאָדערונג פון אַמעריקע — און עס פאַרשווינדן די חרפהדיקע אַקטן פון מעלה־עקרבים, פון קיביע, פון כסלון, פון נחלין. איין קלאַפּ אין טיש — און די גאַנצע קינסטלעך פונאַנדערגעבלאָזענע מלחמה צווישן די פעלקער פון ישראל און די אַראַבישע מדינות ווערט אָפּגעשטעלט. וואָרום פּונקט ווי מיר דאַרפן נישט האָבן צו אונדזער גליק די קרבנות פון קיביע און נחלין, אַזוי גלייב איך נישט, אַז די אַראַבישע פעלקער דאַרפן האָבן פאַר זייער גליק די קרבנות פון מעלה־עקרבים און כסלון.

נישט די פעלקער דאַרפן דאָס בלוט פון די קרבנות, נאָר די זשאָנגלערן, די קינצלער־פּאָליטיקער דאַרפן האָבן דאָס בלוט און דעם האַס, ווייל עס איז לייכטער אַ פאָלק צו שפּייזן מיט האַס און בלוט, ווי מיט ברויט און אַרבעט.

עס איז לייכטער אַנצווייזן, אַז דער מקור פון מיין פרייהייט ליגט אויף יענער זייט גרענעץ, איידער באמת צו געבן אַ פאָלק פרייהייט. דער קינצלער, דער זשאָנגלער, קען אייך בהרף־עין אַוועקשטעלן אַ טיש כיד המלך, מיט ווייַן און מיט קויליטשן, מיט אָנגעצונדענע ליכט און פאַרעדיקע פליישן, אָבער געניסן פון דעם אַלעם קענט איר נישט. ס'איז נישט מער ווי קונץ, אויגן־בלענדעניש, פיפיקע זשאָנגלערריי. אָבער ווען די אַנטוישטע פעלקער ווילן די ווירקלעכע ווערטן פון פרייהייט און זאַטקייט — שיקט מען זיי אויף די גרענעצן פון שכן, צו מאָרדן און רויבן, כדי צו שאַפן פאַר זיי די אילוזיע פון דעם, וואָס זיי האָבן נישט.

און עס זיצט אין אונ"אָ דער אַלטער, דורכגעטריבענער קינצלער — ענגלאַנד. דאַכט זיך: ווער נאָך אַזוי ווי ענגלאַנד האָט אויף איר אייגן לייב געפילט אַזוי פיל אומגליק? ענגלאַנד פון דונקערק, ענגלאַנד פון בליץ און קאָווענטרי, דאָס ענגלאַנד וואָס קלאַמערט זיך אַליין צווישן די גרויסע אויפגע־שטאַנענע כוחות אין דער וועלט — זשאָנגלירט, פּאַיאַצעוועט מיט אונדזער בלוט און אויך מיט דעם בלוט פון אַראַבער. איין וואָרט פון ענגלאַנד — און אויף די גרענעצן צווישן אונדז און דער ירדן־מלוכה ווערט רואיק. איין שטאַרקע פאָדערונג — און צווישן דער ירדן־מדינה און ישראל איז שלום.

אָבער ענגלאַנד זשאָנגלירט, פּאַיאַצעוועט, קונץ־פּאָליטיקירט, ווייל צווישן מעלה־עקרבים און נחלין, צווישן דער טיפּשותדיקער שיכרות פון נאַראָנים אין די אויסדעמפּונגען פון בלוט — קען דערווייל דער קינצלער אויסשטעלן זיינע צירקטישן און פאַרבלענדן די אויגן פון פעלקער. ווייל אין טשאַד פון בלוט אַרבעט זיך די שוואַרצקינצלער בעסער, באַקוועמער, ביליקער...

און עס זיצט אין אונ"אָ אַ פאַרשטייער פון אַ מדינה, וואָס האָט אויף אירע פענער אויפגעשריבן נישט עפּעס ווייניקער ווי וועלט־איבערבויאונג און גאָרנישט מער גייט אַראָפּ פון אירע ליפּן ווי דאָס וואָרט שלום. זי צעלייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פאַרן שלום. זי באַוואָפנט זיך אפילו אויסשליסלעך פאַרן שלום. און די זעלבסבאַשטימונג פון פעלקער איז איר אידעאַל און פרייהייט איז איר העכסטע לאָזונג.

אָבער דאָס אַלץ האָט דעם זעלבן ווערט ווי די שיינע ווערטער פון דער אונ"אָ־מגילה; ווייל אַנדריי ווישינסקי איז איינער פון דער זעלבער טרופּע לצים, קינצלער, זשאָנגלערן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אונטער דעם שיינעם נאָמען פון קונסט און קינסטלער. דאַכט זיך: ער מיינט עס מיטן גאַנצן ערנסט. ער קוקט זיך צו געלאַסן ווי עס ראַנגלט זיך אַ פאָלק, דאָס יידישע פאָלק, אויף אַ שטיקל ערד, אַ פאָלק, וואָס וויל גאָרנישט מער ווי לעבן און שאַפן אין פרידן און אין זיכערקייט; אַ פאָלק וואָס וויל נישט קיינעמס שאָדן, נאָר האָבן זיין אייגענע רו — איז ווען דאָס פאָלק ראַנגלט זיך פאַר זיין פרייהייט, צו באַוועגן זיך פריי דורך אינטערנאַציאָנאַלע וואַסערן — ציט אַרויס ווישינסקי זיין כישוף־שטעקעלע און באַלייגט זיין וועטאָ.

ניִשט מער.

ער פאַרגלאָצט דערביי פרום די אויגן און איז גרייט צו שווערן, אַז דאָס מיינט ער בלויז לטובת דעם שלום, לטובת די פעלקער, לטובת דעם — באַוועלטן.

איך זאָג נישט, אַז צירק איז נישט אַמוזירנדיק; איך זאָג נישט, אַז קינצלעריי, זשאָנגלעריי און דאָס שלינגען פלאַמען איז נישט אַ פּראָפעסיע. אָבער ס'האָט נאָך קיין מאָל קיין אמתער קינצלער נישט געוואָלט די גאַנצע וועלט פאַרוואַנדלען אין אַ צירק. און די אמתע קינצלער זענען גראָד אומשולדיקע, אַרבעטזאַמע מענטשן. געפערלעך זענען די קינצלער, וואָס באַהאַלטן זיך אונטערן מאַנטל פון קינסטלער און קונסט און זיי ווילן דאָס לעבן פון פעלקער פאַרוואַנדלען אין איין גרויסער בלוטיקער פיקציע.

און דווקא אָט די לייט, די שוואַרצקינצלער, האָבן פאַרכאַפּט דעם אויבנאָן און זיי זענען די וועלטפירער. זיי זענען עס די, וואָס האָבן די וועלט פאַרוואַנדלט אין אַ צירק און פאַרמעלה־עקרבעווען און פארנחלינעווען און פאַרזשאָנגלירן דאָס לעבן און דעם שלום פון די מידע פעלקער.

2טער אַפּריל 1954

## ווער עס האָט אין זיך...

איר האָט אַוודאי געלעבט אין גלות און געוויס געדענקט איר ווי אַזוי פעלקער פלעגן זיך נוהג זיין אין שווערע מאָמענטן.

אויב דאָרט איז געווען אַ פינאַנץ־מיניסטער אַ שלימזל און די וואַלוטע פון דער מדינה איז געפאַלן — פלעגט מען נישט נעמען און אַרויסוואַרפן דעם פינאַנץ־מיניסטער, נאָר מען פלעגט „דעם בייגל אָפּלייגן" אויף יידן: יידן זענען שולדיק, וואָס די וואַלוטע פאַלט מיטן קאָפּ אַראָפּ. יידן זענען שולדיק אין דעם, וואָס דיווירטשאַפט ליגט ניין איילן אין דער אדמה, — אין אַלץ איז שולדיק דאָס אינטערנאַציאָנאַלע יידנטום.

און טאָמער פלעגט אַ גענעראַל שלעכט פירן אַ מלחמה און דער פיינד האָט אים געשלאָגן — פלעגט מען ווידער אַרויפלייגן די שולד אויף יידן, אַז דאָס האָבן יידישע שפּיאָנען אויסגעזאָגט דעם שונא סודות און דערפאַר האָט דער גענעראַל פאַרשפּילט די מלחמה...

אפילו ווען אין לאַנד איז געווען אַ טריקעניש און די פעלדער זענען נישט אויפגעגאַנגען — זענען אין דעם שולדיק געווען די יידן.

און אַז דאָס פאָלק האָט זיך געבונטעוועט און געפאָדערט פרייהייט — זענען ווידער שולדיק געווען די יידן.

יידן אין גלות זענען געווען אַ גן־עדן פאַר די גויים. אַלץ האָט זיך געלאָזט פאַרענטפערן מיט יידן. איך וואָלט אפילו ריזיקירט צו זאָגן, אַז גויים זענען געווען קעגן דעם, אַז יידן זאָלן האָבן אַן אייגענע מדינה, ווייל די גויים האָבן געדאַרפט די יידן ווי אַ מין אוניווערסאַלע רפואה, וואָס מען קען אַנווענדן ביי יעדער קראַנקייט...

ווייזט אויס, אַז אין דער פּאָליטישער אַפּטייק פון יעדער מדינה מוז מען האָבן אַזאַ מין „יידישע רפואה". אפילו אין ראַטנפאַרבאַנד, ווען עפּעס האָט זיך דאָרט אַ טרייסל געטון אין דעם הערשער־אַפּאַראַט, האָט מען אַרויסגע־שלעפּט יידישע פּראָפעסאָרן, אפשר וועט דאָס זיין אַ סגולה...

הכלל, דאָס „יידישע פערדל" איז אַן אויסגעפּרוּווטער פּאַטענט און מען קען אויף אים רייטן אין אַלע סיטואַציעס.

און אַז איר וועט זיך גוט צוהערן ביי אונדז צו טייל רעדעס אין דער כנסת, אויף פאַרזאַמלונגען, און אין שריפט — וועט איר באַמערקן אַז אויך ביי אונדז, אין דער יידישער מדינה, האָט מען אַראָפּגענומען אַ מוסטער פון די גויים („ככל הגויים") און ווו מען קען נישט פאָרן מיט קיין „קאַדילאַק",

אָדער „דע סאָטאָ" — כאַפּט מען זיך אַרויף אויפֿן „יידישן פערדל" לויט די בעסטע „טראַדיציעס" און מען פאָרט צו אַ שטיקל געפּערלעכן וועג...

אָבער אַזוי ווי חיים רפאלי, צי פּנחס לבני, אָדער משה אשכול קענען דאָך נישט סתם זאָגן „יידן זענען שולדיק", אַזוי ווי דאָס פלעגן זאָגן גויים — האָט מען צוגעטראַכט אַ נייעם פּאַטענט: אַנשטאָט „זשיד" הייסט עס דאָ ביי אונדז „גלות־פּסיכאָלאָגיע", אָדער „גלות־איבערבלייב". ווען איר וועט זיך אויפמערקזאַם צוהערן צו דער „מוזיק" פון די קלאַנגען, „גלות־פּסיכאָלאָגיע" און „גלות־איבערבלייב" — וועט איר הערן בולט דעם באַקאַנטן אַקצענט פון דעם וואָרט „זשיד", וואָס האָט אַלץ געדאַרפט פאַרענטפערן.

וויל איין פּירער אין דער כנסת אַנגרייפן דעם פּאַרטיידיקונגס־מיניסטער פאַר זיין פּאָליטיק כלפּי דער אַנשיקעניש פון מסתננים — גרייפט ער אים נישט אָן פּאָליטיש, נאָר ער וואַרפט אים פאָר, אַז מיר זענען געגליכן צו אַ געטאָ, וווּ יידיש לעבן איז הפקר. און דער מיניסטער ענטפערט אים נישט פּאָליטיש, נאָר שלאָגט צוריק דאָס וואָרט געטאָ און גלות, ווי דאָס וואָלטן געווען באַגריפן פון דער העכסטער יידישער געפּאַלנקייט.

און אַז יידן קווענקלען זיך מיט צאָלן שטייערן — זוכט מען נישט די סיבות אין דער פּאַרטייען־ און סעקטאָרן־קאָרופּציע, נאָר מען ענטפערט אייך, אַז דאָס איז אַן איבערבלייב פון גלות, ווו יידן זאָלן זיך כלומרשט האָבן אַרויס־געדרייט פון בירגערלעכע התחייבותן.

און אַז יידן ווילן נישט גיין אין דאָרף, נאָר זיי ווילן בעסער לעבן אין שטאָט — זעט מען נישט, אַז דאָס איז אַ נאָרמאַלער פּראָצעס אין דער גאַנצער וועלט, נאָר מען וואַרפט ווידער אַרויף דאָס פּעקל אויפן — גלות, אַז יידן האָבן ליב דעם גלותדיקן האַנדל־וואַנדל, אַז זיי פאַראַכטן אַרבעט, אַזוי ווי דאָס פלעגן זאָגן אַלע אַנטיסעמיטן.

און אַז יידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווערן „יורדים", שמדן זיך — זוכט מען נישט די סאָציאַלע סיבות, נאָר ווידער ברענגט מען דעם אַרגומענט פון „גלות־איבערבלייב", אַז ביי יידן לעבט די וואַנדער־פּסיכאָלאָגיע פון גלות, אַז דער גלות צעשטערט די געזונטע אינסטינקטן — און נאָך אַנדערע נאַריש־קייטן פון דעם אַנטיסעמיטישן אַרסענאַל.

איך וואָלט נאָך פאַרשטאַנען, ווען מיט די אַרגומענטן וועגן „גלות־פּסיכאָלאָגיע" און „גלות־איבערבלייב" וואָלטן געקומען „בנעגים", אָדער סתם סאַבּרעס, וואָס ווייסן אַזוי וואָס עס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דער גלות, ווי אַ בער ווייסט וואָס עס איז די „ניינטע סימפאָניע" פון בעטהאָווען. פאַר זיי, פאַר די „בנעגים" און סתם סאַבּרעס, האָט מען דאָך דעם גלות־ייד פאַרגעשטעלט אַזוי, ווי דאָס וואָלט געווען אַ מענטש, וואָס איז 24 שעה אין מעת־לעת געשטאַנען אויף די קני פאַרן פּריץ און אויסער געפילטע פיש און טשאָלענט האָבן די יידן אין גלות קיין אַנדערע קולטור־ווערטן נישט געשאַפן.

ניין, נישט די „בנעגים" און נישט סתם סאַבּרעס באַנוצן זיך מיט די אַרגומענטן פון „גלות־פּסיכאָלאָגיע" און „גלות־איבערבלייב", נאָר יידן, וואָס

אויב זיי האָבן אין זיך עפּעס וואָס איז פּאָזיטיוו, האָבן זיי עס באַקומען טאַקע אין גלות, אין ווילנע, צי אין בוטשאַטש, אין מונקאַטש, צי אין סלאָבאָדקע. זייער גאַנץ ביסל וויסן, יידישקייט און אידעאַליזם האָבן זיי געשעפּט פון יענע טיפע קוואַלן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן אין גלות.

איצט ווען מיר זענען אין אונדזער אייגענע מדינה, באַפרייט, אָפּהענגיק בלויז פון אונדזערע אייגענע כוחות און ווילן, דאַרף מען זיין אויפריכטיק און פרעגן: ווו פאָדערט זיך מער העלדישקייט, כדי צו זיין אַ שטאָלצער ייד — אין אַן אייגענער מדינה, צי און גלות?

און איך זאָג: ס'איז נישט קיין גרויסע קונץ צו זיין אַ ייד אין אַן אייגענער מדינה, און דאָך האָבן מיר אַזוי ווייניק יידישקייט דאָ, ביי אונדז. אָבער דאָרט אין גלות איז דאָך יעדער ייד געווען בפועל ממש אַ העלד. אַ העלד פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. אַ העלד, מיט טראָגן אפילו אַן אייגענע באַזונדערע הלבשה צווישן אַ ים פון גויים. אַ העלד, צו דערציען די קינדער אין יידישקייט אין אַ גויאישער וועלט, וואָס איז פול מיט מכשולים. אַ העלד, ביים אָפּהיטן שבת אין אַ וועלט, וואָס האָט געהרוט זונטיק. אַ העלד, צו דינען אין אַ פרעמדער אַרמיי, אין אַ פרעמדער סביבה, און אויפהאַלטן דעם יידישן כאַראַקטער און שטאָלץ. אַ העלד, צו שאַפן אַן אייגענע קולטור, ווו עס זענען געווען פּערמאַנענטע און געוואַלדיקע שטערונגען. אַ העלד, אויפצוהאַלטן אידעאַליזם און נאַציאָנאַלע יונגקייט אין אַ וועלט, וואָס האָט טאָג און נאַכט געהאַמערט איבער יידישע קעפּ, זיי צו דערשלאָגן.

דאָרט אין גלות האָט זיך פון אַ ייד געפאָדערט כסדרדיקע העלדישקייט צו בלייבן ייד, צו דענקען יידיש, צו בענקען יידיש און צו שאַפן יידיש.

וואָרום צי איז דאָס אַ העלדישקייט אין אַן אייגענער מדינה, אונטערן שוץ פון אַן אייגענער אַרמיי און אַן אייגענער פּאָליציי?

אָט בין איך היינטיקע וואָך געווען אין „הבימה"־טעאַטער אויף אַ דראַמע פון ישראל־לעבן: אַ וותיק, דרייסיק יאָר אין לאַנד, האָט זיך באַזעצט אויף באָדן, אין ישראל, אין זיין אייגענער מדינה, טאַקע ביי דער גרענעץ, אָבער געשיצט פון אַן אייגענער אַרמיי. ער אַליין גייט נישט אַרויס פון דער טיר אַן דער ביקס אין דער האַנט. און אַ פחד כאַפּט אַרום — זיצנדיק אין זאַל, ווי אַזוי דער מושבניק קלמן יפה, ציטערט בעת ער דאַרף אַרויסגיין ביינאַכט אויפן הויף פון זיין משק, אין זיין אייגענער מדינה. אַנטקעגן אָט דעם קלמן יפה אין ישראל איז דאָך אַ יידישער קרעטשמער אין אַן אוקראַיניש דאָרף געווען דער גרעסטער העלד! וואָס פאַר אַ געווער האָט געהאַט דער יידישער קרעטשמער אין אַן אוקראַיניש דאָרף, אַרומגערינגלט פון ווילדע פּרימיטיווע גויים, וואָס זענען געהעצט געוואָרן דורך דעם גלח און דורך דער מאַכט קעגן יידן? נישט קיין ביקס האָט געהאַט דער קרעטשמער. זיין איינציק געווער איז געווען די מזוזה אויפן ביישטידל פון זיין טיר און אַ תהילימל אין אַלמער און אַ פּאָר שבת־לייכטער און אַ גרויסן גלויבן אין גאָט. און אָט דער העלד האָט נישט בלויז דערצויגן יידישע דורות,

נאָר ער האָט אויך אויפגעהאַלטן פריש דעם גלויבן אין אידעאַליזם און גאָט, וואָס ער האָט פון דור צו דור איבערגעפירט ביז צו דער גאולה.

אויב שטייען אויף דער וואָך אין ישראל, ווו דאָס געוועט איז לעגאַל, ווו דער וועכטער איז דאָס געזעץ — איז העלדישקייט, וואָס פאַר אַ העלד האָט געדאַרפט זיין אַ ייד, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואָך פון זעלבשוץ אין אַ יידיש שטעטל. וואָס איז געווען באַדראָט סיי פון ציווילע גויים און סיי פון די מיליטאַריזירטע גויים!

און צי איז די העלדישקייט דאָ, אין ישראל, אַראָפּגעפאַלן פון הימל, אָדער פּראָדוצירט געוואָרן, לויט אַן אייגענער דערפינדונג? פון וועלכע קוואַלן האָבן עס געשעפּט זייער העלדישקייט די ערשטע, וואָס האָבן געטריקנט זומפּן און געשניטן וועגן, אויב נישט פון די יידישע רעוואָלוציאָנערן אין רוסלאַנד און אין פּוילן? אין וועלכע אוניווערסיטעטן האָבן עס געלערנט ציוניזם די איצטיקע סנאָבישע גלות־באַשפּייער, אויב נישט אין די יידישע אוניווערסיטעטן אין גלות, אין די סלאָבאָדקעס און לובלינס, אין די לאָמזשעס און אין די ווילנעס אָדער אין פאַראיינען אין די קליינע שטעטלעך?

און אפילו ווען איר הערט זייערע רעדעס בעת זיי קרימען מיט די נעז אויפן „גלות־איבערבלייבעכץ״ און „גלות־פּסיכאָלאָגיע״, באַנוצן זיי זיך דאָך מיט אַלע רעדנסאַרטן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דאָרטן, טאַקע אין גלות. וואָרום ווען נישט — האָבן דאָך נישט זייערע רעדעס דעם מינדסטן טעם.

איך האָב מורא, אַז דאָס וואַרפן פון זיך די „גלות־פּסיכאָלאָגיעס״ און די „גלות־געוווינהייטן״ איז נישט מער ווי אַ פּרווידיאָנישער אויסדרוק פון אַן אייגענעם קאָמפּלעקס, פון דעם, וואָס מען באַזיצט אַליין די נעגאַטיווע שטריכן פון גלות, צו זיין פּסיכאָלאָגיש פאַרשקלאַפט און נישט קענען זיך באַפרייען פון דעם קאָמ־פּלעקס אפילו אין דער אייגענער מדינה. אַנדערש לאָזט זיך דאָס נישט פאַרשטיין.

וואָרום טאָמער וואָלטן אָט די יידן באמת געווען באַפרייט פון גלות אין דער אייגענער מדינה — צי וואָלט דען געקענט זיין עפּעס שענערס און עפּעס בעסערס ווי איצט אין דער מדינה איינפירן די מידות פון גלות?

אדרבה, שטעלט זיך פאַר: מיר האָבן אַן אייגענע מדינה. מיר באַשטימען אַליין וועגן אַלץ אין אונדזער לעבן. מיר האָבן אַן אייגענע אַרמיי און אַן אייגענע פּאָליציי, וואָס שיצט אונדז. מיר האָבן אַן אייגענע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמיק, דאָס איז די מדינה. איצט גיט צו צו דעם: דעם אידעאַליזם און ברידערלעכקייט פון יידן אין גלות. די אידעאַליסטישע ריינקייט פון וועלטלעכע יידן אין גלות. דעם יידישן שוווּנג און איניציאַטיוו פון גלות. דעם פעסטן גלויבן און עקשנות פון דעם ייד אין גלות.

גיסט צונויף די צוויי עלעמענטן — דאָס מדינהשע און דאָס גלותדיקע — און איר באַשטימט אין סך־הכל די גאולה. דערווייל אָבער האָבן מיר די צווייטע טייל, דאָס פּאָזיטיווע פון גלות, אָפּגעוואָרפן. אַנשטאָט אידעאַליזם און ברידער־לעכקייט, האָט איר ווילדן עגאָאיזם און קאַריעריזם. אַנשטאָט די מאָראַל און

עטיק, האָבן מיר אויסטערלישע פאַרברעכנס, וואָס יידן האָבן וועגן זיי קיין מאָל נישט געוווסט. אַנשטאָט טיפע, אויפריכטיקע רעליגיעזיטעט און אמונה, האָט איר רעליגיעזע קרעמערס און רעליגיעזע קאַריעריסטן, וואָס האַנדלען מיט פסוקים פון דער תורה. אַנשטאָט שוווּנג און איניציאַטיוו און עקשנות — וואַרט מען אויף די שנאָר־געלטער פון דעם וועלט־יידנטום.

און ווער ליידט פון דעם? די מדינה. וועמען פאַרקאַריערעוועט מען? — די אינטערעסן פון דער מדינה. און מיט די כסדרדיקע קאָמפּלעקס־ווענדונגען וועגן „גלות־פּסיכאָלאָגיע" און „גלות־געוווינהייטן" דערשלאָגט מען דאָס פאָלק, מען רייסט אַרויס פון פאָלק די אמונה אין די אייגענע כוחות. אַנשטאָט צו הייבן דעם גלויבן — רעדט מען איין דעם פאָלק, אַז ס'איז אַ דור המדבר, אַ באַנדע טויגעניכטסן, עפּעס שפּעקולאַנטן און קרעמער, רחמנא ליצלן, מיט וועלכע מען קען זיך נישט זעצן צום טיש. בלויז זיי, די סנאָבן, די איישישאָקער אינטעליגנטן, זענען די „האָמאָ נאָוווסן", די נייע מענטשן, די פרייע פון גלות, די אייבערשטע פון שטויסל.

איז דעריבער, ווען איך הער ווי אַזאַ פאַרשוין וואַרפט מיר פאַר גלות — זע איך אים ווי אַ פּחדן, וואָס האָט מורא צו באַפרייען זיך פון דער פּחדנות, כדי ער זאָל נישט דערשיינען ווי דער לעצטער טויגעניכטס, וואָס געקומען איז ער קיין ארץ־ישראל נישט דורך דעם ווילן צו באַפרייען זיך, נאָר דורך מורא פאַר אַ גויאישן הונט אין — גלות.

9טער אַפּריל 1954

## טשאָלנט־קישקע מיט אַ חשבון־צדק

ווען די כעלעמער שבעים חכמים זקנים האָבן שוין געהאַט דורכגעפירט אַלע המצאות, ווי אַפּצושטופּן דעם באַרג פון דער שטאָט, פאַרמאַכן די לבנה אין אַ פעסל וואַסער, אָנזאָגן די הינער זיי זאָלן אַליין גיין צום שוחט און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן די שטאָט פאַראייביקט, — האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט טראַכטן וואָס טוט מען ווייטער. וואָרום, כידוע, מוזן דאָך שטאָט־חכמים אָפּ־האַלטן אסיפות; און אַז מען האַלט אסיפות, מוז מען דאָך טראַכטן; און אַז מען טראַכט, מוז דאָך עפּעס אַרויסקומען...

איז וואָס זשע אַזוינס קען מען אויסטראַכטן, ווען אַלץ איז שוין אויס־געטראַכט. האָט איינער פון די חכמים זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „איך האָב"! „וואָס האָסטו?" „איך האָב אַן איינפאַל: אַזוי ווי אין שטאָט איז שוין אַלץ אין בעסטער אָרדענונג, און יידן, לא עליכם, גייען אַרום און קייען שטרוי פון עצלות — זאָל מען אַלע גאַסן אָפּצוימען מיט דראָטן. און אַזוי ווי יידן דאַרפן דאָך גיין און מוזן גיין — ווער אין מקווה, ווער אין שול אַריין און ווער אויפן מאַרק האַנדלען — וועלן יידן נישט גיין נאָר שפּרינגען איבער די דראָטן. און אַז יידן וועלן שפּרינגען וועט איינער פאַלן און, חלילה, אויסלינקען אַ פוס — וועט האָבן פרנסה דער דאָקטאָר; און אַז איינער וועט צערייסן ס'כאַלאַטל — וועט האָבן פרנסה דער שניידער; און אַז איינער וועט זיך סתם פאַרפּלאָנטערן אין די דראָטן — וועט קהל האָבן פון וואָס צו לאַכן און אין כעלעם וועט זיין ששון ושמחה.

איך ווייס נישט, צי כעלעם האָט ווען עס איז אָט דעם פּראָיעקט דורכ־געפירט. אין כעלעם איז נישט געווען קיין רעגירנדיקע פּאַרטיי, קיין קאָאַליציע, ווו אַלע חכמים זאָלן אויפהייבן די הענט, ווי יוונים. דער פּנקס פון כעלעם דערציילט פאַרקערט, אַז וויפל קעפּ ס'איז געווען — אַזוי פיל דעות און אײן חכם האָט נישט פאַרגינען דעם צווייטן. איז גראָד מעגלעך, אַז אַלע פּראָיעקטן, וואָס זענען אין פאַרשיידענע צייטן נישט אָנגענומען געוואָרן אין כעלעם — זענען איבערגעגעבן געוואָרן אונדז, אין מדינת ישראל, כדי מיר זאָלן זיך מיט זיי ספּראַווען. וואָרום ביי אונדז איז, געלויבט השם יתברך, פאַראַן אַ רעגירנדיקע פּאַרטיי מיט אַ קאָאַליציע, וואָס יעדער כעלעמער פּראָיעקט ווי נאָר ער ווערט פאָרגעשלאָגן — ווערט ער אויך אָפּגעשטימט און אָנגענומען.

געדענקען מיר דאָך יענעם כעלעמער געזעץ פון קאָנטראָל און פּקוח, ווו יידן זענען, נעבעך, נישט היינט געדאַכט, געשפּרונגען איבער אַ שטיקל אייז, זיך אויסגעגליטשט איבער אַ טאָמאַט, געוואָרן פּושעים צוליב אַן איי,

ווי שוואַנגערדיקע ווייבער האָבן זיך, אין די רייען ביי די געשעפטן, אייניגע די אַנדערע מקיים פּסק געווען צוליב אַ ווינדעלע פאַר דעם עופעלע, וואָס איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען. איך דאַרף אייך נישט צו לאַנג מאריך זיין, וואָרום אויך איר געדענקט דאָך אליין ווי מיר זענען, נעבעך, אויסגעריסן געוואָרן.

אָדער, אַ שטייגער, ווי מען האָט פאַרצוימט דעם וועג פאַר אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן און געהייסן זיי שפּרינגען איבער שטערונגען, אַז אַנשטאָט אַריבער־צושפּרינגען די שטערונגען זענען זיי אַרויסגעשפּרונגען פון ארץ־ישראל און **שלום על ישראל.**

האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז נאָך די אַלע נסיונות מיט די כעלעמער המצאות — זענען אונדזערע לייט געוואָרן קליגער און איבערגעלאָזט די כעלעמער פּלענער פאַר פאַלקלאָר־זאַמלער.

ווייזט זיך אַרויס, אַז נישט. פון צייט צו צייט שפּרינגט אַרויס אַזאַ כעלעמער פּראָיעקט און אונדזערע לייט זענען איבערצייגט, אַז זיי גייען דאָ מאַכן אַזוינס און אַזעלכעס, וואָס די וועלט האָט טאַקע נאָך נישט געהערט...

איז געקומען אונדזער פינאַנץ־מיניסטער און אַריינגעטראָגן אין מיניסטאָרן־ראַט אַ געזעץ־פּראָיעקט, לויט וועלכן (אָרעמע כעלעמער חכמים, אין אייער צעשפּילטער פאַנטאַזיע וואָלט איר קיין מאָל אויף אַזאַ המצאה נישט געפאַלן) — די רעסטאָראַנען, זאָלן אויסשטעלן אָפיציעלע חשבונות מיט שטעמפּל־מאַרקן, אין אַלע פאַלן, ווען דער גאַסט וועט באַשטעלן מער ווי פאַר צען פונט; און אויפן חשבון זאָל ווערן אָנגעגעבן דער פולער נאָמען מיטן אַדרעס פון דעם עסער...

איר לאַכט? איר מיינט אַז דאָס איז אַ וויץ? לאַכט נישט. ס׳איז אַן אמת.

און איך זע שוין ווי אַזוי עס וועלן אויסזען די געסט און די קעלנערס אין די רעסטאָראַנען, ווען דער כעלעמער פּראָיעקט וועט, אם ירצה השם, ווערן געזעץ: ערשטנס, וועט יעדער אָרנטלעכער בירגער פאַרן גיין אין רעסטאָראַן מוזן נאָכ־קאָנטראָלירן, צי ער האָט ביי זיך די תעודת־זהות. והשנית, וועט מען אָנשטעלן אַן אַרמיי קאָנטראָלערן, וואָס זאָלן זיצן אין די רעסטאָראַנען און קאָנטראָלירן צי יידן מאַכן נישט קיין פוילע שטיק. דריטנס, וועט אַ ייד מוזן האַלטן קאָפּ ער זאָל נישט אַריבערציען איבער צען פונט, וואָרום דאָס חשבונדל מיט זיין נאָמען קען זיך אַמאָל אַריינבאַקומען אין די הענט פון די מס־הכנסה־קאָנטראָלערן און די וועטשערע קען דעם גאַסט קאָסטן זייער טייער...

און וואָס וועט געשען, אויב עמעצער וועט נאָך אַ גוטער וועטשערע זאָגן, אַז ער הייסט משה זוכמיך און ער וווינט אין גבעת פּימסענהאַליך? צי וועט אים דער קעלנער דאַרפן אָננעמען ביי די לאַצן און אים שלעפן אין דער פּאָליציי, אָדער ער וועט זיך מאַכן נישט ווויסנדיק און זיך באַטייליקן אין אָפּנאַרן דאָס געזעץ. אויב דער פינאַנץ־מיניסטער מיינט, אַז ביי אונדז שטייט די מאָראַל אַזוי איינפעסט, אַז גאָרנישט קען זי איינברעכן — איז ער גערעכט, וועט זיך קיין שום ייד נישט אַרויסדרייען פון אָנגעבן דעם אמתן נאָמען מיט זיין אמתן אַדרעס. אָבער מיר דאַכט זיך, אַז דער דאָזיקער פּראָיעקט איז נישט מער ווי צוגיסן בוימל

צום פייער פון אַרומגיין די געזעצן. זאָלן נאָך אַ פּאָר טויזנט יידן אַריינגעצויגן ווערן אין פאַרברעך. האַ?

לצים זאָגן אפילו, אַז דער גאַנצער פּראָיעקט פון לוי אשכול וואָלט נישט געהאַט קיין שאַנסן, ווען ער זאָל נישט האָבן די אונטערשטיצונג פון די רעליגיעזע אין דער קאָאַליציע. וואָרום מיט איין שאָס וועט די רעגירונג כאַפּן צוויי האָזן: אי לוי אשכול וועט באַקומען פאַר נאָך אַ שטעמפּל־מאַרקע, און אַן אַדרעס פון אַ ייד, וואָס לאָזט זיך ווילגיין און וועט דערפאַר דאַרפן צאָלן מס הכנסה, ווי אין פּסוק שטייט; און אי די רעליגיעזע וועלן באַקומען אַן אַטאָם־באָמבע קעגן די וואָס זענען עובר אויפן „לא תחמוד". וואָרום ביז איצט, אַז אַ יונגער־מאַן איז געגאַנגען מיט אַן אשת־איש אין אַ רעסטאָראַן און געגעסן וועטשערע — האָט קיינער נישט געוווּסט ווער ער איז און וואָס ער איז. איצט אָבער, אַז מען וועט נאָך דער וועטשערע דאַרפן אָנגעבן דעם נאָמען און דעם אַדרעס פון דעם בעל־דבר, קענען אַרויסקומען וויסטע סקאַנדאַלן. פון פאַדעם קען מען דערגיין צום קנייל, צום אַדרעס הייסט עס. און — שטעלט אייך פאָר, וואָס אַלץ עס קען זיך פאַרפּלאָנטערן.

און ווי דער שטייגער ביי אונדז, נאָך די דערפאַרונגען מיטן שוואַרצן מאַרק, מיטל שמוגל, מיט די אַלע צרות, וואָס ליגן אונדז נאָך גוט אין די ביינער, וועלן זיך שאַפן „שוואַרצע רעסטאָראַנען", ווו מען וועט קענען עסן פאַר פּופּציק פּונט אָן אַ חשבון, אָן אַ נאָמען און אָן אַן אַדרעס. פּונקט ווי פריער, אין די צייטן פון דב יוסף, פלעגט מען אין רעסטאָראַנען צודעקן אַ פּאַרציע „שוואַרץ" פלייש מיט אַ שיכט קירביס, אָדער מיט אַן אַנדער אָנשיקעניש און ס'האָט געהייסן מען עסט דב יוספס גראָז — אַזוי אויך איצט, אויב דער בעלעמער פּראָיעקט זאָל ווערן אַ מלוכה־געזעץ, וועט מען נעמען אַ האַלב גענדזל און עס צודעקן מיט קרויט און עס וועט הייסן דער גאַסט עסט אַ געדיכטן קרויטבאָרשט פאַר אַ דרייסיק פּיאַסטער. און אַ פּלעשל פראַנצויזישן סאָטערן וועט מען איבערגיסן אין אַ פלאַש פון הבדלה־ווייַן און עס וועט הייסן, אַז אַ ייד לאָזט זיך ווילגיין פאַר אַ צוויי פונט, אויף וועלכע מען דאַרף נישט קיין חשבון, קיין תעודת־זהות, קיין אַדרעס.

הכלל, דער נייער פּראָיעקט וועט, אם ירצה השם, עפענען אַ נייע שול פון קאָמבינאַציעס, דריידלעך, שפּיצלעך, שטיקלעך, סיי מצד די געסט און סיי מצד די רעסטאָראַן־אייגנטימער. ווייל פּונקט ווי דער גאַסט וועט נישט זיין פאַראינטערעסירט אָנצוגעבן זיין נאָמען און אַדרעס, אַזוי וועט דער רעסטאָראַן־אייגנטימער נישט זיין פאַראינטערעסירט צו פאַרלייכטערן אשכולן די קאָנטראָל איבער אים.

נאָר אויב אונדזערע לייט וועלן דאָך האַלטן, אַז זייער בעלעמער המצאה איז נאָך דער וואַסערשטאָף־באָמבע די צווייטע עפּאָכע־מאַכנדיקע דערפינדונג און דער פּראָיעקט וועט ווערן געזעץ — וועט מען אַלע קעלנערס דאַרפן אָנשטעלן אין דער פּאָליציי און זיי אָנטון פּאָליציי־מונדירן, אַז ווען אַ גאַסט וועט אַריינקומען אין רעסטאָראַן זאָלן זיי אים ראשית לעגיטימירן. און אַ גאַסט, וואָס וועט זיך

נישט ווען לעגיטימירן, זאָל מען אים שטעלן פאַרן געריכט פאַר קעגנשטעלן זיך דער פּאָליציי און אים אַריינצימבלען אַ געלטשטראַף, וועט במילא זיין געלט און אַז עס וועט זיין געלט — וועט זיין גוט. וואָרום אַלע פּראָיעקטן זענען דאָך פאַרטראַכט ווי אַזוי צו מאַכן פּיאַסטערס — איז וואָס פאַר אַ נפקא־מינה ווי אַזוי מען שלעפּט אַרויס די פּיאַסטערס?

און זעט איר: דער איינציקער אונטערשייד צווישן די כעלעמער המצאות און אונדזערע פּראָיעקטן איז בלויז אין דעם געלט; אין דער חכמה זענען זיי אידענטיש פון אָנהייב ביזן סוף.

30טער אַפּריל 1954

## „מיינט נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע"

עס דערציילט זיך, אַז אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אין 1905, ווען פון געזעלן איז איבערגעמאַכט געוואָרן פּראָלעטאַריער און פון פּאַמעשאַף־טרעגער און וויגל־שאָקלער ביים מייסטער זענען געוואָרן שטרייקער, זענען די באַלעבאַטים פּלוצעם געוואָרן שלעכטע מענער צו זייערע ווייבער און שלעכטע טאַטעס צו זייערע קינדער.

טאָמער האָט אַ געזעלן צעבראָכן די נאָדל פון דער מאַשין — האָט דער באַלעבאָס געכאַפּט די אייל און מקיים פּסק געווען דעם זון.

— טאַטע, פאַרוואָס קומט עס מיר?

— שווייג, דו יונגאַטש, וואָרום איך וועל דיך דורסן...

און טאָמער האָט אַ געזעלן קאַליע געמאַכט אַ שטיקל לעדער, שלעכט פאַר־הובלעוועט אַ שטיקל מעבל, איז דער באַלעבאָס אַרויס מיט וויסטע קולות אויפן ווייב, אַז עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז דער מאַן איז אַראָפּ פון זינען.

מילא, אַז פון געזעלן און וויגל־שאָקלער זענען געוואָרן פּראָלעטאַריער און שטרייקער — איז פאַרשטענדלעך, ס'איז זייער רעוואָלוציע און זייער איבער־קערעניש. אָבער וואָס פאַר אַן איבערקערעניש איז דאָס פאַר די באַלעבאַטים, פאַר דער רעאַקציע, הייסט עס, וואָס זיי זאָלן זיך איבערקערן קעגן די ווייבער און קינדער?

איז די מעשה אַזאַ, אַז שעלטן און שלאָגן עמעצן מוז מען דאָך, אויף דעם שטייט דאָך די וועלט; און אַזוי ווי פאַר שלאָגן אַ פּראָלעטאַריער און שעלטן אַ שטרייקער האָט געדראָט מיט אונטערהאַקן די זייטן, מיט אַרויסרופן אַ שטרייק, מיט באַרעדן אויף די „סכאָדקעס" — איז נישט געבליבן עפּעס אנדערש ווי ברעכן די ביינער פון די אייגענע זין און שעלטן מיט וויסטע קללות דאָס אייגענע ווייב, ווי אין פּסוק שטייט: „טאָכטערשי, דיך שעלט איך, שנור — דיך מיין איך".

ס'איז אַן אַלטער פּסוק, וואָס אין יעדער צייט נעמט ער אַן אַנדערע וואַריאַציעס און חן־גריבעלעך.

אַט אַזאַ וואַריאַציע פון ברעכן די ביינער פון די קינדער און שעלטן דאָס ווייב, ווייל מען האָט פאַר עפּעס מורא אויסצולאָזן דעם כעס אויפן ריכטיקן אַדרעס, חזרט זיך איבער ביי אונדז.

איך מיין דאָס אַנטקעגן דעם טומל מיט דעם לועזית", רחמנא ליצלן. דאָס „לועזית" וועט אונדז חלילה אָוועקפּטרן די גאולה, צעברעכן דעם קיבוץ גלויות, צעשטערן דעם חזון. איי, פרעגט זיך: ווי פּאַרט זיך דאָס געשריי „קאַראַאול, לועזית", מיטן אַליין פאַרפּלייצן דאָס לאַנד מיט אייגענעם און אימפּאָרטירטן

„לועזית"? ווי קומט עס וואָס סיי פּראָפעסאָר דינור און סיי די גאַנצע רעגירונג האָבן געגעבן זייער הסכם אויפן אימפּאָרט פון אַ לועזית פון שונד און פּאָרנאָ־גראַפיע, וואָס צעפרעסט די יוגנט? הע, פרעגן מיר, אויב אין לאַנד האָבן די פּאַרטיי פון פּראָפעסאָר דינור און אַנדערע אויפגעשטעלט אַן אייגענעם לועזית — וואָס זשע שרייען זיי? וואָס איז דאָס פאַר אַ „כאַפּט דעם גנב" וואָס איז דאָס פאַר אַ „רייסט דעם זאַק און שרייט"?

דעם סוד האָבן מיר געוווסט: ס'איז די מעשה מיט די גזעלן און ווינקל־שאַקלער, וואָס זענען געוואָרן פּראָלעטאַריער און שטרייקער און — אַ צייט אַזאַ — אַנשטאָט וואָס מען זאָל קענען זיי אַליין שלאָגן און שעלטן — שלאָגט מען די אייגענע קינדער און מען שעלט דאָס אייגענע ווייב און מען טראַכט זיך דערביי: וואַרט־צו, עס וועט קומען אַ צייט אַזאַ, אַז נישט בלויז מען וועט אייך שלאָגן, נאָר מען וועט אייך אויך שלאָגן פאַר אַלע קלעפּ און קללות, וואָס מיר האָבן געגעבן אויפן נישט־ריכטיקן אַדרעס.

מיר האָבן געוווסט דעם סוד, אַז דער גאַנצער קוויטש קעגן „לועזית" איז גאָרנישט קעגן דייטש. נישט קעגן ענגליש און נישט קעגן וועלכער עס איז אַנדער שפּראַך, נאָר אויסשליסלעך קעגן יידיש. דער געוועזענער יידישיסט פּראָפעסאָר דינאַבורג (היינט דינור) וועט דאָך נישט גיין דירעקט פאָרשלאָגן אַ געזעץ קעגן יידיש. וואָס וועט זאָגן די יידישע וועלט וועגן אַזאַ יידישן פּראָפע־סאָר? אַן אָפענעם קרייץ־צוג קעגן יידיש, בעת אין דער וועלט לעבן נאָך מיליאָנען יידן מיט יידיש אין זייערע מיילער און דאָלאַרן אין זייערע קעשענעס? אַזאַ מין אָפענער פּאָגראָם אויף יידיש קען אַמאָל שליסן די קעשענעס. נישטאָ קיין יידיש — נישטאָ קיין דאָלאַרן. דאַרף מען דעריבער דאָס ביסעלע סם קעגן יידיש אַריינלייגן אין אַ צוקערל: עס זאָל פאַרסמען מיט אַ טעם. האָט מען דעריבער יידיש געמאַכט פאַר אַ פרעמדער שפּראַך, אַריינגענומען אין „כל הנערים" פון „לועזית" און — „קאַראַאול, לועזית!"

מיר האָבן דעם סוד געוווסט נאָך פון יענע צייטן ווען ווילדע יונגען, אַרויסגעשיקטע דורך בכבודיקע שמן־זיתדיקע און חזון־געגנעצדיקע יידן, האָבן געברענט קיאָסקן און געשלאָגן צייטונגס־פאַרקויפער פאַר פאַרקויפן יידישע צייטונגען, אין דער צייט ווען די זעלבע קרענקלעכע סנאָבן האָבן אין טאַש פּאַראַדירט מיט דער ענגלישער צייטונג, ווי אַ סימן פון הויכער קולטור, מישטיינס געזאָגט.

מיר האָבן דעם סוד געוווסט דעמאָלט, פּונקט ווי מיר ווייסן אים היינט, ווען מען לייגט אַריין די טומאה אין דער יראה, ווען מען וויקלט איין די שנאה צו יידיש אין דעם „לועזית"־זעקעלע, כדי עס צו באַגראָבן שאַ־שטיל.

די מעשה איז אָבער, און דאָס וועט אייך בשטעטיקן יעדער קרימינאַל־פאָרשער, אַז עס איז גאָרנישט פאַראַן אַזאַ געניאַלער פאַרברעכער אויף דער וועלט, וואָס ווי פאָרזיכטיק און ראַפינירט ער זאָל נישט אויספירן זיין פאַרברעך, מוז ער איבערלאָזן עפּעס אַ צייכן, וואָס פאַרראַט אים. אַמאָל לאָזט ער איבער צייכנס פון די פינגער, אַמאָל פאַרגעסט ער אַ נאָזטיכל, אַמאָל לאָזט ער גאָר

איבער זיין מאַנטל מיט דאָקומענטן, אָדער ער שיכורט זיך אָן, באַקומט ניין מאָס רייד און פּלאַפּלט אויס באַרימעריש זיין געוואַלדיקן אויפטו.

אַזוי איז אויך געווען מיט די כלומרשטע שטורמער קעגן לועזית, וואָס מיינען בלויז צו פּאַגראַמירן יידיש.

ווען איר זאָלט לייענען דעם באַריכט פון אַ סימפּאָזיום וועגן לועזית (לייען: וועגן יידיש) וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם „הדור" און די אויס־פירן פון סימפּאָזיום און וועגן דעם געזעץ, וואָס ווערט צוגעגרייט קעגן לועזית (לייען: קעגן יידיש), וואָלט איר געזען וועמען מען שעלט און וועמען מען מיינט מיט די קללות. איר וואָלט זיך איבערצייגט, אַז אַלע שפּראַכן זענען כשר — גרויס אין די אויגן איז זיי בלויז יידיש. אַ מין אַנטי־יידיש חולאת האָט באַהערשט די מענטשן, אַזאַ מין בלינדע און טאָטאַלע שנאה, וואָס האָט איינעם פון די סימפּאָזיאַניסטן דערפירט אַזש צו אַזאַ פּלאַפּלעריי, אַז „דאָס פאַרבאָטן שפּראַכן (לייען: יידיש) איז נישט אַנטי־דעמאָקראַטיש, פאַרקערט, דאָס שטאַרקט די דעמאָקראַטיע". און דאָס איז געזאָגט געוואָרן נישט אין קיין משוגעים־הויז, נאָר אין אַ נאָרמאַלער געזעלשאַפט, וואָס דענקט, אַז זי דענקט נאָרמאַל.

און ווען דער „הדור" באַריכטעט וועגן דער פּלאָג פון לועזית, גיט ער נישט דעם נאָמען — נישט פון קיין ענגלישער, נישט פון קיין אונגאַרישער צייטונג, נאָר בלויז דעם נאָמען „לעצטע נייעס". ס'הייסט, אַז נאָר די „לעצטע נייעס" איז אַ צייטונג אין אַ פרעמדער שפּראַך. מען האָט זיך צעפּלאַפּלט און אויסגעפּלאַפּלט דעם אמת אין וואָס עס גייט דער גאַנצער קאַמף קעגן „לועזית". און טאָמער זאָל מען אָננעמען אַ געזעץ און מיטן געזעץ אונטערברענגען די „לעצטע נייעס" (אויף וואָס זיי האָבן צו קורצע הענט) — וועט שוין די מדינה האָבן געלייזט אירע שווערע פּראָבלעמען: בייראַד וועט ענדערן זיינע רעדעס, אַמעריקע וועט נישט געבן קיין געווער צו איראַק, דער אַזיאַטישער קאָנגרעס וועט אָננעמען פּראָ־ישראל־רעזאָלוציעס, רוסלאַנד וועט נישט אָנווענדן קיין וועטאָ אין זיכערהייט־ראָט און וועט עפענען די גרענעצן פאַר אַן עליה פון די צוויי מיליאָן רוסישע יידן, אין לאַנד וועט פאַרשווינדן די אַרבעטלאָזיקייט, די צוויי הונדערט טויזנט יידן אין די מעברות וועלן באַקומען שיכונים, די דריי הונדערט טויזנט „סאָציאַלע פאַלן" וועלן ווערן פּראָדוקטיוו. דאָס אַלץ איז אָפּהענגיק בלויז פון דעם צי די יידישע צייטונג וועט דערשיינען, אָדער מען וועט זי אונטערברענגען.

בטלנים, זאָגט איר? ניין, באַליידיקט נישט די בטלנים. דאָס זענען מער מענטשן, וואָס זענען געשלאָגן מיט אַ קראַנקהאַפטן מינדערווערטיקייט־קאָמ־פּלעקס, וואָס האָבן פיינט אַלץ וואָס שמעקט מיט יידיש און יידישקייט, איינ־שליסלעך דעם טאַטנס דאַווענען און דער מאַמעס צאינה וראינה; און וואָס זיי אימפּאָנירט אַלץ, וואָס איז גויאיש, אַלץ וואָס איז פרעמד, איינשליסלעך דייטשע זשורנאַליסטן, וואָס מען פירט אַרום אין טאַקסיס איבער ארץ־ישראל, פאַר דעם געלט פון יידן, וואָס רעדן יידיש.

וואָרום אַז איר וועט זיך דערוויסן צו וואָס פאַר אַן אויספיר די דאָזיקע

יידיש־און יידישקייט־פאַרלייקנדיקע לייט זענען געקומען, ווען אייך אַלץ קלאָר ווערן: זיי גרייטן צו אַ געזעץ, אַז די איינציקע צייטונגען וואָס וועלן קענען דער־שיינען אין איין שפּראַך זענען אַ חוץ עברית — אַראַביש און ענגליש; יידיש וועט מוזן האָבן אַ פּאַראַלעלע איבערזעצונג אין עברית. ווייל, פאַרשטייט איר מיך, די אַראַבישע צייטונג ווערט אַרויסגעגעבן דורך מפא"י און אין דער ענגלישער צייטונג, וואָס אַ חוץ וואָס זי איז ענגליש און דערפאַר איז די שפּראַך הייליק, האָט אויך „סולל בונה" אין איר אַקציעס... דעריבער איז דאָס לשון פון מופּטי און דאָס לשון פון מעקאַרטי אין ישראל גלייכבאַרעכטיקט און אויף יידיש זוכט מען אַ קבר.

די דאָזיקע לייט, מיט אַלע זייערע מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקסן, פאַר־געסן אָבער אין זייער יידיש־פרעסער־שגעון, אַז — געלויבט השם יתברך — עס לעבן, כן ירבו, מיליאָנען יידיש־יידן אויף דער וועלט און די דאָזיקע יידן, און מיר צוזאַמען מיט זיי, וועלן זיי ציטירן פּרצס ליד:

„מיינט נישט די וועלט איז אַ קרעטשמע..."

1954 דטער מאי

## אַ גוטער און אַ שלעכטער אַדוואָקאַט

וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אַ גרויסן אַדוואָקאַט און אַ קליינעם אַדוואָקאַט?

אויף אָט דער פראַגע האָט אַמאָל געענטפערט איינער פון די גרעסטע יוריסטן אין אַמאַליקן פוילן פאַר אַן אודיטאָריום פון סטודענטן פון יורידישן פאַקולטעט.

דער פּרעלעגענט האָט גענומען צוויי אַדוואָקאַטן, וואָס ביידע זענען פון דער זעלבער אינטעליגענץ, ביידע האָבן געהאַט די זעלבע פּראָפעסאָרן, די זעלבע שאַנסן, די זעלבע קאַדעקסן און זענען געשטאַנען פאַר די זעלבע ריכטער. און דאָך האָט איינער געוווּנען די מערסטע פּראָצעסן. מיט וואָס לאָזט זיך אויפקלערן אַזאַ דערשיינונג? צי איז איינער געבוירן אין אַ הייבל און דער צווייטער איז אַ שלימזל? צי שפּילט איינעם צו דאָס מזל און דעם צווייטן גייט עס „מיט דער פּוטער אַראָפּ”?

ניין, דער אונטערשייד צווישן אַ גוטן און אַ שלעכטן אַדוואָקאַט איז דער, וואָס אַ גוטער אַדוואָקאַט נעמט אַלע פּראָצעסן ערנסט און דער שלעכטער אַדוואָקאַט נעמט ערנסט בלויז די פּראָצעסן, וואָס ער ווייסט פון פאָרויס, אַז דער פּראָצעס איז אַ פאַרשפּילטער. במילא פאַרשפּילט דער שלעכטער אַדוואָקאַט סיי די פּראָצעסן, וואָס ער האָט נישט גענומען ערנסט און סיי די פּראָצעסן, וואָס ער האָט געוווּסט פאָרויס, אַז ער וועט פאַרשפּילן.

אָט קומט אַרײַן צו אַזאַ אַדוואָקאַט אַ קליענט און ער ווייזט אים אויף, אַז ער איז הונדערט פּראָצענט גערעכט, דער פּראָצעס איז אַ געוווּנענער און ער דאַרף בלויז דעם אַדוואָקאַט, ווייל ער אַליין, דער קליענט, קען זיך נעבעך נישט אויסרעדן. זעט טאַקע דער אַדוואָקאַט, אַז דער קליענט איז גערעכט. ס'איז אַלץ קלאָר ווי אויף דער האַנט. דער אַדוואָקאַט פאַרשפּאָרט זוכן אין קאָדעקסן, ער פאַרשפּאָרט צוגרייטן אַ גוטע פאַרטיידיקונג־רעדע, ער דאַרף בלויז אַרויסלייגן די קאָרטן און — דער פּראָצעס איז געוווּנען. ערשט ווען מען קומט אין געריכט און דער צד שכנגד מיט אַ גוטן אַדוואָקאַט הייבט אָן אַטאַקירן, פאַרטומלען, פאַרשיטן מיט פּאַראַגראַפן און פּרעצעדענסן און דערצו רוקט מען נאָך אַמאָל אונטער אַ „לינקן” עדות און מען לייגט אַוועק די ריכטיקע פאַרטיידיקונגס־רעדע — דרייט זיך איבער דאָס רעדל קאַפּויער און דער גערעכטער קליענט בלייבט שטיין אַ מבולבלדיקער, אַ פאַרלוירענער; און דער אַדוואָקאַט ווערט צעטומלט, די צונג לייגט זיך נישט, קיין פּאַראַגראַפן האָט ער נישט אונטער דער האַנט, וואָרום ביי זיך אין קאַבינעט האָט ער דאָך געהאַט דעם

פּראָצעס אַ געוווּנענעם... און דער פּראָצעס איז פאַרשפּילט; געוווּנען האָט דער נישט גערעכטער, דער ליגנער, דער אָפּנאַרער, דער מנוול.

אַ גוטער אַדוואָקאַט אָבער זאָגט צו אַזאַ גערעכטן קליענט: פּעטערל, סיי איך און סיי איר דאַרפן זיך גוט אונטערגאַרטלען צום פּראָצעס, וואָרום, ערשטנס, איז אַ ריכטער נישט מער ווי אַ מענטש, ער קען אַמאָל קומען אין געריכט אַריין אַ נישט אויסגעשלאָפענער, אַ צעקריגטער מיט זיין ווייב, אָדער דער מאָגן איז אים נישט מיט אַלעמען און דעמאָלט קען ער אַמאָל זיין בייז אויף גערעכטע. צווייטנס, פּעטערל, ווייס איך נישט מיט וואָס דער צד שכנגד וועט קומען, וואָס דער מנוול גרייט דאָרט צו, וואָס פאַר אַן עדות ער שלעפּט דאָרט צונויף און וואָס פאַר אַ קונצן עס וועט אַנדרייען זיין אַדוואָקאַט. דעריבער, פּעטערל, דאַרף מען דורכאַקערן די קאָדעקסן, פּאַראַגראַפן און פּרעצעדענסן אַזוי ווי איר וואָלט פון פאָרויס געהאַט אַ פאַרשפּילטן פּראָצעס און ערשט דערנאָך, לאָמיר האָפן, וועלן מיר דעם פּראָצעס געווינען...

ווען אוך קוק זיך צו, וואָס עס געשעט ביי אונדז, אָרום אונדז און בכלל אין דעם געריכט, וואָס הייסט די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער, אוג"אַ מיין איך, דערמאָן איך זיך אין יענער אוניווערסיטעט-לעקציע וועגן דעם אונטערשייד צווישן אַ גוטן און אַ שלעכטן אַדוואָקאַט, וועגן אַ גוטער „ספּראַווע" און אַ שלעכטער „ספּראַווע" און אויך וועגן ריכטער, וואָס קענען שלעכט שלאָפן ביינאַכט, אָדער וואָס זייערע מאָגנס זענען נישט מיט אַלעמען.

דאַכט זיך: ווער נאָך האָט געהאַט אַזאַ פון פאָרויס געוווּנענעם פּראָצעס ווי מיר? ווער נאָך איז געווען אַזוי גערעכט ווי מיר? אדרבא, איר זעט דאָך אַליין: אַ פאָלק וואָס ווערט געיאָגט און געטריבן, איז נע-ונד צווישן פעלקער; און עס איז נישט עפּעס סתם דיר אַ פאָלק, פונעם אַפריקאַנער דזשונגל-אַרויס, נאָר ס'איז אַ דערהויבן פאָלק, מיט אַ רייכער פאַרגאַנגענהייט; אַ פאָלק, וואָס האָט דער וועלט היפּש בייגעשטייערט, מיט אַ גאָט, מיט אַ תנ"ך, מיט נביאים, מיט גאונים, מיט איניציאַטיוו און אַזויפל קרבנות — קומט אַזאַ פאָלק אַ מדינה?

אוודאי קומט.

און איצט: אויב אַ מדינה, ווייל דאָס פאָלק נישט סתם ביי עמעצן אָוועק־רייסן אַ שטיק פון זיין שטח, נאָר עס וויל די מדינה אויף זיין אייגענעם היסטאָרישן באָדן — קומט אַזאַ פאָלק אַ מדינה?

אוודאי קומט.

און איצט: אויב אַ מדינה, ווילן מיר נישט עמעצער זאָל זי אונדז דער־לאַנגען אויף אַ גאָלדענער טאַץ אַ גרייטע, אַ פאַרטיקע, אַן אויפגעבויטע, נאָר צוויי דורות פונעם נע-ונדן פאָלק לייגן אַריין אַלע זאַפטן, אַלע כוחות, אידעאַליזם, בלוט און שוויס אויף צוגרייטן די מדינה, זי אַרויסרייסן פון דער מדבר — קומט אַזאַ פאָלק אַ מדינה?

אוודאי קומט.

און איצט: אויב אַ מדינה, וואָס שונאים פאַלן אָן אויף איר און ווילן צע־

שטערן דאָס, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן און צוגעגרייט געוואָרן; און עס קומט אַ דור, וואָס איז זיך מקריב פאַר דער מדינה — קומט אַזאַ פאָלק די מדינה?

אוודאי קומט.

זעט איר, זינט קליענטן פּראָצעסירן זיך איז נאָך אַזאַ גערעכטער קליענט אין דער געשיכטע נישט געווען, ווי מיר זענען עס. דער פּראָצעס איז פון פאָרויס אַ געוווּנענער, מ'דאַרף נישט זוכן נישט אין קאָדעקסן, נישט אין פּרעצעדענסן, מען דאַרף נישט קיין פלאַם־פייערדיקע פאַרטיידיקונגס־רעדעס — די גערעכטיקייט רעדט פאַר זיך אַליין; און נאָר אַ ריכטער אַ שיכור, אַ כאַבאַרניק, וואָס קומט אין געריכט צערייצט פון בייזע חלומות, וועט וואַגן נישט צוטיילן אונדז גערעכטיקייט.

איז אָבער די מעשה, וואָס צו אָט דעם פון פאָרויס־געוווּנענעם פּראָצעס האָבן זיך, ליידער, גענומען שלעכטע אַדוואָקאַטן; טאַקע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די גערעכטיקייט אויף אונדזער זייט איז אַזוי בולט, אַזוי קלאָר און אַזוי איבערצייגנדיק, אַז מען דאַרף אויף כפרות צוגרייטן זיך, נאָר מען דאַרף בלויז האָפערדיק גיין אין געריכט און זיך צוקוקן ווי אַזוי דער צד שכנגד מאַכט זיך לעכערלעך און פאַרשפּילט דעם פּראָצעס מיטן קנאַק...

און דעמאָלט, ווען מיר האָבן דעם פּראָצעס גענומען אַזוי לייכט און אַזוי געלאַכט פונעם צד שכנגד, אַז ער האָט גאָרנישט אין דער האַנט, אַז ער איז נישט מער ווי אַ זעקספּאַכיק געשלאָגענער הונט, אַז די גאַנצע וועלט קוקט אויף אים מיט ביטול, אַז ער איז נישט מער ווי אַ צעפּוילטער, קאָרומפּירטער, לעוואַנטינישער און אַנאַלפאַבעטישער פעאָדאַל — האָט ער, דער צד שכנגד, כיטרע זיך צוגעגרייט לינקע עדות, געשאָפן פאַר זיך אַליבים, מאָביליזירט פאַר זיך סימפּאַטיעס פונעם וועלט־עולם, פאַרפירט פאַלשע ליבעס מיט די גרויסע קאָקאָטעס — די וועלט־מאַכטן — און דערצו נאָך האָט ער זיך גענומען פיפיקע, דורכגעטריבענע אַדוואָקאַטן, וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך צוגרייטן צו פּראָצעסן, אַז הגם זיי זענען פון פאָרויס פאַרשפּילטע — זאָלן דאָך זיין שאַנסן זיי צו געווינען.

אדרבא, איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז ווען מיר זענען די גערעכטסטע שבגערעכטסטע; וואָס מיר האָבן מיט זעקס יאָר צוריק געהאַט אַזוי פיל פריינד און אַזוי פיל סימפּאַטיעס, אַז מדינות זענען געשטאַנען אין דער ריי אונדז צו אָנערקענען און אָנקניפּן מיט אונדז דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען — זאָלן מיר היינט שטיין אַליינינקע, ווי אַן איינציקער בוים אין דער מדבר; און דאָקעגן, ער, דער אומגערעכטער צד שכנגד, זאָל האָבן אַלע סימפּאַטיעס און אַלע זאָלן שרייען, אַז ער איז גערעכט.

איך וואָלט דאָס וועלן וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז גענעראַל בעניקע, וואָס ער גופא און זיין מדינה זענען געווען בלב ובנפש פאַר אונדז און זיי האָבן אַזוי פיל געהאָלפן געשלאָגענע און נע־ונד יידן — אַז ער, גענעראַל בעניקע, זאָל איצט זיין קעגן אונדז.

איך וואָלט געוואָלט וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז די אייראָפּעאישע אונ"אָ־אָבסערוואַטאָרן, וואָס האָבן פון אָנהייב אין אונדז געזען אייראָפּעער

אין אַן אַזיאַטישער וועלט, זאָלן איצט האָבן די סימפּאַטיעס פֿאַר די אַראַבער און ליבערשט וועלן זיצן אין דער פּאַרוואָרלאָזטער ירושלימער אַלטשטאָט, איידער אין דעם אייראָפּעאישן טייל פֿון ירושלים, אין מדינת ישראל.

איך וואָלט וועלן וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז בעת די אַראַבער איבערפֿאַלן יידישע ישובים, מאָרדן יידישע זעלנער און ציווילע, רויבן און רוצחנען — זאָל זיי געלינגען צו איבערצייגן, אַז ס'איז לא דובים ולא יער, אַז דאָס זענען מיר גאָר רויבער און רוצחים און אַגרעסאָרן און וואָס נאָר איר ווילט.

איך וואָלט וועלן וויסן, ווי אַזוי איז דאָס געשען, אַז בעת מיר הערן נישט אויף צו בעטן שלום, בעטן צו פֿאַרהאַנדלען, איינשטעלן פֿריינטלעכע שכנותדיקע באַציאונגען, אין דער צייט ווען זיי, די אַראַבער, הערן נישט אויף דראָען מיט אַ „צווייטער רונדע" — פֿאַרשרייען זיי אונדז, אַז מיר גרייטן זיך צו עקספּאַנסיע אויף זייערע שטחים און זיי זענען „גאָט די נשמה שולדיק". און די וועלט גלייבט זיי, די לעוואַנטינער, און נישט אונדז, די אייראָפּעער, די גערעכטע.

לאָמיר זען דעם אמת, ווי ביטער ער זאָל נישט זיין, אַז גערעכט זענען טאַקע מיר, אַזוי גערעכט ווי ס'איז נאָך נישט געווען קיין איין פֿאָלק, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר אַ משפּט. אָבער מיר זענען געווען אַזוי זעלבסטזיכער אין אונדזער גערעכטיקייט און אַזוי זיכער אין דעם געווונענעם פּראָצעס — אַז מיר האָבן נישט געטראַכט אפֿילו, אַז גראָד ביי אַזאַ אויגנבלענדיקער גערעכטיקייט דאַרף מען האָבן ערשטקלאַסיקע אַדוואָקאַטן. אַנשטאָט צו שמידן אונדזער פּראָצעס, צו גריבלען זיך אין די קאָדעקסן און פּרעצעדענסן, אַנשטאָט פֿאַרויסצוזען מיט וואָס פֿאַר אַ שמדשטיק און כיטרעקייט עס קענען אַרויס קומען אונדזערע שונאים — זענען אונדזערע אַדוואָקאַטן געשטאַנען און געשמייכלט אַזוי זיכער און גאַהוודיק און געוואַרט ווי אַזוי די שונאים וועלן זיך אַליין פֿאַרשיטן, ווי אַזוי זייערע אַדוואָקאַטן וועלן דורכפֿאַלן.

די וואָגשאָל האָט זיך דעריבער אַריבערגעבויגן אויף זייער זייט, אויף דער זייט פֿון אונדזערע שונאים. די ריכטער שלאָפֿן אומרואיקע נעכט, זיי האָבן פֿאַרפֿאַלגונגס־וויזיעס, וואָס מאַכן זיי נערוועז. האָבן זיי נישט קיין געדולד און קיין אינטערעס צו זען דעם גערעכטן צד. זיי אימפּאָנירט בעסער דער צד שכנגד, וואָס אויך ער שרייט, אַז מען פֿאַרפֿאַלגט אים, מען וויל אים אומברענגען, זוכן איצט די ריכטער אין זייער פֿאַרפֿאַלגונגס־מאַניע אַן אָנלען אין דעם צד, וואָס איז אויך פֿאַרכאַפּט פֿון דער זעלבער קראַנקייט.

איז וואָס זשע בלייבט איצט צו טון אין אַזאַ מצב?

יידן מיט דערפֿאַרונגען אין פּראָצעסן פֿלעגן זאָגן: פֿאַרשפּילט אין דער ערשטער אינסטאַנץ איז נאָך נישט פֿאַרשפּילט. מען דאַרף אַפּעלירן. אָבער מ'טאָר נישט אַוועקשטעלן פֿאַר דער אַפּעלאַציע די זעלבע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן צוליב זייער זעלבסטזיכערקייט פֿאַרשפּילט אין דער ערשטער אינסטאַנץ.

נייע אַדוואָקאַטן דאַרף מען!

14טער מאַי, 1954

## יעדער איז אַלט ווי ער פֿילט זיך

אַז איך האָב געלייענט די אַרטיקלען פֿון אונדזער דאָקטאָר „ווי אַזוי צו פֿאַרהיטן דאָס געזונט פֿון עלטערע מענטשן", ווו ער ברענגט פֿאַקטן, סטאַטיסטיק, מעדיצינישע ראיות, אַלץ פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון דער מעדיצינישער וויסנשאַפֿט, האָט עס מיר נאָך מער פֿאַרפֿעסטיקט אין דער איבערצייגונג, אַז אַלץ אינעם לעבן פֿון מענטש, סיי אַלס יחיד און סיי אַלס קאָלעקטיוו, איז דואַליסטיש, טאָפּלט, אַ מטבע פֿון צוויי זייטן.

אַזוי איז אין דער מעדיצין, אַזוי אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, אַזוי אין דער פּאָליטיק און אויף אַלע געביטן, וואָס האָבן צו טון מיט דעם וווּנדערלעכן און קאַפּריזנעם פֿענאָמען — מענטש.

אָבער איידער מיר וועלן אַנטוויקלען אונדזער געדאַנק, מוז איך דערציילן אַ מעשה:

איך האָב געהאַט אַ פֿעטער, וואָס איז געווען אַ ייד מיט געזונטע אינס־טינקטן און אַ שטאַרקער אינטואיציע פֿאַרן כּוח פֿון גייסט.

טאָמער פֿלעגט ער קראַנק ווערן און דער דאָקטאָר האָט אים אויסגעקלאַפּט און אָנגעהויבן אויפֿקלערן אַ געשיכטע מיט בראָנכן, לופֿט־אָרגאַנען, אָנצינדונגען און זיך געגרייט אָנהייבן פֿאַרשרייבן וואַסערלעך, סיראָפּן, פּילן און אַנדערע זאַכן — פֿלעגט מיין פֿעטער זאָגן:

„איך זע שוין, אַז איך מוז וואָס שנעלער גיין אין מרחץ אַריין און זיך אויסקריגן מיט די גבאים פֿאַר אַלע צייטן און דערנאָך, פֿאַניע דאָקטאָר, וועל איך נעמען אייערע פּילן און וואַסערלעך".

„ווי קומען פּילן און וואַסערלעך צום מרחץ מיט אויסקריגן זיך מיט די גבאים?"

„ס'איז דאָ אַ טעם דערביי — האָט דער פֿעטער געענטפֿערט — אין מרחץ, אַז מען קריגט זיך אויס מיט די גבאים — ווערט לויטער דאָס בלוט און דאָס געמיט; און אַז דאָס געמיט איז לויטער און דאָס בלוט איז לויטער — און מ'נעמט נאָך דערצו אַ וואַסערל, אַ פּיל — גייען אַוועק די קראַנקייטן ווי אָפּגע־ווישט מיט דער האַנט!"

פֿונעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט איז יעדעס וואָרט, וואָס עס שרייבט דער דאָקטאָר גאַנץ ריכטיק.

די מעשה איז אָבער, אַז אויב מען הייבט אָן קוקן אויפֿן מענטשלעכן געזונט, אויף דער עלטער און אויף דער דיעטע בלויז פֿון דעם מעדיצינישן שטאַנד־פּונקט — איז מען נישט זיכער מיטן שטיקל לעבן.

די מעדיצין האָט אַזוי פיל לאו״ס, אַזוי פיל באַוואָרעניש, פון אַלץ וואָס מען דאַרף נישט טון, כדי אויפצוהאַלטן דאָס ביסל געזונט, אַז ווען אַ מענטש זאָל זיך וועלן אונטערוואַרפן אַלע מעדיצינישע לאו״ס פון דער תורה — וואָלט ער געדאַרפט זיך אַריינלייגן אין בעט אַריין און אָפּמעדיצינעווען דאָס גאַנצע לעבן. וואָרום שוין דאָס אַרויסגיין פון שטוב איז דאָך פון דעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט אַ געפאַר; אַז מען גייט אַרויס פון שטוב, קען מען כאַפּן אַ צוגווינט; פון דעם שטויב אין גאַס קען מען אַריינאָטעמען אַזוי פיל פאַרשיידענע מיקראָבן און ווירוסן און אַנדערע שלעק, וואָס קענען סטייען אַוועקצולייגן אַלע שונאי ישראל. און איצט וואָס פאַר אַ סכנות דראָען ביי דער אַרבעט? פון דעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט איז עס פּשוט אַ נס, וואָס מען גייט צו דער אַרבעט אַ געזונטער און מען קומט צוריק אַ געזונטער. און די סכנות פון פאָרן אין אַ געפּאַקטן אויטאָבוס אין תל־אביב? פון דעם שטאַנדפּונקט פון מעדיצינישער היגיענע איז דאָס ממש זעלבסטמאָרד, וואָס אַמאָל געלינגט ער און אַמאָל נישט...

איך האָב אַמאָל, פאַרנדיק אין אַזאַ געפּאַקטן אויטאָבוס, געמאַכט אַ כעמיש־מעדיצינישן חשבון. איז אויסגעקומען, אַז טאָמער וועל איך אַרויס פון אויטאָבוס אַ געזונטער, דאַרף איך אָפּטרעטן אין דער ערשטער בעסטער שול און בענטשן גומל.

אָט אַ שטייגער, ווען עס צעאַרבעט זיך בלויז דער דיזלמאָטאָר און דורך די פענצטער טוט אייך אַ בלאָז אַריין אַ פאַרציע שטיקנדיקער רויך פון פאַרברענטן בענזין — כאַפּט איר אַריין אין בלוט די ערשטע פערדישע פאַרציע סם. דערנאָך שטייט פאַר אייך אַ ייד, וואָס האָט — פאַר קיין שום ייד געדאַכט — אַ כראָנישן קאַטאַר און ביים ערשטן נאָס שיסט ער אייך אַריין אַזאַ פאַרציע קאַטאַר־ווירוסן, אַז איר וואָלט מיט זיי געקענט אָנשטעקן אַ פערטל פון דער מענטשהייט. דערנאָך טוט דער אויטאָבוס אַזאַ טרייסל, אַז צוואַנציק פּאַסאַזשירן קוועטשן אייך צו דעם מאָגן און רופן ביי אייך אַרויס אַן אמתן שטורעם אין דעם ביסל מאָגנזאַפט, וואָס איר פאַרמאָגט. און אַז איר קומט צו זיך, פאַלט אַראָפּ אַ פּעקל פון אויבן און איר באַקומט עס גלייך אין קאָפּ אַריין, אַז דאָס בלוט אַנטלויפט אייך אין די פיס...

הכלל, איך וועל נישט גיין אויסרעכענען אַלע געפאַרן, וואָרום איר אַליין זענט דאָך אַן אויטאָבוסן־פּאַסאַזשיר און איר ווייסט דאָס גלייך מיט מיר...

אַ גליק איז, וואָס די מעדיצין איז בלויז איין זייט פון דער מטבע און אויסער איר זענען פאַראַן אַנדערע זכות־אָבות, וואָס ראַטעווען אונדז אָפּ פון דאַרפן זיך אַריינלייגן אין בעט אַריין אויף אַ גאַנץ לעבן, וואָס אויך דאָס איז פונעם מעדיצינישן שטאַנדפּונקט געפערלעך...

דאָס וואָס ראַטעוועט אונדז אָפּ פון די געפאַרן פון דער מעדיצינישער טעאָריע איז — אונדזער וויטאַליטעט. די וויטאַליטעט לאַכט פון דער מעדיצין, וואָרום אָן וויטאַליטעט, אָן דער הילף פון גייסט, איז די מעדיצין אַ בידנער יתום.

איר זאָגט אַלטקייט? עלטערע יאָרן? אָדער, פאַרקערט, יונגע יאָרן? יונגע כוחות? דאָס זענען אַלץ איינגערעדטע זאַכן.

איך האָב אַמאָל ערגעץ־ווו געלייענט, אַז איבערן שרייבטיש פון גענעראַל

מעק־אַרטור העגגען דריי פּאָרטרעטן: אַ פּאָרטרעט פון וואַשינגטאָן, אַ פּאָרטרעט פון לינקאָלן און צווישן די צוויי פּאָרטרעטן — אַ דריטער „פּאָרטרעט”: אַ געדרוקטער טעקסט, ווי אַזוי צו בלייבן יונג.

אין אָט דעם גאַנצן טעקסט איז נישט פאַראַן קיין איין וואָרט וועגן דיעטע, פּילן, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע מעדיצינישע עצות. אָבער יעדער גוטער מעדיצין־דאָקטאָר וועט זיך אויף דעם טעקסט אונטערשרייבן מיט בײדע הענט, כאָטש ער איז אַ כהן פון דער ריינער וויסנשאַפטלעכער מעדיצין.

און אָט וואָס עס שרייבט זיך אין יענעם טעקסט:

„יוגנט איז נישט קיין לעבנסצייט — דאָס איז אַ צושטאַנד פון געמיט; דאָס איז אַן אויסדרוק פון ווילן; אַ געוויסע איכות פון אימאַגינאַציע; אַ קרעפּטיקייט פון די עמאָציעס; דאָס איז די איבערהאַנט פון קוראַזש איבער שלאַבעריקייט, פון לוסט נאָך דרייסטע איבערלעבונגען, איבער האָלט האָבן לייכטע זאַכן.

„קיינער ווערט נישט אַלט בלויז דורך לעבן אַ צאָל יאָרן; מענטשן ווערן אַלט נאָר דורך פאַרוואַרפן זייערע אידעאַלן. יאָרן שרומפּן איין די הויט, אָבער דאָס אויפגעבן ענטוזיאַזם שרומפּט איין די נשמה. דאָס ציטערן, צווייפלען, דאָס נישט טרויען זיך אַליין, פּחד און יאוש — זיי זענען עס די לאַנגע, לאַנגע יאָרן, וואָס מאַכן אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און פאַרוואַנדלען דעם וואַקסנדיקן גייסט אין שטויב.

„צו זיבעציק ווי צו זעכצן — איז אין יעדן מענטשנס האַרץ פאַראַן די ליבע צו וווּנדער; די זיסע באַוווּנדערונג פון די שטערן און פון די שטערן־ענלעכע זאַכן און געדאַנקען; די אומבאַשראַנקטקייט צו פאַרמעסטן זיך מיט געשעענישן; דער כסדריקער אוממיטלבאַרער באַגער צו זען וואָס עס קומט ווייטער; די פרייד און די שפּיל פון לעבן.

„איר זענט אַזוי יונג ווי יונג עס איז אייער גלויבן און אַזוי אַלט ווי אייער צווייפל; אַזוי יונג ווי אייער זעלבסטצוטרוי און אַזוי אַלט ווי אייער פּחד; אַזוי יונג ווי אייער האָפענונג און אַזוי אַלט ווי אייער יאוש.

„אַזוי לאַנג ווי אייער האַרץ נעמט־אויף אָפּעלן פון שיינקייט, באַוווּנדערונג, קוראַזש, גאַבלקייט און קראַפט פון דער ערד, פון מענטש און פון דעם אין־סוף — אַזוי לאַנג זענט איר יונג.

„ווען איר פאַלט ביי זיך און אייער האַרץ ווערט באַדעקט מיט דעם שניי פון פּעסימיזם און מיטן אייז פון ציניזם — דעמאָלט ווערט איר באמת אַלט און גאָט דאַרף זיך מרחם זיין איבער אייער נשמה”.

זעט איר, דער אַלטער גענעראַל מעק־אַרטור האָט איבער זיין שרייבטיש נישט אָוועקגעלייגט קיין פּיגולן, קיין סטרעפּטאָמיצין, קיין האַנטביכער וועגן היגיענע און דיעטע, הגם ער האָט זיכער גענומען פּיגולן און אָפּגעהיט די כללים פון היגיענע און דיעטע; איבער זיין שרייבטיש האָט ער געהאָט די פּאָרטרעטן, וואָס האָבן סימבאָליזירט דעם גייסט פון דער געשיכטע פון זיין לאַנד און פאָלק.

און דער אַלטער גענעראַל מעק־אַרטור האָט פון דעם געשעפּט זיין גלויבן און זיין אויסדויער און זיין יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט.

אָט דאָס אַלץ האָב איך דערציילט בלויז פאַר אַ משל צום נמשל פון אונדזער לאַגע, צום נמשל פון די איצטיקע שטימונגען, וואָס הערשן ביי אונדז.

מיר זענען אַן אַלט פאָלק. פון מעדיצינישן שטאַנדפּונקט האָבן מיר גע־דאַרפט זיין אויף אַן אייביקער דיעטע. זיך נישט איבערמידן, אָפּהיטן אויסטערלישע כללים פון היגיענע. אָבער, ווי מען זאָגט ביי אונדז, מיר האָבן געפייפט אויף אָט די אַלע זאַכן. אין גייסט זענען מיר געווען יונגער פון אַלע פעלקער אַרום אונדז. מיר האָבן די פעלקער געגעבן אידייען און אידעאַלן און די ערשטע געווען אויף באַריקאַדן און אין פרייהייטס־קאַמפן. און אויך פאַר זיך אַליין האָבן מיר געהאַט אַ גאַנצן אַרסענאַל פון אידייען פאַר גאולה. אין דער גרעסטער נויט און קלעם האָבן מיר נישט אויפגעגעבן דעם נערוון־אויסדויער, דעם גלויבן, די אמונה.

מיר האָבן געהאַט פאַר זיך די מוסטערן און דעם פּאָרטרעט פון אונדזער רומפולער געשיכטע — און מיר זענען געווען יונג.

מעדיצינען, וואַסערלעך, פּילן? — אוודאי איז די מעדיצין אַ גרויסע זאַך, אָבער אַריינלאָזן זיך אין איר נישט ווי אַ דאָקטאָר, נאָר ווי אַ פּאַציענט, הייסט ווערן אַ היפּאָכאָנדריק, אַ חלוש, אַ פלאַסקעדריגע. דער עיקר, קינדערלעך, איז דער גייסט, דער לעבנס־ווילן, די וויטאַליטעט, די אייביקע בענקשאַפט און דער גלויבן.

איז אָבער די געשיכטע, וואָס וועגן די אַלע גוטע זאַכן האָבן מיר געוווּסט דאָרט און נישט דאָ. אין גלות האָבן מיר זיך נישט געהאַט פאַר וועמען צו פיעשטשען און אפילו ווען עס האָט ווי געטאָן, שטאַרק ווי געטאָן — האָט מען פאַרביסן די ליפן און געזאָגט: מיר וועלן אויך דעם ווייטיק איבערלעבן. און דער גלויבן איז געווען אַזוי גרויס און אַזוי טיף, אַז די גויים האָב גאַרנישט געוווּסט, פון וואַנען מיר נעמען אַזוי פיל כוח.

דאָקעגן דאָ, אין אונדזער אייגענער מדינה, זענען מיר פּלוצעם איבער־געגאַנגען צו דער אויסשליסלעכקייט פון דער מעדיצין, צו די פּילן און וואַסערלעך, וואָס ווערן אויסגעפּאַרטיקט אין די לאַבאָראַטאָריעס און אַפּטייקן פון די מיניסטעריומס און אַמטן. עס ווערן דאָרט אויסגעאַרבעט די כללים פאַר „היגיענע" און „דיעטע". און די מערהייט פון די רופאים זענען נישט קיין דאָקטוירים, נאָר זנאַכערס, וואָס פאַרשרייבן רעצעפּטן מיט אַזאַ זיכערקייט ווי זיי וואָלטן באמת אַלץ געוווּסט און אויף יעדער קראַנקייט געקענט שטעלן אַ דיאַגנאָזע.

פון דעם נעמט זיך, וואָס טאָמער טוט ערגעץ אַ שטאָך אין אַ זייט, וואָס מען קען עס דורכטראָגן מיטן גייסט, מיטן גלויבן, מיטן שווייגן — ווערט מען היסטעריש, מען הייבט אָן זוכן רפואות, וואַסערלעך, פּילן, זאַלבן, וואָס פאַר זיך אַליין זענען זיי נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק. און ווי דער שטייגער ווען מען לאָזט זיך אַריין אין פּראָפּאַגאַנדע, אין איינרעדן זיך אַ קרענק — ווערט מען ביי זיך צעפּיעשטשעט, מען הייבט־אָן קוקן אויף זיך מיט רחמנות, אַז דער איינציקער גאָט זאָל זיך מרחם זיין.

וואָרום באמת, אויב ווערטער פון אַ ביירעד, אויב סטראַשונקעס פון אַ שוקיירי, אָדער די דראָאונגען פון אַנדערע אַראַבער זאָלן באמת זיין אַזוי לעבנס־געפערלעך, ווי דאָס קומט צום אויסדרוק אין דעם ים פון ווערטער און געשרייען און היסטעריע — איז נישטאָ קיין שום הילף און מיר דאַרפן רחמים. אָבער עס איז נישט אַזוי: די ווערטער פון ביירעד וועלן פאַרבייקלינגען, די סטראַשונקעס וועלן אַוועק אויף וויסטע ימים און פון די דראָאונגען וועט זיך אויסלאָזן אַ טייך — אויב מיר וועלן געפינען אין זיך דעם יוגנטלעכן גלויבן, אָפּטימיזם, גייסטיקע עקשנות און אומגעבראָכענעם ווילן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט, נישט געקוקט וואָס מיר זענען אַ פאָלק אַלט אין יאָרן.

גייסט און גלויבן ווייסן נישט פון קיין זיקנה, קיין צווייפל, קיין יאוש.

אָט די זייט פון דער מטבע איז די ווערטפולע זייט, הגם זי לאָזט זיך נישט אָפּטיילן פון דער צווייטער זייט, וואָס מאַכט די מטבע גאַנץ און עקזאַקט אין ווערט.

21טער מאי 1954

## ווער עס האָלט דעם „פּעטשאַט" צום „דאָנאָס"

אין ק"ק זומפּעווקע, אַ שטעטעלע גרויס ווי אַ גענעץ, און אָרעם, ווי דער שמש פון שניידערקלויז — האָט קהל אַמאָל געזען ווי אין אַ מיטן העלן טאָג וואַקסן אויס איבער די שטרוידעכער פון שטעטל ציגלענע מויערן מיט גאַניקלעך, קאַרניזלעך און פאַרביקע שייבעלעך, וואָס גאָר פּריצים און מאַגנאַטן קענען זיך אויף דעם דערלויבן.

איז געוואָרן אין שטעטל אַ געריודער: פון וואַנען האָט זיך צו געצל דעם גבאי גענומען אַזאַ גרויסער אוצר, ער זאָל קענען אויפשטעלן אַזאַ מויערל מיט גאַניקלעך, קאַרניזלעך און פאַרביקע שייבעלעך? סך־הכל ווייסט מען, אַז געצל גבאי האָט אַ קאָץ דעם ווײַדל נישט געקענט פאַרבינדן. פון דעם ווײַבס נדן האָט ער אַ תל געמאַכט, אַז ס'איז פון אים קיין צעבראָכענער דרייער נישט געבליבן — טאָ פון וואַנען האָט געצל גבאי אַזאַ אוצר?

און פון וואַנען — האָבן די זומפּעווקער קבצנים נישט געקענט פאַר־שטיין — נעמט זיך צו פּיוויש חיים־משהס דעם קהל־פּאַרזאָרגער אַזאַ קאָמעניצע, וואָס האָט זיך אַרויסגעזעצט אין מיטן מאַרק? פון פאַרן צום רבין איז ער אַזוי רייך געוואָרן ווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט ער געהאַלטן פאַר באַנקראָט?

און פון וועלכע מעשים־טובים האָט בעריש דער פּרנס אָפּגעקויפט די צוקער־פאַבריק? וואָס איז? הושענא רבה האָט זיך פאַר אים דער הימל געעפנט און אָנשטאָט אַ קוויטל זענען אים די פינף און זיבעציק טויזנט אַראָפּגעפאַלן?

נו, און ר' מרדכילע דער קהל־שרייבער? וואָס איז מיט אים געשען, וואָס אין „מיצקע דערינען" פּאָרט ער אין אַ פּאַיעטל און האָט זיך אויפגעשטעלט אַ מויערל, וואָס אויף אַלע זומפּעווקער יידן געזאָגט געוואָרן? פון וואַנען האָט ער עס גענומען די גראָצערס?

זומפּעווקער יידן האָבן דאָס אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין. אמת, זומפּעווקע האָט אַ גרויסן גאָט אין הימל און אַ לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, וואָס טאַקע פריער גאָט און דערנאָך די ניו־יאָרקער לאַנדסמאַנשאַפט העלפן דעם שטעטל: שיקן אויף פּסח און אויף סוכות און אויף סתם אַזוי אין די וואָכנטעג. אָבער זאָגן דאָך די זומפּעווקער קהל־פּאַרזאָרגער אַז פאַר די טאָלערס האָבן זיי אויפגעשטעלט אַ מקווה, וואָס זינט יידן גייען אין מקווה אַריין איז נאָך אַזאַ מקווה נישט געוועזן. און זיי האָבן אויפגעשטעלט, זאָגן זיי, אַ הקדש, אַז ס'איז אַ נחת צו זיין אַ מדינה־גייער און שלאָפן אין אַזאַ הקדש...

איי, זומפּעווקער יידן זאָגן, אַז איידער אַזאַ מקווה איז זיך גלייכער צו טובלען אין די שטעטלשע בלאָטעס; און אַז מדינה־גייער, וואָס שלאָפן

אין זומפּעווקער הקדש, ווערן נאָך שפּלער ווי זיי זענען, זאָגן זיי. מאַלע־וואָס זומפּעווקער לײַדיקגייער טראַכטן אַלץ אויס אויף זייערע פּאַרזאָרגער, וואָס פּריער גאָט און נאָך דעם זיי, האַלטן אָפּ דאָס שטעטל פון אונטערגאַנג.

אדרבה, שטעלט אײַך נאָר פאָר, וואָס עס וואָלט געשען מיט זומפּעווקע ווען אין איינעם אַ טאָג הייבן זיך אויף געצל דער גבאי און פּייוויש חיים משהס דער קהל־פּאַרזאָרגער און בעריש דער פּרנס און ר׳ מרדכילע דער קהל־שרייבער און פאַרן אַוועק פון שטעטל? עס וואָלט דאָך אפילו נישט געווען ווער עס זאָל אָפּנעמען און איבערלייענען די בריוו פון דער ניו־יאָרקער לאַנדס־מאַנשאַפט! און אויב אַזוי, וואָס זשע זענען גרויס אין די אויגן פון די זומפּעווקער קבצנים די מויערלעך מיט די גאַניקלעך, קאַרניזלעך און פאַרביקע שייבעלעך? וואָס שטייט זיי ווי אַ ביין אין האַלדז ר׳ בערישעס צוקער־פאַבריק און ר׳ מרדכילעס פּאַיעטל? זאָלן די זומפּעווקער קבצנים דאַנקען גאָט, וואָס דאָס שטעטל האָט וואָס צו ווייזן. אַז טאָמער קומט אַ לייטישער מענטש קיין זומפּעווקע זאָל ער נישט זען בלויז די שטרויענע דעכער מיט די אויס־געדאַרטע ציגן, נאָר זאָל ער אויך זען, אַז זומפּעווקע איז אַ שטאָט. וואָס ווערט זיך נישט פאַרשעמען אַנטקעגן סלוצק; און אַז זומפּעווקער באַלעבאַטים זענען נישט קיין בית־מדרש־זיצער, קיין באַנקקוועטשער, מען דאַרף זיי, הייסט עס. קיין פינגער אין מויל נישט אַרײַנלייגן, זיי קענען זיך זייער שטעטל באַשטיין. אַ יידיש מויערל מיט אַ גאַניקל, מיט קאַרניזלעך און פאַרביקע שייבלעך, אָדער אַ יידישע צוקער־פאַבריק, אַ יידישע פּאַיעטל איז דאָך אַ סגולה פאַר שידוכים פאַר גאַנץ זומפּעווקע. מען ווייסט טאַקע, אַז אין זומפּעווקע זענען פאַראַן, רחמנא ליצלן קבצנים אין זיבן פּאָלעס, וואָס מאַכן קידוש איבער אַ קאַרענעם פּלעצל, אָבער זאָגן אויף זומפּעווקע, אַז ס׳איז אַ קבצניש שטעטל קען מען נישט, וואָרום ווו זעט איר נאָך אַזעלכע ציגעלנע מויערלעך מיט גאַניקלעך און פאַרביקע שייבעלעך, אַ צוקער־פאַבריק און אַ פּאַיעטל, ווי אין זומפּעווקע?

איז זומפּעווקע פאַר דער וועלט געוואָרן אַ שם־דבר. אַן עיר ואם בישראל, וואָס מאַמעס אין אַנדערע שטעטלעך פּלעגן גלאָצן מיט די פרומע אויגן: אוי, זומפּעווקע! ס׳איז דאָך אַ שטעטל אַ נחת. אַ שידוך פון זומפּעווקע איז שוין סתם אַ פּאַרטיקער יחוס! און ערשט די וואַזשנע לייט פון זומפּעווקע! צי האָט דען די וועלט זינט מאַנטעפיאָרע און באַראָן ראָטשילד געזען אַזעלכע שיינע יידן ווי כדומה למשל, ר׳ געצל גבאי, צי ר׳ פּייוויש חיים משהס דער קהל־פאַרזאָרגער, צי דער סאַמאָראָדנער ר׳ בעריש דער פּרנס, אָדער אפילו ר׳ מרדכילע דער קהל־שרייבער? ניין, ניין. איר וועט מיר נישט גיין אײַנרעדן, אַ חוץ זומפּעווקע האָט נישט קיין שום יידישע קהילה אַזעלכע שיינע יידן!

נישט מער: זומפּעווקע אַליין איז געגאַנגען כּאַדאָראָם. קיין איין מנחה־מעריב איז נישט אָפּגעקומען אָן קלאַפּן אין בעלעמער און אָן געשרייען. זומפּעווקער קבצנים און אביונים האָבן געוואָלט וויסן פאַרוואָס וואַקסט ביי זיי דער דלות און ביי די פאַרזאָרגער פון קהל וואַקסט דער שווילטאָג, די

מויערלעך, די צוקער־פאַבריקן, די פאַיעטלעך, די וועלדער און — די בייכלעך. אַז זיי קענען גאָרנישט עסן די פאַסנע קאַרטאָפל און מאַכן קידוש איבער אַ קאָרענעם פלעצל, אָן צו וויסן וואָס עס טוט זיך ביי יענעם. סאַראַ פאַרשטאָכענע אויגן האָבן די קבצנים און אביונים! זיי וואָלטן רק אַריינגעקוקט אין פרעמדע טעפּ!

וואָלט אַלץ געווען גוט און שיין: די זומפּעווקער קבצנים און אביונים וואָלטן געקלאַפּט אין בעלעמער און זיך צעריסן דעם ספּאָדיק און די זומפּעווקער פאַרזאָרגער וואָלטן זיך נאָך מער פאַרזאָרגט, ווען נישט די אסיפות.

אַן אומגליק מיט אסיפות. אַזאַ ווילדע צייט אַרויסגעקומען אויף דער וועלט אַז כדי ר׳ געצל זאָל קענען זיין גבאי און ר׳ בעריש — פרנס, דאַרפן קבצנים און אביונים זיך צונויפקומען אין בית־המדרש און אויפהייבן די הענט. האָט איר געהערט אַזאַ משוגעת? איך, דער גאַנצער יאַ־טעבע־דאַם, דער פּרנס, דער גבאי, דער פאַרזאָרגער, וואָס שלאָפט נישט גאַנצע טעג און נעכט לטובת די קבצנים, בין גאָר אָפּהענגיק פון די קבצנישע הענט, וואָס אויב זיי וועלן זיך נישט אויפהייבן — וועל איך פאַלן...

ניין, ס׳איז גאָרנישט צו באַגרייפן. נישט אנדערש נאָר די וועלט איז, חלילה, אַראָפּ פון זינען!

זינען־אַהער זינען־אַהין — די קהל־פאַרזאָרגער האָבן געהאַט אומ־רואיקע חלומות, ווער ווייסט (אויב די גזירה מיט די קבצנישע הענט איז שוין יאָ דאָ) וואָס די קבצנים און אביונים פון זומפּעווקע קענען טון מיט זייערע הענט? זיי קענען, נישט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, בכלל זאָגן, אַז זיי הייבן נישט קיין הענט. אָדער זיי קענען, חלילה, אַזוי אויפהייבן די הענט, אַז עס זאָל פינצטער און חושך ווערן פאַר די אויגן. אָדער זיי קענען דיר זאָגן אַז אויב זיי וועלן שוין יאָ הייבן די הענט — וועלן זיי הייבן נישט פאַר די, וועלכע האָבן זיך אויפגעהויבן מויערלעך מיט פאַרביקע שייבעלעך, צוקער־פאַבריקן וועלדער און פולע קאַסעס, נאָר זיי וועלן הייבן פאַר אַנדערע, אַז געהויבן און געוואָרפן זאָלן ווערן שונאי ישראל!

און וואָס מער עס האָט זיך דערנענטערט די אסיפה, און די זומפּעווקער קבצנים און אביונים וועלן דאַרפן אויפהייבן די הענט, אַלץ אומרואיקער זענען געוואָרן די קהל־פאַרזאָרגער און אַלץ שווערערע חלומות האָבן זיי געהאַט. ביז ר׳ בעריש דעם פּרנס האָט שוין נישט געקלעקט קיין געדולד, ער איז אַוועק באַצייטנס צו מנחה־מעריב און אַ קלאַפּ געטון אין בעלעמער:

— רבותי! — האָט ער אויסגערופן — זאָלט איר וויסן זיין, אַז מען באַגנבעט און מען באַגזלט אייך. אויב איר ווילט וויסן פאַרוואָס איר האָט אַזאַ מקווה, אַז ס׳איז בעסער זיך צו טובלען אין די זומפּעווקער בלאָטעס, קוקט אויף דעם מויערל פון דעם פרומען גבאי. דאָס האָט ער אין זיינע גאַניקלעך און קאַרניזלעך אַריינגעלייגט אייער מקווה. און טאָמער ווילט איר וויסן פאַר־וואָס דאָס שטעטל מאַכט קידוש איבער אַ קאָרענעם פלעצל, קוקט זיך צו צו ר׳

פּייווישעס קאַמעניצע אויפן מיטן מאַרק. דאָרט אין פונדאַמענט האָט ער אַריינ־געגאָסן אייער קידוש־ווייַן. איך וועל זיי, די פּושעי ישראל, לאָזן שליסן אין קייטן און זיי איבערגעבן צו קאַזנאַ, אַז זיי זאָלן פאַרגעסן ווי עס שרייבט זיך ויתרוצצו. און אין דעם זכות, יידן, זאָלט איר אָפּהיטן אייער כבוד, און אַז עס וועט קומען די צייט זאָלט איר הייבן אייערע הענט פאַר מייַנעטוועגן, וואָס פריער גאָט דערנאָך איך, וויל אייך באַפרייען פון די מאָשעניקעס, סמאַראָ־וואָזשניקעס, קראַדניקעס וכדומה, אמן סלה.

איז אין בית־המדרש געוואָרן טומלדיק און היימלעך, יידן האָבן זיך געריבן די הענט פון נחת: טאַקע גאָלדענע ווערטער, אמת ויציב. די געצלס און פּייווישעס דאַרף מען שליסן אין קייטן און פאַרשיקן אויף סיביר. און דער עולם איז געווען צופרידן: ענדלעך וועט עס נעמען אַ סוף צו די גניבות און גזילות, צו די ציגלנע מויערלעך מיט די גאַניקלעך און פאַרביקע שייבעלעך אויפן חשבון פון קהל. זומפּעווקע וועט ענדלעך געהאָלפן ווערן.

איז ר' בעריש אַהיימגעגאַנגען גאַוואַדיק און אויפגעלייגט: ווער ס'איז שיין און איך בין ביידע — אי שיין און אי קלוג. איך בין דאָ פאַרלאָפן דעם וועג. איך וועל פון דעם געצלען און פּייווישן מאַכן אַש און בלאָטע, וועלן די קבצנים און אביונים פאַרגעסן אין מיר, אין מיין צוקער־פאַבריק, אין מיינע וועלדער און איז מיין מויערל און אויפהייבן פאַר מיר די הענט, מיך אַריינ־צוטראָגן אין קהל־שטיבל.

איז ר' בעריש אַהיימגעקומען, ווי עס קומט אַהיים אַ גענעראַל פון אַ געוווּנענער מלחמה:

— הערסט, שיינדל־ברכה, דו האָסט אַ מאַן, דאָרפסטו אים וועגן מיט גאָלד צו גלייך. איך האָב איצט באַגראָבן געצלען און פּייווישן, אַז אפילו דער ראש חברה־קדישא אַליין וועט זיי נישט קענען אויסגראָבן. זיי וועלן ביי מיר גיין אין קייטן, די גנבים, די מערזאָווצעס וואָס לאָ־די איך האָב זיי געלאָזט גנבענען, זענען זיי מיר נאָך געקראָכן אויפן קאָפּ, כאָטש גיב זיי אָוועק די פרנס־שטול.

— בעריש־לעבן — זאָגט שיינדל־ברכה — איך ווייס וואָס פאַר אַ מאַן איך האָב. הלוואי אויף אַלע יידישע טעכטער נישט ערגער; און בעסער האָט קייז שיעור נישט. אָבער זאָג מיר, בעריש־לעבן, דו האָסט דאָך מער געגנבעט פון זיי, קענען זיי דאָך טון מיט דיר דאָס זעלבע, וואָס דו ווילסט טון מיט זיי...

— איי, ביסט אַ יידינע אַ תם — גלעט זיך ר' בעריש איבער דער באָרד — איך האָב די חתימה פון קהל און ווער עס האַלט דעם „פּעטשאַט" אין דער האַנט דער לאַכט פון דער וועלט. אדרבה, וועמען וועט גלייבן דער קיסר: אַ „דאַנאָס" מיט אַ „פּעטשאַט" אָדער אַ „דאַנאָס" אָן אַ „פּעטשאַט"? און אַז איך האַלט דעם „פּעטשאַט" אין דער האַנט, וועלן זיי שוין ביי מיר גיין גרעסערע גנבים און מערזאָווצעס און גיין אין קייטן. און דו ווייסט וואָס

די וועלט זאָגט: ווען מען פירט איינעם אין קייטן, דאַכט זיך לייטן, אַז מען פירט דעם לעצטן גנב און דערווייל קענען אַנדערע גנבים אויסליידיקן די שטאַרקסטע קאַסעס...

צוליב וואָס האָב איך דערציילט די מעשה וועגן זומפּעוווקע? גלאַט אַזוי זיך, ווייל ס׳איז ערב שבת; און ערב שבת האָב איך ליב אַ ביסל פּאַלקלאָר פונעם אַלטן שטייגער, וואָס איז תּמיד ניי, ווי פון דער נאָדל אַראָפּ...

28טער מאַי 1954

# עקאָנאָמיע איז נישט קיין וויסנשאַפט

דער געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון האָט אַמאָל פון דער כנסת־טריבונע געהאַט דערקלערט, אַז עקאָנאָמיע איז נישט קיין וויסנשאַפט.

איך האָב נישט געהערט, צי נאָך אָט דער אויטאָריטאַטיווער פעסטשטעלונג, זאָל זיך האָבן אויף דער וועלט געשלאָסן כאָטש איין היכשול פאַר עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן. ווייזט אויס, אַז צו די גויאישע „גראָבע קעפּ" איז נאָך נישט דערגאַנגען דער אמת פון ירושלים, אַז עקאָנאָמיע איז נישט קיין וויסנשאַפט און זיי, די גויים, שטודירן נאָך עקאָנאָמיע, לערנען נאָך, און זיי ווייסן, נעבעך, נישט, אַז עס איז גישטאָ וואָס צו שטודירן, אַז זייער גאַנצע מי איז אַרויסגעוואָרפן...

עס איז די געשיכטע ווי מיט יענער פעסטשטעלונג, אַז עס איז איבערהויפּט נישט פאַראַן קיין פּולס; און אַ וועלט מיט דאָקטוירים זענען אַזעלכע קאָנסערוואַטיסטן און זיי זענען אַזוי פאַרבלענדט פון אַלטע געוווינהייטן, אַז זיי טאַפּן נאָך דעם פּולס, הגם עס איז לא דובים ולא יער, ס'איז נישטאָ וואָס צו טאַפּן...

אָבער דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן וועגן גויאישע פאַרשטאָפּטע קעפּ, וואָס האָבן נישט קיין זין פאַר רעוואָלוציאָנערע אַנטדעקונגען, פאַר עפּאָכעמאַכנדיקע וויזיאָנערישע אויסגעפינעכצן. דערפאַר זענען אונדזערע אייגענע עקאָנאָמיסטן, בראש מיט אונדזער פינאַנץ־מיניסטער, גאָט־געבענטשטע „סטודענטן", וואָס עס איז גענוג געווען די רעוואָלוציאָנערע אַקסיאָמע, אַז עקאָנאָמיע איז נישט קיין וויסנשאַפט — זיי זאָלן גלייך איבערגיין צו דער אַנטי־וויסנשאַפט פון דער עקאָנאָמיע און זיי זאָלן מאַכן אַזעלכע עקאָנאָמישע גימנאַסטיקס, וואָס קיין שום גוי איז נישט ביכולת צו באַנעמען, אפילו ווען ער זאָל זיך שטעלן אויפן קאָפּ.

די גויים, מישטיינס געזאָגט, מיט זייערע כלומרשטע וויסנשאַפטלעכע עקאָנאָמיקס, ווייסן איין זאַך: ווען מען מאַכט אַ מדינה־בודזשעט, איז עלעהיי דאָס געזעץ פון גלייכגעוויכט: אויב דו ווילסט איין זייט זאָל נישט זיין צו פיל אויפגעהויבן און די צווייטע זייט, פאַרקערט, צו פיל אַראָפּגעלאָזט — מוז מען באַלאַנסירן. אַזוי, אַ שטייגער, ווען מען זעצט זיך אַוועק בודזשעטעווען, רעכנט מען אויס געגוי, וואָס פאַראַ הכנסות איך וועל האָבן און לויט די הכנסות מאַכט מען די הוצאות. אַנדערש קומט אויס ווי מיט יענעם שניידער, וואָס נישט

אויסמעסטנדיק וויפל סחורה דער קליענט האָט אים געגעבן — רעדט ער צו דעם קליענט ער זאָל זיך נישט אַנדערש, נאָר לאָזן מאַכן אַ דרייפּערטלדיקע קאַפּאָטע מיט ברייטע פּלודערן און צוויי קאַמזוילן. ערשט ווען ער הייבט אָן שניידן, ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן; מילא, וועגן קאַמזוילן איז שוין אָפּגערעדט, אָבער פון וואַנען נעמט מען סחורה אויף אַ דריי־פּערטלדיקער קאַפּאָטע מיט ברייטע פּלודערן, אַז סך־הכל וועט אויסער שמאָלע פּלודערן אים בלייבן סחורה בלויז אויף אַ פּידזשאַק. אָבער אַזוי ווי ער, דער מייסטער, האָט דאָך צוגערעדט דעם קליענט צו אַ דריי־פּערטלדיקע קאַפּאָטע מיט צוויי קאַמזוילן — דאַרף מען האַלטן וואָרט... און ער האַלט וואָרט: ער נייט־אויף אַזוי ווי ער האָט געזאָגט. אָבער ווען דאָס באַשטעלעכץ איז פאַרטיק און מען דאַרף דעם קליענט אָנטון, ווייזט זיך אַרויס, אַז מען דאַרף אים, דעם קליענט, אַריינשטופּן אין די הויזן און די קאַפּאָטע דאַרף מען אויף אים אַרויפציען ווען ער האַלט די הענט אין דער הייך. און די הענט טאָר מען נישט אַראָפּלאָזן, ווייל עס קען, חלילה, אָנהייבן פּלאַצן אין די נעט, אַז עס זאָל קיין שריד ופליט נישט בלייבן.

שטייט אַזוי דער קליענט מיט איינגעפּרעסטע פיס, אַז ער קען די קני נישט אויסבויגן, און מיט אויפגעהויבענע הענט, אַזש די געלענקען פאַרחלשן אים, אָבער דער שניידער־מייסטער קוועלט פון זיך:

— איר זעט — זאָגט ער — נאָר אַזאַ מייסטער ווי איך האָב געקענט פון אַזאַ שטיקל סחורה אַרויסבאַקומען סיי אַ דריי־פּערטלדיקע קאַפּאָטע און סיי אַ פּאָר פּלודערן און דערצו נאָך צוויי קאַמזוילן.

— יאָ — שרייט דער קליענט — איר האָט טאַקע אַלץ געמאַכט ווי איר האָט זיך אונטערגענומען, אָבער איך פּלאַץ דאָך!

— דאָס איז בלאָטע — באַרואיקט אים דער מייסטער — דער עיקר איז האַלטן וואָרט.

און אויך אונדזער מייסטער, וואָס האָט אויפגענייט דעם בודזשעט האָט געהאַלטן וואָרט. ביים צושניידן דעם בודזשעט האָט מען אים אפילו געוואָרנט, אַז עס וועט נישט גיין, עס וועט נישט אויסהאַלטן די מאָס. אָבער היות די, וואָס האָבן אים געוואָרנט, זענען, נעבעך, געשלאָגן מיט דעם קאָנסערוואַטיווּ־רעאַקציאָנערן פאַראורטייל אַז עקאָנאָמיע איז וויסנשאַפט, האָט אונדזער פינאַנץ־מיניסטער זיך אויסגעלאַכט פון זיי.

איצט אָבער, ווען ער האָט אָנגעהויבן דעם בודזשעט אַרויפציען אויפן קליענט — איז אָך און וויי. עס איז טאַקע לויט דער לעצטער מאָדע, נישט־וויסנשאַפטלעך, אָבער עס זעט־אויס, אַז דער קליענט וועט, חלילה, קראַפּירן. נישט די הענט אַראָפּצולאָזן און נישט די פיס איינצובייגן און דער בויך איז איינגעצויגן, כאָטש נעם און פּלאַץ.

— וואָס האָט איר געוואָלט פון אונדז, ר׳ אשכול? וואָס זענען מיר שולדיק, אַז עקאָנאָמיע איז נישט קיין וויסנשאַפט? צי דאַרפן מיר דערפאַר

האלטן איינגעצויגן דעם בויך, נישט צו קענען כאפן דעם אטעם און האלטן אויסגעצויגן די פיס, אזש עס פארקלעמט דאס הארץ?

— בלאטע — ענטפערט דער מייסטער — האלטן איינגעצויגן דעם בויך איז א סגולה, דער מאגנזאפט זאל נישט צופיל ארומבריקעווען אין מאגן און אייך מאכן אן אפעטיט צום עסן. און וואס שייך די פיס, איז נישט קיין אומגליק, אז איר וועט ביי מיר אויסציען די פיס...

דער עולם, דער קליענט, הייסט עס, פון דעם צוגעמייסטערטן בודזשעט, שרייט געוואלד: דער יקרות צעפלאקערט זיך ווידער. אט פאדערן שוין די אויטאבוסן א העכערונג, די „שרותן" האבן שוין געהעכערט די פרייזן, די בעקערס ווילן שוין אויך עפעס מער, פאר צעמענט מאנט שוין די פאבריק א העכערונג. און דאס איז בלויז א „פריילעכער" אנהייב. דאס רעדל הייבט זיך איצט אן דרייען, און ר' אשכול וועט עס גאך, מערטשעם, ארויפדרייען העכער צום טעגלעכן ברויט, צום ביסל צוקער און צו אלע אנדערע סובסידירטע סחורות.

און אז דאס רעדל דרייט זיך ארויף, וועט זיך אויך ארויפדרייען דער תוספת־יוקר און...

זעט איר: דא בלייבט מען שטיין. ביים תוספת־יוקר איז ר' אשכול נישט אזוי ברייטהארציק ווי ביים נאפט, וואס מען קויפט פאר די דייטשע צאלונגען און וואס האט, וואס אן אמת, דעם יידישן פאלק געקאסט זעקס מיליאן יידן און דער רעגירונג קאסט ער קיין שיבוש נישט. בנוגע דעם תוספת־יוקר איז דער סאציאליסטישער פינאנץ־מיניסטער איינגעהאלטענער ווי ביים אב־מאכן א יקרות. אז נאפט דארף קאסטן טייערער — איז פארשטענדלעך; אז די סובסידיעס דארף מען צוריקציען — איז אוודאי פארשטענדלעך. און אז פון דעם וועט דער יקרות ווערן גרויס — איז דאך נאטירלעך. נישט־נאטירלעך און נישט־פארשטענדלעך איז בלויז דער תוספת־יוקר.

פונדעסטוועגן איז אונדזער פינאנץ־מיניסטער גארנישט אזא אכזר, ווי מען וואלט געקענט מיינען. ער האט ביים אנמאכן דעם יקרות געדענקט, אז דעם ארבעטער וועט מען מוזן דערלייגן צום לוין, כאטשבי אין דער הויך ווי מען וועט צומייסטערעווען דעם אינדעקס. אבער אזוי ווי פון איילעניש קומט קיין שום גוטס נישט ארויס, וועט מען זיך מיט דעם תוספת־יוקר נישט איילן. עס הייסט, דער אינדעקס וועט זיין אן אינדעקס, דער תוספת־יוקר וועט זיין א תוספת־יוקר, אבער וואס שייך דאס אויסצאלן דעם תוספת־יוקר — קומט ער מיט א „סאציאליסטישן" פארשלאג, אז דעם תוספת־יוקר זאל ער אויסצאלן אין אבליגאציעס, וואס זאלן זיין צאלפעאיק אין — זיבן יאר ארום, מסתמא אנטקעגן די זיבן מאגערע קי, וואס וועלן אין זיבעטן יאר ווערן פעטע און די ארבעטער וועלן פאר די אבליגאציעס קענען קויפן א בולקע מיט פוטער.

אדרבה, זאל איצט עמעצער קומען און זאגן, אז אונדזער סאציאליסטישער פינאנץ־מיניסטער זארגט נישט פאר דער צוקונפט פון דעם ארבעטער־קלאס.

נאָר דער פּראָיעקט מיט די זיבן־יעריקע אָבליגאַציעס פאַרן תוספת־יוקר צוליבן אַקטועלן יקרות, דערמאָנט אין דער מעשה מיט די שטר׳ן אויף עולם־הבא:

יידן זענען אַמאָל געקומען צו לויפן אין דער קהילה פון אַ שטעטל מיט אַ טענה צו די גבאים:

— היתכן? איר לייגט אַרויף אַזאַ טאַקסע, אַז מיר מוזן פאַרזעצן די לייכטערס מיט די קידוש־בעכערס און פאַר די קינדער האָבן מיר נישט קיין ברעקל ברויט.

זענען זיך די גבאים צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה און געזען, אַז עס איז טאַקע נישט קיין יושר אַזוי צו קוועלן יידן, האָבן זיי געטראַכט אַהין און אַהער ווי אַזוי צו העלפן די אָרעמע יידן, נעבעך, וואָס קרעכצן אונטער דער טאַקסע און זיי האָבן באַשלאָסן, אַז לא זו הדרך, מען קען דאָך ביי קהל נישט צונעמען אַלץ און מען מוז דאָך די יידן אויך עפּעס געבן. האָבן די גבאים אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז כנגד דעם סכום פון דער טאַקסע זאָל מען יעדן ייד אַרויס געבן אַ שטר אויף — עולם הבא, און זאָלן יידן וויסן וואָס פאַר אַ ברייטהאַרציקע גבאים זיי האָבן!

זעט איר, גויים וועלן דאָס נישט פאַרשטיין. זיי, די גויים, האָבן זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ אַריין וויסנשאַפט־שמיסנשאַפט און דרייען אַ ספּאָדיק מיט אַ רעאַל־באַלאַנסירטן בודזשעט, בעת מיר יידן לאַכן פון די זאַכן. נישטאָ קיין וויסנשאַפט, קיין פּולס, אָדער אַנדערע ענלעכע זאַכן. דערפאַר לעבן מיר רעאַליסטיש: אַביסל וויזיע, אַ ברעקל מוט און אַ פּאַרציע עולם־הבא — און אונדזער פינאַנץ־מיניסטער וועט דעקן זיין וויזיאָנערישן בודזשעט.

4טער יוני 1954

## אַ טייער געלעכטער

ווען די געשיכטע מיטן איבערפירן דעם ירקון אין נגב וואָלט נישט געווען אַזאַ ערנסטע, וואָלט זי געקענט דינען פאַר אַ גוטן סקעטש אין אַ רעווי־טעאַטער און דער עולם וואָלט געהאַט אַ הנאה. אָבער גיי און לאַך פון אייגענע צרות.

דאַכט זיך: וואָס קען זיין בעסער ווי וואַסער פאַרן נגב? וועלכער ייד אין ישראל וועט נישט צושטימען צו אַ פּלאַן וואָס זעט־פאָר וואַסער פאַרן נגב? איז אָבער די מעשה וואָס ביי אונדז ווערן די סאַמע ערנסטע ענינים דערפירט ביז קאָמיזם און עס בלייבט נישט מער ווי צו לאַכן מיט יאַשטשערקעס.

איך וואָלט אפילו געזאָגט, אַז דאָס טייערסטע אַרטיקל איז ביי אונדז געלעכטער. אונטער יעדן אַקטועלן וויץ און אַנעקדאָט ליגן מיליאָנען. און דאָס אַנעקדאָטישע פון דעם ירקון־וואַסער האָט אונדז שוין אָפּגעקאָסט אַ פאַר־מעגן מיט געלט און וועט אונדז נאָך קאָסטן; און ווער ווייסט, צי דער קראַנקער וועט נישט שטאַרבן נאָך דעם ווי די אָפּעראַציע איז ערשטקלאַסיק געלונגען...

די ירקון־מעשה דערמאָנט מיך שטאַרק דאָס באַרימטע בגדל אויף פסח. אויב איר געדענקט נאָך דעם אַמאָליקן שטייגער ביי יידן, געדענקט איר, אַז לכבוד פסח פלעגט מען פאַר קינדער נייען נייע בגדימלעך.

האָט געטראָפן אַ געשיכטע: אַ ייד האָט געקויפט פאַר זיין בחורל שטאָף אויף אַ בגדל און איז מיטן בחורל אַוועק צום שניידער. האָט דער שניידער אַ קוק געטאָן אויפן שטאָף און אויפן בחורל און זיך איינס און צוויי גענומען צו דער שער.

זאָגט דער ייד צום שניידער:

— וואָס עפּעס נעמט איר זיך שוין צו דער שער? פריער מעסט־אויס די סחורה און דערנאָך נעמט אַ מאָס פון בחורל.

צעלאַכט זיך דער שניידער:

— איר גייט מיך לערנען, וואָס איך האָב צו טאָן? שטאָף זע איך, איז פאַראַן, ס׳בחורל איז, געלויבט השם יתברך, אויך דאָ, און אויף פסח דאַרף ער אַ בגדל, איז וואָס איז פאַראַן וואָס זיך צו פאַרטראַכטן?

און אַזוי ווי די אידייע האָט אויסגעזען זייער שיין, האָט דער שניידער אַ פאָר געטאָן מיט אַן אויסגעצויגענעם שפּאַן איבער די פלייצקעס פון דעם בחורל — אין דער לענג און אין דער ברייט — און שוין, ער ווייסט שוין אַלץ און ער צעפאָרט זיך מיט דער שער איבערן שטאָף, ווי מיט אַ שליטן איבערן שניי.

אויפגעענייט דאָס בגדל, קומט דער פּאַטער מיטן בחורל צום שניידער, דער שניידער ציט אַרויף דאָס בגדל אויפן בחורל און זינגט זיך אונטער:

ווינט ר׳ צדוק אין קעלער —
לאָמיר זען דעם פעלער.

דאָס זינגט זיך אונטער דער שניידער וועגן פעלער, כדי אָפּצוחוזקן פון דעם ייד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין פאַרטרויען צו אים און אָט וועט ער אים דאָ ווייזן, וואָס פאַראַ מייסטער ער איז.

אַרויפגעצויגן דאָס בגדל אויפן בחורל, ווערט דער ייד בלייך און דער שניידער הייבט זיך אָן קראַצן אין דער פּאַטילניצע, אַז דאָס לידעלע בלייבט אים שטעקן אין האַלדז און בייט דעם טעקסט פון לידל:

ווינט ר׳ צדוק אין קעלער —
ס׳איז טאַקע דאָ אַ פעלער...

ס׳הייסט דאָס בגדל איז טאַקע אַ בגדל, הלוואי אויף אַלע בגדימלעך געזאָגט געוואָרן! נישט מער, דאָס סטאַנדל איז אַ ביסל פאַרקירצט. דערפאַר זענען די אַרבל צו לאַנג. איי, איין פּאָלע איז קירצער — איז דערפאַר פאַראַן אַ מעלה וואָס די צווייטע פּאָלע איז לענגער; און ס׳וועט זיין פון וואָס צו שניידן...

איז דער שניידער שטאַרק צופרידן, וואָס ער האָט כאָטש אָפּגעראַטעוועט איין פּאָלע און ער זינגט זיך אונטער:

ווינט ר׳ צדוק אין קעלער —
מען קען פאַרריכטן דעם פעלער.

כאַפּט דער שניידער די שער און אָט גייט ער שוין קירצן די אַרבל, פאַרלענגערן דאָס סטאַנדל און אָפּהאַקן איין פּאָלע. וואָס איז? עס שפּילט ביי אים אַ ראָל, ווי ביי לאָפּשינען אַ שוועבעלע. נאָר היות עס איז שוין ערב פּסח און דער שניידער וועט זיין פאַרנומען מיט אַריינברענגען דעם פּסח אין שטוב אַריין — וועט ער דעם פעלער פאַרריכטן חול־המועד און ערב שבועות, אם ירצה השם, וועט דאָס בחורל זיין אויסגעפּוצט כיד המלך —

ווינט ר׳ צדוק אין קעלער —
ס׳וועט זיין דער לעצטער פעלער...

ווערט דאָס בחורל גרין און געל: אויסגעוויינט ביים אָרעמען טאַטן אַ בגדל אויף פּסח, דער שטאָף איז געווען, דער שניידער לעבט, געשניטן און גענייט — און אויף פּסח בלייבט ער אָן אַ בגדל. דער איינציקער צופרידענער איז דער שניידער, וואָס האָט געפונען דעם פעלער...

אָט אַזוי איז עס:

אַ נגב וואָס דאַרף וואַסער איז פאַראַן. אַ ירקון, וואָס האָט וואַסער איז אויך פאַראַן. אַ פאַבריק פון וואַסער־רערן, וואָס דאַרף האָבן פרנסה, איז אויך פאַראַן — טאָ וואָס זשע איז דאָ וואָס זיך צו פאַרטראַכטן? שטעלט מען זיך

אָוועק האַקן און שניידן, לייגן רערן, מען גרייט דאָס ירקון־בגדל פאַרן נגב־בחורל אויף פסח; אַ שניט אַהער און אַ שניט אַהין און אָט־אָט איז דאָס בגדל פאַרטיק. אָבער אַז מען האָט שוין אַריינגעבראַקט דעם מלכס אוצר און מען גרייט זיך שוין אַריינלאָזן דאָס וואַסער אין „יובל גד״־רערן איז —

וווינט ר׳ צדוק אין קעלער —

ס׳איז טאַקע דאָ אַ פעלער.

אין קלייניקייט: אין דער היץ פון שניידן און נייען האָבן די שניידער פון „מקורות״ פאַרגעסן, אַז ס׳איז דאָ אַ תל־אביב אויף דער וועלט און אַז תל־אביב האָט אַ טבע אַ טייל פון די קאַנאַליזאַציע־וואַסערן אַריינצולאָזן אין דעם פּלוס פון ירקון. און אויב מען וועט דעם פלוס פון ירקון אָפּלענקען אין די רערן צום נגב, וועט דער ירקון ווערן אַ צואה־קאַנאַל, וואָס וועט פאַרשפּרייטן די ריכטיקע ריחות און די תל־אביבער איינוווינער וועלן האָבן דאָס אמתע „שמע־קעווריקע״ לעבן, וואָס צוזאַמען מיט די בערג מיסט אַרום דער שטאָט, וועט דאָס זיין די גרעסטע „פאַרפומען־סימפּאָניע״ זינט צוויי טויזנט יאָר...

אַ חוץ אָט די „דאַטשע־לופט״ פאַר תל־אביב, וועט אויך די „רידינג־סטאַציע״ בלייבן ווי אַ וואָגן מיט אַן אויסגעשפּאַנט פערד. אַנשטאָט וואָס זי קילט ביז איצט מיט דעם זיסן וואַסער פון ירקון, וועט זי דאַרפן אָנקומען צום זאַלצוואַסער פון ים, וואָס רייניקן דאָס וואַסער פון זאַלץ וועט פאַרטייערן די עקספּלאָאַטאַציע און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער, ביז עס וועלן ווידער גע־העכערט ווערן די פּרייזן פאַר עלעקטריע. נישקשה, פאַרן נחת פון אויסשמעקן די ריחות פון דער ירקון־קאַנאַליזאַציע, זענען די תל־אביבער נישט קראַנק צו צאָלן טייערער פאַר עלעקטריע.

אַז מען האָט שוין אויסגעפונען „ווו עס שטעקט דער פעלער״, האָבן זיך די שטאָט־טאַטעס צעשריגן צו די „מקורות״־שניידער:

— וואָס הייסט איר האָט זיך געמאַכט אַ פּלאַן צוצונעמען די וואַסערן פון ירקון, אַז מיר זאָלן בלייבן מיט דעם עיפּוש?

ענטפערן די „מקורות״־שניידער:

— מיר האָבן געשניטן גוט. נישט מער צוליב דער הויקער־ווירטשאַפט פון תל־אביבער שטאָטראַט, וואָס האָט באַצייטנס נישט פאַרענדיקט דאָס שטאָטישע קאַנאַליזאַציע־ווערק, איז דאָס בגדל אַרויס מיט אַ פעלער. און אויב דאָס אָפּלענקען די וואַסערן פון ירקון צום נגב וועט פאַרסמען די לופט פון תל־אביב, זענען נישט מיר שולדיק, נאָר שולדיק איז דער הויקער.

ווי דער שטייגער ביי אונדז, איז פון דעם „בגדל אויף פסח״ אַרויסגע־קומען — פּאָליטיק: די שניידער־פּאָליטיק פון די תל־אביבער שטאָט־טאַטעס. און אַז פּאָליטיק — זידלט מען זיך. און אַז מען זידלט זיך, דערוויסן זיך די שכנים, וואָס עס טוט זיך ביי די, וואָס זידלען זיך. שרייען די תל־אביבער שטאָט־טאַטעס, אַז די גאַנצע מעשה מיטן אַריבערפירן דעם ירקון צום נגב איז אַזוי נייטיק ווי ס׳איז נייטיק אַ לאָך אין קאָפּ. ווען נישט די אנשי

שלומינו־פאַבריק פון רערן אין „יובל־גד״, וואַלט בכלל דער גאַנצער ענין נישט געווען. וואָרום, טענהן זיי, דאָס איבערפירן דאָס וואַסער פון ירקון צום נגב וועט זיין פאַרבונדן מיט אַזעלכע הוצאות, אַז עס וועט בעסער לוינען צו פירן דאָס וואַסער אין עמערס פון אויסלאַנד... און צו דער זעלבער צייט, זאָגן זיי, איז אין נגב פאַראַן אַזוי פיל גרונט־וואַסער, אַז ווען מען זאָל בויערן ברונעמס, קען מען פאַרפלייצן מיט ביליק וואַסער. האָבן זיך די יידן צעטיילט אויף צוויי מחנות: אַ „יובל־גד״־„מקורות״־הסתדרות־מחנה און אַ בירגערלעכע מחנה.

ענטפערט די „יובל־גד״־„מקורות״־הסתדרות־מחנה:

— די תל־אביבער בורזשואַזיע איז אַ שונא פון נגב, זי וויל נישט די אַנטוויקלונג פון נגב. די תל־אביבער בורזשואַזיע איז אַ שונא פון דער מדינה. זי סאַבאָטירט די אַנטוויקלונג פון לאַנד און דעריבער האָט זי אָפּגעשלעפּט מיטן אויסבויען דאָס קאַנאַליזאַציע־ווערק אין תל־אביב גופא. און אויב אַזוי דאַרף מען זיי הערן ווי אין טראַק און אַוועקנעמען דאָס וואַסער פון ירקון. איי, דער צואה־זומפּ, וואָס וועט זיך שאַפן אין געלעגער פון ירקון — גייט דאָס אונדז אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

און ווי דער שטייגער ביי אונדז, ווען צוויי פּאָליטישע צדדים קריגן זיך ביי אונדז וועגן אידעאַליזם, שווימט אַרויס — פאַרשווענדונג. זענען געקומען זייטיקע אינזשיניערן און געמאַכט אַ חשבון, אַז אפילו וועןביידע צדדים זענען גערעכט: דער צד פון נגב און דער צד פון תל־אביב — איז דאָס אויסבויען דעם קאַנאַל פון ירקון צום נגב אַ לוקסוס־ווערק, אויף וועלכן אפילו אַזאַ רייך לאַנד ווי אַמעריקע טאָר זיך נישט דערלויבן; און אַז חוץ אַנטוויקלונגס־מאָטיוון האָבן ביים גאַנצן ענין געווירקט אויך „אַנדערע״ מאָטיוון, וואָס אַז דער רבונו־של־עולם וועט אונדז מזכה זיין מיט געזונט, וועלן מיר נאָך פיל הערן וועגן אינטערעסאַנטע זאַכן און עס וועט נאָך זיין וועגן וואָס צו דערציילן אַנעקדאָטן און אויך לאַכן.

דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס אונדזער געלעכטער קאָסט אונדז מיליאָנען. דאָס איז דאָס טייערסטע געלעכטער אין דער וועלט — אַ געלעכטער מיט געלט און יאַשטשערקעס.

אָט צו אַזאַ „לוקסוס״־הומאָר איז דאָס פאָלק פון הומאָר נישט געוווינט, אפילו ווען מען האָט „אויסגעפונען דעם פעלער״...

3טער סעפּטעמבער 1954

# אַ מעשה מיט אַ דאַך

ווען אונדזערע רעגירונגס־לייט וואָלטן נישט געהאַט אַזאַ ביטול־באַציאונג צו די ווערטן פון גלות, וואָלטן זיי געדאַרפט אין סאַמע צענטער פון דער קריה אין ירושלים אויפשטעלן אַ דענקמאָל פאַר דעם פּאַבלדיקן כעלעם און אין סאַמע פראָנט פון דענקמאָל איינמויערן אַ גרויסן שפּיגל. און יעדעס מאָל ווען אונדזערע געניאַלע אויפטוער פאַלט־איין אַ גראַנדיעזער פּלאַן, וואָלטן זיי געדאַרפט צוגיין צום כעלעמער דענקמאָל און זיך איינשפּיגלען. ערשטנס, וואָלט זיי אַזאַ דענקמאָל דערמאָנט, אַז זיי אַנטדעקן נישט כעלעם דאָס ערשטע מאָל זינט צוויי טויזנט יאָר. און צווייטנס, וואָלטן זיי אין שפּיגל געזען, אַז כעלעמיאַנער זענען נישט קיין לעגענדע...

אָט ווערט דערציילט אַ מעשה, ווי איין מאָל איז דער דיין פון כעלעם געקומען צו פאָרן פון לובלין און גלייך פון דער בויד איז ער אַריין אין קהל־שטוב און אַ קלאַפּ געטון אין טיש:

— רבותי — האָט ער אויסגערופן — מיר דאַרפן זיך שעמען אין וויטן האַלדז אַריין. שוין זאָל מען אַרויסרופן קינד און קייט זיי זאָלן זיך שטעלן בויען! וואָרום ווען נישט, וועלן מיר זיך נישט קענען ווייזן פאַר דער וועלט!

— וואָס אַזוינס זאָלן מיר בויען און פאַרוואָס וועלן מיר זיך נישט קענען ווייזן פאַר דער וועלט? — האָבן די פּרנסים געפרעגט.

— די מקווה, רבותי. איך האָב אין לובלין געזען אַ מקווה, וואָס איז אַזוינס און אַזעלכעס, מיט טרעפּלעך און גאַניקלעך, מיט שייבלעך און פאָכענדיקע טירן, וואָס איז אַ חרפּה, אַז מיר, כעלעמער, זאָלן אַזאַ מקווה נישט האָבן. וואָרום טאָמער פאַרבלאָנדזשעט צו אונדז אַ לובלינער, וועט ער אונדזער קהל אויסלאַכן, רחמנא ליצלן, און באַרעדן אין דער וועלט. דעריבער זאָלן מיר שוין רופן די שטאָט זי זאָל גלייך נעמען לאָפּאַטעס און שיסלען און זיך שטעלן בויען.

האָבן די פּרנסים זיך פאַרטראַכט: די מעשה לייגט זיך אויפן שכל. פאַרוואָס זאָל טאַקע כעלעם אָפּשטיין פון לובלין? און טאָמער פאַלט טאַקע אַריין אַ לובלינער קיין כעלעם — וועט ער דאָך לאַכן אין די פויסטן.

האָט מען אַרויסגעשיקט אין גאַס אַריין דעם אַלטן שמש ער זאָל קלאַפּן אויף טרעוואָגע, אַז אין דער אותו רגע זאָל קינד און קייט כאַפּן — ווער אַ לאָפּאַטע און ווער אַ שיסל און קנעטן ליים, מאַכן ציגל און גלייך זיך שטעלן בויען.

און אַז מען קלאַפּט אויף טרעוואָגע און די פּרנסים הייסן קנעטן ליים און מאַכן ציגל און זיך שטעלן בויען, וועלן דאָך כעלעמער נישט פרעגן קיין קשיות — איז אַוועק אַן ארבעט, וואָס זינט כעלעם איז כעלעם האָט עס נאָך אַזוינס נישט געזען. אין אַ טאָג מיט אַ נאַכט זענען שוין געווען אויפגעשטעלט ווענט, ווי פאַר אַ פעסטונג; און שליחים זענען אַוועק אין קהל־שטיבל אָנזאָגן די בשורה: די מויערן זענען פאַרטיק.

דערהערט אַזאַ מעשה, זענען די פּרנסים אַריינגעפאַלן אין התפּעלות:

— אָר־וואָ! פאַרטיק שוין? אין דער אותו רגע זאָל מען אָנגיסן וואַסער!

— וויפל וואַסער? — פרעגן די שליחים.

— ביז אין דער העלפט; אַז טאָמער קומט אַ לובלינער זאָל ער דער־טרונקען ווערן און זען, אַז זיין שטאָט איז נישט דאָס אייבערשטע פון שטויסל.

האָט מען ווידער געקלאַפּט אויף טרעוואָגע, אַז קינד און קייט זאָל נעמען — ווער אַן עמער און ווער אַ טאָפּ און גיסן וואַסער ביז אין דער העלפט.

האָט זיך גאַנץ כעלעם אויסגעשטעלט פון טייך ביז צו די מויערן, ווי אויף צו לעשן אַ שריפה, און פון האַנט צו האַנט זענען געגאַנגען עמערס מיט טעפּ וואַסער — אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מען האָט אויסגעשעפּט דעם טייך און אָנגעפילט „ביז אין דער העלפט".

זענען אַוועק שליחים אין קהל־שטיבל אָנזאָגן די בשורה, אַז עס איז פאַרטיק. האָבן זיך די פּרנסים שטאַרק דערפרייט: איצט וועלן זיי זיין מיט לייטן גלייך, אויף צופיקעניש לובלין! און לכבוד דער שמחה וועלן זיי, די פּרנסים, גיין די ערשטע זיך אָפּטובלען אין דער נייער מקווה אַריין, דערנאָך וועט מען דאַוונען בצבור און מאַכן אַ סעודה, אַז פּלאַצן זאָל לובלין!

ערשט די פּרנסים גייען אַרויס פון קהל־שטיבל און עס ווערט זיי פינצטער פאַר די אויגן: די גאַסן אַרום מאַרק זענען פאַרמויערט אין דער ברייט און דער בעקן פון מאַרק איז פאַרפלייצט מיט וואַסער, ווי אַ ים. קיין דורכגאַנג איז אין ערגעץ נישטאָ. עס איז נישט אַרויסצוגיין פון כעלעם און נישט אַריינצוגיין קיין כעלעם. און דער עולם אַרום מויער איז אויסער זיך פון פרייד, וואָס פאַר אַ וואָזשנעם אויפטו ער האָט עס דאָ באַוויזן!

— אָט דאָס איז די מקווה? — פרעגט דער דיין — עס איז דאָך אַ בראָך צו דער שטאָט און נישט קיין מקווה.

— אַ מקווה האָט מען געדאַרפט בויען? — פרעגט דער שמש — ווער זאָל וויסן?

— אוודאי, אַזאַ מקווה ווי אין לובלין!

— פאַרוואָס זשע האָט איר נישט געזאָגט?

— איך האָב געזאָגט די פּרנסים און די פּרנסים האָבן געדאַרפט זאָגן ווייטער.

האָבן זיך די פּרנסים שטאַרק אויפגעקאָכט:

— אַ חוצפּה פון אַ דיין! ער קומט פון לובלין און מיר דאַרפן זאָגן!

שרייט דער דיין:

— אַ חוצפּה פון פּרנסים! נישט גענוג, וואָס איך דערצייל זיי, וואָס עס טוט זיך אין לובלין, דאַרף איך נאָך זיין זייער משרת?!

האָבן די קהל־פירער געזען, וואָס פאַר אַ שטיקל אַרבעט זיי האָבן דאָ פאַרקאָכט, זענען זיי אַוועק אויף אַן אַסיפה און באַשלאָסן: לא דובים ולא יער. נישט דער דיין האָט דערציילט וואָס עס טוט זיך אין לובלין און נישט די פּרנסים האָבן געשלאָגן אויף טרעוואָגע. נישט מער, מען וועט איינשרייבן אין פּנקס, אַז אין דעם און אין דעם טאָג פון דעם און אין דעם יאָר איז קהל אַראָפּ פון זינען און אין שגעון פאַרבויט דעם מאַרק און אים פאַרגאָסן מיט וואַסער.

איי, די קומענדיקע דורות וועלן נישט גלייבן? נישקשה, אויף כּעלעם וועט מען אַלץ גלייבן.

איך פיל שוין, אַז איר שטויסט זיך אָן וואָס איך מיין. און איר האָט געטראָפן: איך מיין טאַקע דעם כעלעמער דאַק וואָס אונדזער רעגירונג האָט באַשטעלט אין דעם טריפהנעם דייטשלאַנד פאַר די כשרע שילומים; און אַז אָט־אָט קומט ער אָן אין אַ מזלדיקער שעה — וועט מען דאַרפן שלאָגן אויף טרעוואָגע, אַז די בירגער פון ישראל זאָלן זיך שטעלן גראָבן דעם מיטללענדישן ים, עס זאָל פון אים ווערן דער אַטלאַנטישער אָקעאַן און פון חיפה זאָל ווערן ניו־יאָרק, וואָרום...

נאָר לאָמיר גיין כּסדר: באשר לובלין האָט אַ מקווה מיט גאַניקלעך, מוז כעלעם האָבן פּונקט דאָס זעלבע. און באשר אונדזערע כעלעמער דיינים פון די שילומים אין דייטשלאַנד האָבן אין האַמבורגער פּאָרט געזען אַזאַ מין דאַק, מוז חיפה האָבן פּונקט דעם זעלבן, אַ צאָל נישט קלענער. וואָרום אַלץ, הייסט עס האָבן מיר שוין, נאָר עס פעלט אונדז אַ דאַק, מען זאָל קענען אָנזאָגן דער וועלט די בשורה אַז זינט צוויי טויזנט יאָר איז נאָך אַזאַ דאַק נישט געווען.

פאַרשיכורט פון דעם חלוצישן איינפאַל און פון די דייטשע שילומים, האָט מען זיך אַוועקגעזעצט און באַשלאָסן: דער דאַק זאָל מיר זיין! וואָרום וואָס פאַראַ פּנים וועלן מיר האָבן אין דער וועלט אָן אַ דאַק? און אויב אַ דאַק מוז ער זיין דער גרעסטער גרעסטער דאַק, דער ברייטסטער דאַק, דער פאַרנעמסטער דאַק. וואָרום אַ קלייניקייט, ישראל וועט נישט האָבן דעם גרעסטן דאַק, נאָר עפּעס אַ דאָקעלע, צי אַ דאָקל? ניין! עס מוז זיין אַ דאַק פון דאָקנלאַנד, אויף צו־פּיקעניש אַלע שונאים.

און מיט דעם דאָזיקן דאַק האָט מען פאַרדאָקעוועט די מוחות פון די ישראל־יידן אַ קיילעכדיק יאָר: אָט האָט מען באַשטעלט דעם דאַק, אָט מאַכט מען דעם דאַק, אָט הייבט זיך דער דאַק, און אָט דאָקעוועט מען אים שוין אַרויס פון דעם דייטשן פּאָרט, און אָט דאָקעוועט ער זיך שוין אויף די וואַסערן קיין ישראל.

זענען זיך צונויפגעקומען די פּרנסים אונדזערע אויף אַן אסיפה ווי אַזוי אויפצונעמען דעם דאַק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאַק.

פרעגט איינער אַ קלאָץ־קשיא:

— וווּ וועט מען שטעלן דעם דאַך?

ענטפערט דער צווייטער:

— וואָס הייסט וווּ מען וועט שטעלן דעם דאַך? מען וועט אים איינ־דאַקעווען אין חיפה.

— אין חיפה? וווּ וועט איר אים שטעלן אין חיפה, אַז אין חיפהער פּאָרט איז גאָר נישטאָ אַזאַ פּלאַץ פאַרן דאַך.

איז געוואָרן אַ בהלה: מען האָט פאַרגעסן צו נעמען אַ מאָס פון חיפהער פּאָרט, נאָר מען האָט דעם דאַך באַשטעלט „אויפן אויג" — וואָס גרעסער אַלץ בעסער, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאַך אין ישראל.

זענען זיך ווידער צונויפגעקומען די פרנסים אויף צו באַטראַכטן, וואָס טוט מען מיטן דאַך און וווּ שטעלט מען דעם דאַך?

זאָגט איינער:

— הינטער די פענצטער פון חיפהער שפּיטאָל, אויפן ברעג פון ים, איז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַרן דאַך.

האָבן זיך די דאָקטוירים פון דעם שפּיטאָל דערוווּסט, אַז מען גייט זיי אונטערוואַרפן אַ דאַך, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען קאַראַאויל:

— וואָס הייסט אונטער די פענצטער, וווּ עס ליגן קראַנקע, גייט איר אונדז אונטערוואַרפן אַ דאַך? איר האָט געוואָלט אַ דאַך? טאָ נעמט אים אַריין צו זיך אונטערן פענצטער.

איז ווידער געוואָרן אַ בהלה און ווידער זענען זיך צונויפגעקומען די פרנסים אויף אַן אסיפה, כדי צו טראַכטן וואָס טוט מען און וווּ שטעלט מען דעם דאַך.

איז באַשלאָסן געוואָרן: מען וועט דעם דאַך אַריינשטעלן אין נייעם קישון־פּאָרט. אַ נייער פּאָרט מיט אַ נייעם דאַך איז אַ באַשערטער זיווג.

איז מען אַוועק אין קישון־פּאָרט אָפּמעסטן דעם פּלאַץ פאַרן דאַך און — ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פאַראַ פּערטל דאַך, מילא, וואָלט נאָך געווען אַ שטיקל פּלאַץ, אָבער אויב איר ווילט אַריינדאַקעווען דעם גאַנצן דאַך, מוזט איר שלאָגן אויף טרעוואָגע מען זאָל זיך באַצייטנס שטעלן און טיפער מאַכן דעם פּאָרט אויף אַ פּאָר מעטער מיט אַ פּאָר מיליאָן פונט; און דעמאָלט וועט איר האָבן אַ ברירה: אַריינפירן דעם דאַך, אָדער אַריינפירן שיפן, וואָרום פאַר צוויי קעץ איז דער זאַק געפערלעך...

איז מען זיך ווידער צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה, כדי צו טראַכטן וואָס טוט מען און וווּ שטעלט מען דעם דאַך?

איז איינער געפאַלן אויף אַ פּלאַן:

וווּ שטייט עס געשריבן, אַז דער דאַך מוז שטיין אין חיפהער פּאָרט? אויך יפו איז אַ יידישער פּאָרט און עס איז נישטאָ עפּעס בעסערס ווי איינצו־דאַקעווען דעם דאַך אין יפו.

איז מען אַוועק באַקוקן יפו. פרעגן די יידן, וואָס האַלטן אין פּאַכט דעם יפוער פּאָרט־ברעג:

— וואָס זוכט איר דאָ?

ענטפערט מען זיי:

— אַ פּלאַץ פאַרן דאַק.

— אַ פּלאַץ פאַרן דאַק? מיטן גרעסטן כבוד. נישט מער, איר וועט אונדז געבן שליסל־געלט פאַרן ברעג פון ים, וועט איר קענען איינדאַקעווען די כלי.

און אַז די פּרנסים האָבן דערהערט וויפל די פּאַכטערס ווילן שליסל־געלט פאַרן ים־ברעג — האָט זיי אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און די בהלה איז געוואָרן נאָך גרעסער: צו וואָס האָבן מיר איבערהויפּט געדאַרפט דעם דאַק?! וועלכער שוואַרץ יאָר האָט עס געדאַרפט אַזאַ כלי? און ווער האָט אים באַשטעלט? אַן אָנשיקעניש מיט אַ דאַק אויף אונדזערע קעפּ! אַז הענט און פיס האָבן די דייטשן געדאַרפט ברעכן, איידער זיי האָבן געמאַכט דעם דאַק! און נישט אַנדערש נאָר מען דאַרף געפינען דעם לץ, וואָס האָט צוגע־טראַכט און באַשטעלט דעם דאַק און אים אַריינגאַרטלען אַ „משכנתא", אַז ער זאָל פאַרזאָגן קינדס־קינדער!

אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז דער דאַק איז אָנגעקומען אין דער כנסת־קאָמיסיע פאַר פינאַנסן. עס הייסט, נישט דער דאַק, חלילה, נאָר די מעשה איז אָנגעקומען. און די כנסת־קאָמיסיע שטעלט די קלאָץ־קשיא: ווער האָט באַשטעלט דעם דאַק? שוין זאָל מען איר זאָגן ווער עס האָט באַשטעלט דעם דאַק!

זאָגט דער דירעקטאָר פון קאָמוניקאַציע־מיניסטעריום:

— דעם דאַק האָט באַשטעלט דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום און וואָס שייך אים, איז ער גאָט די נשמה שולדיק.

רופט מען אַרויס דעם דירעקטאָר פון פינאַנץ־מיניסטעריום און מען פרעגט אים:

— היתכן? וויניק צרות האָבן מיר, האָסטו אונדז נאָך איינגעדאַקעוועט מיט אַ דאַק?

ענטפערט דער דירעקטאָר פון פינאַנץ־מיניסטעריום:

— לא דובים ולא יער. איך האָב נישט באַשטעלט דעם דאַק און איך וויים פון גאָרנישט.

איז ווער זשע פאַרט האָט באַשטעלט דעם דאַק? צי איז צווישן אַלע נסים, וואָס עס געשען ביי אונדז, אויך געשען אַ נס, אַז דער דאַק האָט זיך אַליין באַשטעלט? אָדער אפשר איז דאָס אַ „שפּיצל" פון די דייטשן, וואָס האָבן אונדז סתם אונטערגעוואָרפן אַ דאַק?

האָט מען באַשלאָסן צו שאַפן אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וואָס זאָל אויספאָרשן די דאַק־מיסטעריע פון אונדזערע מיניסטעריעס, וואָס ליידן אויף

באַשטעל־היסטעריע. און ביי דער געלעגנהייט האָט דער פינאַנץ־מיניסטער געמאַכט אַ פאָרוואורף די צוויי דירעקטאָרן פאַרוואָס זיי האָבן מפרסם געווען די כּעלעמער מעשה, אַז לייטן זאָלן האָבן פון וואָס צו לאַכן...

פונדעסטוועגן עצה איך אייך, מיינע ליבע לייענער, איר זאָלט פון היינט אָן האַלטן פאַרשלאָסן טיר און פענצטער, וואָרום אונדזערע לײַט קענען נאָך אונטערוואַרפן אייך דעם דאָק און אויף אייך אויסטראַכטן אַ בלבול, אַז דאָס האָט איר אים באַשטעלט און דעריבער דאַרפט איר צאָלן פאַר אים שטייערן...

10טער סעפּטעמבער 1954

# דער מאַן וואָס האָט פאַרלוירן זיין אָרנטלעכקייט

היינטיקע וואָך קומט אַרויף צו מיר אין רעדאַקציע אַ היימישער ייד. ער וויל, זאָגט ער, מיר עפּעס איבערגעבן. וואָס ווילט איר איבערגעבן? — פרעג איך אים. איך וויל איבערגעבן, זאָגט ער, וועגן אַן אבידה. וועגן אַן אבידה, זאָג איך אים, דאַרפט איר זיך ווענדן צו דער אַדמיניסטראַציע, אָפּצו־דרוקן אין דער צייטונג אַן אַנאָנס — און איה״ש די אבידה וועט זיך אָפּ־געפינען.

— ניין! — רופט אויס דער ייד, — דאָס וואָס איך האָב פאַרלוירן קען מען נישט אָפּגעפינען דורך אַן אַנאָנס. איך האָב פאַרלוירן מיין אָרנטלעכ־קייט... יאָ, יאָ, קוקט מיך נישט אַזוי אָן, אדון רעדאַקטאָר... איך בין נישט איינער פון דער אַרמיי משוגעים, פאַר וועלכע דער געזונטהייט־מיניסטער האָט נישט באַקומען קיין בודזשעט צו בויען שפּיטעלער. איך בין ביים פולן זינען. און אויב איך זאָג אייך, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין אָרנטלעכקייט — זאָג איך אייך דאָס מיטן פולן באַוווסטזיין, אַז עס איז אָך און וויי צו מיר.

אַבי איך האָב זיך געהאַלטן גרויס. איך בין געווען שטאָלץ מיט זיך. ווען איך האָב געלייענט אין די בלעטער וועגן די אַלע מיסברויכנס, שוואַרצן מאַרק, שור בדישו׳ס און אַנדערע שלעק, בין איך מיר אַרומגעגאַנגען אין די שטעקשיך און זיך געקלאַפּט אין בויך; ווער ס׳איז שיין, און איך בין קלוג; ווער עס פרעסט ביים דרעשן, און איך לעב מיר מיין אָרנטלעך לעבן. מיך קען קיינער נישט שטעכעלירן, אַז איך האָב געהאַנדלט אויפן שוואַרצן מאַרק, גענומען כאַבאַר, געשמוגלט סחורות, געמאַכט געשעפטן מיט יבוא בלי תשלום — גאָרנישט! אפילו ווען די פּאָליציי זאָל פּלאַצן, וועט זי פאַר מיר קיין תיק נישט עפענען. ביי מיר וועט די פּאָליציי און דער פּראָקוראָר און די ריכטער זיצן ליידיק און גענעצן.

מיין פרוי פלעגט מיר אפילו יאָדען:

— זע, ווי מענטשן ווערן רייך. זיצן זיך אויף אַ רעגירונגס־פּאָסטן אַ יאָר, צוויי און גייען אַראָפּ גבירים. אַנדערע פאָרן אַרויס ווי שליחים און קומען צוריק ווי מיליאָנערן. נאָך אַנדערע מאַכן פאַרמעגנס פון קיבוץ־גלויות. זאָלסט כאָטש אַרויסגיין זיך צוטשעפּן צו אַ שטיקל שוואַרצער בערזע, צו אַ שוואַרצן מאַרק וכדומה, ווי דער שטייגער. ס׳איז דאָך מיר אַ חרפּה און אַ בושה צו זיין אַ פרוי פון אַן אָפּגעשטאַנענעם מענטש. נאָך אַביסל און מען וועט דאָך דיך אין אַ בעסערער געזעלשאַפט נישט אַריינלאָזן!

האָב איך געענטפערט מיין פרוי:

— קענסט ביי מיר פועלן וואָס דו ווילסט. ווילסט, וועל איך באַשטעלן אַ נייע סאָפאַ, און טאָמער ווילסטו, וועל איך דיר מאַכן אַ נייעם טיש מיט שטולן. אפילו אַ שטיילאָמפּ און קינקעטן וועל איך דיר קויפן. אָבער גנבענען, גזלענען, שוואַרצמאַרקעווען און שור בדשו׳ווען — פאַר קיין פאַל נישט. איך — נישט! אפילו ווען איך זאָל וויסן, אַז מען וועט מיך אין דער נעטער געזעלשאַפט באַאיקאָטירן.

און ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ ייד אַן עקשן. אַז איך זאָג: „נישט", מעגט איר אויף דעם „נישט" שטעלן אַן אייזערנע בריק. מען האָט מיר אפילו פאַרגעלייגט, איך זאָל ווערן אַ שותף צו אַ נייעם האָטעל, וואָס ביים סאָמע בויען אים קען מען פון אים נתעשר ווערן. מען האָט מיר פאַרגעלייגט איך זאָל ווערן אַ שותף צו אַ פאַבריק, אין וועלכער תל־אביבער אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטן ווילן אינוועסטירן צו צען טויזנט דאָלאַר. מען זאָל באַלד באַקומען אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר צוגעלייגט פון פינאַנץ־מיניסטעריום; און נאָך איידער די פאַבריק וועט נאָך אָנהייבן גיין, וועלן מיר שוין האָבן אין אַ שווייצער־באַנק אַ פּאָר הונדערט טויזנט דאָלאַר.

האָב איך געזאָגט: נישט. מיך וועט קיינער נישט אַריינדרייען, אפילו ווען די וועלט זאָל זיך איבערדרייען. יאָ, ווען איך וועל וויסן, אַז איך בין דער לעצטער אָרנטלעכער מענטש אין ישראל און אַז צו כולו חייב, אַז משיח זאָל קומען, פעלט בלויז מיין „חלק", מילא, וועל איך דעם קץ נישט אָפּשלעפּן. איך וועל אָנקלעפּן אויף אַ בריוו אַ געניצטע פּאָסט־מאַרקע און אַריינכאַפּן אַ יאָר תפיסה — וועל איך כאָטש וויסן, אַז משיח איז געקומען! אנדערש נישט!

בין איך געווען אַ גליקלעכער מענטש. קיינער האָט זיך צו מיר נישט געקענט גלייכן. אין דער פרי, ביי פרישטיק, אַז איך האָב געלייענט די צייטונג וועגן עפּעס אַ געזעלשאַפטלעכן מנהיג, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן ביי אַ סירחהלע און מען האָט געעפנט קעגן אים אַ תיק און זיין „ספּראַווע" ווערט שוין באַהאַנדלט אין דער קאָאַליציע — האָט זיך קיינער צו מיר נישט געקענט גלייכן. איך האָב געגעסן מיט אַ טאָפּלטן אַפּעטיט: אוי, ווי גוט איז מיר, וואָס איך בין נישט קיין מנהיג, קיין שליח, קיין קיבוץ־גלויות־פאַרזאָרגער, קיין פאַרטיי־פירער; אַז איך האָב נישט צו טאָן מיט מגביתן, מיט וואָל־פאָנדן, מיט שיכון־פאַרזאָרגעכצן און וואָס קיינער דאַרף מיך נישט עפנטלעך פאַר־גלייכן אַזש צו אַן אָקס, כדי מיך ריינצווואַשן...

מיר איז גוט — איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש!

ליג איך מיר אַזוי אויף מיין אַלטער צעבראָכענער סאָפאַ און לייען זיך רואיק דעם בלאַט וועגן דיזן דאָס וכדומה, מיט וואָס ס׳איז פול אין די בלעטער; אַט האָבן פיינע יידן נישט פאַרלוירן די צייט דורך טריפהנע זייגער־לעך אין כשרע קאָנסערוון. און אַט איז אַ רבנישע טאָכטער נכשל געוואָרן מיט בריליאַנטן. און דאָ ווידער האָט אַ מכס־פקיד זיך אַריינגעדרייט מיט

לינקער סחורה. און דאָרט ווידער האָט אַ מיניסטעריאַל־דירעקטאָר זיך אָריינ־געוויצט אין ווייץ. און פּלוצעם אַ נייע באָמבע, טאַקע אַן אַטאָם־באָמבע:
עס איז געעפנט געוואָרן אַ תיק קעגן אַ סאַמאָראַדנעם וויצע־מיניסטער!
זאָג איך צו מיין פרוי:

— זעסט, ווער ס'איז שייך און איך בין קלוג; קעגן ווען מען מען עפנט תיקים, און איך ליג מיר אויף דער סאָפאַ ווי אַ פּרינץ.

— זיי און ווינד צו דיינע יאָר — איז מיר מבטל מיין פרוי, — טאָמער וואָלסטו געווען אַ לייט מיט לייטן גלייך, וואָלסטו היינט געווען אַ „געמאַכטער מענטש” און נישט געקוועטשט די צעבראָכענע סאָפאַ.

— נישט ביי מיר — זאָג איך איר — ביי מיר ועסטו נישט פועלן, נישט מיט זייגערלעך אין וורשט, נישט מיט געשמוגלטע בריליאַנטן, נישט מיט טראַנספערירטע פּאַרטיי־דאָלאַרן און אפילו נישט מיט שפּיץ־פּעקלעך און אפילו נישט מיט שטיינער אין ווייץ. אַז איך וויל אפילו קיין מיניסטער נישט ווערן, איז וואָס האָסטו צו מיר?

און מיר איז גוט — איך בין אַן אָרנטלעכער מענטש.

ליג איך מיר אויף דער סאָפאַ און לייען מיר מיין בלאַט און עס ווערט מיר טונקל פאַר די אויגן.

— הערסט! — רוף איך אויס צו מיין פרוי, — משיח קומט! אָט־אָט און צו כולו חייב וועט בלייבן בלויז דיין איינציקער מאַן. נישט אַנדערש נאָר איך מוז זיך אויפהייבן און זיך באַצייטענס צוגרייטן אַרויפקלעפּן אַ געניצטע פּאָסטמאַרקע אויף אַ בריוו. משיח קומט!

— ביסט אַראָפּ פון זינען? — איז מיין פרוי נשתומם געוואָרן.

— מיינע שונאים זאָלן אַראָפּ פון זינען. ווי קען היינט אַ מענטש אַראָפּ פון זינען, אויב ר' לוי אשכול האָט דאָס געלט אַוועקגעגעבן פאַר קופת־חולים און ס'איז נישטאָ מיט וואָס צו בויען דול־הייזער? ניין, דיין מאַן וועט זיי אפילו אַזאַ קליינע טובה אויך נישט טאָן... נאָר דו זעסט? קוק אין בלאַט; אויב מיר האָבן נאָך געהאַט אַן אָרנטלעכן מענטש אין ישראל, אַ ייד אָן אַ פּגם, כ'מיין הרב נוראָק, האָט מען שוין אים אויך אַריינגעדרייט. אויך וועגן אים רעדט זיך שוין אין אַ „תיק” און די קאָאַליציע האַלט שוין אָפּ זיצונגען. ס'איז לעבעדיק! און אויב אַזוי, גיב מיר אַ געניצטע פּאָסטמאַרקע און לאָמיר שוין באַגיין אַ פאַרברעך — און זאָל משיח קומען!

אָבער איידער איך האָב זיך אָנגעטאָן, כדי צו גיין פאַרקירצן דעם קץ, ברענגט מען מיר אַריין אַ בלאַט און — ווי צו די יאָרן — די פּראָגרעסיווע האָבן מיר אויסגעכאַפּט די מצווה. הערסט אַן אומגליק? איך איל זיך מיט אַ פּאָסטמאַרקע און זיי האָבן עס געמאַכט מיט אַ מיליאָן דאָלאַר...

טראַכט איך, אַז אויב אַזוי, איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן. מוז איך נישט מיט מיינע אָרעמע כוחות שטופּן דעם קץ. פאַר מיר מיט דער פּאָסט־מאַרקע, זענען נאָך, ברוך השם, פאַראַן אַ שפּאַר ביסל פּאַרטייען, און אַ

הסתדרות און אַ פּריוואַטע איניציאַטיוו. האָב איך צייט צו ליגן אויף דער סאָפאַ. נאָר אַזוי ווי צו מיין ריי איז נאָך וויט, קען איך נישט ליגן אויף מיין צעבראָכענער סאָפאַ, נאָר איך מוז האָבן אַ נייע סאָפאַ און טאַקע אויך אַ טיש מיט שטולן. איך בין דאָך נישט מחויב צו וואַרטן אויף משיחן אין אומבאַקוועמלעכקייטן...

בין איך אַוועק און באַשטעלט אַ סאָפאַ און אַ טיש מיט שטולן. און טאַקע פון די בעסטע, עס זאָל זיין באַקוועם צו וואַרטן אויף משיחן.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער ברענגט מיר דער סטאָלער דעם טיש מיט די שטולן.

— מה יקר? — פרעג איך אים.

— ס'קאָסט דריי הונדערט פונט.

— דריי הונדערט פונט? — וווּנדער איך זיך.

— וואָס וווּנדערט איר זיך? איר האָט דאָך געוואָלט פון גוט האָלץ. און אויפן גוטן האָלץ האָט אַ מאָנאָפּאָל אַ קאָאָפּעראַטיוו. פאַרקויפט דער קאָאָפּעראַטיוו דאָס האָלץ אויפן שוואַרצן מאַרק און איך האָב אייך געמאַכט דעם טיש מיט די שטולן פון דעם געסירחהטן האָלץ. דערפאַר אָבער האָב איך אייך אַרויסגעדרייט פון „מס קניות", וואָס וואָלט אייך אויסגעמאַכט אַ פופציק פונט.

— ווינד איז מיר! — האָב איך אויסגערופן, — אַלע יאָרן האָב איך זיך געהיט און דאָ האָט איר מיך אַריינגעדרייט מיט געסירחהטן האָלץ פון שוואַרצן מאַרק און דערצו נאָך באַטייליקט מיך אין באַגנבענען די מדינה?

— זייט נישט קיין יאַלד — זאָגט צו מיר דער סטאָלער — אַלע יידן טוען דאָס זעלבע...

און כדי פּטור צו ווערן פון דעם עדות פון מיין פאַרברעך, האָב איך אים שנעל באַצאָלט די דריי הונדערט פונט.

קוים איך בין פּטור געוואָרן פון סטאָלער — הער איך מ'שלעפּט מיר אַריין די סאָפאַ.

דער טאַפּעצירער, וואָס איך וואָלט געשווירן, אַז ער איז אַן אייניקל פון דער צווייטער עליה, שטעלט איין די סאָפאַ, קלאַפּט צו די ווענטלעך:

— אָט דאָ האָט איר אַ סאָפאַ, מעגט איר זיין שטאָלץ מיט איר.

— מה יקר? — פרעג איך.

— פיר הונדערט פונט.

— פיר הונדערט פונט? ס'איז דאָך אַ ים מיט געלט!

— איר פאַרשטייט — זאָגט ער צו מיר — איר האָט געוואָלט אַ גוטע סאָפאַ, און אַ גוטע סאָפאַ קען מען דאָך נישט מאַכן פון דעם ארץ־ישראלדיקן גראָז, נאָר מען דאַרף מאַכן מיט וואַלדגראָז. אָבער היות וואַלדגראָז ברענגט בלויז די סוכנות און מלב"ן און פאַר דעם הייסט מען זיך צאָלן אַ מטמון מיט געלט — פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס די סאָפאַ איז טייער? דערפאַר

אָבער האָב איך איך אָפּגעראַטעוועט אַ פופציקער פונט, ווי געפונען. וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, איר וואָלט געדאַרפט באַצאָלן זעכציק פונט „מס קניות". האָב איך דעם פקיד געגעבן אַ צענערל אין יד אַריין און איר האָט אַ פופציק פונט אין דער טאַש!

— געוואַלד! — שריי איך אויס — איר האָט דאָך פון מיר געמאַכט אַ פאַסער פון געגנבעטן וואַלדגראַז, אַ גנב פון דער מדינה־קאַסע און אַן אונטער־קויפער פון אַ מדינה־באַאַמטן!

— זייט נישט קיין יאַלד! — זאָגט דער טאַפּאַצירער. — אַלע טוען דאָס זעלבע.

איך האָב נישט געקענט מער קוקן דעם טאַפּאַצירער אין די אויגן אַריין. איך האָב זיך געשעמט עמעצער זאָל מיך זען אין מיין געפאַלנקייט. האָב איך אַרויסגענומען פיר הונדערט פונט — און שוין זאָל ער מיר אַוועק פון די אויגן!

און ווען איך ליג אַזוי אין געהאַקטע צרות אויף דער פאַסעריש־גנביש־כאַבאַרישער סאָפּאַ און קוק אויף דעם געסירחהט־גנבהשן טיש מיט די שטולן, קומט אַריין מיין ווייב אַן אויפגעלייגטע, אַ התלהבותדיקע:

— שוין דאָ דאָס מעבל? תתחדש! זעסט, איך האָב צום נייעם טיש געקויפט אַ נייעם טישטעך. אַ מציאה. אין דעם סאָלידסטן געשעפט געקויפט. סך הכל צוויי און אַ האַלבן פונט. גיב אַ קוק, וואָס פאַר אַ שאַנקייט פון אַ טישטעך!

— טאַקע? — זאָג איך — נישט מער ווי צוויי און אַ האַלבן פונט? עס איז דאָך אַ ווילדע מציאה.

און איך טראַכט, אַז אויב ביליק, איז דער טישטעך זיכער נישט קיין געגנבעטער, נישט קיין געסירחהטער און נישט קיין כאַבאַרישער. נעם איך דעם טישטעך אין האַנט — אַ רויטלעך טישטעכל מיט ווייסע קראַטן — כדי צו פאַרדעקן דעם געסירחהט־גנבהשן טיש. ערשט ווען איך שפּרייט אויס דעם טישטעך, טוט מיר אַ מיניע פאַר די אויגן אַ לענגלעכער שוואַרצער שטעמפּל און עס ווערט מיר שוואַרץ פאַר די אויגן:



ווען איך האָב געעפנט די אויגן, בין איך געווען באַגאָסן מיט וואַסער; דאָס האָט מיך מיין פרוי אָפּגעמונטערט פון חלשות. און איך האָב זיך צעוויינט אויף מיין שווערן גורל: איך בין געוואָרן אַ פאַסער, אַ גנב פון מדינה־געלט און אַ כאַבאַר־געבער. און אַלס אַזעלכער האָב איך דאָך נישט געקענט גיין צו דער פאָליציי און הייסן עפּעס קעגן זיך אַ „תיק". איך בין דאָך שוין

עפּעס אַ לייט מיט לייטן גלייך, איז ווי קען איך האַנדלען קעגן דער עטיק פון לייטן?

אדון רעדאַקטאָר, אויף מיינע אָרעמע פּלייצעס האָב איך נישט געקענט שלעפּן מיט זיך די סאָפאַ, דעם טיש און די שטולן, אָבער דאָס טישטעכל האָב איך אייך געבראַכט. אפשר וועט עס אייך צוניץ־קומען פאַר אַ „קאָרפּוס ווו־ליגסטו", ווי טיף מיר ליגן אין דער ערד...

יאָ, עיקר שכחתי: אויף צו מאָרגנס נאָך דער מעשה, האָב איך באַקומען אַן איינלאַדונג פון אַן אָנגעזעענער פּאַרטיי, איך זאָל קומען אויף אַ דרינגנדער אסיפה, וווּ מ'וועט באַהאַנדלען די פראַגע ווי אַזוי מיט געאייניקטע כוחות צו בויען די מדינה...

17טער סעפּטעמבער 1954

## פאַרוואָס דער קעניג מאַרעט מוראַשקעס

ערגעץ־ווו אין די לעגענדן־ביכער ווערט דערציילט אַזאַ מעשה:

אַן אָפּגעקומענער מאַנדאַרין (וואָס האָט נישט קיין שום שייכות צו דער משפּחה קלעמענטינעס) האָט אַמאָל שפּאַצירט אינעם רייכן פּאַרק פון קעניג מאַי־פּאַי (וואָס האָט נישט קיין שום שייכות צו דער משפּחה מפא״י).

זעט דער מאַנדאַרין ווי מאַי־פּאַי איז שטאַרק פאַרנומען מיט אַ שטעקעלע אויף דער ערד.

— וואָס איז דיין טון מיט אַ שטעקעלע אויף דער ערד, מיין מעכטיקער מאַי־פּאַי? — האָט געפרעגט דער מאַנדאַרין.

— איך מאַרע מוראַשקעס, מיין אונטערטעניקער מאַנדאַרין — האָט געענטפערט מאַי־פּאַי און ווייטער מיטן שטעקעלע זאַרגפעלטיק געמאַרעט מוראַשקעס.

איז דעם מאַנדאַרינס פּנים נאָך מער גרין און געל געוואָרן פון שטוינונג און ער האָט געריינצלט דעם שטערן פון פאַרוואונדערונג:

— מעכטיקער מאַי־פּאַי — האָט געזאָגט דער נישט־דרייסטער מאַנ־דאַרין — דיין חכמה איז באַרימט איבער אַלע פינף יבשות און דיין גרויסקייט זינגען אויס דיכטער. פאַרשטיי איך נישט, פאַרוואָס דו פאַרנעמסט זיך מיט מאַרען מוראַשקעס אין דער צייט ווען ביי דיר אין פּאַרק גייט אַרום אַ טיגער, וואָס אייערנעכטן האָט ער פאַרצוקט אַן אייזל, נעכטן האָט ער פאַרצוקט אַ שעפּס און הייַנט האָט ער פאַרצוקט אַ קאַלב. צי וואָלט נישט בעסער געווען, מיין מעכטיקער קעניג מאַי־פּאַי זאָל פאַנגען דעם טיגער און לאָזן צורו די אומשולדיקע מוראַשקעס?

האָט זיך דער קעניג מאַי־פּאַי צעלאַכט אַזש טרערן זענען אים געקומען אין די אויגן:

— ווען איך זאָל דיך נישט קענען פאַר אַ שוטה, וואָלט איך געווען זיכער, אַז דו ביסט אַ טיפּש, מיין אונטערטעניקער מאַנדאַרין — האָט מאַי־פּאַי געלאַסן געזאָגט — דעם טיגער, וואָס האָט אייערנעכטן פאַרצוקט אַן אייזל, נעכטן פאַרצוקט אַ שעפּס און הייַנט פאַרצוקט אַ קאַלב, קען איך פיל בעסער, ווי דו קענסט אים. אויב דו ווילסט וויסן, האָב איך אפילו פאַר אים אויפגעבויט אַ גאָלדענע שטייג, וואָס שטייט שטענדיק אָפן, און יעדן פרימאָרגן לאָז איך אַריין אין מיין פּאַרק אַן אייזל, אַ שעפּס, אָדער אַ קאַלב, וואָרום אין מיין לאַנד פעלן נישט קיין אייזלען, שעפּסן און קעלבער. און ווייל דער טיגער האָט

אַ גאָלדענע אָפּענע שטייג און געגנוג אייזלען, שעפּסן און קעלבער צו פאַרצוקן — בין איך רואיק, מיין אָרעמער מאַנדאַרין. און אַז עס וועט קומען די צייט אויפן טיגער — נעמט מאי־פאי אַרויס אַ פייל פון בוזעם — איז געגנוג אַט די פייל איין מאָל אַרויסצושנעלן פון בויגן און דער טיגער איז מער נישטאָ... מיט מוראַשקעס אָבער, מיין אָרעמער מאַנדאַרין, איז שלעכט. זייער שלעכט — איז דער קעניג מאי־פאי געוואָרן טרויעריק — מוראַשקעס זענען אין די טויזנטער, אין די מיליאָנען. כל־זמן די מוראַשקעס זענען קליין און שוואַך קענסטו זיי לייכט פאַרניכטן, נאָר טאָמער לאָזטו די מוראַשקעס שטאַרק ווערן, זיך איינגעסטן, אַנזעטיקן — זענען זיי געפערלעכער פונעם טיגער. זיי וועלן דיר אַריינקריכן אין בעט, דו וועסט זיי האָבן ביים עסן, ביים געניסן. ביי דער בעסטער פאַרוויילונג, ווען דו נעמסט־אויף חשובע געסט, וועלן זיי דיר אַרונטערקריכן אונטערן קאָלנער און דיך בייסן, אַז דו וועסט קראַפּירן פון בייסעניש און דו וועסט זיך נישט קענען אַ קראַץ טאָן. אָ, מיין אָרעמער מאַנ־דאַרין, באַהיט זאָלסטו ווערן פון די צרות, וואָס די מוראַשקעס קענען דיר פאַרשאַפן. עס האָט נאָך קיין איין טיגער בישט איבערגעקערט דעם טראָן פון אַ מלך, אָבער מוראַשקעס — זיי קענען דיר דעם טראָן פון אונטער דעם געזעס פאַרניכטן!

דערפאַר זיץ איך דאָ אויף דער ערד און מאַרע די מוראַשקעס מיט אַ שטעקעלע, אַז פון די טויזנטער זאָל נישט ווערן קיין מיליאָנען און די טויזנטער זאָלן זיין שוואַך און שלאַבעריק. און דעם טיגער וואַרף איך צו אַן אייזל, אַ שעפּס, אַ קאַלב, כדי ער זאָל שטענדיק זיין אין ציל פון מיין פייל...

*

פאַר דיר, „קליינער מענטש” אין מדינת ישראל, האָב איך דערציילט דאָס מעשהלע. דיר, פאַרפּראַצעוועטער, מיט־דער־ערד־די־נאָז־אַקערנדיקער ייד אין ישראל, האָט דער מלך מאי־פאַי געענטפערט אויף דער פראַגע, וואָס לאָזט דיך נישט רוען: פאַרוואָס איז דעם גרויסן און רייכן אַזוי גוט אין דער מדינה אונטערוועגנס צום סאָציאַליזם און פאַרוואָס איז דיר אַזוי ביטער? דו קענסט נישט פאַרשטיין פאַרוואָס די רוישטאָפן און אַלע מעגלעכקייטן גיט מען צו די גרויסע און אויף צו באַצאָלן שטייערן קומט מען צו דיר? דו קענסט נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס צו דעם טאָפּ פון דייטשע לינזן זענען די גרויסע מיטגעניסער און דו ביסט דער אין־כבוד־פאַרשעמטער ייד? דו קענסט נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דיך רופט מען דו זאָלסט אָוועקוואַרפן דיין אָרעמען וואַרשטאַט און גיין אין נגב, בעת די גרויסע פאַרבעט מען צום רייכן טיש?

דו שטייסט אָפּטמאָל אַ פאַרלוירענער, ווי אין מדבר, און דו קענסט נישט באַגרייפן: וואָס קומט פאַר אַרום מיר? אפשר בין איך נאָך אַלץ אין דער בחינה פון „היינו כחולמים” און אין טשאַד פון חלום פאַרשטיי איך נישט וואָס עס געשעט אַרום מיר? איך האָרעווע צוועלף און זעכצן שעה אין

טאָג אויף אַרויסצוציען די חיונה פֿאַר מיין פֿאַמיליע. די חיונה צי איך נישט צו גרויס, אָבער די בעבעכעס פֿאַר שטייערן ציט מען מיר יאָ אַרויס. איך בין דער, וואָס פֿאַלט דער ערשטער אויף די גרענעצן; איך בין דער, וואָס דערציט אַ דור פֿאַר דער מדינה; איך בין דער, אויף וועמעס בלוט מען רעכנט, ווען מען רעכנט מאָסן — אָבער קיין באַקוועמען פּלאַץ אין אויטאָבוס גיט מען מיר אפילו נישט. מיין חלום וועגן אַפּרו גייט נישט אַרויס פֿון די גרענעצן פֿון צפת, פֿון ירושלים; און אויך דער חלום בלייבט נישט מער ווי אַ חלום. און די גרויסע? פֿאַר זיי זענען פֿאַראַן דעוויזן צו פֿאָרן אין דער שווייץ, אויף דער פֿראַנצויזישער ריוויערע. אָבער ווען דער פֿינאַנץ־מיניסטער דאַרף געלט — גייט ער נישט צו די גרויסע, זיי שוינט ער, זיי קעכלט ער, זיי וואַרפֿט ער אונטער די אייזלען, שעפּסן און קעלבער. צו מיר נאָר קומט ער; ניין, ער קומט נישט, ער שיקט מיר די „שיר־המעלותן" פֿון „פּקיד השומה", פֿון ערב־עיקולן און עיקולן. מיינע בעבעכעס שלעפּט מען עס אַרויף אויפֿן טענדער, מיינע צוועלף־זעכצן אַרבעטס־שעה אין די חמסינען זענען פֿאַר אים דער באָדן, דאָס מיסט און די זריעה פֿונעם בודזשעט. איז פֿון וואַנען זאָל איך נעמען פֿאַר אַלץ — פֿאַר שפּייזן מיין פֿאַמיליע, פֿאַר שפּייזן די נויטן פֿון דער מדינה־קאַסע, פֿאַר שפּייזן דעם אַפּאַראַט? און איך, מיט מיינע אָרעמע, דערשעפּטע כוחות דאַרף אויך אַריינפֿירן פֿירער אין דער כנסת, איך מוז געבן מיין שטים, מיין געלט, מיין געזונט — פֿאַרוואָס אַלץ מיר, קליינע מוראַשקעס, און פֿאַר־וואָס האָבן די טיגערס אַזאַ גוט לעבן?

*

אויף די אַלע שאלות, וואָס דו פֿרעגסט און אויף אַלע ענלעכע שאלות, וואָס דו האָסט צו פֿרעגן — האָט דיר געענטפֿערט דער מלך מאַי־פֿאַי, ווען ער איז געזעסן אויף דער ערד מיטן שטעקעלע און געמאַרעט מוראַשקעס.

מאַי־פֿאַי האָט מורא פֿאַר דיר און ער האָט נישט מורא פֿאַרן טיגער. פֿאַרן טיגער האָט ער געשאַפֿן אַ גאָלדענע שטייג און פֿאַשעט אים, דעם טיגער, מיט אייזלען, שעפּסן און קעלבער. ווען דער טיגער וועט זיך אָנזעטיקן, וועט ער ווערן פֿויל און איינדרעמלען אין דער גאָלדענער שטייג. דעמאָלט וועט געגנוג זיין אַרויסצושנעלן איין פֿייל אויסן בויגן און — אויס טיגער. זיין פֿעל וועט דער מלך מאַי־פֿאַי אויסשפּרייטן פֿאַר אַ צירונג פֿאַר זיין טראָן. אָבער איר, מוראַשקעס זענט געפֿערלעך. אויב מען זאָל אייך דערלאָזן איר זאָלט וואַקסן, זיך שטאַרקן, דערגיין צו די כוחות, נישט האָבן קיין דאגות־פּרנסה, קיין דאגות־שטייערן — קען איך אַמאָל איינפֿאַלן צו וועלן האָבן אַ דעה. איר קענט, למשל, וועלן שיקן אייערע אייגענע פֿאָרשטייער אין דער כנסת, אין דער רעגירונג. איר קענט אַמאָל וועלן פֿאָדערן אַ חשבון, וואָס אַזעלכעס איז אויפֿ־געטאָן געוואָרן פֿון די הונדערטער און הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן פֿון דעם יידישן פֿאָלק. איר קענט אָנהייבן פֿרעגן וווהין און צו וועמען פֿאַלן אַריין

די דייטשע לינזן פאַרן בלוט פון מיליאָנען יידן. איר „מוראַשקעס", אין די הונדערטער טויזנטער, אין די מאַסן, קענט ווערן גאַנץ פריקרע, אַז זיצנדיק אויף דער ריוויערע, קענט איר אַמאָל אַזוי „אַרונטערקריכן אונטערן קאָלנער", אַז מען זאָל אויסגיין פאַר אַ קראַץ און זיך נישט קענען אַ קראַץ טאָן...

דאַרף מען וויסן ווי צו האַנדלען מיט מוראַשקעס, מען דאַרף זיי מאָרען. טאַקע אויפהאַלטן זיי ביים לעבן, אָבער מאָרען, זיי זאָלן אויספירן זייער מוראַשקעס־ראָל און דאָך נישט ווערן געפּערלעך.

דערפאַר זיצט דער מלך מאי־פאי אויף דער ערד מיט אַ שטעקעלע און מאָרעט מוראַשקעס...

15טער אָקטאָבער 1954

## לאָמיר גלייבן אין נסים

איך האָב זיך צוגעהערט צו אַן אייגנאַרטיקן שמועס פון צוויי אַרבעטער. פונעם שמועס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ביידע אַרבעטן היינט. זיי פאַרדינען טאַקע וואַסער אויף קאַשע, אָבער ווי עס זעט אויס, האָבן ביידע אַרבעטער — פרויען, וואָס איך וואָלט זיי געמאַכט פאַר אונדזער פינאַנץ־מיניסטער, וואָרום זיי קענען אויסערגעוויינטלעך באַלעבאַטעווען. זיי זענען ממש קונצנמאַכערינס. זיי וואָלטן טאַקע געדאַרפט דאָפּלט געלט וויפל די מענער ברענגען אַהיים, אָבער אַז ס'איז נישטאָ, מוז מען לעבן מיט חשבון.

— מיין ווייב וועט דיר קיין אַלטע פּאַר שיך נישט אַרויסוואַרפן — זאָגט איינער. — זי וועט דיר אין איינעם אַ טאָג צופּראַווען קאַטלעטן פון זוילן, קאַטלעטן וואָס צעגייען אין מויל.

— און מיינע — זאָגט דער צווייטער — אַז זי מאַכט פון מיין אַן אַלט רעקל אַ פּאָר הייזלעך פאַרן קינד, וועט זי דיר פון די איבערגעבליבענע אַרבעל מאַכן לאַקשן, אַז דו וועסט לעקן די פינגער.

האָבן ביידע אַרבעטער אויסגעזען צו זיין גליקלעך מיט זייערע פרויען די „קונצנמאַכערינס", וואָס קענען צוזאַמענציען דעם אָנהייב פון חודש מיטן סוף.

די געשיכטע איז אָבער, וואָס די ביידע אַרבעטער זענען דווקא נישט קיין קונצנמאַכערס: איינער פון זיי איז אין ניינטן חודש און דער צווייטער איז בבחינת די שטאַרקייט פון בראָנפן...

אויף וויפל דער אַרבעטער, וואָס איז אין ניינטן חודש, איז געווען אומרואיק, אויף אַזוי פיל איז דער אַרבעטער, בבחינת די שטאַרקייט פון בראָנפן, געווען שטאַרק צערודערט.

— דו פאַרשטייסט — זאָגט איינער צום צווייטן, — זיין אין ניינטן חודש איז נישט קיין קלייניקייט. אַ נס וואָס מיין ווייב איז אַזוי אַריינגעטון אין קאַלקולירן די באַלעבאַטישקייט, אין לאַטען די טעג און אין צערעווען די וואָכן, אַז זי האָט פאַרגעסן אין חשבון און ווייסט גאָרנישט, אַז איך בין אין ניינטן חודש. נו, אדרבא, דו וואָלסט דיין ווייב געזאָגט, אַז דו ביסט אין ניינטן חודש? דו וואָלסט געקענט זיין אַזאַ אכזר? ניין, וואָלסט עס נישט געקענט. מוז איך זיך אַליין אַרומטראָגן מיט דער משא. איך שלאָף נישט קיין נעכט, אַך צייל די טעג, איך פּרוּוו חשבונען אַהין און אַהער און עס

ווערט נישט אַנדערש — ס׳איז דער נײַנטער חודש און איך קען זיך נישט העלפֿן.

— נישט געפּערלעך — זאָגט דער צווייטער — ביסט סך־הכל אַלט זעקס און דרײַסיק יאָר און עס שטייט דיר נישט פֿאַר קיין געפּאַר.

— עס שטייט מיר נישט פֿאַר קיין געפֿאַר זאָגסטו? און איך ציטער אימת־מות. ווי וועל איך זיך אַן עצה געבן, אַז איך האָב נישט אפילו קיין אָפּ־געשפּאָרטן גראָשן. אַז עס וועלן זיך ענדיקן די נײַן חדשים וועל איך באַקומען דאָס באַרימטע בריוועלע: „היות דו האָסט געאַרבעט נײַן חדשים און דער טערמין פֿון אויספּרווון דיך האָט זיך געענדיקט, ביסטו פֿון הײַנט אָן גע־קינדיקט".

— מילא, וועסטו נישט זײַן אַ „קבוע", וועסטו נישט באַקומען קיין אורלויב, וועסטו נישט האָבן „וותק"; אָבער בײַ דײַנע זעקס און דרײַסיק יאָר וועלן זיי דיר אויף צו מאָרגנס ווידער אָננעמען צו דער אַרבעט „נישט קבוע" און מיט דעם ווייניקן וועסטו זײַן געזיכערט. ערגער איז מיט מיר: איך בין אַריבער די שטאַרקייט פֿון בראַנפֿן, דער 45־ער, און הייב־אָן צו ווערן ספּירט. אַן אומגליק. טאָמער זאָגט מען מיר איצט אָפּ פֿון דער אַרבעט, וועט מיר אויסקומען זיך אַרײַנצולייגן אין ספּירט. אויב מען זאָגט אָפּ פֿון דער אַרבעט נאָך 45 יאָר, איז וועלכער משוגענער וועט מיך צונעמען צו דער אַרבעט? אויב דער „סאָציאַליזם" וואַרפֿט אַרויס 45־יעריקע טאָ וועלכער קאַפּיטאַליסט וועט צונעמען דאָס, וואָס דער „סאָציאַליזם" וואַרפֿט אַרויס? נו ווייסטו שוין פֿאַר־וואָס דיר איז בעסער אין נײַנטן חודש ווי מיר נאָך פֿינף און פֿערציק יאָר־?

און בײַדע אַרבעטער זענען געבליבן זיצן, יעדער מיט זײַנע זאָרגן: איינער אין נײַנטן חודש פֿון אַרבעטן „נישט קבוע" און דער צווייטער מיט זײַנע 45 יאָר.

מיט אַ מאָל זאָגט דער 45־יעריקער:

— ווי אַ כלל, איז דער שטייגער אַזאַ: אין דער יוגנט איז מען געוואַלדיק פֿרום און אידעאַליסטיש. שפּעטער, ווען מען באַקומט זיך אַרײַן אין די רעדער פֿון לעבן און מען זעט אַרום זיך דאָס אידעאַלע שווינדעריי, פֿאַרבייגט מען אַביסל די פֿרומקייט, דער אידעאַליזם לאָזט־נאָך אַ קאַפּיטשקע און מען ווערט אַ חצי־שלי־חצי־שלכניק: חצי פֿרום פֿאַר גאָט און חצי פֿרום פֿאַר זיך, חצי אידעאַליסטיש פֿאַר דער „באַוועגונג" און חצי אידעאַליסטיש פֿאַר זיך. וואָרום מען מוז דאָך אַ ביסל גלייבן אויך אין זיך און אַ ביסל טראַכטן וועגן דער אייגענער „באַוועגונג" אין שטוב.

דערנאָך ווערט מען אַן אפּיקורס און אַ ציניקער לויטן גייסט פֿון דער סביבה. אַז דו קוקסט זיך צו ווי אַזוי שיינע יידן, רבנים און גבאים האַנדלען מיט גאָט, ווי מען האַנדלט מיט שניט־סחורה, און זיי שפּעקולירן מיט אמונה אויף דער פּאָליטישער בערזע — מפֿלסטו מיט דײַן גאַנצן גלויבן. און אַז דו קוקסט זיך צו ווי אַזוי מנהיגים פֿאַרוואַנדלען חלוציזם אין אַ „קאַדילאַק" און

אידעאַליזם אין קאַריעריזם — ווערט דיר אויסגעליידיקט דער גאַנצער קאַסטן און דו גייסט אַרויס נקי. וואָס שייך מיר, גייט דער פּראָצעס אין אַ פאַרקערטער ריכטונג: איך בין קיין מאָל נישט געווען פרום און קיין מאָל נישט אידעאַליסטיש. אַז מען לעבט איבער צוויי וועלט־מלחמות, מיט רציחות, גזילות, פאַלשע רעוואָלוציעס און אַלע אַנדערע מיאוסקייטן — פאַרגעסט מען אויף וועלכער האַנט מען טוט אָן דעם „של־יד״ און מ׳האָט מער נישט קיין קאָפּ פאַרן „של־ראש״. דערפאַר אָבער ווען דו זעסט צו וואָס פאַראַ קאַריערעס עס זענען דער־גאַנגען אונדזערע אידעאַליסטן — ווערסטו אָנגעפילט מיט אידעאַליזם ביז צום פּלאַצן... די הויזן צו פאַרזעצן און זיין אַן אידעאַליסט! זע, אַז דו ביסט נישט קיין אידעאַליסט, נאָר „בלויז״ ווי אַן אָרנטלעכער אַרבעטער גיסטו אַוועק דיין לייב און לעבן פאַר פּרוטות, דו פּראָדוצירסט, דו ביסט שעפעריש, דו העלפסט בויען די מדינה — קען מען דערנאָך ווי דו ווערסט אַלט 45 יאָר, דיך אַרויסוואַרפן אויפן סאָציאַלן מיסט ווי אַן אָפּגענוצטע מאַשין. אָבער אַז מען איז אַן אידעאַליסט, איז מען געגליכן צו אַלטן וויין: וואָס עלטער מען ווערט אַלץ בעסער איז. פאַרקערט, אַז עס קומען דיר צו אַ פּאָר יאָר און ווערסט אַ ביסל פעטער, שווערער, האָסטו אַ מאָטיוו, אַז דו מוזט האָבן אַ „קאַדילאַק״, אַ ווילע. אין די יאָרן ווען מען קען ביי אונדז אַן אַרבעטער אַרויסוואַרפן צוליבן 45־יעריקן עלטער — הייבט גראָד אָן דער אידעאַליסט צו בליען: ער ווערט אַ שליח, אַ מנהיג, אַמאָל אויך אַ מיניסטער אָדער סתם אַ פירער. איך, ביי מיין פאַך, האָב זיך געמוזט לערנען, ענדיקן אַ פאַכשול, זיך קוואַליפיצירן, ספּעצי־אַליזירן. אַן אידעאַליסט דאַרף דאָס אַלץ האָבן אויף כפּרות. ער קען זיך זיין אַן עם־הארץ, אַ טויגעניכטס, וואָס איז נישט פעאיק דורך אַרבעט צו פאַר־דינען אויף אַ לעבל ברויט. ער איז זיך נישט מער ווי אַן אידעאַליסט און דאָס פאַרטרעט אים אוניווערסיטעטן, אינטעליגענץ, קוואַליפיקאַציעס. העכסטנס דאַרף ער געבענטשט זיין מיט שטאַרקע עלנבויגנס.

דעריבער, זאָג איך איך, ווען איך זאָל היינט געבוירן ווערן נאָך אַמאָל, וואָלט איך געוואָרן אַן אידעאַליסט און פאַרבליבן אַן אידעאַליסט אויפן גאַנצן לעבן. וואָרום עס איז גאָר נישטאָ קיין בעסערע פּראָפעסיע ווי צו זיין ביי אונדז אַן אידעאַליסט.

צווייטנס, לאָמיר זאָגן, אַז איר ווערט איצט רעליגיעז. וויזט זיך אַרויס, אַז אויך דאָס איז נישט אַזוי ווי די אפּיקורסים ווילן האָבן. די אפּיקורסים לאַכן פון נסים, זיי זאָגן אַז נסים זענען די שוואַרצע טיכער מיט וועלכער דער קלעריקאַליזם פאַרבינדט די פאָלקס־מאַסן די אויגן זיי זאָלן נישט זען די ווירקלעכקייט. ביי אונדז איז פאַרקערט: די ווירקלעכקייט איז אַ שוואַרצע טוך מיט וועלכער שונאי־ציון פאַרבינדן די אויגן פון די מאַסן, כדי זיי זאָלן נישט זען די וואָרהאַפטיקייט פון די נסים.

אדרבה, זעט אַליין: דער ערשטער נס איז געווען, וואָס די אַראַבער זענען אויף אונדז אָנגעפאַלן און דורך דעם האָבן מיר אויסגעקעמפט אַ גרעסערן

שטח פאַר דער מדינה. אין דעם צעטיילטן שטח וואָלטן מיר, חלילה, דער־שטיקט געוואָרן.

דער צווייטער נס איז געווען, וואָס אַ דאַנק דעם אַראַבישן איבערפאַל — זענען די אַראַבער אַנטלאָפן פון ארץ־ישראל. ווען נישט דער דאָזיקער נס איז לא־די וואָס מיר וואָלטן איצט געהאַט ביי זיך זיבן הונדערט טויזנט אַראַבער, נאָר ס׳וואָלטן אויך נישט געווען קיין דירות פאַר 400 טויזנט נייע עולים און אין די מעברות וואָלטן היינט געזעסן העכער אַ האַלבער מיליאָן עולים.

דער דריטער נס איז געווען, וואָס די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דער־לויבט די יידן אַראָפּצורעכענען די שטיצע פאַר ישראל פון הכנסה־שטייער, וואָס אָן דער דאָזיקער הילף און אָן דער הילף פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, וואָלטן מיר אפילו נישט געהאַט צו עסן.

און אפילו מיט אָט דער שטיצע, טענהן אונדזערע מנהיגים און פירער, וואָלט די מדינה־ווירטשאַפט זיך צעפאַלן, חלילה, ווי אַ הייזל פון קאָרטן, ווען נישט די דייטשע צאָלונגען. האָט איר אַ פערטן נס.

און אַזוי ווי עקאָנאָמיסטן זעען שוין פאַר, אַז אויך מיט די דייטשע צאָלונגען וועלן מיר נישט קענען ווערן זעלבשטענדיק — וועט נייטיק זיין אַ פינפטער, זעקסטער און מי יודע נאָך וויפל נסים כדי מיר זאָלן קענען פירן די מדינה, און איך גלייב, אַז די נסים וועלן זיך, אם ירצה השם, שיטן ווי באָב.

נו, פרעג איך אייך איצט: ווער איז טאַקע גערעכט, די אפיקורסים, וואָס האָבן געחוזקט פון נסים, אָדער די גלייביקע אין נסים?

— ריכטיק — האָט אָן איבערצייגטער אַ זאָג געטאָן דער אַרבעטער אין ניינטן חודש — אויף שריט און טריט זע איך די נסים. דער גרעסטער נס איז אפשר דער, וואָס נישט געקוקט, וואָס מיר האָבן דאָ אַזוי פיל „אידעאַליסטן״, עקזיסטירט פאָרט די מדינה. אָבער ווו נעמט מען אַ שטיקל נס אַז אין ניינטן חודש זאָל איך נישט באַקומען אַ קינדיקונג און מיין ווייב זאָל אויך ווייטער קענען מאַכן קאָטלעטן פון אַלטע זוילן?

— זעט איר, אויף דעם דאַרף מען טאַקע אַ נס, פונקט ווי איך דאַרף אַ נס עליון, אַז נאָך מיינע 45 יאָר זאָל מען מיך נישט אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט אויפן סאָציאַלן מיסטקאַסטן.

לאָמיר גלייבן אין ניסים!

29טער אָקטאָבער 1954

# אונדזער גאָלדענער טאַלאַנט

צוויי מינים סוחרים זענען פאַראַן אויף דער וועלט: איינער, וואָס מאַכט פון בלאָטע גאָלד: ביי דעם מין סוחר איז נישטאָ קיין בבל־סחורה און קיין שלעכטער קונה. אַז עס קומט אַריין אַ קונה וועט אים דער סוחר אַזוי אַריינציען, אַרומוואַרעמען, אונטערקומען, אַז אפילו ווען דער קונה האָט פריער נישט געטראַכט צו קויפן, הייבט ער זיך פלוצעם אָן אַרומצוזען, אַז טאַקע די סחורה האָט ער געזוכט. ביי אַט דעם גוטן סוחר ווערט דער קונה אַליין אַ שטיק עקספערט און ער העלפט גאָר צו דעם סוחר זיך אַליין פאַרקויפן די סחורה. דער סוחר ציט אים אַריין אין מבינות פון מוסטער, קוואַליטעט און פּרייז. „אדרבה, איר׳ט שוין געזען אַזאַ סאָרט סחורה? זאָגט אַליין. אַ יאָ, ס׳איז פאַר אייך אַ נייס? שעמט זיך נישט צו זאָגן, אַז איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען, ווארום באַלד ביים אַריינקומען האָב איך באַמערקט, אַז איר זענט נישט פון די קונים, וואָס „שפּיל מיר דאָס, וואָס איך ווייס נישט וואָס״.

און דער קונה האָט הנאה וואָס דער סוחר האָט זיך דערקענט אויף אים, אַז ער איז „פון די בעסערע״, נישט סתם אַ לויפער.

„און וואָס זאָגט איר עפּעס אויף דער קוואַליטעט? שעמט אייך נישט, איך וועל נישט נעמען ביי אייך אַ פּרוטה טייערער, אויב איר וועט מודה זיין, אַז אַזאַ קוואַליטעט סחורה וואַלגערט זיך נישט אין יעדן געשעפט. ביי מיר איז דער עיקר קוואַליטעט. ווארום מיינע קונים דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַריינלייגן. איר וועט זיי נישט איינרעדן, אַז דרילעך איז אַטלאַס און אַ ציבעלע איז אַן אתרוג. וועגן פּרייז גייט אייך? הע־הע, איך זע שוין אַז קיין גוט געשעפט וועל איך ביי אייך נישט מאַכן. אַז איר זענט אַ קונה אַ מזיק, נאָר ווי זאָגט קהל: ס׳איז גלייכער מיט אַ קלוגן צו פאַרשפּילן, איידער מיט אַ נאַר צו געווינען. איך וועל אייך פון פּרייזקוראַנט אַראָפּלאָזן צען פּראָצענט און פאַר זיך איבערלאָזן בלויז די קאָמיסיאָן. איר ווייסט דאָך, סך־הכל אַ צוויי פּראָצענט. פאַרדינען וועל איך שוין ביי אַ קונה וואָס וועט קויפן בבל־סחורה״.

און דער קונה לאָזט זיך אָפּשניידן, איינפּאַקן און ער באַצאָלט מיט אַ געפיל, ווי ער וואָלט איינגעהאַנדלט די גרעסטע מציאה.

און ס׳איז פאַראַן אַ צווייטער מין סוחר, לויטן שטייגער פון אַן איידעמל אויף קעסט, וואָס איז על־פּי צופאַל אַריינגעפאַלן אין מסחר. ווי אַ בלינד פערד פאַרט אַריין אין אַ קאַלכגרוב. מעגט איר צו אַזאַ סוחר איבערגעבן דעם

„המשביר" און אים אונטערשטיצן מיט אַ מגבית, און נישט מאַכן זיך זעענדיק, אַז ער קויפט נישט אויס קיין פּאַטענט — דאָך וועט ער אייך דאָס געשעפט אויספּאַרטיקן צווישן אַ יאָ און אַ ניין. ביי אַזאַ מין סוחרטשינע איז גאָר קיין גוטע סחורה נישטאָ, אַלץ איז בבל — די סחורה, דער קונה און דער פּונקט.

אַז עס קומט אַריין אַ קונה, מאַכט ער אַ מינע, ווי ער וואָלט נאָר וואָס איינגענומען אַ ביטערע רפואה. און אַז ער דערלאַנגט דעם קונה דאָס שטיקל סחורה, ציטערן אים די הענט, ער האָט מורא די אויגן אויפצוהייבן, ווי ער וואָלט געגאַנגען דעם קונה אָפּנאַרן און ס'געוויסן לאָזט אים נישט.

„וואָס קוקט איר אַזוי? ס'מוסטער געפעלט אייך נישט? נו, וואָס זאָל איך טון איך האָב ס'מוסטער אַליין נישט געמאַכט... אויף דער קוואַליטעט פרעגט איר? דאָס איז עס, וואָס איר זעט. בעסער וועל איך עס שוין נישט מאַכן. און איבערהויפּט זענען היינטיקע קונים אויפגערעגטע; זיי קומען אַריין אין אַ געשעפט ווי צו אַ נערוון־דאָקטאָר. ווילט איר — קויפט; ווילט איר נישט — האָבן מיר נישט חתונה געהאַט".

לויפט אַרויס דער קונה פון געשעפט און טוט אַ קוק אויפן שילד, ער זאָל גוט געדענקען אָנצוזאָגן זיינע פריינד, זיי זאָלן די שוועל פון אָט דער קראָם נישט אַריבערטרעטן...

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם גענעראַל בעניקע, וואָס האָט אונדז געגעבן זיין „מי שברך" אין קאָפּענהאַגענער „אינפאָרמאַסיאָן". דאַכט זיך, אַז עס קען נישט זיין קיין בעסערע „קראָם", ווי אונדזערע: אַ יונגע, דעמאָקראַטישע מדינה אין סאַמע „האָלי לענד". און די „סחורה" איז אויך דיר נישט קיין קיין בבל־סחורה — ס'איז דאָס פאָלק פון דער ביבל, וואָס איז נאָך צוויי טויזנט יאָר גלות צוריקגעקומען שאַפן זיך אַן אייגענע היים און דערצו נאָך איינזאַמלען די שבטים, וואָס די פעלקער ווילן זיי נישט האָבן צווישן זיך. און די קוואַליטעט איז אויך נישט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. צי קענט איר האָבן אַ בעסער קוואַליטעט־פאָלק ווי דאָס פאָלק, וואָס גיט אַרויס אַזאַ „פּראָדוקציע" ווי משהס רמבמס, ביקאָנספילדס, שפּינאָזעס טראָצקיס, איינשטיינס, אשכנזיס וכדומה אַזעלכע לייט, וואָס די וועלט שמעלצט זיך מיט זיי.

צי קען דען אויף דער וועלט זיין אַ בעסער געשעפט און אַ בעסערע סחורה? און וואָס שייך דעם קונה, איז ער אויך נישט אַבי־ווער. כ'מיין טאַקע דעם גענעראַל בעניקע, אַ מענטש, וואָס האָט געקעמפט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, קעגן היטלעריזם גערעטעוועט יידן, איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר יידן. און ווייסט איר דאָך, אַז ווען אַ מענטש אינוועסטירט אין עמעצן אַ ביסל געפיל און אביסל גלויבן — בינדט ער זיך צו ווי אַ קרוב.

איז שיינט מיר, אַז אַ גוטע קראָם מיט ערשטקלאַסיקע סחורה און דערצו נאָך אַ גוטער קונה איז אַ זיכערע פּרנסה. אלא וואָס דען? ס'איז געווענדט אין סוחר. אויב די דריי גוטע זאַכן — אַ גוט געשעפט, ערשטקלאַסיקע סחורה און

אַ לייכטער קונה — איז נאָך דאָ אַ גוטער סוחר, קענט איר שלאָפן רויִק. דאָס געשעפט וועט אָוועק ווי אַ מזמור.

וואָרום מישטיינס געזאָגט: וואָס פאַר אַ קאָנקורענץ האָבן מיר געהאַט? די קראָם פון אבדאַללאַס מלוכה, ווו דאָס „פאָלק" זיצט נאָך אויפן טעפּעלע און שרייט מיט אַ פינגער אין מויל בולו־בולו־בולו? אָדער אַ שטייגער פאַרוקס מדינה, ווו נאַגיב יאָגט פאַרוקן, נאַצער — נאַגיבן און די מאָסלעם־ברידער — נאַצערן און נאַצער...

כ׳לעבן, ס׳איז צו לאַכן אין די פּויסטן פון אַזאַ קאָנקורענץ. און אַזאַ קונה ווי אַ גענעראַל בעניקע, אַן אייראָפּעאישער מענטש, דערצויגן אין אַ דעמאָ־קראַטיש לאַנד און אויף אַ פיינער קולטור — ער קוקט אויך אויף אַבדאַללאַס מלוכה און אויף פאַרוקס מדינה ווי אויף אַ לעוואַנטינישן באַזאַר: ס׳איז טאַקע עקזאָטיש, טומלדיק, פאַרביק, אָבער קיין גוט שטיקל סחורה ווייסט ער, וועט ער דאָ נישט איינהאַנדלען — די קרעלן זענען גלעזלעך, די מאכלים זענען לאַקרעץ און די זיסע ריידלעך זענען לעוואַנטינישע צביעות.

און דאָך זעט, וואָס דער גוטער קונה זאָגט וועגן דעם ערשטקלאַסיקן געשעפט מיט דער פּרימאַ סחורה און וואָס ער זאָגט וועגן דער לעוואַנטינישן באַזאַר.

ערשטנס, צווייפלט דער קונה, ס׳הייסט גענעראַל בעניקע, צי דאָס גלענ־צנדיקע געשעפט איז בכלל נייטיק. „כ׳ווייס נישט, זאָגט ער, צי ישראל איז אַ היסטאָרישע און פּאָליטישע נויטווענדיקייט". אַז וועלן מען זאָל שוין אפילו זאָגן אַז דאָס געשעפט, וואָס עקסיסטירט שוין דאַרף עקסיסטירן — וועט נישט זיין קיין לאָך אין הימל, אויב מען וועט עס אַריבערפירן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. „מען וואָלט זאָגט ער. בעניקע, געקענט דערגרייכן אַ שלום, אויב מען וואָלט געפונען אַ צווייט אָרט אויף דער וועלט פאַר אַ יידישער נאַציאָנאַלער היים".

ווי געפעלט אייך עפּעס דער נייער טעריטאָריאַליסט? איך האָב נישט געלייענט דעם גאַנצן אינטערוויו און ווייס נישט צי דער גענעראַל מיינט אוגאַנדאַ, אָדער סורינאַם, צי גאָר דעם נאָרדפּאָל ווי אַ „נאַציאָנאַלע היים פאַרן יידישן פאָלק". אָבער זיכער איז, אַז ער הייסט אונדז „מופן", נעמען אַ נייעם לאָקאַל פאַרן געשעפט, עס זאָל נישט קאָנקורירן מיטן לעוואַנטינישן באַזאַר, וואָס ער האַלט גראָד פאַר אַ סאָליד געשעפט.

און אויב עס איז נאָך ווייניק צו מאַכן אונדז כעפּרא דארעא און מבטל מאַכן סיי דאָס געשעפט און סיי די סחורה — זאָגט ער דער וועלט, אַז ס׳איז גאָר אַ מורא אין דעם געשעפט אַריינצוגיין, וואָרום דער סוחר איז דאָ נישט קיין סוחר, וואָס וויל מיט דיר האַנדלען, נאָר דאָס איז עפּעס אַ מאָנסטער, אַ מענטשן־פרעסער, וואָס וויל דיך סקאַלפּירן און אָפּקאָכן אויף אָנבייסן פאַר זיין ווילדן שבט.

קענסט קיין מאָל נישט וויסן, צי דאָס לעבן פון אַ מענטש אין ישראל

איז זיכער. ווארום — זאָגט געג. בעניקע אין דעם אינטערוויו — „ווען איך האָב זיך באַקלאָגט פאַר דער ישראל־מאַכט, האָט דער שעף פון דעם גענעראַל־שטאָב פון דער ישראל־אַרמיי, משה דיין, געזאָגט, אַז ער קען נישט געבן קיין זיכערהייט־גאַראַנטיע פאַר מיין לעבן" און גענעראַל בעניקע האָט נעבעך געמוזט אַרומגיין אויף דער ישראל־טעריטאָריע באַוואַכט פון אונ"אָ־מענטשן. דאָס איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ קאָמפּלעט אַנצוהערעניש, אַז די ישראלים זענען אַ מענטשן־פרעסעריש, בלוט־דורשטיק פאָלק. דאַקעגן, אויף יענער זייט, אין דעם לעוואַנטינישן באַזאַר, זענט איר אַ פרייער מענטש און איר זענט זיכער מיטן לעבן, ווי איר וואָלט עס געהאַלטן אין אַ באַנק־סייף.

פון וואַנען נעמט זיך אַזאַ בייז לשון צו גענעראַל בעניקע? ווי אַזוי איז עס געשען, אַז אַ יידנפריינד, אַ יידן־רעטער, אַן איירעפּעער, אַ דעמאָקראַט זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אונדזערס אַ שונא?

אויף דעם וועל איך אייך ענטפערן: ווען איר זעט ווי אַ קונה גייט אַרויס פון אַ געשעפט און ער טוט אַ קלאַפּ מיט דער טיר, אַז די שויבן ציטערן — זאָלט איר זוכן די שולד אין סוחר. ווארום פונקט ווי אַ סוחר שטייט נישט אין געשעפט, כדי אויפצורעגן די קונים, נאָר כדי צו פאַרקויפן זיי זיין סחורה, אַזוי קומט נישט אַריין קיין קונה אין אַ געשעפט, כדי צו דערצערענען דעם סוחר, נאָר כדי צו קויפן עפּעס ביי אים. לויט דעם קלאַפּ פון דער טיר פון קונה זאָלט איר משפטן דעם סוחר.

· ווער נאָך אַזוי ווי מיר ווייסן, וואָס פאַראַ טייער „געשעפט" מיר האָבן! און וואָס פאַראַ טייערע, ערשטקלאַסיקע „סחורה" מיר האָבן! און וואָס פאַראַ גוטן, סאָלידן נאָמען אונדזער „פירמע" האָט געהאַט! און ווער נאָך אַזוי ווי מיר ווייסן, וואָס פאַר אַ גוטע „קונים" מיר האָבן געהאַט. ערשטקלאַסיקע קונים: יידן־קאַפּיטאַליסטן פון דער גאַנצער וועלט, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין אונדזער „געשעפט" מיט התלהבות און גרייט צו קויפן, האַנדלען, בויען, העלפן — און אַרויסגעלאָפן זענען זיי ווי אָפּגעגאָסענע מיט אַן עמער קאַלטן וואַסער. און יידן זענען געקומען מיט ליבשאַפט, געקושט די הייליקע ערד, גרייט געווען מיט דער נאָז די ערד צו אַקערן — האָט מען זיי איינגעזאַלצן אין מעברות, זיי זאָלן זיך דאָרט עלטערן אין צרות. אויך אַז אַנדערע זענען אַנטלאָפן, געוואָרן „יורדים", האָט מען זיי נאָכגעשיקט „ידידי־בריוועלעך" צו די אָרטיקע קהילות, מען זאָל זיי, למען השם, דערגיין די יאָרן, פאַרוואָס זיי האָבן אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר.

אויב אונדזערע „סוחרים" זענען פּעאיק פון גוטע יידן צו מאַכן די ערגסטע „קונים", איז וואָס וואונדערן מיר זיך, וואָס זיי האָבן פון אַ גוי אַ יידנ־פריינד געמאַכט פאַר אַן אַנטיסעמיט, וואָס האָט אונדז איצט דערלאַנגט מיט אַן אייזערנעם שטאַנג איבערן קאָפּ און מאַכט אונדז אויסצודרייען פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט? וואָס וואונדערן מיר זיך?

בקיצור: מיר האָבן אַ גאָלדן „געשעפט" און מיר האָבן די בעסטע „סחורה". נאָר איין זאַך: דעם „סוחר" דאַרפן מיר אויסטוישן. מיר מוזן אין אונדזער סאָלידע פירמע אַרויסנעמען דאָס אײדעמל אויף קעסט און אויף זיין אָרט אַוועקשטעלן אַ ייִד קאַטאָרי ביי וועמען אפילו שלעכטע סחורה איז גאָלד. בפרט אַז מיר האָבן גאָלדענע סחורה, וואָס מיר קענען זי פאַרצוקערן צום בעסטן פרייז — צום גונסטן פאַרן קונה און צום גונסטן פאַרן סוחר.

12טער נאָוועמבער 1954

## פאַר וואָס מען שטרייקט

אַנטקעגן דעם וואָס מען זאָגט, אַז אַן עם־הארץ שטייט אין גרויסן.

ווערט דערציילט אַ מעשה ווי חיימקע ממזר, אַן אַרענדאַר אַן עושר, וואָס טונדלעך מיט אימפעריאַלן זענען געשטאַנען אין זיינע אַלקערס, דערפאַר אָבער אַן עם־הארץ בן עם־הארץ, האָט געזוכט אַ שידוך פאַר זיין בן־יחיד — אויך נישט קיין קליינעם עם־הארץ.

ווי דער שטייגער פון אַ גביר אַן עם־הארץ, האָט ער געזוכט פאַר זיין בן־יחיד אַ שידוך דווקא פון לומדישן יחוס. האָט חיימקע ממזר געלאָזט רופן מיישקע שדכן און געזאָגט צו אים אַזוי:

— הער, מיישקע, אַז איך האָב געלט ווייסטו? איאָ? דו ווייסט. אַז איך האָב אַ בן־יחיד ווייסטו? איאָ? דו ווייסט. אַז איך זוך אַ שידוך פאַר מיין בן־יחיד ווייסטו? איאָ? טאָ נעם די בייטש און פאָר אַרויס ברענגען מיר אַ שידוך קאַטאָרי זאָל זיך ווייקן אין יחוס פון אַלע זייטן, ווי אַ גאַנדז ווייקט זיך אין פעטס ערב חנוכה. און נישט סתם־דיר אַ יחוס זאָלסטו מיר ברענגען, וואָרום געלט האָב איך אַליין, נאָר אַ כניאָקישן יחוס זאָלסטו מיר איינשאַפן. אַזאַ יחוס, פאַרשטייסטו, וואָס... ווי זאָל איך דיר דאָס זאָגן?... אַ יחוס וואָס מאַכט אַ „נורעק" אין דער משנה און קומט אַרויס אין דער גמרא... מיישקע, איך האָב גוט געזאָגט? אָט אַזאַ לומדישן יחוס זאָלסטו מיר ברענגען.

איז מיישקע שדכן אַרויסגעפאָרן אין די מרחקים און אויסגעפונען אַ ייד אַ תלמיד חכם, וואָס האָט געהאַט אויסצוגעבן אַ טעכטערל אַ יפהפיה, אָבער ער איז געווען אַן אָרעמאַן אין זיבן פאַלעס.

אַז אָט דער ייד האָט דערהערט וועגן אַ שידוך מיט אַ בן־יחיד פון אַן עושר, האָט ער געטראַכט, אַז עס קען זיין אַ זיווג. און ס'איז שוין טאַקע צייט, אַז זיין טעכטערל די יפהפיה זאָל געהאָלפן ווערן. לומדות און עשירות איז דאָך אַ גאַנץ מלכות!

— גוט — האָט דער ייד געזאָגט — מען דאַרף פאַרהערן דעם חתן.

איז מיישקע שדכן געלאָפן פייל אויסן בויגן צו חיימקע ממזר און אים אָנגעזאָגט די בשורה:

— שפאַן־איין דיין בן־יחיד, וואָרום איך האָב פאַר אים אַ שידוך, וואָס באָדט זיך אין יחוס ווי אַ קנישע אין האָניק.

— ס'איז אַ גוט שטיקל לומדות?

— ר' חיימקע ממזר, וואָס זאָל איך גיין פאַר איך רימען דאָס לומדות?

איר וועט אַליין אָנטאַפּן די סחורה וועט איר זען. און זי, די כלה, שיינט ווי די זון אין הימל.

האָט חיימקע געגומען דעם בן־יחיד און געפאָרן מיט אים צום „מחותן", דעם תלמיד חכם:

— רבי, דאָ האָט איר דעם חתן און מאַכט אים חתונה.

האָט דער ייד געהייסן דעם חתן־בחור זיך אַוועקזעצן ביים טיש, ער האָט פון אַלמער אַרויסגעצויגן די מסכתא ברכות און געעפנט דאָס ספר.

קוקט אַריין דער יונגאַטש אין ספר, ווי אַ ציג קוקט אַריין אין אַ קראָם פון צעלניק. דאָס ערשטע מאָל זעט ער אַזאַ זאַך.

— מאימתי — זאָגט אים אונטער דער ייד און מיינט, אַז דער חתן־בחור שעמט זיך.

שווייגט דער יונגאַטש.

— מאימתי! — זאָגט שוין העכער דער ייד.

דער יונגאַטש שווייגט.

— מאימתי!! — זאָגט נאָך העכער דער ייד — נו, זאָג: מאימתי!!!

שפּרינגט־אויף דער יונגאַטש און זאָגט צום טאַטן:

— טאַטע, דאָס חתונה האָבן איז שווער. קויף מיר אַ לייכטער חתונה האָבן, אַנישט וועל איך נישט חתונה האָבן...

*

איך האָב אייך דערציילט די מעשה, כדי איר זאָלט זען, אַז די פּעולה פון שטרייקן „פאַר אַ לייכטער חתונה האָבן" איז נישט די דערפינדונג פון די סטודענטן פון חיפהער טעכניקום. דער שטרייק „פאַר אַ לייכטער חתונה האָבן" איז אַזוי אַלט ווי עס איז אַלט דער „מאימתי" און ווי עס איז אַלט די צעבאַלעוועטקייט פון עם־הארצים.

מען קען נישט זאָגן, וואָס שייך שטרייקן האָבן מיר דאָ, אין ישראל, באַוויזן, אַז מיר קענען די מלאכה פון שטרייקן פיל בעסער ווי אַרבעטן. מיר האָבן זיך אַזוי ספּעציאַליזירט און קוואַליפיצירט אין שטרייקן, אַז טאָמער וואָלט דאָס אַרטיקל גוט געווען אויף עקספּאָרט, וואָלטן מיר דעם וועלט־מאַרק געקענט ליפערן דעם גרעסטן אויסקלייב פון שטרייקן: זיץ־שטרייקן, ליג־שטרייקן, מאַרש־שטרייקן, הונגער־שטרייקן, אָקופּאַציע־שטרייקן, פּראָטעסט־שטרייקן, שטייער־שטרייקן, אויטאָבוס־שטרייקן און דאָקטוירים־שטרייקן, לע־רער־שטרייקן און עולים־שטרייקן, תלמידים־שטרייקן און בני־ישראל־שטרייקן, ריכטער־שטרייקן און קאָאַליציע־שטרייקן, פרומע־שטרייקן און אפּיקורסישע־שטרייקן, סוחרים־שטרייקן און משרתים־שטרייקן. דוכט מיר, אַז אויסער שליחים און קימפּעטאָרינס, האָבן שוין ביי אונדז געשטרייקט אַלע — פון אַלע סעקטאָרן, גרופּן, שיכטן, קלאַסן, שבטים, עדות, שכונים און שכונות. אָבער צווישן אַלע משונהדיקע, אויסטערלישע, מערקווירדיקע, שטוינענדיקע און פּלאַי־פּלאָימדיקע

שטרייקן, וואָס מיר האָבן געהאַט די לעצטע צייט, איז דער אַמערסטן אומבאַגרייפּ־לעכער שטרייק — דער שטרייק פון די סטודענטן פון חיפהער טעכניקום.

פאַרוואָס און צוליב וואָס שטרייקן די חיפהער סטודענטן? אפשר שטרייקן זיי צוליב דעם וואָס דער שכר־לימוד איז צו טייער? ניין, צוליב דעם שטרייקן די ירושלימער סטודענטן און צוליב דעם האָבן פאַראַיאָרן געשטרייקט די חיפהער סטודענטן. אפשר שטרייקן זיי צוליב דעם, וואָס די הויכשול גיט זיי צו ווייניק בילדונג? ניין. און אפשר שטרייקן זיי ווייל די פּראָפעסאָרן טויגן נישט? אויך נישט.

זיי שטרייקן, די חיפהער סטודענטן, ווייל... ווייל די עקזאַמענס זענען צו שווערע. אויף די עקזאַמענס פאָדערט מען פון זיי, זיי זאָלן ענטפערן אויף שווערע פראַגן. באמת, ווו איז דאָס געהערט געוואָרן מען זאָל אויף עקזאַמענס פאַר קומענדיקע אינזשיניערן שטעלן שווערע פראַגן? דאָס איז אַ נישט געהערטע חוצפה. צי איז דען באמת נישט גענוג צו וויסן ווען ד״ר הערצל איז דאָס ערשטע מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל, כדי צו זיין אַן אינזשיניער? אַט קען איך אַ זייער וויכטיקע, איינע פון די וויכטיקסטע און חשובסטע קול־טור־אינסטיטוציעס אין לאַנד, ווו דער גענעראַל־סעקרעטאַר ווייסט אפילו דאָס אויך נישט; און פונדעסטוועגן קען דער גענעראַל־סעקרעטאַר גוט לעבן אפילו מיט מיניסטאָרן און זיין אַ מומחה אויף קולטור.

איך קען פירער פון וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס זייער איינציקע פאַכמענישע קוואַליפיקאַציע איז דאָס פאַרטיי־ביכל; און פונ־דעסטוועגן דרייען זיי מיט דער ווירטשאַפט.

איך קען עם־הארצים, וואָס וועלן איך נישט אונטערשיידן צווישן איזאָטאָפּן, מעסאָפּאָטאַמיע און פּאָליגאַמיע; און פונדעסטוועגן זענען זיי גאַנץ פּאָליטגראַמאַטנע, כדי אַלס נישט גראַמאַטנע, צו זיין די אייבערשטע פון שטויסל און זיי זאָלן אפילו באַשטימען דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון פּראָפעסאָרן.

איז אויב עם־הארצים קענען זיין פירער פון קולטור־אינסטיטוציעס און פּאָליטישע באַנצן קענען זיין עקאָנאָמיסטן, פאַרוואָס־זשע זאָל מען זיך דאַרפן לערנען, כדי צו זיין אַן אינזשיניער? וואָס איז? אַ פּאַרטיי־ביכל איז ווייניק אויף צו זיין אַן אינזשיניער? אויב מיט אַ פּאַרטיי־ביכל קען מען זיין אַ מיניסטער און מיט אַ פּאַרטיי־ביכל קען מען מאַכן אַ גרויסע קאַריערע, דאַרף אַט דאָס געזעץ אויך זיין חל אויף אינזשענעריע. אַנשטאָט לערנען זיך מאַטע־מאַטישע פאָרמולעס, דאַרפן זיין גענוג פּאָליטישע לאָזונגען. אַנשטאָט לערנען די מעכאַניק פון באַוועגונג, דאַרף מען זיך לערנען וועגן פּראָטעקציע אין דער באַוועגונג. אַנשטאָט לערנען זיך צייכענען פּלענער, דאַרף זיין גענוג קענען זיך אונטערשרייבן.

זעט אויס, אַז אונטער דער השפעה פון די גלענצנדיקע מוסטערן אין אונדזערע אינסטיטוציעס, זענען די חיפהער סטודענטן אַרויס אין אַ שטרייק

קעגן די שווערע עקזאַמענס. דאַלאַי מיט די פּראָפֿעסאָרן! ווער זענען עס די פּראָפֿעסאָרן, וואָס ווילן אונדז שטעלן שווערע פֿראַגן!

אין ערשטן טאָג פֿון אָט דעם אויסטערלישן שטרייק האָב איך געטראַכט, אַז זיכער וועט די העברעאישע פּרעסע אין לאַנד אויסשייגעצן די סטודענטן, זיי דערציילן וויפֿל מען דאַרף לערנען, כדי צו זיין אַ גוטער אינזשעניער, אַ גוטער דאָקטאָר, אַ גוטער עקאָנאָמיסט, אָדער אפֿילו אַ פּשוטער פּאָליטיקער אין אַ נאָרמאַלער מדינה. מען וועט די שטרייקנדיקע סטודענטן אויפֿקלערן, אַז עק־זאַמענס זענען די פּרוּווּשטיינער פֿאַר איינגעזאַפּטער בילדונג און אַז עס איז די גרעסטע חרפּה פֿאַר דעם ציבור סטודענטן צו שטרייקן קעגן שווערע עקזאַמענס. פֿאַרקערט, ביי יידישע סטודענטן פֿלעגט אַמאָל זיין די אַמביציע „אָנצולערנען" די פּראָפֿעסאָרן דורך ענטפֿערן אויף די שווערסטע פֿראַגן.

אָבער די פּרעסע האָט קעגן אָט דעם שטרייק פֿאַר עם־הארצות קיין איין וואָרט נישט געזאָגט. ווייל די פּרעסע איז אַ פּאַרטייאישע און די פּאַרטייען האַלטן פֿאַר וואַלן און סטודענטן קענען געבן שטימען. זענען וויכטיקער די שטימען פֿון סטודענטן, וואָס שטרייקן קעגן עקזאַמענס, איידער סאָליד גע־בילדעטע אינזשעניערן.

אויב אַזוי, קען מען אָננעמען, אַז די סטודענטן וועלן אָפּהאַלטן אַ נצחון. די פּראָפֿעסאָרן וועלן נאָכגעבן און רעזיגנירן נישט בלויז פֿון די שווערע עקזאַמענס, נאָר איבערהויפּט פֿון לערנען. און ווי נאָר די סטודענטן פֿון חיפֿהער פּאָליטעכניקום וועלן האָבן אויסגעטראָטן אָט דעם „חלוצישן וועג" — וועלן זיך צעשטרייקן אַלע תלמידים:

עס וועלן שטרייקן די קינדער פֿון די גנים, באשר עס איז זיי צו שווער צו זינגען „עוגה, עוגה", און זיי ווילן נאָך זייגן. עס וועלן שטרייקן די קינדער פֿון כתה א׳, באשר דער ערשטער זאַץ צו שרייבן — „שלום, כתה א׳" איז צו שווער; עס איז גענוג צו שרייבן בלויז „שלום". און אַזוי וועלן שטרייקן אַלע — פֿאַר אַ לייכטערן עול, פֿאַר לייכטערער אינטעליגענץ, פֿאַר אויבער־פֿלעכלעכקייט, פֿאַר עם־הארצות אונטער דער לאָזונג פֿון יענעם בן־יחיד פֿון חיימקע ממזר:

— טאַטע, דאָס חתונה האָבן איז צו שווער. קויף מיר אַ לייכטער חתונה האָבן, אַנישט וועל איך נישט חתונה האָבן...

נו, טאַקע, צי קען מען דען ביי אונדז מיט עם־הארצות נישט טאָן דעם גרעסטן און שענסטן געזעלשאַפֿטלעכן שידוך?

19טער נאָוועמבער 1954

# נישטאָ קיין גערעכטיקייט

אַ חתונה ביים גביר — האָבן די סאַרוועדס געטראָגן פּולמיסקעס מיט פעטע קאַרפּן, פולע טאַצן מיט ברוינע שטיקער גענדזונס, שיסלען מיט קנישעס. וואָזעס מיט געהאַקטע לעבער, פאַרנדיקע טעפּ מיט שמעקענדיקע יויכן, ראַנדלען מיט פעטע צימעסן און שטיקער פלאָדן. דאָס אַלץ איז איבער די קעפּ געשווומען אַהין, אַהין, צו די ווייסע, געדעקטע טישן, ווו עס זענען געזעסן די רייכע געסט, די יידן מיט גרויסע בייכער און די ווייבער מיט גרויסע גוידערס, די אַ גאַנץ יאָר זאַטע, וואָס האָבן אַליין פעטע קאַרפּן, שטיקער געגדזונס, קנישעס, געהאַקטע לעבער, שמעקעדיקע יויכן, פעטע צימעסן און פלאָדן...

שטייען די אָרעמעלייט ביי דער טיר און די סלינע קומט זיי אין מויל אַריין פון די פעטע געשמאַקע ריחות, וואָס קענען הונגעריקע מאָגנס צערייסן אויף שטיקער.

זאָגט איין אָרעמאַן צום צווייטן:

— זע, ברודער, דעם אומרעכט אויף דער וועלט. זיי דאָרט, ביי די טישן, דאַרפן די קאַרפּן, די שטיקער געגדזונס, די קנישעס, דעם געהאַקטן לעבער, די יויכן, די צימעסן און די שטיקער פלאָדן, ווי אַ מילנערס הונט דאַרף אַן איבעריקן כזית ברויט. שטופּט מען זיי נאָך. און דער מחותן וועט זיין גליקלעך ווען זיינע רייכע געסט וועלן דאָס אַלץ צעקייען און צעפּאַטשקען — אַז ס'איז אַן עבירה פאַר גאָט. אָבער אונדז, וואָס די שמחה פון אונדזערע מאָגנס וואָלט געווען אין לשער, ווען מען זאָל צו אונדז „ליפערן" די פולמיסקעס, די טאַצן, די שיסלען, די טעפּ און די ראַנדלען — אונדז לאָזט מען וואַרטן צום סוף, צו די אָפּגעגריזשעטע ביינער, צו די רעשטלעך, צו דעם, וואָס די גבירים צערייסן, צעטרייבערן, צעמאַרשטשען, צעפּאַטשקען, צעשמאַטשקען, צענאָגן און קענען מער נישט פאַרטראָגן. צי וואָלט מען נישט געדאַרפט בייטן דעם סדר פון דער וועלט, אַז אויף רייכע חתונות זאָלן די גבירים, די יידן מיט די גרויסע בייכער און די ווייבער מיט די גרויסע גוידערס, שטיין ביי דער טיר און מיר, די אָרעמע לייט, זאָלן זיצן ביי די סערווירטע טישן. מיר וואָלטן דאָך די גבירים אַזוי נישט באַליידיקט ווי זיי באַליידיקן אונדז, ווייל פון אונדז וואָלטן נישט אַוועק קיין אָפּגעגריזשעטע ביינער, קיין רעשטלעך, דאָס וואָס איז צעריסן, צעטרייבערט, צעמאַרשטשעט, צעפּאַטשקעט, צעשמאַטשקעט

און צענאַגט. פון אונדז וואָלטן די כלים צוריק אַוועק אין קיך — ריין, ריין ביז צום לעצטן פּולמיסעק...

איז אָבער די וועלט נישט קיין געדעכטע — אוי, ווי נישט קיין גע־דעכטע! — איז מען מיטן פעטן כיבוד מכבד די זאַטע און די הונגעריקע קוקן זיך צו...

אָט נעמט אַ שטייגער אונדזערע פירער, פירערלעך און פירערטשיקלעך, וואָס זיי אַלע קענען זיך נישט באַקלאָגן אויף די זיבן פעטע יאָרן. עס איז די גרויסע חתונה מיט די פעטע כיבודים, וואָס די סערווירערס סערווירן פון דער רייכער קיך, וואָס הייסט אַמעריקע, וואָס הייסט יידן אין דרום אפריקע, אין אַרגענטינע און בראַזיליע און ווו נישט? אויבן אָן, ביי די סערווירטע טישן, זיצן די יידן מיט בכבודיקע בייכלעך און די ווייבער מיט מיוחסדיקע גוידערס, וואָס רעדן אפילו לשון־קודש מיט דער ספרדישער „אודאַרעניע", אָבער מיט ווערטער, וואָס איר געפינט נישט — נישט אין דער משנה, נישט אין דער גמרא און נישט אין די מדרשים, ווי אַ שטייגער „קאַטעדזש", ליווינג־רום", „קיטשן־רום", „מיקסטער", „טאָאוסטער", „אייר־קאָנדישענינג", „קאַדילאַק" און מיט אַנדערע אַריסטאָקראַטישע באַגריפן; און זענען שרעקלעך פאַרלאַנגווייליקט פון די רייזעס, פון דעם פליען, פון דעם זיצן, נעבעך, אין די רייכע האָטעלן פון ניו־יאָרק, פּאַריז, ציריך, ריאָ־דע־זשאַנעירא, בוענאָס־איירעס, יאָהאַנעס־בורג און האָצעפּלאָץ, מיט וואָנעס אָן טרעפּלעך און מיט וואָנעס מיט טרעפּלעך; פון טראָגן זיך אין דער לופטן מיט „אל על", „טי. דאַבליו. עי", „בי. או. איי. סי", „סוויסאייר", „אייערפראַנס" און אַנדערע פייגל אין דער לופטן. און ביי די טירן פון דער גרויסער חתונה שטייען פערציק טויזנט אָרעמעלייט און קוקן זיך צו מיט ליידיקע מאָגנס ווי „אַהין", צו די רייכע, טראָגן זיך די פּולמיסקעס, די וואַזעס, די ראָנדלען און די טאַצן...

מאַכט זיך אַ מעשה און עס קומען אונטער צוויי חתונות אין איין טאָג; אָט גייען די ליבע וואָלן, מען וועט דאַרפן פאַרטיילן די בענקלעך און צו די בענקלעך איז צוגעטשעפּעט כבוד, איינפלוסן, עקספּאָרט און אימפּאָרט (מיט תשלום און בלי תשלום), און אַנדערע גוטע זאַכן. און בענקלעך האָבן אַ שטייגער, וואָס אויב מען זיצט נישט אויף זיי און מען האַלט זיי נישט צו — גליטשן זיי זיך אפּער, רחמנא ליצלן, אַז מען קען בלייבן מיטן בייטשל... קומט אַ טעלעגראַמע פון אַמעריקע, אַז מ'זאָל שוין אַרויסשיקן די גרויסע קאַרפּנקעפּ צום מגבית. אָן די קאַרפּנקעפּ פון ישראל וועלן זיך די אַמעריקאַנער „קאַרעסלעך" נישט לאָזן פּרעגלען אויף פּוטער, עס הייסט, די אַמעריקאַנער יידן וועלן נישט געבן די טאָלערס. און אַז ס'וועלן נישט זיין די טאָלערס — וועט דאָך נישט זיין וואָס צו טיילן; און אַז עס וועט נישט זיין וואָס צו טיילן — איז דאָך אַ בענקל נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק.

בכן פאָרט, קאַרפּנקעפּ, צום מגבית.

ווייזט זיך אַרויס, אַז די קאַרפּנקעפּ זענען איצט נישט קיין גרויסע

בעלנים אַרויסצופאָרן פון לאַנד. וואָס איז פּלוצעם געשען? צי זענען זיי געוואָרן אַזעלכע גרויסע פּאַטריאָטן, אַז זיי ווילן נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד? צי איז זיי נמאס געוואָרן דאָס זיצן אין וואַלדאָרף אַסטאָריע?

ניין, עס הייבט זיך נישט אָן.

מען האָט מורא אַרויסצופאָרן פון לאַנד, ווייל אין די פּאַרטיי־קיכן גרייט מען שוין די וואַל־רשימות, מען אַרבעט שוין איבער דער וואַל־סטראַטעגיע, מען זאַמלט שוין די „גראַצערס" און — מען קוקט זיך שוין אויף די הענט... דעריבער קען אַמאָל געשען, אַז עמעצער פון די גרויסע זאָל טאַקע אַרויספאָרן ווי אַ קאַרפּנקאָפּ, אָבער צוריקקומען קען ער ווי אַ נעבעכדיק שפּראָטל, וואָס וועט זיך געפינען אויפן צווייטן און אכציקסטן אָרט אין אַ וואַל־רשימה. אָדער עס קען אַמאָל געשען, אַז איין פּאַרטיי איז דווקא פאַראינטערעסירט, אַז איצט זאָלן פאָרן די קאַרפּנקעפּ פון אַנדערע פּאַרטייען, כדי צו דעמאָבליזירן זייערע שטאָבן, אָפּשוואַכן זייער סטראַטעגיע, צעמישן זיי די יוצרות, וואָס הייסט אין דער שפּראַך פון גענעראַל־שטאָבן: „פירן אין באַד אריין".

האָבן איצט די גרויסע שטאַרק מורא מען זאָל זיי נישט „פירן אין באַד אריין"; און אַז מען לייגט איינעם פאָר צו פאָרן העלפן פאָרן מגבית, ווייזט ער אַ גרויסע פייג: נישט ביי מאָטיען. איצט פאָר איך נישט. איצט זאָלן פאָרן אַנדערע. מיט איין „דאָס" קען מען נישט פאָרן אויף צוויי יארידים. איצט איז דאָס וויכטיקסטע דער אינערלעכער יאריד, די וואַלן.

און וואָס מער מיר פאָרן אריין אין וואַל־סעזאָן, אַלץ ווייניקער בעלנים וועלן זיין פון צווישן די גרויסע אויף צו פאָרן העלפן דעם מגבית. צום ערשט דאַרף מען זיך אַליין העלפן.

עס זענען פאַראַן אפילו פּעסימיסטן וואָס זאָגן, אַז אין דעם האַלבן יאָר פאַר די וואַלן אין ישראל וועלן באַנקראָטירן די לופט־ליניעס צווישן ישראל און אַמעריקע און עס וועלן באַנקראָטירן די ניו־יאָרקער האָטעלן און רעסטאָראַנען, וואָרום אין דעם סעזאָן וועט דאָס אַלץ פּוסטעווען, ווי אויף אַ בית־עולם אין די רעגנס. וואָרום ווו וועלן זיי נעמען קליענטן, אויב נישט די שליחים פון ישראל?

טאָמער וואָלט אָבער געווען גערעכטיקייט אויף דער וועלט, טאָמער וואָלט מען אויף חתונות געליפערט די פּולע פּולמיסקעס צו די אָרעמע לייט און די רייכע זאָלן שטיין ביי דער טיר — וואָלט מען איצט, כ׳לעבן, געדאַרפט איינשפּאַנען ווי שליחים צום מגבית די יידן, וואָס שטייען ביי די אַרבעטס־אַמטן און וואַרטן מען זאָל זיי געבן אַ טאָג אַרבעט. אַזעלכע יידן וואָלטן אויפגעלעבט און אויך פאַרזוכט דעם טעם פון אַן אייגענער מדינה. ערשטנס, וואָלטן זיי געדאַרפט אויף כפרות די וואַלדאָרף אַסטאָריעס, זיי וואָלטן זיך באַגנוגנט מיט אַ ביליקן האָטעל. צווייטנס, וואָלטן זיי בעסער געקענט שילדערן די נויטן פון ישראל, וואָרום זיי וואָלטן געשילדערט זייער אייגן לעבן, זייערע אייגענע שוועריקייטן, זייער אייגן אויסגעריסן ווערן פאַר אַ טאָג „דחק אַרבעט", פאַר

אַ לעבל ברויט פאַר זייערע קינדער, פאַר אַ פּאָר שיך פאַרן ווייב. דריטנס, וואָלטן זיי נישט אַרומגעלאָפן איבער די מאַגאַזינען פון ניו־יאָרק אויף איינצוקויפן די „טאָוסטערס״, „מיקסטערס״ און אַנדערע שמאָכטעס, וואָס רייסן די אויגן פון די דאָלאַר־געבער. זיי וואָלטן, העכסטנס, געגעסן צו דער זעט און געפילט, אַז נאָך 45—50 יאָר איז מען אויך אַ שטיקל מענטש מיט מענטשן גלייך און נישט מאַטעריאַל פאַר סאָציאַלער הילף. און פערטנס — ווען מען שיקט אַרויס ווי שליחים אַזעלכע צען טויזנט „דחק אַרבעטלאָזע״ וואָלט אונדזער אַרבעטס־מיניסטאַרשע געקענט באמת זאָגן, אַז די אַרבעטלאָזיקייט איז געפאַלן....

נאָר די מעשה איז, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין גערעכטיקייט אויף דער וועלט. די זאַטע פאַרבעט מען צו רייכע טישן, צו צוויי חתונות אין איין טאָג, און זיי קענען זיך נישט צערייסן, און זיי דרייען מיט די נעז; און די אָרעמע לייט, נעבעך, שטייען ביי דער טיר פון יעדער חתונה און קוקן זיך צו ווי די פּולמיסקעס ווערן געליפערט אַהין, ווו מען דאַרף זיי צוליב שווילטאָג, צוליב גאווה, אויף צעפּאַטשקען, צעמאָרשטשען, כדי זיי, די רייכע, זאָלן קענען בלאָזן פון זיך און אַריבערקוקן אַהין, צו די מאָגן־קלעזמער, ווי די מאַגנס שפּילן דעם הונגער־מאַרש...

נו, איז פאַראַן גערעכטיקייט אויף דער וועלט?

3טער דעצעמבער 1954

# יונגע — צו קינדער, אַלטע — צו אַרבעט

עס ווערט דערציילט, אַז צום אַלטן פראַנץ יאָזעפן איז איין מאָל אַריין דער קריגס־מיניסטער און אים פאָרגעלייגט אונטערצושרייבן אַ רשימה פון גענעראַלן און פּאַלקאָווניקעס, וואָס ווערן „אַוועקגעשטעלט" אין אַ זייט צוליב זייער עלטער.

— אייער קעניגלעכע מאַיעסטעט פאַרשטייט, אַז די אַלע גענעראַלן און פּאַלקאָווניקעס וועלן זיך רעכענען אויף פּאַראַדן, אָבער שיסן וועלן זיי נישט מער.

מיט אַ ציטערדיקער האַנט פון זיקנה האָט פראַנץ יאָזעף אונטערגעשריבן די רשימה און זיך צעלאַכט.

— וואָס לאַכט אַזוי אייער קעניגלעכע מאַיעסטעט? — האָט דער קריגס־מיניסטער געפרעגט.

— איך לאַך — זאָל פראַנץ יאָזעף האָבן געענטפערט — ווייל מיך קען קיינער נישט שיקן אויף פּאַראַדן. אַנישט וואָלט איך שוין דרייסיק יאָר נישט געשאָסן.

איז טאַקע אַ גרויסער נס, וואָס מיר האָבן נישט קיין קיסר, קיין אייגענעם פראַנץ יאָזעף, וואָס זאָל אונטערשרייבן די רשימות פון אונדזערע גענעראַלן און פּאַלקאָווניקעס, וואָס דאַרפן לויט אונדזערע הסתדרותישע געזעצן זיך רעכענען אויף פּאַראַדן און אויפהערן „שיסן". וואָרום טאָמער וואָלט אַזוי יאָ געווען, וואָלטן מיר, אין הסכם צום עלטער־צענז אויף אַרבעט, געבליבן אָן איין מיניסטער אין דער רעגירונג און מיט דרייסיק מיטגלידער אין דער כנסת. די „איבעריקע" וואָלטן זיך גערעכנט אויף פּאַראַדן און אויפגעהערט „שיסן". אויך דער גאַנצער ועד הפועל וואָלט אויפגעהערט „שיסן". די מערהייט פירער פון די פּאַרטייען וואָלטן געגאַנגען אויף פּאַראַדן.

האָבן מיר אָבער אַ גרויסן גאָט אין הימל און ער האָט אונדז געמאַכט פאַר אַ דעמאָקראַטיע, אָן אַ פראַנץ יאָזעף...

וואָרום לויט די אַרבעט־געזעצן, וואָס הערשן ביי אונדז, וואָלטן אַלע מיניסטאָרן און 70 פּראָצענט פון די כנסת־מיטגלידער און דער גאַנצער ועד הפועל און אַלע פון דעם אייבערשטן פון שטויסל — ווען זיי דאַרפן אַדורכגיין די לשכת עבודה — וואָלטן זיי אפילו צו „עבודת דחק" נישט אַנגענומען געוואָרן, ווייל זיי זענען אַלע איבער פינף און פערציק יאָר און לויט די געזעצן אין דער משיח־תקופה פון קיבוץ־גלויות וואָלטן זיי געגאַנגען „נאַ אָסטאַווקו".

אגב, זאָגט מען, אַז דאָ וואָרט „דחק" שטאַמט נישט פון דעם מקרא, נאָר נעמט זיך פון דעם סלאַווישן באַגריף „זדעכעק" (פגירה), עס הייסט, אַז פון „עבודת זדחק" (זדעכעק) קען מען נישט לעבן און מען קען נישט שטאַרבן, אָבער זדאָכניען קען מען.

איך זאָג דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם, וואָס היינטיקע וואָך איז ביי מיר געווען אַ דעלעגאַציע פון די „זקנים" איבער פינף און פערציק יאָר וועלכע זענען פאַרמשפּט געוואָרן דורך אונדזערע אַרבעט־געזעצן צו זדאָכניען.

— פאַרוואָס — פרעגט איינער פון דער דעלעגאַציע, — קענען מיניס־טאָרן און כנסת־מיטגלידער און אַלע „יאַ־טעבע־דאַמס" זיין עלטער פון פינף און פערציק יאָר און פאַרוואָס איז אַן אַרבעטער עלטער פון פינף און פערציק יאָר אַ בבל, וואָס די לשכה וואַרפט אים אָפּ, ווי אַן אָפּגענוצטע שמאַטע?

— דאָס איז אַ דאַנק אונדזער דעמאָקראַטישער אָרדענונג — האָב איך אויפגעקלערט דעם „זקן" — ווען מיר זאָלן זיין אַ מאָנאַרכיע מיט איין פראַנץ יאָזעף, וואָלט ער איינער, אויפן סמך פון אונדזערע געזעצן וועגן עלטער פון אַרבעטער, אונטערגעשריבן די דעמיסיע פון אַלע און אַלע וואָלטן אויפ־געהערט „שיסן". נאָר אַזוי ווי מיר זענען אַ דעמאָקראַטיע, האָבן מיר נישט איין פראַנץ יאָזעף, נאָר אַ סך פראַנץ יאָזעפלעך, וואָס האָבן אַ קעגנזייטיקן אָפּמאַך נשט צו רירן איינער דעם צווייטן. אָבער איר „זקנים" זענט דאָך נישט קיין פראַנץ יאָזעפלעך נאָר פשוטע עולים, וואָס האָבן פאַרשפּעטיקט צו דער באַן מיט אַ צען יאָר — איז ווער האָט פאַר אייך מורא?

— זקנים, זאָגט איר, זענען מיר? — שטעלט זיך אויף איינער פון דער דעלעגאַציע — פאַרוואָס האָבן די שליחים אין די דייטשע לאַגערן אונדז נישט געזאָגט, אַז מיר האָבן אַן „עלטער־פעלער" און אַז מיר טויגן נישט פאַר ארץ־ישראל? פאַרוואָס האָט מען אונדז דאָרט געהייסן צערייסן די פּאַפּירן קיין אַמעריקע, קיין קאַנאַדע, קיין אויסטראַליע און אונדז צוגערעדט צו פאָרן נאָר קיין ארץ־ישראל, ווו עס וואַרט אויף אונדז דאָס „טעלערל פון הימל" און פון דעם „טעלערל פון הימל" האָט זיך אויסגעלאָזט אַ ליידיקער טעלער? איר זאָלט מיר שוין זאָגן, פאַרוואָס האָבן די שליחים אין די לאַגערן אונדז נישט אויסגעזאָגט דעם אמת, אַז נאָך 45 יאָר איז מען אין ארץ־ישראל אַ זקן און אַז קבוע קען מען קיין אַרבעט נישט באַקומען, נאָר מען קען קבוע ליגן ניין איילן אין דער ערד?!

— אויף דעם האָב איך אַן ענטפער — האָט זיך אָפּגערופן איינער פון דער דעלעגאַציע — אַמעריקאַנער דאָלאַרן פרעגן נאָר אויף יידן. ווען עס זאָלן נישט קומען קיין יידן, וואָלטן נישט געקומען קיין דאָלאַרן. און היות מען האָט געוואָלט די דאָלאַרן, האָט מען אויך געדאַרפט ליפערן יידן. האָט מען געליפערט יידן אין יעדן עלטער פון 45, 50, 55, 60 70 יאָר, אַבי יידן און אַבי דאָלאַרן. אַז די דאָלאַרן פאַר אונדז האָט מען שוין אָפּגענומען, איז צו וואָס דאַרף

מען אונדז? איצט קענען מיר שוין גיין אויף „עבודת זדחק״, מען פייפט שוין אויף אונדז, מען פייפט געזעצלעך און גיי שריי חי וקיים!

זיצט איינער אַזאַ „זקן״, אַ ייד מיט אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס און אַ פּאָר געזונטע הענט, וואָס איך וואָלט נישט געוווּנטשן, אַז אַ סעקרעטאַר פון לשכת עבודה זאָל אַריינפאַלן אין אָט די הענט, און ער זאָגט צו מיר:

— איר מיינט, אַז די הינטישע געזעצן פון פאַרוואַנדלען עלטערע פון 45 יאָר אין זקנים איז בלויז אַ פראַגע פון עסן? ניין. ס׳איז נישט אַ פראַגע בלויז פון עסן, דאָס פירט צו פאַמיליע־טראַגעדיעס. אָט האָב איך אין דייטשלאַנד חתונה געהאַט מיט אַ יונגער פרוי. מיר האָבן געזאָלט פון דייטשלאַנד פאָרן קיין קאַנאַדע. האָב איך געזאָגט צו מיין פרוי: צו וואָס טויג אונדז קאַנאַדע? צו וואָס זאָלן מיר אַרויס פון גויאישן פייער און אַריין אין גויאישן וואַסער? אָט זאָגן די ארץ־ישראל־שליחים, אַז דאָס לאַנד וואַרט אויף אונדז. דאָס לאַנד איז אויסגעבענקט נאָך אונדז. אַרבעט? וויפל איר ווילט. אַ דירה? וואָס פאַראַ דירה איר ווילט. ביי אונדז אין ארץ־ישראל וועט איר נישט בלויז זיין צום סדר אַ מלך, נאָר איר וועט זיין אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר אַ מלך, און אייער פרוי — אַ מלכה, און אייערע קינדער — פרינצן און פרינצעסינס. צערייסט די קאַנאַדער שאלאמויזן און זייט עולה קיין ישראל. האָט מיין פרוי געזאָגט: גוט. לאָמיר פאָרן קיין ארץ־ישראל. זענען מיר געפאָרן און — אַריינגעפאָרן אין אַ לאַגער, ווו איך בין געוואָרן מלך־שלעפּער, מיין ווייב — מלכה־שלאָנדער און מיינע קינדערלעך — פרינצן און פרינצעסינס פון ווינט און רעגן. און אַז נאָך ווינד־און־וויי־יאָרן בין איך געקומען אין דער לשכת עבודה האָט מען געחוזקט פון מיר: איר ווילט אַרבעטן קבוע? עס איז נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. ווו זענט איר געווען מיט צוואַנציק יאָר צוריק? ווען איר וואָלט געקומען מיט צוואַנציק יאָר צוריק, וואָלט איר באַקומען אַרבעט קבוע אין איר וואָלט געווען אַ געמאַכטער מענטש. איצט, ווען איר זענט געקומען אין עלטער פון איבער 45 יאָר, ווילט איר קבוע? איר וועט דאַנקען גאָט, אַז איר וועט באַקומען אַרבעט נישט קבוע. און דער סעקרעטאַר איז גערעכט געווען. איך וואָלט געדאַנקט גאָט ווען איך האָב אַרבעט נישט קבוע, נאָר איך האָב נישט. זעלטן האָב איך אַהיימגעבראַכט אַ פּאָר פונט אויף ברויט פאַר מיינע קינדער. איין וואָך אַרבעט מען און דריי וואָכן לייגט מען די ציין אויף דער פּאָליצע. מיין יונגע פרוי האָט געליטן. זי האָט אין דייטשלאַנד חתונה געהאַט מיט אַ מאַן און דאָ, אין ישראל, ווייזט זיך אַרויס, אַז דער מאַן איז אַ זקן. אפילו דאָס געזעץ זאָגט, אַז ער איז אַ זקן, וואָס קוואַליפיצירט זיך העכסטנס אויף „עבודת זדחק״. וואָס זאָל איך אייך לאַנג דערציילן — דעם סעקרעטאַר פון דער לשכה איז שנעל געלונגען צו איבערצייגן מיין פרוי, אַז איך בין אַ זקן; אַ זקן, וואָס קען אפילו נישט פאַרדינען אויף ברויט פאַר זיינע קינדער. ביז מיין ווייב איז נמאס געוואָרן צו הונגערן צוזאַמען מיט די קינדער און... זי איז אַנטלאָפן מיט אַן אַנדער, איבערלאָזנדיק מיך, דעם „זקן״ מיט דריי קליינע קינדער. די מדינה

האָט געמאַכט אַ גלענצנד" געשעפט: מיין ווייב איז ביי דעם אַראַבער און עסט צו דער זעט. מיינע קינדער זענען אין אַן אַנשטאַלט פון סאָציאַלער הילף. און איך, דער זקן, גיי אַרום און קיי די לופט און וואַרט אויף אַ „זדעכעק"־טאָג צו פאַרדינען אַ פּאָר פונט.

— וועגן זקנים רעדט איר? — זאָגט אַ צווייטער — אויך איך בין אַ „זקן". ווי איר קוקט מיך אָן קען איך מיט מיינע פּאָר ידים אויפהייבן די גאַנצע לשכה און זי אַזאַ טרייסל טאָן, אַז זי זאָל זיך געפינען אויף אַן אַנדער גאַס. נאָר וואָס? אַן אומגליק מיט מיין פּאַספּאָרט: איך בין שוין איבער די פופציקער. ווען איך זאָל האָבן אין דייטשלאַנד צעריסן מיין פּאַספּאָרט, ווי איך האָב צעריסן מיינע פּאַפּירן קיין אמעריקע, וואָלט איך איצט געווען געאַרבעט סטאַביל אין „תנובה" און איך וואָלט געווען אַ געמאַכטער מענטש. נאָר מיין פאַרשאָלטענער פּאַספּאָרט! אַז פון גיהנום זאָל נישט אַרויס דער, וואָס האָט אויסגעטראַכט פּאַספּאָרטן און — שליחים! ביידע זענען שולדיק אין מיין אומגליק. איר הערט? איר מעגט הערן: אין אָנהייב סעזאָן האָב איך באַקומען אַ פּאָר טעג נאַכט־אַרבעט אין „תנובה" ביים אַראָפּגרוזעווען די קעסטלעך גרינס פון די לאַסט־אויטאָס. צענדלינגער טאָן גרינסן האָב איך אָפּגעלאָדן יעדע נאַכט. מען האָט מיך צוליב מיינע געזונטע כוחות פאַרהאַלטן אויף אַ גאַנצן סעזאָן, אין דער צייט ווען אַנדערע אַרבעטער זענען אַנטלאָפן פון אָט דער שווערער אַרבעט. נאָכן סעזאָן, נאָך דעם ווי איך האָב געהאַט נאַכט־איין נאַכט־אויס אָפּגעלאָדן הונדערטער טאָנען סחורות — זאָגן צו מיר די צוויי מנהלים פון „תנובה" (איינער אַ מפא"ניק און דער צווייטער אַ מפ"מניק): אַזאַ לאָקאָמאָטיוו, ווי דו, וואָלטן מיר פאַרהאַלטן אויף קבוע סטאַביל, אָבער... דיין פּאַספּאָרט... דו ביסט אַריבער די פופציקער און ביי אונדז אין ישראל איז אַזאַ איינער... אַ סאָציאַלער פאַל... אַ זקן... מיר קענען נישט האַנדלען קעגן געזעץ... נו, מעג נישט אַ רוח נעמען די גאַנצע וועלט מיט אירע פּאַספּאָרטן?!

און איר מיינט, אַז איך בין דער איינציקער? אָט האָב איך אַ חבר. אין רוסלאַנד האָט ער געאַרבעט אין די אוראַלער קופּער־גרובנס הונדערטער מעטער אונטער דער ערד. ער איז שטאָל און אייזן. איך וואָלט אייך נישט געווונטשן ער זאָל אייך געבן אַ צו שטאַרקן „שלום עליכם". דעם „שלום עליכם" וואָלט ער אייך געגעבן, נאָר דעם „עליכם שלום" וואָלט איך געדאַרפט געבן אַ כירורג... שטייט ער הייַנט פאַר דער לשכה און וואַרט אויף אַ טאָג „עבודת זדחק", ווייל לויט זיין פאַרשאָלטענעם פּאַספּאָרט דאַרף ער גיין צו אַ גבאיטע פון „עזרה סוציאַלית" זי זאָל אים געבן אַ נומערל אויף אַ מיטאָג.

און אויב איר ווילט וויסן וואָס פאַראַ אַרבעטס־כוחות עס שטעקן אין די „זקנים", וועל איך אייך דערציילן אַן אינטערעסאַנטן פאַל, וואָס איר מעגט אים באַשרייבן: אין אַ פּרדס איז געקומען אַ גרופּע אַרבעטער זוכן אַרבעט. אין דער גרופּע זענען געווען עטלעכע הויכגעוויקסיקע, וואָס מען האָט „אויסב־וויניק" געזען, אַז זיי קענען געבן שוויס און איינער איז געווען אַ נידעריקער און

דאַרער „זקן". דער אייגנטימער פון פּרדס האָט גענומען די, וועלכע ער האָט „אויסגווייניק" געזען, אַז זיי האָבן כּוח. דעם נידעריקן און דאַרן „זקן" האָט ער געלאָזט שטיין.

פרעגט אים דער „זקן": מיך דאַרפט איר נישט?

ענטפערט דער אייגנטימער פון פּרדס: איר זענט שוואַך.

זאָגט דער „זקן": איך האָב גענוג כּוח. אדרבה, טאַפּט אָן מיינע מוסקולן.

דער אייגנטימער פון פּרדס האָט זיך דערנענטערט אין געוואָלט בודק זיין די מוסקולען פון דעם „זקנ"ס האַנט. אָבער אין דער זעלבער רגע ווי דער פּרדסן האָט געוואָלט אַ טאַפּ טאָן די מוסקולן, האָט דער „זקן" מיט איין זעץ מיט דער האַנט אַזאַ „טאַפּ געטאָן" דעם נייגעריקן אויף „זקנישע מוסקולן", אַז דער פּרדסן איז אַ צעבלוטיקטער געפאַלן אין חלשות.

געפערלעך, געפערלעך זענען די מוסקולן פון די קינסטלעך פאַבריצירטע זקנים!

— איז וואָס קען איך טאָן פאַר אייך? — האָב איך געפרעגט די „זקנים" פון דער דעלעגאַציע.

— מיר ווילן פון אייך איר זאָלט שרייבן. איר זאָלט דערציילן וועגן אונדז, וועגן אונדזערע אומדערטרעגלעכע ליידן, וועגן אונדזערע פאַמיליען־טראַגעדיעס, וואָס דאָס טייוולאָנישע געזעץ פון עלטער־דיסקרימינאַציע איז גורם. פאַר אונדזערע פרויען זענען מיר יונג, פאַר אונדזערע פיצלעך קינדער זענען מיר יונגע טאַטעס, אָבער פאַר דער הסתדרות, פאַר דער לשכת עבודה זענען מיר זקנים, שמעלץ, מענטשנשטויב, פאַר וועלכע מען האָט שוין אָפּגענומען די דאָלאַרן. אָבער מיר האָבן אייזערנע מוסקולן, וואָס ווילן אַרבעטן, וואָס ווילן שפּייז, וואָס ווילן און קענען שפּייזן אונדזערע פרויען און קינדער.

און אַזאַ מאָדנע טבע האָבן געזונטע מענטשלעכע מוסקולן: זיי קענען שאַפן, אַרבעטן, בויען. זיי קענען זיין אַ ברכה. אויב אָבער מען לאָזט זיי נישט שאַפן, אַרבעטן, בויען — אויסלאָדן די כּוחות קאָנסטרוקטיוו, קענען די זעלבע מוסקולן ווערן ווילד. און הונגעריקע מענטשן מיט ווילדע מוסקולן קענען זיין זייער געפערלעך...

10טער דעצעמבער 1954

ווי נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַל־סעזאָן, האָב איך באַזוכט עטלעכע וואַל־מיטינגען פון אַ פּאָר פּאַרטייען, כדי צו הערן מיט וואָס זיי וועלן איצט נעמען דעם עולם; מיט וועלכע אַרגומענטן וועלן זיי זיך איינע די אַנדערע באַקעמפן; וואָס פאַראַ נייס האָבן זיי צו זאָגן, אַז מען זאָל גראָד זיי ווײלן?

זאָג איך אייך, אַז די דאָזיקע וואַל־מיטינגען זענען געווען די לאַנגווייליקסטע אימפּרעזעס, וואָס איך האָב ווען עס איז בייגעווויינט. און איך האָב זיך געטראַכט, אַז ווען מען זאָל די לאַנגווייליקע רעדעס קענען פאַרוואַנדלען אין פּילן, וואָלט מען זיי אין די אַפּטייקן פאַרקויפט ווי דאָס בעסטע מיטל צום שלאָפן. און אויב שוין די ערשטע וואַל־מיטינגען זענען אַזעלכע לאַנגווייליקע, ערשט שטעלט זיך פאָר, אין וואָס פאַראַ טיפן שלאָף עס וועלן אַריינברענגען די וואַל־אַרגומענטן אויף די מיטינגען אין הויך־סעזאָן!

וועט איר דאָך אוודאי פרעגן: אויב די וואַל־מיטינגען זענען אַזאַ שטאַרק איינשלעפערונג־מיטל, פאַרוואָס זשע האָבן די מענטשן אין די זאַלן נישט געכראָפּעט אין קאָלעקטיוו?

וועל איך אייך אויף דעם ענטפערן, אַז דער עולם וואָלט זיכער איינגעשלאָפן, ווען נישט די פערדישע פאַרציעס שנאה, וואָס גיסן זיך פון די טריבונעס, ווי וואַסער.

אַן עלטערער ייד, וואָס איז אויף איין מיטינג געזעסן נעבן מיר, האָט אַזוי, כלאחר יד, מער צו זיך אַליין ווי צו מיר, געזאָגט: „או־וואַ, פון וואַנען נעמט זיך ביי איין ייד אַזוי פיל שנאה קעגן זיינע אייגענע ברידער, ווי אָט ביי דעם רעדנער?"

איז מיר די דאָזיקע פראַגע אַריין אין קאָפּ. פון וואַנען נעמט זיך טאַקע אַזאַ פאַרביסנקייט, אַזאַ פיינטשאַפט, פון די פּאַרטיי־רעדנער קעגן אַנדערע פּאַרטייען? ווי אַזוי קען מען איבערהויפּט אַזוי פיינט האָבן? און פאַרטראַכטנדיק זיך וועגן דעם דאָזיקן גיפט, בין איך געקומען צום אויספיר, אַז די שנאה נעמט זיך פון צופעל נאָענטקייט פון איין פּאַרטיי צו דער צווייטער; אַז דאָס איינציקע וואָס צעשיידט איין פּאַרטיי פון דער אַנדערער איז בלויז די שנאה. דאָס איז די איינציקע איבערצייגנדיקע אידעאָלאָגיע. וואָרום ווען אונדזערע פּאַרטייען וואָלטן באמת געווען צעשיידט אידעאָלאָגיש, וואָלטן זיי זיך אַזוי נישט פיינט געהאַט. אָט, צום ביישפּיל, איז אַן אידעאָלאָגישער מהלך רב צווישן דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי און די קאָנסערוואַטיווע אין ענגלאַנד.

איז אויב איין פּאַרטיי איז ביי דער מאַכט, איז די צווייטע — „די אָפּאָזיציע פון איר קעניגלעכער מאַיעסטעט". צווישן די צוויי פּאַרטייען גייט אָן אַן אידעאָלאָגישער קאַמף. און טאַקע ווייל איין אידעאָלאָגיע איז ווייט פון דער צווייטער, קעמפט מען וועגן פּרינציפּן, וועגן תוך־זאַכן און נישט צוליב שנאה.

אָדער נעמט אַ שטייגער, די ביטערע שנאה צווישן קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן. אַ קאָמוניסט קען לייכטער געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט אַ רעאַקציאָנער, מיט אַ פאַשיסט, ווי מיט אַ סאָציאַליסט. און אַ סאָציאַליסט וועט זיך מיט אַ לייכטערן געמיט זעצן צום טיש מיט אַ קאַפּיטאַליסט, ווי מיט אַ קאָמוניסט. און דאָס איז דערפאַר, ווייל דער ענדציל סיי פונעם קאָמוניסט און סיי פון סאָציאַליסט איז דאָך איינער און דער זעלבער — סאָציאַליזם. און אויב ביידע זענען פאַר דעם זעלבן ענדציל, שאַפט די דאָזיקע נאָענטקייט אַ שנאה, וואָס איז גאָרנישט מעגלעך דאָרט, וווּ די ענדצילן זענען קעגנזעצלעכע. איז וואָס נעענטער מען איז זיך אידעאָלאָגיש, אַלץ גרעסער איז די שנאה, אַלץ גרעסער דער אומצוטרוי און אַלץ שטאַרקער די פאַרביסנקייט.

וואָס מער איך אָבסערווירן די שנאה צווישן אונדזערע פּאַרטייען, אַלץ מער קום איך צום אויספיר, אַז עס איז אַן איינגערעדעטער שקר, אַז מיר האָבן אַ סך פּאַרטייען. די שנאה איז צו תהומיק, צו טיף, אַז מיר זאָלן האָבן אַ סך פּאַרטייען.

אדרבה, נעמט אַרויף אונדזערע פּאַרטייען אויפן אָפּעראַציע־טיש און צעגלידערט זיי אַנאַטאָמיש־אידעאָלאָגיש — וועט איר זיך איבערצייגן, אַז עקסטנס האָבן מיר צוויי פּאַרטייען: אַ לאַנד־פּאַרטיי און אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי; און דאָס איז אַלץ.

וואָס שייך, דער „לאַנד־פּאַרטיי", וואָס מען וויל אונדז איינרעדן, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַסך פּאַרטייען — וועט דאָך קיין איינע נישט לייקענען, אַז זי איז אַ ציוניסטישע. און זיי זענען אַלע אַזוי ווייט ציוניסטישע, אַז איינע וואַרפט גאָר פאַר די צווייטע, אַז זי איז ווייניק ציוניסטיש. אין דעם פּרט פון ציוניזם, וואָס איז דער יסוד פון די יסודות פון אַלע פּאַרטייען, איז קיין שום אונטערשייד נישטאָ צווישן חרות, מפא"י, אַלגעמיינע ציוניסטן, אָדער מפ"ם, צי אחדות העבודה, צי גאָר מזרחי. אין דעם איז אָפּטמאָל אַן אַלגעמיינער ציוניסט פיל ליבעראַלער פון, לאָמיר זאָגן, נישט איין לינקן פּועלי ציוניסט. איז וואָס שייך ציוניזם, קענט איר מיט אַ לייכט האַרץ אויסמישן אַלע פּאַרטייען און איר וועט נישט אונטערשיידן איינע פון דער צווייטער, ווי מען זאָגט ביי יידן: אַלע יוונים האָבן איין פּנים.

איז אפשר אונטערשיידן זיך אָט די אַלע פּאַרטייען אין דעם מדינהשן פּרינציפּ? ניין, קיין איין פּאַרטיי איז נישט קעגן דעם מדינהשן פּרינציפּ. אויב די פּאַרטיי „השומר הצעיר" האָט זיך אַמאָל אונטערשיידט פון די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען דערמיט, וואָס זי האָט געפּרעדיקט אַ יידיש־אַראַבישע מדינה — האָט זי שוין דעם דאָזיקן פּרינציפּ לאַנג אָוועקגעלייגט אין אַרכיוו.

איז אפשר אונטערשיידט זיי עפּעס אין דעם נאַציאָנאַליסטישן צוגאַנג צו זאַכן? דאָס אוודאי נישט. גראַד אין נאַציאָנאַליזם האָבן זיך פּאַרווישט די גרענעצן — די גרענעצן צווישן איין פּאַרטיי און דער צווייטער. אין יעדער פּאַרטיי קען מען היינט געפינען מעסיקע נאַציאָנאַליסטן און אַקטיוויסטישע נאַציאָנאַליסטן. געוויסע נאַציאָנאַליסטישע רעדעס פון בן־גוריונען וואָלטן מיטן זעלבן דערפאָלג און אָן דעם לעצטנס שאָדן געקענט געהאַלטן ווערן דורך בעגינען, פּונקט ווי בן־גוריון וואָלט געקענט האַלטן געוויסע רעדעס פון בן־אהרונען. אין פּרט פון נאַציאָנאַליזם וואָלטן אַלע דריי — בן־גוריון, בעגין און בן־אהרון געקענט געהערן צו איין פּאַרטיי. אָפט פּילט איר אין בן־גוריונס רעדעס און אין בן־אהרונס רעדעס דאָס ווידער־קול פון זשאַבאָטינסקיס רעדעס, אַזוי ווייט אַז „חרות" וואָלט געקאָנט פאָדערן ביי זיי אַנטשעדיקונג פאַר „קאָפּירייט".

איז אפשר אונטערשיידט די פּאַרטייען סאָציאַליזם און קאַפּיטאַליזם, קלאַסנקאַמף וכדומה?

איז באמת נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. וואָרום דער יסוד־פּרינציפּ, וואָס טיילט אָפּ אַ סאָציאַליסטישע פון אַ בורזשואַזער פּאַרטיי איז דער פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַליזם. אָן אינטערנאַציאָנאַליסטישער סאָלידאַריטעט איז נישט פאַראַן קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. וואָרום קאָנטראָלירטע ווירטשאַפט אַליין איז שוין נישט מער דער מאָנאָפּאָל פון דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. אויך די בורזשואַזיע, דער קאַפּיטאַליזם קען אַזוי גוט קאָנטראָלירן די ווירטשאַפט, ווי קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. איז אויב קיין סימן פון אינטערנאַציאָנאַליס־טישער סאָלידאַריטעט איז ביי אונדזערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נישט פאַראַן, יידן האָבן זיך זייערע באַזונדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און זייערע באַזונדערע אַרבעטס־אַמטן און אַראַבער האָבן זייערע אייגענע פאַראיינען און אייגענע אַרבעטס־אַמטן — איז ווו געפינט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלי־דאַריטעט ביי אונדזערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען? און מיט וואָס, וואָלט איך וועלן וויסן, אונטערשיידט זיך מפא"י פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, אויב מפא"י האָט אַ בירגערלעכן סעקטאָר (די בעלי־מכולת און האַנטווערקער). און די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן זיך זייער אַרבעטער־סעקטאָר, וואָס געהער צו דער הסתדרות?... איי, וועט איר דאָך זאָגן: אונדזערע סאָציאַליסטן געהערן צום אינטערנאַציאָנאַל. איז דאָס פּונקט אַזוי ווי פאַרשיידענע מדינות געהערן צום אינטערנאַציאָנאַל פון דער אונ"אָ און דאָס שטערט זיי נישט, אַז איינע זאָל זיין ווייט פון דער צווייטער ווי מזרח פון מערב.

איז אויב אונדזערע אַלע פּאַרטייען פאַראייניקט דער זעלבער ציוניזם און דער זעלבער נאַציאָנאַליזם און דער זעלבער מדינהשער פּרינציפּ — איז וואָס טיילט זיי יאָ פונאַנדער? וועלכע פּראָגראַם, אָדער וועלכע ממשותדיקע אידעאָלאָגיע צעשיידט זיי?

וועט אפשר עמעצער קומען און זאָגן, אַז זיין פּאַרטיי איז אַ חלוצישע

און די צווייטע פּאַרטיי האָט נישט קיין ברעקל חלוציזם. זאָגט דאָך אָבער יעדע פּאַרטיי, אַז אויב חלוציזם — מיינט עס נאָר און אויסשליסלעך איר חלוציזם. וואָרום איר קענט דאָך טאַקע נישט זאָגן, אַז השומר הצעיר איז ווייניקער חלוציש פון אחדות העבודה און אַז אחדות העבודה איז ווייניקער חלוציש פון מפא״י. און חלוציזם — מיינט דאָך נישט בלויז אַקערן די ערד, פלאַנצן ווייַנגערטנער, נאָר אויך פלאַנצן פּרדסים און שאַפן אַן אינדוסטריע אין דאָך חלוציזם — במילא זענען אויך חלוצים די אַלגעמיינע ציוניסטן, די רעוויזיאָנסטן, מזרחי און די פּראָגרעסיווע — אַלע האָבן אַ חלק אין חלוציזם.

איז אפשר וועט עמעצער וועלן זאָגן, אַז עס איז פאָרט פאַראַן עפּעס אַ שטיקל אידעאָלאָגישער אונטערשייד צווישן איין פּאַרטיי און דער צווייטער? און דער אונטערשייד פון איין פּאַרטיי און דער צווייטער איז אין דעם, וואָס איינע נעמט יאָ געלט ביים יידישן פאָלק און די צווייטע — זאָגט זיך אָפּ פון דעם פאַרגעניגן? איז דאָס אויך נישט אמת. וואָרום אלע, פון אויבן ביז אַראָפּ, זענען נעמעראָווע פּאַרטייען. און לאָמיר דאָס פאַרמאָגן, וואָס זיי וואָלטן אַלע גרייט געווען צו נעמען, אַחוץ דעם וואָס זיי נעמען.

איז וואָס אונטערשיידט פאָרט אונדזערע פּאַרטייען? וואָס צערייסט זיי? זאָג איך אייך, אַז גאָרנישט צעשיידט זיי. אַלע אונדזערע פּאַרטייען וואָלטן זיך געקענט לעבן אַ לעבן אין נחת אונטער איין דאַך מיט נישט מער אינע־ווייניקסטע אינטריגעס ווי עס הערשט אין יעדער פּאַרטיי.

און ווייל אַלע פּאַרטייען ביי אונדז זענען געקנעטן פון איין טייג מיט די זעלבע ראָזשינקעס, דערפאַר האָבן זיי זיך אַזוי שרעקלעך פיינט, דערפאַר הערשט צווישן זיי אַזאַ ביטערע שנאה. דאָס איז די שנאה פון צו פיל אידעאָלאָ־גישער נאָענטקייט. דאָס איז די שנאה וואָס קען אַמאָל הערשן צווישן מאַן און ווייב. דאָס איז די שנאה, וואָס דערפירט אַמאָל, אַז אַ יונגער־מאַן זאָל דער־מאָרדן אַ מיידל צוליב ליבע און אַ מיידל זאָל אָפּגיסן מיט זאַלצזויער איר געליבטן בחור.

וועט איר דאָך אוודאי פרעגן: אויב אַלע פּאַרטייען האָבן די זעלבע אידעאָלאָגיע און גאָרנישט אַ חוץ שנאה צעשיידט זיי — פאַרוואָס זענען זיי דאָך צעריסן? פאַרוואָס זענען נישט אַלע צוזאַמען און פאַרוואָס הערשט נישט קיין שלום־בית?

איז דער ענטפער אַ פּשוטער: אונדזער געזעלשאַפט איז געגליכן צו אַן אַרמיי, ווו די צאָל קאַנדידאַטן אויף אָפיצערן שטייגט אַריבער די צאָל זעלנער. די צאָל פירער איז ביי אונדז אַזוי גרויס, אַז ס'איז שוין באַלד נישטאָ ווער עס זאָל זיין דער געפירטער. טאָמער וואָלטן אַלע אונדזערע פּאַרטיי־פירער געווען אין איין פּאַרטיי — וואָלט מען געדאַרפט מאַכן אַ ספּעציעלע עליה פון פּשוטע פּאַרטיי־מיטגלידער. וואָרום אפילו ביי דער איצטיקער געשפּאַלטנקייט זענען דאָך ביי אונדז פאַראַן פּאַרטייען, וואָס באַשטייען בלויז פון צוויי מענטשן...

און דעריבער הערשט אַזאַ ווילדע שנאה צווישן די פּאַרטייען. זיי קענען

זיך נישט פאַרטראָגן, ווייל אויך די לאָזונגען זענען די זעלבע, און די מליצה די זעלבע, און די קאָראָבקע די זעלבע. מיט דעם זעלבן דערפאָלג וואָלט מען דעריבער געקענט מאַכן איין גראַמאָפאָן־פּלאַטע און זי אויסשפּילן אויף אַלע וואָל־מיטינגען. און אויב מען טוט דאָס נישט, איז נאָר דערפאַר, אַז דער עולם זאָל אויך אויסהערן אַ פאַרציע שנאה, כדי ער זאָל נישט איינשלאָפן און נישט חלומען, אַז דאָס יידישע פאָלק איז איין גאַנצקייט, וואָס הויזט בשלום אונטער איין דאַך...

22טער אפּריל 1955

## האַקן אַ שויב אין מקווה איז אויך רעוואָלוציע

איר געדענקט די מעשה מיט פייטל רעוואָלוציאָנער? אויב איר געדענקט זי נישט וועל איך זי אייך דערמאָנען. מיט פייטל רעוואָלוציאָנער איז געווען מער ווייניקער ווי מיט באָנטשע שוויג. נאָר מיט באָנטשען איז עס געשען פאָרן בית דין של מעלה, וווּ ער האָט זיך געקענט אויסבעטן דאָס טעלערל פון הימל און זיך באַגנוגנט מיט אַ בולקע מיט פּוטער. דאַקעגן האָט פייטל רעוואָלוציאָנער געקענט מאַכן אַ רעוואָלוציע אויף דער וועלט און זיך באַגנוגנט מיט — אויסהאַקן אַ שויב אין דער מקווה.

נאָר לאָמיר אייך דערציילן די מעשה ווי זי ווערט דערציילט:

אין שטעטעלע סטינעפּקע איז אין יענע יאָרן געווען איין שטיקל גאָראָדאָוואָי און אַ סך רעוואָלוציאָנערן. מען קען אפילו זאָגן, אַז אַנטקעגן דער גרויסער צאָל רעוואָלוציאָנערן איז בכלל נישט געווען קיין גאָראָדאָוואָי, וואָרום דאָס שטיקל גאָראָדאָוואָי האָט ליב געהאַט טרינקען; און אַז ער האָט זיך אָנגעטרונקען, האָט ער געהאַט ניין איילן אין דר׳ערד דעם צאַר. אַנשטאָט היטן דעם צאַרס פּאָראַנדקעס, האָט ער זיך ליבערשט אויסגעצויגן אויף אַ שטרויזאַק און אַריינגעשנאָרכעט אין שטעטל אַריין, ווי אַן אַלטער לאָקאָמאָטיוו.

האָבן זיך איין מאָל, אין אַן ערשטן מאַי, פאַרזאַמלט די רעוואָלוציאָנערן פון ק״ק סטינעפּקע און פייטל רעוואָלוציאָנער איז געווען דער רעדנער, וואָס האָט געשאָסן מיט בערג פייער און גערופן זיך גרייטן צו דער רעוואָלוציע. אָבער אין מיטן רעדן איז אים איינגעפאַלן: צו וואָס רופן, מ׳זאָל זיך גרייטן צו דער רעוואָלוציע, אויב מען קען גלייך אויפן אָרט מאַכן די רעוואָלוציע?

אָט הערט מען דאָך איבערן שטעטל דאָס שנאָרכן פון דעם גאָראָדאָוואָי, איז וואָס׳ זשע איז דאָ וואָס צו רעדן? זאָל מען גיין אַרויפוואַרפן אַ זאַק אויפן שנאָרכנדיקן גאָראָדאָוואָי און ער, פייטל, וועט זיך אָנטון די „שאַשקע״ פון דעם גאָראָדאָוואָי און דערקלערן ק״ק סטינעפּקע פאַר איינגענומען. נאָר אויב שוין גיין מאַכן די רעוואָלוציע, איז געווונטשן, אַז ער, פייטל אַליין, זאָל גיין. וואָרום טאָמער גייען נאָך אַנדערע — קען זיך אַמאָל דער גאָראָדאָוואָי אויפכאַפּן פונעם קלאַפּן מיט די פיס און די רעוואָלוציע וועט זיין אַ פאַרשפּילטע.

האָט מען אָפּגעשטימט, אַז פייטל רעוואָלוציאָנער גייט איינער אַליין מאַכן די רעוואָלוציע. וכך הווה. פייטל איז געגאַנגען מיטן גאַנצן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט. אָבער אויפן וועג טראַכט ער זיך, אַז אַזוי ווי ער האָט אַ ווייב מיט קינדער, און אַזוי ווי עס איז ערב שבת און ער האָט נאָך גאָרנישט אין שטוב,

און אַזוי ווי דער גאַראַדאַוואַי קען זיך אַמאָל אויפכאַפּן און אים כאַפּן ביי דער רעוואָלוציע און אים לאָזן שליסן אין קייטן — איז נאָך אפשר נישט צייט צו מאַכן די גלאַוונע רעוואָלוציע. איז אפשר גלייכער, איידער מאַכן די גלאַוונע רעוואָלוציע, אויפוועקן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט ביים אַרבעטער־קלאַס. איז ווי׳ זשע וועקט מען אויף דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט ביים אַרבעטער־קלאַס פון ק״ק סטינעפּקע? טראַכט פייטל: ער וועט אויסשלאָגן אַ שויב ביים שטעטלשן גביר. אָבער באַלד טראַכט ער צוריק: דער גביר האָט משרתים, וואָס פאַר אויסהאַקן אַ שויב קענען זיי אים, פייטלען, אָנברעכן די ביינער. מוז מען מיטן גביר זיין פאָרזיכטיק און ליבערשט אויסשלאָגן אַ שויב אין בית־מדרש. טראַכט פייטל צוריק: אין בית־מדרש? טאָמער וועט עמעצער דערזען, אַז ער שלאָגט־אויס אַ שויב אין בית־מדרש, קען מען דאָך אים נישט צולאָזן צום מנין און נישט געבן קיין עליה. איז שוין גלייכער אויסצושלאָגן אַ שויב ביים שמש, אַבי אויפוועקן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט, ווען ער זאָל זיך נישט דערמאָנען. אַז באַלד נאָכן זומער גייט דער חודש אלול און פאַר אויסשלאָגן אַ שויב וועט אים דער שמש נישט אויפוועקן צו סליחות. אָבער אַזוי ווי פייטל האָט געהאַט ביי זיך פעסט באַשלאָסן אויסצוהאַקן אַ שויב פאַר דער רעוואָלוציע, האָט ער זיך פאָרזיכטיק צוגעשאַרט צו דער מקווה און — — — — — טראַך! מיט איין שטיין אויסגעשלאָגן אַ שויב — און זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

אָט די מעשה מיט פייטל רעוואָלוציאָנער האָב איך זיך דערמאָנט, צו־קוקנדיק זיך היינטיקן ערשטן מאַי צו דער דעמאָנסטראַציע אין תל־אביב. אין אָט דער דעמאָנסטראַציע איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אַזאַ ריזיקער כוח, אַז טאָמער וואָלט באַשלאָסן געוואָרן מאַכן די רעוואָלוציע — וואָלט גענוג געווען אָנצודרייען דעם טעלעפאָן־נומער 999 און די זאַך וואָלט געווען אַ געמאַכטע. לויט דעם, ווי דער „דבר" האָט אַ גאַנץ יאָר פולע שפּאַלטן מיט סאָציאַליזם און זאָרג פאַר די אַרבעטער־מאַסן, איז זיך געווען צו ריכטן, אַז בלי נדר היינטיקן ערשטן מאַי, וועט עס געשען. ער ,דער „דבר", ס׳הייסט דער אָרגאַן פון סאָציאַליזם, וועט דעם ערשטן מאַי אַרויסאָרגאַנעווען, אַז ס׳האָט געשלאָגן די שעה פון דער רעוואָלוציע און מען דאַרף שלאָגן כפּרות מיט די אַלגעמיינע ציוניסטן, פּראָגרעסיווע און הפּועל המזרחי און דערקלערן דעם סאָציאַליזם. האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז אין דעם „צוג פון דערגרייכונגען" וועט אוודאי אויך זיין רעפּרעזענטירט דער סאָציאַליסטישער אָרגאַן און „דבר" וועט דאָ מאַכן דעם ריכטיקן סך־הכל מיט דער בורזשואַזיע און וועט אָוועקלייגן די אמתע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, די ריכטיקע רעוואָלוציאָנערע קאַנאָנען, פון וועלכע דער קאַפּיטאַליזם וועט איינפאַלן, אָן צו רירן אים מיט אַ פינגער.

ווי מען גיט מיר איבער, זאָלן די רעדאַקטאָרן פון „דבר" האָבן צו־געגרייט אַ גאַר וויכטיקע לאָזונג פאַר דעם „דבר"־אויטאָ אינעם „צוג פון דער־גרייכונגען", ווי אַ שטייגער: „מיר פאָדערן אַ רעגירונג פון אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען אין ישראל". נאָר ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן, אַז דאָס

קען שטערן דעם הסתדרות־קאַמפּיין אין אַמעריקע. זיי האָבן אפילו געטראַכט וועגן אַ שוואַכערע לאָזונג, אָבער אויך די לאָזונג האָט געקענט ברענגען אַן אומגליק, וואָרום דער לאָקאַל 713 פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד וואָלט זיך געקענט דערשרעקן פאַר רעוואָלוציע און נישט שיקן מער קיין דרוק־מאַשין. אָבער ווי קען פאַרט דער אָרגאַן פון סאָציאַליזם דעם ערשטן מאַי דעמאָנסטרירן אָן אַ רעוואָלוציאָנערער לאָזונג? ס׳איז דאָך פאָרט דער ערשטער מאַי! ס׳איז דאָך פאָרט דער איינציקער טאָג אין יאָר ווען מען קען כאָטשבי מיט אַ לאָזונג רופן צום סאָציאַליזם.

זעט אויס, אַז דער „דבר" האָט געהאַט אַ שווער האָבן מיט לאָזונגען, וואָרום יעדע לאָזונג האָט דאָך די סכנה פון שטאַרקן דאָלאַרן־ צי מאַשינען־ פאַרלוסט אין ניו־יאָרק. אויב נישט מצד דער „ווימענס ליג", איז מצד לאָקאַל 81 פון די „ווייטערס יוניאָן". און אויב נישט מצד די ווייטערס, קענען זיך בייזערן די יוניע פון שעלקעלע־מאַכער, אָדער די יוניע פון לעבל־נייער, צו וועלכע מען דאַרף אָנקומען נאָך אַ פּאָר טאָלער אָדער שווה טאָלער.

הכלל, ס׳האָט געהאַלטן, אַז דער „דבר" זאָל אַרויסשיקן זיין אויטאָ אָן גאָרנישט. פאַר גאָרנישט, זאָגט די וועלט, שטראָפט מען נישט. אַן אויטאָ אַליין איז אויך עפּעס. אויב גיין גייט ער נישט, דער „דבר", טאָ זאָל ער כאָטש פאָרן. אָבער ווי שיקט זיך עס אַן אויטאָ זאָל פאָרן ליידיק אין אַ צוג פון ווירקלעכע דערגרייכונגען? אַ ליידיקער אויטאָ קען דאָך אַמאָל אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ סימבאָל פונעם אינהאַלט פון „דבר". וואָרום אויב אַ משק פירט קעלבער און הינער, „אשד" פירט פּאַסאַזשירן, „תנובה" פירט קאַנען מילך, „סולל־בונה" פירט מאַשינען, וועט מען דאָך זאָגן, אַז דער ליידיקער אויטאָ פון „דבר" שפּיגלט אָפּ זיין דערגרייכונג. אמת, מען וואָלט אַזוי געזאָגט? מיט וואָס זשע דען פילט מען אָן דעם „דבר"־אויטאָ דעם ערשטן מאַי? מיט שטרוי? דאָס וואָלט אפילו געווען נישט ערגער, ווי אַ משק האָט געפירט אַן אויטאָ מיט שטרוי, אָבער אַן אָרגאַן קען דאָך נישט זיין אַזוי „דוגרי" ווי אַ משק און דעמאָנסטרירן זיין שטרוי.

ווייסט מען אָבער, אַז די וועלט גייט נישט צוריק, נאָר פאַרקערט, זי מאַכט פאָרטשריט. און אויב פייטל רעוואָלוציאָנער אין ק״ק סטינעפּקע האָט נאָך אין יענע צייטן געקענט פאַלן אויף אַ פּלאַן און אויסדריקן זיין רעוואָלוציאָנערן גייסט דורך אויסשלאָגן אַ שויב אין דער מקווה, כדי דער רעוואָלוציאָנערער וואָלף זאָל זיין זאַט און דאָס פייטלשע שפּעלע זאָל בלייבן גאַנץ — וועט דער „דבר" נישט בלייבן הינטערשטעליק דעם ערשטן מאַי 1955 און אויך געפינען אַן אויסוועג פאַר זיין סאָציאַליסטישן טעמפּעראַמענט. און דער „דבר" איז געפאַלן אויף אַ געניאַלן פּלאַן:

ער האָט אויף זיין אויטאָ אינעם „צוג פון דערגרייכונגען" אַוועקגעשטעלט אַ טורעם און אויפן טורעם — מיט ריזיקע אותיות אויפגעמאָלן אַזש צוויי מאָל

די „לעצטע נייעס“ און אַוועקגעשטעלט אַ פּאַפּירענעם מענטש, וואָס... וואַרפט אום דעם טורעם מיט די „לעצטע נייעס“.

אויב איר ווילט, איז דאָ דער „דבר“ געגאַנגען נאָך העכער ווי ס'איז געגאַנגען פייטל רעוואָלוציאָנער. אין דעם דאָזיקן טורעם מיט דער געשטירצ־טער „לעצטע נייעס“ האָט איר געהאַט אַלץ, וואָס מען דאַרף האָבן דעם ערשטן מאַי:

איר זאָגט, אַז די פראַנצויזישע אַרבעטער האָבן אין 1789 געשטירצט די באַסטיליע? נאַרישקייטן, מיט 166 יאָר שפּעטער האָבן מיר דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע געשטירצט די „לעצטע נייעס“! איר זוכט סאָציאַליסטישן טעמפּעראַמענט? האָט איר זיך געדאַרפט צוקוקן ווי דער פּאַפּירענער „דבר“־סאָציאַליסט אויפן אויטאָ האָט דערלאַנגט אַ „טרעמאַטש“ די „לעצטע נייעס“! איר זוכט אינהאַלט אין אַ סאָציאַליסטישער דערגרייכונג? וואָס קען זיין אַ רייכערער אינהאַלט און אַ גרעסערע דערגרייכונג ווי אומברענגען אַ יידישע צייטונג?

הכלל, דער „דבר“ האָט אָפּגעהאַלטן אַ נאָך גרעסערן רעוואָלוציאָנערן זיג, ווי פייטל רעוואָלוציאָנער. דאָס פאַרברענען דאָלאַרדיקן בענזין אין דעם אויטאָ האָט געלוינט. דאָס רייבן דאָלאַרדיקע גומי־רעדער האָט אויך געלוינט. און דער ערשטער מאַי האָט אויך געלוינט: ווייל אויף צו מאָרגנס האָבן די קיאָסקן אין תל־אביב געפאָדערט מער „לעצטע נייעס“. אויב עס זענען נאָך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ביז איצט נישט געלייענט די „לעצטע נייעס“, האָבן זיי נאָך דער רעקלאַמע פון „דבר“, באַקומען חשק צו לייענען די „לעצטע נייעס“. אויב עס לוינט דעם „דבר“ אַריינצובראָקן אַזוי פיל געלט כדי צו „שטירצן“ די„לעצטע נייעס“ — איז אַ סימן, אַז די „לעצטע נייעס“ זענען ווערט געלייענט צו ווערן.

6טער מאַי 1955

## ווי קריכט מען אַראָפּ פון די פערד

מיינער אַ פריינד האָט מיר דערציילט אַ געשיכטע ווי אַזוי עס האָט אים אַמאָל אָנגעשמעקט צו רייטן אויף אַ פערד און וואָס פון דעם איז אַרויס־געקומען. פון זיין טאַטנס און מאַמעס צד זענען חלילה קיין גרענאַדירן נישט געווען, און פריצים, וואָס לאָזן רייטן אויף פערד זענען אין זיין משפחה אויך נישט געווען. ער אַליין האָט אויך נישט געהאַט קיין שטאַרק געפיל פאַרן פערדישן מין. נישט מער, ווען „די גאַנצע וועלט" רייט אויף פערד, איז ווי קען מען זיין אַזוי אָפּגעשטאַנען און נישט פאַרזוכן דעם טעם פון זיצן אין זאָטל און זיין מיט לייטן גלייך? וואָס איז, עס פאַסט אים נישט צו רייטן אויף אַ פערד? האָט מיין פריינד באַשלאָסן: געננג צו זיין אין גלות ביי די פיס, ער מוז פאַרזוכן דעם פריצישן טעם און אויך רייטן אויף אַ פערד.

איז ער אַוועק אויף אַ פּלאַץ, וווּ מען האָט פאַרדונגען פערד צום רייטן און געזאָגט: אַזוי און אַזוי, גיט מיר אַ פערד מיט אַ זאָטל פון דעם אמתן פערד־און־זאָטל־לאַנד, איך וויל רייטן!

האָט אים דער שמייסער דערלאַנגט אַ פערד כדבעי, מיט שוים אויפן פיסק, מיט אומרואיקע רגלים, און מיין פריינט האָט גענומען די לייצעס אין די הענט, אויפגעהויבן אַ פוס צום פוסהאַלטער און — האָפּ! ער זיצט שוין אויפן פערד.

עס רעדט זיך אַזוי: ער זיצט שוין אויפן פערד. הגם ער האָט געהאַלטן די לייצעס און איז געזעסן אויפן פערד, האָט זיך אים געדאַכט, אַז אָט־אָט און דאָס פערד וועט זיך געבן אַ הייב און... און חלילה... די זיבעטע שוויס האָט אים אַרויסגעזעצט. ער פילט אונטער זיך די פערדישע אומרו און האָט מורא אַ צי צו טון מיט די לייצעס, וואָרום דאָס פערד קאָן אים גיבן אַ ניזוק אַראָפּ, ער זאָל זיך אַליין נישט אָפּגעפינען. מילא, פון רייטן איז שוין אָפּגערעדט. וועגן דעם פאַרגעניגן טראַכט ער שוין נישט. אָבער — רבונו־של־עולם! — ווי גייט מען דאָס אַראָפּ פון פערד? וועלכע בראָך האָט עס מיר אָנגעשיקט אַ מעשה מיט אַ פערד? וואָס האָט מיר געפעלט מיט פינף מינוט פריער, ווען איך בין מיט ביידע פיס געשטאַנען אויף דער ערד? איך בין דאָך געווען אַן אמתער פריץ, אַ הערשער ביי זיך אַליין, און איצט — ווינד און וויי! — בין איך ביים פערד אין די הענט, כאָטש גיי און נעם זיך דאָס לעבן...

די מעשה האָט זיך פאַרענדיקט בבכי טוב, ווען מיין פריינד האָט זיך ווי־עס־איז „אַרויסגעקראַטשקעט" פון די פערדישע לאַפּעס, געלאָפן גומל־

בענטשן און פאַרזאָגט אַ צענטן מער נישט צו האָבן צו טאָן מיט פערדישע עסקים...

אָבער נישט אַלע „ראָמאַנטיקער" קומען אָפּ מיט גומל־בענטשן. פאַראַן אַזעלכע „ראָמאַנטישע רייטער", וואָס טאָמער האָבן זיי זיך אַריינגעדרייט צום פערד אין די הענט — האָבן זיי מורא פאַר זיך אַליין צו אַנטפלעקן, אַז זיי האָבן מורא, אַז זיי קענען נישט רייטן, אַז נישט זייערע זיידעס און נישט זייערע טאַטעס זענען געווען רייטער; און דאָס פערד הייבט־אָן רייטן איבער זיי, און עס הייבט זיי אָן „מאַנקאַליען", שלאָגן צום הארץ, ביז זיי פאַרגעסן ווער עס איז דאָס פערד און ווער — דער רייטער.

די דאָזיקע מעשה האָב איך אייך דערציילט ווי אַ משל צום נמשל פון אונדזערע „שוואַרצע קאַבינעטן".

וועגן די „שוואַרצע קאַבינעטן" פלעגן זיך אַמאָל יידן אַנדערציילן די אויסטערלישסטע געשיכטעס. און ווער געדענקט עס נישט די „שוואַרצע קאַבינעטן" אין צאַרישן רוסלאַנד, ווו אַ גאַנצע אַרמיי שפּיאָנען, שמעקערס, אונטער־הערער, שליסל־לאָך־קוקערס, שלאָפצימער־אָבסערוואַטאָרן, דאַך־קריכער און אַנדערע לאַפּיטוטן זענען נאָכגעקראָכן די הויכע לייט און מיניסטאָרן. ביי די צאַרישע מיניסטאָרן זענען די „שוואַרצע קאַבינעטן" געווען אַזאַ מין פּריצישער שטייגער, ווי, למשל, רייטן אויף פערד. עס איז בכלל געווען היימיש־פּריציש; איין מיניסטער האָט געוווסט, וואָס עס טוט זיך ביים צווייטן אין שלאָפצימער, און דער צווייטער האָט געוווסט, וויפל דער ערשטער נעמט כאַבאַר. סטאָליפּין האָט שפּיאָנירט ראַספּוטינען און ראַספּוטין האָט שפּיאָנירט סטאָליפּינען און אַנדערע האָבן זיי שפּיאָנירט, און עס האָט זיך געטראָגן אַן אמתער „פּריצישער" ריח פונעם גאַנצן געזינדל אויף מיילן ווייט.

פלעגן יידן לאַכן אין די פויסטן; זע נאָר, די מלוכה איז זייערע, די קאַסע איז זייערע, זיי פירן דאָס גאַנצע רעדל און עס טוט זיך ביי זיי, ווי אין אַ שענק. נאָר מסתמא איז עס דער פּריצישער שטייגער און זיי האָבן פון דעם הנאה... האָבן יידן געהאָפט, אַז אם ירצה השם, ווען זיי וועלן האָבן זייער אייגענע מדינה וועלן זיי ווייזן דער וועלט ווי אַזוי יידישע מיניסטאָרן און הויכע לייט פירן זיך אויף ביים רעגירן מיט אַ מדינה, ווי אַזוי זיי לעבן ווי טייבעלעך, עסן זיך פון די פּיסקלעך, וואָרום אַלע זאָרגן דאָך נאָר פאַר איין זאַך — ווי גליקלעך צו מאַכן דאָס יידישע פאָלק! נישט אַזוי?

און איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז וואָס פאַראַ טענות איר זאָלט נישט האָבן צו אונדזערע מיניסטאָרן — זענען עס קיין מאָל נישט קיין אויסטער־לישע טענות. טאָמער פירט איין מיניסטער שלעכט — ווילט איר ער זאָל פירן בעסער. און טאָמער פירט ער גוט — ווילט איר ער זאָל פירן נאָך בעסער. איר ווילט, הייסט עס, האָבן ריכטיקע מיניסטאָרן, ווייל יידן קענען זיך דער־לויבן, און זיי דאַרפן זיך דערלויבן, צו האָבן די בעסטע מיניסטאָרן. אָבער טראַכטן, אַז פאַר יידישע מיניסטאָרן און הויכע לייט זאָל מען איינשטעלן

„שוואַרצע קאַבינעטן" — דאָס האָט געקענט איינפאַלן נאָר אַ חסר־דעה, אָדער אַ שונא־ישראל.

נאָר ווייזט אויס, אַז פונקט ווי מיין פריינד האָט אַמאָל אָנגעכאַפּט דער אַפּעטיט צו פאַרזוכן דעם פּריצישן תענוג צו רייטן אויף אַ פערד, אַזוי האָט עמעצן ביי אונדז אָנגעכאַפּט די תאווה צו פאַרזוכן דעם טעם פון אייגענע „שוואַרצע קאַבינעטן". עס הייסט: נישט זיין זיידע און נישט זיין טאַטע האָבן געוווסט וועגן אַזאַ מין יצר הרע, נאָר אויב ביי די פּריצים פון צאַרישן רוסלאַנד און פון פּילסודסקישן פּוילן און פון קאָרופּטן רומעניע זענען געווען „שוואַרצע קאַבינעטן", דאַרף מען פאַרזוכן דעם טעם און כאָטש איין מאָל וויסן מיט וואָס מען עסט עס. נאָר די מעשה איז, וואָס מיין פריינד איז געלונגען פּטור צו ווערן פונעם פערד און געלאָפן גומל־מענטשן, בעת אונדזערע „שוואַרצע־קאַבינע־טיסטן" האָבן זיך נעבעך „פאַרדרייט אין זאַטל" און „דאָס פערד האָט זיי גענומען אין די הענט אַריין". נישט זיי קענען רייטן און נישט זיי קענען אַראָפּקריכן. נישט זיי קענען זיך מודה זיין, אַז זיי האָבן איינגעפירט „שוואַרצע קאַבינעטן", און נישט זיי קענען ליקווידירן די „שוואַרצע קאַבינעטן". עס איז זיי נעבעך ענג און עס איז זיי נעבעך לויז, עס איז זיי נעבעך קאַלט און עס איז זיי נעבעך וואַרעם.

וואָרום אויב אַזאַ וויכטיקער מיניסטער, ווי דער געוואַגטער און איירא־פּעאישער פּרץ בערנשטיין, דערציילט שוין עפּנטלעך וועגן דער עקסיסטענץ פון „שוואַרצע קאַבינעטן", הייסט עס, אַז דאָס וואַסער איז שוין דערגאַנגען ביז צום האַלדז און עס איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראַד, אַז מיניסטאָרן פון אונדזער רעגירונג זענען זייער פאַרזיכטיק מיט רייד אין זייערע אייגענע קאַבינעטן, ווייל זיי זענען נישט זיכער, צי ערגעץ־ווו איז נישט פאַרשטעקט אַ מיקראָפאָן. און אַ מיניסטער וועט נישט רעדן צופיל דורכן טעלעפאָן, נישט ווייל ער האָט מורא טאָמער הערט אים אונטער אַ מצרישער שפּיאָן, נאָר ווייל ער איז זיכער, אַז עס הערט אים אונטער אַ יידישער „פּאַטריאָט". און אַ מיניסטער ביי אונדז וועט נישט זיין צו „אָפנהאַרציק" אין אַ בריוו, ווייל ער איז זיכער, אַז זיינע בריוו ווערן געעפנט און קאָנטראָלירט.

און איך האָב מורא צו זאָגן, אַז הגם דער כנסת־דעפּוטאַט בן־אהרון האָט היינטיקע וואָך אינטערפּעלירט דעם פּרעמיער־מיניסטער וועגן אָט די „שוואַרצע קאַבינעטן", וועט אים דער פּרעמיער־מיניסטער נישט קענען ענטפערן, ווייל ווער ווייסט, צי ער אַליין ווערט אויך נישט אונטערגעהערט, וואָרום די „שוואַרצע קאַבינעטן" זענען אַ מדינה פאַר זיך אַליין, מיט אַ רעגירונג פאַר זיך אַליין. און טאָמער וועט איר אינטערווענירן ביים פּאָסט־ און טעלעפאָן־מיניסטער, וואָס דורך זיין פּאָסט און דורך זיינע טעלעפאָנען אַרבעטן די „שוואַרצע קאַבינעטן" — וועט ער אייך זיכער ענטפערן מיט אַ קלוגן שמייכל, אַז ער איז, נעבעך, געפאַנגען און ער איז פונקט אַזאַ „קליענט" פון די „שוואַרצע קאַבינעטן" ווי אַנדערע מיניסטאָרן.

און, אייגנטלעך, פֿאַרשטיי איך נישט וואָס איז דאָ אונטערצוהערן ביי אונדזערע מיניסטאָרן. צי איז עס, אַ שטייגער, אַ סוד, אַז מיניסטער שפּיראָ, צי מיניסטער בורג לייגן יעדן טאָג תפילין און געהערן צו הפועל המזרחי און זענען געפאַנגענע ביי מפא״י? צי איז עס אַ סוד, אַז מיניסטער בערנשטיין מאַכט מער קאָמפּלימענטן די מפא״י־פירער ווי די פירער פון זיין אייגענער פּאַרטיי? אָדער איז עס אַ סוד, אַז מיניסטער ספּיר איז נישט מסכים מיט דעם, וואָס ער אַליין זאָגט, נאָר איז מסכים מיט דעם וואָס „סולל בונה" זאָגט? אדרבא, איך וואָלט געוואָלט וויסן ווו עס שטייט דער דאָק — צי דאָרט ווו דער מיניסטער האָט געוואָלט, אָדער דאָרט ווי „סולל בונה" האָט געוואָלט? צי אַרבעט דער קישון־פּאָרט ווי דער מיניסטער האָט מסכים געווען פריער, אָדער ווי „סולל בונה" האָט געוואָלט שפּעטער?

זעט איר שוין, אַז די „שוואַרצע קאַבינעטן" זענען נישט נייטיק!

דערפאַר זאָג איך, אַז אונדזערע „שוואַרצע קאַבינעטניקעס", קענען נעבעך נישט — נישט רייטן און נישט אַראָפּקריכן. ס'איז זיי נעבעך ענג און ס'איז זיי נעבעך לויז, ס'איז זיי נעבעך קאַלט און ס'איז זיי נעבעך וואַרעם. און אפילו ווען זיי זאָלן באַשליסן אויף דעם געוואַגטן שריט — אַראָפּצושפּרינגען, ווי מיין פריינד, פון פערד — צו שליסן די „שוואַרצע קאַבינעטן", זענען זיי איצט געפאַנגען ביי די פערד — ביי די שמעקערס שליסל־לאָך־קוקערס, אונ־טערהערערס דאַכקריכערס און אַנדערע לאַפּיטוטן, וואָס ציען זייער חיונה פון דער „שוואַרצער אַרבעט". און ביי אונדז, טאָמער האָט איר איין מאָל אַוועק־געשטעלט אַן אינסטיטוציע, וועט איר זי שוין פון אָרט נישט רירן, אפילו נישט דורך די „שוואַרצע קאַבינעטן" און אוודאי נישט דורך אינטערפּעלאַציעס...

20טער מאַי 1955

טייערע, אומפאַרגעסלעכע שטאָט כעלעם, ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אויף דיר, אַז דיינע יידן זענען געווען נאַראָנים. היינט, ווען דו ביסט שוין פאַר אונדז פאַרלוירן, קענען מיר ערשט אָפּשאַצן דיין גרויסקייט, דערמיט וואָס אַלע מעשיות און אַנעקדאָטן, וואָס זענען אַרום דיר געשאַפן געוואָרן, זענען דאָך געווען די אימפּרעסיאָניסטישע בילדער נישט פון דיין אייגענער ווירקלעכקייט, נאָר פון אַ ווירקלעכקייט וואָס האָט זיך געדאַרפט אויסשניידן פון דער יידישער פסיכיק ערשט אין דער יידישער מדינה.

צי געדענקסטו, כעלעם, ווי מען פלעגט דערציילן אַ מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן מיט איינעם פון דיינע גבירים? דו געדענקסט זיכער, ווי דער דאָזיקער גביר האָט געדונגען אַ וואָגן צו פאָרן קיין לובלין. עס איז געווען האַרבסט־צייט און דער גביר האָט געטראָגן קאַלאָשן. האָט ער זיך אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן, אַראָפּגעצויגן די קאַלאָשן און זיי רחבותדיק אַרונטערגעשטעלט אונטערן וואָגן. ווען דער וואָגן קומט אָן קיין לובלין, ציט־אויס דער גביר די הענט, כדי צו נעמען זיינע קאַלאָשן פון אונטערן וואָגן. ערשט די קאַלאָשן זענען נישטאָ.

— זעט! — האָט דער כעלעמער גביר אויסגערופן — נאָרוואָס בין איך אָנגעקומען קיין לובלין און שוין האָט מען מיר צוגעגנבעט די קאַלאָשן.

וויפל נאַאיוויטעט און אומיטלבאַרקייט ליגט אין דעם דאָזיקן אַנעקדאָט אַנטקעגן דער גניבה פון די „קאַלאָשן", וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אין אַ פאָר אָקטן צווישן מזרחי און מפא"י.

כ'מיין, די געשיכטע מיט די צוויי הונדערט עולים פון צפון־אַפריקע, וואָס מען האָט, ווי קאַלאָשן, אַריינגעוואָרפן אין דעם מאַגאַזין פון „שער העליה" ביז עס וועט קלאָר ווערן צי דער גנב פון די „קאַלאָשן" איז טאַקע אַ גנב, אָדער דער באַגנבעטער האָט די „קאַלאָשן" פאַרביטן.

נאָר לאָמיר זיך פונאַנדערקלייבן, וואָס דאָ איז געשען. ווי איר ווייסט, האָבן מיר די אַמאָליקע חלוקה אין ארץ־ישראל אינדוסטריאַליזירט און זי דערפירט צו שטאַטלעכע מאָסן. אַמאָל פלעגט מען אין ארץ־ישראל זיך טיילן מיט די גראָשנס, וואָס אונדזערע באָבעס און מאַמעס פלעגן אַריינוואַרפן אין די צדקה־פּושקעס אויף די ביישטידלעך פון די אַריינגאַנג־טירן ערב שבת צי אַ יומא דפגרא. היינט איז די חלוקה געוואָרן גראַנדיעז: מען טיילט זיך נישט נאָר מיט מיליאָנען, מיט סעקטאָרן, מיט רשיונות, מיט עקספּאָרט־

אימפּאָרט פון סחורות, נאָר אויך מיטן אימפּאָרט פון ייִדן, וואָס הייסט עליה. איז אין דער צייט ווען עס איז געגאַנגען די מאַסן־עליה און ייִדן האָבן זיך געשיט, קיין עין הרע, ווי באַב — האָט די חלוקה געסטייעט פאַר אַלע: נאָ דיר צען פּראָצענט ייִדן, און נאָ דיר צוואַנציק פּראָצענט ייִדן, און דו וועסט באַקומען פינף פּראָצענט ייִדן.

אַזוי אַרום האָט זיך יעדע פּאַרטיי און יעדער סעקטאָר און סוב־סעקטאָר באַקומען זיין פּאַרציע ייִדן. די קליינע פּאַרטייען פלעגן זיך אפילו קלאָגן, אַז מען באַגזלט זיי, מען נאַרט זיי אָפּ אין די ייִדן־פּראָצענטער: מען זאָגט זיי צו צען פּראָצענט און אַהינטער שלעפּט מען אַראָפּ אַ פּאָר פּראָצענט ייִדן.

אָבער דער גרויסער יאַריד האָט זיך געענדיקט. דער איינציקער מקור פון ייִדן, וואָס מען זאָל זיך קענען טיילן מיט זיי, זענען די עולים פון צפון־אַפריקע, וואָס זשע טוט אָבער גאָט? מאַכט ער, אַז די ייִדן פון הינטער די אַטלאַס־בערג זאָלן זיין גאָלע רעליגיעזע ייִדן. סאָציאַליזם, וועלטלעכקייט, אַפּיקורסות און אַנדער־ע פרייע זאַכן זענען נאָך צו זיי נישט דערגאַנגען. האָט זיך געשטעלט דער ריכטיקער סעזאָן פאַר די פּועלי המזרחי. אויב ייִדן באַשטימען פאַר זיך אַליין, זיי האָבן, ווי עס הייסט ביי אונדז, אַ „הגדרה עצמית" — איז נישטאָ קיין חלוקה. פרומע ייִדן, וואָס קומען און גייען אויף התישבות, געהערן צום רעליגיעזן סעקטאָר. און אויב ערגעץ־ווו וועלן זיך אָפּגעפינען ייִדן וואָס וועלן האָבן אַ „הגדרה עצמית", אַז זיי זענען גאָלע אַפּיקורסים — וועט ווידער נישט זיין וואָס צו טיילן און זיי וועלן גיין צום מפּא"ישן סעקטאָר. דערווייל אָבער זענען זיי רעליגיעזע און איר האָט נישט קיין עצה אויף דעם...

מאַכט זיך אַ מעשה פון די מעשיות, אַז צוויי הונדערט ייִדן האָבן זיך, נאָך זייענדיק הינטער די הרי אַטלאַס, אָפּגע־הגדרה־עצמית־עוועט, אַז זיי זענען רעליגיעז; און צווישן מפּא"י און הפּועל המזרחי איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז די פרומע ייִדן גייען אין אַ רעליגיעזן מושב פון פּועלי המזרחי, און אין דעם זכות איז אפילו אין די דאָקומענטן פון די עולים אַריינגעשריבן געוואָרן דער נאָמען פון דעם פרומען דאָרף אין לכיש.

האָבן זיך די פּועלי המזרחי געקלאַפּט אין בייכל: ווער ס'איז שיין און איך בין פרום. די צוויי הונדערט עולים ליגן ביי מיר אין דער קעשענע. און אויסגעזאָרגט פון אַלע קלאַפּאָטן, האָט מען די ייִדן אַרויפגעזעצט אין מאַרסייל אויף אַ שיף צוזאַמען מיט אַנדערע, מסתמא אַפּיקורסישע עולים און — פּאַרט געזונטערהייט. און די פּועלי מזרחי, וואָס זענען געווען זיכער מיט די צוויי הונדערט ייִדן, ווי יענער בעלעמער גביר איז געווען זיכער מיט די קאַלאַשן, וואָס ער האָט אונטערגעשטעלט אונטערן וואָגן, האָבן בלויז געוואַרט אויפן אָנקומען קיין לובלין, ס'הייסט, קיין חיפה. אָבער אַז גאָט האָט געהאָלפן און די שיף מיט די ייִדן איז אָנגעקומען קיין חיפה, וויזט זיך אַרויס, אַז די „קאַלאַשן" זענען נישטאָ. מען האָט זיי שוין צוגעגנבעט. עס הייסט: נישט געגנבעט אַזוי זיי זאָלן נישט זיין, חלילה, נאָר נאָך ערגער — צוגעגנבעט

זיי זאָלן יאָ זיין, אָבער ווי אייגנטימער פון די „קאַלאַשן" האָט זיך דער־קלערט מפא"י.

האָבן די פועלי המזרחי אָנגעהויבן שרייען: גזלנים, רוצחים, די „קאַלאַשן" זענען דאָך אונדזערע! ס'איז דאָך אפילו פאַראַן אַ פּלאַמבע אויף די „קאַלאַשן" אַז זיי זענען אונדזערע.

ענטפערט מפא"י: לא דובים ולא יער. מיר ווייסן גאָרנישט פון אייערע „קאַלאַשן"; און וואָס שייך די צוויי הונדערט יידן זענען זיי נישט אייערע, נאָר אונדזערע. והראיה, זיי זענען ביי אונדז אין די הענט... האָבן די פועלי המזרחי אָנגעהויבן שרייען צו די „קאַלאַשן": יידן, רעד'ס קלאָרע דיבורים! צי זענט איר פרומע יידן, אָדער זענט איר, חלילה, אַפּיקורסים?! ענטפערן די „קאַלאַשן": מיר געהערן צו אייך, ר' גביר, און נעמט אונדז און פירט אונדז!

איז געוואָרן פינצטער און ביטער; און אין גרויס פאַרצווייפלונג האָט מפא"י אַריינגעכאַפּט די פעקלעך פון דריי עולים־משפחות און צוזאַמען מיט די דריי פעקלעך געקינדנעפּטע נשמות אַנטלאָפן. די דריי געקינדנעפּטע יידן האָבן נעבעך געשריגן אין גרויס פאַרצווייפלונג, ווייל מען האָט איינעם פון זיי אָפּגעריסן פון זיין פרוי און קינדער. נאָר גיי שריי חי וקיים, אויב דאָ גייט אין נאַציאָנאַל־באַפרייערישע אידעאַלן.

האָבן די פועלי המזרחי אָנגעהויבן רופן: קאַראַאול! מען כאַפּט־צו אונדזערע יידן. מיר וועלן נישט שווייגן, די עולים וועלן נישט שווייגן, די וועלט וועט גיין כאַדאָראַם, וואָרום דאָס איז גזלוואַיע אין מיטן העלן טאָג.

אַז מפא"י האָט געזען, אַז די „קאַלאַשן" הייבן זיך אָן בונטעווען און עס קען דערגיין צו אַ „חילול השם", אַז די יידן זאָלן אַוועקשרייבן בריוו צו זייערע קרובים, אין צפון־אַפריקע, אַז ס'איז ביטער מיט זיי, מען גייט זיי דאָ אין ארץ־ישראל מאַכן פאַר מפא"ישע ציציליסטן, האָט מפא"י באַשלאָסן צו מאַכן — אַ מין „משפט" על־פי שלמה המלך: מען וועט אינטערנירן די צוויי הונדערט יידן אין „שער העליה"־לאַגער, מען וועט זיי אַרומשטעלן מיט שומרים, אַז קיינער זאָל זיך צו זיי נישט טאָרן דערנענטערן, ווי צו קאַטאַרזשניקעס, און מען וועט אונטערהאַנדלען. עס הייסט, מפא"י וועט אונטערהאַנדלען מיט די פועלי מזרחי; און אַז מען וועט לאַנג אונטערהאַנדלען, קען אַמאָל געשען, אַז הינטער די שטעכיקע דראָטן וועט זיך דערווייל ביי די צעשראָקענע און פאַר־צווייפלטע פרימיטיווע יידן אויסוועפּן די רעליגיע און זיי וועלן זיך אָנזאַפּן מיט סאָציאַליזם און דערנאָך, אַז מען וועט עפענען דעם טויער — וועלן זיי, די עולים, שוין האָבן אַ געביטענע „הגדרה עצמית" מיט אַ ליידנשאַפט צו מפא"י.

איי, וועט איר פרעגן: ווי קען מען עס נעמען צוויי הונדערט יידן, אַרומ־צוימען מיט שטעכיקע דראָטן ווי פאַרברעכער, צונעמען ביי זיי די פרייהייט און אַרומשטעלן זיי מיט שומרים, וואָס גיבן קלעפּ די קרובים פאַר וועלן דער־נענטערן זיך צו זייערע פאַרשפאַרטע קרובים? לויטן געזעץ איז דאָך עס אַ קרימינעל פאַרברעכן צוצונעמען ביי אומשולדיקע מענטשן זייער פרייהייט?

איז דער ענטפער: אויב מפא״י פאַרשפּאַרט יידן הינטער שטעכיקע דראָטן — איז דאָס געזעצלעך, נאַציאָנאַל, ציוניסטיש, אידעאָלאָגיש אויסגעהאַלטן און מענטשלעך; נאָר אויב די ענגלענדער האָבן פאַרשפּאַרט יידן הינטער שטעכיקע דראָטן — איז עס געווען שנאת־ציון, באַרבאַריזם, בעווינס־יזם, כאַמסטוואָ, טעראָר און פאַרברעכן.

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז די צוויי הונדערט יידן זענען מלאכים, אָדער ביז צום גרונט דערשלאָגענע מענטשן, אויב זיי האָבן נישט אויפגעבראָכן די טויערן פון „שער העליה״ און זיך נישט באַפרייט פון דעם צוואַנגס־לאַגער. פון ווען־אָן זענען עס מפא״י און די פּועלי המזרחי די באַלעבאַטים איבער עמעצענס פרייהייט? צי זענען די דאָזיקע אומגליקלעכע יידן, קנעכט, אָדער בהמות, וואָס די אייגנטימער קענען מיט זיי מאַכן וואָס זיי ווילן? צי פּאַסט עס צו מאַכן פאַר די נייע עולים, וואָס קומען אין זייער אייגן לאַנד, אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער־קבלת־פּנים?

אמת, לויט די איינגעשטעלטע חלוקה־פּרינציפּן פון דעם קי־האַנדל מיט עולים, האָבן די פּועלי המזרחי „רעכט״ אויף די צוויי הונדערט יידן, עס זענען „זייערע״ יידן; וואָרום אויף קאָלאָניזאַציע גייען זיי, פרום זענען זיי, אין לכיש האָבן די פּועלי המזרחי זייער טייל — קומט זיי די יידן. נאָר אויב מפא״י וויל כאַפּן די „קאָלאָשן״ און זאָגט, אַז זי וויל בודק זיין צי די אָרעמע צוויי הונדערט יידן טראָגן ציצית, אָדער אַ רויטע פאָן אָנשטאָט אַן ארבע־כנפות — איז דאָס זייערביידנס עסק און זאָלן זיי זיך גיין לאָדן צום רבין ר׳ צאָץ, אָבער צו דער פרייהייט פון די יידן האָבן ביידע נישט קיין רעכט. נישט אויף דעם האָבן זיך די יידן באַפרייט פון זייער ביז איצטיקן גלות, כדי אַריינצופאַלן אינעם צווישנפּאַרטייאישן גלות פון אונדזערע עקזאַלטירטע נשמה־כאַפּער. און נישט אויף דעם גיבן יידן אין דער וועלט געלט אויף עליה.

כ׳לעבן, ווען די מעשה זאָל נישט זיין אַזאַ טראַגישע, וואָלט זי געפּאַסט פאַר אַ סקעטש פאַר דזשיגאַן און שומאַכער — וואָס פאַראַ חוזק עס ווערט ביי אונדז געטריבן פון לײדנדיקע מענטשן און פון אידעאַלן. נאָר גיי לאַך, אויב אונדזערע פּאַרטייען האָבן אפילו די כעלעמער מעשיות דערפירט צו געזעלשאַפטלעכן שונד און הפקרות.

3טער יוני 1955

וואָס איז, אײגנטלעך, דער אונטערשייד צווישן אַן עם־הארץ און אַ תּלמיד־חכם? וואָרום אויך אַן עם־הארץ קען אָפּהיטן מצוות; אויך אַן עם־הארץ קען אונטערשיידן צווישן מילכיקס און פלײשיקס; איז מתפּלל צום רבונו של־עולם פּונקט ווי אַ תּלמיד־חכם; לייגט תּפילין ווי אַלע יידן; קען גיין אין זעלבן קלויז ווי אַלע יידן גייען; גייט אויך אין דער זעלבער מקווה וואָס אַלע יידן. איז וואָס זשע דאָך דער אונטערשייד צווישן אַ תּלמיד־חכם און אַן עם־הארץ?

ס'איז דער זעלבער אונטערשייד, וואָס צווישן אַ מענטש פון קאָמונסטישן לאַגער און אַ מענטש פון דעמאָקראַטישן לאַגער; צווישן אַ מענטש, וואָס גייט אויף אַ שטריק, ווען פון ביידע זייטן ליגט אַ תּהום, און אַ מענטש וואָס גייט אויף אַ ברייטן, פרייען וועג.

איר וועט זיך אַמאָל צוקוקן ווי אַזוי עס דאַווענט אין שול אַן עם הארץ: אויף די אַקסלען הענגט אים טאַקע אַ טלית, אָבער דעם מחזור האַלט ער כסדר פאַר די אויגן און האָט מורא טאָמער פאַרלירט ער אַ פּסוק און ווערט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ דזשונגל. זײַנע אויערן מוזן זיין צוגעשפּיצט צום בעל־תּפילה, כדי נאָכצופאָלגן און וויסן וו ער האַלט אין דער וועלט. און טאָמער הייבט־אָן דער בעל־תּפילה צו ציקלען זיך, צו קריכן אויף די גלײַכע ווענט, און צוויי מאָל איבערחזרן ווערטער — ווערט דער עם־הארץ פאַרלוירן, ער קען זיך מער נישט אָפּגעפינען און הייבט אָן לויפן אַזוי שנעל, אַז אַמאָל דער־יאָגט ער דעם בעל־תּפילה ביי יוצר און אַמאָל דעריאָגט ער אים נישט אפילו ביי מוסף. ווערט דער עם־הארץ צעטומלט, מישט, זוכט, כאַפּט אַ בליק אין דעם מחזור פון אַ צווייטן און דאָס גאַנצע דאַווענען באַקומט אים נישט...

דאַקעגן אַ ייד אַ תּלמיד־חכם איז „אויסגעקאַכט" אין די תּפילות. דער מחזור איז בלויז ער זאָל נישט אָפּווענדן די כוונה. ער באַוועגט זיך פריי, ער שווימט, און אַז ער כאַפּט אַמאָל דעם בעל־תּפילה ביי אַ גרייז — העלפט ער אים אַרויס אויפן קול און שלעפּט אים צוריק: נו, נו. און אַ ייד אַ תּלמיד־חכם ווייסט וו אײַן און וו אויס. ער קען מחמיר און מקיל זיין, ער קען אונטערשיידן אַ מנהג פון אַ דין און ווייסט ווען און וו אָנצוווענדן דעם מנהג, וואָס איז מבטל די הלכה.

הכלל, אויב מקנא זיין זאָלט איר מקנא זיין דעם תּלמיד־חכם און נישט דעם עם־הארץ. און איר זאָלט נישט מקנא זיין דעם, וואָס האָט זיך אײַנגע־

שפּאַנט אין דעם קאָמוניסטישן „גענדאַנקען־גאַנג". איך שטעל גענדאַנקען־גאַנג אין גענדזנפיסלעך, ווײַל איך האַלט, אַז זײ זענען אַזױ פרײַ אין גײן לויט זײערע גענדאַנקען, ווי דער עם־הארץ איז פרײַ אין זײַן „גײן" אין מחזור.

מילא, כל זמן דער בעל־תפילה האָט איבערגעחזרט דעם „מה טובו אוהליך יעקב" און זיך געהאַלטן ביים נוסח סטאַלין — איז געווען לײַכט נאָכצוגיין: טיטאָ איז אַ פאַררעטער, אַ פאַשיסט, אַן אימפּעריאַליסטישער אַגענט. און אַדענאַוער איז היטלערס יורש, אַ נעאָ־נאַצי, דער פאַרפאַסטן פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, דער נײַער וועלט־אונטערצינדער וכדומה. אַלץ איז געווען לײַכט און אַלץ איז געווען קלאָר ווי אויף דער האַנט. די וועלט איז געווען ווי צום סוף פון ערשטן טאָג פון בריאת העולם — צעטיילט אויף ליכט און פינצטערניש. די קאָמוניסטישע וועלט איז געווען דאָס אײנציקע ליכט און די אַנדערע, די צווייטע טייל וועלט — איין שטיק פינצטערניש. טיטאָ, דער דערצויגענער אין מאָסקווע און אַמאָל דאָס צערטל־קינד פון סטאַלינען, איז געווען טריף ווי חזיר, און מזרח־דײַטשלאַנד איז גלאַט כשר. און פּונקט ווי מזרח־דײַטשלאַנד איז גלאַט כשר אַזוי איז טריף שבטריף מערב־דײַטשלאַנד. אַ נאַצישער גענעראַל אין מזרח־דײַטשלאַנד איז די גאַראַנטיע פאַרן וועלט־שלום, דאַקעגן אַ נאַצישער גענעראַל אין מערב־דײַטשלאַנד איז די סכנה פאַרן וועלט־שלום. איי, אפשר שמעקן זיי ביידע? אפשר איז איינער ווערט דעם צווייטן און ביידע טראָגן זיך אַרום מיט די זעלבע פינצטערע געדאַנקען וועגן רעוואַנזש? חלילה, אַזאַ ווערט טאָר מען גאָרנישט ברענגען פאַרן מויל, ווײַרום דאָס איז די ערגסטע קאָנטער־רעוואָלוציע. ווײַרום באמת, ווי קען מען דאָס זאָגן, אַז דער צעזעצער פון סטאַלינגראַד פאָן פּאַולוס טראַכט וועגן רעוואַנזש?

האָבן מיר אָבער אַ גרויסן גאָט אין הימל. דער בעל־תפילה אין מאָסקווע האָט, נישט רעכנענדיק זיך דערמיט, אַז אין קלויז געפינען זיך אַזעלכע, וואָס ציטערן איבערן מחזור, זיך געגעבן אַ צעשאָקל מיט אַ שטיקל „יוצר", מיט אַזאַ אימפּעט און מיט אַזאַ ציקלען זיך אויף דער „כלי", אַז מען ווייסט נישט, צי ער האַלט ביי „אין כמוך", אָדער ביי „זכור רחמיך". נעכטן איז מאַרשאַל בולגאַנין און כרושטשעוו בכבודו ובעצמו אַרײַנגעפאָרן אין דער סאַמע נעסט פון דער „אַמעריקאַנער אַגענטור", וואָס הייסט יוגאָסלאַוויע, און זיך געברידערט מיט דעם „אַגענט פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם" — מאַרשאַל טיטאָ. און איז מען נאָך נישט געקומען צו זיך פון אָט דעם שטיקעלע „יוצר", מען ווייסט נאָך נישט ווו מען זאָל עס זוכן — און שוין איז קאָנראַד אַדענאַוער אײַנגעלאַדן געוואָרן קיין מאָסקווע. און נישט בלויז מ'האָט אים אײַנגעלאַדן, נאָר אויך אנערקענט מערב־דײַטשלאַנד דע־פאַקטאָ און געבעטן אָנקניפּן מיט איר דיפּלאָמאַטישע און האַנדלס־באַציאונגען. אויס נעאָ־נאַצי, אויס מלחמה־העצער און אויס פאַרפאַסטן פון אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם!

מען דאַרף מודה זײַן, אַז ביי אַזאַ ניגון, ביי אַזאַ ציקלען זיך, ביי אַזאַ דראַפּען זיך אויף די ווענט, ווי מענדעלע פלעגט עס רופן — וואָלטן נישט בלויז

עם־הארצים געבליבן שטיין מיטן מחזור אין די הענט, נאָר אויך תלמידי־חכמים וואָלטן צעמישט געוואָרן און זייער „נו, נו" וואָלט זיך געהערט פון דער מזרח־וואַנט ביז צום פּאָליש. צי איז ער משוגע געוואָרן דער חזן? צי האָט ער פאַרטוישט דעם „יוצר" פון יום כפּור אויפן „יוצר" פון שבועות?

נאָר די געשיכטע איז, וואָס אין אַזאַ פאַל ציטערן די עם־הארצים, זיי האָבן מורא צו פרעגן אַ שאלה, זיי מוזן מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי „פאָרן מיט", זיי ווייסן ווו דער חזן „פאַרקערעוועט" און כדי צו מאַסקירן זייער צע־טומלעניש ציען זיי אַריבער דעם טלית איבערן קאָפּ און הייבן אָן שרייען נאָך העכער פונעם חזן.

איז מיר נישט אַזאַ גרויס רחמנות אויף די קאָמוניסטן, ווי אויף די, וואָס אָריענטירן זיך אויף ראַטנפאַרבאַנד, נישט זייענדיק קיין קאָמוניסטן. אויב ראַטנפאַרבאַנד גייט זיך אָריענטירן אויף דעם „אַמעריקאַנער אַגענט טיטאָ" און אויף דעם פירער פון מערב־דייטשלאַנד — איז אויף וואָס זאָלן זיך אָריענטירן די, וועלכע אָריענטירן זיך אויף די אָריענטירער? ס'איז דאָך פּשוט אַ גאַנצע איבערקערעניש — איז ווי אָריענטירט מען זיך אויף אַזאַ איבער־קערעניש? דער גאַנצער מחזור צעפליט זיך דאָך אויף שמות! און דאָ שטייט דער חזן און רייסט שטיקער.

וואָלט איך וועלן וויסן, אויב מאָסקווע וועט כשרן מערב־דייטשלאַנד, צי וועלן די קאָמוניסטן, מפּ"ם און אחדות העבודה זיין פאַר די שילומים און פאַר דעם, אַז די ישראל־רעגירונג זאָל אָנקניפּן דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען מיט דייטשלאַנד, אָדער זיי וועלן אַראָפּשפּרינגען פון וואָגן? מען קען זיין זיכער, אַז זיי וועלן נישט שפּרינגען פון וואָגן. אויב מאָסקווע וועט זאָגן, אַז קאָנראַד אדענאוער איז כשר און מערב־דייטשלאַנד איז גלאַט־כשר — וועט אַלץ זיין כשר וישר אויך פאַר אונדז.

אָט אַזוי מאַכט די געשיכטע חוזק פון באַוועגונגען און מענטשן, וואָס גיבן־אויף די מצווה פון זעלבשטענדיק טראַכטן, נאָר לייגן זיך אַריין אין סדום־בעטלעך פון קאָנפעקציע־געניייטע אידעאָלאָגיעס. און אַז דער צושניידער פון דער קאָנפעקציע ענדערט דעם שניט — ווערט מען, לא עלינו, מיטגעשניטן און אויסגעשטעלט צו חוזק, צום זעלבן חוזק צו וועלכן עס זענען אויסגעשטעלט די עם־הארצים אין קלויז, וואָס ציטערן איבערן מחזור און ביים מינדסטן „צי" פון חזן פאַרבלאָנדזשען זיי אין אַ דזשונגל...

10טער יוני 1955

## ווו נעמט מען דעם שטראַסבורגער בעזעם?

איר האָט אוודאי געלייענט אין די נייס, אַז דער בירגערמייסטער פון שטראַסבורג, אַ מאַן פון 63 יאָר, איז אַרויס מיט אַ בעזעם אויפן מאַרקפּלאַץ אין שטראַסבורג און במשך פון איין שעה האָט ער אויסגעקערט אַ האַלבן פּלאַץ — אַן אַרבעט וואָס פיר אַרבעטער טוען געוויינטלעך אָפּ אין פיר שעה.

די מעשה איז פאָרגעקומען אין דער אַלטער שטראַסבורג, ווו נישט די אַרבעטער און נישט דער בירגערמייסטער האָבן ווען עס איז געהערט וועגן אזא זאַך ווי חלוציזם אָדער חזון. און וועגן קיבוץ־גליות און באַלעבן די מדבר האָבן זיי אוודאי נישט געהערט. די דאָזיקע אַלע ווערטער זענען פאַר זיי ווייניקער פאַרשטענדלעך פון תרגום־לשון. אָבער אַ זין פאַר באַלעבאַטישקייט, צייט און הוצאות, זעט אויס, פאַרמאָגט יאָ דער שטראַסבורגער בירגערמייסטער. און איך וואָלט פאָרגעלייגט מיר זאָלן אים פאַרבעטן כאָטש אויף אַ יאָר צייט, ער זאָל דאָ ביי אונדז נעמען אַ בעזעם אין האַנט אַריין און אַביסל אויסקערן אונדזער מאַרקפּלאַץ.

און ער וואָלט געהאַט וואָס צו קערן און צו באַווייזן וואָס נאָר מען קען באַווייזן, ווען מען קערט און נישט ווען מען שפּילט זיך אין קערן.

דאָס ערשטע, וואָס ער וואָלט געדאַרפט אויסקערן, זענען די קאָסעס פון אונדזערע פּאַרטייען, כדי צו באַווייזן, אַז מיט דריי מיליאָן פונט קען מען מאַכן וואַלן צו דער כנסת פּונקט אַזוי ווי מיט דרייסיק מיליאָן. און אויב אַ פּאַרטיי וואָלט אויסגעגעבן מער ווי עס וואָלט אויסגעפאַלן אויף איר — וואָלט זי אַליין געדאַרפט אַרונטער אונטערן בעזעם און אויסגעקערט ווערן פון אונדזער מאַרק. וואָרום פּאַרטייען, וואָס רעדן וועגן סאָציאַלער גערעכטיקייט, וועגן זאָרג פאַרן פאָלק און מדינה און ווילן דערגרייכן די מאַכט נישט דורך גערעכטער סאָציאַלער טאַט, נישט דורך געזונטער פּאָליטיק און צדק, נאָר דורך געלט — אַזעלכע פּאַרטייען קומט אויסצוקערן.

ווער איר דאָך אוודאי זאָגן, אַז אַזעלכע פּאַרטייען־איבערגעדרייט זענען ביי אונדז פאַראַן אַ סך, איז טאַקע ריכטיק. אויב איר וועט זיך גוט פאַרטראַכטן, וועט איר זען, אַז פאַקטיש זענען די מערהייט פּאַרטייען ביי אונדז נישט קיין פּאָליטישע און נישט קיין אידעאָלאָגישע, נאָר עקאָנאָמישע פּאַרטייען מיט אַן אידעאָלאָגישן טשיפּיק. אין דער גאַנצער וועלט פירט זיך, אַז פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אַליין אָרעם. זייער קאַפּיטאַל זענען די מיטגלידער און סימפּאַ־טיקער. און די מיטגלידער צאָלן פּאַרטיי־שטייער און האַלטן־אויף דעם פּאַרטיי־

אַפּאַראַט. ביי אונדז איז פאַרקערט: מיט וואָס אַ גרעסער מאַטעריעל פאַרמעגן אַ פּאַרטיי קען זיך באַווייזן, אַלץ שטאַרקער איז איר „אידעאָלאָגיע".

די מערהייט פון אונדזערע פּאַרטייען דערמאָנען מיר אָן יענעם אַלרייט־ניק, וואָס אַז מען האָט אים געפרעגט, צי ער האָט געלערנט פילאָסאָפיע, האָט ער געוויזן, אַז ער האָט אין דער באַנק אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר...

פאַר די וואַלן האָב איך געפרעגט איינעם אַ ייד, וואָס האָט פאַר מיר אַ סך גערעדט וועגן אידעאָלאָגיע, פאַר וועלכער פּאַרטיי ער וועט שטימען. נאָך דעם גאַנצן אידעאָלאָגישן שמועס האָט ער געזאָגט אַזוי:

„דאָס איז שוין זעט איר, אַן אַנדער פראַגע. אידעאָלאָגיש וואָלט איך געדאַרפט שטימען פאַר מפ"ם, ווייל זיי זענען סתם פיינע מענטשן און זיי מיינען סאָציאַליזם אויף אַן אמת. אָבער איך ווויז אין אַ שיכון, וואָס געהער צו דער און דער פּאַרטיי. אויף מיין גאַס איז נאָך נישטאָ קיין כביש. און ביי בויען דעם שיכון האָט מען „פאַרגעסן" צו בויען באַלקאָנען. צוויי חדשים פאַר די וואַלן האָט מען שוין געמאָסטן און געחשבונט און מען האָט אונדז צוגעזאָגט צוצובויען באַלקאָנען און לייגן כבישים. דערווייל האָט זיך די פּאַרטיי געגרייט צו די וואַלן און זי האָט דאָס געלט אַריינגעבראַקט אין די וואַלן. איז טאָמער חלילה וועט די פּאַרטיי אַרויס פון די וואַלן אַ צעבראָכענע — איז אויס באַל־קאָנען און אויס כבישים. פון וואַנען וועט זי נעמען פריש געלט אויף באַלקאָנען און כבישים ? אויב אָבער די פּאַרטיי וועט אַרויס פון די וואַלן שטאַרק, וועט זי זיכער אַריין אין דער קאָאַליציע און זי וועט ווידער פאַרדינען געלט. פאַר־שטייט איר דאָך שוין, אַז איך וועל נישט דערלאָזן דער אייגנטימער פון מיין שיכון זאָל חלילה באַנקראָטירן. איצט ווייסט איר שוין פאַר וועמען איך וועל שטימען ?".

און אַ צווייטער ייד האָט מיר געענטפערט אויף דער זעלבער פראַגע:

„פאַר וועלכער פּאַרטיי איך וועל שטימען ? סך הכל זע איך נישט דעם אונטערשייד פון איין פּאַרטיי ביז דער צווייטער. ביי מיר זענען אַלע פּאַרטייען גלייך. אַלע זענען ציוניסטישע און אַלע ווילן דאָך די מדינה זאָל זיין גרויס, רייך, עס זאָל הערשן אָרדענונג. צי מיינט איר טאַקע, אַז טאַבענקין איז ווייניקער פּאַטריאָט פון פּרץ בערנשטיינען און בערנשטיין איז מער פּאַטריאָט פון יערי'ן ? כ'לעבן, זיי מיינען אַלע דעם וווויל פון דער מדינה. אלא וואָס דען ? קיין פּאַרטייען זענען זיי נישט. זיי זענען גרויסע אונטערנעמונגען, גרויסע קאָנצערנען, וואָס היטן, אַז זייערע מאַטעריעלע דערגרייכונגען זאָלן פראָספּערירן. צי האָט איר, למשל, געהערט, אַז וועלכע עס איז פּאַרטיי אין דער וועלט זאָל אין איר וואָל־ליטע־ראַטור אויסרעכענען וואָס זי פאַרמאָגט ? ניין. אַ פּאַרטיי אין דער וועלט רעכנט אויס אירע מעלות, דערציילט וועגן איר אידעאָלאָגיע, וועגן איר פּאָליטישער ליניע. אָבער רעדן וועגן פאַרמעגנס ? וועגן דעם וויפל משקים זי פאַרמאָגט, וויפל פאַבריקן, שולן, שיכונים וכדומה ? דאָס איז שוין נישט קיין אידעאָלאָגיע, נאָר דאָס איז רעקלאַמע פאַר געשעפטן. און יעדער בירגער איז מער־ווייניקער

געבונדן מיט אַט די גרויסע קאָנצערנען, וואָס ווילן אייך איינרעדן, אַז זיי זענען פּאַרטייען. און היות ווי איך בין אויך געבונדן אין מיין פּרנסה מיט איינעם פון די קאָנצערנען — וועל איך נישט לאָזן פאַלן מיין פּרנסה"...

וואָס זשע וויל איך דערמיט זאָגן? איך וויל דערמיט זאָגן, אַז דער שטראַסבורגער בירגערמייסטער וואָלט געהאַט ביי אונדז וואָס צו קערן. אויס־רייניקן אונדזערע פּאַרטייען זיי זאָלן זיין אָרעמער אין געלט און רייכער אין אינהאַלט. זיי זאָלן אויפהערן זיין עקאָנאָמישע קאָנצערנען און ווערן פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. און אויב עס וואָלטן אויפגעהערט די גרויסע ביזנעס, וואָלט די מערהייט פּאַרטייען נישט געהאַט מיט וואָס צו קומען צום וויילער, זיי וואָלטן אים נישט געקענט צוזאָגן קיין שיכון, קיין ארבעט, קיין שטיצע. במילא וואָלטן זיי זיך נישט אונטערשיידט פון אַנדערע פּאַרטייען, און סוף־כל־סוף וואָלטן זיי זיך צוזאַמענגערעדט מען זאָל גיין צוזאַמען און דאָס וואָלט געקאָסט ביליקער. מען וואָלט באַנוצט ווייניקער פּאַפּיר און ווייניקער שמוץ ביי די וואַלן. פאַר אַ צוויי מיליאָן פונט וואָלט מען געמאַכט די גאַנצע וואַלן. דעמאָלט וואָלטן די אַכט און צוואַנציק איבעריקע מיליאָנען געקענט אויסגעגעבן ווערן אויף צו בויען געגנוג שול־בנינים אין דער מדינה. און עס וואָלט געסטייעט געלט אַרויסצונעמען די עולים פון די מעברות. און מען וואָלט געקענט בויען שפּיטע־לער, אַז קראַנקע זאָלן נישט דאַרפן ליגן אין די שפּיטאָל־קאָרידאָרן.

און ווען אונדזער ווירטשאַפט זאָל נישט זיין איינגעטיילט אויף פּאַרטיי־אישע קאָנצערנען, וואָלט די גאַנצע אַנטוויקלונג אין דער מדינה געקאָסט ביליקער און דער פּראָצעס וואָלט געוועזן אַ סך שנעלער.

טאַקע אַזוי ווי עס האָט באַוויזן דער שטראַסבורגער בירגערמייסטער: אַנשטאָט פיר אַרבעטער זאָלן אויסקערן אַ האַלבן מאַרק אין פיר שעה — מאַכט דאָס איינער אין איין שעה. אַנשטאָט צען פּאַרטייען זאָלן זאָרגן פאַר דער התישבות און די התישבות זאָל אונטערהינקען — איז דאָך גלייכער, אַז איינע — און טאַקע די רעגירונג אַליין — זאָל זיך פאַרנעמען מיט התישבות. און אַנשטאָט צען פּאַרטייען זאָלן בויען שלעכטע שיכונים — איז דאָך גלייכער אַז איינע — טאַקע די רעגירונג אַליין — זאָל בויען גוטע שיכונים. און אַנשטאָט פּאַרטייען זאָלן זיך פאַרנעמען מיט עקספּאָרט־אימפּאָרט — זאָל מען דאָס איבערלאָזן פאַר דער רעגירונג, פאַר עקספּאָרטערס און אימפּאָרטערס; און אַז מען וועט אַזוי „אויסקערן דעם מאַרק" מיט ווייניקער כוחות — וועלן די פּאַרטייען האָבן צייט אויף אידעאָלאָגישע פּאַרטיפונג. אַ פּאַרטיי, וואָס וועט נישט קענען האַנדלען מיט שיכונים, מיט עקספּאָרט און אימפּאָרט, וועט זיך דעמאָלט מוזן איינ־האַנדלען דעם צוטרוי פון וויילער מיט אידעאַליזם, מיט זאָרג פאַרן וויילער, מיט דינען זיינע פּאָליטישע און גייסטיקע אינטערעסן. דעמאָלט וועלן די וואַל־קאַמפּן נישט זיין אַזעלכע פאַרביטערטע און די פּאַרטייען וועלן נישט מוזן אַנקומען צו אַזוי פיל קעגנזייטיקן באַשמוצן זיך, וואָס דערמאָנט מער אין קרעמערישער קאָנקורענץ איידער אין אידעאָלאָגישן געראַנגל.

אָט אַזאַ שטראַסבורגער בירגערמייסטער וואָלטן מיר געדאַרפט האָבן. אַ שטראַסבורגער בירגערמייסטער אין אַ מדינה־פּאַרנעם, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַר אַלע, ווי אַזוי מען קען מיט ווייניק כוחות, דערפאַר אָבער מיט שטאַרקן ווילן, האַלטן ריין דאָס לאַנד, ריין אין פיזישן און אין גייסטיקן זין.

און טאָמער וועט זיך ביי אונדז אָפּגעפינען אַזאַ מין שטראַסבורגער בירגערמייסטער, וועט ער זיך איינקויפן ביים פאָלק ביידע וועלטן — די און יענע וועלט.

5טער אויגוסט 1955

פאָרט אַ טאַקסי קיין ירושלים און צווישן די פּאַסאַזשירן געפינען זיך צוויי אַמעריקאַנער טוריסטן מיט זייערן אַ באַגלייטער, וואָס דאַרף פאַר זיי אויפקלערן אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד, ווי דאָס לאַנד בויט זיך, וואָס מען וועט בויען, ווי עס וועט אויסזען אין אַ פינף יאָר אַרום אאַ״וו. אין רמלה שטעלט זיך אָפּ די טאַקסי און תימנער ייִנגלעך לויפן אונטער מיט מאַראַנצן און לייגן פאַר די פּאַסאַזשירן צו קויפן די סחורה.

זאָגט דער באַגלייטער פון די טוריסטן:

— עסט אָן אַראַנזש. מיר האָבן איצט שפּייז איבערן קאָפּ און אַ סך ביליקער ווי ביי אייך אין אַמעריקע.

— או, יעס?! — ווונדערט זיך איינער פון די טוריסטן.

— יעס, — זאָגט דער באַגלייטער — דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס ד״ר דב יוסף האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איינגעפירט „פּאָינטס״ און געפירט אַ געניאַלע באַשפּייזונג־פּאָליטיק, וואָס האָט געפירט, אַז איצט זאָל זיין פּלענטי שפּייז...

די ישראל־פּאַסאַזשירן קוקן זיך איבער און שמייכלען צו זיך. אָבער זיי שווייגן, כדי נישט קאַליע צו מאַכן די מערכה פונעם באַגלייטער.

ווי נאָר מען פאָרט אַרויס פון רמלה אין דער ריכטונג צו ירושלים, ווייזט אָן דער באַגלייטער אויף דעם בנין פון דער „סולל בונה״־פאַבריק און זאָגט:

— פּליז, איר זעט די פעקטאָרי, דאָרט לינקס? די פעקטאָרי איז דאָס אייגנטום פון די ישראל־אַרבעטער.

— או, יעס?! — קענען זיך נישט אָפּוווּנדערן די טוריסטן — אַ ביוטיפול פעקטאָרי. און דאָס אַלץ באַלאַנגט צו די אָרעמע אַרבעטער?...

— ביי אונדז זענען נישטאָ קיין אָרעמע אַרבעטער — קלערט אויף דער באַגלייטער — די הסתדרות שיצט די אַרבעטער און די גרעסטע פאַבריקן אין לאַנד געהערן צו די אַרבעטער: אָט די פעקטאָרי אין רמלה, די צעמענט־פאַבריק „נשר״ אין חיפה, די גלאָז־פאַבריק „פעניציאַ״, די מעטאַל־פאַבריק „וולקאַן״, די קאָנטראַקטאָרס „סולל בונה״, די סטאָרס „המשביר״, „תנובה״ — אַלץ געהער צו די אַרבעטער.

— או, יעס?! — זענען אַנטציקט די טוריסטן — און וואָס איז מיט „פּריי־וועט ענטערפּרייז״? פרעגט איין טוריסט.

— אויך מיט זיי איז אַל־רייט — ענטפערט דער באַגלייטער — מיר זענען אַ דעמאָקראַטישע מדינה און עס איז דאָ געוווּג פּלאַץ סיי פאַרן „אַרבעטער־סעקטאָר" און סיי פאַרן „פּריוואַטן־סעקטאָר".

— אָ, איר זעט, דער שאָפער, אויף וועלכן מיר פאָרן איצט, איז געבויט דורך דער אַרבעטער־מיניסטאָרשע גאָלדע מאירסון.

— או, אָי סי! — שטעקט אַרויס איין טוריסט דעם קאָפּ דורכן אויטאָ־פענצטער און באַקוקט דעם שאָסיי פון גאָלדע מאירסון.

נאָך אַ פּאָר מינוט שוויגן רופט זיך אָפּ איינער פון די טוריסטן:

— אויב אַלע פּעקטאָריס געהערן צו די אַרבעטער, פאַר וואָס זשע זענען די אַרבעטער אַזוי אָרעם אָנגעטון און די סוחרים אין תל־אביב זענען אָנגעטון עלעגאַנט?

— ווייל ביי אונדז הערשט דעמאָקראַטיע — זאָגט דער טוריסטן־באַגלייטער — און יעדער קען זיך קליידן ווי אים געפעלט.

דאָ האָט שוין איינער פון די ישראלים אין דער טאַקסי נישט געקענט זיך מער באַהערשן און געזאָגט אין אַ רואיקן טאָן:

— יו סי, ביי אונדז איז אַן אַבסאָלוטע דעמאָקראַטיע. הגם מיר זענען אַ רעפּובליק און יעדע מאָנאַרכיסטישע נייגונג וואָלט געדאַרפט באַקעמפט ווערן, ווי אַ נייגונג קעגן דער רעפּובליק, דאָך האָט קיינער נישט געשטערט, אַז יעדער ייִד זאָל אין דער סדר־נאַכט זיין אַ מלך און יעדע פרוי אַ מלכה... אפילו אונדזערע דעמאָקראַטישע מיניסטאָרן זענען אין דער סדר־נאַכט מאָנאַרכן און זייערע פרויען מאָנאַרכינעס...

— אָי סי — האָט איינער פון די טוריסטן ערנסט אַ זאָג געטאָן, אָבער זיך באַלד געכאַפּט און זיך פריילעך צעלאַכט. אין דער פריילעכקייט, כדי צו ווייזן אַז ער האָט אַלץ גוט פאַרשטאַנען, האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ קול אונטער־צוזינגען:

פרייטיק אויף דער נאַכט
איז דאָך יעדער ייִד אַ מלך.
אין שטיבעלע ברענען די ליכט
און אין יעדן ווינקעלע איז פריילעך...

און דער שמועס איז אַרויף אויף דעמאָקראַטיע.

דער שאָפער פון דער טאַקסי האָט געהאַלטן, אַז דעמאָקראַטיע איז נישט ווערט קיין צעבראָכענעם דרייער: „וואָס פאַר אַ דעמאָקראַטישע אָרדענונג איז דאָס, אויב די רעגירונג גיט דאָלאַרן פאַר די טראַנספּאָרט־קאָאָפּעראַטיוון אויף צו קויפן נייע אויטאָבוסן, אָבער די טאַקסי־שאָפערן באַקומען פריער אַ האַרץ־שלאַג אײדער זיי באַקומען אַ נייע מאַשין".

„וואָס וואָלט איר געוואָלט? — רופט אויס אַ ייִד — ביי אונדז זאָל הערשן אַ דעמאָקראַטיע, אַז יעדער בירגער זאָל באַקומען אַן אויטאָבוס? דאָס איז

אוממעגלעך! אַ דעמאָקראַטיע דאַרף אָפּהיטן, אַז יעדער זאָל באַקומען זיינס; איינער באַקומט אַן אויטאָבוס, דער צווייטער באַקומט אַ האַרצשלאַג; איינער באַקומט אַ רשיון אויף צו אימפּאָרטירן סחורות, דער צווייטער באַקומט אַ מכה. איינער האָט פּראָטעקציע און עס גייט אים לייכט, דער צווייטער האָט אַ פייג און שרייבט בקשות. איינער איז אַ מיניסטער און איז שטאַרק ווי אַ מלך, דער צווייטער איז אויך אַ מיניסטער און מען הערט אים אין טראָק. אויסער דעם ווערט יעדער אונטערשטיצט לויט זיין מעמד: שטייט „סולל בונה" הויך, מאַכט מען אים נאָך העכער; ווערט ער רייך — מאַכט מען אים נאָך רייכער. ווילן קאָאָפּעראַטיוון קרעדיטן — מיטן גרעסטן כבוד. וויל עמעצער פון אנשי שלומינו אַ רשיונדל — ביטע, אויף דעם האָבן מיר אַ דעמאָקראַטיע. און געניוי אַזוי איז מיט אַנדערע, אַלע ווערליך זייער מעמד: ליגט דער אַרבעטער ניין איילן אין דר'ערד — רעכנט מען נישט צו דאָס געהעכערטע דירה־געלט צום אינדעקס. מען גיט דער „תנובה" רעגירונגס־סובסידיעס אויף באַנאַנעס, כדי דער אַרבעטער זאָל ליגן נאָך טיפער אין דער ערד... ראַנגלט זיך דער בעל־מלאכה, פּאַכעט מיט דעם בידנעם וואַרשטאַטל, וואָס באַקומט נישט קיין קרעדיטן — איז אדרבה, מען לאָזט זיך אים ראַנגלען, מען לאָזט אים פּאָכען און מען גיט אים נישט קיין קרעדיטן, זאָל ער זיך לעבן פריי און מאַטערן פריי. ס'איז דעמאָקראַטיע!

און אַז אַ מיניסטער לייגט זיין מיניסטאַרן־אונטערשריפט אונטער אַן אָפּמאַך מיט אַ גענזעלשאַפט — זאָל ער זיך לייגן געזונטערהייט. קיינער וועט אים דערין נישט שטערן. ס'איז דעמאָקראַטיע. דערפאַר אָבער טאָר ער זיך נישט מישן ווען „עמעצער" קומט און לאָזט נישט אויספירן דעם אָפּמאַך פון דעם מיניסטער און דער געזעלשאַפט. ס'איז דעמאָקראַטיע, אָדער ס'איז נישט ד'עמאָקראַטיע? טאָמער באַפעלט דער פּרעמיער־מיניסטער: אויסלאָדן צוויי שיפן אין הקישון־פּאָרט — ווערט עס האַנאָרירט. אָבער טאָמער שפּאַרט זיך „עמעצער" איין און זאָגט: נישט אָנלאָדן די שיפן! — ווערט דאָס אויך האָנאָרירט און מען לאָדט זיי נישט אָן... ס'איז דעמאָקראַטיע. טאָמער וויל איינער מאַכן אַ פאַבריק פון בעקער־אויוונס — מיטן גרעסטן כבוד. אָבער אויב בעקער־קאָאָפּעראַטיוון ווילן ברענגען אַ גיגאַנטישן אויוון פון דייטשלאַנד — ביטע זייער. ס'איז דעמאָקראַטיע און יעדן דאַרף מען אונטערשטיצן זיין מעמד... מפא"י האָט געוואָלט איינפירן ראַיאָן־וואַלן, כדי צו ליקווידירן אַנדערע פּאַרטייען — ביטע זייער, זי קען אָננעמען אַזאַ באַשלוס און זי האָט אָנגענומען. ס'איז איר דעמאָקראַטישע רעכט. ס'איז אפשר נישט דעמאָקראַטיש, וואָס די קליינע פּאַר־טייען האָבן נישט איינגעשטימט זיך צו לאָזן ליקווידירן, ווען אַ גרויסע, מאַכטהאָבנדיקע פּאַרטיי וויל דאָס.

אָבער אפילו דער שענסטער אידעאַל איז נישט אָן אַ שפּרענקעלע. און מען קען דאָך באמת נישט דערגרייכן צו דער פולער אַבסאָלוטער דעמאָקראַטיע אין אַזאַ קורצער צייט! פונדעסטוועגן קענט איר האָבן צוטרוי, אַז מיר וועלן

ווײַטער פּראָגרעסירן און מיר וועלן נאָך שלאָגן און שלאָגן דעמאָקראַטישע רעקאָרדן. מען דאַרף נאָר זײַן געזונט און האָבן געדולד.

די טאַקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם אַרײַנפאָר קיין ירושלים און דער טוריסטן־באַגלייטער האָט געזאָגט:

— ירושלים איז די שענסטע שטאָט אויף דער וועלט. זי וואָלט געווען נאָך שענער, ווען נישט די ביז־איצטיקע רעאַקציאָנערע קאָאַליציע אין שטאָט־ראַט. האָפנטלעך, וועט זיגן די דעמאָקראַטיע און די כניאָקעס וועלן בלײַבן אין בני־ברק...

דאָס האָבן די טוריסטן נישט פאַרשטאַנען.

8טער אַפּריל 1955

# די פאַרזשאַווערטע צוואַנג צו רייסן געזונטע ציין

אַ מעשה שהיה: איך האָב געקענט אַ ייד, וואָס צווישן אַלע יידן אין מיין שטעטל איז ער געווען דער געזונטסטער. פון אַלע מיחושן און שלאַפקייטן, מערידן און ברוכן, פייפקעס און מאַרעכצער, מיט וועלכע די שטעטלשע יידן זענען געווען באַשאָנקען — האָט ער נישט געוווּסט. ביי פּאַניען איז ער געווען אַ זעלנער, וואָס אַז ער איז אַהיימגעקומען האָט ער געבראַכט איינגעבונדן אין אַן עק פון אַ נאָזטיכל אַן אָנדענק — פינף ציין, וואָס ער האָט בידים אויסגעשלאָגן ביי דריי קאָזאַקן פאַר זאָגן אים „זשיד". מיט איין וואָרט: אַ ייד אַ גבר, וואָס דער גאָראָדאָוואָי פון שטעטל האָט פאַר אים געציטערט אימת־מוות.

מאַכט זיך אַ מעשה און דער ייד פאַלט איין אויפן האַרץ, אַז אָט־אָט און מען דאַרף גיין באַשטעלן פאַר אים אַ קרקע. לויפט ער אַוועק קיין וואַרשע צום דאָקטאָר, דער דאָקטאָר באַטראַכט אים, פאַרשרייבט אים וואַסערלעך, פּילן און זאָגט אים, אַז ער מוז רוען, וואָרום טאָמער נישט — נעמט ער אַראָפּ פון זיך די אחריות פאַר זיין לעבן. אָבער ווי נאָר דער ייד גייט זיך אַריינזעצן אין דער באַן צו פאָרן רוען, דערפילט ער אַ קאָפּ־שווינדלעניש און אַ קאָפּ־דריי־עניש, ווי פאַר דער נאָז וואָלטן זיך אים געדרייט צען ווינטמילן מיט איין מאָל. לויפט ער ווידער אַוועק צום דאָקטאָר און דער דאָקטאָר נעמט אים אין די הענט אַריין, באַטאַפּט און באַטראַכט אים און זאָגט אים:

— ר' ייד, איר זאָלט אין דער אותו רגע גיין צו אַ דענטיסט.

איז דער ייד נעבעך געפאַלן פון די פיס: וואָס איז געשען מיט מיר? קיין האַרץ האָב איך שוין נישט, מיטן קאָפּ איז נאָך ערגער און איצט וועל איך גיין צום דענטיסט; און טאָמער רייסט ער מיר אַרויס די ציין, וועל איך שוין זיין אַ קיילעכדיקער קאַליקע. און ווער ווייסט, צי וועט מיר מאָרגן דער דאָקטאָר נישט הייסן גיין צו אַ כירורג, ער זאָל מיר אַראָפּנעמען די הענט און די פיס. מאַלע וואָס עס קען איינפאַלן אַ דאָקטאָר! נאָר אַז אַ דאָקטאָר, הייסט גיין צו אַ דענטיסט — גייט מען.

און כך הווה. דער ייד איז אַוועק צו אַ דענטיסט און דער דענטיסט האָט אויסגעפונען אַז: דאָס איז עס. דער ייד האָט אַ קאַליעדיקן צאָן און אָט דער צאָן רופט אַרויס ביים ייד אַלע מיחושן. איז ווי נאָר ער האָט דעם צאָן אַרויס־געריסן, איז פאַרשוווּנדן דער האַרץ־מיחוש, עס האָט אויפגעהערט דאָס קאָפּ־שווינדלעניש — ווי אַוועקגענומען מיט דער האַנט.

פאָרט דער ייד אַהיים אַ גליקלעכער און עס פאַלט אים איין, אַז אויב צוליב

זיין קאַליעדיקן צאָן איז ער געווען פאַרביי אויפן האַרץ און דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, ווי אַ מעקלער אויפן יאַריד — ווייסט ער שוין דעם סוד פון אַלע מיחושן פון די שטעטלשע יידן: האָט אַ ייד מערידן — דאַרף מען נאָר אויס־געפינען דעם ריכטיקן קאַליעדיקן צאָן און — נישטאָ קיין מערידן. און טאָמער איז נעבעך אַ ייד געבענטשט מיט אַ שטיקל ברוך, איז דאָס בעסטע — רייסן ציין. און טאָמער האָט עמעצער אַ בעלמע אויפן אויג, איז עס בלאָטע שבבלאָטע, עס איז שולדיק אַ — צאָן. און טאָמער גייט אַ יידענע שווער צו־קינד — דאַרף מען אַרויסרייסן דעם אמתן צאָן און דאָס קינד וועט אַרויספליען פון דער מאָמעס בויך ווי אַ פייגעלע...

איז דער ייד צוריקגעקומען אין שטעטל אַריין מיט אַ רפואה שלימה פאַר אַלע יידן. ווער עס איז שיין און ער איז קלוג; ווער עס איז רייך און ער — האָט דעם ריכטיקן פּאַטענט, ווי אַזוי יידן זאָלן פּטור ווערן פון אַלע צרות.

און גלייך ווי אונדזער ייד איז צוריקגעקומען אין שטעטל אַריין, כאַפּט ער אָן ביים לאַץ דעם ערשטן בעסטן ייד:

— וואָס איז מיט דיר, אברהמל? עפּעס זעסטו מיר אויס נישט מיט אַלעמען. עפּעס זע איך אין דיר אַ מיחוש.

ענטפערט אברהמל:

— וועלכער ייד האָט עס נישט קיין מיחוש?

— לאַך פון דער וועלט. אברהמל, ס'איז נישט דער מיחוש, ס'איז אַ צאָן — און ער שלעפּט אַריין אַברהמלען צו זיך, זעצט אים אַוועק אויף אַ שטול און פּאָרט אים אַריין אין מויל מיט אַ פאַרזשאַווערטער שוסטער־צוואַנג און — נישטאָ אַ צאָן!

— ביסט געהאָלפן אברהמל, האָסט נישט מער קיין מיחוש!

אויף צו מאָרגנס איז שוין אברהמל פאַרביי, ליגט אין הויכער היץ און פּאַכעט מיט דער נשמה, דאָס פּנים איז אויפגעלאָפן פון דער אינפעקציע, אָבער אונדזער ייד מיטן פּאַטענט לאַכט זיך אויס: ס'איז בלאָטע, ס'איז גאָרנישט. מסתמא דאַרף מען רייסן אַ צווייטן צאָן.

און אַז מען האָט אברהמלען אַראָפּגעלאָזט אין קבר אַריין, האָט אונדזער ייד מיטן פּאַטענט אָפּגעזיפצט: אַ שאָד, ווען איך זאָל אים אַרויסרייסן נאָך אַ פּאָר ציין, וואָלט איך אים אָפּגעראַטעוועט פון טויט. אין אַלץ זענען שולדיק די ציין. אַלע צרות נעמען זיך פון די ציין!

אַהיימגייענדיק פון דער לוויה שטעלט אָפּ אונדזער ייד מיטן צייך־פּאַטענט זיינעם אַ ידיד און קוקט אים אַריין אין די אויגן:

— יאַנקל, ס'איז נישט גוט. עפּעס זעסטו מיר אויס ווי דו וואָלסט געווען נישט מיט אַלעמען.

— האָסט געטראָפן. נעכטן האָב איך אויפגעהויבן אַ זעקל זאַלץ, טוט מיר היינט ווי דער רוקן, אַז קוים איך האַלט זיך אויף די פיס.

— אַ זעקל זאַלץ, זאָגסטו? בלאָטע! ס'האָט גאָרנישט צו טאָן מיט זאַלץ.

דאָס האָסטו אַזאַ פּאַסקודנעם צאָן, וואָס היינט דער רוקן און מאָרגן וועסטו שפּייען מיט בלוט. איך עצה דיר: ווער פּטור פון דעם קאַליעדיקן צאָן.

— אַ געלעכטער! — זאָגט יאַנקל — ווי קום איך צו קאַליעדיקע ציין? אַז איך ווייס אפילו נישט וואָס עס הייסט ציינווייטיק.

— אָט דאָס איז עס! שרייט־אויס אונדזער ייד מיטן פּאַטענט — געגנוי ווי מיט מיר. איך האָב קיין מאָל נישט געוווּסט פון קיין ציינווייטיק און פּלוצעם נאַ דיר אַ האַרצפעלער מיט אַ קאָפּשווינדלעניש. גלייב מיר, יאַנקל, ווען איך לאָז נישט אַרויסרייסן אַ צאָן, וואָלט איך שוין היינט געווען אַ שוכן עפר. פאָלג מיר, קום אַריין און איך וועל דיר אַרויסרייסן אַ צאָן, וועסטו אפילו נישט וויסן, אַז דו האָסט אַ רוקן.

אויף צו מאָרגנס נאָך דעם צאָן־רייסן מיט דער שוסטערצוואַנג איז שוין יאַנקל געלעגן אין היץ, געפּאָכעט מיט דער נשמה און אונדזער ייד מיטן פּאַטענט האָט אים געטרייסט:

— דו זעסט שוין, אַז דאָס איז נישט געווען דאָס זעקל זאַלץ? כ׳לעבן, נאָך איין צאָן אַרויסרייסן און דו וועסט זיין צוריק אַזאַ מענטש ווי איך...

און אָט אַזוי האָט דער ייד מיט דער פאַרזשאַווערטער שוסטערצוואַנג „געהיילט מיחושן״, געריסן ציין און באַפעלקערט דעם שטעטלשן בית עלמין נישט ערגער ווי די כאָליערע־עפּידעמיע אין זיין טאַטענס צייטן, און געשריגן מיט באַנומענע קולות:

— יידן, איר זעט דאָך, אַז עס האַלט שמאָל מיט אונדזער שטעטל, יידן האָבן מיחושן און שטאַרבן, טאָ לאָזט אייך רייסן די ציין און איר וועט האָבן אַ רפואה שלימה.

איך פיל, אַז איר שטויסט זיך שוין אָן דעם נמשל צו מיין משל. איך ווייס שוין, אַז איר מיינט דאָס זעלבע וואָס איך, אַז די מאָדערנע „שלום־אָפּענסיווע״, וואָס דערנענטערט די וועלט צו מלחמה, איז נישט עפּעס אַנדערש ווי יענע שוסטערצוואַנג פון דעם ייד מיטן פּאַטענט, וואָס האָט געפירט דאָס שטעטל צום קבר.

עס קאָן טאַקע זיין, אַז אַ שלעכטער צאָן קאָן גורם זיין אַ סימולאַציע פון האַרץ־קראַנקייט און קאָפּ־שווינדלעניש. און עס איז זיכער, אַז די וועלט קאָן געראַטעוועט ווערן פון אַ שלום־אָפּענסיווע. אָבער אַז עס שטעלט זיך אַוועק אסתר ווילענסקי אין דער כנסת און פאַרזיכערט אייך, אַז די סאָוויעטישע מיג־עראָפּלאַנען און סטאַלין־טאַנקען פאַר מצרים זענען אַ רפואה פאַר דעם קראַנקען שלום און מיטן סאָוויעטישן געווער וועט כאָווער נאַצער מערטשעם ווערן אַ רודף־שלומניק — איז דאָס די שוסטערצוואַנג פון דעם קליינשטעטלדיקן ייד, וואָס האָט אַריבערגעפירט מענטשן אויף יענער וועלט. אָבער ערגער איז, וואָס אסתר ווילענסקי און אירע חברים ווילן אונדז איינרעדן, אַז זיי זענען אַזעלכע בטלנים ווי יענער קליינשטעטלדיקער ייד; אַז זיי גלייבן באמונה שלימה, אַז דאָס פאַרוואַנדלען נאַצערן אין אַ מטורפהדיקן קליינעם היטלער,

באַוואָפנט מיט סאָוויעטישע עראָפּלאַנען און פאַרניכטונג־מאַשינען, דינען דעם שלום. ניין, דאָס איז נישט אמונה, נישט בטלנות, נאָר אויסגעלאַסנקייט.

שלום איז אַ וווּנדערלעך וואָרט, אַ שיינער אידעאַל, וואָס קאָן ראַטעווען די וועלט פון אומקומען. נאָר רעדן וועגן שלום און באַוואָפענען באַנדיטן — הייסט אַריינפאָרן מיט אַ פאַרזשאַווערטער שוסטערצוואַנג אין אַ געזונט מויל און רייסן געזונטע ציין, כדי צו פאַרגיפטן דעם גוף.

מילא, אויפן ראַטנפאַרבאַנד וווּנדערט מיר נישט. פאַר דער פּאָליטיק פון ראַטנפאַרבאַנד איז בעסער ווען עס איז שלעכט; און עס איז גאָר גוט, ווען עס איז גאָר שלעכט.

איך גלייב די סאָוויעטישע פּאָליטיקער ווען זיי זאָגן, אַז זיי ווילן שלום פאַר זיך. עס זאָל נישט דערגיין צו קיין מלחמה מיט דעם ראַנטפאַרבאַנד. איז דאָס מיינען זיי, ווען זיי רעדן וועגן שלום. אָבער אַ קאָרייעלע אַ ביסל ווייטער פון ראַטנפאַרבאַנד — איז גאָרנישט שלעכט. און אַ מלחמהלע אין אינדאָ־כינע — איז אוודאי נישט שלעכט. און אויפשטאַנדן אין צפון־אַפריקע — קאָן גאָר בעסער נישט זיין. עס איז דאָך די שוסטערצוואַנג אין יענעמס מויל...

און אויב עס האָט זיך אָפּגעפונען אַ זשוליקל אין מיטעלן מזרח, וואָס איז גרייט אָנצוגעמען פאַרזשאַווערטע שוסטערצוואַנגען און רייסן די ציין פון שלום דורך קאַמף קעגן דעם „אינטערנאַציאָנאַלן יידישן קאַפּיטאַל" און דורך אַרויסרופן אַ כאַאָס אין מיטעלן מזרח — פאַרוואָס נישט? דאָס איז דאָך דער רעצעפּט „ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס געזונט פון דער וועלט" — דעם „שלום" הייסט עס!

וווּנדערט מיך נישט אויף די סאָוויעטישע פּאָליטיקער. ווי איינער איז צו זיבן אַזוי איז ער צו זיבעציק. זיי וועלן געבן געווער יעדן וואָס וויל אויסנוצן דאָס געווער פאַרן „שלום", ווי זיי פאַרשטייען אים.

אָבער אויף די יידישע זנאַכערס אין ישראל, אויף די יידישע קאָמוניסטן, וווּנדערט מיך יאָ.

זיי ווייסן דאָך יאָ מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דאָס דינען דעם „וועלט־שלום" דורך געבן סאָוויעטישן נאַפט פאַר די היטלעריסטישע עראָ־פּלאַנען. זיי ווייסן דאָך יאָ, אַז אין וואַרשעווער געטאָ און אין אַלע געטאָס פון פוילן האָט דער שותף צום „וועלט־שלום" געשאָכטן און פאַרברענט די יידישע אידייען־חברים פון אסתר ווילענסקי און שמואל מיקוניס, נישט אַנדערש ווי זיי האָבן געשאָכטן ציוניסטן און בונדיסטן און מזרחיניקעס און אגודהני־קעס — יידן, יידן, יידן!

צי האָבן זיי שוין דאָס פאַרגעסן?

און צי ווייסן זיי נישט, אַז דאָס באַוואָפענען דעם מצרישן קליינעם היטלער מיט סאָוויעטישע טאַנקען און עראָפּלאַנען וועט אפשר דינען דעם „שלום" אין דעם באַגריף פון מאָסקווע, אָבער אַז די סאָוויעטישע טאַנקען און עראָפּלאַנען — מיינען חלילה די געפאַר פאַר אונדז יידן, פאַר אונדזערע

קינדער, פאַר דעם רעשטל פון יידישן פאָלק, וואָס דער נעכטיקער שותף צום „וועלט-שלום" האָט נישט באַוויזן צו פאַרניכטן?

אונדזערע קאָמוניסטן זענען נישט אַזעלכע בטלנים ווי יענער קליינשטעטלדיקער ייד מיטן פאַטענט צו רייסן ציין ווי אַ סגולה צו זיין געזונט. ניין, זיי ווייסן גוט, אַז מיטן סאָוויעטישן געווער פאַר מצרים ווערט אין די הענט פון דעם מצרישן היטלער אַריינגעלייגט אַ פאַרזשאַווערטע שוסטער־צוואַנג אומצוברענגען מענטשן, צו פאַרגיפטן נאָך מער דעם אַזוי אויך פאַר־גיפטיקטן גוף פון דעם מיטעלען מזרח. און דאָס קען מען אפילו נישט אָנרופן שאַרלאַטאַניזם, דאָס איז עפּעס נאָך ערגערס: דאָס איז קאָאָפּעראַציע מיט נאַצערן, דאָס הייסט העלפן דעם מצרישן היטלער, וואָס האָט פּראָקלאַמירט אַ קאַמף דעם יידישן פאָלק — דאָס איז באַוווסטזיניקע אָפּשוואַכונג פון אונדזער אויפמערקזאַמקייט, אַז אין שכנות פון אונדז ווערט באַוואָפנט אַ באַנדיטן־נאַרע קעגן אונדזער קיום.

21טער אָקטאָבער 1955

אין כעלעם האָט מען איין מאָל אין אַ זומערנאַכט געקלונגען אויף טרעוואָגע: „יידן, עס ברענט! יידן, לעשט די שריפה!"

זענען יידן, ווי דער שטייגער איז, אַרויס אין איין העמד און געלאָפן צו וועלוול פּאָזשאַרניק, ער זאָל אין דער אותו רגע קומען מיטן פעסל.

האָט וועלוול פּאָזשאַרניק געזאָגט:

— וואָס וועט איר שוין האָבן פון דעם, אַז איך וועל אַרויסקריכן פון בעט און קומען מיטן פעסל, אויב דאָס פעסל איז לעכערדיק, אַז צוויי עמער אַריין און דריי עמער אַרויס?

זענען יידן אַוועק צו קהל און קהל האָט זיך געזעצט טראַכטן וואָס צו טון אין אַזאַ גרויס אומגליק — עס פלאַקערט אַ שריפה און וועלוול פּאָזשאַר־ניקס פעסל איז לעכערדיק...

האָט קהל געקנייטשט דעם שטערן, אַהער און אַהין, און געזאָגט: ס'איז דאָ! ווער זאָגט דען, אַז דאָס פעסל מוז זיין פון וועלוול פּאָזשאַרניק? אַ פעסל קען אויך זיין פון לייבעלע נאַפט-הענדלער. טאָ לויפט זשע יידן, צו לייבעלען, וואָרום ביי אים שטייען גאַנצע צען פעסלעך, און לעשט, און לעשט אַז כעלעם זאָל חלילה נישט אַוועק מיטן פייער.

האָט דער עולם געלאָכט אין די פויסטן: אַן איינפאַל פון קהל, שיקט נעמען פעסלעך ביי לייבעלע נאַפט-הענדלער, ווען אַלע צען פעסער זענען פול מיט נאַפט! און אַז מ'וועט שפּריצן מיט נאַפט אויף דער שריפה, וועט די שריפה ווערן גרעסער און גאַנץ כעלעם וועט חלילה אַוועק אין פלאַמען.

איז קהל געוואָרן אויפגעבראַכט. טאַקע כעלעמער נאַראָנים! נאָך גוט וואָס כעלעם האָט אַ קהל וואָס איז איין חכם אין דער וועלט, אַנישט וואָלט די שטאָט פאַרברענט געוואָרן פון טיפּשות. וואָרום אָט פאַרשטייען נישט די לייט, אַז ווען וועלוול פּאָזשאַרניקס פעסל איז לעכערדיק, קען מען דאָך נישט בלייבן אָן אַ פעסל. און היות ווי ביי לייבעלע נאַפט-הענדלער שטייען גאַנצע צען פעסער, איז נישט אַגדערש נאָר זיי זענען אַראָפּגעשיקט געוואָרן פון הימל אויף צו ראַטעווען כעלעם. איי, זאָגט איר, די פעסער זענען פול מיט נאַפט און אַז מען וועט לעשן מיט נאַפט וועט די שריפה ווערן גרעסער? דאָס איז בלאָטע! מיט צען פעסער נאַפט וועט די שריפה טאַקע ווערן גרעסער און אפשר אַרומכאַפּן די גאַנצע שטאָט, דערפאַר אָבער, אַז מ'עט אויספּאַמפּען די צען פעסער נאַפט, וועלן דאָך בלייבן צען ליידיקע פעסער. און אַז מען וועט אָנפילן

די צען לײדיקע פעסער מיט וואַסער — איז כּעלעם געראַטעוועט. וואָרום זינט די וועלט איז וועלט האָט נאָך קיין ייִדישע שטאָט נישט געהאַט גאַנצע צען פעסער וואַסער אַנטקעגן פלאַמענדיקע שריפות.

נו, פאַרשטייט איר שוין, ווי אַזוי כּעלעם וועט געראַטעוועט ווערן?

האָבן די כּעלעמער נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי איז עס געשען, אַז נאָך דעם ווי אַלץ האָט זיך געלייגט אויפן שׂכל און נאָך דעם גרויסן גליק פון האָבן גאַנצע צען פעסער — איז כּעלעם דאָך אַוועק מיטן פייער...

דאַרפן מיר איצט בעטן רחמים ביים רבונו־של־עולם ער זאָל אונדז אויסהיטן פון דער חכמה פון כּעלעמער קהל — צו לעשן מיט נאַפט אַ שריפה, כּדי צו האָבן לײדיקע פעסער אויף וואַסער, כּדי צו לעשן די שריפה, וואָס איז געוואָרן גרעסער צוליבן לעשן מיט נאַפט...

און דער נאָמען פון אונדזער שריפה איז אינפלאַציע. און דער נאָמען פון אונדזער כּעלעמער קהל איז — דאָס פינאַנץ־מיניסטעריום, וואָס אויף עברית רופט מען עס „אוצר", כּדי אויף ייִדיש אַרויסצוזאָגן: אוצר — אַ צאַצקע.

דאַכט זיך, אַז מיר אַלע געדענקען די אינפלאַציע־שריפה מיט אַ פּאָר יאָר צוריק און ווי אַזוי די אינפלאַציע האָט אונדז געמאַכט אויסצודרייען, אונדזער טייערן פונט געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך.

איז מילא, פאַרפאַלן, אָפּגעברענט, און מען וועט געדענקען אויף להבא.

זאָגט מען אָבער, אַז אַ פינאַנץ־מיניסטער איז ענלעך צו אַ שוואַנגערדיקע פרוי: אַז אַ שוואַנגערדיקע פרוי גייט צו קינד און ווערט נעבעך געקלעמט פון חבלי לידה, שווערט זי, אַז שוין... מער נישט... ווען אפילו ווייס איך וואָס...

פונדעסטוועגן... נישקשה, די פרוי פאַרגעסט שנעלער ווי מען מיינט און — זי שוואַנגערט ווידער. קענט איר דען איבערמאַכן די נאַטור פון דער פרוי? און צי קענט איר איבערמאַכן די נאַטור פון אַ פינאַנץ־מיניסטער, וואָס האָט ליב אַ סך געלט, גרויסע בודזשעטן, הו־האַ אימפּעריאַלע פינאַנסן? און דער אַפּעטיט איז תמיד גרעסער ווי די אויפנעם־פעאיקייט פון מאָגן.

אדון לוי אשכול האָט זיך איינגערעדט, אַז אויף דער ווירטשאַפט פון אַזאַ קליינער און אָרעמער מדינה קען מען גיסן טייכן געלט פון שילומים, מען קען מאַכן בודזשעטן פון אויפגעקומענע גבירים, מען קען פאַרגיסן דאָס לאַנד מיט אַ נישט געהערטן לוקסוס (און אַלץ מיט דער הילף פון דער רעגירונג) און דאָך זאָל נישט דערגיין צו קיין אינפלאַציע. באשר ה' לוי אשכול האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז פון איין זייט וועט ער גיסן אויף דער שריפה נאַפט און פון דער צווייטער זייט וועט ער די שריפה לעשן מיט... פאַרפרירן די לוינען פון די אַרבעטער און מיט אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע דורכן סטאַטיסטישן אַמט פאַר תוספת־יוקר.

עס איז דאָך אַ געזעץ פון דער פיזיק און כעמיע: אַז מען שפּריצט

נאַפט אויף פייער — ברענט, און אַז מען שפּריצט וואַסער לעשט עס. נישט אַזוי?

נאָר פאַרוואָס זשע אַרבעט עס נישט? פאַרוואָס דראָט עס, אַז אונדזער בעלעם זאָל ווידער אַרומגעכאַפּט ווערן דורך אַן אינפלאַציע־שריפה? נישט אַנדערש — די טעאָריע איז גערעכט, ס'איז בלויז אַן אומגליק מיט דער ווירק־לעכקייט, וואָס איז נישט פּאַטריאָטיש און האָט נישט דעם מינדסטן דרך־ארץ פאַר די באַשלוסן פון דעם פינאַנץ־מיניסטער פון מדינת ישראל. נישט אַנדערש, נאָר מען דאַרף אַזאַ אַנטי־פּאַטריאָטישע ווירקלעכקייט שטעמפּלען אויף די שפּאַלטן פון „דבר" און זאָל די וועלט וויסן דעם גאַנצן אמת.

פרעגן לייט: אויב עס האַלט ביי אַן אינפלאַציע, אויב די שריפה איז שוין אויסגעבראָכן, איז אפשר וואָלט מען זי געלאָשן מיט וואַסער? כ'מיין, אַ שטייגער, די רעגירונג זאָל פירן אַן ענערגישן קאַמף מיטן יקרות, זי זאָל אינטערווענירן אויפן מאַרק מיט ביליקע פּראָדוקטן און סחורות און צעברעכן די שרויף. איז דאָך די רעגירונג אַליין איצט דער גרעסטער סוחר אין דער מדינה. זי האָט די דאָלאַרן פון דעם מגבית, זי האָט די געלטער פון די שילומים, זי ברענגט די מאַשינען, די סחורות, זי האַנדלט שוין אפילו מיט נעס־קאַפע און מיט אַ שעכטל פלייש־קאָנסערוון. און צוזאַמען מיט די הסתדרותישע אונטערנעמונגען איז די רעגירונג דער פאַקטישער באַשטימער אין דער ווירטשאַפט. איז אויב די רעגירונג וויל לעשן די שריפה — איז דאָך עס אַזוי לייכט; ווארפן אויפן מאַרק אירע סחורות צו ביליקע פּרייזן; זען, אַז די פאַר־מיטלער צווישן לאַנדווירט און קאָנסומענט זאָלן פאַרדינען נישט 150 פּראָצענט, נאָר 15 פּראָצענט. דאַן וועלן די לוינען פון די אַרבעטער סטייען און אַרבעטער און פקידים וועלן נישט דאַרפן זוכן נייע מקורות פון צוגאָב־פּרנסות, כדי צו קענען נאָכקומען דעם יקרות. און די רעגירונג וועט נישט דאַרפן דרוקן ניי געלט.

וואָס זשע טוט דער פינאַנץ־מיניסטער?

ער לעשט מיט נאַפט:

ערשטנס — העכערע שטייערן. צווייטנס — קינסטלעכער יקרות. דריי־טנס — פאַרגרעסערטע צאָלונג־מיטלען.

און אַז די שריפה ווערט גרעסער פון לעשן מיט נאַפט — גיסט דער פינאַנץ־מיניסטער וואַסער: שטורעמט קעגן העכערן די לוינען, באַגרענעצט נאָך מער די קרעדיטן און — דאָס וואַסער קאָכט, דעמפּט אויס אין דער שריפה, און די פלאַמען ווערן גרעסער, דאָס פייער כאַפּט אַרום וואָס אַמאָל מער שטח און שטח, און בעלעמער קהל קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי עס געשעט, אַז — כדי צו האָבן פּעסלעך אויף וואַסער צו לעשן די שריפה, מוז מען אויס־שפּריצן דעם נאַפט פון די פּעסלעך. ווערט טאַקע די שריפה גרעסער. אָבער אַז מען פילט אָן די ליידיקע פּעסער מיט וואַסער און מען שפּריצט ווייטער — פאַרוואָס זשע ווערט די שריפה נישט פאַרלאָשן?

אומדערטרעגלעך איז דיווירקלעכקייט, זי איז אַנטי־פּאַטריאָטיש, זי איז אין אַ שרעקלעכע אָפּאָזיציע און זי סאַבאָטירט די פּאָליטיק פונעם פינאַנץ־מיניסטער בכבודו ובעצמו.

איך וואָלט אַזאַ ווירקלעכקייט דרייפאַכיק געטאַדלט אויף די שפּאַלטן פון „דבר״, „הדור״ און דעם געפינטלט־פּיעגאָוואַטן „אמר״...

11טער נאָוועמבער 1955

# אַ קאַלטער חמסין און אַ וואַרעמער פראָסט

אַז איך קוק זיך צו צו די פּאָסטעמפּקעס פון אונדזער פינאַנץ־מיניסטער, הייב איך נישט אָן צו וויסן וואָס ער וויל. צי וויל ער דעפלאַציע, אָדער וויל ער אינפלאַציע. אַמאָל זעט עס אויס, אַז ער וויל דאָס, און אַמאָל — פּונקט דאָס פאַרקערטע. עפּעס וויל ער אייך אַביסל הינעז און אַביסל דרינעז; אַביסל קאַלטס און אַביסל וואַרעמס, אָדער קאַלטס און וואַרעמס צוזאַמען; ער וויל, שיינט מיר, אַ קאַלטן חמסין. און זאָל ער מיר מוחל זיין, אונדזער פינאַנץ־מיניסטער, וואָס איך וויל אים פאַרגלייכן נישט צו קיין יוסטן איינגעפונדעוועטן גביר, נאָר צו אַן אויפגעקומענעם גביר, אַ נאַוואַריש, וואָס וואָלט געוואָלט, אַז די סאַליע זאָל זיין סאַליע, מיט טעפּיכער, מיטן גאַנצן קלאָפּערגעצייג, מענטשן זאָלן באַוווּנדערן. ער וואָלט אָבער אויך געוואָלט, אַז די סאַליע זאָל זיין היימישלעך, ער זאָל קענען אַ שפּיי טון אויף דער פּאָדלאָגע און זיך פילן ווי אַ מענטש.

אָט זעט איר:

ווען אמתע גבירים דערציילן זיך נישט יידן קיין מעשיות. וועגן אמתע גבירים רעדט מען בצמצומדיק, מיט אַ ווערטל, אַ זאָגעכצל, אַ חוזקל, ווי אַ שטייגער: אַ גביר איז אַ חזיר; אַ קאַרגער גביר איז ווי אויף אַ שלעכט אָרט אַ געשוויר; געלט האַלט זיך נאָר אין אַ גראָבן זאַק; געלט גייט אַוועק און אַ הונט בלייבט אַ הונט — און נאָך אַזעלכע שפּילקעלעך, קורצע, טעלעגראַפישע, ווי דער עולם וואָלט מורא געהאַט צופיל צו רעדן, טאָמער וועט דער גביר דערהערן און נישט געבן קיין גמילות־חסד...

דאַקעגן וועגן אויפגעקומענע גבירים האָבן יידן הונדערטער מעשיות און אַנעקדאָטן, אויף צו חוזקן, אויף צו לאַכן און אויף נאָכדערציילן, וואָרום אַן אויפגעקומענער גביר איז אַזאַ כפל־שמונההדיקער חזיר, אַז ער מעג שוין הערן...

וויל איך אייך נישט גיין דערציילן אַלע מעשיות וועגן אויפגעקומענע גבירים, עס וואָלט פאַרנומען גאַנצע ביכער, אָבער איין מעשה מוז איך אייך דער־ציילן און די מעשה דערציילט זיך אַזוי:

אַז אַ ייד איז איינמאָל געוואָרן אַן אויפגעקומענער גביר, אַ זאַק מיט געלט, האָט ער אָנגעהויבן נאָכפרעגן וואָס עס טוען אמתע גבירים, ער זאָל אויך ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך. האָט מען דעם ייד געענטפערט, אַז אמתע גבירים קרענקען. אַ גביר אָן אַ קרענק איז ווי אַ כלה־מיידל אָן אַ חן־גריבעלע.

— איז אויף וואָס אַ שטייגער זאָל איך קרענקען? — האָט דער אויפ־

געקומענער גביר געפרעגט. האָט מען אים געעצהט ער זאָל קרענקען אויף די נירן.

איז דער ייד אַוועק צום טייערסטן נירן־דאָקטאָר: אַזוי און אַזוי, איך גיי אויס פון די נירן, זעט עפּעס צו טאָן פאַר מיינע נירן. האָט דער דאָקטאָר אים פאַרשריבן רעצעפּטלעך און אים געעצהט פאָרן קיין מאַריענבאַד.

ווי דער אויפגעקומענער גביר גייט אַראָפּ פון דאָקטאָר, שטעלט ער אָפּ אַ באַקאַנטן און דערציילט אים מיט אַ שטאָלצן קרעכץ, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אמתן גביר, אַז עפּעס איז ער מיט די נירן נישט שווה בשווה און דער דאָקטאָר האָט אים פאַרשריבן מאַריענבאַד.

— מאַריענבאַד גאָר?! — וווּנדערט זיך דער ייד — וואָס עפּעס מאַריענבאַד? היינט איז דאָך גאָר אין דער מאָדע קאַרלסבאַד. די מעשה איז אָבער, וואָס קאַרלסבאַד איז פאַר דער גאַל, און ווען איר זאָלט האָבן צו טאָן מיט דער גאַל, וואָלט איך אייך געעצהט פאָרן קיין קאַרלסבאַד; וואָלט איר געוווּסט פון אַ לעבן.

איז אונדזער אויפגעקומענעם גביר די מעשה אַריין אין קאָפּ און ער'ט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז נישקשה, ער קען זיך ברוך־השם דערלויבן צו קרענקען אויך אויף דער גאַל. וואָס, עס פּאַסט אים נישט? ווי זשע אָבער מאַכט מען מיט די נירן? ער האָט דאָך נירן און די נירן דאַרפן האָבן מאַריענבאַד ווי דאָס לעבן?!

איז ער אַוועק צום טייערסטן דאָקטאָר פרעגן אַן עצה וואָס ער זאָל טון, אַז קאַרלסבאַד זאָל זיין אין מאַריענבאַד און מאַריענבאַד זאָל זיין אין קאַרלס־באַד, וואָלט ער געוווּסט פון אַ לעבן.

זאָגט אים דער דאָקטאָר, אַז צו דעם האָט ער נישט קיין שום עצה און ער קען נישט איבערמאַכן די טשעכיי.

צעלאַכט זיך אונדזער נייער גביר און טוט זיך אַ קלאַפּ אין בייכל; ווער ס'איז שיין און איך בין קלוג! און אַז מען האָט נאָך דערצו די גרייצערס — האָב איך מיין גאַל און די נירן אין דער קעשענע!

— הער דאָקטאָר — רופט אויס דער אויפגעקומענער גביר — אַיאַ, קאַרלסבאַד ליגט נישט ווייט פון מאַריענבאַד? און אַיאַ, די נירן ליגן נישט ווייט פון דער גאַל? קענט איר טאָקע נישט דערנענטערן קאַרלסבאַד צו מאַריענבאַד. אָבער אַזוי ווי איך זיץ שוין דאָ נעבן אייך, טאָ רוקט מיר צו נעענטער די נירן צו דער גאַל און איך וועל האָבןביידע קרענק צוזאַמען און קענען פאָרן בלויז קיין קאַרלסבאַד, ווי עס איז די לעצטע מאָדע פון די גבירים...

צי דערמאָנט אייך נישט די געשיכטע אין דער פּאָליטיק פון אונדזער פינאַנץ־מיניסטער? אייגנטלעך, לויט דעם געבוי פון אונדזערווירטשאַפט, לויט דעם ווי אונדזערע פינאַנסן קומען אַריין גרייטע פון אַמעריקע, פון די שילומים און פון אַלע יידן פון דער וועלט, וואָלט ביי אונדז נישט געדאַרפט זיין קיין

פראַגע פון דעפלאַציע, אינפלאַציע און נאָך אַזעלכע פלאַציעס. אַלץ גייט דאָך ביי אונדז אויפן דאָלאַר — די קאַמפּיינען, די שילומים, דער עקספּאָרט און אימפּאָרט, אַלץ איז לויטן דאָלאַר. בלויז דער דלות גייט לויטן פונט; דער תוספת־יוקר, די סאָציאַלע שטיצע, די קאַרגע לוינען און ווייס איך וואָס! לצים שמועסן אפילו, אַז די איינציקע סיבה פאַרוואָס ביי אונדז זענען איינגעפירט נישט דאָלאַרן־באַנקנאָטן, נאָר פונטן־באַנקנאָטן איז די, וואָס דאָלאַרן־באַנקנאָטן טאָר דאָך אונדזער פינאַנץ־מיניסטער נישט דרוקן און מען דאַרף זיך אויסרעדן דאָס האַרץ אין אַמעריקע איידער מען באַקומט זיי. דאַקעגן זענען פונטן זייער באַקוועם. ווען מען דאַרף זיי — קען מען זיי דרוקן. מען דאַרף ביי קיינעם נישט פרעגן קיין עצות, נישט בעטן קיין לאַסקעס, נישט ברענגען קיין דעלעגאַציעס, נאָר פשוט: מען טוט אַ דריק דאָס קנעפּל און די באַנקנאָטן־מאַשין וואַרפט פונטן ווי באָב.

און אַז מען וואַרפט פונטן ווי באָב און מען לאָזט אַרויס אין גאַס אַ פינף און צוואַנציק מיליאָן, ווערט דאָך דער פונט ביליק, עס דראָט אינפלאַציע. איז דאָך די סכנה אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם פינאַנץ־מיניסטער. פאַרוואָס־זשע האָט דער פינאַנץ־מיניסטער טענות צו אַנדערע און נישט צו זיך? זאָל ער נישט וואַרפן צופיל פונטן, וועט נישט זיין קיין אינפלאַציע. הייסט דאָך עס, אַז דער פינאַנץ־מיניסטער וויל אינפלאַציע. איז אָבער די מעשה וואָס ער וויל נישט קיין אינפלאַציע, וואָרום אָט קעמפט ער דאָך קעגן העכערן די אַרבעטס־לוינען. טאָמער וועלן אַרבעטער האָבן פאַרוואָס צו קויפן און פאַרוואָס צו מאַכן אַ לעבן — וועט דאָך, לויטן מיניסטער, זיין אינפלאַציע. מיינט עס, אַז ער וויל נישט קיין אינפלאַציע. איז אויב ער וויל נישט קיין אינפלאַציע — טאָ פאַר־וואָס זשע גייט ער פאַרגרעסערן דעם בודזשעט? אַז מען האָט אַ גרעסערן בודזשעט, גיט מען אויס מער, און אַז מען גיט אויס מער — דראָט אינפלאַציע. וויל דאָך דער מיניסטער יאָ אינפלאַציע. האָט איר אַ טעות; ווען דער מיניסטער וואָלט געוואָלט אינפלאַציע, וואָלט ער דאָך נישט געהעכערט די שטייערן, וואָרום אַז מען העכערט די שטייערן, ווערט פון די בירגער אַרויסגעצויגן געלט, האָבן נישט די בירגער פאַרוואָס צו קויפן — איז אויס אינפלאַציע. וויל דאָך נישט דער מיניסטער קיין אינפלאַציע. האָט איר אַ טעות; אַז די רעגירונג האָט אַן עודף אין געלט, וועט זי דאָך דאָס געלט נישט אַריינלייגן אין באַנק אַריין, נאָר געבן עס היימישע לייט צו אינוועסטירן, צו בויען, צו פּראָדוצירן — גייט דאָך געלט ווידער אין גאַס אַריין. און אַז דאָס געלט גייט אין גאַס אַריין, האָבן דאָך מענטשן צאָלונגס־מיטלען לרוב. און אַז מען האָט אַ סך צאָלונגס־מיטלען — דראָט דאָך אינפלאַציע. וויל דאָך, הייסט עס, דער פינאַנץ־מיניסטער עס זאָל יאָ זיין אינפלאַציע.

איז וואָס, בכן, וויל ער, דער פינאַנץ־מיניסטער? צי וויל ער אינפלאַציע, אָדער דעפלאַציע? צי וויל ער, עס זאָל זיין מער געלט אין גאַס, ער זאָל קענען נעמען מער שטייערן, אָדער ער וויל עס זאָל זיין ווייניקער געלט אין גאַס?

אַז עס וועט זיין ווייניקער געלט, וועט מען דאָך ווייניקער קויפן און אַז מען וועט קויפן ווייניקער — פון וואָס זשע וועט ער נעמען שטייערן?

האָב איך שטאַרק מורא, אַז אונדזער פינאַנץ־מיניסטער איז ווי אַן אויפ־געקומענער גביר, וואָס ווייסט נישט וואָס ער וויל און וויל וואָס ער ווייסט נישט. עס איז שפּיל מיר דאָס, וואָס איך ווייס נישט וואָס. ער האָט זיך „געמאַכט" נירן, כדי צו פאָרן קיין מאַריענבאַד, נאָר געהערט, אַז ס'איז די מאָדע אויף קאַרלסבאַד און ער וויל האָבן אַ גאַל. אָבער אַזוי ווי מען קען נישט דערנענטערן קאַרלסבאַד צו מאַריענבאַד, וויל ער דערנענטערן די נירן צו דער גאַל — אַ ביסל אינפלאַציע און אַ ביסל דעפלאַציע; אַ וואַרעמען פראָסט און אַ קאַלטן חמסין; דרוקן באַנקנאָטן און פאַרקלענערן דעם אומלויף פון באַנקנאָטן; פאַר־פירן די לוינען עס זאָל זיין ווייניקער געלט און אַרויפלייגן אומדירעקטע שטייערן, כדי עס זאָל זיין מער געלט...

איז וואָס זשע וויל ער פאַרט אונדזער פינאַנץ־מיניסטער?!

25טער נאָוועמבער 1955

# אַ שמחה אָן פרייד

איך האָב אַמאָל געהערט ווי אַ ייד האָט געבעטן צו אים אין הימל: טאַטע זיסער, אַז דו ווערסט מיר צושיקן אַ שמחה אין שטוב אַריין, זאָל זי נישט זיין צו שטאַרק און נישט צו גרויס און נישט צו ברייט און נישט צו טיף, כדי איך זאָל זיך קענען פרייען מיט דער שמחה...

וואָרום אַ שמחה מעסט זיך אין דער טיף. פון איר טיפקייט איז אָפּהענגיק, צו די שמחה באַקומט, אָדער זי גייט חלילה אויס באַקעם. וואָס פלאַכער עס איז אַ שמחה, אַלץ מער קאָן מען זיך פרייען און אַלץ מער באַקומט זי. און פאַרקערט, וואָס טיפער עס איז אַ שמחה, אַלץ ווייניקער קאָן מען זיך פרייען מיט איר. עס איז פאַראַן אַ שמחה, וואָס פאַרקלאַפּט דעם אָטעם, פאַרקלעמט דאָס האַרץ און מען איז פון איר פאַרבײַ. און עס איז פאַראַן אַ מין שמחה, וואָס עס ווערט פון איר ווייך בײַם לעפּעלע, טרערן קומען אין די אויגן און עס ווערט דיר אַזוי מיר־נישט — דיר־נישט, יאָ שמחהדיק — נישט־שמחהדיק, אָט ווילסטו לאַכן און דו וויינסט גאָר, אָט ווילסטו טאַנצן און די פיס ווערן געליימט. און עס איז פאַראַן אַ שמחה פון וועלכער עס ווערט קאַלאָמוטנע און מען פאַרלירט דעם גלויבן אין שמחה.

איר שטויסט זיך שוין אוודאי אָן, אַז איך מיין דאָ די ערב־פּורימדיקע בשורה פון מאָסקווע. אַ ייד אַ מאמין וועט אוודאי זאָגן, אַז ס'איז נישט קיין צופאַל וואָס דער 20־טער קאָנגרעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָסקווע, איז אויסגעפאַלן דווקא ערב פּורים, ווען יידן גרייטן זיך פאַרגראָגערן אַלע המנס.

און אַז איר גלייבט אין סימנים, איז דאָך מאָסקווע די שושן הבירה פון דעם מלכות פון הודו ביז כוש, מיט דעם אונטערשייד, וואָס אחשורוש איז געווען אַן אליינהערשער, אַ מאָנאַרך אַ טיפּש, וואָס לאָז מיך געמאַך מיט פּאָליטישער־עקאָנאָמיע, בעת סטאַלין איז געווען אַן אַליינהערשער פון דער סאַמאָראָדנער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און זיך נישט גערירט פון דאַנען ביז אַהער אָן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און מיט מאַרקס־ענגעלס־לענין אויף די לעפּצן.

דער „סוד", וואָס איז איצט אַנטדעקט געוואָרן דורך מיקאָיאַנען און מאָלאָטאָוון, אַז סטאַלין איז געווען, לא עלינו, אַן אַליינהערשער, אַ סאַטראַפּ, פול מיט סתירות און טעותים — איז פאַר אונדז קיין סוד נישט. מיר האָבן דאָס געוווסט נאָך מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, ווען סטאַלין האָט אָנגעהויבן האַקן קעפּ נישט בלויז פון מיליאָנען רוסישע פויערים, נאָר אויך פון זיינע

בעסטע אידייען־חברים — זינאָוויעוו, קאַמעניעוו, טוכאַטשעווסקי, טראָצקי און הונדערטער קלענערע און קלײנע. דאָס טראַגישע איז בלויז, וואָס מאַלאַטאָוו, מיקאָיאַן און אַנדערע מאַכן איצט דעם אָנשטעל פון ויזתאס און פרשנדתאס, וואָס האָבן נעבעך נישט געוווסט, וואָס מיט זיי טוט זיך. ווען סטאַלין האָט געהייסן האַקן קעפּ מיט דער ברכה פון ווישינסקין, זענען די פרשנדתאס און ויזתאס נעבעך געשטאַנען און געפּאַטשט בראַוואָ, וואָרום פון דער „לויטערער ליכטיקייט", וואָס האָט געלויכטן פון סטאַלינען, זענען זיי נעבעך פאַרבלענדט געוואָרן אָן די פאַלנדיקע קעפּ האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פון צייטיקע אַרבוזן...

אָבער וואָס קאָנט איר האָבן צו מאַלאַטאָוון און מיקאָיאַנען? זיי זענען געשטאַנען אַזוי נאָענט צו דער „זון", אַז זיי האָבן אויפגעהערט זען; און עס קאָן זיין, אַז עס איז בלויז אַ צופאַל, וואָס זייערע אייגענע קעפּ האָבן זיך קאָנסערווירט אויף די אַקסלען און אויסגעמיטן סטאַלינס פּסק: „ק'טשאָרטו!" אַלץ איז מעגלעך, ווען איר האָט צו טאָן מיט אַ דיקטאַטאָר; בפרט נאָך, אַז דאָס האַלטן פון רעוואָלוציע זאָגט נאָך גאָרנישט וועגן פּערזענלעכן מוט. אפשר טאָקע צוליב פּחדנות און חניפה האָבן די פרשנדתאס און ויזתאס אויסגעמיטן טוכאַטשעווסקיס סוף; און איצט, ווען סטאַלין, קאָן זיך שוין מער נישט נוקם זיין אין זיי, זענען זיי אַרויס פון די לעכער און באַקומען מוט.

יידן אין תל־אביב זאָגן אפילו, אַז דאָס וואָס די „מוטיקע טרעגער פון דער רעוואָלוציע" זענען ערשט איצט אַרויס מיט זייערע רעוואָלאַציעס, אַז סטאַלין איז געווען אַ גאָרנישט שבגאָרנישט — נעמט זיך פון דעם, וואָס ביז היינט זענען זיי נאָך נישט געווען זיכער אין דעם, אַז סטאַלין איז באמת טויט און אומשעדלעך. ערשט ווען ער אַליין, סטאַלין, און זיין רעכטע האַנט — בעריא, און זיין לינקע האַנט — ווישינסקי, זענען שוכני־עפרס, קאָן מען צעפּירן די הענט, זיך אָננעמען מיט מוט און — אויסזאָגן דעם „סוד".

איז צו זיי, צו די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַזוי נאָענט צו דער „זון", אַז זייערע אויגן זענען פאַרבלענדט און זייערע הערצער זענען פאַרשמאַלצן געוואָרן — קענט איר נישט האָבן קיין טענות. אָבער אַז עס שטעלט זיך אַוועק אַ שריפטשטעלער פון אַזאַ הויכער מדרגה, ווי שאַלאָכאָוו און דערקלערט, אַז אַלע סאָוויעטישע שרייבער זענען טויטע נפשות — ווערט זייער קאַלעמוטנע אויף דער נשמה. הייבט מען ערשט איצט אָן צו פאַרשטיין, אַז אַלע שבחים, וואָס די סאָוויעטישע שרייבער האָבן געשריבן וועגן סטאַלינען זענען געווען שבחים פון טויטע נפשות.

געדענקט איר דאָך אוודאי ווי די סאָוויעטישע שרייבער און דיכטער פלעגן קלאַטשעווען וועגן סטאַלינען:

זאָג איך גרויס — מיין איך סטאַלין,<br>
זאָג איך שיין — מיין איך סטאַלין,<br>
זאָג איך זון — מיין איך סטאַלין,<br>
זאָג איך טאָג — מיין איך סטאַלין.

און אַז סטאַלין איז דער גרעסטער וויסנשאַפטלער פון אַלע דורות; דער גרעסטער פילאָסאָף פון אַלע צייטן; דער גרעסטער חכם צווישן קלוגע; דער גרעסטער... פון אַלץ וואָס איר ווילט און דער אָפּגאָט, מעגן מיר זאָגן, פון בידנע מענטשעלעך, לעקערלעך — טויטע נשמהלעך.

האָט שאַלאַכאָוו איבערגעלעבט די חניפה, און ערנבורג האָט זי איבערגע־לעבט, פּונקט ווי מאַלאַטאָוו און מיקאָיאַן האָבן זיך אַרויסגעדרייט, אַז ווישינסקי זאָל זיין זייער באַשולדיקער און זיי זאָלן קאָנען ערב פּורים פון 1956 אַרויס־ווייזן זייער מוט און אָנטקעגנרעדן דעם טויטן סטאַלין...

עס איז צו באַוווּנדערן דעם מוט!

אָבער שאַלאָכאָוו און ערנבורג קאָנען איצט רעדן וועגן די טויטע נפשות בלשון מליצה. געוויס זענען די רוסישע שרייבער טויטע נפשות אין גייסטיקן זינען. מענטשן, וואָס זענען במשך פון אַ פערטל יאָרהונדערט געשטאַנען אויף די קני און זיך אויסקאָנקורירט אין חניפה און אין לעקן אַ זעלבסטהערשער — זיי דאַרפן איצט האָבן אַ רפואה שלימה. נאָך אַ פסיכישער קוראַציע וועלן זיי אפשר אויסגלייכן די רוקנס. ערגער איז ווען לגבי די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד איז שאַלאָכאָווס „טויטע נפשות" נישט קיין מליצה. לגבי זיי האָט סטאַלין אָנגעווענדט דעם זעלבן רעצעפּט, וואָס קעגן טוכאַטשעווסקין, בוכאַרינען, זינאָוו־יעוון. ער האָט פּשוט געהייסן זיי אויסשיסן — פון מיכאָעלסן ביז פּרץ מאַרקישן. זיי, די יידישע שרייבער און קולטור־טוער, זענען נישט בלויז טויטע נפשות, נאָר אויך טויטע גופים, וואָס מען ווייסט אפילו נישט ווו עמעצענס קבר געפינט זיך.

איצט פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס יענער ייד האָט געבעטן, אַז אויב דער איבערשטער וועט אים צושיקן אַ שמחה אין שטוב אַרייַן, זאָל זי נישט זיין צו גרויס, כדי ער זאָל זיך קאָנען פרייען מיט איר?...

אמת, איך הייב נישט אָן גלייבן אויף קיין איין מינוט אין דער אויפריכ־טיקייט פון מיקאָיאַנס און מאַלאַטאָווס „השתפכות הנפש". איך בין זיכער, אַז אין מאָסקווע זענען נאָך פאַראַן גענוג גייציקע קאַנדידאַטן אויפן אַמט פון זיין „דער גרעסטער וויסנשאַפטלער", „דער מעכטיקסטער פילאָסאָף" און די „ליכטיק־סטע זון" אויף דער וועלט, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט אַזאַ חברה־מאַן זיך אַרויפכאַפּן אויף דער „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט".

פונדעסטוועגן האָט די וועלט דערזען אַ ברעג פון יענעם טיפן חושך, וואָס האָט פאַרשפּרייט פינצטערניש כמעט 30 יאָר. און די וועלט האָט אויך דערזען די שפלות פון מענטשן, וואָס זענען געוואָרן נישט לייב־אייגענע, נאָר נשמה־אייגענע. איז טאַקע דאָ אַ סיבה פאַר אַ גרויסער שמחה צוליבן נצחון פון די בני־אור איבער די בני־חושך. די שמחה איז אָבער אַזאַ תהום־טיפע, אַז זי פרייט נישט מער. דאָס איז אַ שמחה אויף אַ ריזיקן בית־עולם, ווו עס זענען צעוואָרפן די קברים פון די בערגעלסאָנס, מאַרקישעס, האַלקינס, נסתרס, פעפערס, קולבאַקס,

רייזענס, צינבערגס, כאַריקס, ערליכס, אלטערס און יענע יידן־מאָסן, וואָס מען האָט ביי זיי אַרויסגעריסן זייערע צינגער און זיי נאַציאָנאַל טויט געמאַכט.

נו, פרעג איך אייך צי קענען מיר זיך פרייען מיט דער שמחה? צי איז די תפילה פון יענעם ייד נישט געווען קיין ריכטיקע?

24טער פעברואַר 1956

## מ'דאַרף האָבן מזל

צי האָט איר זיך אַמאָל פאָרטראַכט, וואָס דאָס איז אַזוינס מזל? אדרבה, פּרוווט עס פאָרמולירן און באַשרייבן. מיט וואָס עסט מען מזל — מיט אַ גאָפּל, צי מיט אַ מעסער? וואָס פאַר אַ ריח האָט מזל — צי שמעקט עס מיט בשמים, מיט פעלד, אָדער האָט עס אַן אַנדער ריח? צי איז מזל רויט, בלאָ, גרין, אָדער פּורפּור? צי דערמאָנט מזל עפּעס אין דער פאָרעם, וואָס איר קאָנט באַצייכענען? צי איז עס פּירעקיק, קאַנטיק, שפּיציק, אָדער קיילעכדיק?

מזל געהער צו דעם מיסטעריעזן „שטאָף", וואָס דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן און עס אויסבאַהאַלטן בלויז פאַר זיך. אַ מין פּאַטענט, וואָס קיינער זאָל נישט קענען נאָכמאַכן. אפילו דער וואָס האָט עס, ווייסט אויך נישט ווי מען עסט עס.

אַז איר זענט אַ פעאיקער מענטש, קאָנט איר אפילו מאַכן אַ סטראַדי־וואַריוס־פידל, איר קענט עפענען אַ פאַבריק פון לאָקשן, צי הויזן, איר קענט מאַכן אַ לאָקאָמאָטיוו, זיך לערנען שפּילן פייפיאַל, גרינדן אַ פּאַרטיי, איר מעגט וויסן דעם סוד צו דער קאַסע פון דער נאַציאָנאַלער באַנק, נאָר טאָמער פעלט אייך דאָס ביסעלע פון דעם מיסטעריעזן שטאָף, וואָס הייסט מזל — איז נישט גוט. פאַרקערט, עס איז אפילו זייער שלעכט. וואָרום אָן דעם ביסעלע מזל זעט מען אויס ווי יענער חתן, וואָס מען ווייזט אים די שיינע כלה אונטער אַ גלאָז: קוק און פּלאַץ! אַ חתן ביסטו, אַ כלה האָסטו, אַ שוויגער שטייט ביי דער זייט און איז גרייט דיך צו יאַדען, נאָר זי גופא, די שיינע כלה, איז אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי ווייט פון דיר...

אָבער אַזוי גוט ווי עס איז, ווען דאָס מזל ווערט עמעצן געשענקט, אַזוי האָט דאָס מזל אַליין נישט קיין גרויס מזל תמיד אַריינצופאַלן אויפן ריכטיקן פּלאַץ און אין דער ריכטיקער צייט.

איך האָב געהערט ווי אַ שטעטלשער ייד אַ קבצן האָט אַמאָל געזאָגט: זע נאָר, דאָס מזל ביים גביר איז ווי אַ ברילאַנט אַריינגעוואָרפן אין בלאָטע. ער איז, לא עלינו, אַ ייד אַ פערד; מיט זיין הויקער וואָלט מען געקענט פאַרטיילן אַ האַלבן פּאָלק סאָלדאַטן און יעדער וואָלט געהאַט אַ היפּשן הויקער; מיט זיינע מיחושן וואָלט מען געקענט באַזאָרגן אַ גאַנצן שפּיטאָל; זיינע טעכטער זענען, פאַר קיין שום יידן געדאַכט, פּאַטענטירטע מיאוסקייטן, וואָס אפילו קאַצפּער דער שינדער וואָלט זיי נישט גענומען פאַר קיין שנורן. אלא וואָס דען? דאָס ביסל מזל! אַז דאָס ביסעלע מזל זעצט זיך אויפן הויקער, ווערט דער

ייד — אַ שיינער ייד, אַ וואַזשנער פּאַרשוין, אַ הדרת פּנים. און זעצט זיך ס׳מזל אויף די מיחושן — איז אויס מיחושן, אויס טאָפּלטער ברוך, אויס מערידן, אויס פלאַט־פיס, אויס אייביקער קאַטאַר, אויס קריי־שלוקעכץ — עס איז מזל־ברכה. און אַז ס׳מזל זעצט זיך אויף די מיאוסע טעכטער, ווערט אַזאַ אויסכאַפּעניש, אַז די ליבע היפּט איבער די חופּה...

און טאַקע דערפאַר, וואָס דאָס מזל פאַלט אַריין „ווי אַ ראָזשינקע אין טינופת" — זאָגט מען ביי יידן: טריפהנער מזל; גויאישער מזל; הינטישער מזל; נישט קיין יידישער מזל.

און טאַקע דערפאַר זאָגט דאָס פאָלק: אַז מען האָט מזל, ווינט מען נאָענט צו דער חתונה און ווייט פון דער שריפה; אַז דער חזיר האָט מזל, ווערט ער אַ יחוס; אַז מזל זעצט זיך אויף דער מיאוסער כלה, דאַרף מען נישט קיין שדכנים.

נו, איך פרעג אייך, מיט וואָס קען זיך מצרים פאַרגלייכן צו אונדז? וואָס פאַר אַ יחוס האָט ס׳היינטיקע מצרים, וואָס זאָל קענען קאָנקורירן מיט אונדזער יחוס? וועלכן איינשטיין, אָדער וועלכן היינע האָט דאָס מצרישע פאָלק אַרויסגעגעבן, וואָס מען רייסט זיך אַזוי אין די אָרעמס פון נאַצערן? צי האָט אויף דאַלעסן אַזוי שטאַרק געווירקט דער אינטעלעקט פון דעם בויכטאַנץ פון די מצרישע בתולות, וואָס ער האָלט אַזוי אייזן־שטארק פון מצרים?

און וואָס אַזוינס האָט כרושטשאָוו דערזען אין מצרים? וויפל רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציע־טעאָרעטיקער האָט עס אַרויסגעגעבן מצרים פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע? וועלכער מצרישער רעוואָלוציאָנער האָט עס אונטערגעגראָבן די פונדאַמענטן פון דעם אַלטן צאַרישן שטייגער, אַז בולגאַנין און מאַלאָטאָוו זאָלן דאַנקבאַר זיין מצרים?

איז דער ענטפער: אויף די קוילן פון זכות־אבות קען מען אפילו קיין קאַרטאָפל נישט בראָטן. מען דאַרף נאָר האָבן אַ שטיקעלע מזל. אַז עס איז דאָ דאָס ליכטיקע מזל — ווערט ליכטיק אפילו אין די פינצטערסטע קעלערן. אַז דאָס מזל שפּילט־צו מצרים — איז דער בויכטאַנץ אין קאַיר שטאַרקער פון דער ביבל. און דער טראַכאָם פון די מצרישע דערפער פאַרשאָטנט מיט זיין פּראָגרעס דעם אינטעלעקט פון די יידן אין ירושלים. און דער קליינער אבדול פון קאַיר ווערט מישטיינס געזאָגט דער טרעגער פון דער מערב־דעמאָקראַטיע...

און פאַר מאָסקווע ווערט אבדול נאַצער דער קעמפער פאַרן שלום, דער פאַרויסלויפער פון אידעאַלן, דער פאַרטנער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, די האַנט פון דעם זיגרייכן פּראָלעטאַריאַט אויפן וועג פון דער וועלט־רעוואָלוציע.

ניין, אויף כפרות דאַרף מען אין דער איצטיקער וועלט אידעאַלן, פילאָסאָפיע, טראַדיציע און נאָך אַזעלכע איידעלע זאַכן. דאָס אַלץ געהער צום אַלטן אַרסענאַל, צום אייזנברוך, וואָס מען פאַרקויפט אויף איבערשמעלצן. מען דאַרף נאָר אַ שטיקעלע מזל און ס׳שטיקעלע מזל פאַרטרעט אַלץ און אַלעמען — אי חכמה, אי תורה, אי סטראַטעגיע, אי אידעאָלאָגיע.

אַז איך האָב געלייענט די באַריכטן פון פּאַסטער דאַלעסעס דערקלערונג פאַר דער סענאַט־קאָמיסיע און זיינע אַרגומענטן בנוגע ישראל, האָב איך געטראַכט, אַז ווען דאָ זאָל נישט שפּילן דאָס מזל פון מצרים, וואָלט געווען ווינד און ויי צו אַמעריקע: אויב די אַמעריקאַנער פּאָליטיק זאָל זיין אַזוי בלינד כלפּי אַמעריקע גופא און כלפּי אירע אייגענע שונאים, ווי דאַלעס איז בלינד כלפּי אונדז — וואָלטן מאָרגן סאָוויעטישע „מיגס" געפלויגן איבער אַמעריקאַנער שטעט. נאָר צום גליק פון אַמעריקע און דער וועלט — איז דער שלימזל לאָקאַליזירט... און מצרים האָט אַ גויאיש מזל און נישט מער.

און טאָמער זענען נאָך אויף דער וועלט פאַראַן אַ פּאָר בטלנים, וואָס גלייבן אין דער סאָוויעטישער שלום־טויב, וואָלטן זיי איצט אין דער טויב דערזען דעם שפּאַרבער, ווען נישט דאָס ביסעלע מזל פון מצרים.

וואָרום שטעלט אייך פאָר: אָט, זעט איר, גייען עטלעכע מענטשן מיט עמערס בענזין, מיט בענזין־שפּריצערס און אַנדערע מכשירים אונטערצוצינדן הייזער און איר ווייסט וועלכע הייזער זיי גייען אונטערצינדן. צי וואָלט מען אייך אין אַזאַ פאַל געקענט איינרעדן, אַז די אונטערצינדער גייען פאַרפעסטיקן די זיכערקייט פון די הייזער? ניין, מען וואָלט קיינעם נישט געקענט איינרעדן אַזאַ טפשות. אָבער אַן ענלעכע געשיכטע קומט פאָר מיט מצרים און — זעט וואָס פאַר אַ שלום־וואָקכאַנאַליע עס גייט אָן. די „מיגס" פון טשעכיע זענען געשיקט געוואָרן ווי פייגל וואָס וועלן ברענגען דעם פעלקער־פרילינג... די אונטערוואַסער־שיפן וועלן נישט אַנדערש נאָר דינען צו פאַנגען דעם לויתן, וואָס מען גרייט זיך עסן לכבוד דער גאולה אויפן מיטעלן מזרח... די שווערע טשעכישע פעלד־האַרמאַטן וועלן דינען צו שיסן אויף וויוואַט אין די טעג פון ראַמאַדאַן... און די סאָוויעטישע פּרעסע איז פול מיט גאולה־רופן אויפן אַדרעס פון מצרים.

נו, פרעג איך אייך: וואָס זענען ווערט אַלע חכמות און פילאָסאָפיעס, אויב דאָס מזל האָט זיך געזעצט אויף דער נאָז פון צביעות און פאַלשקייט, וואָס באַוועלטיקן אונדזער וועלט?

2טער מערץ 1956

## ווי ווערט מען אוים אַלטער בחור?

דאָס לעבן איז געגליכן צו אַן „איינגעלייגטן עירוב״, זאָגט דאָס פאָלק. דער „איינגעלייגטער עירוב״ איז גוט און פיין, ער איז צו גאָט און צו לייט, נאָר טאָמער פעלט צו אים אַן אַרשין איז אוים עירוב און זיץ און שטוב.

דאָס לעבן איז שיין און ניחא ווען ס'אַז גאַנץ; ווען עס האָט זעקס ימי חול און אויך אַ שבת, ווי גאָט האָט געבאָטן. וואָרום אַז ס'איז פאַראַן דער שבת זענען אויך די וואָכעדיקע טעג מיט טעם. און טאָמער פעלט דער שבת — איז דער מענטש נישט מער ווי אַן עבד כנעני צו האַרעוואַניע און עס באַקומט אים נישט, לא עלינו.

איך האָב אַמאָל געהערט ווי אַ געוועזענער אַלטער בחור האָט זיך געקלאָגט: פערציק יאָר בין איך געלאָפן אַליין ווי אַ „צוגאָווע״ פערד און מקנא געווען מיינע חברים די באַווייבטע. זיי ווייסן פון אַ לעבן! זיי האָבן אַמאָל אויסגעריסענע יאָר, כאַפּן טאַקע מיט אַ טעלער אין קאָפּ אַריין, מיט אַ פאַנטאָפל וכדומה. ווי עס פירט זיך ביי לייטן. דערפאַר אָבער האָבן זיי אויך אַ האָניק־חודש, אַ האָניק־יאָר און אַנדערע שלווהדיקע מינוטן, ווי גיין געאָרעמט, אַז אַלע זאָלן זען און פּלאַצן פון קנאה וכדומה ווי עס פירט זיך ביי לייטן... האָב איך געטראַכט: וויפל איז דער שיעור? גענוג געווען אין גלות פון בחורשאַפט און זאָל קומען די גאולה! האָב איך די גאולה געכאַפּט אַזוי ראַפּטאָווגע און מיט אַזאַ אימפעט, אַז נאָך איידער איך האָב איבערגעלעבט דעם האָניק־חודש און אַנדערע שלווהדיקע מינוטן — זענען שוין געפלויגן טעלער, פאַנטאָפל און אַנדערע מכשירים. האָב איך זיך אַליין געפרעגט: אָט דאָס איז עס, דאָס גאַנצע גליק פון מיינע חברים, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט צוואַנציק יאָר פריער? אָט אַזוי זעט אוים די גאולה? מיט פליענדיקע טעלער און פאַנטאָפל? מיט קללות און חרמות? איז דאָך די גאַנצע גאולה נישט ווערט קיין שמעק טאַבעק! איז דאָך מיר בעסער געווען אין גלות פון בחורשאַפט, ווען איך האָב לכל הפחות געבענקט נאָך שבת, נאָך דער גאולה פון באַווייבטקייט!

איז גיי דערצייל דעם אַלטן בחור, אַז אויך צו גאולה דאַרף מען האָבן מזל...

צום קאָמפּלעט פון אַלטבחורשאַפט געהער: צו זיין אַ סובלאָקאַטאָר, וווינען ביי יענעם אין אַ צימער. דאָס הייסט, אייביק גיין אויף די שפּיצפינגער, איבערדרייען שטיל דעם שליסל אין דער טיר און קוקן די באַלעבאָטים אין

די אויגן אַריין, צי מעג איך לעבן, אָדער דאַרף איך ליגן אין דער ערד. נאָר דירה־געלט פאָדערן זיי פינקטלעך און גראָב. זיי מאָנען אַזוי, ווי זיי וואָלטן געבויט דאָס הויז. עס קומט זיי. איז אַז מען וווינט אָפּ ווי אַ סובלאָקאַטאָר אַ צוואַנציק דרייסיק יאָר — זעט מען אין אַן אייגענער וווינונג די גאולה. אַ קלייניקייט עפּעס! אין אַן אייגענער דירה קענט איר אַרומגיין אין די פּידזשאַמעס אַ גאַנצן טאָג. אין אַן אייגענער דירה קענט איר, ווען עס פאַר־גלוסט זיך אייך, אויספּרוּוון אייער שטים אויף דער העכסטער אָקטאַווע און איר לאַכט פון דער וועלט. אייער האַרץ שרומפּט זיך נישט איין ווען עס פאַרקלאַפּט זיך די טיר מיט אַ טראָמאַטש. איר קענט אפילו פאַרגעסן צו פאַר־דרייען דעם וואַסערקראַן אין באָדצימער און מאַכן אַ פאַרפלייצונג. איר זענט ביי זיך אַליין און מיט זיך אַליין, סאַם סאַפּאַזשניק, און איר לאַכט פון דער וועלט.

אַז מען שמועסט — גאולה, איז דאָך נישט שייך.

ווי איז אָבער דער דין, ווען נאָך אַ האַלב לעבן סובלאָקאַטאָרסטווע, קלייבט איר זיך אַריבער אין אַן אייגענער וווינונג אַן גאולה? ווי איז דער דין, אַז נאָך איידער איר האָט דערפילט דעם טעם פון גאולה, פון זיין סאַם סאַפּאַזשניק, קלאַפּט אייך שוין דער שכן אין דער וואַנט:

— אדון תפּוחי! לאָזט נישט אַראָפּ דאָס וואַסער מיט אַזאַ כוח! איר שרעקט איבער די קינדער!

און אַ צווייטער שכן, פון אַ שטאָק נידעריקער, שרייט אַרויף צו אייך:

— חבר! גייט נישט אַרום אַזוי שטאַרק! ביי מיר טרייסלט זיך דער לאָמפּ. דער סופיט וועט נאָך איינפאַלן!

און אָט קלאַפּט מען אין דער טיר און עס קומט אַריין אַ דריטער שכן:

— איר זענט אדון תפּוחי? בעט איך אייך, מאַכט שטילער דעם ראַדיאָ, ווען נישט — וועט איר האָבן מיט מיר צו טאָן!

און די קינדער, וואָס שפּילן זיך אויפן הויף מיט אַ באַלעם, האָבן אַריינגעהאַקט אַ גאָל אין אַ שויב פון דער באַלקאָן־טיר. און אָט קלינגט די טיר און עס קומט דער שטייערן־באַאַמטער. אַז אויב איך וועל נישט באַצאָלן גלייך פאַר וואַסער, פאַר מיסט, פאַר סתם אַזוי און אַ הוספה צו דעם שטייער מיט 20 פּראָצענט קנס, וועט ער מיך לאָדן צום בית־דין...

דאַרף מען האָבן מזל צו גאולה, ווען אפילו גאולה אַליין איז מזל און ברכה. מען דאַרף האָבן דעם טאַלאַנט צו ווערן אויס אַלטער בחור און אויס סובלאָקאַטאָר. וואָרום אַז עס פעלט דער דאָזיקער טאַלאַנט, ווערט מען ערשט רעכט אַלטער בחור נאָך דער חתונה און מען בלייבט סובלאָקאַטאָר אפילו ווען מען נעמט אייגענע פיר צימערן מיט אַ פּינת האוכל מיט אַ ליווינג־רום און מיט אַ לאָך אין דער וואַנט פון דער קיך צום פּינת האוכל...

אייגנטלעך וואָלט איך מיט די דריי פּינטעלעך געקענט פאַרענדיקן מיין שמועס, וואָרום איך דאַרף אייך נישט אַריינלייגן אַ פינגער אין מויל

און אויסטייטשן דעם משל. איר שטויסט זיך שוין אַליין אָן, אַז דער נמשל מיינט אונדז אַליין, אונדז יידן מיט אונדזער מדינה. צוויי טויזנט יאָר אַלט־בחורשאַפט און סובלאָקאַטאָרסטווע צווישן פרעמדע פעלקער, האָט אונדז געטריבן צו דער גאולה. וויפל מיר האָבן זיך נישט אויסגעבעטן, אַז דער אין הימל זאָל אונדז העלפן צושיקן די גאולה! טייל האָבן געוואָלט יוצא זיין מיט אַ באַשיידענער דירה אין אַ פרעמד הויז פאַר שליסלגעלט (קולטורעלע אויטאָנאָמיע). אַנדערע האָבן געוואָלט אַ בית משותף (טעריטאָריאַליזם) און נאָך אַנדערע — בלויז פאַר זיך, אַן „אָסאָבניאַק" (אין ארץ־ישראל).

אלא וואָס דען? מען דאַרף האָבן מזל צו דער גאולה. איז אַז מיר האָבן שוין יאָ זוכה געווען צו דער גאולה און טאַקע צו אַן אייגענער מדינה — קלאַפּן די שכנים אין די ווענט; מיר זענען זיי גרויס אין די אויגן; דאָ גיט זיי דעם נגב; דאָרט נעמט אַריין אַראַבישע פּליטים; און דאָ שיקן זיי אַריין משחיתים אויף אָנטאָן צרות, אויף רוצחענען, גזלענען און טעראָריזירן און אויף מאַכן אַ גיהנום.

איז אָפּטמאָל דאַכט זיך אייך, אַז ס'האָט אפשר נישט געלוינט. חתונה האָבן אויף צו באַקומען בלויז טעלער און פאַנטאָפּל אין קאָפּ אַריין; וווינען אין אַן אייגענער דירה און די שכנים זאָלן פאַרביטערן די יאָרן — איז אַ מקח־טעות. איז אָבער די מעשה, וואָס דער מקח־טעות ליגט נישט אין דעם יונגען ווייבל, וואָס וואַרפט טעלער און פאַנטאָפּל; און נישט אין די שכנים, וואָס דערגייען די יאָרן דעם געוועזענעם סובלאָקאַטאָר. דער מקח־טעות ליגט בלויז אין דעם אַלטן בחור, אין דעם סובלאָקאַטאָר, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי צו דערציען זיין יונג ווייבל און קען נישט דערציען זיינע שכנים...

חתונה האָבן און נעמען אַ דירה אפילו מיט אַ פינת־האוכל און אַ ליווינג־רום קענען אַלע, נאָר די קונסט פון האָבן דעם שבת אין צוזאַמענלעבן און דעם שבת אין גוט־שכנותשאַפט — דאַרף מען זיך אויסלערנען.

איז יעדעס מאָל, ווען עס קומט דער ערב יום העצמאות, האָב איך דאָס זעלבע געפיל: די גאולה איז געקומען. דער זיווג איז אַ געראָטענער, די דירה — ווער מיר גוטס גינט. נאָר דאָס אַלט־בחורשאַפט און דאָס סובלאָקאַטאָרישקייט דאַרפן מיר אָראָפּוואַרפן פון זיך. אַז מיר זאָלן אויך קענען געניסן פון דעם שבת־קודש נאָך די ששת ימי חול אין צוזאַמענלעבן און אין אַן אייגענער דירה.

איז איידער אָט דער שבת־קודש קומט אָן — און ער וועט זיכער קומען! — לאָמיר זשע דערוויל געניסן פון דעם שבת, וואָס הייסט יום העצמאות!

13טער אַפּריל 1956

איך האָב אַמאָל געהערט ווי איינער האָט געפרעגט: פאַרוואָס זאָגט מען „לשנה הבאה בירושלים" און נישט „לחודש הבא בירושלים", אָדער „לשבוע הבא בירושלים"? תפילות אויף גוטע זאַכן לייגט מען נישט אָפּ. געזונט און פּרנסה בעט מען ס'זאָל גלייך אָנקומען. וואָרום ווי קען מען וואַרטן מיט געזונט און פּרנסה אויף שפּעטער? צי האָט איר אַמאָל געהערט, אַז אַ ייד זאָל בעטן אויף פּרנסה „לשנה הבאה"? איז פאַרוואָס זשע זענען יידן אַזוי געדולדיק, ווען עס קומט צו ירושלים?

איז דער ענטפער: פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס. ירושלים איז טאַקע גוט און פיין, נאָר איילן זיך דאַרף מען נישט. אין דעם טערמין פון אַ יאָר קען מען זיך איבערלייגן, פאַרריכטן, נאָכקוקן טאָמער וועט זיך אַרויסווייזן, אַז עס איז פאַרבונדן מיט אַן אינוועסטיציע — איז וואָס איז די איילעניש? קען מען ירושלים אָפּלייגן אויף נאָך אַ יאָר. נישקשה, אינעם חשבון פון דריי טויזנט יאָר ירושלים שפּילט נישט קיין ראָל נאָך אַ יאָר.

פאַרוואָס האָב איך זיך איצט דערמאָנט אין דער קשיא, וואָס איינער האָט אַמאָל געפרעגט? איך האָב זיך אין דעם דערמאָנט אין שייכות מיטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וואָס עפנט זיך באַלד אין ירושלים.

פאַרוואָס דער קאָנגרעס הייסט ציוניסטישער קאָנגרעס — הייב איך אפילו נישט אָן צו וויסן. לויט דער תורה פון ציוניזם איז דער ציוניסטישער קאָנגרעס דער פאַרלאַמענט פון דער יידישער מדינה אונטערוועגנס. קומט עס אויס, אַז מיר האָבן נאָך נישט קיין מדינה, די מדינה איז נאָך אונטערוועגנס. נישט מער — אָנשטאָט אָפּצוהאַלטן דעם מדינה-אונטערוועגנס-פאַרלאַמענט אין באַזעל, צי אין זשענעווע — האָט מען באַוויליקט דאָס מאָל ירושלים...

איי, וועט איר פרעגן: מיר האָבן דאָך שוין, ברוך-השם, אַ מדינה מיט אַן אייגענעם פאַרלאַמענט מיט אַלץ מיט אַן אַנדער פון אַ נאָרמאַל פאָלק, איז צו וואָס זשע דאַרף מען דעם אונטערוועגנס-פאַרלאַמענט, מיט דעלעגאַטן פון גלות, מיט אויסשוס-און איינשוס-קאָמיסיע, מיט אַ פּרעזידענט, אַקציאָנס-קאָמיטעט און אַלע אַנדערע זאַכן?

איז עס די זעלבע מעשה, ווי מיטן „קרן הקימת". יעדער ייד, און בפרט יעדער ציוניסט ווייסט, אַז דער „קרן הקימת" איז געשאַפן געוואָרן ווי אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל אויסלייזן דעם באָדן אין ארץ-ישראל פון פרעמדע הענט. אָבער וויבאַלד, אַז די מדינה איז שוין אונדזערע און דער באָדן איז

אין גאַנצן אונדזוערער, טאָ וואָס זשע האָט דאָ היינט צו טאָן דער „קרן הקימת"?

אָבער פאַרלאָזט זיך אויף יידן. אַן אָפּענע טיר, זאָגט מען, פאַרמאַכט מען נישט. ווו שטייט עס געשריבן, אַז מען קען נישט אויסלייזן דעם באָדן אויך אין דער אייגענער מדינה?

אדרבה, איר זעט דאָך ווי דאָס געשעפט גייט: „קרן הקימת" זאַמלט געלט ביי די יידן אין גלות און אויך אין ישראל און קויפט אָפּ דאָס לאַנד ביי דער ישראל־רעגירונג. און אַז די רעגירונג דאַרף אַ שטיקל באָדן קומט זי צו „קרן הקימת" און זאָגט: פאַרקויף מיר אַ שטיקל באָדן. האָט דאָך „קרן הקימת" אויסגעלייזט דעם באָדן פון דער ישראל־רעגירונג פאַר דער ישראל־רעגירונג, פאַרקויפט זי צוריק דער ישראל־רעגירונג דעם באָדן, וואָס זי האָט אָפּגעקויפט ביי דער ישראל־רעגירונג און — הלוואי ווייטער, דאָס געשעפט גייט. איז אַז איר ווילט איז די גאַנצע מדינה מיט דער רעגירונג נישט מער ווי אַ סובלאָקאַטאָר ביי „קרן הקימת"; און אויב נאָר דער „קרן הקימת", ווי דער באַלעבאָס פון דעם באָדן, וואָס ער האָט „אויסגעלייזט" פון דער ישראל־רעגירונג, זאָל וועלן — קען ער די רעגירונג אָנקלאָגן אויף עקסמיסיע... און פאַר דער רעגירונג וועט דעריבער בלייבן איין עצה אָוועקצושיקן די מדינה־ריכטער אויף אורלויב, כדי דער עקסמיסיע־פּראָצעס זאָל קיינמאָל נישט קענען פאַרקומען...

נו, צי וועט איר געפינען אַ לאַנד מיט אַזעלכע כעלעמער פּאַראַדאָקסן? שטעלט אייך נאָר פאַר דאָס זיבעטע געלעכטער, וואָס מען וואָלט געלאַכט, למשל, אין ענגלאַנד, ווען דאָרט זאָל זיך געפינען אַן אינסטיטוציע, וואָס זאָל זאַמלען געלט אין דער קאָמאָנוועלט, כדי אויסצולייזן דעם באָדן פון ענגלאַנד פון די הענט פון דער ענגלישער רעגירונג פאַר דער ענגלישער ניישאָן!

אָבער נישט וועגן „קרן הקימת" וויל איך איצט רעדן, נאָר וועגן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס, אָדער וועגן דעם פּאַרלאַמענט פון דער מדינה אונ־טערוועגנס.

און זעט, אדרבה, ווי אַזוי כעלעם קומט קאַפּויער אין אַזאַ אויסטערלישער פאָרעם. מדינת ישראל איז אָנערקענט דע פאַקטאָ פון צענדליקער מדינות. מדינת ישראל פאַרמאָגט אַן אייגענע אַרמיי, אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, אייגענע געזעצן און אייגענע שטייערן — אַ מדינה מיט מדינות גליייך. נאָר דער פּאַרלאַמענט פון דער מדינה אונטערוועגנס האָט נישט בדעה זיך אויפצולייזן, ער ווייַלט ווייטער אַ רעגירונג אונטערוועגנס, מיניסטאָרן אונטערוועגנס, שטייערן אונטערוועגנס, שליחים אונטערוועגנס, דיפּלאָמאַטן אונטערוועגנס מיט אַמבאַסאַדעס אין די הויפּטשטעט פון דער וועלט — אַ מדינה אונטערוועגס און אַ מדינה אין ארץ־ישראל. און ווען די מדינה אונטערוועגס, וואָס קאָנטראָלירט די פינאַנסן פון דער מדינה אין ארץ־ישראל, וואָלט געוואָלט — וואָלט איר פּאַרלאַמענט זיך צונויפגעקומען נישט אין ירושלים, נאָר אין בערן, צי אין באַזעל אָדער זשענעווע.

וועט איר דאָך אוודאי פרעגן: ווער חלילה איז אַראָפּ פון זינען? אָדער וואָס פאַראַ כעלעמעיאַדע קומט דאָ פאָר? ווען איז עס נייטיק אַ מדינה אונטערוועגנס, ווען מיר האָבן שוין ברוך־השם אַ מדינה דע פאַקטאָ און דע יורע?

וויל איך אייך אויף דעם ענטפערן, אַז קיינער איז חלילה נישט אַראָפּ פון זינען, נאָר די כעלעמיאַדע איז אַ מין „אינשורענס", אַ מין פאַרזיכערונג אויף צו פּראָלאָנגירן דעם ציוניסטישן לשנה הבאה בירושלים. דאָס איז אַ מין „היתר עיסקא" אויף נאַציאָנאַלן וווכער, אַ מין „מכירת חמץ" צו אַ גוי, כדי מ'זאָל זיין זיין זיכער מיט דעם „חמצדיקן" פאַרמעגן. וואָרום, פאַרשטייט איר מיך, טאָמער וואָלט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אָנערקענט דע יורע, אַז מיר האָבן שוין אַ מדינה, וואָלט זי געדאַרפט אויפלייזן די אונטערוועגנס־געצעלטן, ליקווידירן די אונטערוועגנס־אַנשטאַלטן, די אונטערוועגנס־אַרמיי פון שליחים און גבאים און אויפלייזן דאָס איבעריק געוואָרענע קלאַפּערגעצייג.

דאָס אַליין וואָלט געווען געגנוג שווער און וואָלט געבראַכט צו אַ צעטרייסלונג אינעם שטייגער פון צוויי דורות ציוניסטישע פּראָפעסיאָנעלע עסקנים אין גלות, ווי איר וואָלט אין אַ שיינעם טאָג געזאָגט צו צוויי דורות סטאַלערעס: לייגט אַוועק די הובלעס מיט די זעגן — דאָס מעבל איז שוין פאַרטיק... און היות ווי די ציוניסטישע פּראָפעסיאָנעלע עסקנ'אַליע אין דער אונטערוועגנס־מדינה נעמט אָרום צענדליגער טויזנטער מאָגענס — וואָלט אַזאַ מין אָנערקענונג מצד זיי, אַז די מדינה איז שוין דאָ, באַטייט אַ... רעוואָלוציע.

אָבער די דאָזיקע רעוואָלוציע איז נאָך נישט אַלץ. עס איז פאַראַן עפּעס, וואָס איז מער „געפערלעך", מער „שרעקלעך". און דאָס איז דער ענין מיט דער תפילה פון „לשנה הבאה בירושלים". וואָרעם טאָמער וואָלט די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע אָנערקענט, אַז די מדינה איז נישט מער אונטערוועגנס, נאָר זי איז פאַראַן באמת, דע פאַקטאָ — וואָלטן דאָך די ציוניסטישע פירער און די ציוניסטישע מאַסן געדאַרפט מאַכן דעם אויספיר: נישטאָ מער וואָס צו זיצן אין גלות. מען דאַרף איינפּאַקן די טשעמאָדאַנעס און גיין אַהין, ווו עס איז מקוים געוואָרן דער ציוניסטישער אידעאַל — עולה זיין קיין ישראל.

זענען אָבער יידן אַ קלוג פאָלק און זיך באַצייטנס באַוואָרנט. און עס זעט מיר אויס, אַז דער מחבר פון דער תפילה „לשנה הבאה בירושלים" איז געווען אַ מיטגליד פון דעם ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט מיט אַ זיץ־אָרט אין ניו־יאָרק, אָדער פּאַריז. און ער האָט זיך באַצייטנס פאַרזיכערט מיט אַן „אַליבי", מיט אַ „לשנה הבאה בירושלים", וואָס מען קען פּראָלאָנגירן. וואָרום גאולה איז דאָך נישט פּרנסה, וואָס מען דאַרף האָבן באַלד, אין דער אותו רגע. די גאולה קען צוּוואַרטן, בפרט, ווען מען קען די גאולה פאַרקויפן צו אַנדערע אפילו אויף די באַזאַרן פון מאַראָקאָ, און דערווייל אַליין זיין פריי פון איר, פון דער גאולה, וואָס איז געגליכן צו אַ מיידל, וואָס איז כי טוב, נאָר חתונה האָבן מיט איר זאָלן אַנדערע און איך וועל זיין דער אונטערפּריער...

20טער אַפּריל 1956

## ווען נישט די ווייבער...

מען האָט אַמאָל געפרעגט אַ ייד: זאָגט מיר, ר' גרשון, צו וואָס האָט איר חתונה געהאַט, אויב קיין פרנסה קענט איר אייער גיטלען נישט געבן, קיין קינדער מיט איר האָט איר נישט, אין סוכה מיט איר זיצט איר נישט, שפּאַצירן מיט איר גייט איר נישט און אוודאי פאָרט איר נישט מיט איר צום רבין, איז צו וואָס זשע טויג אייך אַ ווייב?

האָט ר' גרשון אפילו זיך נישט פאַרטראַכט און געענטפערט: נו, און צו האָבן אויף וועמען אויסצולאָזן דעם „שפוך חמתך" דאַרף מען נישט?

ווען איר גיט אַ גוטן טאַפּ אין שטרוי, וואָלט איר אויסגעפונען, אַז ביי ס'רוב מענער זענען די ווייבער „נאַפּאָלעאָנישע". אויב איר ווייסט נישט וואָס עס מיינט אַזוינס „נאַפּאָלעאָנישע" ווייבער, מוז איך אייך ווידער דערציילן אַ מעשה: עס זענען אַמאָל געזעסן יידן און זיך דערציילט מעשיות פון נאַפּאָ־לעאָנען. ווי אַזוי נאַפּאָלעאָן איז געגאַנגען פון איין לאַנד אין צווייטן און איינגענומען אַ וועלט. און ווי אַזוי ער האָט געשלאָגן און ווידער איינגענומען, און ווי אַזוי מען האָט אים געשלאָגן און ער האָט לסוף איינגענומען אַ מיאוסן סוף אויף דער הייליקער העלענע.

— ווי לאַנג האָט דאָס געדויערט דאָס גיין און שלאָגן ביז צום מיאוסן סוף? — האָט איינער געפרעגט.

— אַ היפּש ביסל יאָרן.

— נו, אויב אַזוי — האָט דער ייד אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — וואָלט איך אויך געקענט זיין אַ נאַפּאָלעאָן, אויב מיין ווייב וואָלט מיך געלאָזט אַוועקפאָרן פון דער היים כאָטש אויף אַ יאָר צייט.

הייסט עס, אַז אין אַלץ זענען שולדיק די ווייבער: גייען די געשעפטן שלעכט — איז שולדיק די פרוי. איז אַ חמסין — לאָזט מען אויס דעם ביטערן שפוך חמתך אויף דער פרוי. ווי איר קוקט אַן דעם אדון פרחי, וואָלט ער געמאַכט די גרעסטע קאַריערע, נאָר זי, זיין ווייב, רעגט אים אויף צום טויט און ער קען זיך נישט קאָנצענטרירן אויף דער קאַריערע. אדון פּח־שמן וואָלט געקענט ווערן וויצע־דירעקטאָר אין דער אָפּטיילונג פאַרן עקספּאָרט פון ירדן־וואַסער, נאָר זי, די גברת פּח־שמן, קען זיך נישט פאַרהאַלטן אין דער העכערער געזעלשאַפט. אדון בשרי, דער עלטסטער זון פון דער פירמע „פליישער עט קאָמפּ." אין פאַרמלחמהדיקן ראַדעם, וואָלט געקענט זיין ביי אונדז מיניסטער, נאָר די צרה איז וואָס זיין פרוי האָט אים נישט געלאָזט פאָרן — נישט מיט

דער צווייטער עליה, נישט מיט דער דריטער עליה און אפילו נישט מיט גראבסקיס עליה. איז צוליב איר האט ער געמוזט קומען דורך קאטלאס־ארכאנגעלסק—טאשקענט מיט אנדערסעס עליה און דערווייל האבן אנדערע פארכאפט אלע מיניסטארן־טעקעס אין דער רעגירונג, סוכנות, הסתדרות און אנדערע רעגירונגען.

הכלל, די „נאפאלעאנישע ווייבער" זענען קלעצער אנגעבונדענע ביי די פלינקע פיס פון די נאפאלעאנס אין דער פאטענץ, וואס בלייבן אימפאטענט.

און עס איז אפילו א סברה, אז ווען נישט די פרויען, אויף וועלכע מען לאזט אויס דעם ביטערן ירגזון און מען מאכט זיי פאראנטווארטלעך פאר די אייגענע שלים־שלימזלדיקייטן — וואלטן פופציק פראצענט מענער געפלאצט פון אויפרעגונג און פון נישט האבן אויף וועמען אויסצוגיסן דאס שווארצע יאר.

און ווייל פרויען זענען אזעלכע קאלאסאלע בליצאפלייטער, כעס־איינ־זאפער, ירגזון־אויפנעמער און אזוי ווייטער — קענען די מענער „האלטן פאסאן" און מאכן דעם אנשטעל פון גאנצע „אוי־ווען־זי־לאזט־מיך!"

איך זאג דאס אנטקעגן דעם, וואס איך האב ארויסגעדרונגען פון די שטארקע ציוניסטישע געפילן פון טייל דעלעגאטן און געסט אויפן ציוניסטישן קאנגרעס אין ירושלים. די שטימונג אין די קולוארן פאר דער דערעפענונג פונעם קאנגרעס איז געווען אזא געהויבענע, אזא פריידיקע און פליאראסצענט־ליכטיקע, אז ווען די געסט האבן געקייט די אלטע סענדוויטשן פון בופעט, איז זיי אפילו נישט איינגעפאלן צו טראכטן, אז זיי, די סענדוויטשן, געדענקען אפשר דעם ערשטן קאנגרעס אין באזעל — נאר זיי האבן די סענדוויטשן געקייט מיט סאטיספאקציע, ווי זיי וואלטן זיך „געספראוועט" מיט שטיקער פון א סינטעטישן לויתן פון משיחס צייטן אין דער תקופה פון פלאסטיק... און די קאווע וואס האט געהאט דעם טעם פון אייזל־יוגורט, האט געשמעקט ווי קאקא־קאלא, וואס מען טרינקט אין דער ערשטער יוגנטלעכער ליבע. מיט אייןווארט — בשיבת ציון היינו כחולמים.

און איר האט געדארפט אנקוקן די פריידיקע פנימער פון די דעלעגאטן מיט די הערטרייבלעך אויף די אויערן. יעדעס פנים — א זון: א קיילעכדיקע זון מיט א רונדן פליך; א זון מיט א קמץ־בערדל און ברילן; א זון מיט טרערנדיקע אויגן פון אויפריכטיקער פרייד; א זון מיט שלשלתדיקע פיאות, וואס שאקלען זיך צום טאקט פון די ליפן: „תהלה לדוד... ואברכה שמך לעולם ועד". די זונען האבן געלויכטן אין אזא שמחה, אז די דעלעגאטן האט אפילו נישט געארט וואס זיי הערן אויס מיט איין מאל גאנצע זעקס פאליטישע עקספאזעס, בתוכם פון די צוויי הויפט־רבנים.

זיץ איך אזוי שפעטער מיט עטלעכע דעלעגאטן, וואס לעבן־איבער די האניק־שעהן פון דעם ירושלימער חמסין און איך הער: יעדער איינער פון זיי ווערט א דיכטער. איינער דערמאנט זיך אין דעם „דארט ווו די צעדער", וואס ער האט געזונגען אמאל אין דער אלטער היים. א צווייטער פרווט די „כלי" מיט

אַ „איך בין אין מערב און מײַן האַרץ איז אין מזרח". די ײדן צעגיסן זיך פֿון שמחה, זײ זענען באַצױבערט. יעדעס מײדל בײם בופֿעט איז אַ שולמית פֿון שיר השירים; די, װאָס גיסט־אָן דעם בלײכן טײ — איז נעמי; די װאָס לײגט איבער די דאַרע קיכלעך פֿון אײן טעלער אין צװײטן, איז רות. פּלוצעם פֿרעגט מיך אײנער װאָס פֿאַר אַ סדרה עס גײט הײנטיקע װאָך. און פֿון גרויס פּאַטריאַטישער באַגײסטערונג הײבט ער אָן זינגען דעם ניגון פֿון מעבר־סדרה־זײַן און לאָזט אויס: אײ־אײ־אײ, פֿרײנד צאַנין. אײך איז גוט װי די װעלט: איר האָט דעם זכות צו לעבן אין ישׂראל; געניסן פֿון דער גאולה; זײַן אַ פֿרײער ײד און אַ גאַנצער ײד. קײנער קוקט נישט אויף אײך קרום. אַלע װעגן זענען פֿאַר אײך אָפֿן. װילט איר עפּעס בײ דער רעגירונג — באַקומט איר, ס'איז דאָך עפּעס אַ ײדישע רעגירונג! גײט איר אַרײַן אין אַן אַמט, קענט איר פֿאָדערן װאָס איר װילט, ס'זענען דאָך עפּעס אונדזערע אײגענע אַמטן. אַ קלײניקײט עפּעס: לעבן אין מדינת ישׂראל!

זאָג איך צו דעם ײד: איר זענט באמת גערעכט. װער עס בענקט נאָך גאולה און איך האָב זי. און בנוגע פֿרײהײט, איז הלװאי זאָל אונדז די פֿרײהײט דינען אויך װײטער, װי זי דינט אונדז ביז איצט. און װאָס איר זאָגט, אַז קײנער קוקט נישט קרום אויף מיר — אַרט מיך אַפֿילו נישט װען עמעצער קוקט יאָ קרום. ערשטנס, איז קרום אויך אַ ליניע; און צװײטנס, אויב אַ ײד איז שיקלדיק און קוקט קרום — זאָל אים װײל באַקומען. דערװײל האָט נאָך לױ אשכול נישט אַרויפֿגעלײגט קײן שטײער אויף שיקלדיקע ײדן. אָדער מס מותרות אויף גלײַכקוקנדיקע. הכלל, פֿאָלגט מיך, נוצט אויס די געלעגנהײט און באַזעצט אײך אין ישׂראל, װעלן מיר אַלע פֿיר זײַן צופֿרידן: די רעגירונג, װאָס זי האָט נאָך אײן עולה; די סוכנות, װאָס זי האָט צובאַקומען אַ קליענט; איך, װאָס איך האָב צובאַקומען אַ לײענער פֿאַר די „לעצטע נײַעס" און איר, װאָס איר זענט ענדלעך אין ישׂראל — און אַן עק מיטן גלות...

די דעלעגאַטן בײם טיש האָבן מיר אַלע געגעבן גערעכט. ס'איז טאַקע אַ יושר זיך צו באַזעצן אין ישׂראל. אַ קלײניקײט עפּעס: אַ גאַנץ לעבן געװען אַ ציוניסט, געקויפֿט אַ שקל, געזונגען „התקוה" — און צום סוף ליגט מען אין דר'ערד און מען באַקט בײגל.

— נו — זאָג איך — װאָס דאַרפֿט איר ליגן אין דער גלותדיקער ערד און באַקן בײגל, אַז בײ אונדז קענט איר זיצן װי בײם טאַטן אין װײנגאָרטן און עסן בײגל?

— ס'איז לײַכט צו זאָגן — רופֿט זיך אָפּ אײנער — בײ מיר װאָלט איר שוין געפּועלט, נאָר װאָס דען? מײַן װײַב. װען נישט זי — האַ־האַ! זי איז קײן מאָל נישט געװען קײן ציוניסטין. איר פֿאַרשטײט?

— אָט דאָס איז עס — רופֿט זיך אָפּ אַ צװײטער — יעדער האָט זיך זײַן װײַב און איך האָב צװײ: אַ װײַב און אַ פֿאַבריק. גלײבט מיר: װען איך זאָל נישט האָבן קײן פֿאַבריק, פּאַק איך אײַן מײַן טשעמאָדאַן און בין עולה. בנוגע

געגלותט און אַ סוף! אָבער נעמט און פּאַקט איין אַ פאַבריק, ווען די פאַבריק האַלט אייך! אַז איך בין נעבעך פאַרשקלאַפט ביי דער פאַבריק, קען איך זיך העלפן?

אַ דריטער האָט געשוויגן און דערנאָך געזאָגט:

— איך האָב אייך נישט וואָס צו זאָגן. איך האָב, אייגנטלעך, געדאַרפט פריער קומען קיין ישראל און דערנאָך חתונה האָבן. האָט מיר דער שלימזל אָפּגעטון פאַרקערט: איך זאָל צו ערשט חתונה האָבן און מיין פרוי זאָל שוואַנגערן.

— מזל־טוב! — רוף איך אויס — וועט איר דאָך קומען מיט פרוי און קינד.

— ניין — זאָגט ער — מיין פרוי האָט געהאַלטן, אַז אין גלות לוינט נישט צו האָבן קיין קינד. און אַז איך האָב איר געזאָגט מיר זאָלן עולה זיין קיין ישראל, האָט זי מיר געענטפערט, אַז קיין ישראל איז בעסער צו קומען מיט אַ פאַרמעגן. האַלט מיך דאָס פאַרמעגן אין גלות, כאָטש גיי פון בריק אין וואַסער.

איך האָב די יידן געוואָלט דערציילן די מעשה מיט די „נאַפּאָלעאָנישע ווייבער". אָבער אָט איז צוגעקומען נאָך איין דעלעגאַט און געמאָלדן דעם ייד, וואָס זיין ווייב האָט נישט געוואָלט שוואַנגערן אין גלות, אַז ער דאַרף צוגרייטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „די נויטווענדיקייט פון אַ פאַרשטאַרקטער עליה קיין ישראל"...

27טער אַפּריל 1956

# „ס'ע לע זשואיף"...

אַ נאַרישקייט, זאָגט מען געדענקט זיך. געדענק איך אַ געשיכטע, וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין מיין שטעטל מיט אַ סך יאָרן צוריק:

צווישן דער יוגנט, וואָס האָט אין די לאַבירינטן פון „עס לעבע!" און „נידער!" געזוכט דעם וועג צו דער אַלמענטשלעכער גאולה — האָט זיך גע־פונען אַ יונגער־מאַן, וואָס האָט זיך געשניטן אויף אַ וואויל־לערנער און זיך ארויסגעשניטן ווי אַן „עפּאָכע־מאַכנדיקער" רעוואָלוציאָנער. אַ חוץ דעם, וואָס ער האָט געביטן די דיסלאָקאַציע פון די האָר, ס'הייסט, ער האָט אָפּגעגאָלט די באָרד פון פאָרנט, און זיך פאַרלאָזט אַ „פּאָלקע" פון הינטן — האָט ער זיך איינגעהאַנדלט אַ בייכיקע לעדערנע טעקע. די טעקע אַליין איז געווען אַ שטיק שרייענדיקע סענסאַציע. ערשטנס, איז עס געווען די ערשטע לעדערנע טעקע אין שטעטל. צווייטנס, זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מאָטל חיים בערישעס פרומע גרעלעס אייניקל, ס'הייסט, דער בעל־דבר, וואָרעמט אויס אין דער טעקע די סאָציאַלע רעוואָלוציע. און עס איז געווען אַ סברה, אַז אין איינעם אַ טאָג וועט ער עפענען די טעקע און פון דאָרט וועט אַרויספליען די גאולה.

האָבן די שטעטלשע יידן געקוקט אויף חיים בערישעס פרומע גרעלעס אייניקל ווי אויף עפּעס נישט גלאַטיקעס; אַ מין כישופמאַכער, אַ מין פאַרשטעלטער לאַמעד־וואָווניק, אָדער ווייס־איך־וואָס.

נאָר אַזוי ווי דער יונגער־מאַן האָט די טעקע געטראָגן מיט זיך טאָג און נאַכט במשך פון יאָרן און די גאולה איז פון דאָרט נישט אַרויסגעשפּרונגען, האָבן די „אָפּאָנענטן פון די קעסטל־אָונטן" איין מאָל באַשלאָסן: זיי מוזן זען וואָס פאַראַ געהיימע דאָקומענטן דער בעל־דבר טראָגט אין דער טעקע, וואָרום לויט דעם ווי ער טראָגט זי, ווי ער דריקט די טעקע צו דער ברוסט און לויט דעם ווי די שטעטלשע מיידלעך קוקן אויף אים — מוז ער דאָרט אין דער טעקע טראָגן עפּעס אַזוינס, וואָס איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר וועט דאָס זיין אַ יקר המציאות פאַר אַלע מוזייען פון דער וועלט און אוודאי און אוודאי פאַר דעם מוזיי פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אָבער פאַרט קענען דאָך מענטשן נישט לעבן מיט בלויזער באַוווּנדערונג, מיט סתם שעפּן פלאַטאָנישע התפעלות. מען מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל זען וואָס אין דער טעקע בריט זיך אויס און פאַרוואָס מאָטל חיים בערישעס פרומע גרעלעס אייניקל טראָגט מיט זיך די טעקע איבערן שטעטלשן מאַרק.

האָבן זיך איין מאָל אָפּגעשמועסט די „אָפּאָנענטן פון די קעסטל־אָונטן", מען זאָל „עקספּראָפּריאירן" אויף אַ צוויי מינוט די טעקע און אַריינקוקן אין

איר מיט די אייגענע אויגן. וכך הווה: אין איינעם אַ ליבן פאַרנאַכט, ווען מאָטל חיים בערישעס פרומע געלעס אייניקל מיט דער געגאָלטער באָרד פון פאַרנט און מיט דער „פאָלקע" פון הינטן, איז געגאַנגען מיט זיין גדלותדיקן גענגל איבער דעם מאַרק און געטראָגן די טעקע, אַזוי ווי מען טראָגט אַ בכור צום פדיון הבן — זענען אים חברה באַפאַלן און אַרויסגענומען פון זיינע הענט די טעקע. און אַז זיי עפענען אויף דעם ניקעלנעם שלאָס און קוקן אַריין אינע־ווייניק — בלייבן זיי שטיין ווי אָפּגעגאָסענע מיט קאַלט וואַסער: נישטאָ דאָרט קיין פּלאַן ווי אַזוי צו מאַכן די וועלט־רעוואָלוציע; קיין שום צייכן פון גאולה־לוחות; קיין סימן פון מאַרקסן, קיין ברעקל פון לענינען, גאָרנישט, אויסער אַ פּאָר קיך־רייפּטלעך, פּייערקעס, מיט אַ שטערצל, איינגעוויקלט אין אַלטע צייטונגען...

איך זאָג נישט חלילה, אַז דעני קעי איז אַ מין מאָטל חיים בערישעס פרומע געלעס אייניקל, וואָס האָט אָפּגעגאָלט די באָרד פון פאַרנט און זיך פאַרלאָזט אַ „פאָלקע" פון הינטן, כדי מיט אַ לעדערנער טעקע צו אינטריגירן די וועלט. חלילה!

פאַרקערט, נאָך דעם ווי איך האָב געזען און געהערט דעני קעי, זאָג איך, אַז ער איז אַ וווּנדערלעכער מענטש, ער האָט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און זייענדיק אַ גוטער ייד, איז ער אויך אַן אמתער קאָסמאָפּאָליט. אַ מענטש, וואָס דריקט אַזוי אויס ליבע צו קינדער, צו אַלע קינדער פון דער וועלט, אומאָפּהענגיק פון ראַסע און פאָלק — פאַרדינט היינטיקע צייטן אַנערקענונג.

און צו זאָגן אַז דעני קעי האָט נישט קיין שוישפּילערישן טאַלאַנט, וואָלט געווען בייזוויליק.

פאַרקערט, ער איז אַ שוישפּילער דורך און דורך. ער איז אַזוי פריי אויף דער בינע און ער פאַרמאָגט אַזאַ שנעלע אָריענטאַציע אין דער סיטואַציע — אַז דאָס פאַרטרעט דריי פערטל פון טאַלאַנט. ער איז אַ ליבער סצענע־קאָזער און נישט מער. פאַר אַ שוישפּילער איז עס גענוג צו שפּילן פאַר „פּולע הייזער". עס איז אָבער נישט גענוג פאַר דעם טראַסק, וואָס מען האָט ביי אונדז געמאַכט מיט דעני קעי; און עס איז נישט גענוג צו מאָביליזירן אַ סקאַדראָן פּאָליציי אויף פערד און אונטער פערד, זיי זאָלן צעטומלען די גאַסן־באַוועגונג און שטופּן דעם עולם פון איין זייט גאַס אויף דער צווייטער זייט גאַס. און עס איז נישט גענוג אַרויסצורופן אַזאַ מין דעני־קעי־משוגעת, ווי עס איז ביי אונדז אַרויס־גערופן געוואָרן, וואָס הימל און ערד און דעני קעי.

טאָמער וואָלט דעני קעי געשפּילט אויף יידיש, וואָלט ער העכסטנס געהאָט צו צאָלן די הויכע שטייערן פאַר בילעטן און פאַרדינען אַ פּאָר טויזנט פונט אין אַ סעזאָן. און טאָמער וואָלט ער געשפּילט אויף העברעאיש — וואָלט געווען מיט אים נאָך ערגער. ער וואָלט געווען אַ מיטגליד פון אַ טעאַטער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָלט פאַרדינט צוויי הונדערט פּונטאָלעס אַ חודש מיט אַ פּאָר באַקי־הויזן אויף זומער און ווינטער.

אָבער עס איז די אַלטע מעשה. ביי אַנדערע פעלקער איז דער גורל

פון טאַלאַנטן בעסער, לייכטער. אויב מען פאַרמאָגט נאָר אַ „ראָזשינקע“ איז מען אַ געמאַכטער מענטש, אָבער אַ קינסטלער ביי יידן דאַרף זיך אָפּהאַקן די זייטן איידער ער דערשלאָגט זיך צו אַ ביסל אויסקומעניש און אַז ער דערשלאָגט זיך שוין, שלאָגט ער זיך ווייטער קאָפּ אין דער וואַנט. אָבער אויב אַ ייד דער־שלאָגט זיך ביי אַנדערע פעלקער, ווילן זיך אויך יידן אָנהייבן שלאָגן איבער אים. אַ קלייניקייט עפּעס, אונדזערס אַן אייגענער און גויים פּאַטשן אים בראַוואָ... און יידן זענען אַזש גרייט צו שטיין אַ האַלבע נאַכט אין דער ריי אויף צו באַקומען אַ בילעט פאַר צוואַנציק פונט. און אַלע מינדערוואַרטיקייט־קאָמפּלעקסן צעאַרבעטן זיך. און עס מאַכט אַפילו נישט אויס, וואָס מען פאַרשטייט נישט אַ וואָרט פון דעם פרעמדן לשון, אין וועלכן דער קינסטלער רעדט. אַ קלייניקייט עפּעס, ער שפּילט ביי גויים גויאיש!

האָב איך, ווען איך האָב צוגעזען די מאַסן־התלהבות פאַר דעני קעי, זיך געטראַכט: אַט אַזוי קענען זיך אויך עקזאַלטירן מאַסן פאַר אַ הערשער, פאַר אַ מוסאָליני, אַ סטאַלין, אַ היטלער און ענלעכע צו זיי. אויך אין פאַל מיט הערשער וואָלט פאַליציי אויף פערד און פאַליציי אָן פערד געשטופּט דעם עולם אַהער און אַהין, ווי די גאולה וואָלט געדאַרפט אַרויספליען פון דער לעדערנער טעקע. און שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, אַז דער הערשער פאַר וועמען דער עולם האָט זיך אַזוי שטאַרק עקזאַלטירט, איז נישט מער ווי אַ זשוליק.

איז מיר שוין ליבער, וואָס דער עולם האָט זיך אַזוי געהיצט פאַר דעני קעי. הגם אויך דאָ האָט מער געווירקט סוגעסטיע און היסטעריע — אָבער די סוגעסטיע און היסטעריע איז געווען אַן אומשעדלעכע און דעני קעי האָט נישט געהאַט קיין באַהערשונג־און דעפּרימאַציע־כוונות, נאָר ער האָט געשפּילט כדי צו זאַמלען געלט פאַר די אומגליקלעכסטע פון די קינדער אויף דער וועלט. און דאָס איז אַזוי שיין און מענטשלעך.

אָבער וואָס שייך תוך־זאַכן האָבן פאַרגעניגן פונעם עצם שפּילן, וועל איך אייך זאָגן, אַז מער פאַרגעניגן האָב איך פון דזשיגאַן און שומאַכער. און מער פאַרגעניגן האָב איך פון רפאל קלאַטשקין. איז אָבער די „צרה“, וואָס זיי שפּילן פאַר יידן — יידיש אָדער העברעאיש. און אַרוּם זיי סנאָבעוועט מען נישט. אַרום זיי מאַכט מען נישט דעם טומל מיט רייטער־פּאָליציי און מיט צעטומלען די גאַסן־באַוועגונג, כדי זיך אַביסל צו קאָכן אין דעם אייגענעם זאַפט...

ווי האָט געזאָגט פּרץ אין „מאָניש“ —

„אַנדערש וואָלט מיין ליד געקלונגען,
ווען איך זאָל פאַר גויים גויאיש זינגען“.

וואָרום אַז מען „זינגט“ פאַר גויים גויאיש, וועלן שוין אויך יידן אויב נישט פאַרשטיין, זיך כאַטש אַנטציקן און צעגייען אין מתיקות.

אויף פראַנצייזיש זאָגט מען אין אַזאַ מאָמענט „ס׳ע לאַ ווי“ (אַזאַ איז איז דאָס לעבן) און איך זאָג: „ס׳ע לע זשואיף“... (אַזוי זענען די יידן).

## אַ מעטראָ דאַרפֿן זיי

עס זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע סאָרטן אויפֿגעקומענע גבירים. פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן געניסן פֿון דעם לעבן, זיך אָפּנעמען פֿאַר די זיבן מאָגערע יאָר — פֿאַרשטײ איך זיי. איך פֿאַרשטײ זיי אפילו ווען אַזעלכע אויפֿגעקומענע גבירים זענען פֿאַרכאַפּערס־עגאָאיסטן און ווילן נישט, אַז עמעצער זאָל געניסן פֿון זייער גבירעשאַפֿט. עס הייסט: קיינער האָט אים נישט געגעבן ווען ער האָט געדאַרפֿט און נישט געהאַט, וויל ער אויך קיינעם נישט געבן ווען יענער דאַרף און ער האָט.

איך פֿאַרשטײ אויך אויפֿגעקומענע גבירים, וואָס לעבן ווייטער ווי שלעפּער און האָבן מורא, אַז טאָמער וועט דאָס אויסגעבן אַ פֿאָר פֿונט זיי צוריקמאַכן פֿאַר אָרעמעלייט. ביי זיי אַרבעט דער פּחד פֿאַרן נעכטן, זיי בלאָזן אויפֿן קאַלטן און דער פֿונט אונטערן מאַטראַץ וואַרעמט זיי מער ווי פּוכענע קאָלדרעס אויפֿן מאַטראַץ.

עס איז אָבער פֿאַראַן אַ טיפּ אויפֿגעקומענער גביר, וואָס ווי נאָר ער דערפֿילט אין טאַש אַ פֿאָר פֿונט, לויפֿט ער קויפֿן דעם ווייב אַ „ברילִיאַנט אין דער גרויס פֿון אַ נוס", כּדי די פֿריינד און די פֿיינד „זאָלן קראַפּירן", בעת ער, דער אויפֿגעקומענער גביר האָט נישט קיין פֿאָר גאַנצע אונטערהויזן. דער עיקר איז ביי אים: „זאָלן זיי קוקן און פּלאַצן" ווי זיין פּעסע־נעכע בלישטשעט מיט ברילִיאַנטן אויף די פֿינגער, מיט ברילִיאַנטן אין די אויערן, מיט ברילִיאַנטן אין האַלדזבאַנד. ס'איז אַ לעבן אין שויפֿענצטער, אַ פֿאַלש לעבן פֿון „שטע־בעליעס", פֿון פּוסטן ווייזן זיך, פֿון מאַכן דעם אָנשטעל — אָט אַזוי ווי עס איז די מעשה מיטן מעטראָ פֿאַר תּל־אביב.

ס'איז הימל און ערד און אַ מעטראָ אין תּל־אביב. מען שרייבט אויס מעטראָ־אינזשיניערן פֿון פּאַריז, די גאַזעטן טומלען, די שטאָט־טאַטעס בלאָזן פֿון זיך: מאַכט אַ וואַרע, מיר גייען מיט אַ מעטראָ!

עס הייסט: תּל־אביב האָט שוין אַלץ, נאָר עס פֿעלט איר אַ מעטראָ, ווי יענעם גביר פֿעלט נישט מער ווי אַ טשופּיק צום צימעס... באמת, ווי קען אַזאַ שטאָט ווי תּל־אביב לעבן אָן אַ מעטראָ? ס'איז דאָך צו לאַכן אין די פּויסטן: פּאַריז האָט אַ מעטראָ, לאָנדאָן האָט אַ מעטראָ, ניו־יאָרק האָט אַ מעטראָ, מאָסקווע האָט אַ מעטראָ, באַרצעלאָנאַ און טאָקיאָ האָבן מעטראָס און אפילו אין לעניני־גראַד גייט מען שוין בויען אַ מעטראָ, נאָר תּל־אביב, די גרעסטע יידישע שטאָט

אין דער גאַנצער וועלט, האָט נעבעך נישט קיין מעטראָ. פּונקט ווי אין יענעם לידל: „אַלע מיידלעך האָבן חתונה, נאָר איך גיי אַליין...“

אָבער איר זאָלט חלילה נישט שטעלן די פֿראַגע: „צי האָט תּל־אָבֿיבֿ אַ פּאָר גאַנצע אונטערהויזן?“ ס'הייסט, די פֿראַגע מעגט איר יאָ שטעלן, נאָר איר זאָלט נישט אַ קוק טאָן, וואָרום איר וועט זיך פֿאַרשעמען ווי נאַקעט עס איז תּל־אָבֿיבֿ.

אין מיטן צענטער פֿון שטאָט ליגן גאַסן שוין צען יאָר נישט ברוקירט און די באַלעבאָסטעס יאָגן זיך מיט די זאַמד־שטויבן ווי די כינעזישע פֿליי־דרעסירער יאָגן זיך נאָך ווילדע פֿליי. אָט נעמט אַ שטייגער אַזאַ גאַס ווי השופטים, ווו עס איז דער אַריינגאַנג אין בנין פֿון קופּת־חולים אויף זאַמענהאָף: יעדער קראַנקער, וואָס גייט צופֿוס, אָדער וואָס ווערט געבראַכט מיט אַן אַמבולאַנס, באַקומט די פֿריווילעגיע זיך אָנצועסן מיט אַ פּאָרציע זאַמד איידער ער גייט אַריין צום דאָקטאָר אויף אַן אונטערזוכונג. און אַז איינער פֿון די פֿיל אויטאָס „צעבריקעוועט“ זיך אויף דער נישט ברוקירטער גאַס, איז ער מכבד מיט פּאָרציעס זאַמד־שטויב נישט בלויז די פּריוואַטע הייזער, נאָר אויך די לאַבאָראַטאָריעס פֿון קופּת־חולים.

און דאָס אַלץ ווייל תּל־אָבֿיבֿ האָט נישט גענוג געלט אויף צו ברוקירן אַלע גאַסן. אָבער אַ מעטראָ מוז זי האָבן, אַ מעטראָ האָט איר אָנגעשמעקט, ווי זי וואָלט געווען אין פֿערטן חודש און וואָס עס שמעקט איר אַן מוז זי נעמען, כּדי נישט צו מפּלען חלילה...

און וואָס עס טוט זיך אין תּל־אָבֿיבֿ אין דער רעגנצייט, ווען דער הימל לאָזט אַראָפּ אַ צען עמערס וואַסער מער — דאַרף איך אייך נישט דערציילן. אויב איר זענט נאָך אַליין נישט געפֿאָרן מיט דער תּימנער „ריקשי“ פֿון איין טראָטואַר אויפֿן צווייטן נעבן דער פּאָסט, זענט איר מסתּמא געבליבן „אָפּגע־שניטן“ נעבן גן החיות, אָדער געבליבן שטעקן פֿון אַן אַנדער פֿאַרפֿלייצונג. און דאָס אַלץ דערפֿאַר, ווייל תּל־אָבֿיבֿ האָט נישט גענוג געלט אויף צו מאַכן אַ געהעריקע מאָדערנע קאַנאַליזאַציע. אָבער אַ מעטראָ מוז זיין! זאָלן טוריסטן זען, אַז תּל־אָבֿיבֿ שטייט נישט אָפּ פֿון די וועלט־מעטראָפּאָליעס...

די מעטראָ־משוגעים וועלן אייך איבערצייגן, אַז אַ מעטראָ פֿאַר תּל־אָבֿיבֿ איז ווי לופֿט פֿאַר אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש, וואָרום אַדורכפֿאָרן תּל־אָבֿיבֿ פֿון עקסטרעמען דרום ביז צום עקסטרעמען צפֿון, נעמט גאַנצע צען מינוט מיט אַ שׂרות און פֿופֿצן מינוט מיט אַן אויטאָבוס וואָס קוועטשט זיך נישט אַן מיט פּאַסאַזשירן ווי מיט הערינג. דערפֿאַר אָבער וועט אַ מעטראָ פֿאַרקירצן דעם וועג פֿון פֿופֿצן מינוט אויף זיבן און אַ האַלבער מינוט. איר פֿאַר־שטייט? אַן עקאָנאָמיע אויף פֿופֿציק פּראָצענט! אין דער ברייט פֿון תּל־אָבֿיבֿ פֿאָרט איר אַדורך גאַנץ תּל־אָבֿיבֿ אין פֿיר מינוט מיט אַ שׂרות. און מיטן מעטראָ וועט איר פֿאָרן נישט מער ווי צוויי מינוט מיט דריי און צוואַנציק סעקונדן, אַזוי אַרום וועט איר זיך איינבערעכענען מיט איין פֿאָר — איין מינוט מיט זיבן

און דרייסיק סעקונדן! נו, האָט איר זיך געקענט ריכטן, אַז די תל־אביבער שטאָט־טאַטעס וועלן אַזוי שטאַרק זאָרגן פֿאַר אייער צייט און פֿאַר אייער באַקוועמלעכקייט?

די מעשה איז נאָך קאָמישער דערמיט, וואָס איר קענט אפילו נישט זאָגן וועגן תל־אביב, אַז זי איז אַן אויפגעקומענע גבירטע. לציס זאָגן אפילו, אַז אַזוי ווי תל־אביב קען נישט פֿאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק וואָס שייך געלט, וויל זי כאָטש פֿאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק דורך אַ מעטראָ, אַבי עס זאָל ווערן געבונדן... ווארום דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן עקאָנאָמיע מיטן מעטראָ. אויב די שטאָט־טאַטעס וואָלטן געזאָרגט וועגן עקאָנאָמיע, וועגן איינשפּאָרן צייט און בענזין און נערוון, וואָלטן זיי קודם־כל אָפּגעשאַפֿט דעם בערדיטשעווער שלאַבאַן איבער דער באַן־ליניע אין סאַמע האַרץ פֿון שטאָט און אין סאַמע באַוועגלעכסטן פּונקט — דרך פּתח־תקוה.

אַז אַ לאָקאָמאָטיוו אויף רחוב מקוה ישראל טוט אַ פֿייף און עס לאָזט זיך אַראָפּ דער שלאַבאַן — שטעלן זיך גלייך אָפּ עטלעכע הונדערט אויטאָ־מאָבילן, וואָס סאָפּען אויס אַ האַלבן טאָן בענזין בלויז אויף וואַרטן, און אַ פּאָר אַרבעטס־טעג. און אַזוי ווי דער דאָזיקער שלאַבאַן לאָזט זיך אַראָפּ אַ האַלב טוץ מאָל אַ טאָג, אויסער צו מנחה ומעריב — פֿאַרשטייט איר שוין ווי אַזוי אונדזער שטאָט זאָרגט פֿאַר עקאָנאָמיע.

אַמאָל איז כאָטש געווען אויף וועמען אַרויפֿצולוייגן די שולד: די ענגלענדער. די ענגלענדער האָבן נישט געלאָזט ליקווידירן דעם בערדיטשעווער שלאַבאַן, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט, אַז תל־אביב זאָל זיך עקאָנאָמיש אַנט־וויקלען. אַזוי האָבן דעמאָלט געטענהט די שטאָט־טאַטעס. היינט לאָזן שוין די ענגלענדער — און דער בערדיטשעווער שלאַבאַן פֿירט נאָך אַלץ זיין דיווערסיע־אַרבעט קעגן דער תל־אביבער עקאָנאָמיע...

נאָר אַ מעטראָ זאָל מיר זיין!

האָב איך שטאַרק מורא, אַז דער גאַנצער מעטראָ דאַרף זיין אַ פּאָליטישער מעטראָ. אפשר מיינט מען נישט אַזוי דעם מעטראָ ווי מען מיינט דעם טונעל פֿאַרן מעטראָ? מען זאָל קענען זאָגן צו דער אָפּאָזיציע „איך האָב דיך אין מעטראָ". אָדער אפשר מיינען די שטאָט־טאַטעס, אַז זיי דאַרפֿן פֿאַר זיך צוגרייטן אַ באַהעלטעניש קעגן דער אומצופֿרידנקייט פֿון די שטייער־צאָלער? אָדער אפשר וויל מען צוגרייטן אַ צענדלינג קילאָמעטער אונטערערדישע ווענט פֿאַר פּלאַ־קאַטן אין די קומענדיקע וואַלן? אָדער אפשר מיינען די שטאָט־טאַטעס, אַז נאָך דעם ווי די גאַנצע שטאָט תל־אביב איז שוין אַרומגענומען מיט בערג מיסט, דאַרף מען בויען אַ מעטראָ־טונעל עס זאָל זיין ווו צו שיטן מיסט?

ווער קען דען וויסן צוליב וואָס עס איז נייטיק אַ מעטראָ אין תל־אביב. אין יעדן פֿאַל, וואָס פֿאַראַ כוונות די שטאָט־טאַטעס זאָלן נישט האָבן, איז אין זאַך כמעט ווי זיכער: צום פֿאָרן וועט דער מעטראָ דינען צום ווינציקסטן. און אַ חוץ די אונטער־ און הינטער־כוונות מיטן מעטראָ, וועגן וועלכע עס איז

דערווייל שווער צו דערגיין, ווען דער מעטראָ אויך קענען דינען ווי אַ מאָטיוו פֿאַר פֿאַרהאַנדלונגען און אונטערהאַנדלונגען, אַז די פּאָליטישע עסקים זאָלן גיין שנעלער און האַסטיקער ווי דער מעטראָ.

האָבן דערווייל די איינוווינער פֿון תּל־אָבֿיבֿ אַ גרויסע בקשה צו די שטאָט־טאָטעס:

איידער דער מעטראָ הייבט אָן גיין, זעט אַז דאָס וואַסער אין די קראַנען זאָל דערווייל דערגיין צו די העכערע שטאָקן, כּדי מען זאָל נישט דאַרפֿן גיין צו אַ נידעריקערן שכן לייען אַ טשייניק וואַסער. און דעמאָלט וועט איר זיך קענען לאָזן מאַכן אַ מעטראָ צוליב וועלכע צילן איר זאָלט נישט וועלן — אפֿילו צו ווייזן טוריסטן.

18טער מאַי 1956

# אַ צירלעך־מאַנירלעכער פּאַגראָם

אַנומלט ווען איך בין געזעסן אין וואַרטצימער ביים דאָקטאָר, האָב איך זיך צוגעהערט צו אַ שמועס צווישן פּאַציענטן. זאָגט איין פּאַציענט צום צווייטן:

„וואָס שייך מיר, געפעלט מיר נישט די גאַנצע מעדיצין. וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן די מעדיצין, אויב זי איז אין גאַנצן אַן אונטערגרונט־מעדיצין, אַן אונטערערדישע, ווי אַ פּאָליטישע אונטערערדישע באַוועגונג".

דער צווייטער פּאַציענט קוקט אָן זיין מיטשמועסער, ווי ער וואָלט געווען חסר־דעה, אָדער סתם אַ ביסל משוגע און ווי ער וואָלט געדאַרפט האָבן אַ רפואה שלימה פון אַ פּסיכיאַטער.

„וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? אָט זיצן מיר דאָך לעגאַל אין אַ וואַרטצימער ביי אַ דאָקטאָר מיט אַ שילדל אויף דער גאַס אַרויס, איז וואָס זשע רעדט איר וועגן אונטערערדישער מעדיצין?".

„פאַרשטייט איר מיך נישט — זאָגט דער פּאַציענט־דער־טעאָריע־באַגרינדער — דער דאָקטאָר איז זיך טאַקע אַ לעגאַלער מיט אַ שילדל אויף דער גאַס אַרויס, און מיר זיצן אויך לעגאַל אין דעם וואַרטצימער, אָבער זי אַליין, די מעדיצין, איז לא עלינו. אָט נעמט, אַ שטייגער, די אַמאָליקע פרייע מעדיצין. אַז מען האָט אייך געגעבן אַ שטעל אַ צוויי־דריי פּיאַווקעס, האָט די גאַנצע וועלט געזען באַשיימפּערלעך, אַז עפּעס ווערט געטאָן. און אַז מען האָט אייך געגעבן אַ האַק אַרויף אַ פופציק־זעכציק באַנקעס, איז געווען וואָס צו זען, בפרט נאָך געהאַקטע באַנקעס! און טאָמער האָט מען אייך געריסן אַ צאָן, האָט די גאַנצע וועלט געהערט אייערע געשרייען און געוואַלדן. און ערשט די לעוואַטיוועס, די צווייזייטיקע ברוכבענדער, די בלעכענע וואָרעם־פלעשער און די שעפּלעפּל ריצנאייל, אונדזער היימישער שמן־קיק! איר זענט אַ מבין ווי דאָס האָט געהאַלפן? און הייַנט וואָס? הייַנט גיט מען אייך אַ פּיל די גרויס פון אַ שפּילקע־קעפּל און די פּיל דרייט אייך איבער די קישקעס אין בויך. מען מאַכט אייך אַן איינשפּריצונג מיט אַ נעדעלע, וואָס קוים איר זעט עס, און עס צעטראָגט אייך ווי אַן אַטאָם־באָמבע. און אַז מען טוט אייך אַ לאָז אַראָפּ אַ שמעק מיצין, אַן איראָמיצין, אַ טעראַמיצין, צי גאָר אַן אַנדער סטרעפּטאָמיצין, איז ווי מען וואָלט אין אייער בלוט אַריינגעשאָסן אַ דריי־פיר האַרמאַטן־קוילן. און מיט איין שפּריצעלע מאַכט מען אייך געליימט אַ האַלבע גאָמבע, אַז איידער איר קוקט זיך אום האָט מען אייך שוין אַרויסגעריסן אַ האַלב מויל ציין. מיט

איין וואָרט: די מעדיצין אַרבעט נישט־געזונט, איר פּילט גאָרנישט, איר הערט גאָרנישט און — — —

„מען ווערט געזעגענט" — כאַפּט־אונטער דער מיטשמועסער.

„ניין, איר מאַכט אַ טעות. פריער האָט מען קראַפּירט כאַטשבי מיט אַ געשריי און עס איז געווען וואָס צו זען. היינט קראַפּירט מען מאָדערן, איידל, שאַ־שטיל, קולטורעל".

„אַנטקעגן וואָס זאָגט איר מיר דאָס, ווען איך זיץ אין וואָרטצימער ביי אַ דאָקטאָר? איר ווילט מיך טרייסטן, אַז איך וועל קראַפּירן שטילערהייט?".

„חלילה — זאָגט דער ייד — וואָס האָב איך צו אייך? אָט זיץ איך מיט אייך צוזאַמען אויפן זעלבן וואָגן, ווי מען זאָגט, מיר שלינגען די זעלבע פּילן און באַקומען די זעלבע נעדעלעך. אלא וואָס דען? איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז די גאַנצע וועלט לעבט איצט אונטער דער ערד. אַ וועלט פון אונטערגרונט, אַן אוניווערסאַלע מחתרת. נעמט, למשל, דעם האַנדל: אַלע זאָגן, אַז ער ליגט טיף אין דער ערד און אַלע קלאָגן, אַז מען פאַרדינט נישט קיין פּרוטה. אָבער טאָמער שרייבט איר אַ בריוו אין פּענסיאָן, מען זאָל אייך רעזערווירן אַ פּלאַץ — ענטפערט מען אייך, אַז אַלע פּלעצער זענען שוין פאַרנומען ביז איבערן גאַנצן זומער.

„און ערשט וואָס טוט זיך אין דער פּאָליטיק? אויב די מעדיצין, דער האַנדל, דאָס מענטשלעכע הארץ, רחמנות און דאָס גלייכן זענען אַראָפּ אין אונטערגרונט, אָדער, ווי מען רופט עס ביי אונדז, אין מחתרת — איז די פּאָליטיק אַראָפּ נאָך טיפער, ניין איילן אונטער דער ערד, אין סאַמע גיהנום אַריין און פראַוועט דאָרט אָרגיעס, אַז עס קערט די גאַל.

„אַמאָל, אַז גויים האָבן געוואָלט מאַכן אַ פּאָגראָם אויף יידן, האָבן זיי אים געמאַכט אָפן: מען האָט אַרויסגעשיקט אַ פּאָלק קאָזאַקן און מען האָט געזאָגט צו זיי: שעכט, רויבט, צעשטערט און אַל דאָס איבעריקע איז אייערס. אָדער מען האָט אונטערגעהעצט אַ פּאָר טויזנט גויים, אַז יידן האָבן געשאָכטן אַ קריסטלעך קינד אויף מצות און מען האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז אַלץ וואָס די האַק וועט טרעפן — איז הפקר און אַלץ וואָס זיי וועלן אַריינשטופּן אין זייערע זעק — איז זייערס.

„היינט אָבער, אין דער מאָדערנער צייט, מאַכט מען פּאָגראָמען אין מחתרת: איידל, שאַ־שטיל, קולטורעל. צו וואָס דאַרף מען שענדן שולן, צערייסן ספר־תורות, ווען מען קען דערקלערן רעליגיע ווי אַ פאָלקס־פיינטלעכע, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט און פאַרשיקן די כלי־קודש אין סיביר. און צו וואָס דאַרף מען בפרהסיה אויסשעכטן יידישע שרייבער און לערער און קולטור־טוער, אויב מען קאָן זיי ביינאַכט אַרויסשלעפּן פון די בעטן, פאַרשיקן זיי אין די סיבירער טייגעס און זיי דאָרט אָפּווישן קולטורעל, מאָדערן, שאַ־שטיל.

„צו וואָס דאַרף מען פּאָגראָמירן אַ פאָלק פיזיש, אויסשניידן עס, אויס־פּלינדערן עס, רוצחנען — אויב מען קען דאָס פאָלק פּאָגראָמירן אַזוי גרינגלעך,

אַז פון די מענטשן זאָל בלייבן בלויז זייער פיזישער כוח, וואָס מען קאָן אַזוי גוט, אַזוי קולטורעל, אַזוי מאָדערן פאַרוועגדן אין שקלאַפן־אַרבעט.

„איי, זאָגט איר, די גויים לייגן איצט אַרויף דעם בייגל אויף סטאַלינען און בעריאַן, אַז זיי האָבן געמאַכט דעם פינצטערן פּאָגראָם, — זענען זיי גרויסע בעריעס איצט, ווען סטאַלין און בעריא, ימח שמם, זענען טויט. איצט קאָן זיך כרושטשאָוו פּאַטשן אין בייכל און שפּילן דעם העלד: איר זעט, סטאַלין דער סוואָלאַטש האָט געליטן אויף אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע, ער האָט פּאָגראָמירט, ער האָט געשאָכטן וועמען ער האָט נאָר פאַרדעכטיקט אין נישט קלאָרע כוונות צו אים. און בעריא דער סוואָלאַטש, דער שפּיאָן (אָן אַ פאַרפאָלגונגס־מאַניע) איז אויך געווען אַ פּאָגראָמשטשיק, אַ שובראַווויעץ, ער האָט געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס; אָבער מיר, איך כרושטשאָוו, און מיינע קאָלעגן בולגאַנין, מיקאָיאַן, שעפּילאָוו, מאַלאָטאָוו און אַנדערע זענען געווען גאָלע צדיקים, נאָר מיר האָבן געציטערט אימת־מוות טאָמער וועט ער, סטאַלין, אויך אונדז מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער. פאַרוואָס מיר האָבן סטאַלינען נישט ליקווידירט? מיר האָבן מורא געהאַט פאַר אונדזערע אייגענע קעפּ. איר קענט נישט סטאַלינען. ביים מינדסטן פאַרדאַכט אויף אונדז, האָט ער אונדז געקאָנט ליקווידירן.

„וועט איר דאָך אוודאי פרעגן אַ קשיא: אין 1905 האָט דער צאַר גע־האַלטן קאָזאַקישע פּאָלקן, מיט אַן אַכראַנע, מיט שפּיאָנען און שפּיצלעס, און דאָך האָבן רעוואָלוציאָנערן נישט מורא געהאַט פאַר זיי. אַ פּשוטער ווילנער יידישער אַרבעטער, ווי הירש לעקערט, האָט נישט מורא געהאַט צו דערגרייכן מיט אַ באָמבע דעם, וועמען די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַלטן פאַר שעדלעך. און אַ ברוך שולמאַן האָט נישט מורא געהאַט צו שיסן אויף אַ סאַטראַפּ. און הונדערטער און טויזנטער האָבן נישט מורא געהאַט פאַר די צאַרישע תליות. אָבער די „רעוואָלוציאָנערן" כרושטשאָוו און בולגאַנין און מיקאָיאַן און מאַלאָ־טאָוו, וואָס האָבן געהאַט אין זייער רשות אַן ענקאַוועדע, אַ רויטע אַרמיי און אַ מעכטיקע פּאַרטיי, אַ גאַנצע אימפּעריע, האָבן מורא געהאַט און געציטערט פאַר איין מטורף אין קרעמל, פאַר סטאַלינען, טאָמער וועט ער זיי אַראָפּנעמען די קעפּ. איר פאַרשטייט? הירש לעקערט האָט אין ווילנער געטאָ נישט מורא געהאַט פאַרן צאַר, אָבער בולגאַנין, דער מיליטערישער פירער פון דיוויזיעס, האָט מורא געהאַט צו גיין אויף אַ זיצונג מיט סטאַלינען...

„איז לאָמיר אפילו אָננעמען, אַז אַזאַ זאַך איז מעגלעך. ווי זאָגט קהלת: אויף אַלץ איז פאַראַן אַ צייט — אַ צייט צו זוכן און אַ צייט צו פאַר־לירן; אַ צייט צו רייסן און אַ צייט צו נייען. קאָן דאָך אויך זיין אַ צייט פון רעוואָלוציאָנערע העלדן און אַ צייט פון רעוואָלוציאָנערן, וואָס זייער אייגן נעגעלע איז ביי זיי טייערער פון מיליאָנען קעפּ פון אַנדערע.

„לייגט זיך עס אויפן שכל, ווי מען זאָגט: כרושטשאָוו און זיינע רעוואָלוציאָנערע קאָלעגן האָבן נישט געוואָלט סתם פּטרן זייערע קעפּ, נאָר זיי האָבן געוואָלט „קאָנסערווירן" זייערע קעפּלעך אויף דער צייט ווען סטאַלין וועט

„צומאַכן אַן אויג". דעמאָלט וועלן זיי ווייזן זייער רעוואָלוציאָנערע גבורה און אַוועק־שיקן בעריאַן צו דער אַלטער באָלשעוויסטישער גוואַרדיע אויף יענער וועלט און זיי אַליין, כרושטשאָוו און זיינע ניצול געוואָרענע קאָלעגן, וועלן אויסבעסערן, פאַרריכטן און גוט מאַכן, וואָס די „סאָבאַקעס" האָבן אָנגעפּאָגראָמירט אין זייער לעבן.

„האָט זיך עס געלייגט אויפן שכל. וואָס זשע ווייזט זיך אַרויס? ווייזט זיך אַרויס דאָס זעלבע וואָס עס איז געשען דעמאָלט, ווען רעוואָלוציאָנערן זענען נאָך געווען העלדן, און פּאָגראָמען זענען פאָרגעקומען בפרהסיה און נישט אונטער רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. איז אַמאָל געקומען אַ יידישע דעלעגאַציע צו סטאָליפּינען און זיך געקלאָגט פאַר אים: דיינע קאָזאַקן האָבן געמאַכט אַ ווילדן פּאָגראָם, זיי האָבן קיין שטיין אויף אַ שטיין נישט געלאָזט און בלויז יעדער צענטער פון אַ משפּחה איז אַרויס מיטן לעבן. קאָן מען שוין די טויטע נישט לעבעדיק מאַכן און דאָס צעשטערטע גאַנץ מאַכן. אָבער פאַרוואָס זעסטו נישט, פריץ, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס זאָלן פאַרלאָזן די יידישע הייזער, כדי די ניצול־געוואָרענע יידן זאָלן קאָנען צוריק פאַרנעמען זייערע היימען? האָט סטאָליפּין געענטפערט: דעם פּאָגראָם האָב איך נישט געמאַכט. בין איך נישט שולדיק. אָבער אייער פאָדערונג, אַז קריסטן זאָלן פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס און זיי אָפּגעבן אייך, איז אַ זשידאָווסקע פּראָוואָקאַציע; און טאָמער וועט איר רעדן נאָך איין וואָרט וועגן אַוועקנעמען דאָס אייגנטום פון קריסטן — וועט איר פאָרן קיין סיביר.

„אָט אין דעם זין האָט אויך כרושטשאָוו גערעדט צו דער דעלעגאַציע פון די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן: סטאַלין האָט טאַקע פּאָגראָמירט. אָבער מיר האָבן דאָך שוין עפנטלעך דערקלערט, אַז סטאַלין איז געווען אַ מטורף, זענען מיר נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס ער האָט אָנגעפּאָגראָמירט. אָבער וואָס שייך צוריקשטעלן דאָס יידישע לעבן, איז עס אַ רעאַקציאָנערע פּראָוואָקאַציע; וואָרום יידן פאַרגעסן זייער יידישקייט און צוליב פּרנסה איז פאַר זיי לייכטער מיט רוסישקייט.

„זעט איר שוין ווי אַזוי דאָס גאַנצע לעבן איז אַרונטער אונטער דער ערד? אַלץ איז געוואָרן „קולטורעל", צירלעך־מאַנירלעך, אָן געשריי און טומל. אפילו פּאָגראָמען!"

8טער יוני 1956

# אַ שווער טראָגן

קינדער, זאָגט מען, זענען גרויסע צולהכעיסניקעס, אומפּאַרבעסערלעכע פּרעגערס, וואָס קענען מיט איין קלאָץ־קשיא אין דער קעגנוואַרט פון געסט, אַזוי פאַרשעמען טאַטע־מאַמע, אַז די געסט זאָלן האָבן צו „לאַכן אין די פויסטן" אויף קינדס־קינדער.

בין איך אַמאָל געווען איינגעלאַדן צו אַ ייד אַ גביר אדיר; אַ ייד, וואָס האָט קוים געוווּסט וויפל ער פאַרמאָגט אין וועלדער, פעלדער און אין הייזער, אין אַקציעס און אין באַר־געלט, אין בשותפותדיקע פאַבריקן און אין סתם געשעפטן. אָבער וואָס פאַרא גרויסער גביר ער איז געווען אַזאַ גרויסער חזיר איז ער געווען. באַקומען ביי דעם ייד אַ גמילות־חסד איז געווען שווערער פון קריעת ים־סוף. כדי ער זאָל געבן צדקה האָט מען געדאַרפט ער זאָל קראַנק ווערן. וואָרום אַז ער איז קראַנק געוואָרן האָט ער געגעבן פאַר זאָגן תהילים, פאַר אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, אָדער כדי צו „פאַרשטופּן די בייזע מיילער", מען זאָל אים נישט שעלטן ווען ער איז אין בעט. מיט איין וואָרט: ווען דער דאָזיקער גביר זאָל היינט זיין אין ישראל וואָלט געפּאַסט מען זאָל קעגן אים אַליין אָנ־נעמען אַן אַנטי־חזיר געזעץ. אָבער מסתמא וואָלט ער געהערט צו אַ שיינער פּאַרטיי, וואָס וואָלט איבערהויפּט אויסגעמיטן צו דערמאָנען דאָס וואָרט „חזיר", כדי דער דאָזיקער ייד זאָל נישט מיינען, אַז מען מיינט אים...

הכלל, זענען געזעסן די געסט ביי דעם דאָזיקן ייד און זיך אויפגעפּירט, ווי זיי וואָלטן געזעסן אויף שטאַרצע גאָפּלען. דער כיבוד איז נישט באַקומען, וואָרום מ'איז געווען זיכער, אַז ביי יעדן זופּ טיי טראַכט זיך דער גביר: „אין דער לינקער קעל זאָל זיי אַריין!" און ביי יעדן לעפעלע איינגעמאַכטס ווערט אים דאָס האַרץ פאַרקלעמט און ער ווינטשט די געסט, זיי זאָלן נאָר אויסקרענקען וואָס זיי צעפרעסן אים דאָ.

ווייסן די געסט, וואָס דער גביר טראַכט און דער גביר שטויסט זיך אָן וואָס די געסט טראַכטן. פּלוצעם קומט אַריין דעם גבירס טעכטערל, אַ מיידעלע פון אַ יאָר זיבן־אַכט און פרעגט איינע פון די „באַרימטע" קשיות:

„טאַטעשי, צי האָט אַ העלפאַנט אויך אַ גרויס האַרץ?"

„יאָ, טעכטערל מיינס, דער העלפאַנט איז גרויס, האָט ער אויך אַ גרויס האַרץ".

„און אַן אָדלער האָט אַ גרעסער האַרץ ווי עס האָט אַ טויב?"

„אוודאי, טעכטערל, יעדעס גרויסע באַשעפעניש האָט אויך אַ גרויס האַרץ".

„אויב אַזוי, טאַטעשי, פאַרוואָס זשע האָב איך געהערט, ווי די געסט האָבן געשמועסט צווישן זיך, אַז וואָס גרעסער דער גביר אַלץ קלענער איז זיין האַרץ?"

פון אָט דעם דורכפאַל אַן פלעגט דער גביר נישט אויפהערן צו רעדן וועגן צדקה. אַלע מוסר־ווערטלעך און גלייכווערטלעך וועגן נדבה און צדקה פלעגט ער אויסשיטן, נאָך איידער מען האָט דערלאַנגט די „וואַרעניע" צום טיש.

„אוי, — פלעגט ער אויסקרעכצן — אויב די טיר עפנט זיך נישט פאַרן אָרעמאַן עפנט זי זיך פאַרן דאָקטאָר. ווי זאָגן אונדזערע חכמים: „צדקה תציל ממות". און אוודאי איז ריכטיק דער פסוק „שלח לחמך על פני המים". פון קדמונים־אָן גילט דאָך ביים עם ישראל, אַז „אַ ייד איז אָדער ער נעמט מעות־חיטים, אָדער ער גיט מעות־חיטים. נאָר וואָס דען, יידן האָבן ליב אַריינצוקוקן אין יענעמס טעפל, כאָטש עס שטייט בפירוש „מתן בסתר ירפה אף".

נאָך אַזאַ מין פאַרציע פסוקים און גלייכווערטלעך פלעגט די געסט ווערן שטאַרק אויפפאַלנדיק: וואָס וויל דאָ דער גביר אויסבאַהאַלטן און וואָס וויל ער דאָ געווינען? זיין קעשענע מיינט ער זיכער נישט!

פאַלט מיר איין, אַז אונדזער צייטונג האָט פאַר אונדזער רעגירונג געשפּילט די ראָל פון יענעם טעכטערל, וואָס האָט דעם טאַטן דערציילט די מעשה מיטן העלפאַנט... וואָרום נאָך אַלע פאָדערונגען וועגן רעכט אויף אַרבעט פאַר עלטערע פון 45 יאָר, נאָך אַלע טענות צו די אַרבעטס־אַמטן פאַר זייער דיסקרימינירן עלטערע אַרבעטער, און נאָך אַלע פאָדערונגען צו אָנערקענען און אויסצאָלן אַנטשעדיקונג די נאַצי־קרבנות, איז אַרויסגעשפּרונגען אַ — — קרובים־געזעץ.

איר פאַרשטייט די מעשה: מיט דער מאַסן־עליה האָט מען געבראַכט אין לאַנד אַריין אַ 15—20 טויזנט משפחות, וואָס זייערע ברויטגעבער זענען „עלטער פון דער נאָרמע" און פאַלן אַרונטער אונטער דעם „נומערוס קלאַוזוס" פאַר אַ כזית ברויט. און שוין זעקס יאָר ווי מיר ווערן נישט מיד צו פאָדערן די רעכט פאַר די דאָזיקע דיסקרימינירטע יידן אין זייער אייגענער מדינה. האָט מען, אַנשטאָט אַנצווענדן דעם אַלטן כל דיכפין און עפענען די לשכות העבודה פאַר אַלע אַרבעטער, איבערגעגעבן דעם ענין צו חנה למדן, זי זאָל אויספאָרשן, אויספרווון, זען, זיך אַרומקוקן, ביז זי האָט אויסגעפונען, אַז די פאַבריקאַנטן און סוחרים ווילן נישט. איי, וועט איר פרעגן: פון ווען אָן הערט מען עפּעס וואָס פאַבריקאַנטן און סוחרים ווילן נישט? נו, אַז דער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין וועט אַרויסשטעלן אַן עקאָנאָמישע פאָדערונג צו סוחרים און פאַבריקאַנטן און זיי וועלן נישט וועלן נאָכגעבן, וועט זיך דער פאַראיין ווענדן צו דער רעגירונג, זי זאָל אַרויסגעבן אַ געזעץ, וואָס זאָל די פאַבריקאַנטן און סוחרים בייטן, אָדער דער פאַראיין האָט אייגענע מיטלען? אָבער אין פאַל מיט די אַרבעטער, וואָס זענען עלטער פון 45 יאָר, איז נעבעך די הסתדרות הילפלאָז, שוואַך, חסרת־

אונים, ווי מען זאָגט; זי דאַרף האָבן די הילף אַזש פון אַ געזעץ, אַז אין פאַל פון ווידערשטאַנד זאָלן די לשכות העבודה מיט דער הילף פון פאָליציי, רעגיס־טרירן עלטערע אַרבעטער און זי דאַרף אַ געזעץ, אַז סוחרים און פאַבריקאַנטן זאָלן װעלן נעמען צו דער אַרבעט די, וואָס זענען עלטער פון 45 יאָר. אַ ספּעציעל געזעץ פון דער כנסת דאַרף געבן כוח דער שוואַכער הסתדרות, נעבעך, זי זאָל זיך קענען אַן עצה געבן מיט ענגהאַרציקע לשכות העבודה און מיט די עגאָאיס־טישע פאַבריקאַנטן און סוחרים.

גייען אַרום קלאַנגען אין שטאָט, אַז די קאָמיסיע פון חנה למדן האָט שוין דעם ענין אויסגעפאָרשט פון אַלע זייטן: פון דער הומאַניטאַרער זייט און פון דער ראַדיקאַלער זייט, פון דעם פּראָפעסיאָנעלן שטאַנדפּונקט און פון דעם פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט; און בקרוב וועט זי שוין האָבן פאַרטיק אַ דו״ח, וואָס זי וועט צושטעלן דער אַרבעט־מיניסטאָרשע און דעמאָלט וועט די אַרבעט־מיניסטאָרשע צושטעלן אַ דו״ח דער רעגירונג. און אויב די עלטערע אַרבעטער וועלן ביז דעמאָלט נישט זדו״ח׳ען, וועט אפשר קומען אַמאָל די גאולה פאַרן אַרבעטס־מענטש, וואָס איז באַשטראָפט געוואָרן מיט אַלט ווערן 45 יאָר.

און אַזוי ווי אונדזערע אינסטיטוציעס זענען „הילפלאָז״ מיט די עלטערע אַרבעטער, אַזוי איז נעבעך די רעגירונג „חסרת אונים״ מיט די נאַצי־אונוואַלידן: נעמען ביי די דייטשן די שילומים — האָט מען צו ערשט גענומען און ערשט דערנאָך איז מען געקומען צו דער כנסת, זי זאָל זאָגן „באָם״. אָבער אויף צו געבן די אינוואַלידן, וואָס זיי קומט און וואָס מען האָט פאַר זיי גענומען און וואָס די דייטשן האָבן פאַר זיי געגעבן — דאַרף מען קאָמיסיעס, מיט סוב־קאָמיסיעס, פאָרשונגען און סטאַטיסטיקעס און נאָך דעם וועלן קומען דו״ח׳ן און ערשט דערנאָך וועט מען זען צו באַשליסן וואָס און ווען.

האָב איך מורא, אַז כדי די עלטערע אַרבעטער און די נאַצי־אינוואַלידן זאָלן דאָך זען, אַז די געאָגראַפיע איז אין אָרדענונג און אַז סדום ליגט ביים ים־המלח און נישט אין דער קריה אין ירושלים, האָט מען זיך צוגעאײלט מיט אַ — קרובים־געזעץ. פון איצט אָן, אַז מען האָט דערפונדן אַזאַ מין קרובים־אַפּאַראַט — וועט מען מערטשעם פּטור ווערן פון אַלע צרות. טאָמער וועט קומען אַ 45־יעריי־קער אַרבעטער אין דער לשכת עבודה און פאָדערן אַרבעט — וועט מען אים אויספרעגן אויף קרובים און מען וועט דעם אַרבעטער אַרויפוואַרפן אויפן קרוב: — העלף אים לויטן געזעץ און אויב נישט וועסטו האָבן צו טון מיט דער פּאָליציי. און אַז עס וועט קומען אַ נאַצי־אינוואַליד צו פאָדערן וואָס אים קומט פון די שילומים — וועט מען אים נעמען אויפן צימבל, אַרויסבאַקומען פון אים אַ פעטער, אַ מומען, אַ גלידשוועסטערקינד ביז צום אַכטן ראַנג און מען וועט דעם אינוואַליד אַרויפוואַרפן אויף דעם קרובס פּלייצעס, ווי אַ קאַזאַק אַ בעל רחמנות פלעגט אַרויפוואַרפן אַ ייד אויף אַ וואָגן היי...

און אַזוי ווי יידן צערעדן זיך — דערדעדט מען זיך, אַז מען איז משפחה, וועט די רעגירונג פּטור ווערן פון אַלע צרות און די „פּעקלעך״ אַרויפוואַרפן

אויפן יידישן פאָלק, וואָס איז דאָך טאַקע איין גרויסע משפּחה, וואָס וועט זייד דאַרפן העלפן לויטן סעיף 304, פּיסקה 88 פון א׳ ביז ת׳.

ווי האָט געזאָגט דער גביר, וואָס האָט זיך פאַרשעמט צוליב דער פראַגע מיטן העלפאַנט: „אַ ייד איז אָדער ער נעמט מעות־חיטים, אָדער ער גיט מעות־חיטים. אָבער היות ווי אונדזער רעגירונג איז אַ פּראָפּעסיאָנעלע נעמערין און ביי יידן זאָגט מען, אַז „פון אַ נעמער קען קיין געבער נישט ווערן״, וועט זי אָננעמען אַ געזעץ, אַז אַנדערע זאָלן געבן.

**4טער יוני 1954**

# בטחון

איר זאָלט קיין מאָל נישט פאַרלירן דעם בטחון. בטחון איז מער פון געלט, וואָס טאָמער פאַרלירט מען עס — איז מען אַ פאַרפאַלענער.

יאָ, בטחון איז מער פון געלט, ווייל געלט קען מען דעוואַלואירן, עס קען זיין אַן אינפלאַציע, מען קען עס אייך צונעמען פאַר שטייערן, אָדער מען קען עס אייך אַרויסגנבענען אין אויטאָבוס. אין בעסטן פאַל מוזט איר האָבן אויף דעם אַ קאַסע. דערפאַר אָבער זענט איר מיט בטחון אויסגעזאָרגט: אויב איר האָט בטחון קען עס קיינער נישט דעוואַלואירן. און היינטיקע צייטן קען אויף בטחון נישט זיין קיין אינפלאַציע, ווייל מענטשן האָבן עס זייער ווייניק, ס'איז בכלל אַ יקר־המציאות. פאַר קיין שטייערן וועט עס אייך קיינער נישט צונעמען; קיין מס הכנסה וועט איר פון בטחון נישט באַצאָלן; אין קיין קאַסע דאַרפט איר עס נישט האַלטן. נאָר איין זאַך: איר זאָלט זיך היטן עס נישט צו פאַרלירן!

וועגן בטחון האָב איך שוין געהערט אַ סך סברהס: איך בין איין מאָל אַריינגעקומען צו אַ שוסטער — באַקוקט ער די צעריסענע זוילן און שרייט אַריין אין צווייטן צימער: עטל, איך בין גערעכט — אַלץ אין דער וועלט ווערט צעקראַכן, נאָר נישט דער בטחון. און פון זיין גרויסער פרייד, וואָס מיינע גלעלעכערטע זוילן האָבן אָפּגעראַטעוועט זיין מיינונג וועגן בטחון — האָב איך געטראַכט, וואָס פאַראַ ברכה מען מאַכט אויף צעריסענע זוילן...

אויך וועגן דעם מזל פון בן־גוריונען גייט אַרום אַ בטחון־סברה: יידן זאָגן, אַז ס'איז נישט קיין קונץ צו האָבן אַזאַ דערפאָלג, אויב מען איז נישט בלויז אַ פשוטער בעל־בטחון, נאָר מען איז דער גלאַוונער שר פון בטחון! וואָרום אייגנטלעך, לויט זיין טעמפעראַמענט וואָלט בן־גוריון געדאַרפט הייסן שר־המלחמה ,אָדער, אויב מען וויל — שר־הגנה. און דאַן וואָלטן יידן געהאַלטן פון אים אַ סך ווייניקער, ווי, למשל פון שר־המשפטים, וואָרום יידן האַלטן נישט פון מלחמה, זיי האָבן בתכלית פיינט מלחמה, ס'איז אַ גויאישע מלאכה. משפטים, זעט איר, איז אַן אייגענע זאַך. ווי זאָגט מען עס: אַ ייד איז אָדער ער האָט זיך געמשפּט, ענטוועדער ער משפּט זיך, אָדער ער וועט זיך משפּטן. אָבער אַז אַ ייד גיט זיך אַ נאָמען „שר פון בטחון" — האַלט מען פון אים.

מבינים זאָגן אפילו, אַז בן־גוריון וועט יעדן אייגעם צולאָזן צו ווערן וועלכער שר ער וויל נאָר — ער איז אפילו גרייט צו שפּאַלטן אַ שר אויף צווייען און צולאָזן סגנים, אָבער דעם בטחון וועט ער האַלטן בלויז פאַר זיך.

מען דערציילט אפילו, אַז נאָך די גרויסע שוועריקייטן איינצוקאַסירן שטייערן, זאָל לוי אשכול האָבן באַזוכט בן־גוריונען און אים פאָרגעלייגט, ער זאָל אים אויסלייען אויף אַ פאָר חדשים דעם בטחון; ווער דו אויף אַ שטיקל צייט דער שר פון אוצר און לאָז מיך ווערן דער שר פון בטחון, וועלן יידן ווייטער געבן...

זאָל בן־גוריון האָבן אויף דעם געענטפערט, אַז אויף אַזעלכע ריזיקאַלישע עקספּערימענטן איז ער נישט גרייט, נאָר ער קען אים העלפן מיט אַ כוזית פון בטחון — ער זאָל דעם נייעם שטייער אַ נאָמען געבן „יהב המגן"...

ביי אַזאַ וויכטיקייט פון בטחון האָט ער, דער בטחון, היינטיקע וואָך זיך מיר געגעבן אַ וואַקל, אַז איך האָב געמיינט: איך פאַרליר אים, חלילה. אַ קלייניקייט עפּעס אַזעלכע געשעענישן? אָט גייט ער נישט אַוועק און אָט גייט ער יאָ אַוועק. כ׳מיין טאַקע שרת. אויב מען קען פאַרלירן אַזאַ טייערן פּאָסטן מיט אַ וותק פון 23 יאָר — איז דאָך עק וועלט! איז ווער קען דען זיין זיכער מיט זיין שטיקל פּאָסטן אָן אַזאַ וותק? מען זאָגט אפילו, אַז טאָמער וואָלט בן־גוריון נישט געהאַט קיין פּראָטעקציע ביי דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות און ביי דער אַרבעט־מיניסטאַרשע — וואָלט ער אַזוי לייכט נישט געקענט קינדיקן שרתן, נאָר אַז מען האָט בטחון און צום בטחון אַזעלכע „פּלייצעס" איז מען אויפן פערד.

אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. איך בין אויסן דאָס, וואָס אין דער סאַמע לעצטער מינוט האָבן זיך אויסגעלייטערט די הימלען און מיין בטחון איז גע־בליבן פעסט, ווארום די גאולה איז געקומען — אין סאַמע קריזיס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע פּאַרטיי אין ישראל! און נישט עפּעס סתם אַ פּאַרטיי, נאָר אַ פּאַרטיי מיט באַקציינער, אַ פּאַרטיי, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט געוואַרט אויף איר גאַנצע צוויי טויזנט יאָר — אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי...

איז איצט, ווען די גאולה איז שוין פאַרזיכערט און דער בטחון איז געראַטעוועט — לאָמיר זיך רואיק אָוועקזעצן און באַטראַכטן: צו וואָס דאַרפן מיר אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע פּאַרטיי? פון ווען אָן דאַרפן עס יידן אַ פּאַרטיי, כדי צו גלייבן אין רבונו־של־עולם און אין תורת־משה און אין תרי"ג מצוות? פון ווען אָן דאַרף אַ ייד געהערן צו אַ פּאַרטיי, אויב ער וויל דאַווענען אין רבינו תמס תפילין? וואָס איז? בטחון אין בורא־עולם איז נישט גענוג, נאָר מען דאַרף אַ פּאַרטיי זאָל אים צוהעלפן, הע? פון ווען אָן נעמען עס איבער פרומע יידן אַ חלק פון דעם בורא־עולמס קאָמפּעטענצן?

עפּעס, זאָג איך, שטימט דאָ נישט. צוויי טויזנט יאָר זענען מיר געווען אין גלות, געלעבט צווישן געצנדינער און צווישן דעם קעמפנדיקן קאַטאָליציזם, און דאָך איז די אמונה ביי יידן געווען אַזוי שטאַרק — שטאַרקער ווי דער ייד גופא. און אויף דעם יידישן בטחון האָט מען געקענט בויען עולמות. פּאַרטיי־שמיי, אַז אַ ייד האָט זיך געגעבן אַ וויקל־איין אין טלית און אויפגעהויבן די אויגן

צום הימל — האָט ער דעם הימל געבראַכט צו דער ערד. און מידות־טובות ביי יידן, און צדקה און רחמנות — האָט איר געפונען אויף שריט און טריט.

ווען איך וואָלט דעמאָלט אַ ייד אַ מאמין געזאָגט, אַז פאַר זיין דת דאַרף ער האָבן אַ פּאַרטיי — וואָלט ער אייך אויסגעזידלט און געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך: וואָס הייסט עפּעס? צי איז דען נישט גענוג פאַר מיר די „פּאַרטיי", וואָס עס האָט פאַרלייגט אברהם אבינו? אָבער דאָ, אין ארץ־ישראל, טאַקע אין דעם הייליקן לאַנד, ווו עס איז פאַרשניטן געוואָרן דער בונד צווישן רבונו־של־עולם און אברהם אבינו, ווו עס איז אויפגעקומען די „פּאַרטיי", וואָס הייסט עם ישראל — גראַד דאָ נעמען יידן און פאַרלייגן אַ רעליגיעזע פּאַרטיי.

און נישט נאָר אַ רעליגיעזע פּאַרטיי, נאָר אַ רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע. איז ערשטנס, טאָר מען גאָרנישט ביי יידן אַזוי מבזה זיין אַ צווייטן ייד. וואָרום טאָמער וועל איך זיך נישט פאַרשרייבן אין דער דאָזיקער פּאַרטיי — וועט עס הייסן, אַז די רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּאַרטיי צווייפלט אין מיין אמונה און אין דעם, אַז איך בין אַ נאַציאָנאַלער ייד. איז ווי קענען עס און ווי מעגן עס פרומע יידן צווייפלען אין אַזעלכע צוויי יסודות פון אַן אַנדער ייד? ווער האָט זיי געגעבן רשות אויף אַזאַ אפיקורסות? וואָס איז, צווישן די מיטגלידער פון מפא"י, פּראָגרעסיווע, ציונים כלליים, אָדער „חרות" זענען דען נישט פאַראַן קיין רעלי־גיעזע און נאַציאָנאַלע יידן?

אמת, ביי אונדז איז אַ מאָדע אויף מאַנאָפּאָלן, אָבער מאַכן אַ מאָנאָפּאָל פאַר רעליגיעזיטעט און נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין — ווי קען מען און ווי מעג מען דאָס?

און איך האָב שטאַרק מורא, אַז דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן אַ חלול־השם. ווייל ביי אונדז איז דאָך אַ פּאַרטיי נישט אַ כיתה חסידים, נישט אַן אַנהאַלטן זיך ביי אַ רבינס דרכים, אידעאָלאָגיע בלע"ז, נאָר ביי אונדז זענען דאָך פּאַר־טייען — עקאָנאָמישע טראָסטן, זייער גרויסע און קאָמפּליצירטע געשעפטן מיט מגביתן, מיט שילומים און אינטערעסן, וואָס ענינים פון יידישקייט, אָפּראַטעווען יידישע קינדער פון שמד און נאָך אַזעלכע זאַכן, ליגן זיי אפילו נישט אין דער לינקער פאה. איז אויב מען גייט און מען גרינדעט אַ רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע פּאַרטיי — קען מען האָבן אַ חשד, אַז אָט די צוויי יסודות גייען ווערן (ס'הייסט, זיי זענען אויך ביז איצט געוועזן ביי אונדז) אַ סחורה עובר לסוחר.

האָב איך בטחון, אַז יידן וועלן זיך אַרומזען, אַז די גאולה איז נאָך נישט געקומען, זי דאַרף ערשט קומען און ווי תמיד דאַרף מען האָבן אַ שטיקל חשד טאָמער ווערט די סיטואַציע אויסגענוצט דורך פאַלשע משיחים, וואָס קומען דרייען אַ ספּאָדיק.

אָבער אַזוי ווי איך האָב בטחון, בין איך זיכער, אַז יידן וועלן זיך נישט לאָזן נעמען אויף זיכער...

22טער יוני 1956

## לײמענע טעפּ אויף װירטשאַפטלעכע בײכער

די װעלט זאָגט: דער רופא איז נישט מספּיד דעם נפטר. מאַכט רש"י: טאָמער יאָ — װאָלט דער רופא אַלײן געװאָרן אַ נפטר (פון הונגער). װאָרום װי איר װײסט, גײען דאָך נישט קײן געזונטע צו אַ דאָקטאָר. איז װאָס מסוכנערע חולאים — צו אַלץ גרעסערע דאָקטױרים ציען זײ. איז אַזױ װי אַ גוטער דאָקטאָר האָט אַ סך פּאַציענטן — האָט ער אױך אַ סך געפערלעך קראַנקע, במילא זאָל אַזױ נישט טרעפן װי עס טרעפט — שטאַרבן עטלעכע פּאַציענטן אַ יאָר. ערשט שטעלט זיך פאָר, װאָס פאַרא פּנים עס װאָלט געהאַט אַ באַרימטער גוטער דאָקטאָר, װען ער זאָל מספּיד זײן זײנע פּאַציענטן, װאָס זענען געשטאָרבן נישט צוליב זײן שולד, נאָר צוליב דער מסוכנער קראַנקײט. װען מען זעט נאָר אַזאַ דאָקטאָר אַ צען־צװעלף מאָל אין יאָר װי ער מאַכט הספּדים, װאָלט מען געזאָגט, אַז נישט אַ רופא איז ער, נאָר פון חברה־קדישא. און איך גאַראַנטיר אײך, אַז נאָך אײן סעריע אַזעלכע הספּדים, װאָלט דער דאָקטאָר געדאַרפט שליסן זײן קאַבינעט און גײן אויף אַלבי גאַס שפּילן אויף אַ פידעלע...

פאַרקערט, אַ גוטער דאָקטאָר איז אויך גוט דערמיט, װאָס ער האָט שטענדיק אַזאַ מינע, אַז בײ אים שטאַרבט מען נישט. װען ער גיט אַ קלאַפּ־אויס אַ פּלײיצע, האָט מען דאָס געפיל, אַז ער האָט שױן צוגענומען אַ האַלבע קראַנקײט. דערנאָך גיט ער אײך אַ פאַרשרײב אַן אַקװאַ דעסטילאַטי — לאָזט איר װידער אַראָפּ אַ שטיק קראַנקײט. פאַרשרײבט ער אײך נאָך אַ ביסל נאַטרום ביקאַרבאָניקום און איר פילט — איר זענט אויף אַ דרך; און װען איר לאָזט צום סוף איבער אויפן דאָקטאָרס טיש אַ צענערל — גײט איר אַרויס פון אים אַ זיכערער אויף אַ רפואה שלימה...

אַזאַ איז די נאַטור פון אַ גוטן דאָקטאָר און אַזאַ איז די נאַטור פון אַ גוטן פּאַציענט, װאָרום די מערהײט קראַנקײטן װערן געהײלט נישט אַזױ מיט װאַסערלעך און פּילן, װי מיט דעם גלויבן פון דעם קראַנקן, אַז די װאַסערלעך און פּילן זענען פּלאי־פּלאים און מיט דעם צוטרוי צום דאָקטאָר, אַז ער קען אַננעמען די קראַנקײט בײם קאַרק און אַראָפּװאַרפן פון אַלע טרעפּ...

װי איז אָבער דער דין, אַז דער דאָקטאָר נעמט בײ אײך צו דעם צוטרוי סײ צו אים און סײ צו אײך גופא? װי איז דער דין, אַז דער דאָקטאָר איז מספּיד דעם חולה, בעת דער חולה גאַרט צו לעבן? און װי איז דער דין, אַז דער רופא האַלט אין אײן איבערצײגן דעם פּאַציענט, אַז זײן געזונט װעט קומען פון דעם, װאָס ער, דער פּאַציענט, װעט אים, דעם דאָקטאָר, געבן

װאָס מער, און ער, דער דאָקטאָר, װעט אים, דעם פּאַציענט, געבן װאָס װײניקער?

אַז אונדזער װירטשאַפט איז אַ חולה מסוכן, װאָס דאַרף האָבן אַ רפואה שלימה — דאָס װײסט איר. אַז די דאָקטוירים פון אונדזער װירטשאַפט זענען נישט אַזױ אײ־אײ־אײ — דאָס װײסט איר אױך. נישט מער — עס איז די מעשה מיט יונגע דאָקטוירים. נישט זײערע זײדעס, און נישט זײערע טאַטעס זענען געװוען דאָקטוירים און נאָך אַזעלכע תירוצים װי ס'איז בײ אונדז דער שטײגער. האָט מען בײ אונדז געהאָפט אַז נאָך אַ יאָר, נאָך פינף יאָר, נאָך זיבן יאָר װעלן די יונגע דאָקטוירים זיך אויסלערנען, באַקומען דערפאַרונג און — װערן דאָקטוירים. דערװײל האָט מען אונדזער חולה מסוכנע װירטשאַפט אויפגע־האַלטן מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן־פּילן, מיט שטערלינג־װאַסערלעך, מיט פּעזוס־זאַלבן, מיט ד"ר יוספס „צנע"־מאַסאַזשן, פון װעלכע עס האָט אַרױס־געזעצט די זיבעטע שװײס, מיט לוי אשכולס געהאַקטע שטײער־באַנקעס, מיט „פּילנאַשטש" פון די דײטשע שילומים, אַזױ לאַנג און אַזױ ברײט, ביז אונדזער „יונגער דאָקטאָר" לוי אשכול איז אָנשטאָט קומען און דערקלערן, אַז ער קען שױן און װײסט שױן די חכמת־הרפואה און אַז ער האָט שױן דאָס ריכטיקע װאַסערל פאַרן חולה־מסוכן — איז ער געקומען און דערקלערט, אַז... דער חולה איז פאַרבײ, מען דאַרף גײן אײנרײסן קברים. נײן, נאָך ערגער, זײן רעדע אויף דער קאָנפערענץ פון דער קאָאַליציע־לײטונג האָט געקלונגען װי אַ הספּד איבער אַ בר־מינן.

אָט דאָס איז עס? אָט אַזױ זעען מיר אױס נאָך אַלע באַמבאַסטישע דעקלאַראַציעס װעגן דעם, אַז די אױסלענדישע אינװעסטיציעס װאַקסן װי שװאָמען נאָך אַ רעגן און אַז אונדזער עקספּאָרט אַנטװיקלט זיך װי אַ געשטאָפּטע גאַנדז? אָט אַזױ זעט עס אױס נאָך דעם װי מען האָט אונדז געהאָט פאַר־זיכערט, אַז מיט די דײטשע שילומים װעלן מיר װירטשאַפטלעך געשטעלט װערן אויף די פיס?

פאַרװאָס זשע דער איצטיקער הספּד? נאָך אַרײנבראַקן הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן אין דער אַנטװיקלונג — עקספּאָרטירט מען נישט? נאָך דער גאַנצער אַנטװיקלונג, אינדוסטריאַליזאַציע און פּריװן־עבודהזאַציע — האָבן מיר נישט װאָס צו פאַרקויפן? נאָך די אַלע גליקן פון די דעקלאַרירטע דאָלאַר־רעזערװן אין דער מלוכה־באַנק — װערט דער פונט ביליקער פון טאָג צו טאָג? און נאָך אַכט יאָר אַנטװיקלען די װירטשאַפט — שטײט אַ גולם, װאָס װאַרט, אַז עמעצער זאָל זיך איבער אים מרחם זײן און אים אַרײנלײגן דעם „שם המפורש" אין דער קני?

װי קומט איצט ה' לוי אשכול, נאָך אַלע זײנע אָפּטימיסטישע און פּאַטע־טישע רעדעס — צו שילדערן אַזאַ אױפטרײסלענדיק שװאַרץ בילד, אַז די אונטערנעמונגען פון דער רעגירונג זענען נישט רענטאַביל, אַז צװישן דעם

קלײנעם עקספּאָרט און דעם װאַסער־קאָפּ־גרױסן אימפּאָרט ליגט אַ תהום? אַז די אַרבעט־פּראָדוקטיװיטעט איז נאָך מער געפאַלן?

עס קומט איצט אויס, װי ה׳ אשכול װאָלט צוזאַמענגענומען אַלע פּעסי־מיסטישע רעדעס פון דער אָפּאָזיציע און אַלע אירע אַרגומענטן, און געזאָגט: איר זעט, די אָפּאָזיציע איז געװען גערעכט.

נישט מער, װען די אָפּאָזיציע זאָגט עפּעס, איז עס שװאַרצזעעריי און װען ה׳ לוי אשכול זאָגט עס, איז עס קאָנסטרוקטיװ.

און איך זאָג, אַז אַ דאָקטאָר טאָר נישט מאַכן קיין הספדים.

ערשטנס, זאָגט מען בײ יידן, „אַז מען קען נישט שמעקן קיין פּולװער גייט מען נישט אויף מלחמה״. בפרט נאָך, אַז דאָס גיין אויף מלחמה איז נישט תמיד אָפּהענגיק פון דעם פּולװער־שמעקער, בעת קײנעם נייט מען נישט מיט כוח פון געזעץ און זשאַנדאַרמעריע צו װערן פינאַנץ־דאָקטאָר.

צװייטנס, דערמאָנט מיר די מעשה אשכול אַ געשיכטע, װאָס אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, האָב איך זי אַמאָל געלייענט בײ שאָלאָכאָװן: אַ פּויער, װאָס האָט באַקומען שטאַרקע בויכװייטיקן, האָט אָנשטאָט צו גיין צו אַ רופא, אָדער אַליין נעמען אַן אָפּפיר־מיטל — באַשלאָסן צו שטעלן אויפן בויך באַנקעס. איז אויב עס זענען גוט אַ סך קלײנע באַנקעס, איז אוודאי נאָך בעסער צו שטעלן אַ גרױסע באַנקע. האָט דער פּויער גענומען אַ גרױסן לײמענעם טאָפּ, מיט אַ פלאַם אויסגעברענט די לופט אין טאָפּ און — כלאַפּ! — אַרויפ־געזעצט דעם טאָפּ אויפן בויך. דער לופט־לײדיקער טאָפּ האָט װי אַ באַנקע אָנגעכאַפּט דעם בויך און אים אַזוי „אַרײנגעזויגן״, אַז דער פּויער האָט קראַפּירט פון װייטיק און כדי אַראָפּצונעמען דעם טאָפּ פון בויך האָט מען אים דעם טאָפּ, געמוזט צעהאַקן אויף שטיקער...

אָט אַזאַ מין שטײגער זנאַכאַרסקן צוגאַנג האָט ה׳ אשכול אויך צו אונדזער װירטשאַפט. צו װאָס דאַרף מען זיך שפּילן אין די אַלע מעדיצינישע „קונצן״, װי: פלאַנמעסיקע טעראַפּיע, טאַקע מיט װאַסערלעך, און טאַקע מיט פּסיכאָ־לאָגישן באַװירקן און מיט קרעפטיקן דעם קראַנקנס אָרגאַניזם — אויב מען קען היילן „ראַדיקאַל״: אַרויפשטעלן אויפן בויך פונעם פּאַציענט אַן ערדענעם טאָפּ אויפן שטייגער פון יענעם פּויער: פּאַראַליזירן דעם קרעדיט אין דער װירטשאַפט, אַז די װירטשאַפט זאָל דאַרפן לעבן אויף װוכער־קרעדיטן; אַרויפ־לײגן שטײערן, װאָס זאָלן אַזוי ראַדיקאַל אויסזאַמפּן דאָס געלט, אַז די װירטשאַפט זאָל דאַרפן לעבן אויף טשעקן אויסגעשטעלט אויפן 21־טן יאָר־הונדערט; געבן די אַרבעטער אַזעלכע הוספות, אַז באַלד אויך צו מאָרגנס זאָלן זײ אפילו נישט קענען קויפן דאָס, װאָס זײ האָבן יאָ געקענט קויפן ערב באַקומען די הוספות; אַרײנפירן אין לאַנד אַרײן מיט די שילומים־סחורות אַזאַ הפקר־לוקסוס אַז דעם בירגער זאָל אָפּנעמען דער חשק אָפּצושפּאָרן אויף דער „שװאַרצער שעה״.

איז קלאָר, װי די זון אין תמוז, אַז נאָך אַזעלכע „ערדענע טעפּ״ אויף

די בײכער — און קעשענעס — פֿון די בירגער, בלײַבט נישט עפּעס אַנדערש, װי צעבראָכענע טעפּ. און אַז מען ברעכט טעפּ אױף מענטשלעכע בײכער — כאַפּן אױך די בײכער קלעפּ.

די װירטשאַפֿט איז נישט עפּעס אַנדערש װי אַ לעבנס־פֿונקציע פֿון דער געזעלשאַפֿט. און איר קענט נישט שטעלן ערדענע טעפּ אױף דעם געזעל־שאַפֿטלעכן בױך, אַז די לעבנס־פֿונקציע זאָל פֿון דעם נישט כאַפּן אַ קלאַפּ. און אױב ה׳ אשכול האָט געגלײבט אַנדערש, האָט ער נאָך אַמאָל באַװיזן, אַז נישט בלױז זענען זײַן זײדע און זײַן טאַטע נישט געװען קײן פֿינאַנץ־מיניסטאָרן, נאָר אַז דעם אײניקל און זון פֿעלט נאָך אױך אַ סך צו דעם. אין יעדן פֿאַל האָט ער געװיזן, אַז ער איז אַ פֿיל בעסערער אָפּאָזיציאָנעלער רעדנער, װי װירטשאַפֿט־בױער.

29טער יוני 1956

# איינרעדעניש איז ערגער פון אַ קרענק

איר האָט אַמאָל געהערט די מעשה מיט דעם שטאָט־משוגענעם? לעולם איז דער שטאָט־משוגענער געווען אַ מיושבדיקער מענטש, אפילו אַ באַלעבאַ־טישער יונגערמאַן. נאָר אַזוי ווי די שטאָט האָט נישט געהאַט קיין משוגענעם און אַ שטאָט קען נישט זיין אָן אַ משוגענעם, האָט מען זיך סתם צוגעטשעפּעט צו דעם באַלעבאַטישן יונגנמאַן און אים אַזוי לאַנג גערופן שטאָט־משוגענער, ביז ער האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז ער איז טאַקע משוגע — און געוואָרן דער שטאָט־משוגענער אויף אָן אמת.

מיט כוח קען מען יעדן איינעם מער אָדער ווייניקער איינרעדן, אַז ער איז דאָס, וואָס דער איינרעדער וויל דער איינגערעדטער זאָל זיין. אַ ווייב פּאַרלייגט זיך אַמאָל אויף איר מאַן און רעדט אים איין, אַז ער איז אַ שלימזל, אַזוי לאַנג ביז דער מאַן „איבערצייגט זיך", אַז ער איז טאַקע אַ שלימזל, אַ טויגעניכטס, וואָס קען קיין קאָץ דעם וויידל נישט פאַרבינדן. אַמאָל געשעט, אַז קלוגע זעצן אַרויף אויפן טראָן דעם לעצטן טיפּש, כדי זיי זאָלן קענען „דרייען" מיט אים. אָבער אַזוי ווי אַ רעגירער דאַרף דאָך זיין קלוג — רעדט מען אים איין, דעם טיפּש, אַז ער איז קלוג און מען חנפעט אים אַזוי לנאַג, אַז ער איז אַ חכם, ביז ער הייבט אָן גלייבן, אַז ער איז טאַקע קלוג און דעמאָלט הייבט ער אָן צו ברענגען צרות אויף זיינע בירגער.

וועגן איינעם אַ מיניסטער אין אַ געוויסן לאַנד דערציילט מען, אַז אין זיין פּאַרטיי האָט מען געלאַכט פון אים צוליב דעם וואָס ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ „ליידיקער פּושקע". און וואָס דאָס הייסט קומען אויף דער וועלט מיט אַ „ליידיקער פּושקע" ווייסט איר דאָך. דערציילט אַ לעגענדע, אַז ווען אַ ניי באַשעפעניש דאַרף אַראָפּגעלאָזט ווערן אויף דער וועלט — גיט מיט דער רבונו־של־עולם אים אַ צידה לדרך, אַ מתנה. אַזוי גיט ער מיט דעם וואָלף — שאַרפע ציין, דעם בער — פעסטע נעגל, דעם לייב — כוח, דעם אָדלער — אַ שאַרפע ראיה. דעם מענטש גיט ער מיט בדרך־כלל מוח — שכל. אָבער עס געשעט אויך, אַז אַנשטאָט שכל וואַרפט ער צו דעם מענטש די ציין פון אַ וואָלף, אָדער ער גיט אים אַ פיינע פּאַרציע חוצפּה, אָדער ער שענקט אים אַ „פּיסק אויף שרייפלעך", צי גאָר אַנדערע מכשירים, אַנשטאָט אַ מוח. איז מיט דעם אויבנדערמאָנטן מיניסטער געשען אַזוי, אַז איידער ער איז אַראָפּ אויף דער וועלט, האָט ער אויף צידה לדרך באַקומען אַ שטיקל פּוטער אויף די עלנבויגנס, אָבער דערפאַר — נישט קיין טראָפּן שכל. איז אַזוי ווי ער האָט געהאַט פּוטער אויף די עלנבויגנס — איז ער

געוואָרן אַ מנהיג, אַ לידער, אַ פירער פון אַ פּאַרטיי. אָבער ווי באַלד ער האָט קיין טראָפּן שכל נישט געהאַט, האָבן אים די פּאַרטיי־לייט גערופן „מיניס־טערשער קאָפּ". האָט ער אַזוי לאַנג געהערט ווי מען זאָגט וועגן אים, אַז ער האָט אַ מיניסטערשן קאָפּ, ביז ער האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז ער איז טאַקע געבוירן צו זיין מיניסטער און — ער איז עס געוואָרן...

הכלל, איר קענט איינרעדן אַ פרוי, אַז זי איז שוואַנגער און — זי וועט גלייבן.

פאַרוואָס האָב איך דערציילט וועגן די איינרעדענישן? איך האָב עס דערציילט, ווייל די אַנטיסעמיטן, ימח שמם, האָבן אַזוי לאַנג אונדז איינגערעדט, אַז מיר, יידן, האָבן איבער אַלץ ליב געלט — ביז אַ טייל האָבן אָנגעהויבן גלייבן, אַז עס איז טאַקע אַזוי און דער ענין פון געלט איז געוואָרן ביי זיי דער עיקר פון אַלע עיקרים.

ווען ביי יידן זאָל געלט טאַקע זיין דער עיקר, וואָלטן זיי אין זייער געשיכטע אויסגעמיטן אַזוי פיל צרות און אַזוי פיל ימים בלוט און זיי וואָלטן זיך און אַנדערע נישט פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט עטיק, מאָראַל, צדק, מיט גאָט און זיין תורה. זיי וואָלטן, ווי אַנדערע פעלקער, געהאַנדלט מיט געטער, זיך פאַרקויפט, געשאַכערט־מאַכערט, געגרוצחנט און געגאַזלעוואַיעט און געמאַכט דעם אַנשטעל פון באַפרייער, ווי עס איז דער שטייגער אין אונדזער געצנדינערישער וועלט.

איז אפילו אַזאַ שרייבער ווי דאָסטאָיעווסקי געקומען און געזאָגט, אַז נאָך אַלע מלחמות און רעוואָלוציעס וועלן בלייבן די יידן מיט זייער געלט. און דאָסטאָיעווסקי האָט בלויז פרעציזירט דאָס, וואָס אַלע דורות אַנטיסעמיטן האָבן אונדז איינגערעדט, ביז אַ טייל יידן האָבן זיך געלאָזט איינרעדן, אַז ביי אונדז איז דער עיקר — געלט.

איך זאָג דאָס אַנטקעגן דעם, וואָס אונדזערע מגבית־פירער אין אמעריקע גיבן אָפּט דעם איינדרוק, אַז פאַר זיי איז דער עיקר געלט און געלט און בלויז געלט. נישט אַז דאָס געלט איז נייטיק, כדי עס זאָל זיין אַן עליה, נאָר מען דאַרף אַן עליה, כדי צו קענען זאַמלען געלט; אַז די מאַראָקאַנער טראַגעדיע באַשטייט נישט אין דעם, וואָס מען וועט נישט אַרויסלאָזן קיין יידן, נאָר אין דעם, אַז מיטן עליה־פאַרבאָט האָט מען פאַרלוירן אַזאַ טייער מיטל צו מאַכן געלט! און עס באַקומט זיך אָפּט דער איינדרוק, אַז מדינת־ישראל איז נישט געשאַפן געוואָרן, כדי צו זיין אַ מקלט פאַר געיאָגטע און געפּלאָגטע, נאָר כדי צו קענען שאַפן געלט. און די מגבית־טוער קוקן זיך פשוט אויס די אויגן, עס זאָל זיין „פריילעך"; וואָרום אַז ס'איז „פריילעך", עס טוט זיך עפּעס, וועט מען קענען מאַכן מער געלט. און אַז ס'איז נאָרמאַל, שטיל, מען שלאָגט נישט קיין יידן — איז נישט גוט פאַר די „געלט־יידן".

קומט אַ שבח אונדזער פּרעמיער־מיניסטער דוד בן־גוריון, וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט צורעדן פון די אַמעריקאַנער מגבית־לייט צו פאָרן איצט קיין אַמעריקע אויף זייער אַנגאַזשמענט, הגם ד"ר יוסף שווארץ האָלט,

אַז „בן־גוריון איז איצט ווערט צען מיליאָן דאָלאַר" און העברי מאַנטאַר שאַצט אָפּ, אַז דער זעלבער בן־גוריון איז איצט „ווערט פופצן מיליאָן דאָלאַר". פאַר זיי, פאַר די געלט־מומחים, עקסיסטירט בלויז איין זאַך — געלט, געלט און נאָך אַמאָל געלט. נישטאָ קיין פּרעסטיזש, קיין שטאָלץ, קיין כבוד, נאָר דער אָפּגאָט — דער עגל הדאָלאַר. און אַלץ וואָס איז גוט פאַרן עגל הדאָלאַר איז כשר.

צו אונדזער אַלעמענס וויי, איז דאָס געיעג נאָך דעם עגל הדאָלאַר געווען אויך דער גורם, וואָס האָט אונדז געבראַכט צו דער סולחה מיט דייטשלאַנד. און — אל תפתח פה לשטן — זאָל אַמאָל נישט קומען עמעצער מיט אַ פּלאַן צו פאַרן צום פּויפּסט, ער זאָל אונדז אָפּקויפן. וואָרום אַז געלט איז דער עיקר — פאַרוואָס טאַקע נישט נעמען געלט ביים פּויפּסט?

עס ווערט דערציילט אַן אַנעקדאָט, אַז איינער פון די אַמעריקאַנער יידישע מיליאָנערן האָט געזאָגט צו די מגבית־טוער: צו וואָס דאַרפט איר נעמען געלט ביי אונדז, אַז די ישראל־יידן זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן — אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן מען זאָל די אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן פון ישראל ברענגען קיין אַמעריקע? דאָס וואָלט געקאָסט ביליקער. אויף דעם זאָלן האָבן געענטפערט די מגבית־טוער: אמת, דאָ וואָלט געקאָסט ביליקער, אָבער דעמאָלט וועלן מיר דאָך פאַרלירן די פּראָצענטער פון די געלט־זאַמלונגען.

מיין איך, אַז אויב די מגבית־טוער זענען שוין געקומען צו דער מסקנה, אַז „בן־גוריון איז איצט ווערט צען מיליאָן דאָלאַר", אָדער פופצן מיליאָן דאָלאַר פאַרן מגבית — איז נישטאָ קיין סיבה פאַרוואָס יעדער ייד אין ישראל זאָל נישט זיין ווערט כאָטש אַ פּאָר טויזנט דאָלאַר. וואָלטן אפשר די מגבית־לייט אויסגעשריבן די אַנדערטהאַלבן מיליאָן יידן פון ישראל צוזאַמען מיט דעם בעטלער, וואָס ווייזט זיין הילצערנעם פוס אויף אַלנבי גאַס אין תל־אביב — און אַ סוף זאָל עס נעמען.

ערשטנס, וואָלט עס געווען די גרעסטע געלט־זאַמלונג זינט צוויי טויזנט יאָר. צווייטנס, וואָלט מען מיט איין מאָל אַרויסגענומען דאָס גאַנצע ביסל טאָלערס ביי די אַמעריקאַנער יידן, און אַז זיי וואָלטן מער נישט געהאַט קיין טאָלערס וואָלטן זיי עולה געווען קיין ישראל. דריטנס, וואָלט יעדער איינער געבראַכט מיט זיך צוריק קיין ישראל אַ „מיקסטער", צי אַן אַנדער כלי און באַצאָלט מכס, פון וואָס די מדינה־הכנסות וואָלטן נאָך מער געשטיגן. און פערטנס, וואָלטן מיר צום לעצטן מאָל געוויזן, אַז געלט איז ביי אונדז דער עיקר — און אַנדערע זאַכן איז בלאָטע.

אָבער אַזוי ווי בן־גוריון האָט זיך אָפּגעזאָגט צו „זיין ווערט" צען, אָדער פופצן מיליאָן דאָלאַר און דערמיט געוויזן, אַז ער האָט באמת אַ געפיל פאַר עקסיסטענץ — וואָלט מען געדאַרפט אויפמערקזאַם מאַכן די מגבית־טוער אין אַמעריקע, אַז מיט דעם, וואָס די אַנטיסעמיטן האָבן אונדז איינגערעדט, אַז ביי יידן איז געלט דער עיקר — האָבן זיך אַנגעשטעקט בלויז אַ קליינער טייל יידן, וואָרום די מערהייט האָט דעם עגל הזהב צעבראָכן נאָך אין משה רבינוס צייטן,

# והיה באחרית הימים

איך ווייס נישט ווי איר, נאָר וואָס שייך מיר, האָב איך זייער נישט ליב קיין שטופּעניש און דרענגעניש אין אויטאָבוס. זאָגן אַז איך האָב נישט ליב אַזאַ מין ענגשאַפט, איז זייער מילד; וואָרום אין דער אמתן ציטער איך אימת מוות — און אפילו ווען עס הערשן די גרויסע היצן, באַקום איך פון דעם דרענגעניש קאַלטע גרייפּלעך אויף דער הויט. ערשטנס, קען מען אייך אַרויפּ־שטופּן אויפן שאָפער און ער קען חלילה פאַרלירן די שליטה איבערן רעדל און אַראָפּפירן דעם אויטאָבוס אין ראָוו אַריין. צווייטנס, האַקט מען אייך אָפּ די זייטן און מען גיט אייך אַזאַ קוועטש אויף די הינער־אויגן, אַז עס פליען אייך אַזש פונקען פאר די אויגן. און דריטנס, ציט מען אייך אַרויס די פּאָר פונט פון טאַש, אַז איר קומט אַרויס פון אויטאָבוס ווי פון אַ מרחץ — נקי.

ווי איר זעט, האָב איך אַ גענוגנדיקן גרונד פיינט צו האָבן אַ קינסטלעכע, אָדער אפילו אַ נאַטירלעכע דרענגעניש אין אויטאָבוס. און איך בין זיכער, אַז אויך איר האָט פיינט אַזאַ מין „אָפּעראַציע”, ווייל ווי אַזוי די מעשה זאָל זיך נישט ענדיקן — ענדיקט זי זיך נישט גוט.

צוליב די זעלבע סיבות האָב איך פיינט פּאָליטישע געדרענגענישן און שטופּענישן. ווייל פונקט ווי אין פאַל מיטן אויטאָבוס, גייט מען אַרויס פון אַזאַ פּאָליטיש געדרענגעניש מיט אָפּגעהאַקטע זייטן, אין בעסטן פאַל, אָדער מיט אַ מלחמה, אין ערגסטן פאַל.

אין די זכרונות פון אַ געוועזענעם קלוגן פּאָליטיקער האָב איך אַמאָל געלייענט, אַז פון הונדערטער פּאָליטיקער קען מען אויסגעפינען קוים איינעם מיט גלייכגעוויכט, וואָס די תאווה צו פאַבריצירן געשיכטע און די אַמביציע צו פאַרמיידן מלחמה וועגן־זיך גלייך אויף גלייך.

אין דער מערהייט פאַלן האָבן פּאָליטיקער ליב עס זאָל זיך קאָכן, עס זאָל זיך עפּעס טון, מען זאָל חלילה נישט פאַרגעסן ווי זיי הייסן און אַז זיי און נישט קיין אַנדערע שטייען ביי דער מאַכט. וועל איך זאָגן ווי מיין מומע ביילע פלעגט זאָגן: אויף צו מאַכן אַ רושם מיט אַ גוטן קוכן, דאַרף מען קענען האָבן מיט וואָס, אָבער אויף מאַכן סתם אַ רושם אויף די שכנים, איז גענוג צו וואַרפן דעם מאַן אַ טעלער אין קאָפּ אַריין.

איז נעמט און וועגט אַליין אָפּ, ווי שווער עס איז צו זיין אַ הערשער פון פרידן און ווי לייכט, זייער לייכט, עס איז צו זיין אַ הערשער פון מלחמה.

צו הערשן, אַז אַ פאָלק זאָל לעבן אין פרידן און אין שלווה, דאַרפט איר

ווירקלעך זיין אַ ייד אַ חכם, וואָס זאָל קענען עקאָנאָמיע און גוט פאַרשטיין, אַז אַ פאָלק האָט אין דער אמתן פיינט צו זיין העלדיש. אַ פאָלק וויל לעבן, רואיק, אַרבעטן, בויען, ליב האָבן, זיך משמח זיין און האָבן אַן עונג שבת. וואָרום העלדישקייט איז אַ לייבלעכע שוועסטער פון טויט־סכנה און פּחדנות. ווען איר וואָלט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו אונטערזוכן די מערהייט העלדן אין אַ מלחמה אין דעם מאָמענט פון העלדישקייט — וואָלט איך פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט. איך האָב אַמאָל געהערט דווקא פון דעם מויל פון אַן אָפיציר, אַז ווען אַ סאָלדאַט גייט צום פאַראַד פון באַקומען אַ מעדאַל פאַר העלדישקייט, מוז ער טוישן די הויזן... און מיט אַ פאָלק איז נישט בעסער. די אומגליקלעכסטע פעלקער זענען די העלדישע פעלקער: מען שעכט זיי — און זיי פאַרטיידיקן העלדיש זייער קיום. יידן זענען אַ העלדיש פאָלק: אין זייער גאַנצער געשיכטע פאַגראָמירט מען זיי אַנגראַ און מען קוילעט זיי אין דעטאַל — און דאָך ווי העלדיש זיי גייען אַרויס די זיגער!... מיר זענען כסדר די זיגער — אָך און ווי צו אונדז. דוד האָט באַזיגט גליתן, ירושלים האָט באַזיגט רוים און מדינת ישראל האָט באַזיגט זעקס אַראַבישע מדינות — העלדישקייטן פון העכסטן גראַד און... מען פאַגראָמירט אונדז לאחדים.

העלדיש זענען אויך די אַרמענער. אויך זייער דאָליע איז פינצטער און ביטער, און זיי פאַרטיידיקן העלדיש זייער קיום. און קוקט זיך צו צו דעם „נישט העלדישן" און אַזוי גליקלעכן פאָלק ווי דאָס שווייצאַרישע, צי דאָ דענישע פאָלק.

פאַקטיש האָבן זיי גאָר ניין איילן אין דער אדמה די גאַנצע העלדישקייט. פאַרקערט, זיי מאַכן די גרעסטע אָנשטרענגונגען זיך אַרויסצודרייען פון העלדיש־קייט. זיי ווען אייך ליבערשט פאַרקויפן הונדערט טאָן פוטער, איידער צו באַקומען הונדערט מעדאַלן פאַר העלדישקייט. זיי וועלן אייך ליבערשט פאַרקויפן האַרמאַטן, אַז איר זאָלט דורך זיי ווערן העלדן — איידער זיי אַליין זאָלן שיסן און ווערן העלדן. אויך דאָס טשעכישע פאָלק האָט אַמאָל, אין מאַסאַריקס צייטן, געפּרוווט מוותר זיין אויף העלדישקייט לטובת שלווה און רו און די העלדישקייט איבערגעגעבן צו דעם בראַוון סאָלדאַט שווייק.

איך זאָג דאָס אַלץ אַנטקעגן דעם, וואָס מיר געפעלט נישט דאָס פּאָליטישע שטופעניש און דרענגעניש פון די לעצטע וואָכן. עפּעס שמעקט עס אין דער לופטן מיט העלדן־אינדוסטריע. אמת, רוסלאַנד האָט שטאַרק צוגעהאָלפן, אַז ביי די אַראַבער זאָל זיך הייבן די העלדן־טעמפּעראַטור. דאָס טשעכישע געווער האָט פאַר זיי געדינט ווי אַ מין אַפּעראַטיוו צו שאַרפן דעם אַפּעטיט צו ווערן העלדן. וואָלט עמעצער געדאַרפט די אַראַבער אויפמערקזאַם מאַכן, אַז עס האָט זיי שוין אַמאָל אין דער געשיכטע „געשטאָכן דער האָבער", ווי מען זאָגט ביי יידן. האָבן זיי פאַר דעם דאָזיקן „שטעכיקן האָבער" געכאַפּט אַזעלכע קלעפּ, אַז פון דעם העכסטן קולטור־שטאַפּל אין יענער צייט און פון דער העכסטער פּאָליטישער מאַכט זענען זיי אַריינגעפאַלן צוריק אין די מדבר־זאַמדן ביז איבער די אויערן.

אָבער אויך ביי אונדז זענען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ווען זיי זאָלן זיין אַזוי פֿעאיק צו בויען רענטאַבילע פֿאַבריקן און צו אָרגאַניזירן דעם עקספּאָרט, ווי זיי זענען פֿעאיק צו פֿאַבריצירן העלדן — וואָלטן מיר נישט געשטאַנען פֿאַר אַזאַ ביטערן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן מצב.

און ווייל דאָס פּאָליטישע שטופּעניש איז געוואָרן שטאַרקער אין די וואָכן פֿון דעם פֿאַרשטאַרקטן עקאָנאָמישן קריזיס — בין איך געוואָרן אַ ביסל אומרואיק בנוגע דעם צו וואָס דאָס דרענגעניש קען חלילה דערפֿירן. ווייל פּונקט ווי אין אַן אויטאָבוס, זענען דאָ פֿאַראַן דריי געפֿאַרן: מען זאָל אייך אויסליידיקן די קעשענעס, מען זאָל אייך אָפּרייבן די זייטן, אָדער — דער שאָפֿער זאָל פֿאַרלירן די שליטה אויפֿן רעדל...

איז ווי איך בין געזעסן ביים ראַדיאָ און אויסגעהערט דעם מעטש אויפֿן מאָסקווער ספּאָרט־פּלאַץ צווישן דער מאַנשאַפֿט פֿון ישׂראל און דער מאַנשאַפֿט פֿון רוסלאַנד — האָב איך געהאַט אַ באמת עסטעטישן גענוס: זע, רוסלאַנד איז אַ לאַנד פֿון צוויי הונדערט מיליאָן מענטשן און ישׂראל — פֿון קאַרגע צוויי מיליאָן מענטשן. און דאָך קענען די צוויי פֿעלקער אַזוי שיין קעמפֿן צווישן זיך. ווייל נישט דער פֿיזישער כּוח פֿון דער גרעסערער צאָל דאַרף באַשטימען, און נישט צעשטער־מאַשינען און סילאָנען דאַרפֿן באַשטימען, נאָר דער אָפּקלייב פֿון צוויי מאַנשאַפֿטן פּנים־אל־פּנים דאַרפֿן באַשטימען; די סינכראָניזאַציע פֿון מוח און מוסקול, פֿון ווילן און אָנשטרענג — אַ מין אינטעלעקטועלער וויכּוח אויסגעדריקט אין פֿיזישער דעצידירטקייט.

איז צו וואָס דאַרף מען די משוגענע פּראָדוקציע פֿון מיליאָנען־באָמבערס, אַטאָם־געווער, האַרמאַטן, טאַנקען, דעם שגעון־געיעג פֿון פֿעלקער, וואָס ברעכן זיך אונטער דער לאַסט פֿון נויט און אָרעמקייט, ווייל זייער גאַנצער פּראָצע גייט אַריין אין דעם שטאָל פֿאַר די קומענדיקע העלדן — אויב פֿעלקער, גרויסע ווי קליינע, קענען אַזוי שיין זיך פֿאַרמעסטן אויף ספּאָרט־פֿעלדער? צו וואָס דאַרף מען האַלטן אין די קאַזאַרמעס מיליאָנען יוגנטלעכע מענער, וואָס אַנשטאָט זיך לערנען אין די אוניווערסיטעטן און לייכטער מאַכן דאָס מענטשלעכע לעבן דורך אַרבעט און פּראָדוקטיוויקייט — צעטרענצלען זיי זייער ענערגיע און בייטן אויס זייערע טעג אויף גאָרנישט.

וואָלט דען נישט געווען בעסער פֿון צווישן אָט די יונגע מענטשן אויס־קלייבן די פֿלינקסטע, די אַמביציעזסטע, די שטאַרקסטע און שאַפֿן פֿון זיי אַ ספּאָרט־מאַנשאַפֿט אין אַזאַ פֿאָרם, אַז די מאַנשאַפֿט פֿון אַ קליינער מדינה זאָל זיך ווירקלעך קענען פֿאַרמעסטן קעגן דער מאַנשאַפֿט פֿון אַ גרויסער מדינה, אַז נישט 5 : 0 זאָל דאַרפֿן זיין אַ כּבֿוד, נאָר אַז די שאַנסן זאָלן קענען זיין גלייכע...

און דעמאָלט, זאָג איך, וואָלט מען פּטור געוואָרן פֿון די כּל־מיני פּאָליטישע געדרענגענישן, און מען וואָלט אויפֿגעהערט פּראָדוצירן העלדן, און דער וויכטיק־

סטער אַמט אין דער מדינה וואָלט געווען נישט דער פון קריגס־מיניסטער, נאָר אַ מיניסטער־אַמט פון דער צוקונפט — ספּאָרט־מיניסטער.

אָבער אויך ביז צום דאָזיקן אחרית הימים טאָרן מיר נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט; און מיט אַלע חשדים דאַרפן מיר גוט אָבסערווירן דאָס פּאָלי־טישע געדרענגעניש, אַז אונדזער אויטאָבוס זאָל זיך חלילה נישט אַריינדרייען אין אַ ראָוו, אָדער מען זאָל אונדז נישט אַרויסשלעפּן פון די טאַשן די לעצטע גראָצערס...

13טער יולי 1956

## פֿאַרזיכטיק מיט האָרמאָנעז

הימל און ערד און האָרמאָנען. ווו איר קומט און ווו איר שטייט הערט איר רעדן וועגן האָרמאָנען. עס גייען אַרום שטאַרקע קלאַנגען, אַז די קאַלטע מלחמה — אונדזער אייגענע און די לייטישע — איז געכאַפּט אויף האָרמאָנען, פֿאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז אונדזער גאַנצע ווירטשאַפֿט ליידט פֿון האָר־מאָנען — נישט געדאַכט זאָל עס ווערן. און אַז עס קומט צו רעדן וועגן האָרמאָנען ווערן מענער אומרואיק און פֿרויען — באַרעדעוודיק. און די ניין מאָס רייד נעמט זיך אויך פֿון דער שרעק פֿאַר די האָרמאָנען רחמנא ליצלן.

מיט איין וואָרט: די אַטאָם־באָמבע און האָרמאָנען זענען איצט די צוויי געשפּענסטער, וואָס לאָזן נישט שלאָפֿן ביינאַכט. נאָר אויב פֿאַר דער אַטאָם־באָמבע האָט מען מורא אויף קרעדיט, ס׳הייסט, וואָס וועט זיין אויב זי וועט געוואָרפֿן ווערן אין דער צוקונפֿט, איז דער פּחד פֿאַר די האָרמאָנען שוין איצט אַ געשפּענסט אינעם פֿרידזשידער און אינעם טעפּל.

ס׳דערציילט מיר אַ פֿרוי, אַז טאָמער ליגט ביי איר אין פֿרידזשידער אַ הון — פֿילט זי זיך אַזוי ווי אין שטוב וואָלט געלעגן אַ באָמבע, וואָס קען אַ ליאַדע רגע אויפֿרייסן און צעשטערן דעם שלום־בית־משותּף. וואָרום ווער ווייסט וואָס פֿאַראַ געפֿערלעכע האָרמאָנען עס געפֿינען זיך אין אָט דער כלומרשט אומ־שולדיקער הון? און ווער ווייסט, וואָס פֿאַראַ צרות דאָס שטיקל עוף „באַהאַלט אין דער בוזעם־קעשענע”? אָבער נאָך ערגער איז ווען די הון געפֿינט זיך שוין אין טעפּל, ווען זי קאָכט זיך און פֿאַרשפּרייט אין שטוב דעם ריח פֿון אַ גוט יאיכל... דאָ הייבט זיך אָן די אמתע געפֿאַר פֿון די האָרמאָנען. דער ריח פֿונעם יאיכל לאָקט, די איינגעקאָכטע פֿולקע — רייצט, און דער ביילק — רופֿט יצר־הרעדיק; אָבער ווער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ פֿינצטערניש דער דאָזיקער האָרמאָנען־יצר־הרע גרייט דאָ צו דורך דעם רייצן און לאָקן.

און אַלץ נעמט זיך פֿון דער איילעניש, פֿון דעם הו־האַ, וואָס מענטשן האָבן פֿאַרלוירן דאָס געדולד און דערמיט — דעם טעם פֿון לעבן.

אַמאָליקע צייטן פֿלעגט זיך אַ זיווג אויסוואַרעמען און אויסזיווגן: צום ערשטן מאָל איז מען „אַרויסגעגאַנגען”, מען האָט זיך אויסגעזיפּצט צו דער לבנה, אויסגעגרינט זיך אין גראָז און אויסגעשמעקט אין די וואַלד־ריחות, אויס־געשוווירן אַלע שבועות און אויסגעבענקט אַלע בענקענישן. איז אַ האַנט אין אַ האַנט געווען אַ פֿלאַם און אַ ליפּ אויף אַ ליפּ איז געווען אַ שריפֿה, וואָס האָט געקאָנט פֿלאַקערן אַ גאַנץ לעבן.

און היינט?

היינט באַקענט זיך אַ בחור מיט אַ מיידל, פאַרבעט ער זי אויף „וואָגי־וואָגי" אויפן דאַך פון אַ קאַפע־הויז, וווּ עס וואָגי־וואָגען זיך הונדערט פּאָרלעך און אויף צו מאָרגנס איז אַך און ווי צו די וואָגיס, פון וועלכע עס דאַרפן אַרויס זי־וואָגים.

און, להבדיל, פּונקט ווי מיט מענטשן אַזוי אויך מיט הינער: אַמאָליקע צייטן פלעגט זיך אַ הון אויסקוואָקן; און אַז מען האָט זי געזעצט אויף אייער האָט זי אויסגעבריט אירע הינדעלעך מיט אַלע אירע וואָרעמקייטן, און די הינדעלעך האָבן געטשוויטשערט אונטער דער וואָרעמער זון; צווישן גרינעם גראָז געקליבן ווערעמלעך, וואָרצעלעך, קרייטעכצער און פון יעדן הינדעלע איז אויסגעוואָקסן אַ הון, אַז דער שוחט האָט פון איר געקוואָלן און דאָס טעפּל האָט זיך געפרייט און דער מאָגן האָט אויך געקוואָלן...

און היינט?

היינט לייגט מען אַריין אייער אין אינקובאַטאָר און איידער וואָס־ווען וואָרפט מען שוין אַרונטער די קינסטלעכע שוועלבעלעך אונטער אַן אונטער־געהייצטן אויוון, מען פאַשעט זיי מיט סינטעטישן קדחת און... אַז דער הינער־האָדעווער האָט נישט קיין געדולד צו וואַרטן, נאָר וויל במשך פון איין יאָר נתעשר ווערן — לייגט ער אַרונטער די שוועלבעלעך אונטער די לעפּעלעך האָרמאָן־פּאַסטילן, אַז איבער נאַכט זאָל פון אַ „ציפּליאָנאָק" ווערן אַ העלפאַנט.

איז דער אמת, אַז דער הינער־האָדעווער ווערט טאַקע רייך, די הון איילט זיך אין טעפּל אַריין, אָבער... די האָרמאָנען! רבונו־של־עולם, נאָך וויפיל וואָס דער מענטש ליידט זיך אַז אין זיין לעבן צוליב זיינע אייגענע האָרמאָנען, דאַרף ער נאָך האָבן אַ צוגאָב הינערשע האָרמאָנען? באַהיט זאָל מען ווערן: טאָמער כאַפּט מען אַריין אַ הינדל מיט אַ נאָך נישט צעגאַנגענעם האָרמאָנען־פּאַסטיל אונטערן לעפּעלע — איז פאָלג מיך אַ גאַנג! ווער האָט עס כוח אויף די עלטערע יאָרן צו ווערן חצי זכר און חצי נקבה? געוויינטלעך, אַז ער איז באַזונדער און זי איז באַזונדער, קענען זיי — ווען זיי ווילן — זיך נישט זען אַ פּאָר טעג, זיי קענען פאָרן באַזונדער אויף פעריען און אַזוי ווייטער. מיט איין וואָרט: זיי זענען צוויי. אָבער זיין אי זי און אי ער און מוזן זיין כסדר צוזאַמען, אויף אַ רגע נישט קענען זיין אַליין — גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ האָרמאָנען־שטראָף האָסטו אַראָפּגעשיקט אויף דער אויסגעמאַטערטער מענטשהייט!

אָבער איך האָב שטאַרק מורא, אַז די האָרמאָנען־מגפה האָט זיך גע־וואָרפן נישט נאָר אויף די פּשוטע פאָלקע־און בייליק־עסערס, נאָר איז באַפאַלן גאַנצע מלוכות מיט זייער פּאָליטיק מיט הכל־בכל־פּלעקל.

אַנדערש איז שווער צו פאַרשטיין די פּאָליטיק פון, למשל, אַזאַ מדינה ווי רוסלאַנד. פריער האָב איך געוווּסט, אַז רוסלאַנד איז פון אַ באַשטימטן געשלעכט, וואָס אַפּעלירט נאָר צו אַ געוויסן טיפּ מאָראַלישע מאַזאָכיסטן און גייסטיקע שקלאַפן. איצט האָבן די סאָוויעטישע פירער איינגעשלונגען אַ פּאָרציע

האַרמאָנעס און... זיי פלירטעווען מיט אַלע געשלעכטער. אָט זענען זיי נקבות און זיי פלירטעווען מיט דעם פּאַן־איסלאַמיזם; און באַלד אויף צו מאַרגנס זענען זיי זכרים, גיבן אַ ווונק מען זאָל זיי אַוועקנעמען פון פאַר די אויגן משה שרת און — זיי חנדלען זיך צו גאָלדע מאירסון. ערשט מיט צוויי יאָר צוריק זענען זיי געווען סטאַליניסטן און היינט בין איך זיכער, אַז בלויז צוליב דעם פּאָליטישן האַרמאָן פלירטעווען זיי מיט אַבדול נאַצער און חנדלען זיך גלייכצייטיק צו גאָלדע מאירסון, בעת אין דער אמתן זענען זיי קאָמונאָסעקסואַליסטן, וואָס באַגערן נישט ווייניקער ווי די גאַנצע וועלט.

דעריבער, זאָג איך, דאַרף מען זיין פּאַרזיכטיק מיטן פּראָגרעס. טאָמער וועלן מיר וועלן אויפעסן דעם גאַנצן פּראָגרעס, וועט דער פּראָגרעס אונדז אויפעסן. האַרמאָנעס אין דער לאַבאָראַטאָריע, האַרמאָנעס אין דער טעראַפּיע — שאַפּאַ באַ, מיטן גרעסטן כבוד. אָבער האַרמאָנעס אין טעפּל, האַרמאָנעס וואָס זאָלן פון מיר מאַכן אַן ער און אַ זי גלייכצייטיק — מוחל טובות! וואָס צופיל איז אומגעזונט. אַז איך וויל נישט איינרייסן די וועלט — קענט איר דאָך צו מיר נישט האָבן קיין טענות. און איר קענט צו מיר נישט האָבן קיין טענות, אויב איך וויל זיין אַ שטיקל ראָמאַנטיקער, ווארום אַן אַ ביסל ראָמאַנטיזם — איז דאָס לעבן געגליכן צו אַ הונגעריקן אין אַ חמסיניקן טאָג אין אַ שמוציקן רעסטאָראַן — ער איז הונגעריק, נאָר די ריחות פאַרשלאָגן אים דעם אַפּעטיט. עסט ער איבער כוח און פאַרדאַרבט זיך דעם מאָגן. אויב עסן אַ פּולקע — זאָל איך די פּולקע נישט דאַרפן פריער איבערגעבן אין אַ לאַבאָראַטאָריע אויסצופאָרשן, צי זי האָט האַרמאָנעס און צי זי גייט מיר נישט „באַרייכערן" מיט נאָך אַ געשלעכט.

און אַזוי אויך מיט אַלע אַנדערע „האַרמאָנעס". פּונקט ווי מען גייט צו חשדימדיק צו די וווגי־זיווגים, אַזוי דאַרף מען אויך זיין פּאַרזיכטיק מיט די האַרמאָנעס אין דער פּאָליטיק. האַרמאָנעס, ווי געזאָגט, זענען פאַר זיך אַליין אַ שעפערישער ענין, נאָר עס ווענדט זיך ווו דער „חמור" שטייט... אַ פלירט מיט רוסלאַנד איז, ווי יעדער פלירט, נישט קיין שלעכטע זאַך, נאָר צי דאַרף דאָס זיין אַ וווגי־זיווג ווו אויף צו מאָרגנס „דרייט ער איבער דעם דאַשעק", אָדער אַן אויפריכטיקער צוגאַנג צו לייזן דאָס שווערע רעטעניש פון די ישראל־אַראַבישע באַציאונגען?!

טאַ לאָמיר זיין פּאַרזיכטיק מיט האַרמאָנעס, וואָס נישט תמיד מיינען זיי אונדזער טובה...

20סטער יולי 1956

מען האט מיר אמאל פארגעווארפן, אז דערמיט, וואס איך ברענג אין די שבתדיקע שמועסן כעלעמער מעשיות ווי משלים צו אקטועלע ענינים אין ישראל — ווירקט די סאטירע צו בייסיק. עס קומט אויס, אז דער חוזק שטייט אויף דער גרענעץ פון גלות און גאולה און לאכט פון די פאטיאמקינישע דערפער אין דער גאולה אנטקעגן די אויסגעדמיונטע אנעקדאטן־טורעמס אין כעלעם. איז אויף דעם פאראן צו ענטפערן, אז געאגראפישע ענדערונג ענדערט נישט אויטאמאטיש די פאלקס־פסיכיק. די פיזישע גאולה פון א פאלק דארף אפשר האבן פונקט אזא לאנגע צייט פאר פסיכישער גאולה, ווי לאנג עס האט געדויערט די אויספארמירונג פון דער פאלקס־פסיכיק אין גלות.

דאס טראגישע פון מנחם מענדלען באשטייט נישט אין דעם וואס ער איז חלילה א נעגאטיווער, צעשטערערישער טיפ. פארקערט, מנחם מענדל איז דער פראטאטיפ פון יידישער איניציאטיוו און שעפערישקייט. בלויז די פאליטישע און עקאנאמישע באגרענעצונגען האבן במשך פון טויזנטער יארן אין גלות אויסגעקרימט מנחם מענדלס באגער צו מעשים. אזוי איז אויך כעלעם דער אנעקדאטאלער אויסדרוק פון דער אוממעגלעכקייט צו רעאליזירן שעפערישע אידייען.

אבער דא, אין מדינת ישראל, האבן מנחם מענדל און כעלעם אריינבאקומען אין זייערע הענט פראקטיש אומבאגרענעצטע מיטלען פון מגביתן, שילומים, טעכנישע הילף און אזוי ווייטער. איז קלאר, אז דאס בילד ווערט דערמיט טראגיש, ווייל אנשטאט אנעקדאטן האבן מיר צרות־צרורות, און דער פראצעס פון בויען ווערט באגלייט פון כעלמיאניזם, און מנחם־מענדליזם אין דער ווירקלעכקייט.

אדרבה, פאלגט נאך די רעדעס און פאלעמיקעס פון אונדזערע מנהיגים, וועט איר באמערקן, אז איינער ווארפט־אויף דעם צווייטן, אז ער האט „גלות־קאמפלעקסן", ער דענקט ווי א „גלות־ייד". און דער, וואס ווארפט־אויף דעם צווייטן אט די דאזיקע „גרויל־אייגנשאפטן" איז איבערצייגט, אז ער אליין איז פריי פון די אייגנשאפטן. אבער דערפאר הערט ער, אדער לייענט דאס זעלבע וועגן זיך.

און דער אמת איז, אז אנהייבנדיק פון די העכסטע שפיצן אין אונדזער געזעלשאפט, פון דער „צווייטער עליה" ביז צום נייעם עולה, וואס איז נעכטן אראפ פון דער שיף, איינשליסלעך די סאברעס, וואס זענען כלומרשט פריי

פון „גלות־קאָמפּלעקסן”, האָבן מיר אַלע די זעלבע „גלות־קאָמפּלעקסן”, און דענקען ווי „גלות־יידן”, ווייל וואָס מיר זענען — זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר. און אַזוי לאַנג ווי מיר וועלן זיין יידן וועלן מיר זיין שעפעריש און האָבן איניציאַטיוו. נישט מער: מען דאַרף זיך קענען קאָנטראָלירן און געדענקען דעם געפערלעכן שטנע”ז פון כעלעמער אַנעקדאָטיאַדע און מגביתישע געלט־מעגלעכקייטן...

און כדי מיין לאַנגע פאָררעדע זאָל נישט סתם הענגען אין דער לופטן, וועל איך אייך דערציילן וועגן דער באַרימטער כעלעמער שריפה:

ווייסט איר דאָך אוודאי, אַז אין איינעם אַ זומערטאָג איז אין כעלעם אויסגעבראָכן אַ שריפה, ווי געוויינטלעך. האָט מען אָנגעהויבן קלינגען אין גלאָק און דער שמש איז געלאָפן איבער דער שטאָט: יידן, איר זענט דאָך גרויסע בריהס, טאָ לעשט די שריפה, וואָרום חלילה... האָט מען צונויפגערופן די שבעים חכמים זקנים און זיי האָבן זיך געזעצט טראַכטן וואָס צו טון, כדי צו לעשן די שריפה. האָט דער גבאי אַ קלאַפּ געטון אין טיש און אויסגערופן: יידן, איך האָב! היות די שריפה איז געוואַלדיק און וואַסער וועט דאָ נישט העלפן, טאָ זאָלן יידן באַוואַרפן די שריפה מיט די היטלען, וועלן די היטלען צודעקן די פלאַמען און די שריפה וועט פאַרלאָשן ווערן...

זענען יידן, קליין און גרויס, געלאָפן און געוואָרפן אויף די פלאַמען היטלען מיט הויכע דענקעס און היטלען מיט נידעריקע דענקעס, שטויימלעך, ספּאָדיקעס, יאַרמולקעס און, להבדיל, קאַפּעלושן, קאַשקעטן, ליציפּעטן, קאַל־פּאַקעס וכדומה.

האָט דאָס פייער איינגעשלונגען ביזן לעצטן קאַפּ־צודעק און יידן זענען אַוועק צום גבאי: וואָס טוט מען? עס ברענט! ענטפערט דער גבאי: וואָס זענט איר זיך מיאש? די היטלען האָבן טאַקע געהאָלפן, נאָר עס איז ווייניק. כדי צו פאַרלעשן אַזאַ שריפה דאַרף מען די פלאַמען צודעקן אויך מיט כאַלאַטלעך. זענען יידן געלאָפן און אָנגעהויבן וואַרפן אויף די פלאַמען כאַלאַטלעך — צייגענע און קאָרטענע, גבירישע און אביונישע, קאַפּאָטעס — געהאַקטע און זיידענע און דרייפערטלדיקע, יוסטע־גרויסמאַניכישע און צויטנדיק־חסידישע; בעקעשעס, שפּענצערס, אַרבל־וועסטלעך, וואַטעוועקעס, און, להבדיל, גבירישע שאַפּנפּעלצן און — די שריפה פלאַקערט.

שרייען יידן: גבאי, וואָס טוט מען? ענטפערט דער גבאי: איר זעט דאָך, אַז עס העלפט, נאָר מען דאַרף וואַרפן נאָך, וואַרפט פערענעס!

האָבן יידן געוואָרפן איבערפערענעס און אונטערפערענעס, קישנס, יאַ־שיקלעך, זייטנקישנס, פּיסקישנס, קאָלדרעס, דעקעס, שטרויזעק, אַזוי לאַנג, ביז יידן זענען געבליבן אין איין העמד און דאָס שטעטל איז אַוועק מיט די פלאַמען.

קומען זיך ווידער צונויף די שבעים חכמים זקנים און זיי אָכצן און קרעכצן און באַשליסן, אַז נישט אַנדערש, נאָר מען זאָל עמעצן אַוועקשיקן קיין

לובלין, ער זאָל בלי נדר זיך אויסלערנען די חכמה פון לעשן שריפות.

האָט מען אַוועקגעשיקט דעם שענסטן פון די באַלעבאַטים, וואָס האָט נאָכן אָפּלערנען אַ זמן אין לובלין, צוריקגעקערט זיך קיין כעלעם און ער האָט געלאָזט וויסן קהל בזה הלשון:

— רבותי, איך קען שוין די חכמה פון לעשן שריפות, נאָר פון וואַנען זאָל מען נעמען נאָך הייזער אין כעלעם, זיי זאָלן ברענען?...

אָט די מעשה כעלעם דערמאָנט מיך גאָר שטאַרק אונדזער אייגענעם סדום, וואָס ווען די מעשה זאָל זיין בלויז אַ מעשה וואָלט איך איר אַ נאָמען געגעבן כעלעם, נאָר ווייל די שריפה האָט טאַקע געברענט — איז עס סדום אין סדום.

אַז דער אַלטער גוטער נאָוואָמייסקי, וואָס האָט געגרינדעט די פּאָטאַש-אונטערנעמונג ביים ים המלח איז אַנומלט אַרויסגעפאָרן קיין אַמעריקע זוכן בעלנים זיי זאָלן אינוועסטירן אין דער פּאָטאַש-געזעלשאַפט, האָט מען אים גאַנץ יידישלעך „אונטערגעשטעלט אַ פּיסל" און ער איז צוריקגעקומען מיטן בייטשל. באשר אַזאַ אוצר, ווי עס איז דער ים המלח, דאַרף געהערן דער מדינה און נישט צו פּריוואַטע אונטערנעמער. און באמת אַ גערעכטע טענה: דער רבונו-של-עולם האָט געגעבן דאָס לאַנד צום יידישן פאָלק און נישט צו פּריוואַטער איניציאַטיוו. אלא וואָס דען? אַזוי ווי מיר האָבן געפירט אַ באַפרייאונגס-מלחמה און די פּאָטאַש-אונטערנעמונג האָט נישט געאַרבעט — האָט מען זי געדאַרפט ברענגען אין אָרדענונג און איבערגעבן אין פאַכמענישע הענט און זאָל דער ילך הולכן מיט הצלחה און ברכה. האָט זיך בראש פון דער פּאָטאַש-אונטערנעמונג אַוועקגעשטעלט דער „מומחה פיר אַלעס", דער מאַן מיט אַ געזאַלצענער דערפאַרונג נאָך פון דער צנע-שריפה — ה׳ דב יוסף — און ס׳האָבן אָנגעהויבן ברענען... מיליאָנען. מען האָט געבראַכט נייע מאַשינען, וואָס האָבן נישט געפּאַסט צו די אַלטע און אַרויסגעטריבן די אַלטע מומחים כדי אַריינצו-נעמען נייע השתלמותניקעס. און ה׳ דב יוסף האָט, אויפן שטייגער פון דעם כעלעמער גבאי, אויסגערופן: כי טוב! עס ברענען טאַקע מיליאָנען, אָבער די שריפה ווערט געלאָשן מיט נייע מאַשינען, וואָס איינע אַרויס און די צווייטע אַריין. איי, קיין פּאָטאַש ווערט נישט פּראָדוצירט — איז דאָס בלאָטע. דער עיקר: לעשן די שריפה און זען וואָס ס׳וועט זיין ווייטער. האָבן נייע רערן געפּלאַצט און נייע מאַשינען האָבן זיך פאַרהאַקט און נייע מיליאָנען האָבן גע-ברענט. האָט דב יוסף ווייטער אויסגערופן: כי טוב! נאָך אַ ביסל — און מיר וועלן האָבן אַ פולע שיסל. דער עיקר: איינלעשן די שריפה, אַז די מאַשינען זאָלן קלאַפּן, די זאַלצן זאָלן לויפן און מיר וועלן האָבן וואָס צו פאַרקויפן.

אויף נאָוואָמייסקיס געזוכטע זיבן מיליאָן האָט שוין אונדזער גבאי אַריינ-געבראַכט צען, פופצן, צוואַנציק מיליאָן פונט; און וואָס מער ער „לעשט" די שריפה, אַלץ העלישער ברענט זי. איז ווידער כי טוב און אָבער כי טוב. די אַנטוויקלונג גייט, וואַקסט, פליט, בלאָזט, די שריפה אַנטוויקלט זיך צו דער

פולער הנאה פון אונדזערע שונאים, וואָרום לאַ־די וואָס אין סדום זענען שוין פאַרברענט געוואָרן דרייסיק מיליאָן פונט, זעט מען נישט פאַר די אויגן קיין זעקל פּאָטאַש און קיין גראָשן הכנסה. אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז סדום האָט אָפּגעברענט און דער גבאי מיט זיינע כּעלעמער „לעש־פּאַטענטן" האָט אַראָפּ־געררוקט דאָס היטל איבער די אויגן און זיך אָפּגעטראָגן פון זיין „פריידיקער אַנטוויקלונג".

ערשט איצט האָט זיך קהל אַרומגעזען דאָס גרויסע אומגליק. כעלעם האָט אָפּגעברענט ביז צו די פונדאַמענטן און די שבעים חכמים זקנים האָבן באַ־שלאָסן, אַז בעזרת השם מוז זיך עמעצער אויסלערנען לעשן אַ שריפה...

מילא די הילף וואָס דער נייער אַנטוויקלונגס־מיניסטער בנטוב און דער נייער דירעקטאָר פון דער פּאָטאַש־געזעלשאַפט רב־אלוף מקלף האָבן געקאָנט געבן — איז צו זען, אַז די שריפה זאָל זיך נישט צוריק באַנייען, וואָרום ווי אַ געוועזענער שעף פון גענעראַל־שטאַב, ווייסט מרדכי מקלף, אַז אין סדום זענען נישט נאָר פאַרברענט געוואָרן „סתם" דרייסיק מיליאָן פונט, נאָר מיט די פאַר־ברענטע מיליאָנען זענען אַוועק מיטן פייער די מעגלעכקייטן צו קויפן פאַר דעם געלט סילאָנען, טאַנקן, האַרמאַטן און — ברויט פאַר די אַרבעטסלאָזע.

האָט איר אוודאי געלייענט אין די „לעצטע נייעס", אַז מרדכי מקלף איז אָפּגעפלויגן קיין אַמעריקע, כּדי צו מאָביליזירן מומחים, וואָס קענען זיך אויס אויף דער פּאָטאַש־פּראָדוקציע און אַליין אויך לערנען די פּראָצעסן פון פּאָטאַש־פּראָדוקציע...

דערמאָנט אייך נישט די מעשה אין יענעם כעלעמער ייד, וואָס איז גע־פאָרן קיין לובלין זיך לערנען לעשן אַ שריפה, נאָך דעם ווי דאָס שטעטל איז אַוועק מיטן רויך?

3טער אויגוסט 1956

## דער כעלעמער פעלדשער ווי אַ פּראָפעסאָר

כעלעם, זאָגט מען, איז אַ מין בריטישער מוזיי פאַר יידישן פאָלקלאָר. פאַר אַ ווערטל און אַ וויץ, פאַר אַ קיבעץ און אַ מעשה שהיה. און כעלעם שטייט דערמיט „העכער״ פונעם בריטישן מוזיי, ווייל דאָרט איז פאַראַן קאַטאַלאָגן, גריבלער, וויסנשאַפטלער און — גרויסע זאַלן, בעת דאָ אין כעלעם, זענען די „עקספּאָנאַטן״ איינגעזאַמלט אין יידישע הערצער און מען דאַרף זיי נישט היטן, זיי היטן זיך אַליין און ווערן קאָנסערווירט פון יידישער ליבשאַפט.

איז אין די רייכע מאַטעריאַלן פון אונדזער אייגענעם „בריטישן מוזיי״ ווערט דערציילט טאַקע אַ „מעשה שהיה״ וועגן דעם, ווי אַזוי כעלעם האָט זיך פאַרנומען אַליין אויסצובילדן אייגענע דאָקטוירים:

אַזוי ווי די מאָדע צו לערנען זיך פאַר דאָקטוירים האָט זיך אַריינגעריסן קיין כעלעם מיטן גאַנצן כוח און יידן האָבן געדאַרפט פאַרזעצן דאָס לעצטע קישן אויף צו לאָזן זייערע קינדער אויסשטודירן — האָט מען צוזאַמענגערופן די קליגסטע פון דער שטאָט אויף צו געפינען אַן עצה, וואָרום באו המים עד וויס־איך־וואָס, מען ווערט בדיל־הדל, די אוניווערסיטעטן אין דער פרעמד פרעסן אויף.

זענען די חכמים געזעסן און געטראַכט, און געטראַכט אַזוי לאַנג ביז זיי זענען געקומען צו דער מסקנה, אַז ס׳וועט קאָסטן פיל ביליקער, אויב כעלעם וועט אויסבויען אַן אייגענעם אוניווערסיטעט, אַז די קינדער זאָלן נישט דאַרפן פאָרן אין דער פרעמד.

האָט מען געצויגן קניפּלעך און — אין אַ מזלדיקער שעה! מען האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל; ס׳הייסט, מען זאָל יאָ בויען אַן אייגענעם אוניווער־סיטעט און אַ סוף אַן עק.

האָט מען גערופן דעם פעלדשער, וואָס האָט זיך אויף חכמת המעדיצינע אויסגעקענט ווי אַ וואַסער, ער זאָל זיך אַוועקשטעלן קנעלן מיט די כעלעמער בחורים מעדיצין.

האָט זיך דער פעלדשער אַוועקגעשטעלט און געזאָגט: יאָ! נאָר אויב שוין יאָ אַן אייגענעם אוניווערסיטעט אין כעלעם, דאַרף מען פון אים אַרויסוואַרפן אַלע נאַרישקייטן פון די אוניווערסיטעטן און זיך לערנען די „העכערע״ מעדיצין; וואָרום וואָס שייך אַ קאַנע, באַנקעס, פּיאַווקעס — דאַרף מען נישט קיין נייע דאָקטוירים. ער, דער פעלדשער, קען די מלאכה אויסגעצייכנט און ער קלייבט זיך צו לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר — וועט ער במילא גענוג

זיין אויף צו מאַכן קאַנעס און האַקן באַנקעס אַלע כעלעמער יידן נאָך צענדלינגער יאָרן. האָבן מיר איינס אַוועק.

צווייטנס, היות ווי מיר ווייסן: אַז קיין דופק איז נישטאָ און אַז גאָט וויל נישט באַקומט מען נישט קיין האַרצפעלער — פאַלט אָפּ אַ צווייטע זאַך.

דריטנס, היות ווי די כעלעמער יידן זענען גרויסע דלפנים און האָבן נישט וואָס צו עסן — דאַרפן זיי אויף כפּרות אַ מאַגן. איי, וועגן דעם ביסל טשאָלענט פון שבת? איז עס בלאָטע. צוליב אַ ביסל טשאָלענט איין מאָל שבת לוינט נישט צו האָבן אַ מאַגן און זיך מיט אים כלאָפּאָטשען.

פערטנס, היות ווי די כעלעמער קרעמער זענען סיי־ווי נישט קיין קונה פאַר די אויגן און הערן נישט דעם קלאַנג פון אַ מטבע — זענען די אויגן און אויערן נישט אַזעלכע וואַזשנע זאַכן מען זאָל אָזש דאַרפן וועגן זיי לערנען אין אַ לייטישן אוניווערסיטעט.

איי, וועט איר זאָגן, יידן האָבן קיין עין־הרע אַ שברל, אַן איינזייטיקן, צי אַ צווייזייטיקן ברוך, אָדער מערידן — איז פאַרן ערשטן פאַראַן הירש לייב דער קילע־בענדל־מאַכער און מען דאַרף נישט ביי אַ ייד צונעמען די פּרנסה. און וואָס שייך דעם צווייטן — איז נישט פאַראַן קיין בעסערע רפואה ווי אַ ביסל מעד. בכן פאַלט שוין אָפּ אַ פינפטע זאַך.

איז אַזוי ווי פון פינף זאַכן זענען מיר שוין פּטור — וועט מען אין אונדזער אוניווערסיטעט לערנען די „העכערע מעדיצין": ווי אַזוי אַ דאָקטאָר דאַרף אויסטון די קאַלאָשן, ווען ער קומט אַריין צו אַ קראַנקן; ער דאַרף זיך צום ערשט אָנוואַרעמען די הענט, איידער ער זעצט זיך אויסקלאַפּן אַ פּלייצע און ווי אַזוי ער דאַרף זיך מאַכן כלאַ־ידע, אַז אַנשטאָט געלט לייגט מען אים אַריין אין קעשענע אַ זילבערנעם לעפל. און כעלעם וועט האָבן פאַלנע דאָק־טוירים...

זאָלן מיר מוחל זיין אונדזערע אייגענע חכמים פון מדינת־ישראל, וואָס זיי איז איינגעפאַלן דער געדאַנק צו מאַכן אַן אייגענע רעפאָרם־שול אין ישראל.

באמת, אויב מיר האָבן אַן אייגענעם ים־המלח, אַ פּאַרלאַמענט און פּאַרטייען, פאַרוואָס זאָלן מיר טאַקע נישט האָבן קיין אייגענע רעפאָרם־שול? וואָס איז? אַמעריקע קען זיך עס דערלויבן און מיר — נישט? פאַרקערט, אין אַמעריקע האָט מען די רעפאָרם־שול געדאַרפט שאַפן און צו אונדז ברענגט מען זי אַ גרייטע ווי, להבדיל, מגבית־דאָלאַרן. נאָך מער, אויף צו באַקומען די מגבית־דאָלאַרן דאַרף מען שיקן שליחים, מען דאַרף אויסהאַלטן אין אַמעריקע אַ שנאָר־אַפּאַראַט, מען דאַרף חנפענען דעם און יענעם, אין דער צייט ווען די רעפאָרם־שול באַקומען מיר אין גאַנצן אַן גַעבורט־ווייען. ס'הייסט, זי שטופּט זיך אַליין. אָט האָבן מיר געהאַט בלויז דעם פּראָפעסאָר נעלסאָן גליק, וואָס וויל אונדז באַגליקן מיט דעם גליק פון רעפאָרם; און שוין איז אים אונטערגעקומען פאַרשטאַרקונג אין דער פּערזאָן פון רעווערענד וויליאַם ראָזענבלום; און ווי

עס ווערט אונדז מיטגעטיילט, גרייטן זיך צו קומען קיין ישראל נאָך אַ פיר־פינף רעוועראַנדס, וואָס זאָלן אונדז איבערצייגן וואָס פאַראַ גליק אונדז דער־וואַרט פון דער רעפאָרם־שול.

און באמת איז די רעפאָרם־שול אָנגעפּראָפּט מיט אויסגעוויינטלעכע פאַרלייכטערונגען און לאָקונגען און ראָזשינקעס. אויפן שטייגער פון דעם כע־לעמער אוניווערסיטעט, וואָס האָט באַפרייט די מענטשהייט פון אַ דופק, אַ האַרץ, אַ מאָגן און אַנדערע איבערלאַסטונגען — וועט אונדז די רעפאָרם־שול באַפרייען פון די שווערסטע משאות:

ערשטנס, באַפרייט אייך די רעפאָרם־שול פון אַ היטל, פון אַ יאַרמולקע, פון רבינו תמס תפילין, פון אַ גאַרטל און פון אַ טלית־קטן, פון אַ באָרד און פאות, פון כשרות און תרי״ג מצוות — דאָס זענען אַזעלכע קאָלאָסאַלע אָפּ־שפּאָרונגען, אַז ד״ר דב יוסף וועט באַקומען חשק צו ווערן מיניסטער פון אַזאַ מין „צנע״־רעליגיע.

אמת, די רעפאָרם־שול האָט אַ געפערלעכן פגם, וואָס טאָמער האָט אַ ייִד געקענט זיין עטלעכע שעה אַליין, אָן זיין ווייב, און כאָטש אין שול נישט גע־מוזט אויסהערן אַלץ וואָס זי רעדט — מוז ער אין דער רעפאָרם־שול זיין צו־זאַמען מיטן ווייב, און זיצן צוזאַמען און אויסהערן וואָס זי רעדט. אָבער אויך דאָס האָט אַ גוטע זייט: מען קען לאָזן דאָס ווייב אָנטון אַלע שבת אַ נייעם הוט, אָדער אַ נייעם קאָסטיום, אַז די ווייבער פון די קאָנקורענטן זאָלן דערגיין די יאָרן פון זייערע מענער.

אלא וואָס דען, איר זאָגט, אַז די רעפאָרם־רעליגיע איז נישט ייִדיש, אירע מצוות זענען נישט קיין מצוות און „העם ענד עגס״ *) איז ביי איר גלאַט כשר — פּאַסט זיך עס גראָד אַריין אינעם סטיל פון אונדזער אייגענעם כעלעם. אויב מען קען זיין אַ רעליגיעזער מנהיג ביי ייִדן און גלייכצייטיק אָפּטון כל דבר רע; אויב מען קען זיין א רב ביי ייִדן און שמוגלען זייגערלעך אין קאָנסערוון־פּושקעס; אויב מען קען פאַר זיך צונעמען צדקה־געלט, וואָס איז באַשטימט פאַר אָרעמע ייִדן — פאַרוואָס זאָל מען נישט קענען זאָגן, אַז „העם ענד עג״־ייִדישקייט איז אמתע פרומקייט? אויב אין דער ייִדישער מדינה, ווו רעליגיעזע פּאַרטייען געהערן צו דער רעגירונגס־קאָאַליציע און דאָס רבנות הראשית איבט־אויס אַ ריזיקע מאַכט; אויב, זאָג איך, אין דער דאָזיקער מדינה קענען מיסיאָנערן אַרבעטן ווי ביי דעם טאַטן אין וואַרשטאַט און טויזנטער ייִדישע קינדערלעך גייען אין די מיסיאָן־שולן — איז פאַרוואָס זאָל נעלסאָן גליקס ייִדישקייט זיין ערגער?

פאַרשטייט איר מיך: טאָמער שאַפט איר אָפּ דעם דופק, דאָס האַרץ און דעם מאָגן און איר לאָזט איבער בלויז דעם קאָפּ, כדי צו קענען חשבונען ווי אַזוי צוצונעמען ביי אַן אלמנה די שבת־לייכטערס און ביי אַ יתומה — דעם

*) שינקע מיט אייער, וואָס אין אַמעריקע דערלאַנגט מען עס אויך אויף „כשר״.

נדן, איז אויס מיט אַלעמען און איר קענט נישט קומען מיט טענות הלמאי דער „אוניווערסיטעט" לערנט נישט קיין לאַרינגאָלאָגיע, אָדער פּעדיאַטריאַ.

איידער אונדזערע רעליגיעזע פּאַרטייען הייבן אויף דעם קאַמף קעגן דער רעפאָרם־שול (און מיר דאַרפן זי איבערהויפּט ווי אַ לאָך אין קאָפּ) — זאָלן זיי צו ערשט ביי זיך אַליין „בודק־חמץ זיין", אויסרייניקן דאָס פּסולת, די קאָמבינאַטאָרס, שמוגלערס און די, וואָס זענען רייך געוואָרן פון יידישע צרות. און זאָלן זיי צו ערשט ראַטעווען די טויזנטער יידישע קינדערלעך פון די מיסיאָנערישע הענט.

וואָרום, כ'לעבן, אַ גאַנצער גוי מעג מען יאָ ווערן, גיין אויפן וועג פון שמד איז אַ פּריוואַטער ענין פאַר טויזנטער יידן, נאָר אַ רעפאָרם־שול איז אַ סכנה? צי איז טאַקע דער אייבערשטער שטאָק פון „טערעסאַנטא" אין ירושלים כדת וכדין, נאָר נעלסאָן גליקס גאָלער־קאָפּ־יידישקייט איז געפערלעך?

כל־זמן די רעליגיעזע פּאַרטייען וועלן ביי זיך אַליין נישט מאַכן קיין אָרדענונג, כל־זמן זיי וועלן נישט ווערן מוסטערן פון הויכער יידישער מאָראַל, באַוועגונגען פאַר דת און אָפּגעהיטנקייט, פאַר יידישער מסירת־נפשדיקייט — וועל איך נישט גלייבן זייער געשריי קעגן נעלסאָן גליקס רעפאָרם־גליקן.

ס'איז דער רוף פון דעם כעלעמער פעלדשער קעגן לערנען מאַכן קאַנעס, שטעלן באַנקעס און פּיאַווקעס, ווייל ער ציטערט פאַר קאָנקורענץ.

10טער אויגוסט 1956

## די פרומע קעץ

איך ווייס נישט צי איך איז אַמאָל אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט אַ יעזואיטיש ברודערל, מיט אַ ברודערל, וואָס רק ער גלאָצט די אויגן צום הימל. און אַז ער קוקט אַראָפּ צו דער ערד — פאַרמאַכט ער די אויגן, כדי נישט צו זען די זינדיקע וועלט...

מיר איז אויסגעקומען צו האָבן די דערפאַרונג.

אַזאַ ברודערל, ווי איר ווייסט, קומט נעבעך אָפּ אויף דער וועלט: ער לעבט אין אַ קלויסטער. אויפן הוילן לייב טראָגט ער אַ וואָלענעם בגד, כדי עס זאָל אים בייסן. די לענדן בינדט ער אַרום מיט שטריק, וואָס זאָלן רייבן זיין לייב. ער טוט זיך אויס פון תאוותס און תענוגים. ער פאַסט תעניתים. ער לאָזט נישט אַרויס פון דער האַנט זיין געבעטבוך און לאָזט נישט אַראָפּ פון זיין בגד דעם צלם, וואָס דערמאָנט אים אין די ליידן פון זיין גאָט...

איאָ, ער איז פול מיט ליבשאַפט פאַרן מענטש? איאָ, ער לעבט נאָר, כדי מתפלל צו זיין פאַר רחמים צום מענטש?

נאָר באַהיט זאָלן מיר אַלע ווערן פאַר אָט דער „גוטסקייט" און „ליבשאַפט" פון די יעזואיטישע ברידערלעך. מיט פאַרגלאָצטע אויגן צום הימל און מיט פּרעפּלענדיקע תפילות אויף די ליפּן וועלן זיי זיך צוקוקן ווי עס ברענט אַ מענטש אויפן שייטערהויפן. אָן אַ ציטער אין האַרץ וועלן זיי זיך צוקוקן צו די גרעסטע מענטשלעכע ליידן. ווען זיי זעען דאָס אומגליק פון מענטשן — לעבן זיי אויף, זיי דערפילן דאָס חיות.

איך בין אַמאָל געפאָרן מיט אזא איינעם אין דעם זעלבן קופּע אין אַ באַן. ער איז געווען אין זיין האַרטן, וואָלענעם קלויסטער־בגד און איך — אין אַ האַרטן וואָלענעם זעלנער־מונדיר. ער האָט נישט דערקענט, אַז איך בין אַ ייד און ביים אַריינקומען אין צוג האָט ער מיך איבערגעצלמט און געמורמלט אַ תפילה. איך האָב געזען באַשיימפערלעך, אַז ער איז פול מיט ליבע — נישט פאַר זיך חלילה, נאָר פאַר מיר, פאַר מיין פּאַטריאָטישן מונדיר, פאַר זיין לאַנד, פאַר דער מענטשהייט... נאָר אַז ער האָט זיך גוט אָנגעתפילהוועט און מיד געוואָרן פון ליבשאַפט האָט ער אָנגעהויבן רעדן און ביים צענטן וואָרט גלייך אָנגעהויבן בילן קעגן... יידן. יאָ, ער האָט ממש געבילט, עמערס מיט האָס האָבן זיך געגאָסן פון זיין מויל. ער האָט קיין איין קללה נישט געוואָרפן, נאָר אין יעדן וואָרט זענען געווען צען קללות. זיינע אויגן זענען געוואָרן די אויגן פון אַ גזלן, כאָטש גיט אים איבער אַ מענטש אין די הענט און ער וועט אים צעררייסן. דער בר־נש איז געוואָרן אַ חיה...

רעדנדיק אָבער ווייטער מיט אים האָב איך אויסגעפונען די סיבה פון זיין האָס און גאַל. זיין ליבשאַפט איז געווען נישט מער ווי אַ מאַסקע. דאָס לעבן אין קלויסטער איז געווען זיין אויסזיכטלאָזיקייט, זיין פחד פאַרן לעבן, זיין שרעקלעכער אומגלויבן, וואָס ער האָט פאַרגאָסן מיט תפילות. ער האָט געהאַסט, ווייל ער האָט נישט געקענט ליבן. ער האָט קיין מאָל קיין פרוי און קיין קינד נישט ליב געהאַט. ער איז געווען פול מיט קאָמפּלעקסן, און כדי דאָס אַלץ צו פאַרשטעלן איז ער אַנטלאָפן אין קלויסטער און זיך אויסבאַהאַלטן אונטער תפילות; און דעם צאָרן, וואָס איז געווען דער צאָרן קעגן אַלע מענטשן, האָט ער אויסגעגאָסן קעגן יידן.

דאָס זעלבע איז מיט די קאָמוניסטן. זיין אַ קאָמוניסט איז נישט פון די לייכטע זאַכן. צו זיין אַ קאָמוניסט איז שווער אין אַ בורזשואַזן לאַנד און אפשר נאָך שווערער אין — רוסלאַנד. דאָ דראָט אים צו פאַרלירן די אַרבעט און ברויט, צו זיין געהאַסט און גערודפט און דאָרט דראָט אים פאַרשיקט צו ווערן אויף סיביר, אָדער צו ווערן דערשאָסן ווי אַ שפּיאָן. אַ קאָמוניסט פּרעדיקט ליבע צו דער מענטשהייט, זאָגט צו אַ גן־עדן פאַרן אַרבעטס־מענטש, ער פּרעדיקט שלום, פרייהייט און אַלע גוטע חלומות. אָבער כדי דאָס אַלץ צו דערגרייכן, איז ער גרייט צו פאַרגיסן טייכן מענטשלעך בלוט און אונטערצינדן די וועלט און זי צו פאַרדאַרבן ביז צום לעצטן מענטש. ווייל אין דער אמתן איז אַ קאָמוניסט פול מיט קאָמפּלעקסן. די סיבה פון זיין אמתער לײדנשאַפט — האָס צו אַלץ און צו אַלעמען — דאַרף מען זוכן אין זיין קינדהייט און אין די יאָרן פון אַנטוויקלונג; אין טיפער באַליידיקונג, אין עפּעס אַ פונדאַמענטאַלער עוולה, וואָס איז קעגן אים באַגאַנגען געוואָרן. און דעריבער איז ער אַנטלאָפן אין דער יעזואיטישער „מענטשן־ליבע" און „וועלט־שלום".

אַ קאָמוניסט וועט שנעלער אויסגעהיילט ווערן פון זיין „מענטשן־ליבע" און „וועלט־שלום" דורך אַ גוטן פּסיכאָלאָג, איידער ער וועט אויסגעהיילט ווערן דורך דער רעוואָלוציע.

אַנדערש קען מען נישט פאַרשטיין אויך די סאָוויעטישע פּירער מיט זייער „שלום־אָפענסיווע" און זייער „איבערמענטשלעכער" זאָרג פאַר דעם „וויל פון פעלקער". שוין פיר צענדלינג יאָר ווי זיי „זאָרגן" אַזוי פאַר דעם וויל פון פעלקער און פאַר דעם „וועלט־שלום", אַז צענדלינגער מיליאָנען מענטשן זענען שוין דורך זיי אומגעקומען דורך דערשיסונגען, לאַגערן און תפיסות; און זיי זענען גרייט צו גיין ביז צום לעצטן מענטש, אַבי צו דערגרייכן זייער „אידעאַל". זיי האָבן אַזוי ליב דעם מענטש — אַז זיי צעשיסן אפילו די נאָענטסטע און די בעסטע און די פאַנאַטישסטע צווישן זיך אַליין.

פאַר דער צעפלאַקערטער „ליבע צו דער מענטשהייט" האָבן זיי אומגע־בראַכט טראָצקין, בוכאַרינען, זינאָוויעוון, קאַמענעיעוון, קיראָוון, טוכאַטשעווסקין, ראַדעקן און מאַסן אַנדערע. פאַר דער זעלבער „ליבע צו דער מענטשהייט" האָבן זיי אומגעבראַכט די יידישע שרייבער אין רוסלאַנד, פון משה קולבאַק ביז איזי

כאַריק. מחמת „ליבשאַפט צום מענטש" האָבן זיי פאַרשיקט אין שטראָף־לאַגערן גאַנצע פעלקער. און פאַר דער „ליבע צום וועלט־שלום" האָבן זיי געשלאָסן אַ פריינטשאַפט־פאַקט מיט היטלערן. למען השלום האָבן זיי אָנגעצונדן אַ שריפה אין קאָרעאַ, אין אינדאָ־כינע, גיסן צו נאַפט צום פייער אין צפון־אַפריקע. מחמת „זאָרג" פאַרן זעלבן „שלום" — באַזאָרגן זיי נאַצערן מיט סילאָן־באָמבערס, אונטערוואַסער־שיפן, טאָרפעדאָ־שיפן, טאַנקען און פלאַמענוואַרפער. אַלץ, אַלץ, אַלע שרעקלעכסטע אינטריגעס, אַלע בייזסטע פלענער און פאַרראַטן — פאַרן „שלום". עס הייסט, אַז דעם ווויל פון פעלקער און דעם רום פון שלום דאַרף מען אויסבלוטיקן, אויסשיסן, אויסברענען, כדי זיי זאָלן אַרויסקומען שטאַרק...

וואָרום וואָס, אויב נישט „פעלקער־פרייהייט" און „שלום", האָט איצט באַוויגן די סאָוויעטישע פירער אַריינצוטראָגן זייער פאָרשלאַג וועגן סועץ, אַז „אַלע מדינות, וואָס באַנוצן איצט דעם סועץ־קאַנאַל, זאָלן האָבן רעכט פאַרן שיף־פאַרקער צו יעדער צייט". עס הייסט, אַז אויב ישראל, וואָס ליגט אין שכנות מיטן סועץ־קאַנאַל, באַנוצט נישט איצט דעם קאַנאַל, ווייל מצרים פירט אַ פיראַטן־פאָליטיק לגבי ישראל־שיפן — וועט ישראל נישט טאָרן באַנוצן דעם סועץ־קאַנאַל. אָבער פוילן, וואָס ליגט ווייט, איבער שבעה ימים, און אַלבאַניע, און רומעניע — זיי וועלן מעגן, ווייל... על־פי שעפּילאָוו דינט דאָס דער „פרייהייט" פון פעלקער און דעם "וועלט־שלום".

איי, דאָס באַלאַגערטע ישראל קען פאַרלירן דאָס געדולד צו אַזאַ „פעלקער־פרייהייט" און „שלום" און גיין מיטן כוח פון געווער דורכשלאָגן זיך די רעכט פון לעבן; איי, פאַר אונדזערע רעכט צו לעבן וועט פאַרגאָסן ווערן מענטשלעך בלוט — יידיש ווי אַראַביש — און שאַפן נייע טויזנטער טראַגעדיעס; איי, פון אַזאַ בלית־ברירהדיקן קאַמף קען זיך אָנצינדן די גאַנצע וועלט — אָבער דאָס וויל דאָך דער יעזואיט, אַז די וועלט זאָל פאַרברענט ווערן „אין אירע אייגענע זינד". וואָרום שעפּילאָוו און זיינע חברים האָבן נישט קיין סך צו פאַרשפּילן. סיי־ווי שטאַרבן בלויז געציילטע סאָוויעטישע פירער מיט אַ נאַטירלעכן טויט. אַ חוץ לעונינען, דזשערזשינסקין, ליטווינאָוון, ווישינסקין און נאָך געציילטע — זענען אַלע איבעריקע סאָוויעטישע פירער פאַרטיליקט געוואָרן דורך די הענט פון זייערע אייגענע. היינט איך — דיך; מאָרגן — אַן אַנדערער מיך. טאָ זאָל ברענען די וועלט, זאָל זיך גיסן בלוט, זאָל זיין „שלום", זאָל לעבן די „פעלקער־פרייהייט" אַזוי ווי דאָס האָבן פאַרשטאַנען די אינקוויזיטאָרן, די יעזואיטן — די אַלע, וואָס אָנשטאָט צו באַפרייען זיך פון זייערע שנאה־ און־פחד־קאָמפּלעקסן, נעמען זיי נקמה אין דער וועלט, נאָר פון אויסן מאַכן זיי דעם אָנשטעל פון יראי־שמים, צדיקים, פּרעפּלען תפילות, פּראַווען תעניתים, גלאָצן מיט די אויגן צום הימל, פאַרמאַכן די אויגן ווען זיי קוקן אויף דער ערד, ווייל זיי האַסן אַלץ, וואָס לעבט אויף דער ערד, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך — אפילו אויף זיך גופא.

31טער אויגוסט 1956

# אַ קאַפּיטל פּאָליטישע עקאָנאָמיע

יידן האָבן אַ געוואַלדיקן אינסטינקט פאַר אידייען, זיי זענען תמיד דוחה דעם קץ. משיח איז שוין אַ סך מאָל געשטאַנען אויף דער שוועל — האָבן אים יידן אַליין אָפּגעשטופּט. מען ווינטשט זיך טאַקע משיח זאָל שוין קומען, אָבער דער ווונטש איז מער אַן אידייאישער. אָט נעמט, למשל, די תפילה „לשנה הבאה בירושלים". אייגנטלעך, האָט מען די תפילה שוין געדאַרפט אָפּשאַפן. מיר זענען דאָך שוין היינט אין ירושלים! אָבער יידן איילן זיך נישט. כדי יוצא צו זיין זאָגט מען „לשנה הבאה בירושלים הבנויה", איבער אַ יאָר אין דעם אָפּגעבויטן ירושלים. אנדערע זאָגן, אַז זיי מיינען נישט דאָס נייע ירושלים, נאָר דאָס אַלטע ירושלים; און היות דאָס אַלטע ירושלים איז דאָך טאַקע אין גלות און דאַרף ערשט אויסגעלייזט ווערן, קען מען דאָך ווייטער זאָגן דעם אַלטן, גוטן „לשנה הבאה בירושלים". די מער „פּאָסטעמפּאָווע", די וועלטלעכע, וואָס זאָגן „לשנה הבאה בירושלים הבנויה", נעמען זיך נישט איבער וואָס ירושלים איז שוין גאַנץ ניש־קשהדיק אָפּגעבויט. אין קיין צייט זענען אין ירושלים נישט געווען אַזוי פיל הייזער ווי היינט, פונדעסטוועגן זאָגן זיי אַלץ „לשנה הבאה בירושלים הבנויה". און אַז איר וועט זיי שטאַרק צושטופּן צו דער וואַנט, וועלן זיי אייך מיט אַ שמייכל ענטפערן, אַז דאָס „אָפּגעבויטע ירושלים" מיינען זיי דאָס ירושלים, ווען עס וועלן זיין פאַרענדיקט די „בניני האומה". אָבער אַזוי ווי די לצים ווייסן, אַז ביז די „בניני האומה" וועלן זיין פאַרענדיקט וועלן זייערע אייניקלעך זיין זיידעס — קענען זיי מיט אַ רואיק געוויסן זאָגן די תפילה „לשנה הבאה בירושלים הבנויה". וואָרום דער עיקר גייט די יידן אין נישט פאַרלירן די אידייע פון זיין אין ירושלים. און אַז איר איבערצייגט זיי, אַז זיי זענען דאָך אין ירושלים און איר ווייזט זיי אפילו אָן דעם גענויעם אַדרעס, מיט דער שכונה, מיט דער גאַס, מיטן נומער פונעם הויז — זאָגן זיי אייך, אַז זיי מיינען נישט דאָס ירושלים דמטה, נאָר זיי מיינען דאָס ירושלים דמעלה, דאָס אייבערשטע, דאָס גייסטיקע ירושלים, דאָס ירושלים וואָס איז נישט קיין קעגנשטאַנד און איז אַזוי איינגעבאַקן אין האַרץ.

דאָס באַווייזט, אַז יידן האָבן נישט קיין שטאַרקן גלויבן אין רעאַליזירטע אידייען.

וועגן אידייען האָט מיר אַמאָל אַ ייד געזאָגט זייער פאָלקסטימלעך: אַן אידייע איז געגליכן צו אַ שטיקל שניט־סחורה: כל־זמן עס איז נישט צעשניטן און אויפגענייט, קענסטו חלומען וואָס דיין האַרץ גלוסט. קענסט זיך אויסמאָלן,

אַז פון דעם שטיקל שניט־סחורה קען זיין אַ חופּה־קלייד, אָדער אַ רביישער שפּענצער, אָדער אַ באַלעבאַטישער בגד, צי גאָר אַ פּריצישער פראַק. נאָר טאָמער שניידסטו צו דאָס שטיקל שניט־סחורה — איז אויס מיט אַלעמען, נישטאָ מער קיין חלומות, און עס קען זיך גאָר אַרויסווייזן, אַז דו האָסט פאַרשניטן, פאַר־שמעלט און עס וועט פון דעם אפילו קיין פּאָר וואַטענע הויזן נישט אַרויס.

און אַז יידן זענען גערעכט באַוויזט די פּראַקטיק פונעם „סאָציאַליזם“. אין יענע גוטע צייטן, ווען יידן האָבן געמאַכט קאַרל מאַרקס׳ חשבונות ווי אַזוי די קאַפּיטאַליסטן עקספּלאָאַטירן די אַרבעטער, ווי אַזוי זיי רויבן צו דעם מער־ווערט פון זייער אַרבעט, ווי אַזוי זיי אַקומולירן קאַפּיטאַלן און פאַרשקלאַפן ס׳ארבעט־געצייג — האָט דער סאָציאַליזם אויסגעזען ווי דער שענסטער חלום פאַר וועלכן עס איז געווען לייכטער צו שטאַרבן ווי פאַרן אייגענעם פאָטערלאַנד.

וואָרום, אַדרבה, מאַכט אַליין דעם חשבון: אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, ווו די בורזשואַזיע האַלט אין איר מאָנאָפּאָל ס׳אַרבעט־געצייג, קאָסט אַן אַנצוג צען רובל. אין די צען רובל פאַרדינען דער וועבער און דער שניידער נישט מער ווי צו האַלבן רובל און דער פאַבריקאַנט לאָזט אַראָפּ אין קעשענע גאַנצע ניין רובל. אָבער באחרית הימים, אין דער צייט פון סאָציאַליזם, וועלן דער וועבער און דער שניידער פאַרדינען פיר מאָל אַזוי פיל; נאָר אַזוי ווי דער פאַבריקאַנט וועט מער נישט אַראָפּלאָזן אין קעשענע דעם מערווערט און ער וועט מער נישט זיין קיין באַלעבאָס איבער דעם אַרבעט־געצייג — וועלן אַ פּאָר הויזן נאָך אַלץ קאָסטן נישט מער ווי פיר רובל, און די אַרבעטער וועלן לעבן ווי פּריצים און גיין אָנגעטאָן ווי די מלכים...

איז ווער זאָל זיך דאָס געווען ריכטן, אַז די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט זיך אָנהייבן נישט פון אָנטון נאָר פון אויסטון דעם אַרבעטער? וואָס מער די רעוואָלוציע האָט זיך פאַרטיפט, אַלץ טיפער נעבעך איז אַראָפּ דער אַרבעטער, ביז ער איז דערגאַנגען צו דעם אידעאַל פון דעם רעוואָלוציאָנערן רעזשים, אַז ער אַרבעט ווי אַן אייזל, עסט ווי אַ קינד און גייט אַרום ווי אַ שלעפּער.

דער אַרבעטער איז געוואָרן דער „באַלעבאָס“ פון די פאַבריקן, דער „אייגנטימער“ פון די פּראָדוציר־מכשירים, „קיינער“ עקספּלאָאַטירט אים נישט, „קיינער“ נעמט נישט צו דעם מערווערט פון זיין אַרבעט, אָבער קיין פּאָר גאַנצע הויזן אויף זיך האָט ער נישט.

עס איז אַרויסגעקומען ווי ביי יענעם שניידער, דעם לאַטוטניק, וואָס די סחורה האָט ער צעשניטן, די פאָדעם האָט ער אויסגענייט, די קוילן אויסגעברענט, די לידער אויסגעזונגען, נאָר אַז ס׳איז געקומען צום מעסטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער שפּענצער איז גאָר אַ קאַמזויל, וואָס לאָזט זיך נישט צוקנעפּלען פון פאָרנט און נישט איינציען פון היבטן...

איך בין זיך מודה, אַז ווען איך האָב ס׳ערשטע מאָל געהערט וועגן „סאָ־ציאַליזם אין אונדזער דור“ האָב איך זיך דערשראָקן פאַר דער „פּולער גאולה“;

אַז נאָך אין אונדזער דור דראַט דעם יידישן אַרבעטער אין מדינת ישראל נישט נאָר צוריקצוגיין צו די טראַדיציעס פון זיינע אבות אין הייליקן לאַנד, נאָר נאָך פריער — צו אדמען אין גן־עדן... ער זאָל גיין נאַקעט און אָן אַ פּאָר שיך. וואָרום פון דער דערפאַרונג ווייסן מיר, אַז ווער עס מאַכט איצט סאָציאַליזם, נעמט די פּאַרטיקע מוסטערן פון רוסלאַנד — צו בויען דעם סאָציאַליזם אויפן אַרבעטער אָנשטאָט פאַרן אַרבעטער. וואָרום פּונקט ווי נייע מדינות טראַכטן נישט צו עפּעס אנדערש אויפן פּלאַץ פון פּאָליציי, נאָר שאַפן די זעלבע אינסטיטוציעס ווי אין אַלטע מדינות — אַזוי אויך ווערט איצט יעדער סאָציאַליזם געבויט אויף די סאָוויעטישע מוסטערן, אָנשטאָט צו זוכן די ריכטיקע ווערטן פון סאָציאַליזם, ווי עס האָבן זיי פאַרשטאַנען די דורות טרוימער און קעמפער.

וואָרום אָט נעמט אַ שטייגער די ניי־צייטיקע נאַציאָנאַליזאַציעס, דאָס וואָס רעגירונגען נעמען איבער וויכטיקע ווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, כדי „בעסער און ביליקער צו באַדינען דעם בירגער". וואָרום די לאָגיק איז אַ פּשוטע: די רעגירונג אין אַ דעמאָקראַטישער מדינה, איז די רעגירונג פון דעם פאָלק. דאַרף די רעגירונג באַדינען דאָס פאָלק וואָס בעסער. און אַזוי ווי דער בירגער צאָלט דאָך שטייערן, זאָל ער האָבן אַ ביליקע פּאָסט, ביליקע קאָמוניקאַציע און באַלייכטונג, ביליק וואַסער און נאָך אַנדערע זאַכן פון מאַסנגעברויך פאַר ביליקע פּרייזן. נאָר אַזוי ווי די בורזשואַזיע איז אַן אויסנוצערישע, אַן עקספּלאָאַטירנדיקע, אַ מיאוסע מערוועטניצע — איז אויב צו איר געהערן אַזעלכע וויכטיקע געביטן ווי טראַנספּאָרט און עלעקטריע, דאַרף מען זיי נאַציאָנאַליזירן און... איבערגעבן דעם פאָלק.

אמת, ס'איז אַן איינפאַל? אמת, אַז דער פּלאַן איז אויסגעצייכנט? אמת, אַז מען טאָר נישט דערלאָזן צו עקספּלאָאַטירן דאָס פאָלק?

יאָ, ס'איז אמת. נאָר ס'איז די מעשה ווי מיט יענעם בער, וואָס געשיקט האָט מען אים ער זאָל ברענגען דעם האָניק. האָט ער אים געבראַכט, נאָר ביי זיך אין מאָגן...

אָט נעמט אַ שטייגער אונדזער „קול ישראל". טאָמער וואָלט דער ראַדיאָ איינגעשטאַנען אין פּריוואַטע הענט, וואָלט ער עקספּלאָאַטירט דאָס פאָלק: ער וואָלט אים געגעבן דאָס הערן ראַדיאָ אומזיסט, דערפאַר אָבער וואָלט ער אים געעצהט וואָס פאַראַ טעפּל, אָדער וואָס פאַראַ זאַקן ער דאַרף קויפן און ווו קויפן. נאָר אַזוי ווי דער ראַדיאָ איז נאַציאָנאַליזירט — צאָלט מען טאַקע פינף פונט אַ יאָר פאַר הערן, מיט אַ קנס פאַר פאַרשפּעטיקן צו באַצאָלן די פינף פונט. דער־פאַר אָבער באַקומט דער בירגער די פּריווילעגיע צו הערן שטראַוסעס אַ וואַלץ לכבוד דעם יום הולדת פון יאַש, וואָס האָט זיך געטראָפן על שפת הים אין אשקלון מיט מאַש... נו, צי איז נישט רירנדיק די זאָרג פון דער רעגירונג פאַר דעם בירגער פאַר בלויז פינף פונט אַ יאָר?

אָדער נעמט אַ שטייגער דעם טעלעפאָן. טאָמער וואָלט די טעלעפאָן־

דינסט געווען אַ פּריוואַטע זאַך, וואָלט איר געהאַט אַ ברירה צו בעטן אייער רעגירונג זי זאָל אייך שיצן קעגן די עקספּלאָאַטאַטאָרן, קעגן די מאָנאָפּאָליסטן און אויסנוצערס, וואָס נעמען וויפל זיי ווילן. אָבער טאָמער ווילט איר אַ טעלע־פאָן־פאַרבינדונג מיט חיפה — דאַרפט איר וואַרטן פינף־זעקס שעה. דאָס וואָלט געווען שרעקלעך. אָבער אַז דער טעלעפאָן איז ברוך־השם נאַציאָנאַליזירט, איז גאָר אַן אַנדער לעבן. ערשטנס, ווייסט איר, אַז טאָמער באַרייסט מען אייך, גייט נישט דאָס געלט אין אַ פּריוואַטער קעשענע, נאָר עס גייט פאַר אייער רעגירונג. צווייטנס, טאָמער קומט אייך אויס וואַרטן אַ פינף־זעקס שעה אויף אַ טעלעפאָן — איז דאָס גייסטיקע איבונג און מאָראַלישער אויסדויער, ווי אין פּסוק שטייט: צדיקים קומען אָפּ אויף דער וועלט, דערפאַר באַקומען זיי דעם שכר אויף יענער וועלט...

און אדרבה, שטעלט אייך נאָר פאָר ווי שרעקלעך עס וואָלט געווען ווען פּריוואַטע ספּעקולאַנטן זאָלן ביי אייך פאַרדינען זיבן פונט אויף אַ קילאָ קאַווע. דאָס וואָלט געווען אומדערטרעגלעך. די צייטונגען וואָלטן געווען פול. מען וואָלט געעפנט ספּעציעלע געריכטן צו משפּטן די, וואָס רייסן אַוועק דאָס טעפל קאַווע פונעם בירגערס מויל. מען וואָלט אוודאי באַשטימט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע צו פאָרשן די גלות־אַפּעטיטן פון די סוחרים. אָבער אַז קאַווע איז נאַציאָנאַ־ליזירט — איז גאָר אַן אַנדער לעבן אויף דער וועלט. ווען איר טרינקט אויס אַ טעפל קאַווע און באַצאָלט דערפאַר אַ האַלבן פונט — האָט איר אַ פּאַטריאָטישע סאַטיספאַקציע. אין קעשענע איז אייך טאַקע געוואָרן אַ לאָך, אָבער אייער מלוכה־בודזשעט איז דערפאַר געקרעפטיקט געוואָרן. נו, צי קען זיין אַ גרעסער פאַר־גענִיגן ווי צו האָבן די קאַווע נאַציאָנאַליזירט? און צי האָט איר זיך געקענט פאָרשטעלן אַ גרעסערן אידעאַל ווי צו האָבן נאַציאָנאַליזירט דעם עלעקטרישן שטראָם? פריער פלעגט דער עלעקטרישער שטראָם (טאָמער האָט ער באַקומען אַ צו טייערע שפּאַנונג) איבערגעריסן ווערן מיט פּראָטעסטן אין דער פּרעסע, מיט טענות פון די בירגער, און די רעגירונג האָט זיך נעבעך געדאַרפט אַריינ־מישן, כאָטש מיר אַלע ווייסן ווי ווייניק צייט זי האָט. איצט אָבער איז אַלץ בסדר. נישטאָ מער קיין טענות, קיין ערגערניש, קיין גאָרנישט. טאָמער באַ־שטימט די רעגירונג, אַז עלעקטריע דאַרף קאָסטן טייערער — ווייסט זי דאָך וואָס זי באַשטימט און מיר האָבן זיך נישט וואָס צו ערגערן. טאָמער באַשטימט זי אַרויפלייגן נאָך אַ שטייער אויף עלעקטריע — לייגט זי אַרויף, וואָרום זי טוט דאָך אַלץ אַז אונדז, די בירגער, זאָל זיין בעסער און לייכטער, איז וואָס ווען מיר זיך איר קעגנשטעלן? פאַרקערט, זי דאַרף אונדז מאַכן נאָך לייכטער און נאָך בעסער...

און אויב איר באַמערקט, אַז לעצטנס האָבן די פּרייזן אָנגעהויבן אַרויפ־שפּרינגען אויף פאַרשיידענע אַרטיקלען, ווייל די רעגירונג האָט איינגעפירט וואַלנקראַצערישע קורסן פאַר עקספּאָרט־דאָלאַרן — טאָ זאָלט איר זיך נישט איבערנעמען, הגם דאָס גייט פון אייער קעשענע. די רעגירונג זאָרגט עס זאָל

איידער זיין לייכטער און זי וועט, אם־ירצה־השם, מאַכן וואָס אַמאָל לייכטער דורך נאַציאָנאַליזירן און מאָנאָפּאָליזירן און שוצירן דאָס אַלץ, פון וואָס פּריוואַטע סוחרים און אונטערנעמער וואָלטן געהאַט חשק צו האָבן דעם מערוועדט, דעם אויסנוץ און די דעה. נאָר אונדזער רעגירונג וועט אונדז נישט מפקיר זיין צו פּריוואַטע סוחרים. זי וועט שטיין אויף דער וואַך, אַז דער קאָנטאַקט צווישן דעם בירגערס קעשענע און דער רעגירונגס־קאַסע זאָל זיין אַ וואָס שטאַרקערער און וואָס מער פּאַטריאָטישער, ביז עס וועט קומען די פולשטענדיקע גאולה.

5טער אָקטאָבער 1956

## סוחרים און קונים

צי האָט איר אַמאָל בייגעוווינט אַ סעאַנס פון היפּנאָז? אויב יאָ, זענט איר געווען אַן עדות ווי אַזוי דער היפּנאָטיזירער לייגט אַריין אין די הענט פון זיין מעדיום אַ וויעכעטש און דער מעדיום איז „איבערצייגט", אַז ער האַלט אַ בוקעט שיינע בלומען. און אַז דער היפּנאָטיזירער וויל — לייגט ער אַריין אין די אָרעמס פון זיין מעדיום אַ בעזעם און דער מעדיום איז „איבערצייגט", אַז ער האַלט אין די אָרעמס זיין געליבטע.

און וויפל איר זאָלט זיך ווערן קעגן די דאָזיקע „נאַרישקייטן", וועט אייך גאָרנישט העלפן און איר אַליין זענט עלול צו ווערן דער קרבן פון אַזאַ היפּנאָז, אויב עס וועט זיך אָפּגעפינען עמעצער, וואָס וועט אייך קענען פאַרוואַנדלען אין זיין מעדיום.

די שפּיל פון היפּנאָטיזירער און מעדיום קומט פאָר נישט בלויז אין ספּעציעלע סעאַנסן, פאַר געזעלשאַפטלעכער פאַרווייַלונג, נאָר אין אונדזער גאַנץ לעבן.

אַן אַלטער דערפאַרענער סוחר האָט מיר אַמאָל געהאַט געזאָגט, אַז די וועלט טיילט זיך נישט אויף חכמים און נאַראָנים, נאָר אויף סוחרים און קונים. אפילו די איינטיילונג אויף קלאַסן, האָט ער געזאָגט, איז נישט מער ווי אַ בלאָף, ווייל אין דער אמתן זענען נישטאָ קיין קלאַסן, נאָר סוחרים און קונים: סוחרים, וואָס האָבן צו פאַרקויפן אַן אידייע און קונים, וואָס זוכן אַן אידייע. מנהיגים־סוחרים וואָס האָבן צו פאַרקויפן געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע פאַרביקע בענדלעך, און בירגער־קונים, וואָס זוכן טאַקע אַ ביסל פאַרביקייט אויף צו שפּילן זיך.

און זיין אַ סוחר מיינט נישט קויפן פיר וועגנט אויף דער דיזנגאָף גאַס פאַר צוואַנציק טויזנט פונט, אַריינבראָקן אַנדערע צוואַנציק טויזנט פונט אויף סחורה און דערנאָך גיין לייען אַ גמילות־חסד אויף צו האָבן פון וואָס צו לעבן. ניין, אַזאַ סוחר איז בלויז אַ סוחר פאַר לוי אשכול, אָבער אין דער ווירקלעכקייט געהערט ער צו דער קאַטעגאָריע קונים...

אַ גוטער סוחר איז דער, וואָס דער קונה איז פאַר אים אַ מעדיום: דאָס מיינט, אַז ער, דער קונה, קויפט די סחורה, וואָס דער סוחר וויל פאַרקויפן און ער איז איבערצייגט, אַז ער האָט געקויפט דאָס, וואָס ער אַליין האָט געגאַרט און געזוכט צו קויפן. און טאָמער וועט איר וועלן „עפענען די אויגן" פון אַזאַ קונה און אים וועלן איבערצייגן, אַז דאָס האָט אים דער פיפיקער סוחר „אַריינ־

געדרייט זיין בבל", וועט דער קונה, כדי צו שיצן זיין אייגענעם כבוד, ווערן דער פאַרטיידיקער פון דעם סוחר: וואָס, ער האָט מיך אָפּגענאַרט? נישט ביי מיר! מיך נאַרט מען נישט! איך האָב געקויפט וואָס איך האָב געהאַט בדעה צו קויפן און באַצאָלט דווקא ביליק... געקויפט אַ מציאה.

און דער סוחר, וואָס האָט מיר געגעבן די סאָציאָלאָגישע לעקציע פון „סוחרים און קונים", האָט מיט אַ שמייכעלע צוגעגעבן: זעט איר, אָט צוליב דער איינטיילונג פון דער מענטשהייט אויף קונים און סוחרים — בין איך רואיק מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם ביי יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

אָט אַ שטייגער נעמט רוסלאַנד. דאַכט זיך אייך, אַז דאָרט איז אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף; אַ וועלט געשטעלט קאַפּויער. ערשט איר האָט דעם ריכטיקן טעות. ערשט דווקא ווען ס'איז געלונגען איינצורעדן די קונים, אַז עס זענען מער נישט פאַראַן קיין סוחרים אויף דער וועלט — האָבן די סאָוויעטישע סוחרים געקענט מאַכן דאָס אמתע לעבן; עס איז גאָרנישט פאַראַן אַזאַ בבל-סחורה אין זייער מאַגאַזין, וואָס זיי זאָלן נישט געפינען פאַר איר קיין קונים.

אָט האָבן זיי גענומען אַ מענטש, וואָס אַז איר ווילט איז ער נאָך פיל ווייניקער פון דעם, און אים פאַרקויפט צו די קונים ווי אַ גאָט. און צענדליגער מיליאָנען מענטשן פון אַלע וועלט-טיילן און פון אַלע ראַסן האָבן זיך געוואָרפן אויף דער סחורה, ווי אויף אַ ווילדער מציאה. און איר קענט נישט זאָגן, אַז די אַלע צענדלינגער מיליאָנען קונים זענען בלויז פּרימיטיווע פּויערימלעך, וואָס איר פאַרקויפט זיי בייגל און רעדט זיי איין, אַז דאָס זענען לאַפּטשעס. פאַרקערט, צווישן די מיליאָנען קונים האָט איר הונדערטער טויזנטער אינטעליגענטן, אָנהייבנדיק פון אוניווערסיטעט-פּראָפעסאָרן ביז קינסטלער מיט טיפער אינטואיציע. און זיי, די אינטעליגענטן, די געלערנטע, האָבן די סחורה איינגעהאַנדלט מיט נישט קיין קלענערן אייפער ווי די כונכוזן און עסקימאָסן אין צפון-סיביר. ווארום, ווי געזאָגט: עס זענען נישט פאַראַן קיין חכמים און נאַראָנים, קיין געבילדעטע און אומוויסנדיקע, נאָר די וועלט טיילט זיך אויף סוחרים און קונים. און די בבל-סחורה האָט מיט דער צייט באַקומען אַזאַ רענאָמע, אַז ווען די סוחרים האָבן געוואָלט אָפּוועקסלען די סחורה, אַרויסלאָזן אויפן מאַרק אַ נייעם „שלאַגער" — געלינגט עס זיי שווערלעך; די מוזשיקעס גלייבן נישט די סוחרים, ווען זיי אַליין זענען מודה, אַז די סחורה — סטאַלין — איז אַ בבל-סחורה, אַ טאַנדעטע זאַך, אַ יוקס, אַ שפּימבע-דגינגע. און צופּל טאָר מען די קונים נישט אַנטקעגנרעדן און זיי איבערצייגן, אַז סטאַלין איז אַ יוקס שביוקס, ווארום מען האָט פאַר די קונים אַרויסגעלאָזט נאָך אַ פּאָר טאַנדעטע אַרטיקלען, וואָס די סוחרים זענען פאַראינטערעסירט אין וואָס גרעסערע מאַסן-אָפּנעמער.

אָט נעמט אַ שטייגער אַזאַ מין אַרטיקל ווי דאָס סאָוויעטישע געווער פאַר מצרים און סיריע. איך וואָלט אייך אויפגעמישט אַ צענדליגג אַלטע באַל-

שעוויסטישע אלף־בית־בראָשורן, ווו עס ווערט שוואַרץ אויף ווייס געוויזן, אַז געוועזענע־סוחרים זענען מלחמה־העצערס; אַז דורך ליפערן געווער צו מדינות, וואָס געפינען זיך אין קאָנפליקט מיט זייערע שכנים — רופט מען אַרויס בלוט־פאַרגיסונגען, און אַז די געווער־ליפעראַנטן זענען פאַראינטערעסירט מען זאָל דאָס געווער פאַרברויכן.

זענען איצט געקומען די סאָוויעטישע סוחרים און געזאָגט פונקט דאָס פאַרקערטע: דורך דעם וואָס זיי ליפערן געווער צו מצרים און סיריע בויען זיי דעם שלום. מיט הונדערטער סילאָן־באָמבערס פאַר מצרים לייגן זיי דעם פונדאַמענט פון שלום אין מיטעלן מזרח. אַ פופציק־זעכציק שווערע טאַנקען און — עס זענען פאַרזיכערט די וועגט פון שלום. אַ פּאָר טאָרפּעדאָ־וואַרפער און אַ פינף־זעקס אונטערוואַסער־שיפלעך און — דער שלום האָט אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ס'האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז אויף אַזאַ פּולער סחורה וועלן זיכער נישט זיין קיין קונים. וואָרום ווי איז עס מעגלעך צו פאַרקויפן קעז, אַז די קונים זאָלן זיין איבערצייגט, אַז זיי קויפן אינדיקעס?

אָבער אין דער וועלט, וואָס טיילט זיך אויף סוחרים און קונים, איז אַלץ מעגלעך. ווייל ביי די זעלבע סוחרים זענען די נעכטיקע עבר־הירדנישע אַגענטן פונעם בריטישן אימפּעריאַליזם, געוואָרן איבער נאַכט מלאכים פון שלום, וואָס מען לייגט זיי פאַר מיגס און סטאַלין־טאַנקען „צו שיצן דעם שלום אין מיטעלן מזרח קעגן דער אַגרעסיע פון דער אַגענטור פון דעם מערב־אימפּעריאַליזם — ישראל"... און די סחורה האָט אָפּגענומען. זי „איבערצייגט" די מעדיומס אַז זיי האַלטן בוקעטן בלומען אין זייערע הענט, הגם די, וואָס לאָזן זיך נישט איינשלעפערן זעען, אַז די מעדיומס האַלטן גאַנץ געוויינטלעכע וויעכעטשעס.

און אויף דעם זעלבן סיסטעם פון אַריינדרייען און אָפּנאַרן די קונים, רעדן איין די מאָסקווער סוחרים דער וועלט אַז אויב מצרים גרייט זיך פאַרנעמען די ירדן־מלוכה און בינו לבינו שיקט מען אַהין טשעכישע טויט־כליזיין — איז דאָס שלום־סחורה. נאָר אויב נורי־סאַיד וויל די ירושה פון זיין האַשעמיטישן קרוב, און ער וויל כאַפּן די ירדן־מלוכה — איז עס אַגרעסיע אימפּעריאַליזם, מלחמה־העצעריי. און אויב רוסלאַנד שטעלט אַריין אַ שטיוול — איז עס אַ ביישטייער צום גליק פון פעלקער. נאָר אויב ענגלאַנד שטעלט אַריין אַ קאַמאַש — איז עס אימפּעריאַליזם.

דער אמת איז, אַז ביידע, סיי רוסלאַנד און סיי ענגלאַנד, מיינען נישט די טובה פונעם קונה. נאָר זיי מיינען זייער סחורה. ביידע ווילן איינס און דאָס זעלבע — אָפּנאַרן די קונים. דעם אונטערשייד אָבער „מעכטע איך קלאַוויר שפּילן"; בעת ענגלאַנד איז אַן אַלטער סוחר, וואָס וויל נישט פאַרלירן זיין קראָם, איז רוסלאַנד אַ סוחר אַ כישוף־מאַכער, אַ סוחר אַ זשאָנגלער, וואָס טוט דיך אויס און וויל דיר איינרעדן אַז דאָס האָט ער דיך אָנגעטון. אין פּוילן גייט אַרום אַ וויץ וועגן די גיגנטיקע האַנדלס־באַציאונגען צווישן פּוילן און רוסלאַנד;

מיר שיקן קיין רוסלאַנד אונדזערע קוילן, דערפאַר נעמען זיי ביי אונדז צו, די רוסן, דעם גאַנצן צוקער... אַן אַנדערע אויפלאַגע פון דעם וויץ גייט אַרום אין טשעכיע: מיר שיקן קיין רוסלאַנד מאַטאָרן, דערפאַר באַצאָלן מיר די רוסן מיט געווער פאַר עגיפּטן...

אָט דאָס איז דער ריכטיקער סוחרישער טאַלאַנט: אויסבייטלען דעם קונה און מאַכן ער זאָל זיין איבערצייגט, אַז ער האָט געכאַפּט אַ מציאה. צע־העצן שכנים, אַז זיי זאָלן זיך קעגנזייטיק שעכטן, אָבער זיי זאָלן זיין איבער־צייגט, אַז זיי פאַרטיידיקן דעם שלום. שיקן געווער אויף צו שיסן און איינרעדן דער וועלט אַז דאָס איז אַן אויסדרוק פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

די מעשה איז אָבער די, וואָס מיך וווּנדערט נישט הלמאי זענען פאַראַן ציגיינערישע סוחרים, סוחרים בייטלשניידער. אָבער וואָס עס וווּנדערט מיך יאָ, איז דאָס, וואָס די קונים בלייבן — קונים. און עס איז גאָר נישטאָ אַזאַ בבלע סחורה, וואָס די פּיפיקע סוחרים זאָלן נישט געפינען פאַר זיי ענטוזיאַסטישע קונים. און צווישן דעם מבול פון טויזנטער דערפינדער האָט זיך נאָך נישט אָפּגעפונען אַזאַ, וואָס זאָל אויסגעפינען אַ מיטל אויפצוּוועקן די מעדיומס, זיי זאָלן ענדלעך דערזען, אַז נישט קיין געליבטע האַלטן זיי אין זייערע אָרעמס, נאָר דאָס האַלטן זיי בעזעמער, וואָס די זשוליקעס האָבן זיי דערלאַנגט און איינגערעדט. און טאָמער וואָלטן זיך די מאַסן קונים־מעדיומס מיט איין מאָל אויפגעכאַפּט און דערזען די גרויסע אָפּנאַרעריי פון די וועלט־קרעמער — וואָלט אויף אַן אמת פאַרגעקומען די גרעסטע רעוואָלוציע, וואָס וואָלט באפרייט די וועלט פון דער שרעקלעכער איינטיילונג אויף סוחרים און קונים...

19טער אָקטאָבער 1956

## פאַר וועמען איז דער טאַבעק?

צוויי בטלנים זענען אַמאָל געזעסן אין קלויז און געשמועסט וועגן דעם צי איז אַ מענטש ביכולת צו שמעקן טאבעק אָן הענט. זאָגט איינער פון די בטלנים: אוודאי, ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז צו שמעקן טאַבעק דאַרף מען נישט קיין הענט, נאָר מען דאַרף אַ נאָז. זאָגט דער צווייטער בטלן: אויב אַזוי, אויב מען קען זיך באַגיין אָן די הענט ביים שמעקן טאַבעק איז אַ סברה אַז מען דאַרף אויך נישט קיין נאָז. זאָגט דער ערשטער צום צווייטן: זיי נישט קיין בטלן. ביים שמעקן טאַבעק זענען די הענט וויכטיקער פון דער נאָז, וואָרום דער גאַנצער ענין פון שמעקן טאַבעק איז דאָס אָנקלאַפּן אין שקעטעלע, אַריינ־שטעקן די צוויי פינגער און אַרויסנעמען דעם אמתן שמעק טאבעק. און איצט ווו איז דאָס ברייטע מכבד זיין דער נאָז דעם שמעק טאַבעק, אָט דאָס רחבותדיקע אויפהייבן די צוויי פינגער און דערלאַנגען צו די נאָזלעכער? הע, פאַרשטייסט אָן ענין? דאָס וויכטיקסטע פאַר אַ שמעק טאַבעק זענען דווקא הענט.

איי, בטלן איינער, זאָגט דער צווייטער בטלן צום ערשטן. הענט־שמענט. ווי קומען די הענט צו אַ שמעק טאַבעק, אַז די גאַנצע הנאה ליגט אין דער נאָז. די הענט זענען נישט מער ווי בבחינת שליחים, אָבער די נאָז — זי איז די שמעקערין, פאַר איר האָט דער רבונו־של־עולם באַשאַפן דעם טאַבעק, לכבוד איר שניצט מען די טאַבעק־שקעטעלעך און זי, די נאָז, איז עס די, וואָס אַז גאָט העלפט און דער טאַבאַק דערגייט ווו מען דאַרף, גיט זי דעם אמתן און ריכטיקן און געגעזונדיקן נאָס — צו געזונט!

איך קען נישט הערן אַזעלכע בטלנישע רייד, זאָגט דער ערשטער בטלן צום צווייטן, נאָז־שמאָז. וואָס האָט דאָ צו טון די נאָז? אַז סך־הכל איז זי אַ חוטם, וואָס שטופּט זיך אומעטום און נישט אין אירע געשעפטן. גיי שוין גיי, מאַלע וואָס דיר קען איינפאַלן! האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דער טאַבעק דאַרף דערגיין ווו מען דאַרף, הייסט דאָך עס, אַז נישט די נאָז איז דאָ די מחותנתטע, נאָר זי איז דיר אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. איז מיין סברה די ריכטיקסטע, אַז ביים שמעקן טאַבעק איז דאָס וויכטיקסטע די הענט.

זאָגט דער צווייטער בטלן צום ערשטן: ווייסטו וואָס? אַזוי ווי אונדזער שמש איז דאָך אַ ייד וואָס שמעקט־אויס, קיין עין־הרע, אַ האַלבע וועלט טאַבעק, טאָ לאָמיר אים אַרויפבענדיקן אויפן טיש, אָפּשניידן די נאָז, וועלן מיר זען, צי ער קען שמעקן טאבעק אָן דער נאָז.

דער איינפאַל איז נישט קיין שלעכטער, זאָגט דער ערשטער בטלן צום

צווייטן, נאָר פאַרוואָס זאָל מען אים אָפּשניידן די נאָז ? איך האַלט, אַז מען דאַרף אים אָפּשניידן די הענט.

האָבן זיךביידע בטלנים אַזוי לאַנג געאַמפּערט, וואָס מען זאָל אָפּשניידן ביים שמש — די נאָז, צי די הענט, ביז זיי זענען געקומען צו אַ פּשרה: מען וועט ביי אים אָפּשניידן אַלע ביידע דריי — די הענט מיט דער נאָז און...

כך הווה, דאָס איבעריקע קענט איר זיך פאָרשטעלן.

קענט איר נישט האָבן קיין טענות צו צוויי בטלנים אין קלויז, וואָס האָבן געבראַכט נעבעך אַן אומגליק אויפן שמש און פאַרפינצטערט דאָס לעבן פון אַ וויסטער אלמנה מיט יתומים. אויף דעם זענען זיי בטלנים. אָבער וואָס זאָלן מיר זאָגן צו אונדזערע וועלט־צעלייגער, צו די גרויסע פירער פון פעלקער און לענדער, מישטיינס געזאָגט, וואָס קיין בטלנים זענען זיי נישט, נאָר אָפּשעכטן אַ וועלט קענען זיי נישט ערגער פון די גרעסטע בטלנים, אויב נישט נאָך מער.

האָבן געוווסט קינדער אין די וויגן, אַז דער סועץ־קאַנאַל איז אַ גאַנצער גוף פאַר דער גאַנצער וועלט. עס איז גאָר נישטאָ קיין מדינה אויף דער וועלט וואָס זאָל נישט זיין פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז דער סועץ־קאַנאַל זאָל זיין אָפּן פאַר אַלע אַן אויסנאַם — טאָג ווי נאַכט, אין מלחמה צי אין שלום. דער סועץ־קאַנאַל איז איינציק אין זיין אינטערנאַציאָנאַלער וויכטיקייט; און דאָס איבערלאָזן די קאָנטראָל איבערן קאַנאַל אין די הענט פון איין מדינה, הייסט אויסליפערן צו דער דאָזיקער מדינה די לעבנס־אינטערעסן פון צענדליגער פעלקער. איבער־לאָזן די קאָנטראָל אין די הענט פון נאַצערן, אַ פאַשיסטישן דיקטאַטאָר אונטער דער מאַסקע פון אַ קעמפער פאַר נאַציאָנאַלער פרייהייט און סוווערעניטעט — מיינט נישט בלויז פאַרמאַכן די אַזיאַטישע וועלט פאַר ישראל־שיפן, נאָר מיינט אויסהונגערן און דערפירן צו אַ סאָציאַלן כאַאָס אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער. אמת, אויב דער קאַנאַל גייט אַדורך דורך דער מצרישער טעריטאָריע — איז דאָס ס'דאָבערע מזל פון די מצרים און די הכנסה פונעם קאַנאַל דאַרף געהערן זיי, ווי די הכנסה פון נאַפט געהער צו די מדינות, וואָס ס'מזל האָט זיי צוגעשפּילט צו האָבן נאַפט־אוצרות. אָבער די קאָנטראָל איבער דעם סועץ דאַרף זיין אַן אינטערנאַציאָנאַלע.

איז די מעשה אָבער וואָס צדק, יושר און לאָגיק זענען קיין מאָל נישט געווען צו פיל אויף דער וועלט, בפרט נאָך היינט, ווען פון די שענסטע אידייען איז געבליבן עפּעס אַ מין וויסטע דעגענעראַציע. וואָס נישט זי קאָן לעבן און נישט מען קען זי באַגראָבן. און אין דער אַטמאָספער פון דער דאָזיקער אידייען־דעגענעראַציע זעען מיר אויס די וועלט־פירער ווי יענע צוויי בטלנים אין קלויז, וואָס האָבן אַזוי לאַנג דיסקוטירט וועגן טאַבעק ביז זיי האָבן דערמאָרדעט דעם שמש, דעם טאַבעק־שמעקער.

ווען אונדזערע וועלט־בטלנים וואָלטן געגעבן איבער די הענט אבדול נאַצערן, דעמאָלט ווען ער האָט נישט אויסגעפירט דעם באַשלוס פון זיכערהייט־ראַט אַדורכצולאָזן ישראל־שיפן, וואָלט ער, נאַצער, נישט געווען אַזוי פאַר־

ריסן און זיינע עצה־געבער וואָלטן אים גישט צוגערעדט צו האַנדלען איינזייטיק אין דער פראַגע פון סועץ־קאַנאַל. אָבער אַז נאַצער האָט געזען, אַז דער זיכער־הייטס־ראַט לאָזט אויף זיך פייפן, האָט ער אויסגעהערט די עצות פון די וועלט־אונטערצינדער און געהאַנדלט אין דער פראַגע פון קאַנאַל ווי ער האָט געהאַנדלט. איז נאָך צייט געווען גלייך נאָך דעם אינטערוועגירן מיט כוח אין דער פראַגע פון קאַנאַל און ווייזן, אַז די וועלט איז נישט הפקר. האָט נישט ענגלאַנד און נישט אמעריקע אַזוי געהאַנדלט, נאָר מען האָט זיך געזעצט דיסקוטירן. און די דיסקוסיעס אין לאָנדאָן האָבן געהאַט אַלע „חן־גריבעלעך" פון יענער דיסקוסיע פון די צוויי בטלנים אין קלויז. און די קאָמיסיע פון די פינף, וואָס זענען געפאָרן צו אבדול נאַצערן, האָט געהאַט אַ פּנים פון חוזק. ווי זאָגט מען ביי יידן: אַז דער אַלטער טשערנאָבילער פאָרט צום ישובניק, קען ער נישט דערוואַרטן, אַז דער ישובניק זאָל אים מעיז פּנים זיין, נאָר ער איז אים מעיז ת... לויט דעם שטייגער ווי עס זאָגן עם־הארצים. און ביי יידן זאָגט מען נאָך, אַז אַ לאַנגע קרענק איז אַ זיכערער טויט. אויב מען האָט זיך געזעצט צו בטלנישע דיסקוסיעס, האָבן זיי זיך געמוזט ענדיקן מיט אָפּשניידן די נאָז און די הענט פונעם שמש, מיט מאַכן פון דער שמשטע אַן אלמנה מיט פיצלעך קינדער, וואָס וויינען: עסן, און דער טאַבעק האָט נישט ווער עס זאָל אים שמעקן...

אַנשטאָט צו האָבן געלט אויף פינאַנסירן די אַסואַן־דאַמבע, האָט מצרים פאַרלוירן אַזאַ סומע אין די מלחמה־שאָדנס און ווירטשאַפטלעכע שאָדנס; דער סועץ־קאַנאַל ליגט פאַרבלאָקירט; אייראָפּע דאַרף איצט איינציען דעם פאַסיק; דאָס מצרישע פאָלק האָט געליטן שווערע אבידות; פעלקער האָבן געמוזט אָנקומען צו פאַרשפּעטיקטן כוח, און ועל כולם איז אויף דער גאַנצער וועלט אָנגעיאָגט געוואָרן דער פחד פאַר אַ דריטן וועלט־קריג.

אדרבא וועלכעס פאָלק און וועלכע מדינה האָט פּראַקטיש און עקאָנאָמיש געזיגט אין אָט דעם בטלנישן וויכוח? קיין שום פאָלק נישט און קיין אומה נישט. נצחונות, אפילו די גרעסטע, וואָס רעאַליזירן נישט די צילן, צוליב וועלכע די קאַמפן זענען געפירט געוואָרן — זענען נישט קיין נצחונות, נאָר אַ קנאַל אין דער לופט. נישט מער.

נו, איז נישט בעסער די בטלנים צו „געבן שמעקן טאַבעק", איידער זיי לאָזן פירן אַ וויכוח וואָס ס'איז וויכטיקער ביים שמעקן טאַבעק — די הענט צי די נאָז...

23סטער נאָוועמבער 1956

## באַקשיש איבער אַלץ

געצל־גרונם איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ווען דער מענטש זאָל דאַרפן אַרבעטן, וואָלט דאָך דער רבונו־של־עולם נישט באַשאַפן קיין פערד. אָבער אַזוי ווי דער רבונו־של־עולם האָט יוּוקא יאָ באַשאַפן פערד, איז דער מענטש, וואָס רייסט זיך נאָך אַרבעט, נישט מער ווי אַ בהמה. און אַזוי ווי געצל־גרונם האָט נישט געוואָלט זיין קיין בהמה און לעבן דאַרף מען, און כדי צו לעבן דאַרף מען געלט און די באָבע האָט אים קיין ירושה נישט איבער־געלאָזט — האָט ער געטון, וואָס אַ סך יידן טוען: ער האָט געקלאַפּט אין דער פּושקע און... אויף קיין שום ייד נישט ערגער! און בעסער האָט קיין שיעור נישט.

אָבער געצל־גרונם האָט נישט בלויז געקלאַפּט אין דער פּושקע. נאָך העכער און רעשיקער, ווי ער האָט געקלאַפּט אין דער פּושקע, האָט ער גע־שריגן: „יידן, צדקה תציל ממות!" און געשריגן האָט ער אַזוי, ווי עס וואָלט געברענט אַ שריפה, און ווי נאָר מען וועט אים געבן ס'זייניקע וועט די שריפה פאַרלאָשן ווערן.

און דעם „צדקה תציל ממות!" האָט ער אויסגעלאַרמירט נישט בלויז אויף לויות, אויפן בית הקברות, נאָר אומעטום וווּ ער האָט זיך געקערט און געוועגדט נאָך נדבות: אויפן פישמאַרק, פון טיר־צו־טיר, אין בית־המדרש, פאַר דער באָד און ווו נישט?

איז ווען יודקע דער גאַלאַנטערייניק האָט איין מאָל געפּראַוועט די חתונה פון זיין בת־יחידקע, די כלי־זמרים האָבן געריסן די כלים, דער בדחן האָט געשאָסן מיט ווערטלעך און די בעלי־בתים האָבן זיך משמח געווען — האָט געצל־גרונם געקלאַפּט אין דער פּושקע און זיך באַמיט אַלעמען איבערצושרייען מיט זיין „צדקה תציל ממות!"

שטעלט מען אָפּ געצל־גרונם און מען פרעגט אים: היתכן? אַ חתונה — איז משמח — איז מען זיך; די קאַפּעליע — שפּילט; אַ סעודה — עסט מען. איז ווי קומסטו אין מיטן דערינען מיט דיין „צדקה תציל ממות"? ס'איז דען עמעצער געשטאָרבן?

האָט געצל־גרונם געענטפערט: ס'שטייט בפירוש געשריבן „עני חשוב כמת". איז אַזוי ווי איך בין אַן עני, נישט פאַר אייך געדאַכט, שריי איך דעם „תציל" נישט פאַר אייך, נאָר פאַר מיר, מיך וועט די צדקה אַפּראַטעווען פון טויט. פאַרשטייט איר שוין?

און יידן האָבן פאַרשטאַנען: אַ לויה, אַ ברית, אַ חתונה, אַ גט, אַ שמחה, צי אַ רציחה — געצל־גרונם איז נישט מוותר אויף זיין „צדקה תציל ממות".

די מעשה איז אָבער וואָס געצל־גרונם האָט חלילה קיינעם נישט געשטעלט אין געפאַר; ער האָט קיין וועלט נישט געשטעלט אין קאָן; נישט געמישט קיין קהלהשע בלאָטעס; נישט געשטעקט די פינגער אין פרעמדע עסקים און אַ ווערטל האָט ער געהאַט: איך בין קיינעם נישט מקנא און שטער נישט קיינעם צו גיין אין די הייזער...

אָבער געצל־גרונם האָט זיך זיכער נישט פאָרגעשטעלט, אַז ווי זיינס־גלייכן זענען נישט בלויז יחידים, קבצנים, וואָס האָבן ווייבער מיט קינדער מפרנס צו זיין, נאָר עס זענען אויך פאַראַן גאַנצע פעלקער, וואָס לעבן מיט דער פושקע אין דער האַנט און מיט זייער אייגענעם און אייגנאַרטיקן „צדקה תציל ממות", נאָר ביי זיי הייסט עס „באַקשיש".

אָט נעמט אַ שטייגער אבדול גאַצערן. ער האָט פיינט קאָמוניזם און האָט ליב באַקשיש. איז ער געגאַנגען מיט אַמעריקע און זיך אָריענטירט אויפן מערב. איז געקומען רוסלאַנד און אים געגעבן אַ גרעסערן באַקשיש — האָט ער אָוועקגעוואָרפן אַמעריקע און גענומען דעם באַקשיש פון רוסלאַנד. אייגנטלעך, האָט ער געוואָלט דעם באַקשיש פון ביידע, נאָר ער האָט זיך נישט געקענט צערייסן, נישט געקענט זיין מיט איין ווי־רופט־מען־עס אויף צוויי יאַרידים. האָט ער געלאָזט דעם קלענערן באַקשיש און גענומען דעם גרעסערן באַקשיש — דעם רוסישן, דעם רוישיקן, דעם קלינגענדיקן באַקשיש. און פונקט ווי ער האָט גענומען באַקשיש אַזוי האָט ער געגעבן באַקשיש. ער איז געוואָרן דער באַקשיש־הורטאָוניק — פאַר סיריע און פאַר דער ירדן־מלוכה, ביז ס'האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ און ער האָט פאַרגעסן אויף וועלכער וועלט ער לעבט — אַז אַ וועלט גיט אַזוי פיל באַקשיש!

נאָר אַז ישראל האָט נאַצערן אַ זעץ געטון אין דער באַקשיש־פושקע און אים צעשיט דאָס ביסל מינץ איבערן סיני — איז ער אַרויס מיט אַ „קאַראַ־אול". חלילה נישט מיט קיין אידעאָלאָגישן קאַראַאול, מיט נישט קיין הויכע אידייען. נאָר פשוט: כדי צו ראַטעווען די פעל און ווידער פאַר — באַקשיש.

ווער איז נעענטער? רוסלאַנד דאַרף שיקן „פרייוויליקע" און אויפן וועג איז פאַראַן אַ ים. איז איידער עס וועט קומען די נחמה — קען אויסגיין די נשמה. רוקט זיך דערווייל אונטער אַמעריקע מיט אַ פעטן באַקשיש, מיט אָפּ־ראַטעווען דאָס בענקל, מיט אָפּראַטעווען פון צעפאַלן זיך, דערצו נאָך מיט מיליאָנען באַקשיש!

איר זוכט מאָראַל? איר זוכט פּרעסטיזש? בלאָטע. דער עיקר איז דער באַקשיש, און אַז מען באַקומט אַ שטאַרקן און פעטן באַקשיש לאַכט מען פון דער וועלט.

און נאַצער לאַכט איצט פון דער וועלט. ער שטייט שוין ווידער אויף

בײדע פּיס און מיט דער פּושקע אין די הענט — צדקה תּציל ממות — באַקשיש. און אַמעריקע שיט מיליאָנען.

און אַזוי ווי מצרים אַזוי אויך סיריע; איר זאָגט — אומאָפּהענגיקייט, סוווע־רעניטעט, אַראַבישע אײניקייט? דאָס איז דאָס לידל, וואָס עס זינגט דער קבצן, כּדי צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די קליענטן, פון וועלכע מען קען באַקו־מען באַקשיש. צום ערשטן איז סיריע פּטור געוואָרן פון די פראַנצויזן ווייל זיי האָבן געגעבן קולטור, אין דער צייט ווען די ענגלענדער האָבן געגעבן באַקשיש. נאָר אַז ס'איז געקומען אַמעריקע און געגעבן אַלע בײדע דרײ — סײ קולטור־באַקשיש און סײ באַקשיש־באַקשיש — איז אַ כּפּרה די ענגלענדער. נאָר אַז ס'זענען געקומען די רוסן און דערציילט אַ מעשה, אַז בײ זיי באַקומט מען אַ דרײפאַכיקן באַקשיש — אַ קולטור־באַקשיש, אַ סוווערעניטעט־באַקשיש און דערצו נאָך באַקשיש־באַקשיש ממש — שלאָגט מען פּאַר אַ כּפּרה אַמעריקע און מען גייט צו די רוסן. ווייל די הויפּט־זאַך איז „צדקה תּציל ממות" — באַקשיש.

און נישט קיין אַנדערער כּוח ווי באַקשיש האָט באַוועגט די עבר־הירדענער צו שלאָגן כּפּרה מיט ענגלאַנד און גיין מיט.. וועמען? עס האָבן זיך איצט צע־מישט די יוצרות. זיי ווייסן נאָך נישט אויף זיכער מיט וועמען צו גיין, ווייל מען ווייסט נאָך נישט אויף זיכער ווער עס וועט זיין דער גרעסטער באַקשיש־געבער...

אויב איר וועט מיר פרעגן, הלמאי האַלטן די אַראַבישע מדינות די פּליטים פון ארץ־ישראל אין מחנות אַנשטאָט זיי צו באַזעצן און פּראָדוקטי־וויזירן — וועל איך אײַך ענטפערן, אַז זיי טוען דאָס בלויז צוליב דעם באַקשיש, וואָס פאַלט זיי אַרײַן פאַר די פּליטים.

איי, וועט איר פרעגן, ווו איז אחריות פאַר אייגענע ברידער, פאַר אייגן בלוט און פלייש; די פּליטים ווערן דאָך דעגענערירט אין די מחנות, זיי וועלן דאָך מער נישט קענען זיך נעמען צו קיין פּראָדוקטיווער אַרבעט — איז דאָס אַלץ בלאָטע, ווייל דער עיקר איז — באַקשיש. אויף באַקשיש שטייט די וועלט.

איך פאַרזיכער אײַך, אַז טאָמער וואָלטן מיר געווען אין דעם מעמד, אַז מיר זאָלן קענען די אַראַבער געבן מער באַקשיש, ווי עס קענען זיך דערלויבן אַנדערע — וואָלטן זיי אַוועקגעוואָרפן אַלע זייערע נאַרישקייטן און געמאַכט מיט אונדז שלום אין איינע פאַר וואָכן. וואָרום קיין שום וואָרט אין אַראַבישן לשון אַפּעלירט נישט אַזוי צו זיי ווי עס אַפּעלירט דער באַקשיש. ווען אַן אַראַבער זאָגט אַרויס דאָס וואָרט באַקשיש — דערפילט ער אַלע תּענוגים אין דער וועלט; ער הערט דעם סאַמעטענעם שאָרך פון אַ מטבע, וואָס שאַרט זיך אַרײַן אין טייסטער אַרײַן. אין דעם וואָרט באַקשיש הערט ער דאָס שורשקען פון זייד, דאָס שורשקען פון אַ תּאוותדיקן סוד — באַקשיש.

און זיי זענען פאַרעקשנט קעגן אונדז נאָר דערפאַר ווייל זיי האָפן נישט פון אונדז צו באַקומען באַקשיש. וואָס פאַר אַן אינטערעס, מישטיינס געזאָגט, קענען זיי האָבן פאַר עמעצן, וואָס איז נישט באַקשיש־פּעאיק? יאָ, חביבי, צוויי

סאָרטן געזעלשאַפטן זענען פאַראַן אויף דער וועלט: איין סאָרט, וואָס גיט באַקשיש, און אַ צווייטער — לא עלינו, וויל נישט געבן, אָדער קען נישט געבן. איז מיט דעם צווייטן סאָרט נישטאָ וואָס צו רעדן. מען קען אים אפילו נישט אָנערקענען נישט דע פאַקטאָ און נישט דע יורע, ווייל ער פאַרמאָגט נישט דעם וויכטיקסטן אַטריבוט — ער גיט נישט קיין באַקשיש.

און פאַר אונדזערע לאַכטקיע קוזינעס, ווי פאַר געצל־גרונם, עקסיסטירן בלויז די, וואָס גיבן באַקשיש. די סיטואַציעס זענען נישט וויכטיק. אויך געצל־גרונמען איז ווינציק־וואָס אָנגעגאַנגען — אַ לויה, צי אַ ברית, אַ חתונה, צי אַ שריפה, אַ שמחה, צי אַ וואַלקנבררוך, דער עיקר — צדקה תציל ממות, גיט באַקשיש, קינדערלעך, ווייל אויף דעם שטייט די וועלט. והראיה, ווען אַמעריקע וואָלט איצט נישט געגעבן נאַצערן דעם ריכטיקן באַקשיש און גלייכצייטיק זיך קעגנגעשטעלט אַ רוסישער אינטערווענץ — וואָלט אבדול נאַצער געפאַלן ווי אַ בינטל שטרוי; און אין אַ באַקשישלאָזער וועלט וואָלטן צוזאַמען מיט נאַצערן געפאַלן נאָך אַ פּאָר צדקה־תציל־ממות׳ניקעס. אָבער ווי קען מען עס דערלאָזן דער אָריענט זאָל פאַרלירן זיין פונדאַמענט און זיין מאָראַלישן פרצוף? ווי קען מען עס דערלאָזן צו דעבאַקשישיזירן אַ וועלט, וואָס איז פון קדמונים געווינט צו באַקשישיזאַציע?

ניין, צו אַזאַ קאַטאַסטראָפע האָט אַמעריקע נישט געקענט דערלאָזן. דערי־בער האָב איך מורא, אַז עס וועט זיך גאָרנישט בייטן אויפן לעוואַנטיגישן פראָנט — באַקשיש איז געווען און באַקשיש וועט זיין. און ווער עס קען מער געבן, דער האָט מער שאַנסן צו געווינען דעם אַראַבישן קבצן מיט זיין אַלט לידל: צדקה תציל ממות...

30סטער נאָוועמבער 1956

# פּדיון־שבויים

פּדיון־שבויים, זאָגט מען ביי יידן, איז איינע פון די גרעסטע און שענסטע מצוות. און פאַר דער מצווה פון פּדיון־שבויים וועט אַ ייד זיך לאָזן קאָסטן אַכצן און דרייצן. עפּעס אַ קלייניקייט: פּדיון־שבויים!

פאַר סומך־נופלים — מילא. גאָט העלפט געפאַלענע. איז אוודאי אַ גרויסע זאַך צו העלפן געפאַלענע. אָבער ווו שטייט עס געשריבן, אַז איך דאַרף זיך מישן אין רבונו־של־עולמס אינעווייניקסטע ענינים? הע, איך מוז דען?

הכנסת־כלה איז אויך פון די גרויסע זאַכן, אָבער פאַר געבן אויף הכנסת־כלה קען מען זיך אַמאָל אָפּשפּאָרן די אמתע קללות פון דער געוועזענער כלה, וואָס מען האָט איר צוגעהאָלפן צו פאַרדרייען זיך די יאָרן מיט דעם שלימזל איר מאַן.

אָבער פּדיון־שבויים?! דאָס איז די ריכטיקע מצווה, וואָס וועט אייך קיין מאָל נישט אויסגיין באַקעם. איז פאַרוואָס זשע איז ק״ק סוביווקע אומגליקלעך געוואָרן פון פּדיון־שבויים? הע, ווי אַזוי איז עס געשען, אַז די שיינע און דערהייבענע מצווה איז דעם שטעטל אויסגעגאַנגען באַקעם?

איז די מעשה, דערציילט מען, געווען אַזוי:

קהל האָט געקלאָגט אויף די גבאים פון ק״ק סוביווקע, אַז זיי רייסן פאַסן, כאַפּן ביים עולם ווי דער רוח דעם מלמד, לאָזן ביים עולם קיין פּרוטה נישט דערוואַרעמען זיך, רייסן פון טויטע און פון לעבעדיקע, אַז קהל איז שוין פאַרביי. אַזוי האָבן זיך די גבאים צוגעוווינט, און אַז ויקח קורח מאַכט רש״י: אַ בהמה גיט און דער מילכיקער מעלקט. נאָר ווי לאַנג קען מען מעלקן, אויב עס מעלקט זיך נישט מער.

איז קהל געוואָרן פויל אויפן גרייצער, געשלאָסן די טייסטערס ווי מען שליסט אַן אייזערנע קאַסע און מען וואַרפט אַריין דעם שליסל אין טייך, און — שריי חי־וקיים. אַז קהל גיט נישט זענען די גבאים קיין חכמים נישט.

מאַכט זיך אַ מעשה און מלכות שליסט אין קייטן אַ מנין יידן, ווי ס'איז דער שטייגער צווישן גויים. ווערט אין שטעטל חושך, מען לויפט אין קהל־שטיבל, מען שרייט אַהער און אַהין און עס פאַלט דאָס וואָרט: פּדיון־שבויים.

דערהערט „פּדיון־שבויים" איז די יידן אַנטפאַלן דער מאַמעס מילך, די טייסטערס האָבן זיך געעפנט, ווי זיי וואָלטן קיין מאָל נישט געווען פאַרשלאָסן און — טרערן אַריין און גרייצערס אַרויס. און צוזאַמען מיט די גרייצערס זענען מיטגעגאַנגען יידישע תפילות, אַז פריער גאָט און דערנאָך די גבאים זאָלן

מאַכן, אַז די געפאַנגענע יידן זאָלן אויסגעלייזט ווערן פון קלעם און אַז משיח זאָל קומען במהרה בימינו ואמרו אמן.

דערזען אַזאַ מעשה, אַז יידן האָבן אַראָפּגענומען די האַנט פון האַרצן און גיבן פאַר פּדיון־שבויים, ווי יעדער פון זיי וואָלט געוועז... ראָטשילד, זענען די גבאים געוואָרן אויסער זיך פון פרייד: כ׳לעבן געפונען די ריכטיקע רפואות צו קהלס קמצנות. איצט וועלן זיי זיך שוין נישט אַרויסדרייען. אויב זיי האָבן שוין יאָ געעפנט די טייסטערס, וועלן זיי ביי אונדז אויפבינדן אויך די קניפּלעך און אפילו די קידושין־רינגלעך אַוועקגעבן. און טאַקע מיט פרייד וועט מען זיי אויסבייטלען, און זיי אַליין וועלן מיט שירה אַוועקגעבן ביז צו דער לעצטער פּרוטה, און זיין איבערצייגט, אַז אַלץ איז פאַר דער גרויסער מצווה פון פּדיון־שבויים.

וכך הווה. צו מנחה און מעריב האָט מען געקלאַפּט אין בעלעמער פּדיון־שבויים. אין דער וואָכן און שבת — פּדיון־שבויים. ערב סוכות און ערב פּסח — פּדיון־שבויים. קאָלט צי וואַרעם — פּדיון־שבויים. און די יידן האָבן געגעבן. מיט ליבשאַפט געגעבן. ביז צום לעצטן געגעבן. און אפילו ווען זיי האָבן שוין געהאַט אַנגעטאָן טאַרבעס און געגאַנגען איבער מדינה האָבן זיי נאָך אַלץ גע־געבן. וואָרום אַ קליינינקייט עפּעס ביי יידן: פּדיון־שבויים ?!

אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז די יידן פון ק״ק סוביוווקע האָבן זיך געכאַפּט, אַז די שבויים זענען שוין יאָרן־לאַנג אויף דער פריי און עלטערן זיך אין פריידן; און בלויז זיי אַליין, די סוביוווקער תושבים, זענען געבעך די אמתדיקע שבויים ביי די גבאים און זיי דאַרפן מען זאָל זיי אַ רעכט ביסל פּודה זיין...

אנטקעגן וואָס האָב איך דערציילט די מעשה מיט פּדיון־שבויים? אַנטקעגן דעם, וואָס יעדער האָט ליב צו ג׳יין אין באָד אַריין, אָבער אַלע האָבן פיינט ווען מען פּירט זיי אין באָד אַריין. דעריבער איז פאַראַן אַ בפּירושער פּסוק, אַז אויף הינער־אויגן און אויף אַ גוט האַרץ טאָר מען נישט צופיל קוועטשן, וואָרום אַמאָל קען דער רואיקסטער מענטש אַרויס פון די כלים....

אַז אַ פאָרשער וואָלט געוואָלט אויספאָרשן דעם פּאַטריאָטיזם פון יידן אין ישראל — האָט ער געהאַט די בעסטע געלעגנהייט אין די טעג פון דעם מעמד־סיני. דאָס איז געוועזן אַ בילד ווי אַזוי יידן רייסן זיך צו פּדיון־שבויים, ווען זיי אַליין זענען די שבויים... מאָביליזאַציע, קרבנות, געלט, מסירת־נפש — די רעגירונג דאַרף נאָר זאָגן און יידן זענען גרייט אויף אַלץ. אַ קליי־ניקייט עפּעס פּדיון־שבויים, באַפרייען זיך פון די מצרישע שלעק און אַנדערע פּאַדאָינס!

פאַר דעם מעמד־סיני זענען יידן געשטאַנען אויף יעדן גראָשן: טייערער עלעקטריע? חלילה, מען וועט נישט געבן. אַ קאָמיסיע זיצט און ברעכט דעם קאָפּ טייערער צו מאַכן די עלעקטריע און — וואַגט נישט. וואָרום די טייערקייט וועט אַרויפשפּרינגען אויפן אינדעקס, דער אינדעקס וועט שפּרינגען אויף דעם תוספת־יוקר, דער תוספת־יוקר וועט אַרויפשפּרינגען אויף דעם אַרבעטס־לוין,

דער אַרבעטס־לוין — אויפן בודזשעט, דער בודזשעט — אויף אינפלאַציע און — שוין.

טייערער מאַכן אויטאָבוסן? חלילה! געדענקען מיר דאָך וואָס פאַראַ קאַמפּן און שטרייקן עס זענען פאָרגעקומען און ווי דער מיניסטער איז גע־שטאַנען שטאָל און אייזן אויף יעדער פּרוטה, וואָרום יעדע פּרוטה קען זיך אַרויפקאַלערן אויפן תוספת־צרות און חלילה באַדראָען דעם הייליקן אינדעקס מיט אַלץ און מיט אַלעמען.

איז אונדזער פינאַנץ־מיניסטער שוין געשטאַנען פאַר אַן אייזערנער טיר: נישט צו עפענען זי און נישט דורכצוברעכן. אַז יידן האָבן פאַרשלאָסן די טייס־טערס אויף זיבן שלעסער, איז דאָך נישט שייך. און עס האָבן נישט געהאָלפן די קאָמיסיעס, די ראַטגעבער, די כל־מיני המצאות ווי אַזוי צו איבערצייגן דעם עולם, אַז וואָס מער ער גיט אַלץ בעסער איז פאַר אים. ממש דאָס קומען פון משיחן איז אַפּהענגיק פון דעם וויפל אַ ייד איז גרייט צו צאָלן שטייערן...

איז ווער ווייסט ווי אַזוי אונדזער פינאַנץ־מיניסטער וואָלט זיך אַוועק־געזעצט צוריכטן דעם קומענדיקן בודזשעט, ווען נישט דער מעמד־סיני.

יידן, וואָס האָבן ליב ביי יעדער געלעגנהייט צו מאַכן אַ וויץ, אַ שמייכל טון און אַריינקוקן אין קרומען שפּיגל, זאָגן איצט אַז דער זיג פונעם פינאַנץ־מיניסטער איז אַ סך גרעסער ווי דער זיג פון צה״ל, וואָרום צה״ל האָט איינגע־נומען און מוז נעבעך צוריק אָוועקגעבן, אָבער דאָס וואָס דער פינאַנץ־מיניסטער נעמט איין אַ דאַנק דעם מעמד־סיני, וועט ער נישט צוריקגעבן און קיינער וועט אפילו נישט מאָנען ביי אים.

און טאַקע בעת דעם מעמד־סיני, ווען יידישע הערצער זענען געווען צעגליט, האָט אונדזער פינאַנץ־מיניסטער אַ טראַכט געטון, אַז כל־זמן יידישע הערצער זענען צעגליט דאַרף מען אויסשמידן וואָס מען קען און וואָס מער און — — —

— רבותי, פדיון־שבויים!

און טאַקע ווי אויפן מיליטערישן שטייגער האָט דער פינאַנץ־מיניסטער געמאַכט אַ גענעראַלע אָפענסיווע אויף די טייסטערס. און אַז יידן האָבן דער־הערט דעם אַלטן „פּאַראָל" — פדיון־שבויים, עס גייט וועגן דער פרייהייט — האָבן זיי ברייט צעעפנט די טייסטערס, אַזוי ברייט ווי זיי האָבן צעעפנט זייערע הערצער. און מען מוז זאָגן, אַז קיין שום מדינה אויף דער וועלט האָט נאָך נישט געהאַט אַזעלכע וואונדערלעכע בירגער ווי עס האָט אונדזער מדינה — בירגער פון בלויז הארץ. נו, טאַקע, דער מעמד־סיני האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַר־מעגן מיט געלט, אַמעריקע האָט דערוויל צוגעדרייט דאָס דאָלאַרן־קראַנדל און אין דער מדינה־קאַסע ווערט שיטערער — דאַרפן יידן העלפן! וואָרום ווער דען דאַרף העלפן, אויב נישט מיר? ווער זענען עס די שבויים וואָס צה״ל האָט פודה געווען, אויב נישט מיר אַליין? און אַז מען וועט דאַרפן, צי וועלן דען יידן נישט אַוועקגעבן דאָס לעצטע קידושין־רינגל? וואָרום וואָס, מישטיינס געזאָגט,

איז אַלץ ווערט, אויב מיר ווען נישט זיין זיכער מיט אונדזער לעבן און קיום? הכלל, ס'איז פדיון־שבויים.

אלא וואָס דען? דער פינאַנץ־מיניסטער דאַרף נישט איבערציען דאָס שטריקל, אויב יידן האָבן געעפנט די טייסטערס פאַר פדיון־שבויים. וואָרום עס שיינט מיר, אַז ביי דער געלעגנהייט פון פדיון־שבויים ווערט דורכגעפירט דאָס, וואָס מען האָט פריער נישט געקענט דורכפירן מחמת מורא פאַר דעם שטורעם אין דער געזעלשאַפט: דראַסטיש אַראָפּנידערן דעם לעבנס־ניוואָ פון דעם אַרבעטנדיקן מענטש, פאַרטייערן דעם לעבנס־קאָסטן און דעם אַז דער יקרות זאָל זיך אָפּשלאָגן אויפן אינדעקס; ליקווידירן סובסידיעס; באַפרייען זיך פון לאַסטן, וואָס מען האָט נאָרמאַל נישט געקענט פון זיך אַראָפּוואַרפן, אָבער איצט אין מיטן פון קרבנות־גרייטקייט פאַר פדיון־שבויים ווערט אַלץ דורכגעפירט און געכשרט: אַז ווען אַלע שרייפעלעך וועלן שוין זיין הויך אַרויפגעשרויפט, וועט זיך דער עולם כאַפּן, אַז צוזאַמען מיט דעם גערעכטן פאַר פדיון־שבויים האָט מען אים נעבעך געפירט אין באָד אַריין.

די וואָס ווילן אַז דער עולם זאָל זיין אַ גולם, האָבן זיך געמאַכט אַ שפּריכוואָרט, אַז דער עולם איז אַ גולם. הייבט זיך נישט אָן און ס'לאָזט זיך נישט אויס. נישטאָ נאָך אַזאַ חכם ווי סאיז דער עולם. דער עולם האָט אַן אינסטינקט, וואָס איז שאַרפער פון טויזנט מוחות; און דער עולם האָט אַזאַ נאַטור, וואָס ער רעדט נישט, נאָר ער טוט. און דער וואָס קען די שטימונג פון עולם איצט ווייסט, אַז ער, דער עולם, הייבט זיך אָן פונאַנדערקלייבן צווישן דעם פדיון־שבויים און צווישן דער קאָשע, וואָס מען וויל ביי דער געלעגנהייט אָפּ־קאָכן. דאַרף דעריבער אונדזער פינאַנץ־מיניסטער באַצייטנס צעטיילן די צוויי ענינים: דעם פדיון־שבויים פון דער קאָשע, כדי יידן זאָלן צוליב סטראַכאַווקע נישט פאַרקלאַפּן די טייסטערס. אין דער צייט ווען פאַר דער מצווה פון פדיון־שבויים זענען זיי גרייט אָוועקצוגעבן דאָס לעצטע, זענען זיי אָבער נישט גרייט צו געבן דאָס לעצטע פאַר סתם אויפגעבלאָזענע בודזשעטן.

14טער דעצעמבער 1956

# אַ שרויפנציערל מיט אַ שפּאַקטיוול

געוויס האָט איר שוין באַמערקט, ווי לייכט עס איז עפּעס צו מאַכן מיט — יענעמס הענט. איר שטייט און קוקט זיך צו ווי אַזוי עס הובלט אַ סטאָלער; ווי קונציק און לייכט ער באַוועגט מיטן הובל און די שפּענער גריי־צערן זיך, ווי פּיאהלעך; און דאָס האָלץ איז געהאָרכזאַם צום ווילן פון סטאָלער; און עס דאַכט זיך אייך, אַז אַט וועט איר איבערנעמען דעם הובל און... ווי נאָר איר נעמט דעם הובל אין די הענט אַריין דערפילט איר זיך ווי איר וואָלט געטראָגן צוויי רעכטע שיך אויף צוויי לינקע פיס: שטויסט איר דעם הובל אַהער, גייט ער דווקא אַהין; און דאָס האָלץ איז האַרט און עקשנותדיק און עס ווערט אייך הייס, ווי איר וואָלט געטראָגן אַ פּעלץ אין אַ חמסין.

אָדער איר זעט ווי עמעצער שפּילט קלאַוויר. די פינגער שוועבן איבער די ביינדלעך; די טענער פליען אַליין אַרויס. מילא, שפּילן פידל, פאַרשטייט איר, אַז דאָס איז שווער; איר דאַרפט אַליין אַרויסבאַקומען דעם ריינעם טאָן. אָבער קלאַוויר? נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן. איר באַרירט דאָס ביינדל און דער ריינער טאָן קומט אַליין אַרויס. אלא וואָס דען? מען דאַרף קענען נאָטן. קענט איר שוין נאָטן. אָבער גלייך ווי איר רירט זיך צו צום קלאַוויר ווערן אייך די פינגער שטייף און געפרוירן, די ביינדלעך פּלאָנטערן זיך צווישן די פינגער און די פינגער פּלאָנטערן זיך צווישן די ביינדלעך; איר גייט אויף די נערוון, אָבער שפּילן באמת שפּילט דער מייסטער.

און צי האָט איר שוין געפּרוּווט אַליין פאַרריכטן אַ זייגערל? עס איז זייער לייכט. איר דאַרפט נאָר האָבן אַ דין שרויפנציערל, אַ פּינצעטל מיט אַ שפּאַקטיוול אויפן אויג און איר וועט עס מאַכן בעסער ווי פּיניע דער זייגער־מאַכער. אָבער אַזוי גיך ווי איר גיט אַ צעשרויף דאָס שפּינדל מיט דער פעדער־קאַסעטע — האָט איר שוין נישט קיין זייגער, נאָר דער זייגער האָט אייך; ער וועט אייך שוין נישט אָפּלאָזן; די צעפּאַלענע שטיקלעך וועלן זיך שפּילן מיט אייך. איר ווילט זיי לייגן אויף גלייך — לייגן זיי זיך קאַפּויער. איר ווילט דאָס שרייפעלע אַריינטרעפן אין לעכל, פאַלט עס אונטערן טיש. און אַז איר וועט זיך נישט שעמען, וועט איר צונויפנעמען די שברי־כלי און זי אָוועקטראָגן צו פּיניען, ער זאָל מאַכן פון איר אַ לייט...

געננוי דאָס זעלבע איז אויך מיט פּאָליטיק. די פּאָליטישע אַמאַטאָרן און אַמביטניאַקעס דאַכט זיך, אַז פּאָליטיק איז אַ גאָרנישט מיט גאָרנישט. מען דאַרף נאָר האָבן אַ ביסל מאַכט, אַ פּיצל שטח און צען נאַראָנים וואָס זאָלן מיך

האַלטן פאַר אַ חכם און איך בין אַ געמאַכטער פּאָליטיקער. פאַרקערט, אויב בײַם צוקוקן זיך — זעט אויס סטאַלערײַ לײַכט ווי אַ שליחס רײַזע קיין אַמעריקע, און שפּילן קלאַוויר איז לײַכטער ווי צאָלן שטײַערן, און פאַרריכטן אַ זייגער איז גרינגער ווי האַלטן אַ רעדע אין כּנסת — איז דאָך פּאָליטיק באמת דאָס לײַכטסטע, וואָס קען נאָר זײַן. דאָרט דאַרפט איר כאָטש אַ הובל, אַ קלאַוויר, אַ שרויפּנציערל מיט אַ שפּאַקטיוול, אָבער דאָ דאַרפט איר בלויז אַ טעלעפאָן, אַ סעקרעטאַרשע און אַ זשורנאַליסט, וואָס זאָל מיט אײַך מאַכן אַן עקסקלוזיוון אינטערוויו פאַר „ניו־יאָרק טיימס", צי פאַר „ניו־יאָרק העראַלד טריביון" און איר קענט שוין מאַכן וועלט־פּאָליטיק.

ערשט אַז איר האָט שוין אין אײַערע הענט די געהעריקע כלים: אַ ביסל מאַכט, אַ פּיצל שטח, צען נאַראָנים, אַ טעלעפאָן, אַ סעקרעטאַרשע און אַ זשור־נאַליסט פאַר איטערוויוען — בלײַבט איר שטיין ווי יענער מיטן שרויפּנציערל. עס פעלט אײַך פון די הענט און אַלץ גייט קאַפּויער. איר מאַכט אײַער פּאָליטיקע אויף „סטאַטוס קוואָ" — קומט גאָר אַרויס אַ צעמישונג; איר זענט זיכער, אַז אײַער פּאָליטיקע פירט צו שלום — צעטאָסן זיך אײַך די קאָרטן און איר זעט אַליין נישט ווי עס הייבט אָן שיסן. אײַך דאַכט זיך, אַז איר האָט באַהערשט די סיטואַציע — צום סוף האָט די סיטואַציע אײַך באַהערשט. איר זענט זיכער און איבערצייגט, אַז איר האָט אָפּגעהאַלטן דעם גרעסטן נצחון, אָבער אַז איר שלאָפט זיך איבער זעט איר ווי דער נצחון איז נעלם געוואָרן און איר האָט אין בוזעם־קעשענע פונקט דאָס פאַרקערטע.

וואָרום פּאָליטיק, קינדערלעך, איז נישט בלויז חכמה און מאַכט. פּאָליטיק איז אויך אַ פאַך, וואָס מען דאַרף לערנען און דערגרונטעווען, לאַנג זיך איבן בײַ אַ גוטן מייסטער און ווערן זעלבשטענדיק ערשט דערנאָך ווי מען האָט באַקומען אַ סך דערפאַרונג. נאָר פּאָליטיק האָט נאָך דערצו דעם חסרון, וואָס צו אַלעמען דאַרף מען אויך האָבן טראַדיציע. אפילו אין טעכנישע פּראָפעסיעס שפּילט טראַדיציע אַן אומגעהויערע ראָל. די שווייץ אַרבעט אויס די בעסטע זייגערלעך אויף דער וועלט נישט דערפאַר ווײַל זי האָט די בעסטע געצייג, נאָר ווײַל זי האָט די בעסטע טראַדיציעס אויף דעם געביט. און עס איז גאָרנישט קיין צופאַל, וואָס די הערשער פון קרעמל זענען די בעסטע פּאָליטישע אינטריגאַנטן און בלעק־מעיל־פּאָליטיקער. עס שטייען זיי צוקאָפּנס די טראַדיציעס פון דער זונה און גיפט־מישערין יעקאַטערינע די גרויסע, די טראַדיציעס פון איוואַן דעם אכזר, די קנוניה־און שמיס־טראַדיציעס פון אַלע פינצטערע צאַרן און אפילו פון דעם אינטריגאַנט און נואף ראַספּוטין.

בקיצור, כּדי צו פירן אַ ווײַטזיכטיקע פּאָליטיק, דאַרף מען זײַן אַ פּאָליטישער מייסטער — אַ פאַכמאַן מיט דערפאַרונג און טראַדיציעס.

אויב פאַר עמעצן איז דאָס אַלץ נישט געווען קלאָר, איז עס אים קלאָר געוואָרן אין די לעצטע וואָכן.

אַ סך בײַ אונדז זענען געווען זיכער, אַז עס איז גענוג צו זײַן בעסער

אָרגאַניזירט און מיליטעריש שטאַרקער, כדי צו צווינגען די אַראַבער צו אַ שלום. אויף אַט דער הנחה האָט אונדזער רעגירונג געבויט איר גאַנצע פּאָליטיק און דורכגעפֿאַלן. און ס'האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט אויספֿאַלן, פּונקט ווי איינער וואָלט געוואָלט בויען אויף דער הנחה, אַז 3 און 3 איז 7 און לסוף ווערט ער איבערראַשט פֿאַרוואָס זיין חשבון שטימט נישט... דאַקעגן האָבן די אַראַבער געבויט אויף אַ הנחה, וואָס עס איז קיינעם ביי אונדז גאַרנישט איינגעפֿאַלן, ווארום ווען עס זאָל אים האָבן איינגעפֿאַלן, וואָלטן מיר היינט אין גאַנצן אַנדערש אויסגעזען.

דער ווירטשאַפֿטלעכער באָיקאָט קעגן אונדז און דאָס באַקומען געווער פֿון וועמען עס לאָזט זיך און וויפֿל עס לאָזט זיך — איז ביי די אַראַבער אַ צווייט־ראַנגיקער ענין. זיי ווייסן גוט, אַז אַפֿילו אין 20 יאָר אַרום וועלן די אַראַבישע מאַסן נאָך נישט זיין פֿעאיק צו מאָדערנער עקאָנאָמישער און מיליטערישער סובאָרדינאַציע. זיי האָבן אָבער באַצייטנס געזאָרגט פֿאַר אַ געווער, וואָס איז אַזוי אַלט ווי ס'איז אַלט די וועלט, און איז אויסגעפּרוווט, זינט דער ערשטער בעטלער מיט אַן אָפּגעשניטענעם פֿוס, אָדער האַנט, האָט אַרויסגעשטעלט זיין מום, כדי צו דערוועקן רחמנות און מיטלייד.

דאָס זענען די אַראַבישע פּליטים. ווען די אַראַבער זענען אין 1948 מאַסנווייז אַנטלאָפֿן פֿון ארץ־ישראל, איז עס ביי אונדז, פּאָליטיש אומדערפֿאַרענע, געווען דער גרעסטער נצחון. און מיר האָבן נעבעך נישט געוווסט, אַז יעדער ארץ־ישראל אַראַבער, וואָס אַנטלויפֿט פֿון אונדז, איז ווי פֿון אונדז צו די אַראַבישע שכנים וואָלט אַנטלאָפֿן אַ האַרמאַט. נאָך מער: אַ האַרמאַט ווערט קאַליע פֿון בלויזן שטיין, ער ווערט פֿאַרעלטערט און איז נישט פֿעאיק אַרויסצורופֿן רחמנות, בעת אַן אַראַבישער פּליט קינדלט פֿאַר צען, ער ברענגט אַריין הכנסות, בעת ער קאָסט גאַרנישט, רופֿט אַרויס מיטלייד אין דער וועלט און קעגן אונדז איז ער הפקרדיק ווי יעדער, וואָס האָט נישט וואָס צו פֿאַרלירן.

און די אַראַבישע מושלים, דורכגעטריבענע, דערפֿאַרענע און ראַפֿינירטע פּאָליטיקער, אַן אַ פּיצל רחמנות און מיטלייד צו די ליידן פֿון די פּליטים, נוצן אויס די פּליטים פֿאַר זייערע פּאָליטישע צילן ווי צום בעסטן, ווי אַ גוטער אינדוסטריעלער נוצט אויס רוישטאָף.

דאַרפֿן זיי פֿאַדאַינס — זענען פֿאַראַן פּליטים־לאַגערן, וואָס פֿאַר אַ פּאָר פּונט קען מען באַקומען פֿאַדאַינס. דאַרף מען געלט — שרייט מען „קאַראַאול״: די פּליטים עסן אונדז אויף! און עס שטראָמט געלט. דאַרף מען דערוועקן רחמנות צו זיך און שנאה צו ישראל — ברענגט מען אַן אויסלענדישע דעלעגאַציע אין פּליטים־לאַגער און איר האָט ביידע: רחמנות צו די אַראַבער און שנאה צו ישראל.

איצט האָבן מיר געכאַפּט אַ ווילדע מציאה — 200.000 אַראַבישע פּליטים אין עזה. מיינען מיר דאָך, אַז דערמיט וועלן מיר כאַטש טיילווייז לייזן דאָס פּליטים־האַרמאַטן־פּאָליטישע פּראָבלעם — האָט איר אַ טעות. די צאָל 200.000

איז ווייניקער פון דער נאַטירלעכער פאַרמערונג פון די פּליטים במשך פון די אַכט יאָר. האָבן מיר געכאַפּט אַ מציאה, אָבער די צאָל פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון ארץ־ישראל, איז געבליבן די זעלבע אין אַנדערע אַראַבישע לענדער...

און די קאָרט איז ווידער אין די אַראַבישע הענט, כאָטש מיר זענען באַגליקט געוואָרן מיט אַ מציאה.

און איצט שטעלט זיך פאָר ווי מיר וועלן אויסזען אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אויב דער מצב זאָל זיך נישט בייטן גרינדלעך: די פעדאַיִנס וועלן ווייטער קומען מאָרדן און צעשטערן. מיר וועלן מוזן ענטפערן. די אַטמאָספער וועט ווידער ווערן געדיכט ביז — ס׳וועט ווידער פּלאַצן דאָס געדולד און... מיר וועלן אָפּהאַלטן אַ נצחון און אַריינבאַקומען אַ צווייטע ווילדע פּליטים־מציאה פון אַ 400.000—300.000 אַראַבער. היינט האָבן מיר שוין אין אונדזערע גרענעצן 25 פּראָצענט מינדערהייטן פון איין קולטור־און־שפּראַכן־גרופּע. אויב מיר זאָלן אין דער צוקונפט „באַגליקט ווערן" מיט נאָך אַ פּאָר הונדערט טויזנט אַראַבער, וואָס ביי זיי איז דער נאַטירלעכער צוּוואוקס פיל גרעסער ווי ביי אונדז — איז זיך לייכט פאָרצושטעלן ווי מיר וועלן אויסזען נאָך אַלע אונדזערע נצחונות און נאָך אַלע אַראַבישע מפּלות.

איז אויב אונדזערע פּאָליטיקער ווילן אָפּוואַרפן די אַמאַטאָרישקייט פון אַ שרויפנציערל מיט אַ שפּאַקטיוו, און באמת זען וואָס עס דערוואַרט אונדז אין דער ווייטער צוקונפט — דאַרפן זיי אויפהערן רעדן וועגן שלום. די הויפּט־פראַגע זענען די אַראַבישע פּליטים. זיי זענען געפערלעכער פון „מיגס" און סאָוויעטישע, צי ענגלישע טאַנקן, ווייל מאַשינען דאַרפן האָבן ווער ס׳זאָל זיי פירן, בעת די פּליטים פירן זיך אַליין וועז זיי זיצן בלויז אין די לאַגערן. כּל־זמן די פּליטים וועלן נישט אויפהערן זיין פּליטים, איז דער שלום אַ פּוסטער קלאַנג. דער שלום וועט קומען פון זיך אַליין וועז עס וועט באַזייטיקט ווערן די עלנט, די דעגענעראַציע און דער סאָציאַלער פערמענט אין די פּליטים־לאַגערן.

די פּליטים דאָס איז דאָס פּראָבלעם פון אַלע פּראָבלעמען. דער שלום איז אַ פּליט און אים מוז מען רעהאַביליטירן.

אויב אונדזערע פּאָליטיקער וועלן דאָס נישט דערזען איצט — וועלן זיי עס דערזען אַ סך שפּעטער און אפשר אויך צו שפּעט.

21טער דעצעמבער 1956

## אַ ליבע כלה מיט אַ מיאוסן חסרון

די מעשה מיט לייזער־משהן איז אַזוי אַלט, ווי די וועלט, און אַזוי יונג, ווי אַ נייגעבוירן קינד; אַזוי אַנטיקיש ווי אַ מוזיי־עקספּאָנאַט און אַזוי אַקטועל ווי אַ צייטונג, וואָס האַלט אין איין אַרויסלויפן פון דער ראָטאַציע־מאַשין. דאָס איז די מעשה פון ליבע־תאווה און די מעשה פון אחריות־מורא, וואָס אויף ביידע איז געזאָגט געוואָרן ויתרוצצו הבנים בקרבה.

האָט לייזער־משה שטאַרק געוואָלט חתונה האָבן. און אין שכנות אַנטקעגן איז געווען אַ בתולה, וואָס אָן איר האָט ער, לייזער־משה, זיך נישט פאָרגעשטעלט קיין לעבן: זי האָט אַריינגעזונגען אין זיין בלוט האָט זי. זי האָט אומרואיק געמאַכט זיינע נעכט האָט זי. ער האָט נישט געקענט טראַכטן האָט ער נישט געקענט, ווייל זי האָט פאַרנומען אַלע זיינע געדאַנקען. און נישט טראַכטן וועגן איר האָט ער אויך נישט געקענט, ווייל זי איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן איז זי.

אָבער די בתולה האָט געהאַט אַן אַלטע מאַמע מיט צוויי קליינע שוועס־טערלעך יתומהלעך. זענען געווען גאַנצענע טעג ווען לייזער־משה האָט געזען בלויז די בתולה, עס זענען אָבער געווען מינוטן ווען פאַר זיינע אויגן האָט זיך געשטעלט די אלמנה מיט די צוויי יתומהלעך. און לייזער־משה האָט דעמאָלט אַראָפּגעשלונגען זיין אייגענעם שלונגביין, ווי ער וואָלט געווען אַ פרעמדער און ער גייט זיך קרעקן מיט אים...

אָבער די נעכט! אוי, די נעכט! אין די פינצטערע, ווי אין די לבנה־נעכט, האָט דאָס געשטאַלט פון דער בתולה פאַרפאָלגט לייזער־משהן און ער האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער ווי אין דעם זיבעטן קדחת און אויף צו מאָרגנס האָט ער נישט געוווסט פון קיין טאָג און פון קיין לעבן, נישט צו אַרבעטן און נישט צו עסן — גאָרנישט. אויס מענטש.

האָט לייזער־משה געטראַכט: אַ סוף אַן עק. ווי לאַנג איז דער שיעור צו מאַטערן זיך אין שלאָפלאָזע נעכט? ער וועט די בתולה אַרויסגנבענען פון דער אלמנהס הויז און מיט איר חתונה האָבן. צי זי וועט וועלן, צי זי וועט נישט וועלן, וועט ער מיט איר חתונה האָבן, ווייל זי איז זיינע, גאָט ברוך הוא אַליין האָט זי מקדש געווען צו אים פערציק טעג אידער זיי זענען ביידע געבוירן געוואָרן.

און לייזער־משה האָט אָנגעגורט די לענדן און אין איינער אַ פינצטערער נאַכט, באַוואָפנט מיט אַ לייטער און מיט אַ שטריק, האָט ער אויפגעבראָכן די

לאָדנס פון דער אלמנהס הויז און אַרויסגעגנבעט די בתולה אין איין העמד ווי גאָט איז אים ליב.

אין איין אָטעם האָט לייזער־משה געבראַכט די בתולה צו זיך אַהיים אַ גליקלעכער, נצחונדיקער, מיט צעוואָרעמטע בלוטן, אַז ענדלעך וועט אַ סוף נעמען צו זיינע וויסטע טעג און נאָך וויסטערע נעכט.

— פערעלע־קרוין — האָט ער געפליסטערט — איך וועל דיר אַרויפֿזעצן אַ קרוין אויפן קאָפּ; אַ קניאַזינע וועסטו ביי מיר זיין; אין דער פּרי וועסטו ביי מיר אַרומגיין אין זיידענע פּאַנטאָפּעלעך און ביינאַכט וועסטו ביי מיר שלאָפן אונטער אַ פּוכאָווער פּערענע, אַבי זאָלסט זיין צו מיר אַ ווייב.

האָט פערעלע אויסגעשטשירעט אירע פּערלדיקע ציינדלעך:

— יאָ לייזער־משהלע, איך וועל זיין צו דיר אַ ווייב ווי גאָט און אַלע פרומע לייט הייסן דאָס, נאָר מיין מאַמע די אלמנה הונגערט דאָרט און מיט איר די צוויי יתומהלעך. וועסטו זאָרגן פאַר זיי, מיין לייזער־משהלע, וועל איך זיין צו דיר אַ ווייב.

האָט לייזער־משה זיך פאַרטראַכט: אַן אלמנה מיט צוויי יתומהלעך עסן אויף אַ לאַבן ברויט, אַ לונג־און־לעבער און אויף שבת אַ טשאָלענט מיט אַ לאָקשנקוגל. האָט דאָס יאָר דריי הונדערט און פינף און זעכציק טעג און זעקס און פופציק שבתים: אַזוי פיל לאַבנס ברויט, לונג־און־לעבערס און אַזוי פיל טשאָלנטער מיט לאָקשנקוגלס. אין פינף און צוואַנציק יאָר — ניין טויזנט הונדערט מיט פינף און צוואַנציק לאַבנס ברויט; אַזוי פיל לונג־און־לעבערס און פערצן הונדערט טשאָלנטער מיט לאָקשנקוגלס — צוזאַמען פיר וואַגאָנען קאָרן, אַ שחיטה פון פיר עשאַלאָנען מיט רינדער; און ווען די גאַנצע גובערניע איוונס זאָלן זיך שטעלן רוקן טשאָלנטער, וועלן זיי די פערציק הונדערט טשאָלנטער נישט פאַררוקן אין אַ וואָך, בעת ער, לייזער־משה, פאַרמאָגט נישט מער ווי אַן אַלטע שטעפּמאַשין, מיט אַ שער און אייזן...

האָט זיך לייזער־משה שטאַרק דערשראָקן:

— פערעלע מיין קרוין, דאָס האַרץ גייט מיר אויס, נאָר חתונה האָבן מיט דיר קען איך נישט, נישט חתונה האָבנדיק מיט דער אלמנה דיין מאַמען מיט די צוויי יתומהלעך. נאָר זאָלסט אויך נישט חתונה האָבן מיט קיין אַנדערן, פערעלע מיין קרוין, וואָרום איך וועל מער נישט איבערהאַלטן די פינצטערע ווי די לבנה־נעכט, פערעלע מיין קרוין.

*

איך פיל שוין, אַז איר שטויסט זיך אָן, אַז לייזער־משה איז נישט מער ווי אַ משל און דער נמשל איז אונדזער רעגירונג מיט דער עזה־בתולה.

אַכט פעליקע יאָר האָט אונדזער לייזער־משה געזיפצט צו דער בתולה, אויסגעשטאַנען שטורעמדיקע נעכט און הייסע טעג און געזיפצט און געהאָפט, ס׳זאָל קומען דער ליכטיקער טאָג ווען זי און ער וועלן מער נישט זיין איינזאַם.

און ווער נאָך אַזוי ווי מיר דאָ, אין ישראל, ווייסן און קענען די אַכט יאָר מיט די גרענעץ־אינצידענטן, רציחות, שיסערייען און קרבנות? עס איז טאַקע געווען עפּעס נישט נאַטירלעכעס, ווי אַ גליד פון אייגענעם לייב וואָלט געווען אָפּגעריסן און דאָס לייב און דער גליד לעכצן נאָך באַהעפטונג. אַלע פּאָליטישע חשבונות זענען געווען צוגעשפּיצט צו יענעם ברעג־פּאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען דווקא פון קרעפטיקייט — עזה. אַז אונדזערע פּאָליטיקער האָבן געטראַכט וועגן נאָרמאַליזירן דעם גוף פון דער מדינה, איז זייער בליק געווען געווענדט צום עזה־פּאַס. טאַקע, ווי קען זיך אַ מאַן פילן גאַנץ, ווען ער בענקט און לעכצט צו זיין באַשערטע, וואָס איז אַ לעבעדיקער טייל פון אים?

איז די מעשה מיט לייזער־משהן: אַז ער האָט שוין נישט געקענט מער אויסהאַלטן, האָט ער גענומען די כלים און אַרויסגעגנבעט די בתולה. וואָלט אַלץ גוט געווען, ווען נישט די מאַמע די אלמנה מיט די צוויי שוועסטערלעך יתומהלעך. נאָר וואָס זשע זאָל מען טאַקע טון מיט די פּליטים און מיט די איינוווינער פון עזה — אַרום אַ דריי הונדערט טויזנט, וואָס דאַרפן יעדן טאָג אויפעסן אַ מיליאָן פּיטעס, אַ האַלבן מיליאָן קענדלעך „פול" און אַנדערע זאַכן, אַ חוץ זיי שוכן און קליידן און... שטעלן זיי אויף די פיס נאָך אַכט יאָר ליגן ניין איילן אין דר'ערד.

האָבן זיך אונדזערע לייזער־משהס דערשראָקן, ווי זיי וואָלטן פריער נישט געוווסט וואָס אין עזה דערוואַרט אונדז. ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: די ליבע איז אַ בלינד־טיכל; מעג דער הויקער זיין ווי אַ באַרג זעט ער אין ליבע אויס ווי אַ פּאַרק. נאָר אַז אונדזערע פּאָליטיקער האָבן אָנגעהויבן חשבונען דעם נדן, וואָס מיר באַקומען אַריין פון דער כלהס צד, מיט די דריי הונדערט און פינף און זעכציק טעג אין יאָר, מיט די לעבלעך ברויט, לונג־און־לעבערס און טשאָלנטער מיט לאָקשנקוגלס — פאַלט אַראָפּ פון די אויגן דאָס בלינד־טיכל און פון דעם הויקער ווערט אַ וואָלקנקראַצער.

איז וואָס אייגנטלעך האָבן זיך געטראַכט אונדזערע פּאָליטיקער? פון דער „געאָגראַפיע" האָבן זיי דאָך געוווסט, אַז דער עזה־פּאַס האָט נישט קיין גאָלדגרובנס, קיין נאַפט־ברונעמער, קיין פּערל־ימים און אפילו נישט קיין ברויטפעלדער. דעם איינציקן „רוי־מאַטעריאַל", וואָס דער פּאַס פאַרמאָגט זענען דריי הונדערט טויזנט שטיפברידער פון מחמדס גלויבן. און אַזוי שנעל ווי דער עזה־פּאַס וועט אָנגעשלאָסן ווערן צו דער מדינה וועלן דרייסיק טויזנט משפחות אויסשטרעקן די הענט נאָך זייערע פעלדער און הייזער, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין ישראל. און הגם פאַר די דאָזיקע „יתומים" וועלן אַריינפליסן מיליאָנען דאָלאַרן אויף צו רעהאַביליטירן זיי און אויף אויסצאָלן זיי אַנטשעדי־קונג וועט מען דערוויל מוזן זיך אָפּזאָגן פון דעם הויפּט־ציל, פאַר וועלכן די מדינה איז געשאַפן געוואָרן — קיבוץ גלויות. וואָרום באַזעצן צוויי הונדערט טויזנט אַראַבער אויף באָדן, זיי זאָלן ווערן ווירטשאַפטלעך שעפעריש, מיינט מאַכן אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דער קאָלאָניזאַציע־פּאָליטיק.

איז די מעשה אָבער וואָס די וועלט זאָגט, אַז חרטה איז נישט מעשה סוחר און ווען דער חתן אַנטלויפט פון אונטער דער חופה, זאָגט עס נישט אַזוי וועגן דער כלה, ווי עס רעדט וועגן דעם תנא באַרטעק, דעם חתן... טאָמער וועט אונדזער רעגירונג זיך איצט אָפּטרייסלען פון דער כלה און זי אויסליפערן צו אַ געבאָרגטן חתן, צו אַן אונ"אַ"חתן, וועלן מיר האָבן אַ פּנים פון לייזער־משהן, וואָס איז געגאַנגען אונטערוואַרפן זיין טרוים דער אלמנה מיט די צוויי יתומהלעך, באשר ער האָט אַ חשבון מיט לאָקשנקוגלס און לונג־און־לעבערס. און וואָס איז עפּעס מיטן מענגלעכן שטאָלץ; מיט דער אַמביציע פון דעם ריכטיקן מאַן, וואָס איז גרייט שטיינער צו האַקן אבי זיין ליבשאַפט צו דערגרייכן? און ווי דאַנקישאָטיש וועלן מיר אויסזען אין אונדזערע אייגענע אויגן, ווען די בתולה וועט זיין אויסגעליפערט צו אַ „לינקן חתן" און אירע לינקע ליבעס וועלן ווידער פאַראומערן די נעכט מיט פאַדאַינס און אנדערע וויסטע שלעק?

ניין, ניין, מיר שיינט, אַז די מעשה מיט לייזער־משהן טאָר זיך דאָ נישט איבערחזרן. און עס איז גלייכער צו ראַנגלען זיך מיט שווערקייטן, כדי זיי צו איבערוויינדן און דערגרייכן שלום ושלווה, איידער ווידער צוריקגיין צו דעם צושטאַנד פון קדחתדיקע נעכט און פחד פאַר דער לבנה אויפן הימל.

ווען די באַשערטע איז ליב, דאַרף אויך ליב זיין איר מאַמע, אפילו ווען זי איז אַן אַלמנה מיט צוויי יתומהלעך...

28טער דעצעמבער 1956

# ס'האָט זיך פאַרגלוסט אַ פּאַלאַץ

אַז פריער גאָט און דערנאָך אנשי־שער און־אייזן האָבן געמאַכט ס'גרויסע איבערקערעניש און אַראָפּגעוואָרפן דעם צאַר — איז יאַנקל טשעמאָדאַנטשיק געלאָפן אָפּנעמען זיינע זכות־אבות פון 1905 און געפאָדערט, מיט אַ זעץ אין טיש, די רעוואָלוציע זאָל אים געבן צוויי שטובן מיט אַ קאָך. באשר — האָט ער געזאָגט — ער האָט עס גענוג. מיט אַ ווייב און פינף קינדער קוועלט ער זיך, לא עלינו, און ער וועט נישט דערלויבן, אַז זי, די רעוואָלוציע, זאָל אים חלילה באַעוולהן, ווארום די גאולה איז פאַר אַלע גלייך.

האָט די רעוואָלוציע אַרויפגענומען די „דיעלאָ" אויפן טיש און געפּסקנט, אַז יאַנקל טשעמאָדאַנטשיק איז גערעכט. און אַזוי ווי דעם פריצס פּאַלאַץ הינטער דער שטאָט איז באַשטימט געוואָרן אויף דירות פאַר די, וואָס דאַרפן דירות, און אַזוי ווי יאַנקל טשעמאָדאַנטשיק איז אַ ייד אַ נצרך, בכן דאַרף ער באַקומען אינעם פּאַלאַץ צוויי שטובן מיט אַ קאָך.

וכך הווה. ער האָט באַקומען. און דאָ הייבט זיך אָן די מעשה מיט די זוילן. און די מעשה איז געווען אַזאַ: היות יאַנקל טשעמאָדאַנטשיק האָט זיך פאַרשפּעטיקט צום הר סיני, עס הייסט ער האָט געפאָדערט ס'זייניקע שוין נאָך דעם ווי אַנדערע האָבן געפאָדערט ס'זייעריקע; און היות די מערסטע צימערן אין פּאַלאַץ זענען שוין געווען באַזעצט, האָט ער באַקומען זיינע צוויי צימערן מיט אַ קאָך מיט אַ „שפּאַציר", ווי עס שטייט געשריבן „אַז דו האָסט געוואָלט האָסטו": איין צימער ביים סאַמע פּאַראַדנעם ווכאָד, דאָס צווייטע צימער אין דער פּאַציאַטע אונטערן דאַך. דערפאַר איז די קאָך געלעגן אונטן. אָבער איידער מען קומט־צו צו דער קאָך, דאַרף מען אַדורכגיין אַ קאָרידאָר פון אַ וועלכן וויאָרסט, בעת דער פּריץ האָט זיין בית־הכסא געבויט דווקא אין לינקן פליגל פון דער צווייטער זייט, נעבן זיין געוועזענעם שלאָפצימער, וואָס איז איצט געווען פאַרנומען דורך צוויי רעוואָלוציאָנערע פאַרפעלקער; און כדי אַהין צוצוקומען האָט יאַנקל געמוזט אַדורכגיין זייער באַדצימער דווקא ווען זיי האָבן געוואָלט שלאָפן.

און אויב מען וווינט שוין יאָ אין אַ פּאַלאַץ, האָט זיך יאַנקל אָנגעהויבן פירן מעשה פּריץ: אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט איז ער אַרויף אין דעם פּאַציאַטע־צימער אָנטאָן דעם וואַטע־שפּענצער. נאָך דעם איז ער אַראָפּ אונטן אין צימער אָנזאָגן זיין ווייב, אַז ער איז, בעזרת השם, אַהיימגעקומען און מיט איר צוזאַמען האָט ער גענומען אַ שפּאַציר צו דער קיך, כדי צו זען צו וואָס ער קען האָבן אַפּעטיט. דערנאָך האָט ער געבעטן זיין ווייב זאָל אים גרייטן צום טיש אויבן אין דעם פּאַציאַטע־צימער, וווהין ער וועט קומען צוריק פונעם

שפּאַציר צו דעם וואַשצימער פֿון דיביידע פּאַרפֿעלקער, וואָס אין לינקן פֿליגל פֿון דער צווייטער זייט.

האָט זיך יאַנקל טשעמאַדאַנטשיק לכתחילה נישט געכאַפּט וואָס דאָ קומט פֿאָר: אין אַ פּריצישן פּאַלאַץ לעבט ער; צוויי שטובן מיט אַ קאָך האָט ער; ווי אַ פּריץ פֿירט ער זיך, נאָר פֿאַרוואָס איז ער איצט אַ סך מידער ווי פֿריער? פֿאַרוואָס פֿאַלט ער פֿון די פֿיס?

ערשט נאָך אַ צען טעג פֿון פּריצישן לעבן, ווען ער האָט אויסגעפֿונען, אַז ער, דער נייער פּריץ, האָט צעריסן אַ פּאָר זוילן, און די קינדערלעך, קיין עין הרע, רייסן זוילן ווי די מזיקים און זיין ווייב האָט צעלייגט אַ פּאָר נייע שיך — האָט ער אַנטדעקט דעם סוד, אַז אויב מען וויל זיין אַ פּריץ מוז מען רייסן אַ סך שיך, און אויב מען רייסט שיך וועט נישט קלעקן אַפֿילו דעם מלכס אוצר...

איז יאַנקל טשעמאַדאַנטשיק ווידער געלאָפֿן צו דער רעוואָלוציע און דאָס מאָל שוין נישט מיט קיין פֿויסט, נאָר מיט תחנונים געבעטן: נאַט אייד דעם פּאַלאַץ און גיט מיר צוריק אָפּ מיין אייגן ווינקעלע.

האָט אים די רעוואָלוציע געענטפֿערט: נישט ביי מאַטיען! ביי מיר וועט אַ פּראָלעטאַריער וווינען אין אַ פּאַלאַץ! אויס מיט יענע פֿינצטערע צייטן, ווען אין פּאַלאַצן האָבן געוווינט פּריצים! היינט וועלן די יאַנקל טשעמאַ־דאַנטשיקס וווינען אין די פּאַלאַצן!

האָט זיך יאַנקל געבעטן ווי ביי אַ גזלן: וואָס האָט איר צו מיר? אַז איך וויל נישט זיין קיין פּריץ! איך האָב נישט קיין כּוח צו לויפֿן איבער די טרעפּ צום פּאַציאַטע־צימער, צו מעסטן די מיילן צו דער קיך, אַדורכצומאַכן מרחקים אַהין, וווּ דער קיסר גייט צו פֿוס און על כּולם צו צערייסן אַזוי פֿיל זוילן! האָט רחמנות.

ניין — האָט אים די רעוואָלוציע געענטפֿערט — גענוג צו לעבן אויף אַ נידעריקן סטאַנדאַרד! די וועלט איז פֿאַרן אַרבעטערקלאַס! אַ פּריץ וועסטו זיין, יאַנקל טשעמאַדאַנטשיק!

און זינט די רעוואָלוציע האָט באַפֿרייט יאַנקל טשעמאַדאַנטשיק, זעט מען אים און זיינע קינדער אַרומגיין מיט צעריסענע זוילן און מיד... אוי, ווי מיד!

אויב איר קענט די מעשה מיט דעם „שליש״, וואָס די רעגירונג גייט איצט דערלייגן די באַאַמטע און אַז איר וועט זיך פֿאַרטראַכטן איבערן „שליש״, וואָס די הסתדרות שטעלט זיך איצט קעמפֿן פֿאַר דעם ישׂראל־פּראָלעטאַריאַט, וועט איר געפֿינען אין דעם אַ סך ענלעכקייט צו דער מעשה פֿון יאַנקל טשע־מאַדאַנטשיק.

איר קענט נישט זאָגן, אַז די אַקאַדעמישע אינטעליגענץ האָט זיך געלעבט גוט. פֿאַרקערט, זי האָט געלעבט היפּש יאַנקלדיק. האָט זי באַשלאָסן צו וועלן די גאולה אויך פֿאַר זיך און — געקלאַפּט אין טיש און אַפּעלירט צו געוויסן פֿון היתכן, ווי אַזוי קען מען לעבן מיט אַ קליינעם געהאַלט, בעת דער גאַנצער

פּראָלעטאַריאַט האָט דערגרייכט די גאולה? נו, טאָקע, פֿאַרוואָס זאָל דעם אַקאַדעמיקער זיין ערגער?

און ער האָט שווער געקעמפּט און אויסגעקעמפּט, אַז ווי איז צו זיין נצחון! ער האָט באַקומען צוויי דריטל פֿון דער גאולה מיט אַ יאָר צוריק — אַ צימער אויפֿן בוידעם, דערמיט אַז דאָס דריטע דריטל וועט ער באַקומען פֿון ניי־יאָר — אַ צימער אונטן. און איצט, אַז דער אַקאַדעמיקער־דער־בעל־נצחון וועט ווען פֿאַרבינדן די צוויי דריטל פֿון בוידעם מיט דעם דריטל פֿון אונטן, האָט ער פֿאַר זיך אַ קאָרידאָר פֿון יהב המגן און שטיגן צו קויפּשטייער און טרעפּלעך צו עלעקטרע־שטייער און לייטערלעך צו סתם שטייערן. ער וועט זיין, דער אַקאַדעמיקער, אַ גביר אדיר, אַן עושר, ער וועט באַקומען אַ סך געלט, אַ מאָסע פּאַפּירן — פֿאַרן יסוד און תוספות און וותק און שמעטעק און צוויי דריטל מיט נאָך אַ דריטל צוזאַמען מיט אַ געזעץ, אַז מען מוז אים דעם אוצר אויסצאָלן צו דער צייט, נאָר פֿון די אַלע אַרויף־און־אַראָפּן, פֿון די הוספות און ביילאַגעס וועט ער בלייבן אַן זוילן, נאָך ערגער ווי מיט אַ יאָר צוריק פֿאַר דעם נצחון פֿון די צוויי דריטל.

אַז איר וואָלט איצט געפֿרעגט אַזאַ מין אַקאַדעמישן יאַנקל טשע־מאַדאַנטשיק, צי ער וואָלט מוותר געווען פֿון די צוויי דריטל מיט דעם דריטן דריטל אַבי ער זאָל קענען אויסקומען ווי פֿריער — וואָלט ער געכאַפּט מיט ביידע הענט. וואָרום פֿאַר די צוויי דריטל האָט מען שוין דורך די טרעפּעלעך און שטיגעלעך און פּרוזדורלעך צוגענומען אַ היפּש ביסל מער; און ער האָט מורא, אַז דאָס לעצטע דריטל וועט אים קאָסטן אַזוי פֿיל, אַז עס וועט אים פֿאַרגיין דער אַפּעטיט צו זיין אַ פּריץ.

נאָר עס וועט אים נישט געלינגען. ער מוז שוין בלייבן אַ פּריץ. ער וועט פֿאַרלירן די זוילן, ער וועט קלעטערן אויף שטיגן, שפּאַצירן דורך קאָרי־דאָרן, אַבי נישט צו ווערן אויס פּריץ.

און כדי די גאולה זאָל זיין אַ פֿולע זאָרגט איצט די הסתדרות, אַז אויך אין פּריוואַטן סעקטאָר זאָלן אַנגעשטעלטע באַקומען אַזאַ מין דריטל. און עס זעט אויס, אַז די הסתדרות וועט גאָר שטאַרק קעמפֿן דערפֿאַר, וואָרום סיי־ווי האָבן זיך פֿאַרן אַרבעטער געשטעלט ביטערע צייטן. די כל־מיני נייע דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן רופֿן אַרויס אַן ערד־ציטערניש אין זיין בודזשעט. איז אויב מען וועט פֿאַר אים אויסקעמפֿן דאָס דריטל, וועט מען ביי אים קענען נעמען נאָך אַ פֿערטל און ער וועט נאָך אַלץ האָבן די אילוזיע, אַז ער ווערט אַ גביר...

אָבער וואָס קומט אַרויס פֿון דעם, אַז דער אַרבעטער וועט ביי אונדז זיין אַ פּריץ און האָבן צוויי שטיבער מיט אַ קאָך, אויב ער וואָלט דאָס אַלץ מוחל געווען פֿאַר אַ פּראָלעטאַרישן געזונטן און פֿעסטן געהאַלט, וואָס זאָל זיין כולו זיינס, אָן שותפֿים צום פּאַלאַץ, ווו ער פֿאַרלירט די זוילן צוזאַמען מיט די פּיס...

# דאָס לשון פון שפּילפייגל

דער מלך פּיפּערנאָטער דער צוויי און פערציקסטער האָט זייער ליב געהאַט שפּילפייגל. ווו נאָר אַ שפּילפויגל אויף דער וועלט — האָט ער אים געוואָלט האָבן ביי זיך, אין זיין פּאַלאַץ. ער האָט געטראַכט וועגן גינגאָלדענע שטייגן, דער מלך פּיפּערנאָטער דער צוויי און פערציקסטער, יעדער פויגל אין אַ גאָל־דענער שטייג. און ווייל דער מלך האָט געקענט דעם שטייגער פון זיינע אונטערטאַנען, אַז אין גרופּע פּאַרטראַגט נישט די צווייטע — האָט ער אויך די מינים פייגל אין זייערע שטייגן אָפּגעטיילט: די בלוי־זילבערנע שריבערלעך האָט ער געהאַלטן נעבן זיין שלאָפצימער; די פּורפּור־רויטע ברינקלעך מיט די גאָלדענע קרוינדלעך האָט ער געהאַלטן נעבן זיין עסצימער; די געל־פּיאָלעטע פּאַפּינעס האָט ער געלאָזט האַלטן אין זילבערנע שטייגן נעבן דעם באַל־זאַל.

און אַזוי האָט דער מלך פּיפּערנאָטער דער צוויי און פערציקסטער איינ־געזאַמלט די שפּילפייגל פון דער וועלט; און זיין האַרץ איז געווען האָניק־תנובה־פוטערדיק פון נחת. ווארום געוווּסט האָט ער, דער מלך פּיפּערנאָטער דער צוויי און פערציקסטער, אַז אַט די אַלע מינים שפּילפייגל קענען צעזינגען אַ וועלט און קענען זיין הויף פאַרוואַנדלען אין אַ סימפאָנישן גן־עדן, צו דער קנאה פון פעלקער און צו זייער צעפּיקעניש.

האָט זיך דער מלך אויסגעמאָלן, אַז וואָס מער פייגל ער וועט איינזאַמלען, אַלץ גרעסער וועט ווערן דער קאָנצערט, אַלץ מעכטיקער דאָס געזאַנג, אַזש די פייגל גופא וועלן פון זייער אייגן געזאַנג צעגיין ווי פּוטער אויף דער זון; און דאָס געזאַנג וועט זיך אַליין זינגען אין אַ פייגלדיקן מזמור און אין אַ מזמורדיקן צוויטשער, אַז די וועלט וועט שטוינען.

אַזוי האָט זיך אויסגעמאָלן דער מלך פּיפּערנאָטער דער צוויי און פער־ציקסטער, וואָס זיין האַרץ איז געווען ברייטער פון אַ ים און זיין מחשבה — טיפער פון אַן אָקעאַן.

אָבער...

דאָס איז דאָס אומגליק וואָס אַלע שיינע חלומות האָבן מער אָבערס ווי האָבערס. און אין דער צייט ווען די אָבערס קומען פון זיך אַליין, אַז מען דאַרף אַפילו קיין פינגער אויף אַ פינגער ניט אַרויפלייגן — פאַדערט דער האָבער: גישט קיין האַרץ ברייט ווי אַן אָקעאַן, נאָר אַן אָקער און אַ סאַכע און אַ פּאָר האַרטע ידים.

בכן, האָט דער מלך פּיפּערנאָטער דער צווייי און פּערציקסטער נישט פאַרשטאַנען דאָס געהיימעניש־רעטזעלהאַפטע און ראַכעאַרטיקע פאָגעל־הערצע: פאַרוואָס שאָלט יעדער שפּילפויגל ביים אַריבערטרעטן די שוועל פון פּאַלאַץ, און פאַרוואָס ווערט זיין געזאַנג שטילער און געדעמפּטער און פאַרביטערטער און קרעכצנדיקער וואָס לענגער ער איז אין פּאַלאַץ און וואָס היימישער דער פּאַלאַץ ווערט אים.

און דער מלך פּיפּערנאָטער שטראָפט די שפּילפייגל: וואָס פאַר אַ דאַבערע־מזל אויף אייך, פייגלטשינעס? איך האָב אייך אַרויסגענומען פון די דזשונגלס, ווו עס האָבן געלויערט אויף אייך זיבן און זיבעציק געפאַרן; איך האָב אייך געבראַכט אין מיין פּאַלאַץ, וואָס טריפט מיט מילך און האָניק; איך האָב אייך אַריינגעזעצט אין שטייגן פון זילבער און אַנדערע דיזן־דאָס; איך טראַכט פון אייך טעג ווי נעכט, און איר האַלט אַראָפּגעלאָזט די שנאָבלען און אָנשטאָט צו זינגען קרעכצט איר, זיפצט, מליאַסקעט מיט די ציינער — עפּעס גאָרנישט ווי דער שטייגער פון שפּילפייגל.

האָבן די פייגל געענטפערט אין זייער פויגל־לשון: דו, אדוני מלך פּיפּערנאָטער, שאַצסט דיין פּאַלאַץ אין דער ווערט פון טאַלער און אַזוי אויך שאַצסטו די שטייגן. אָבער מיר, צוויי־פּיסיקע שפּילפייגל, זענען אַזאַ מין נאַראָד קאַטאָרי לעבט פון אַליין פּיקן ברעקלעך און ברעזעלעך, פון קלייבן מיט די אייגענע כוחות זשאַרנעלעך און קערנדלעך. אין אָט די ברעקעלעך־ברעזעלעך־זשאַרנעלעך־קערנדלעך ליגט דער כוח פון אונדזער געזאַנג, אַזוי ווי עס פלעגן אַמאָל זינגען פאַרחלומטע יידעלעך:

אין דער סאָכע
ליגט די מזל־ברכה.

אָבער אַזוי ווי דער איינציקער מלך, וואָס האָט פאַרשטאַנען פויגלשפּראַך, אונדזער הייס־געליבטער שלמה המלך, איז שוין לאַנג נפטר געוואָרן, ווי דאָס איז אומעטום באַקאַנט — איז די וועלט געבליבן אַן אַ קאָד־שליסל: רעדן מלכים אַן אַנדער לשון און די שפּילפייגל רעדן אַן אַנדער לשון, און ביידע וועלן זיך שוין נישט פאַרשטיין לעולם ועד.

די דאָזיקע מעשה האָט מיר דערציילט אַ פּוילישער ייד, אַ נייער עולה, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג מקיים געווען די מצווה פון קיבוץ־גלויות. ער איז אַן אַלטער ציוניסט. אמת, ער האָט נישט דעם קאָלאָסאַל נאַציאָנאַלן פאַרדינסט פון האָבן גענומען געלט ביי אַ צווייטן ייד, כדי אַ דריטן צו שיקן קיין ארץ־ישראל, ניין, דעם ווייטעק (ותק) האָט ער נישט, דערפאַר אָבער איז ער נישט געווען קיין בונדיסט, רעגולער געקויפט אַ שקל, געצאָלט פאַר קרן קימת און קרן היסוד, וויצ"אָ, תרבות, און בכלל האָט ער קיין שום אויסגעשטרעקטע ציוניסטישע האַנט קיין מאָל נישט געלאָזט ליידיק. קיין ארץ־ישראל איז ער נישט געקומען פריער צוליב אַ פּעך: טאָמער איז אים געגאַנגען שלעכט און אין ארץ־ישראל איז געוואָרן גוט — האָט ער נישט געקענט באַקומען קיין

סערטיפיקאַט. און טאָמער האָט ער שוין יאָ געקענט באַקומען אַ סערטיפיקאַט, האָט אים אָנגעהויבן גיין גוט און אין ארץ־ישראל איז אויסגעבראָכן אַ קריזיס... און אַזוי האָט זיך דער גורל געשפּילט מיט אים, ביז ער האָט זיך אַריינגעשפּילט אין אַ סאָוויעטישער תּפיסה און שפּעטער אין אַ צפון־סיבירישן לאַגער אונטער אַ פיר־פאַכיקער באַשולדיקונג: ערשטנס — אַזוי האָט פאַרזיכערט דער גזר־דין פון ענקאַווּעדע — איז ער געווען אַ דייטשער שפּיאָן; צווייטענס, האָט ער געוואָלט אָפּרייסן פון ראַטנפאַרבאַנד גאַנץ מערב־אוקראַינע; דריטנס, האָט ער געהאָלפן דער פאַרמלחמהדיקער פּוילישער רעגירונג פירן דיווערסיע־אַרבעט קעגן ראַטנפאַרבאַנד; און פערטנס, האָט ער פאַרברעכעריש אונטערגעגראָבן דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן פּלאַן פון ס. ס. ס. ר. דורך קויפן אַ לעבל ברויט אויפן שוואַרצן מאַרק.

לויט די פאַראַגראַפן פונעם סאָוויעטישן שטראָף־קאָדעקס האָט ער גע־דאַרפט לעבן פיר מאָל, כּדי מען זאָל אים קענען פיר מאָל פאַרמשפּטן צום טויט, אָבער סטאַלינס חסד איז אים בייגעשטאַנען און ער האָט באַקומען בלויז 53 יאָר לאַגער, וואָס דורך אַ פּוזיע זענען די 53 יאָר איינגעשלאָסן געוואָרן אין 15 יאָר, בעת ער איז אויפן 11טן יאָר צוריק אָנגעקומען קיין פּוילן און איצט — קיין ישראל.

ער, דער שפּיגלפויגל פון די צפון־סיבירישע סטעפּעס, קלאָגט זיך נישט חלילה — ער האָט באַקומען אַ דירה און אַ פּאָר פונט אין טאַש, אַז קיינער האָט זיך נישט געקענט גלייכן צו זיין גליק. נאָר די מעשה איז וואָס גליקלעכע און פאַרליבטע האָבן וועלפישע אַפּעטיטן: פּשוט, זיי ווילן עסן. און כּדי צו עסן דאַרף מען אַרבעטן. און כּדי צו אַרבעטן דאַרף מען זיך רעגיסטרירן אין אַרבעטס־אַמט. און אין אַרבעטס־אַמט דאַרף מען זיין אַ יונגער־מאַן און אונדזער שפּילפויגל איז עס נישט מער; און ביי זיינע דריי און פופציק יאָר האָט ער מער נישט קיין האָפענונג אַז דער אַרבעטס־אַמט זאָל זיך פאַר אים זאָרגן. מען האָט אים געענטפערט, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט די באַן...

„און רעכט אויף אַרבעט אין דעם אייגענעם פאָטערלאַנד, בעת איך האָב נאָך אַ פּאָר געזונטע ידים?"

אויף דעם האָט מען אים נישט געענטפערט. עס הייסט, מסתּמא האָט מען אים יאָ געענטפערט; מסתּמא האָט מען אים אויפגעקלערט אַז על־פּי דין איז ער אַ זקן און קיינער איז נישט מחויב צו באַזאָרגן זקנים מיט אַרבעט. אָבער מסתּמא האָט ער נישט פאַרשטאַנען, וואָרום אויף דער וועלט איז געווען איין מענטש, וואָס האָט זיך געקענט פאַרשטענדיקן מיט חיות און פייגל, אַז זיי זאָלן אים פאַרשטיין און ער זאָל זיי פאַרשטיין. דאָס איז געווען שלמה המלך. אָבער ווי עס איז אומעטום באַוווּסט, איז שלמה המלך שוין לאַנג נפטר געוואָרן. איז נישטאָ ווער עס זאָל פאַרשטיין דאָס לשון פון די שפּילפּייגל אין אונדזערע נייע שיכונים, אין די גאָלדענע שטייגן, אין דעם פּאַלאַץ פון מלכות ישראל.

איז געדעכט געווען מלך פּיפּערנאָטער דער צווייִ און פּערציקסטער, אַז זיין חסד צו די שפּילפּייגל איז פיל גרעסער ווי צו זיינע האַכוואָלגעבאָרענע אונטערטאַנען. וואָרום זיי, די שפּילפּייגל, באַקומען גאָלדענע שטייגן אין פּאַלאַץ און ער, דער מלך אַליין, טוט באַווייליקן נישט אויפצוהערן טראַכטן וועגן זיי, בעת די האַכוואָלגעבאָרענע אונטערטאַנען מוזן צאָלן שליסלגעלט, אָדער זיך איינקויפן אין אַ שטייג-משותף. אָבער אויב דער מלך פּיפּערנאָטער וואָלט פאַרשטאַנען נישט דאָס געזאַנג, נאָר דאָס פּשוטע לשון פון די פייגל — וואָלט ער געוווסט, אַז אַ שטייג באַקומט מען איין מאָל, אָבער עסן דאַרף מען דריי מאָל אַ טאָג, איין און צוואַנציק מאָל אין דער וואָך — פיר און אַכציק מאָל אין חודש.

ווער אפשר מלך פּיפּערנאָטער אַמאָל אָנהייבן פאַרשטיין, אַז דאָס רעכט פריי צו קלייבן קערנער, ברעקלעך, זשאַרנעס און פּיצלעך, איז די איינציקע סגולה אונדזערע שפּילפּייגל זאָלן נישט בלייבן מאַרקאָטנע אין זייערע גאָלדענע שטייגן אינעם פּאַלאַץ פון מלכות ישראל, נאָר זייער געזאַנג זאָל אויפגיין מיט אַ שאַלונג, וואָס וועט געהערט ווערן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט...

11טער יאַנואַר 1957

# אַ רמלהער ייד זוכט גערעכטיקייט

עס שטייט געשריבן אין די קליינע אותיותלעך: מה שהיה הוא שיהיה — וואָס איז געווען וועט דאָס זעלבע זיין און מה שנעשה הוא שיעשה — וואָס איז געשען וועט דאָס זעלבע געשען, לאמור, אַזוי צו זאָגן: אין כל חדש תחת השמים, די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע פון אַלבערט איינשטיין איז שוין געווען לאַנג פאַר איינשטיינען; און נישט נאָר אין טעאָריע איז זי געווען, נאָר אין דער סאַמאָראָדנער פּראַקטיק איז זי געווען.

אָט דערציילט זיך אַ מעשה ווי אַזוי קאַזאַקן, די זיידעס פון די היינטיקע קרעמל־קרעמער, זענען אַמאָל באַפאַלן אַ יידיש שטעטל און ווי געוויינטלעך גערויבט. ווו נאָר אַ קידושין־רינגל, ווו נאָר אַ שנירל פּערל, אַ גאָלדענע ציטער־פעדער, אַ פּאָר אויררינגלעך — האָבן זיי צוגערויבט, די קאַזאַקן.

איז אַ קאַזאַק אַריינגעקומען צו בערל דעם שוסטער, אַ ייד אַ לאַטוטניק, אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס, ביי וועלכן דער דלות און דער הונגער האָבן געפּייפט פון אַ מניין מיילער — אַכט קינדערלעך ווי די בעבלעך, זיין טראָגעדיק ווייב און ער בכבודו ובעצמו.

— גיט אַהער דאָס גאָלד! — האָט דער קאַזאַק אויסגערופן.

— גאָלד? — ענטפערט דער שוסטער תמימותדיק — איך האָב אַכט דוקאַטן גאָלד מיט אַ בריליאַנט, דאָס זענען מיינע אַכט קינדערלעך און מיין ווייב, נאָר ווען דו זאָלסט אפילו קראַפּירן וועל איך דיר פון דעם נישט געבן וואָס אַ האָר איז ווערט.

האָט זיך אין דעם קאַזאַק צעקאָכט דאָס גויאישע בלוט:

— דאָס דאָזיקע „גאָלד" האַלט פאַר זיך; מיר גיב אַוועק דאָס אמתע גאָלד: אָט אַזאַ גאָלד, וואָס איך האָב גענומען ביי דעם טשאָרט אייערן ווי־הייסט־ער־דאָרט — און ער האָט דעם שוסטער געוויזן אַ שיסל מיט גאָלדענע רענדלעך, שפּילקעס, ברעלאָקן, דעוויזקעס, שנירלעך פּערל, האַלדז־בענדער וכדומה, אַזש אין אָרעמאַן שטיבל האָט אָנגעהויבן בליצן.

— איך ווייס שוין — זאָגט דער שוסטער — דאָס האָסטו גענבעך צוגערויבט ביי כייקל־צדוק דעם גביר, וואָס האָט נישט קיין קינד און קיין רינד. נו, מילא, אַז גאָט האָט דיך געשטראָפט מיט צוויי שטראָפן — צו זיין סיי אַ קאַזאַק און סיי אַ גזלן, טאָ ראַטעווע דיין נשמה פון גיהנום און גיב מיר אָפּ אַ טייל פון דעם, וואָס דו האָסט צוגענומען ביי כייקל־צדוקן.

— טשאָרט יעוריי! — האָט דער קאַזאַק אויסגערופן.

— ס'איז גאַרנישט „טשאַרט יעוורעי" — האָט אים דער שוסטער באַרואיקט — אַ קאָזאַק ביסטו, אַ גזלן ביסטו, אין גיהנום וועסטו גיין, באַרויבט כייקל־צדוקן האָסטו, ראַטעווען דיין נשמה ווילסטו, טאָ גיב מיר דאָס ביסל גאָלד און מיר וועלן ביידע מאַכן אַ גוט געשעפט: דו וועסט נישט גיין אין גיהנום און איך וועל האָבן ברויט פאַר מיינע קינדער און אַ פּאָר אוירינגלעך פאַר מיין ווייב, און אַלץ וועט בלייבן גאַנץ, קיין ברעקל פון דעם גאָלד וועט נישט גיין לאיבוד...

— טשאַרט יעוורעי! — האָט דער קאָזאַק ווידער אויסגערופן אַ צעטומלטער.

— יעוורעי שמעי — האָט אים דער שוסטער געקלאַפּט אין פּלייצע — דו זעסט דאָך, אַז איך לייג דיר פאַר אַ גלייכע זאַך. עלעהיי זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז נישט קיין קאָזאַק ביסטו, נאָר אַ שטורעמווינט ביסטו; אַ שטורעמווינט, וואָס טראָגט איבער דאָס געשניטענע היי פונעם פּריצס פעלדער אויף דעם פּיצל פעלד פון אַן אָרעמען פּויער. דער שטורעמווינט אַליין עסט נישט קיין היי. איאָ ער עסט נישט קיין היי? צי וואָס זשע דאַרפסטו דאָס גאָלד פון כייקל־צדוק, אויב דו ביסט שוין אַריינגעקומען צו מיר?

און ביידע, דער שוסטער און דער קאָזאַק, זענען געבליבן שטיין נאָכ־צוטראַכטן דאָס גערעכטע פון דער וועלט, צו וועלכן דער קאָזאַק האָט זיך ביז היינט נישט דערטראַכט...

אָבער דער געדאַנק פון גערעכטיקייט לויערט דאָך אין אונדזער אומגע־רעכטער וועלט — דער געדאַנק פון יענעם שוסטער, וואָס האָט געהאַט אַ מנין צום עסן, אויב ער וואָלט געהאַט וואָס צו עסן...

קומט היינטיקע וואָך אַרויף צו מיר אַ ייד — אַ ייד פון רמלה, פון פאַך אַ שוסטער. נישט קיין לאַטוטניק, נאָר, פאַרקערט, אַ שוסטער, וואָס וואָלט געקענט מאַכן שיך פאַר מלכהס און פּרינצעסינס. נאָר רמלה איז אַ דעמאָקראַטיש־עולהאיסטישע שטאָט, וואָס האָט נישט קיין מלך, קיין מלכה און קיין פּרינצעסינס און טוט זיך אָן אין מאַשיניסטיש־געניייטע שיך מיט קרעפּ אָדער אָן קרעפּ. איז אונדזער שוסטער אַ קיילעכדיקער אַרבעטסלאָזער שוין פעליקע צוויי יאָר. ער האָט אפילו געטראַכט צו מאַכן אַ פאַבריקל פון ווורשט — איז אים אַ רחמנות אויף די איזלען. ער האָט געטראַכט צו מאַכן אַ קיאָסק פון סאָדע־וואַסער — איז שוין גאַנץ רמלה פאַרגאָסן מיט סאָדע־וואַסער. ער וואָלט זיך גענומען צו האַנדלען מיט קנאָבל — ליגט דאָס פאַך אין די הענט פון אַ מזרח־עדה און ער וויל נישט, אַז זיינע שכנים זאָלן אים פאַרוואַרפן, אַז די אַשכנזים פאַרכאַפּן די בעסטע פּרנסות...

זיין אַרבעטסלאָזיקייט וואָלט אים גופא נישט געשטערט. פאַרקערט, ער וואָלט געהאַט צייט אַרויפצוגיין אויפן רמלהער טורעם און פון אויבן באַוווּנדערן די שיינקייט פון אונדזער לאַנד, די גרינקייט פון די טאָלן און די בלוי־גינגאָלדענע בערג פון ירושלים עיר הקודש. איז אָבער די מעשה,

וואָס ער האָט פינף קינדערלעך און דאָס זעקסטע דאַרף זיך אויספּיקן אין אַ דריי חדשים אַרום. און די קינדערלעך האָבן קיין עין־הרע אַן אַפּעטיט און מיט זיין ווייב איז אויך נישט צו פאַרזינדיקן.

איז ער געקומען מיט אַ פאָרשלאָג, דער ייִד פון רמלה:

ער האָט געלייענט אין די „לעצטע נייעס", אַז דער נייער מדינה־בודזשעט וועט באַטרעפן 850 מיליאָן פונט. און ווײַדליק ד"ר באַדער האָט אויפגעוויזן אין די „לעצטע נייעס", וועט דער בודזשעט באַטרעפן מער — אַ גאַנצן מיליאַרד. האָט דער רמלהער ייִד, וואָס איז אַרבעטסלאָז און האָט קיין צייט — אויסגערעכנט, אַז אויף יעדן נפש אין ישראל, פון דעם קימפּעט־קינד ביז צום עלטסטן אין מושב־זקנים, פאַלט אויס היינטיקס יאָר צו צאָלן 600 פונט שטייערן. אויב אַזוי — פאַלט אויס אויף אים, אויף אונדזער רמלהער ייִד, צו צאָלן פאַר זיינע פינף קינדער און אויך פאַר דעם שוועלבעלע, וואָס דאַרף געבוירן ווערן אין דעם נייעם בודזשעט־יאָר, און פאַר זיין ווייב און אויך פאַר זיך — צוזאַמען אַכט מאָל צו 600 פונט, וואָס מאַכט אויס: 4,800 פונט שטייערן.

און אַ ייִד וואָס האָט צו באַצאָלן 4,800 פונט שטייערן, מוז פאַרדינען לכל הפחות פיר מאָל אַזוי פיל, וואָס מאַכט אויס אַרום 20 טויזנט פונט. זיצן אויף 20 טויזנט פונט אַ יאָר איז אַ גאָר שיינע פּרנסה, אויף אַלע פריינד געזאָגט געוואָרן; און ווער עס פאַרגינט זיי נישט, זאָל אַליין נישט האָבן. אָבער אַז אַ ייִד, וואָס וווינט אין רמלה אין אַ דירה פון דעם רכוש הנטוש, פאַרדינט 20 טויזנט פונט — מוז ער האָבן זיין אייגנס קאַטשבי אַ 100 טויזנט פונט. 100 טויזנט פונט קאַפּיטאַל אין דער תקופה פון קיבוץ־גלויות, הייסט זיין אַ רייכער ייִד; און אַזאַ גביר אַן עושר דאַרף אַנטקעגנקומען דעם פינאַנץ־מיניסטער אין אַזאַ שווערער צייט.

איז דער רמלהער ייִד געקומען מיט אַ געניאַלן פאָרשלאָג, וואָס איז, ווי ער מיינט, סיי פּאַטריאָטיש און סיי רענטאַביל: דער פינאַנץ־מיניסטער זאָל ביי אים צונעמען דעם גאַנצן קאַפּיטאַל, פאַר וועלכן ער וויל נישט אפילו דעם אָפּיציעלן פּראָצענט אין געלט, נאָר פּראָצענט אין דער פאָרעם פון דריי טעג אַרבעט אַ וואָך...

און דער ייִד פון רמלה איז געבליבן שטיין נאָכצוטראַכטן זיך פלאַן און דאָס גערעכטע פון דער וועלט. אַז ווען מען פירט דורך אַ געזעץ צו צאָלן שטייערן, וואָלט געווען אַ יושר אויך דורכצופירן אַ געזעץ, וואָס זאָל פאַרזיכערן יעדן מענטש מיט דעם מינימום פּרנסה, ער זאָל כאָטש קענען אין דעם מינימום צאָלן שטייערן און נישט ער זאָל דאַרפן זאָגן: „מיר איז גוט, איך האָב נישט פון וואָס צו צאָלן שטייערן".

18טער יאַנואַר 1957

# דער רבי איז גערעכט געווען

מיט אַ סך יאָרן צוריק איז אין אַ שטעטל אַראָפּגעקומען אַ יונגער־מאַן אין אַ שטרויענעם הוט אויף אַ זייט און אויף די פינגער — גאָלדענע רינגען מיט דימענטן. געזאָגט האָט מען, אַז דאָס איז בערעלע גנבס בן־יחידל, אַן עפּעלע וואָס איז נישט געפאַלן ווייט פון בוים, אַ גנב שבגנב, אַ מערזאַוויעץ, אַ ווייס־איך־וואָס, וואָס אַז די ערד האָט אָנגעהויבן צופּל צו בריען אונטער אים, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַנטלאָפן אין „יענעם" אַרגענטינע, וואָס האָט געווימעלט מיט טמאים און אומגליקלעכע יידישע טעכטער, נעבעך... און געזאָגט האָט מען, אַז בערעלע גנבס בן־יחידל האָט זיין אייגנס אַ פּאָר צענדלינג כלות, חוץ דאָס וואָס אַנטלויפנדיק האָט ער מיטגענומען מיט זיך דריי פאַרפירטע כשרע יידישע טעכטער, נעבעך. און געזאָגט האָט מען, אַז גאַנץ בוענאָס־איירעס ציטערט פאַר בערעלע גנבס בן־יחידל, וואָרום אַז אַ שאַרף מעסער אין קעשענע רירט ער זיך נישט; און אויב ער איז אַמאָל געקומען יום כיפור אין אַ שול אַריין און זיך געקלאַפּט „חטאתי" — זענען אַלע „על חטא'ס פון דעם „על חטא שחטאנו" געווען ווייניק און שוואַך אַנטקעגן די זינד וואָס דער יונגאַטש האָט אָפּגעטאָן.

און געזאָגט האָט מען, אַז בערעלע גנבס בן־יחידל איז נישט דאָס וואָס מען זעט. קלאָמפּערשט טראָגט ער אַ שטרויענעם הוט. אין דער אמתן וואָלט ער געקענט טראָגן אַ גאָלדענע קרוין — אַזוי רייך איז ער. און די פינגערלעך אויף די פינגער מיט די אויסגעזעצטע דימענטן זענען אפילו נישט קיין שמץ פון זיין גאָלד און בריליאַנטן, וואָרום אין דער אמתן וואָלט ער זיין קאַטש געקענט אָנטון פיר גאָלדענע רעדער און די בוקסן מאַכן פון אײדלשטיינער.

דערהערט אַזאַ מעשה זענען זיך צונויפגעקומען די שיינע באַלעבאַטים פון שטעטל: ר' פּנחס אַנזעצער, ר' צדוקל וווכערניק, ר' שמעלקעלע קראַדניק און געטענהט: היתכן? אין שטעטל זענען פאַראַן אלמנות, יתומים, שלעפּער אין הקדש, און דאָ איז געקומען אַ יונגער־מאַן אַ מיליאַרדער, אַ היימישער מענטש, אַ וואָזשנער מענטש, וואָס מען זאָגט, אַז מיט גוטנס קען מען ביי אים פועלן ער זאָל אונדז איבערלאָזן אַ פעסעלע אימפּעריאַלן אויף צו באַזאָרגן אלמנות און אַוועקלייגן נדנים פאַר צוואַנציק כלהס...

האָבן די שיינע באַלעבאַטים פון שטעטל באַשלאָסן, אַז צו דער אסיפה דאַרף מען אויך רופן דעם פּרנס, דעם גבאי, דעם מורא־הוראה און דעם רב, וואָרום אַזאַ חברהמאַן ווערט ווייך ווען ער ווערט פאַרבעטן צו אַ לייטישן טיש.

וכך הווה.

אין איינעם אַן אָוונט איז אין קהלס־שטיבל געווען אַרויפגעדרייט דער בליצלאָמפּ אַן אַרום טיש זענען געזעסן די שיינע באַלעבאַטים פון שטעטל׃ ר׳ פּנחס אַנזעצער, ר׳ צדוקל וווכערניק, ר׳ שמעלקע קראַדניק און נעבען זיי פון רעכטס דער בעל־דבר — בערעלע גנבס בן־יחידל, און פון לינקס — דער רב, דער מורה־הוראה און דער גבאי.

זענען אויף צו מאָרגנס געקומען צום רב מענדל וואַסער־טרעגער און נפתלי דער האָלצהעקער און געזאָגט׃

— רבי, מיר זענען געקומען פרעגן אַ שאלה׃

— וואָס פאַר אַ שאלה ווילט איר פרעגן? — האָט דער רב אַ קרעכץ געטון.

— מיר זענען געקומען פרעגן אַ שאלה, ווי אַזוי קען אונדזער מרא דאתרא זיצן צוזאַמען מיט בערעלע גנבס בן־יחידל, וואָס איז טריפהער פון חזיר און וואָס אַ ייד טאָר גאָר אין זיינע ד׳ אמות נישט שטיין.

האָט דער רב אַ קרעכץ געטון׃

— איר זענט גערעכט. צו זיצן אין זיין חברותא איז מוקצה. נאָר אויב איך מוז נעבעך אַ גאַנץ פעליק יאָר זיצן אין שול מיט אַזעלכע „שיינע״ באַלע־באַטים ווי פּנחסל, צדוקל און שמעלקע, וואָס לעבן פון וווכער, פון צונעמען די פּאָר זעלבערנע לייכטער ביי אַן אלמנה, וואָס זעצן אַן אָרעמע כלהס זייערע נדנים, וואָס גנבענען און גזלענען דעם לעצטן ביסן ברויט פון יתומים — טאָ וואָס זענט איר אַזוי נתפּעל געוואָרן פון נאָך אַ מנובל? באשר מיט יענע מנובלים מוז איך זיצן אַ גאַנץ יאָר און מיט דעם מנובל האָבן מיך די „שיינע״ באַלעבאַטים געגייט צו זיצן איין מאָל? אויב איר ווילט אָפּהיטן זיך און מיך פון פגיעת הכבוד — דאַרפן מיר שלאָגן כפרות און מחרים זיין אויך די „שיינע״ באַלעבאַטים פון שטעטל, די אַנזעצערס די וווכערניקעס, וואָס האָבן זיך אַנגעזעצט ווי פּיאַווקעס אויפן ברויט פון יתומים און אלמנות...

אָט אַזאַ ענלעך געפיל האָב איך געהאַט נאָכן איבערלייענען די טעלע־גראַמע, אַז די ישראל־דעלעגאַציע און די פראַנצויזישע דעלעגאַציע האָבן דעז־מאָנסטראַטיוו פאַרלאָזט דעם זאַל פון אונ״אָ־פּלענום ווען דאָרט איז אַריין דער מלך סאוד מיט זיין סוויטע. באשר מלך סאוד האַלט נאָך אַן שקלאַפעריי אין זיין לאַנד, ווו ס׳גייט אַ האַנדל מיט לעבעדיקע סחורה; באשר ער איז אַ העצער און אַ מנובל; באשר ער איז אַ ווילדער, פינצטערער פאַנאַטיקער; אַ מדבר־חיה, וואָס גלוסט בלוט.

פאַרשטיי איך נישט דעם טאָפּלטן חשבון׃

אמת, דער מלך סאוד פון אל־מאַמלאַקאַ אל־אַראַביא אס־סאַאודיא איז אַן אייגנטימער פון אַכט מיליאָן שקלאַפן. אָפּהאַקן דעם קאָפּ פון אַ מענטש שפּילט ביי דעם דאָזיקן מלך אַזאַ ראָל, ווי אַ ציינשטעכער שפּילט אַ ראָל ביים

אייגנטימער פון אַ רעסטאָראַן. אַ חוץ זיינע הכנסות פון נאַפט, האָט מלך סאוד אויך הכנסות פון דעם שקלאַפן־האַנדל, וואָס קומט פאָר ביי אים אין לאַנד מיט פאַרכאַפּטע מענער און פרויען פון אַפריקע. און בכלל איז מלך סאוד אַ מלחמה־העצער, אַ בלוט־דורשטיקער, אַ יונגער־מאַן פון דער זעלבער קאַטעגאָריע, וואָס בערעלע גנבס זונדל. דאָס אַלץ איז אמת ויציב. נאָר אויב עס גייט וועגן אויסוויילן זיך אַ געזעלשאַפט, פון יאָ זיצן אין דעם זאַל, ווו מלך סאוד געפינט זיך אַ האַלבע שעה, אָדער נישט זיצן — איז די דין־תורה אַ פאַרשפּילטע. וואָרום אויב עס גייט וועגן שקלאַפן — געפינט זיך אין אונ"אַ אַ גאַנץ פעליק יאָר אַ דעלעגאַציע פון אַ מדינה, וואָס האָט נישט אַכט מיליאָן שקלאַפן, נאָר גאַנצע צוויי הונדערט מיליאָן שקלאַפן, חוץ נאָך אַ הונדערט מיליאָן פאַרשקלאַפּטע פון די אַרומיקע לענדער. דער אונטערשייד איז בלויז אין דעם, וואָס אין סאודיע האָט דער מענטש נאָך אַ ווערט ווי סחורה, בעת אין רוסלאַנד איז אפילו דער שקלאַף אָן ווערט. און וואָס שייך האַקן קעפּ, צעשיסן, פאַרניכטן, אומברענגען — קען מלך סאוד אפילו נישט חלומען צו קאָנקורירן מיט זיינע קאָלעגן אין קרעמל. ווען סאוד זאָל אָפּהאַקן די קעפּ פון אַלע זיינע אונטערטאַנען און שקלאַפן וואָלט ער נאָך נישט דערגאַנגען צו די קנעכלעך פון זיינע קאָלעגן אין קרעמל. צו זייערע רעקאָרדן קען דער מלך סאוד דערגיין בלויז אין זיינע פינצטערע חלומות.

און חוץ דעם — מעכטע איך נאָך דעם אונטערשייד קלאָוויר שפּילן: מלך סאוד האָט קיין מאָל נישט צוגעזאָגט דער וועלט אַ גן־עדן, גלייכהייט, סאָציאַליזם, דעמאָקראַטיע. פאַרקערט, ער פּרעדיקט אָפּגעשטאַנענקייט, פאַנאַטיזם, שקלאַפעריי, רעליגיעזע שנאה און ער מאַכט נישט דעם אָנשטעל, אַז ער גייט ראַטעווען די וועלט. דאַקעגן די שקלאַפנהענדלער פון קרעמל, די צעשיסער און פאַרניכטער פון מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן — רופן אָן זייערע פאַרברעכנס רעוואָלוציע, אידעאַליזם, וועלטרעטונג.

איבן סאוד לאָזט זיך קויפן מיט דאָלאַרס. פאַר אַ מיליאַרד דאָלאַר וועט ער זיצן שטיל. פאַר צושטעלן אים נאָך אַ צענדלינג „קאַדילאַקס" און נאָך אַ הונדערט ווייבער, וועט ער העצן ווייניקער. אָבער די סאודס פון קרעמל וואָס דראָען מיט אַן אַטאָם־באָמבע אויף אויסנווייניק און אינעווייניק — זענען איין גרויסער שקלאַפן־לאַגער מיט שעכטהייזער. דריי הונדערט מיליאָן מענטשן זענען איצט אָפּהענגיק פון דער גוטער אָדער שלעכטער שטימונג פון אַ הייפל מענטשן אין קרעמל און די מיליאָנען מענטשן ווייסן, אַז דער קאַפּריז פון אָט די סאודס קען זיי קאָסטן דאָס לעבן.

פרעג איך די שאלה: פאַרוואָס זאָל מען אַרויסלויפן פון זאַל ווען עס קומט אַריין אַ קעשענע־גנב און יאָ זיצן אין זאַל אַ פעליק יאָר אין דער געזעלשאַפט פון וואַלד־רוצחים? ווו איז, פרעג איך, די לאָגיק? און צי זענען דען די רוסן די איינציקע פּנחסלעך, צדוקלעך און שמעלקעס אין אונ"אַ? און זיצן

אין דער געזעלשאַפט מיט מצרים, צו סיריע, צו איראַק — איז בעסער, בכבודיקער?

ניין, רבותי, עפּעס שטימט דאָ נישט דער חשבון; עפּעס פאַרגעסט מען אין יסודותדיקע זאַכן און מען כאַפּט זיך אָן אין שפּינוועבס. איז דער קליינ־שטעטלדיקער רבי גערעכט געווען; אוי, ווי גערעכט ער איז געווען!

1טער פעברואַר 1957

## אונדזערע גנבים מישטיינס געזאָגט

ווי זאָגט מען ביי יידן? — אַ חכמה פאַרשרייבט מען און אַ נאַרישקייט געדענקט זיך. געדענק איך אַ קללה: „איר זאָלט בענקען נאָך מיישקע גזלן״. ווי קען זיין אַזאַ קללה? וועט איר פרעגן. פאַרקערט, פון אַ גזלן וויל מען פּטור ווערן. ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס לעבן האָט אומגעריכטע חן־גריבעלעך, ווי אַ מיאוסע מויד קען אויך האָבן חן־גריבעלעך. און די מעשה מיט דער קללה איז אַן אמתע מעשה מיט אַ נמשל און זי איז געווען אַזוי:

אין שטעטל האָט געלעבט אַ הפקר־יונג מיטן נאָמען מיישקע. רק ער האָט זיך געיאָגט נאָך טויבן, געקראָכן אין פרעמדע סעדער, געלקחנט פון פויערישע קעשענעס אויפן יאַריד און אַמאָל אויך זיך אַריינגעכאַפּט דורכן פענצטער פון אַ באַלעבאַטישער שטוב און זי אויסגעליידיקט ווי ערב פּסח פון חמץ. נאָר איין זאַך: ביי אָרנטלעכע יידן, שטילע נשמות, האָט מיישקע אפילו דעם טוי פון די שויבן נישט גערירט. פאַרקערט, טאָמער איז אַמאָל ביי אַ ייד אַ נצרך פאַרפאַלן געוואָרן די ציג, איז מיישקע געלאָפן דער ערשטער זי זוכן און פלעגט זי ברענגען צו פירן ביי די הערנער.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז מיישקען איז אַמאָל איינגעפאַלן אַ „שמע קולנו״ צו באַגנבענען דעם תקיף פון שטעטל. און אַ תקיף ווי אַ תקיף — האָט גערופן וועמען מען דאַרף און געזאָגט: אַזוי און אַזוי, מיישקע גזלן האָט מיר באַגנבעט, נעמט און שליסט אים אין קייטן.

האָט די פּאָליציי געהערט וואָס דער תקיף האָט געזאָגט, געשלאָסן מיישקן אין קייטן און אים געטריבן אין דער גובערניע. איז פאַרבייגייענדיק דעם מאַרק האָט מיישקע אויסגעשפּיגן און געזאָגט: „איר זאָלט בענקען נאָך מיישקע גזלן״. האָט די שטאָט געלאַכט אין די פויסטן: ס'איז שוין נישטאָ נאָך וואָס צו בענקען! פאַרקערט, געלויבט דער אייבערשטער, וואָס די שטאָט איז פּטור געוואָרן פון אַן אומגליק, אויס מיישקע גזלן!

איז אַוועק אַ שטיקל צייט און די שטאָט האָט אפילו פאַרגעסן אַז עס איז געווען אַ מיישקע גזלן. קיין האָן אויפן הויף האָט אפילו נישט געגעבן קיין קריי נאָך אים. געשעט, אַז בערל הייבט זיך אַמאָל אויף באַגינען און געפינט די שטאַל אָפן — נישטאָ די קו.

אויף דער צווייטער נאַכט עפנט מען די שטאַל ביי שמערלען און עס איז נישטאָ די גניאַדע. און עס גייט נישט אַדורך קיין וואָך ווי ביי פערל דער אלמנה האָט מען אַרויסגענומען די לעצטע פּאָר זילבערנע לייכטער. און

דווקא שמערל און אוודאי און אוודאי פערל די אלמנה זענען געווען מענטשן פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס קיין מאָל איז ביי זיי אפילו קיין קאַץ נישט אַוועקגעקומען.

לויפן יידן צום רב: רבי־לעבן, אין שטאָט ברענט אַ שריפה. מען לאָזט שטיין פשוטע מענטשן אין איין העמד.

ענטפערט דער רבי: יידן טייערע, וואָס ווילט איר? ווי אַ יידישע שטאָט מוז האָבן אַ רב, אַ חזן און שוחט, אַזוי קען נישט זיין אַ יידישע שטאָט אָן אַ גנב און אַ מוסר.

האָבן זיך יידן באַרואיקט: אויב דער סדר פון דער וועלט איז אַזוי, אַז אַ שטאָט קען נישט זיין אָן אַ מוסר און אַ גנב — איז דאָך נישט שייך צו גיין קעגן דרך הטבע...

גייט נישט אַדורך קיין נאַכט ווי אין פריען באַגינען דערהערט זיך אַ געשריי: ראַטעוועט יידן! מען האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט! לויפן יידן אַרויס ראַטעווען און זיי דערזעען ווי אין איין העמד שטייט יוכבד די יתומה און וויינט, אַז מען האָט איר אַרויסגעגנבעט דעם נדן.

איז אין שטאָט געוואָרן אַ בהלה און יידן האָבן זיך דערמאָנט אין דער אויסטערלישער קללה, וואָס מיישקע האָט אַמאָל געוואָרפן: איר זאָלט בענקען נאָך מיישקע גזלן! ערשט איצט האָבן זיי פאַרשטאַנען דעם מיין, אַז אויב דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן אַ שניידער אַ תם און אַ שניידער, וואָס גנבעט דעם יתר; אַ שוסטער אַ תם און אַ שוסטער, וואָס גנבעט די לעדער און מאַכט די קנאַפל פון טאַוול — האָט ער אויך באַשאַפן אַ גנב אַ תם און אַ גנב, וואָס האָט נישט קיין דרך־ארץ. וואָרום הלמאי זאָל מען לייקענען, אַז עס זענען פאַראַן גנבים מיט דרך־ארץ און אַזעלכע, וואָס זיי זענען נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי. עס זענען פאַראַן גנבים מיט עטיק פּונקט ווי עס זענען פאַראַן „שיינע" יידן, וואָס איך וואָלט זיי אפילו דעם „לא תגנוב" נישט געטרויט.

איז אויב אַ נאַרישקייט געדענקט זיך — געדענק איך, אַז אויך אין דעם אַמאָליקן יידישן וואַרשע זענען געווען גנבים „אָרנטלעכע", מיט דרך־ארץ, מיט געוויסן און גנבים, וואָס זענען נישט ווערט געווען צו זיין אין „פּאַך".

פלעגט אַמאָל געשען, אַז אַ גנב האָט איבערגעכאַפּט די מאָס און אויס־געראַמט די דירה פון אַ יידישן שרייבער, פון אַ יידישן שוישפילער, אָדער סתם פון אַ קינסטלער, וואָס מאַטערט זיך פאַר זיין שטיקל ברויט — פלעגט די קראָכמאַלנע גאָס, די גאָס פון גנבים, גיין כאַדאָראַם. עס איז גענוג געווען צו לאָזן וויסן אויף דער קראָכמאַלנע וואָס פאַר אַ פויל שטיקל אַרבעט אַ גנב האָט געמאַכט ביי אַ מענטש פון דער קינסטלער־וועלט און די גניבה איז צוריק־געבראַכט געוואָרן אָן יעדן שאָדן און אָן יעדן לוין. וואָרום אויך די יידישע גנבים פון דער קראָכמאַלנע האָבן געהאַט זייער מאָראַל. ביי אַ גביר איז וויפל מען זאָל אים נישט „באַאַרבעטן" — בלייבט אים נאָך אויף שבת, אָבער ביי אַ יידישן שרייבער, אַ יידישן אַקטיאָר, צי מאָלער, טאָמער גנבעט מען אים צו דעם מאַנטל — וועט ער גיין אויפן פראָסט אין רעקל. און דאָס יאַהנדעס פון

די קראָכמאַלנער גנבים האָט אַזאַ געמיינהייט נישט פאַרטראָגן... זיי האָבן ביטער געשטראָפט אַזאַ גנב, וואָס האָט „קאָמפּראָמיטירט" דאָס „פאַך".

זאָג איך, אַז אויב אַ שטאָט קען נישט זיין אָן גנבים און אַ מדינה — אוודאי און אוודאי נישט, בענקט זיך מיר נאָך די אָרנטלעכע קראָכמאַלנער גנבים, וואָס האָבן געהאַט זייער מאָראַל. וואָרום אונדזערע גנבים, דאָ אין ישראל, האָבן פאַרלוירן די מאָראַל. איך ווייס, אַז זיי זענען נישט די איינציקע וואָס האָבן פאַרלוירן די מאָראַל, אָבער וואָס מען קען פאָדערן פון גנבים קען מען דאָך נישט פאָדערן פון „שיינע" יידן... וואָרום ווען אונדזערע גנבים זאָלן שטיין מאָראַליש אַזוי הויך ווי די גנבים פון דער קראָכמאַלנע גאַס אין ווארשע, וואָלטן זיי נישט באַגנבעט די דירה פון חנה ראָווינא. אין דעם פאַרמלחמהדיקן וואַרשע האָט עס נישט געקענט געשען, אַז אַן אָרנטלעכער מאַראַוויכער זאָל באַגנבענען אַזאַ קינסטלערין ווי חנה ראָווינא. און אין תל־אביב איז עס יאָ געשען. אַזוי נידעריק האָבן אונדזערע לייטישע גנבים נישט געטאָרט פאַלן. זיי טאָרן זיך נישט לאָזן שלעפּן פון דעם שטראָם און אָוועקוואַרפן די גנבים־מאָראַל, וואָרום אָן מאָראַל וועט זייער „פאַך" פאַלן אַזוי נידעריק, אַז אַ לייטישער גנב וועט זיך נישט קענען ווייזן אין דער געזעלשאַפט.

נו, טאָקע, צי זענען אונדזערע גנבים אַזוי נידעריק געפאַלן, אַז זיי גייען אויפברעכן אַ טיר ביי אַ שוישפילערין, וואָס האָט נישט קיין פּאַלאַצן, וואָס לעבט נישט קיין לוקסוס־לעבן, נאָר וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט און זיך אָפּגעגעבן בלויז דער קונסט.

אַז אויך אונדזערע גנבים זאָלן פאַרלירן די מאָראַל — איז שוין! עק וועלט. אויף דעם וועלן די אָרנטלעכע גנבים זייער שטאַרק רעאַגירן. און אויב זיי ווילן נישט פאַרלירן דעם גוטן נאָמען פון גנבים מיט מאָראַל — וועלן זיי אוודאי גיין אין די פוסטריט פון יענע גנבים פון קראָכמאַלנע — און די גניבה צוריקברענגען!

זאָלן זיי ווייזן, אַז די וועלט איז נישט הפקר.

## עיקר שכחתי:

ווען אונדזער פּאָליציי האָט זיך דערוווּסט, אַז ביי אַ בירגערין מיטן נאָמען חנה ראָווינא איז אויסגעפירט געוואָרן אַ גניבה, האָט מען זי פאַרבעטן אין דער פּאָליציי־סטאַציע, כדי צו פאַרשרייבן אַ פּראָטאָקאָל און געגוג טון דאָס גע־שריפט פון געזעץ, ווייל די וועלט איז נישט הפקר. באמת נישט הפקר.

האָט דער שוטר אויפגענומען די אָרויסגערופענע געוויסע בירגערין און מיט דער גאַנצער ערנסטקייט פון אַ היטער פון געזעץ געפרעגט:

— אייער פאַמיליע־נאָמען?

— ראָווינאַ.

— אייער פאָרנאָמען?

— חנה.

— ווי אַלט זענט איר?
ענטפער.
— ווי איז אייער גענויער אַדרעס?
ענטפער.
— מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך?
— איך שפּיל אַמאָל טעאַטער — האָט די שוישפּילערין געענטפערט.
— ווו שפּילט איר אַמאָל טעאַטער?
— אין „הבימה" — האָט ראָווינאַ ווידער געענטפערט און דער שוטר האָט איר אַ קוק געטאָן אין די אויגן, צי דאַרף ער איר גלייבן, אָדער נישט. אָבער אַזוי ווי ער האָט איר געגעבן אונטערצושרייבן דעם פּראָטאָקאָל, און זי האָט אונטערגעשריבן — איז זי, די בירגערין חנה ראָווינאַ, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ריכטיקייט פון די אינפאָרמאַציעס, צי זי שפּילט טאַקע אַמאָל טעאַטער און אויב יאָ — צי שפּילט זי טאַקע אַמאָל אין „הבימה".

איז אויב אַ שוטר פון עם הספר אין תל־אביב האָט נישט געוווסט ווער חנה ראָווינא איז — איז אויך מעגלעך, אַז דער גנב האָט נישט געוווסט אין וועמענס דירה ער קריכט, ווייל אַ גנב איז דאָך נישט קיין מלוכה־פונקציאָנער, וואָס זאָל מוזן זיין כאָטש אַביסל אינטעליגענט און גראַמאָטנע. איז אַזוי ווי די אינפאָרמאַציע איז איצט געגעבן — וועט דער אָרנטלעכער און אומבאַ־וווסטזיניקער גנב ווערן באַוווסטזיניק און מאָראַליש און צוריקברענגען די גניבה, אויף צופיקעניש דעם שוטר, וואָס ווייסט נישט ווער חנה ראָווינאַ איז.

8טער פעברואַר 1957

# סאָוויעטישע סילאָגען פאַר תימן

טאָמער וואָלטן מיר געקענט די שמד־שטיק פון די גרויסע פירער פון אונדזער קליינער וועלט, וואָלטן מיר אוודאי געמיינט, אַז זיי זענען אַראָפּ פון זינען, זענען חסר־דעה; און עס וואָלט געבליבן צו זאָגן זיי: קינדערלעך, איר זענט משוגע — טאָ שלאָגט זיך קאָפּ אין וואַנט, נאָר לאָזט אונדז געמאַך! די צרה איז אָבער, וואָס דאָס וויסטע משוגעת איז נאָר אויבנאויפיק, נאָר אַן אָנשטעל, כדי אַנדערע משוגע צו מאַכן און זיי אַריינבאַקומען אין דער „פּעטשקע”, ווי מען זאָגט ביי יידן.

יידן פלעגן לאַכן דאָס זיבעטע געלעכטער פון יענעם אַרענדאַר, וואָס איז געקומען צום ראש־ישיבה און אים געבעטן ער זאָל אים אויסקלייבן צווישן די בחורים עפּעס אַ נישקשהדיקן חתן, אַ חתן מיטביינער. נאָר אַז דער ראש־ישיבה האָט אָנגעהויבן אויספרעגן דעם אַרענדאַר מכוח דעם כלה־מיידל, האָט דער אַרענדאַר זיך מודה געווען, אַז לא דובים ולא יער, ער האָט נישט קיין פּיצל טאָכטער, במילא האָט ער נישט קיין כלה. נאָר וואָס שייך דעם חתן, וויל ער עס זאָל זיך סתם ביי אים אַרומדרייען אַן איידעם אין שטוב.

האָבן יידן געלאַכט, הגם זיי האָבן געוווסט, אַז די מעשה איז נישט מער ווי אַ מעשה, אַ טיפּיש יידישע אַלעגאָריע אויף חוזק צו מאַכן פון די עם־הארצים, וואָס „שפּיל מיר דאָס, וואָס איך וויס נישט וואָס”; אַ ייד א תלמיד־חכם זוכט אין אַ ישיבה אַ צאַצקע פאַר זיין טאָכטער, איז דער עם־הארץ „דאַוואי אין ישיבה אַריין”, כאָטש קיין ברעקל טאָכטער האָט ער נישט.

איז וויפל וואָלט איצט די וועלט געדאַרפט לאַכן פון דעם גרויסן אַנעקדאָט מיט די סאָוויעטישע סילאָגען פאַר... תימן? אָט דער אנעקדאָט אין דער ווירקלעכקייט איז הונדערט מאָל שטאַרקער פון דעם אַנעקדאָט מיטן אַרענדאַר, וואָרום נישט קיין מעשה איז עס, און נישט קיין חוזק־אַלעגאָריע, נאָר עס קומט פאָר אויף אַן אמת.

תימן איז איינע פון די סאַמע אָפּגעשטאַנענסטע אַראַבישע מדינות. אַנטקעגן די תימנער אַראַבער זענען די מצרישע פאַלאַכן פּראָפעסאָרן, פילאָסאָפן און דאָקטוירים. אין תימן איז דאָס קענען זיך אונטערשרייבן ממש אַ ליטעראַרישער טאַלאַנט. תימן האַלט נאָך אפילו נישט ביי קיין אייזנבאַן, אָדער אַ שאָסיי. דער טראָמייטער פון אַן אויטאָ קאָן אַרויסרופן אין תימן אַ בהלה, אַז בעל־זבוב איז געפלויגן איבערן דאַך. אַ פלי־פעלד? אויטאָסטראַדעס? — די באַגדאַדער מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט זענען דאָרט מער רעאַל ווי די מעשיות וועגן

עראָפּלאַנען. עס ווערט איבערגעגעבן, אַז ווען דער אימאַם פון תימן סעיף על־איסלאַם אַכמעד האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ, האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער ווייסט אַלץ, נאָר ווען ער איז אַרויסגעשטיגן פון אויטאָ האָט ער געפרעגט זיין אויסערן־מיניסטער עסמאַ יוסוף אַבדול על אַבדול: זאָג מיר דעם אמת ווו איז אויסבאַהאַלטן דאָס אייזעלע, וואָס האָט געשלעפּט דעם אויטאָ... און אַז סעיף על־איסלאַם אַכמעד האָט געגעבן זיין לייב־גוואַרדיע לאַפּטשעס, האָבן זיך די גוואַרדיע־זעלנער פאַרשאַלטן די יאָרן פאַר דער גזירה, וואָס זיי מוזן האַלטן זייערע פיס געפאַנגען, אַנטקעגן דער פרייהייט צו קענען גיין באָרוועס.

אָט דער דאָזיקער מדינה פאַרקויפט איצט רוסלאַנד סילאָן־עראָפּלאַנען און אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן — צוויי טיפּן מלחמה־מאַשינען, וועלכע זענען פון דער גרעסטער טעכנישער דערגרייכונג און אויף צו פירן זיי דאַרף מען האָבן געבילדעטע און הויך־אינטעליגענטע יונגע מענטשן, וואָס אפילו די קינדער פון אימאַמס הויף זענען נאָך הימל־ווייט פון אַזאַ מדרגה.

וואָס וועט דער אימאַם טון מיט אָט די מאַשינען? אפילו שיסן אויף וויוואַט אין ראַמאַדאַן נאָכן תענית וועט ער נישט קענען מיט זיי. אויב די סאָוויעטישע עקספּערטן אין תימן וועלן שוין אפילו אויסבויען אַ פלי־פעלד פאַר די סילאָנען און אויב די אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן שטייען שוין אין צנעא אין דער הויפּט־שטאָט פון תימן, וועלן די מאַשינען פאַרפוילט ווערן איידער אַ תימנער אַראַבער וועט זיך אויסלערנען זעצן אין אַ סילאָן־עראָפּלאַן. איז צו וואָס דאַרף דער אימאַם דעם „סאָוויעטישן איידעם”, אויב ער האָט נישט פאַרן חתן קיין „טאָכטער”? ביים אַרענדאַר האָט זיך דער איידעם געקענט כאָטשבי אַרומדרייען, בעת אין תימן וועלן די מאַשינען זיך עלטערן אין שטויב און קיינער וועט זיי אפילו נישט קענען באַוועגן.

און זעט איר: די וועלט לאַכט גאָרנישט פון אָט דעם אויסגעצייכנטן אַנעקדאָט. די נייס־אַגענטורן פון דער וועלט האָבן, ברענגענדיק די ידיעה, מיט קיין צייכן נישט אָנגעדייט דעם אויסטערלישן קאָמיזם פון דער סיטואַציע.

ווען די ענגלישע קאָלאָניאַלע סוחרים פלעגן ברענגען וועקזייגערס צו די ווילדע נעגערס אין די אַפריקאַנער דזשונגלס — האָט די וועלט געלאַכט פון די געשיכטעס, ווי אַזוי דאָס ווילדערניש פלעגט נשתומם ווערן פון דעם ווי אַזוי עס קלינגט אַ וועקזייגער. און קינדער האָבן געלאַכט דאָס זיבעטע געלעכטער ביים לייענען די געשיכטע, ווי אַזוי אַן ענגלישער סוחר איז ניצול געוואָרן פון סקאַלפּירט ווערן פון דעם דזשונגל־ווילדקייט דורך דעם וואָס ער האָט אַנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן און די נעגער האָבן זיך דערשראָקן פאַר די „נישט־גוטע”, וואָס האָבן אַרויסגעשריגן פון דער גראַמאָפאָן־טראָמבע.

און באמת איז נישט געווען וואָס צו לאַכן. די פרימיטיווע נעגערס זענען געוואָרן איבערראַשט פון די אומשולדיקע קולטורוואונדער. דער וועקזייגער האָט זיי אויפגעוועקט צו אַ העכערע שטופע, און דער גראַמאָפאָן האָט זיי דערנענ־

טערט צו פאַרשטיין זאַכן, וואָס זיי האָבן ביז דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען. און דאָך האָט די וועלט געלאַכט. אַזאַ איז שוין די וועלט, אַז זי לאַכט נישט בלויז פון קאָמישע זאַכן, נאָר אפילו ווען עמעצער פאַלט, אָדער גליטשט זיך אויס און קלאַפּט זיך קאָפּ אין וואַנט.

פאַרוואָס זשע לאַכט נישט די וועלט פון דעם, וואָס דאָס אַנאַלפאַבעטישע תימן קויפט סילאָן־עראָפּלאַנען ביי רוסלאַנד און אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַטן, בעת דאָס פאָלק זיצט נאָך אויפן טעפּעלע? צי האָט די וועלט פאַרלוירן דעם חוש פאַר הומאָר און פאַר לאַכן?

נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע: די וועלט האָט נישט פאַרלוירן דעם חוש פאַר הומאָר און פאַר לאַכן. נישט מער — עס איז איר פאַרגאַנגען דאָס געלעכטער. דאָס אומגליק איז אַזוי גרויס, אַז אפילו לאַכן מיט יאַשטשערקעס קען נישט די וועלט. וואָרום זי וואָלט געלאַכט ווען די סילאָן־עראָפּלאַנען און די אַנטי־אַוויאַציע־האַרמאַטן זאָלן האָבן געוועזן ביים תימנער אימאַם, ווי יענער אידעם ביים עם־הארצישן אַרענדאַר. דער אידעם דרייט זיך אַרום אויף „פּוסט" — שטייען אין צנעא די סילאָגען אויף „פּוסט". איז די מעשה אָבער, וואָס אַז די רוסן פאַרקויפן עמעצן סילאָן־עראָפּלאַנען און האַרמאַטן, טוען זיי דאָס נישט כדי די כלים זאָלן שטיין אויף „פּוסט", נאָר כדי זיי זאָל שיסן. און אויב דעם אימאַמס אונטערטאַנען אַנטלויפן נאָך פון אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט, ווי דער טייוול אַנטלויפט פאַר ווייערך, ווייל זיי גלייבן, אַז דאָס גרויסע אויג פון דעם „קעסטעלע", דער אָביעקטיוו, איז דאָס אויג פון טייוול — איז פאַר די רוסן בעסער. זיי דאַרפן טאַקע נאָר פּרימיטיווע פעלקער. וואָרום טאָמער וואָלט אַ תימנער אַראַבער געקענט פירן אַ סילאָן, שיסן פון אַן אַנטי־אַוויאַציע האַרמאַט, וואָלט ער געקענט אויך טראַכטן ווען און צו וועמען צו שיסן און אויף וועמעס באַפעל יאָ אָדער נישט צו שיסן. אָבער אַז דער תימנער אַראַבער האַלט נאָך פאַר „מה טובו" — וועט מאָסקווע אויסבאַרגן דעם אימאַם אַ פּאָר צענדלינג יונגעלייט, זיי זאָלן זיך אין צנעא מתעסק זיין מיט די סילאָגען און האַרמאַטן. זיי, די רוסישע שליחים קיין תימן, זיי ווייסן שוין יאָ ווו אַיין און ווו אויס. זיי וועלן שוין וויסן ווען מען דאַרף אָנהייבן שיסן אויפן דרומדיקן ברעג פון דעם אַראַבישן האַלב־אינדזל, אין דער מדינה פון אימאַם, כדי ערגעץ אַנדערשוואו זאָל אָפּהילכן. וואָרום אַ חוץ דעם האָט נישט רוסלאַנד קיין אינטערעס צו ליפערן סילאָגען און האַרמאַטן. ביי די רוסן איז נישט פאַראַן מסחר לשם מסחר: איך גיב דיר סחורה און דו גיב מיר געלט, כדי איך זאָל ווייטער קענען פּראָדוצירן. ניין, ביי זיי איז אַן אַנדער סיסטעם. זיי אַז זיי גיבן סחורה, בפרט נאָך „שיס־סחורה", ווילן זיי, אַז די סחורה זאָל מיט דער צייט אָנהייבן שיסן און פאַרגיסן בלוט. ווייל טאָמער איז אויף דער וועלט שטיל, עס גיסט זיך נישט קיין בלוט — קענען זיי נישט אָפּהאַלטן קיין נצחונות. זיי זענען וואַזשנע אויפטוערס, ווען עס הערשט די נאַכט, ווען ס'איז פינצטער אויף דער וועלט, ווען עס הערשט הונגער און נויט, אַט אַזוי ווי קראָען אויף די שלאַכטפעלדער.

דעריבער לאַכט נישט די וועלט פון דעם, וואָס דאָס אַנאַלפאַבעטישע תימן־פאָלק באַקומט סילאָנען און אַנטי־אַוויאַציע־האַרמאַטן. אויף דער וועלט, וואָס וויל שלום, ציטערט די הויט. דער רוסישער אידעם אויף קעסט ביים תימנער מחותן, וואָס האָט נישט קיין טאָכטער, קען זיין געפערלעך, וואָרום מאָרגן, אויב מאָסקווע זאָל דאָס האָבן נייטיק, קען זי פאַרקויפן דעם אימאַם אויך אַטאָם־געווער און שיקן אַהין „קולטור־פאַרשפּרייטער״.

פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס די וועלט לאַכט נישט פון די סילאָנען פאַר תימן, ווי זי פלעגט אַמאָל לאַכן פון די וועקזייגערס און גראַמאָפאָנען פאַר די נעגערס אין די אַפריקאַנער דזשונגלס?

די וועלט איז נישט משוגע — זי האָט אַ סיבה נישט צו לאַכן.

22טער פעברואַר 1957

## פעלערן וואָס ווערן נאָכגעמאַכט

„ווי איינער איז צו זיבן, אַזוי איז ער צו זיבעציק" — זאָגט אַ יידיש ווערטל און גיט גלייך צו: „אַ נאַר און אַ ציג ווערן נישט קליג". און אפילו „ווען אַ נאַר גייט אין באָד אַריין, פאַרגעסט ער זיך אָפּצווואַשן דאָס פּנים". פונדעסטוועגן איז נאָך „נישט געבוירן געוואָרן דער נאַר וואָס זאָל נישט האָבן אָנהענגער" און „יעדער נאַר גיט זיין אייגענעם קאָפּ ברויט צו עסן".

טאָר מען נישט פאַראיבל האָבן אויף נאַראָנים. מען דאַרף זיי מוחל זיין, וואָרום זיין אַ נאַר איז ווי זיין קראַנק — ס'איז אַ שטראָף פון הימל; און קעגן דער שרעקלעכער שטראָף וועט אפילו דער גרעסטער אַדוואָקאַט נישט קענען אַנגעבן קיין אַפּעלאַציע...

*

נאַראָנים וואָלטן געווען אומשעדלעך, ווען אַנדערע זאָלן זייער נאַרישקייט נישט אָננעמען פאַר חכמה. קין'ען וואָלט מען געקענט מוחל זיין, ווייל ער איז באַגאַנגען דעם ערשטן מאָרד און ער האָט נישט געוווּסט פריער דעם גרויל פון מאָרד. זיין פאַרברעך איז אָבער נישט צו פאַרגעבן, ווייל ער האָט באַקומען מער חסידים ווי וועלכער ס'איז רבי. אויך עשו'ס רשעות וואָלט מען געקענט מוחל זיין ווען ער זאָל זיין דער ערשטער און לעצטער רשע. נאָך עשו'ן זענען געקומען מיליאָנען עשו'ס וואָס האָבן אַזוי צעעשו'ט די וועלט, אַז עס איז קיין פּלאַץ פאַר צדיקים נישט געבליבן.

*

ווען ליבשאַפט זאָל האָבן אַזאַ כוח ווי רשעות, וואָלט דער רבונו־של־עולם נאָך דער ליבשאַפט צווישן יעקב און רחלען צוריקגעקערט דעם גן־עדן. דעם גן־עדן האָט ער נישט צוריקגעקערט, אָבער אַ מבול האָט ער שוין פריער יאָ געבראַכט, און סדום האָט ער פאַרברענט, אָבער ס'טיפּשות און רשעות איז געבליבן ווי געווען און געמאַכט אַ קאַפּבערעכערישע קאַריערע.

*

„אַ האַרצפעלער איז געפערלעכער פון אַ מאַשין־פעלער" — זאָגט אַ יידיש ווערטל און גיט גלייך צו: „דער בעסטער לערער איז דער פעלער", וואָרום, „אַז מען בריט זיך אויפן הייסן — בלאָזט מען אויפן קאַלטן" נאָר „ווי איז דעם, וואָס בלאָזט נישט און בריט זיך".

איך האָב די אַלע ווערטלעך געבראַכט, כדי צו ווייזן ווי דאָס פאָלק לאַכט — מיט יאַשטשערקעס, ווען עס קומט צו רשעות, טפשות און פעלערן, פון וועלכע דאָס פאָלק הערט נישט אויף צו ליידן. וואָרום פון גן־עדן האָט גאָט פאַרטריבן נישט בלויז דאָס פאַרפאָלק אדם און חוה, נאָר אַלע פעלקער — די גאַנצע מענטשהייט, צוליב איין בעל־עבירהניצע.

אָט אַזוי קען איין נאַר אַריינוואַרפן אַ שטיין, אַז צען חכמים זאָלן אים נישט קענען אַרויסנעמען.

*

אָט האָבן וועלט־נאַראָנים אַריינגעוואָרפן אַ נאַצער־שטיין אין מיטעלן מזרח. דרייען זיך אויפן קאַרעק די שבעים חכמים פון אונ״אָ און פון סטייט־דעפּאַרטאַמענט און לאַ־די וואָס זיי קענען אים נישט אַרויסנעמען, פאַרפעסטיקן זיי אים נאָך מער און קרעפטיקן אים אַזוי שטאַרק, אַז בבוא היום וועט דער נאַצער־שטיין זיי אַליין שפּאַלטן די קעפּ, ווי ער האָט פאַרקלאַפּט דעם סועץ־קאַנאַל.

*

באַשטייען נישט די פעלערן אין דעם וואָס זיי ווערן געמאַכט, נאָר אין דעם וואָס זיי ווערן נאָכגעמאַכט, וואָס זיי ווערן איבערגעחזרט; און דערפאַר חזרן זיך איבער די צרות און אומזיסטע ליידן. און זינט די ערשטע יסודותדיקע פעלערן זענען באַגאַנגען געוואָרן, און ווען מענטשן זאָלן זיך לערנען פון באַגאַנגענע פעלערן, וואָלט חנוך געווען אַ חכם און למך — אַ חכם מופלג און אין שנת תשי״ז וואָלט דב יוסף געוואָרן דער פינאַנץ־לייטער פון דער סוכנות.

פאַרוואָס איך דערמאָן דב יוסף און נישט למכס זין? דערפאַר ווייל זיי זענען נישט געווען קיין גרעזעלשאַפטלעכע טוער, קיין קהל־פאַרזאָרגער, נאָר אמתע חלוצים, פיאָנערן פון מוזיק, פון האַנטווערקעריי און פיצוכט, בעת דב יוסף וויל אונדז נאָר פאַרזאָרגן.

שוין צום דריטן מאָל איז ער גערופן געוואָרן, דב יוסף, און לויט דעם ווי ער איז צוויי מאָל גערופן געוואָרן און אָפּגערופן געוואָרן, ציטערט מיר דאָס האַרץ פאַר דעם דריטן רוף — אין דער סוכנות, צו די סוכנות־פינאַנסן דווקא אין דער צייט ווען עס האָט זיך באַנייט די מאַסן־עליה.

צום ערשטן מאָל איז ער גערופן געוואָרן אויך אין אַ צייט פון מאַסן־עליה. ער איז געשטעלט געוואָרן איבער דעם עקאָנאָמישן רעסאָרט פון דער יונגער מדינה, צו זיין דער באַשפּייזער און באַקליידער און פאַרזאָרגער פון די יונגע בירגער פון מדינת ישראל. האָט ער אונדז אַזוי „באַשפּייזט״, „באַקליידט״ און „פאַרזאָרגט״, אַז ביז איצט קענען מיר נאָך צו זיך נישט קומען. ער איז שוין לאַנג אויס מיניסטער, אָבער זיין „באַקליידונג״ פילן נאָך אַ סך יידן אין ישראל, וועלכע ער האָט „פאַרזאָרגט״ מיט אַ שוואַרצן מאַרק, אַז צוליב זייערע

בעל־כרחו־שוואַרצן־מאַרק־פאַרברעכנס האָבן זיי נאָך ביז היינט צו טאָן מיט די אָמטן פון מס־הכנסה.

און ווער איז אין דב יוספס צייטן נישט געווען קיין פאַרברעכער? און וואָס אַלץ האָבן זיינע אַגענטן נישט געזוכט אין פרידזשידערס? און ווער אַלץ האָט פון זיינע פּאַראַנדקעס נישט געליטן? אפילו אונדזער צייטונג האָט זיך געמוזט דרוקן אויף פּאַפּיר פונעם שוואַרצן מאַרק, בעת דאָס פּאַפּיר פאַר וועלכן די רעגירונג האָט געקויפט פאַר דאָלאַרן, איז פאַרקויפט געוואָרן בחצי חנם און פון שוואַרצן מאַרק איז עס פאַרן פרייז פון גאָלד געקומען צו אונדז. און צי בלויז מיר? יעדע באַלעבאָסטע אין ישראל איז דאָך געווען אַ פאַרברעכערין — אַ פאַרברעכערין מיט אַ ציבעלע, מיט אַ פערטעלע אייז, מיט אַן אַכטעלע פּוטער, מיט אַ ווינדעלע פאַרן קינד און מיט וואָס נישט!

געדענקען מיר דאָך ווי אַזוי העכער אַ מיליאָן יידן האָבן אָפּגעטעמט פרייער ווען דב יוסף מיט זיין לא־דובים־ולא־יער־ווירטשאַפט איז אַוועק און זיין צייט ווי אַ פאַרזאָרגונגס־מיניסטער וויל מען נישט געדענקען, ווי מען וויל נישט געדענקען אַ בייזן חלום.

איז טאָמער וואָלט מען זיך געלערנט פון באַגאַנגענע פעלערן, וואָלט די רעגירונג געהאַט מנוחה און דב יוסף וואָלט געהאַט מנוחה. נאָר ווי זאָגט אַ ווערטל: „אַ פעטן ביסן פאַרטרינקט מען דריי מאָל". איז אַז גאָט האָט געהאָלפן, אַז די פּאָטאַש־אונטערנעמונג אין סדום איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער מדינה — האָט זיך עמעצער דערמאָנט אין דעם ווירטשאַפט־זשעני פון דב יוסף און דעם אוצר איבערגעגעבן אין זיינע געניטע הענט...

און ווי נאָר דב יוסף האָט זיך גענומען צום ים המלח — האָט דער ים אָנגעהויבן שלינגען דאָלאַרן. ווי ביים „ערשטן מאָל גערופן" זענען די דאָלאַרן אַוועק אויפן שוואַרצן מאַרק, אַזוי זענען די דאָלאַרן ביים „צווייטן מאָל גערופן" אַוועק אין דעם געדיכטן זאַלץ פון סדום. דאָ זענען עולים געזעסן אין בלעכענע פּושקעס, ווייל עס האָט געפעלט געלט אויף צו בויען שיכונים. און אין סדום זענען באַגראָבן געוואָרן מיליאָנען, מיליאָנען, מיליאָנען. אין אַ מולך פון דאָלאַרן האָט זיך פאַרוואַנדלט סדום אונטער דב יוספס ווירטשאַפט.

געלויבט השם יתברך: ביים דרייסיקסטן מיליאָן האָט מען אים געבעטן, ער זאָל איבערלאָזן די סדום־עקאָנאָמיע און זיך גיין אָפּרוען פון זיין אַ מיליאָנער. און סדום קען נאָך ביז היינט צו זיך נישט קומען...

איצט האָט זיך באַנייט די מאַסן־עליה. צענדליגער טויזנטער יידן ציען קיין ישראל. זיי פאַרברענען הינטער זיך אַלע ליידנס־בריקן. מען דאַרף די דאָזיקע יידן שנעל העלפן זיך אָפּבויען. די סוכנות האָט איצט פאַר זיך ריזיקע אויפגאַבן און נאָך גרעסערע אויסגאַבן. ווי אַ פינאַנץ־מיניסטער בראש פון אַט דער אינסטיטוציע דאַרף שטיין אַ מענטש מיט וויזיע, אַ מענטש מיט פאַרנעם, מיט ברייטע האָריזאָנטן, אַ מענטש מיט אַ ברייט האַרץ און נאָך ברייטערער פאַנטאַזיע, ער זאָל פאַרשטיין אין וואָס עס גייט איצט.

האָט מען אויף דעם אַמט באַשטימט — אויף אַ נאָווינע — דעם זעלבן ד״ר דב יוסף, צום דריטן מאָל גערופֿן.

האָב איך אַ תּפֿילה: הלוואי זאָל איצט מיט די עולים נישט געשען דאָס זעלבע, וואָס עס איז פֿריער געשען מיט אַ פּשוטער ציבעלע און שפּעטער מיט סדום! מען דאַרף האָבן רחמים און איינרייסן דעם ארון־קודש, אַז די נאָמינאַציע זאָל צונישט ווערן. ווייל ווער האָט כּוח צו אַ דריטן מאָל דב יוסף? הגם ייִדן זאָגן, אַז „אַ קונץ איז ביז צום דריטן מאָל״, אָבער דב יוספס „קונץ״ איז אונדז שווער געווען אויסצוהאַלטן ביים ערשטן מאָל, ווי עס איז שווער געווען דער גלות... און אפשר נאָך שווערער...

1טער מערץ 1957

## צאַלט, יידעלעך, צאַלט

ר׳ סענדער דער וואַלד־סוחר האָט אַ סך פאַרשטאַנען. אַז דער איידעם אויף קעסט איז געקומען און געטענהט, אַז די קעסט איז ווייניק און אַז אַ חוץ אַלץ דאַרף ער האָבן אַ פּאָר גראַצערס אין קעשענע אַריין — האָט ער פאַרשטאַנען און געגעבן. און אַז דער איידעם אויף קעסט איז געקומען און געטענהט, אַז אַ חוץ די גראַצערס דאַרף ער האָבן אַ סויבענעם שטריימל — האָט ער פאַרשטאַנען און געגעבן. און אַז דער איידעם אויף קעסט איז געקומען און געטענהט, אַז אַ חוץ אַ סויבענעם שטריימל דאַרף ער האָבן אַ פּאָר גימזענע שטיבעלעטן — האָט ער פאַרשטאַנען און געגעבן. און אַז דער איידעם אויף קעסט איז געקומען און געטענהט, אַז אַ חוץ די גימזענע שטיבעלעטן דאַרף ער אַ שאַפּנפּעלץ — האָט ער פאַרשטאַנען און געגעבן. און אַז דער איידעם אויף קעסט איז געקומען און געטענהט, אַז אַ מענטש, וואָס האָט אַ שאַפּנפּעלץ מוז אויך האָבן אַ פאַיעטאָן — האָט אויך דאָס ר׳ סענדער פאַרשטאַנען און דעם איידעם אויף קעסט געגעבן אַ פאַיעטאָן מיט אַ פּאָר קאַרע פערד. וואָרום פאַר אַן איידעם אַ וויללערנער, אַ גן־עדן־פירער, אַ תכשיט, וואָס באַשיינט דיין טיש, און דערפרייט דאָס האַרץ פון דיין טאָכטער, און וועט דיר ליפערן לאַכטיקע דורות — לוינט אַראָפּצוציען דעם הימל צו דער ערד אבי אים אַנטקעגנצוקומען; אפילו אין איין העמד זאָל ער דיך לאָזן — האָסטו נישט קיין עצה, וואָרום ער איז דער צעלייגער און... עס לוינט.

האָט אַזוי דאָס איידעמל אויף קעסט געמאָלקן און ר׳ סענדער נעבעך האָט פאַרשטאַנען און זיך געלאָזט מעלקן, ביז, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן, עס איז צו ר׳ סענדערס אויערן דערגאַנגען, אַז דער גן־עדן־פירער, דאָס קאָטשקעלע גדולה, איז נכשל געוואָרן, אָדער ווי מען רופט עס אין די מאָדערנע צייטן: ער האָט פאַרראַטן זיין ווייב און עס איז אָך און וויי.

האָט נאָך דאָס איידעמל אויף קעסט געהאַט פאַרשטאָכענע אויגן, און איין מאָל געזאָגט צו זיין שווער:

— שווער־לעבן, איר ווייסט דאָך, אַז אַלץ וואָס איך טו, טו איך פאַר אייער טאָכטערס־וועגן און פאַר אייער כבודס־וועגן, וויל איך אייך טון אַ טובה, איר זאָלט מיר קויפן אַזאַ מין טראַמאַביל, וואָס גייט אַליין און פייפט אַליין, און איר וועט האָבן געכאַפּט אַ מציאה.

האָט ר׳ סענדער אַ גלעט געטון די באָרד און געזאָגט:

„כ׳האָב דיך אין דר׳ערד מיט די מציאות, תכשיט מיינער. אַזוי לאַנג ווי

דו האָסט באַשיינט מײַן טיש, דערפרייט דאָס האַרץ פון מײַן טאָכטער און געווען אַן איידעם אַ לייט, האָב איך געקרעכצט און געגעבן. נאָר ווי באַלד דו ביסט אַראָפּ פון דרך הישר און דו פאַרשוואַרצסט מיר דאָס פּנים, איז נישט נאָר וואָס דו וועסט מיר נישט טון קיין טובה, ווען איך וועל דיר קויפן אַ טראַמאַביל, נאָר דו וועסט ביי מיר אויסטון דעם שאַפּנפּעלץ, דעם סויבענעם שטריימל און די גימזענע שטיבעלעטן און לויפן באָרוועס מיר אָפּצוברענגען דעם פּאַיעטאָן"...

„ר' סענדער" האָט פאַרשטאַנען דעם פינאַנץ־מיניסטער לוי אשכול, ווען ער איז געקומען און געזאָגט, אַז ער דאַרף אַ „סויבענעם שטריימל", אַ פּאָר „גימזענע שטיבעלעטן", אַ „שאַפּנפּעלץ", אָדער אַ „פּאַיעטאָן". קרן המגן? — אדרבה, נאַדיר קרן המגן פון טיפן האַרצן; מיט ביידע הענט וועלן מיר דיר געבן. ווילסט נאָך דערצו אַ יהב המגן? האָסט געפּועלט: נאַדיר אַ יהב המגן. דו ווילסט צו דער פּאָסט־מאַרקע נאָך אַ ברודערל, אַ קליין פּאָסט־מאַרקעלע ווי אַ צוגאָב? — נאַדיר, וואָרום מיר פאַרשטייען דיר. וואָס דו ווילסט גיבן מיר דיר ביז צום לעצטן העמד. און לוי אשכול איז נישט געווען קיין שלעכטער, ער האָט גענומען און געזוכט וואָס ווייטער צו נעמען. דער עולם האָט געקרעכצט און געגעבן. לוי אשכול האָט געהאַט אַן אַרגומענט, וואָס האָט אַפּעלירט צו יעדן ייד, וואָס האָט גערעדט צו יעדן האַרץ, וואָס איז געוואָרן ווייך ווי פּוטער אויף דער זון.

דער כישוף איז געווען אַזוי גרויס, אַז צוויי יאָר האָט לוי אשכול געזוכט מיטלען און פאַרטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דעם „אַנשיקעניש", וואָס הייסט „תוספת־יוקר" און ער האָט נישט געקענט פּטור ווערן פון דעם „אַנשיקעניש". ער האָט געפּרוווט דורך סובסידיעס צוויי מאָל אין חודש צו מאַכן אַ קינסטלעכן זול אויף אַ פּאָר שעה. ס'האָט אָבער נישט געהאָלפן, ביז ס'איז געקומען די „גאָלדענע צייט" און אָן שום כישוף און פאַרטלען פּטור געוואָרן אויך פון „תוספת־יוקר". און ר' לוי אשכול האָט „געשמידט דאָס אייזן" וויפל ס'האָט זיך געלאָזט.

האָט דאָס פאָלק, ס'הייסט ר' סענדערל, געמיינט, אַז ר' לוי אשכול וועט אַליין וויסן די גרענעץ און אין דער געהעריקער מינוט זאָגן: שוין, איצט ווערט אַלץ בטל און פון היינט אָן וועל איך נעמען נאָר די נאָרמאַלע קעסט.

הייבט זיך נישט אָן און ס'לאָזט זיך נישט אויס. דער מענטש זאָגט מען איז אַ „געוווינהייטס־חיה", און אַז ער געוווינט זיך צו צו נעמען קען ער נישט אויפהערן; דאָס נעמען ווערט ביי אים אַ צווייטע נאַטור. קען ער דאָך נישט גיין קעגן דער נאַטור, בפרט אַז לוי אשכול איז ביי אונדז אַ בן־יחידל, איין פינאַנץ־מיניסטער אין דער מדינה, און די טבע פון אַ בן־יחידל איז צו זיין צע־פּיעשטשעט...

איז קהל איצט שטאַרק אַנטוישט. פּונקט ווי פאַר דעם מעמד־סיני, אַזוי הערן מיר נאָך איצט דאָס זעלבע לידל מיט דעם זעלבן רעפריין:

גיט די טייסטערס, יידעלעך,
צאָלט, גוטע ברידערלעך:

צאָלט פאַר לופט און פאַר חמסינען,
צאָלט פאַר אינען און פאַר דרינען,
צאָלט פאַר קנעפּלעך, הויזן, שעלקעס,
צאָלט ירוחמס, משהס, שמעלקעס,
צאָלט פון מאַרקן און פון טשעקלעך,
צאָלט פון טעפּלעך און פון טשוועקלעך,
צאָלט און צאָלט די לעצטע פּרוטה
אויך פאַר שדים און נישט גוטע —
ביז צום לעצטן מיל.

איי, דער נצחון איז שוין פאַרביי? איי, מיר האָבן זיך שוין צוריקגעצויגן און ס'איז צייט, די העכסטע צייט, אַז אויך לוי אשכול זאָל זיך צוריקציען פון אונדזערע קעשענעס? היינט האָט שוין געדאַרפט זיין פאַרעפנטלעכט אַ דעקרעט, אַז אַלע ספּעציעלע שטייערן, יהב המגן און אַנדערע קליינע יהבלעך זענען אָפּ־געשאַפט געוואָרן, פּונקט ווי ס'איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די גרענעץ אין רפיח.

איז אָבער די מעשה וואָס אַ בירגער אין ישראל איז דיר נישט קיין פּרעזידענט אין אַמעריקע מען זאָל אים מוזן הערן. וואָס הייסט עפּעס זיך צוריק־ציען פון אַזאַ וואַרעמער נעסט ווי ס'איז די קעשענע פונעם בירגער? און צי איז דען דער בודזשעט קלענער געוואָרן? אדרבה, ווייזט מיר אָן פון וואָס מען האָט זיך שוין ביי אונדז צוריקגעצויגן, אויב ס'איז גוט פאַר דער רעגירונג? און דאָס וואָס איר זאָגט, אַז איר קרעכצט, אַז איר קענט נישט מער — דאָס איז בלאָטע. און דאָס וואָס איר זאָגט, אַז די צילן, פאַר וועלכע מען האָט גענומען די ספּעציעלע שטייערן, זענען שוין דערגרייכט געוואָרן — איז דאָס אויך בלאָטע. בפרט אַז די רעגירונג האָט נאָך אַזעלכע הייליקע צילן ווי אויסהאַלטן אָן אנדערטהאַלבן צענדליגג מיניסטעריומס פון איר קאָאַליציע.

עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס טענהן, אַז פופצן מיניסטעריומס דאַרפן מיר האָבן ווי אַ לאָך אין קאָפּ און אַז פיר מיניסטעריומס וואָלטן געקענט מאַכן די אַרבעט בעסער און אַ סך ביליקער: דאָס אינערן־מיניסטעריום וואָלט זיך נישט איבערגעאַרבעט, ווען עס זאָל אויך האָבן אין זיין רעסאָרט די פּאָליציי, בילדונג, רעליגיע, געזעלשאַפטלעכע שטיצע און געזונטהייט־ענינים; איין מיניס־טעריום זאָל פאַראייניקן די אַנטוויקלונג, די אַרבעט־ענינים און פּאָסט און קאָ־מוניקאַציע. און אַזוי ווי דער זיכערהייט־מיניסטער פירט סיי־ווי די אויסערן־פּאָליטיק — איז צו וואָס דאַרף מען אַ באַזונדער אויסערן־מיניסטעריום? און אויב דאָס האַנדל־און אינדוסטריע־מיניסטעריום ליגט סיי־ווי אין קעשענע פון פינאַנץ־מיניסטעריום — צו וואָס דאַרף מען באַזונדערע מיניסטעריומס?

איך בין מיט אַזאַ טענה נישט מסכים. איך האַלט, אַז עס איז אונדז געשען אַ נס, וואָס מיר האָבן „בלויז" פופצן מיניסטעריומס, וואָרום מיר וואָלטן חלילה געקענט האָבן הונדערט און פופציק מיניסטעריומס. אויב מען קען שפּאַלטן אַ קאָמוניקאַציע־מיניסטעריום אויף פּאָסט באַזונדער און באַן באַזונדער,

פאַרוואָס זאָל מען נישט קענען דאָס באַן־מיניסטעריום שפּאַלטן אויף צען מיניס־טעריומס; אַ מיניסטעריום פאַר פּאַסאַזשיר־באַנען און אַ מיניסטעריום פאַר לאַסט־באַנען; אַ מיניסטעריום צו פאַרקויפן באַן־בילעטן און אַ מיניסטעריום צו היטן די באַן־רעלסן; אַ מיניסטעריום צו שמירן די רעדער פון די פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען און אַ מיניסטעריום צו שמירן די רעדער פון די לאַסט־וואַגאָנען. דערצו אַ באַזונדער מיניסטעריום פאַר אויטאָבוסן און אַ באַזונדער מיניסטעריום פאַר טאַקסיס; אַ באַזונדער מיניסטעריום פאַר פּריוואַטע אויטאָס, אַ באַזונדער מיניס־טעריום פאַר קינדער־וועגעלעך און אַ מיניסטעריום, וואָס זאָל קאָנטראָלירן די קאָמוניקאַציע־מיניסטעריומס. אויך דאָס פּאָסט־מיניסטעריום וואָלט זיך געלאָזט שפּאַלטן אויף צען: אויסלענדישע בריוו — אַ באַזונדער מיניסטעריום; אַ באַזונ־דער מיניסטעריום — אינלענדישע בריוו; אַ מיניסטעריום פאַר לופטפּאָסט; אַ מיניסטעריום פאַר דרוקזאַכן; אַ מיניסטעריום צו דרוקן פּאָסטמאַרקן און אַ צווייט מיניסטעריום צו פאַרקויפן די פּאָסטמאַרקן; אַ מיניסטעריום פאַר אינלענדישע טעלעגראַמעס און אַ מיניסטעריום פאַר אויסלענדישע טעלעגראַמעס, אַ חוץ אַ ספּעציעל מיניסטעריום פאַר גראַטולאַציע־טעלעגראַמעס און אַ מיניסטעריום פאַר טעלעפאָנען.

לייכט, ווי אויסטרינקען אַן עספּרעסאָ קאַווע, וואָלט איר געקענט באַגליקט ווערן מיט 150 מיניסטעריומס; און דעמאָלט וואָלט לוי אשכול געמוזט נישט בלויז נעמען ביי אייך כל מיני „יהב׳ס״, ווי איצט, נאָר ער וואָלט אייך געלאָזט שטיין אין איין העמד. האָט איר אַ גליק, וואָס ער לאָזט זיך באַגנוגענען מיט די ביז איצטיקע ספּעציעלע שטייערן, וואָרום לכבוד דעם אלעמען, וואָס איז געשען, קאָן מאָרגן אַרויסשפּרינגען אַ נייער שטייער — „יהב נסיגה״. דעריבער בעט נישט ער זאָל אָפּשאַפן דעם איצטיקן ביטערן עול, וואָרום ער קען אייך אָנטון אַ נייעם עול.

8טער מערץ 1957

## וועגן דער סיני־אַקציע

איר געדענקט זיכער די מעשה, וואָס איך האָב שוין, דאַכט זיך, ביי אַן אַנדער פּאַל דערציילט, ווי אַזוי אַן אומשולדיקער ייד איז נעבעך געוואָרן אַ טשעמפּיאָן פון שווימען. און די מעשה איז געווען אַזוי פּשוט ווי ס׳קען נאָר זיין אַ מעשה:

אין איינעם אַ טאָג קומט פאַר אַ שווים־פאַרמעסט אויף 100 מעטער און, ווי דער שטייגער, לויפן טויזנטער מענטשן אויף צו זען ווי אַזוי אַ פּאָר יונגעלייט וועלן דאָס מאַכן. זאַמלט זיך דער עולם ביים ברעג טייך און עס טומלט זיך ווי אויף אַ יאַריד: מען שרייט, מען קלאַפּט זיך אין די הענט אויף געוועט, און אַנדערע גייען סתם אַרויס פון די כלים פון נייגעריקייט, ווי אַזוי וועט עס זיין און ווער עס וועט קומען דער ערשטער.

פון דער וויטנס גייט זיך אַ בכבודיקער ייד, אַ טאַטע פון קינדער, אַ געזעצטער מענטש, און טראַכט זיך זיינע מחשבות: מסחרים; געשעפטן; הלוואות; און ווי אַזוי פירט מען אַריין די קינדער אין די געשעפטן, וואָרום די צייט שטייט דאָך נישט און די כוחות ווערן נישט שטאַרקער, און די קאָנקורענץ איז לא עליכם — זי רייסט שטיקער. און די קרעדיטן זענען טייער, און מלכות דערגייט די יאָרן מיט שטייערן, מיט אַפּצאָלעכצער, אַקציז און כאַבאַר, אַז ס׳איז נישט אויסצוהאַלטן. פון די שווערע, געזעצטע מחשבות שפּאַרט אים אַרויס אַ שווייס. הייבט ער אויף אַ פּאָלע אָפּצווווישן דעם שווייס און ער הייבט אויף די אויגן צום הימל, ווי פּלוצעם דערזעט ער ביים ברעג טייך אַ שוואַרצע מאַסע מענטשן, וואָס טומלען זיך, האַווען אַרום. שפּרינגען אין דער לופטן. טראַכט זיך דער ייד: ווער ווייסט אפשר אַ מסחר, אָדער אפשר אַ באַנקראָט, אָדער אפשר גאָר אַ ליציטאַציע, וווּ קען מען עפּעס קויפן אין גלייכן געלט. מאַלע וואָס פאַראַ גליקן דער רבונו־של־עולם קען אונטערשיקן אַן אָפּגעהיטענעם ייד! פעדערט זיך דער ייד, איילט צו דעם גאַנג; ער גייט שוין נישט, נאָר ער לויפט פייל אויסן בויגן. אָבער אַז ער קומט־צו אַ פאַרהאַוועטער צום ברעג, דערזעען אים אַ כאַפּטע שקצים און עס ווערט „פריילעך". אָ, זע נאָר דעם ייד! פון וואַנען נעמט זיך דאָ אַ ייד? הוראַ אויפן ייד! און איידער דער ייד קוקט זיך אַרום, איז ער שוין אין די אָרעמס פון די שקצים און — כליופּ אין טייך אַריין. ווערט דעם ייד פינצטער פאַר די אויגן. דאָס וואַסער איז אים איבערן קאָפּ, אָט־אָט און ער קומט חלילה אום. קלאַפּט ער מיט די הענט, שטופּט מיט די פיס, די פּאָלעס בלאָזן זיך אים אויף ווי זעגלעך; לעבן אים זעט ער, רחמנא ליצלן, נאַקעטע שקצים, וואָס וועלן אים חלילה דערטרינקען

אַן ווידוי, און דער ייד רייסט דאָס וואַסער ווי אַ וואַלפיש, אָט־אָט נאָך אַ ביסל און ער איז ביים ברעג, אָט־אָט נאָך אַ ביסל און ער איז געראַטעוועט! און ווי ער שלאָגט צו צום ברעג, איבערלאָזנדיק די נאַקעטע שקצים הינטער זיך אין וואַסער, כאַפּן אים מענטשן אויף די הענט און הייבן אים אין דער לופטן מיט ווילדע התלהבותדיקע אויסגעשרייען: זאָל לעבן דער טשעמפּיאָן! זאָל לעבן דער זיגער! זאָל לעבן דער וועלטשווימער!

לויפט דער ייד אַהיים אַ נאַסער און נאָך אים — אַן עולם מענטשן: „זאָל לעבן דער דער טשעמפּיאָן!" און אַנטקעגן אים לויפט דאָס ווייב אַ פאַרצווייפלטע: „בערל, וואָס איז מיט דיר געבעדך געשען?". „איך בין אַ טשעמפּיאָן" — האָט דער ייד אַרויסגעסאָפּעט. „אוי, פאָטער אין הימל! — שרייט אויס דאָס ווייב — וואָס איז דאָס פאַר אַ נייע גזירה?". „די גויים האָבן מיך אַריינגעשטופּט אין וואַסער — זאָגט דער ייד אין איין אָטעם — נאָר דאַכט זיך, אַז מען קען פון דעם האָבן פּרנסה"...

טראָגט איבער אָט די מעשה אויף דער מעשה־סיני און אויף די געזעצטע יידן, וואָס רייסן איצט איין וועלטן פאַרוואָס מען האָט זיך צוריקגעצויגן פון עזה־פּאַס און פון אילת־איינגוס — און איר וועט זען וויפל ענלעכקייט עס איז פאַראַן אין דעם.

סך־הכל ווען מען זאָל די דאָזיקע יידן פריער פרעגן, צי זאָל מען גיין אויף סיני, וואָלטן זיי אייך באַלד געענטפערט: חלילה וחס, ס'איז אַן אַוואַנטורע, וואָס גאָט זאָל שומר ומציל זיין. פון אַזאַ וואַרפן זיך אַליין אין טייך אַריין, איז ווי אַ געזונטער מענטש זאָל זיך לייגן אין בעט פון אַ מסוכן קראַנקן, און איבערהויפּט ווי פּאַסט עס פאַר אַ ייד, וואָס קען גיין אויף אַ טרוקענער גאַס, זיך צו וואַרפן אין אַ נאַסן טייך? מילא, ערב שבת גיין זיך אויסבאָדן — לייגט זיך נאָך אויפן שכל, אָבער בידים גיין פּרווון ווערן אַ טשעמפּיאָן, בעת מען קען חלילה געניזוקט ווערן — דאָס נישט! דאָס איז אַ מלאכה פאַר פּוסטע קעפּ.

נאָר ווי זאָגט מען עס ביי יידן: דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. אַ געזעצטער ייד גייט זיך מיט זיינע שווערע מחשבות וועגן פּרנסה, מסחר, קרעדיטן, שטייערן, כל מיני „מגנס" און „יהבס", „היטלס", וואָס שאַפן שוין באַלד אַ גאַנצע קאָנקאָרדאַנציע פון שטייערן־נעמען, און אַ חברה „שקצים", „אַנטיסעמיטן", שטופּן אים אַריין אין טייך, און ער, אויף צו ראַטעווען דאָס לעבן, קריגט זיך צו צום צווייטן ברעג און גייט אַרויס אַ „טשעמפּיאָן" — איז פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט זען צו האָבן אַ ביסל פּרנסה פון דעם? וואָס איז? צי קען דען אַ מענטש דער־גרונטעווען גאָטס דרכים?!

איי, וועט איר זאָגן: דער דאָזיקער ייד האָט מורא פאַר אַ ביסל וואַסער ווי פאַר פייער? איז עס בלאָטע. אפשר האָט אים דער רבונו־של־עולם געוואָלט העלפן דורך וואַסער? און צוריק געשמועסט: צי זענען דען נישט פאַראַן יידן וואָס ווערן געהאָלפן דורך פייער? איז פאַרוואָס דורך פייער יאָ און דורך וואַסער — נישט?

פונדעסטוועגן אַז איך הער זיך צו ווי אַזוי די דאָזיקע געזעצטע, בכבודיקע, שטילע, הדרת־פּנימדיקע יידן, וואָס זענען נישט פּעאיק אַ פליג אויף דער וואַנט צו טייטן, שרייען פון דער כנסת־טריבונע: „פייער!", און פאַר זיי איז גאָר בן־גוריון, וואָס איז נעכטן דורך זיי געטאַדלט געוואָרן ווי אַן אַקטיוויסט — אַ נאַכגיביקער, אַן אָפּאָרטוניסט, אַ מענטש וואָס האָט מורא פאַר פּולווער — ווערט עס אַ שפּאַר ביסל איבלדיק און עס באַקומט זיך ווי יענער ייד, וואָס שקצים האָבן אים אַריינגעשטופּט אין טייך, וואָלט געקומען מיט טענות צו די אַנטיילנעמער אין שווים־פאַרמעסט, אַז זיי זענען נישט קיין ספּאָרטלער, נאָר די לעצטע שלימזלען, וואָס האָבן מורא דאָס קנעכל איינצוטונקען אין וואַסער.

מילא, איך פאַרשטיי די לייט פון „חרות". זיי זענען הייס־געבאַדן. ווי צו זיבן אַזוי זענען זיי צו זיבעציק. זיי האָבן מיט צוואַנציק יאָר צוריק געוואָלט נישט קיין מדינה, נאָר אַ מלכות און זיי ווילן דאָס זעלבע איצט. זיי האָבן נישט אָנערקענט די גרענעצן פון דער מדינה נאָך איידער די מדינה איז אַנטשטאַנען, נאָר געוואָלט גלייך אַן אימפּעריע. זיי ווילן דאָס אויך איצט. ס'איז ווי יענער פאָטער, וואָס האָט געטראַכט וועגן דעם אויסוואַקסן פון זיין חדר־יונגל: צו וואָס דאַרף ער פאַר זיין יינגעלע לאָזן מאַכן אַ רעקעלע ביז צום נאַפּל, ער זאָל אויסוואַקסן — ער וועט אים גלייך מאַכן אַן אַטלעסענע זשופּיצע, וואָס זאָל שוין גלייכצייטיק זיין צו דער חופּה. און צו וואָס דאַרף ער אים מאַכן אַ פּאָר שיכלעך, ער זאָל אויסוואַקסן — ער וועט אים באַלד מאַכן אַ פּאָר שטיוול, ער זאָל אין זיי, אם ירצה השם, נאָך דער חתונה קענען פאָרן האַנדלען אויף יאַרידים. איי, דאָס יינגעלע וועט פאַרפאַלן ווערן אין דער זשופּיצע און אַרויספאַלן פון די שטיוול? — דאָס איז בלאָטע. דערפאַר וועט ער צו דער חתונה האָבן גרייטע מלבושים.

אַז עס זענען פאַראַן מענטשן וואָס רייסן זיך נאָר צום גרויסן פאַרמעסט — איז דאָך נישט שייך. צו די דאָזיקע מענטשן האָט געהערט מנחם מענדל, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן דעם טאָג־טעגלעכן שטייגער פון געשעפטן: פון אָנהייבן קליין און אויפוואַקסן; אַנטוויקלען די געשעפטן; פון אַ קליינעם זיכערן מסחר זיך דערשלאָגן צו אַ גרעסערן מסחר — נאָר מנחם מענדל האָט גלייך געוואָלט שטיין אין איין ריי מיט בראָדסקין, פּרווון דאָס מזל פון ראָטשילדן. דאָס איז דער טראַגיזם, וואָס ליגט צווישן ווונטש און די רעאַלע מעגלעכקייטן. און אַזוי ווי מנחם מענדל אַ יחיד, אַזוי זענען אויך פאַראַן קאָלעקטיווע מנחם מענדלס: דאָס געדולד האָט געסטייעט צו זיצן צוויי טויזנט יאָר אין גלות, נאָר אויב שוין אַן אייגענע מדינה — מוז זי זיין נישט אַנדערש נאָר אַן אימפּעריע. און אַ גראַשן נישט ווייניקער! קען איך נישט האָבן קיין טענות צו די מענטשן פון „חרות". אָבער אויך זיי, ווען זיי וואָלטן אַליין געשטאַנען ביי דער מאַכט און געטראָגן די דירעקטע אחריות פאַר דער עליה און פאַר די אינטערעסן פון דער מדינה אַזוי ווי זי איז — לאָמיר עס פאַרמאָגן וואָס זיי וואָלטן אָפּגעלאָזט פון פריין...

אָבער די געזעצטע יידן פון די אַלגעמיינע ציוניסטן איז נישט צו פאַר־

שטיין. ווען רוקח, למשל, וואָלט געזעסן אין דער רעגירונג, וואָלט ער זיך מסתמא וועגן דער סיני־אַקציע דערוווּסט דורכן ראַדיאָ, ווייל פריער וואָלט ער באַשווירן בן־גוריונען נישט אַריינצולאָזן זיך אין אַן אַוואַנטורע. ער וואָלט אויסגערעכנט אַלע מעגלעכע סכנות, וואָס אַ סיני־אַקציע קען אונדז ברענגען. און צום סוף וואָלטן זיי געקומען מיט דעם אַרגומענט: נו איר זעט, אַז מיר זענען געווען גערעכט, אַז מען האָט נישט געדאַרפט גיין! זיי, די געזעצטע יידן, וואָלטן זיך געהאַלטן פאַר די גערעכטע צדיקים.

האָט זיי אָבער גאָט געהאָלפן, ווי יענעם ייד ביים טייך, און זיי זענען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין וואַסער און בלית ברירה געמוזט מיטשווימען, זיך ראַטעווען, און איצט, אַז דער ענין סיני האָט אָנגענומען אַזאַ ווענדונג ווי ער האָט אָנגענומען — שפּילן זיי די ראָל פון „טשעמפּיאָנען". וואָס רק זיי רייסן זיך אין וואַסער אַריין...

געזעצטע, מיושבדיקע יידן שטייען אויף דער טריבונע אין דער כנסת און האַלטן אונטער דעם כאָר פון די לייט פון „חרות".

דערמאָנט זיך מיר אַ סצענע פון „בר־כוכבא", אין יידישן טעאַטער אויף סמאָטשע גאַס, אין וואַרשע, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה: בר־כוכבא האָט אויף דער סצענע געריסן שטיקער פון די שונאים. אונטער זיין שווערד זענען די פיינד געפאַלן ווי פליגן. בלויז מיט זיין טענאָרשטים איז ער פּעאיק געווען צו געווינען דעם גרעסטן קאַמף. נאָר ווען ער האָט זיך נאָך אַ העלדן־מאָנאָלאָג צו־ריקגעצויגן הינטער די קוליסן, איז פאַרבייגעלאָפן אַ סמאָטשער מויז און אונדזער בר־כוכבא איז געפאַלן אין חלשות, אַז מען האָט געמוזט אַרויסרופן די גיכע הילף...

22סטער מערץ 1957

## די מאַכט, וואָס מאַכט אַן צרות

די חכמה פון דעם פּשוטן יידישן פאָלק איז נישט אָפּצושאַצן; זי איז ווי אַן אומאויסשעפּלעכער גאָלדגרובן: וואָס טיפער איר גראָבט, אַלץ רייכערע פלאַסטן געפינט איר. ווען מיר זאָלן אין אונדזער מדינה אויסנוצן כאָטש אַ צענט־חלק פון דער פאָלקס־חכמה, וואָלטן מיר זיך איינגעשפּאָרט אַ סך צרות און מיר וואָלטן געלעבט אַ סך לייכטער און צופרידענער ווי מיר לעבן. אָט זאָגט אַ פאָלקס־ווערטל: „טשעפּע נישט די מאַכט, וועט זי דיך לאָזן געמאַך". עס האָט אַמאָל אַ ייד געזאָגט, אַז מאַכט הייסט מאַכט דערפאַר, ווייל זי מאַכט שטייערן, מאַכט אַן צרות, מאַכט פּראָטאָקאָלן, מאַכט אַ פּריזיוו, מאַכט מלחמות און מאַכט טויזנטער אַנדערע רחמנא־ליצלן־זאַכן. וואָס מאַכן שווער דאָס לעבן. סיי־ווי אַז זי מאַכט הערט זי נישט אויף צו מאַכן, אַז אַלע מיינע שונאים זאָלן מאַכן מיט די זייטן. און וועגן דעם ווי אַזוי יידן האָבן זיך דערוווּסט וואָס דאָס הייסט אַזעלכעס זיך צופיל שמעלקען מיט דער מאַכט, ווערט דערציילט אַ מעשה שהיה:

צאַלקע־זישע איז געווען אַ בכבודיקער באַלעבאָס, וואָס אויף שבת האָט ער קיין מאָל נישט געדאַרפט לייען, קיין פליג אויף דער וואַנט האָט ער נישט געטשעפּעט, נאָר זיך געלעבט אַ גליקלעך לעבן מיט זיין ווייב און קינדער און — שוין. בדרך כלל האָט צאַלקע־זישע ליב געהאַט אָפּצוטרעטן דעם וועג. זאָל מיינס איבערגיין, ווי דער שטייגער פון אַ בכבודיקן ייד, וואָס וועט זיך מיט אַ ליאַדע וואָס נישט אַריינלאָזן אין געשעפטן און — שוין.

ס'האָט אים אפילו נישט געאַרט וואָס זיין שכן, אַ ייד אַ תבואה־סוחר, פלעגט אים אַריבערוואַרפן איבערן פלויט אַ פאָר שטרוי. דאַרף ער אַליין אַריינוואַרפן די פאָר שטרוי אין מיסטקאַסטן — זאָל עס טון זיין שכן צאַלקע־זישע, ס'הייסט, פון אָנהויב האָט עס אים נישט געאַרט. אָבער אַז צו דער מעשה מיט אַריבערוואַרפן די שטרוי האָט קיין סוף נישט גענומען, איז ער אַריינגעגאַנגען צום שכן:

— שכן־לעבן, היתכן? איר האַנדלט מיט תבואה, איר האָט שטרוי, טאָ וואָס זשע וואַרפט איר מיר אַריבער אייערע שטרוי אין מיין הויף אַריין?

האָט דער שכן געענטפערט:

— אויב אייך געפעלט נישט, קענט איר מיך לאָדן צו דער מאַכט.

צאַלקע־זישע האָט אפילו קיין גרויס חשק נישט געהאַט צו גיין זיך קלאָגן פאַר דער מאַכט. ער ווייסט אפילו נישט ווו עס עפנט זיך אַ טיר. ער ווייסט נאָר, אַז איין מאָל אין יאָר קויפט ער אויס אַ פּאַטענט און פּטור.

נאָך צוריקגעשמועסט: אויב ער קויפט אויס אַ פּאַטענט, באַצאָלט ער דאָך געלט; הייסט דאָך עס, אַז ער, צאַלקע־זישע, איז מפרנס די מאַכט, וואָס אַן אים וואָלט זי נישט געהאַט אויף חגא. איז אויב אַזוי איז די מעשה, איז די מאַכט נישט קראַנק צו זען עפּעס טאָן, זיין שכן זאָל אים נישט אַריבערוואַרפן קיין שטרוי אין הויף אַריין.

איז צאַלקע־זישע אַוועק צו דער מאַכט און געפרעגט דעם ריכטיקן „היתכן?״: צי איז ער באַלעבאָס אין שטעטל, אָדער איז ער נישט קיין באַלעבאָס? צי קויפט ער אויס אַ פּאַטענט, אָדער קויפט ער נישט אויס אַ פּאַטענט? און אויב יאָ, ווי פּאַלט עס אויס זיין שכן דער תבואה־סוחר אַריבערצווואַרפן אים שטרוי איבערן פּאַרקאַן?!

און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ריכטיקע אומגליק:

אַזוי ווי די מאַכט האָט גענוי פאַרשריבן אַלץ וואָס צאַלקע־זישע האָט דער־ציילט, איז זי מיט דריי טעג שפּעטער געקומען באַקוקן, וווּ עס ווערט אַריבער־געוואָרפן די שטרוי, כדי צו שיצן דעם בירגער קעגן דעם בייז פון זיין שכן... אָבער זוכנדיק די שטרוי, דערזעט די מאַכט אויפן הויף פון צאַלקע־זישען אָנ־געבונדן אַ קעלבל. פרעגט די מאַכט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קעלבל?

— ס'איז מיין קעלבל — ענטפערט צאַלקע־זישע.

— פון וואַנען קומט צו דיר אַ קעלבל?

— כ'האָב עס געקויפט.

— און אַ באַשטעטיקונג האָסטו?

— צו וואָס דאַרף איך אַ באַשטעטיקונג, אַז איך האָב דאָס קעלבל?

— און טאָמער איז דאָס קעלבל אַ געגנבעט קעלבל? דאַרף מען זען.

האָבן נישט געהאָלפן צאַלקע־זישעס טענהס, אַז ס'איז זיין קעלבל; די מאַכט האָט אַוועקגעפירט דאָס קעלבל און געלאָזט צונויפשטעלן אַ פּראָטאָקאָל און פאַראָרדנט, אַז אַזוי ווי דאָס קעלבל קען זיך אַרויסווייזן ווי אַ געגנבעטס, דאַרף מען מאַכן אַן אָביסק ביים בירגער צאַלקע־זישע, כדי צו זען, צי ביי אים געפינען זיך נישט נאָך פאַרדעכטיקע זאַכן, וואָס ביי אַ לייטישן מענטש דאַרפן זיי זיך נישט געפינען.

איז די מאַכט אַוועק צו צאַלקע־זישען מאַכן אַן אָביסק — און רחמנא ליצלן — געפונען ביי אים אַ פולן קעלער מיט קאַרטאָפל און אין הויז אַ פעסל. פרעגט אים די מאַכט:

— צו וואָס דאַרף אַ ייד אַ פולן קעלער קאַרטאָפל?

ענטפערט צאַלקע־זישע:

— צום עסן. איך האָב, קיין עין־הרע, אַ ווייב מיט קינדערלעך, וואָס דורכן ווינטער ליידיקן זיי מיר אויס דעם קעלער קאַרטאָפל.

— און צו וואָס דאַרף אַ ייד אַ פעסל?

— אין דעם פעסל זייער איך איין קרויט אויפן ווינטער.

האָט די מאַכט אַ פּינטל געטון מיטן אויג:

— בעסער זיי זיך מודה, אַז פון די קאַרטאָפל טרייבסטו יי״ש און אין דער פּאַס מאַכסטו דעם זאַטשער. אויף אַ ייד, וואָס האַלט אַ געגנבעט קעלבל איז צו גלייבן, אַז ער מאַכט בראָנפן. און בכלל זעסטו אויס אין אונדזערע אייגן חשוד און עס וועט זיין בעסער, אַז אַזאַ איינער ווי דו וועט זיך אביסל איבערלופּטערן אין סיביר.

איך וועל אייך שוין לענגער נישט ציען, נאָר דערציילן דעם סוף:

די מאַכט האָט צאַלקע־זישען געשלאָסן אין קייטן און אַוועקגעפירט אין תפיסה. און זיין ווייב האָט געמוזט פאַרקויפן דאָס הויז מיטן הויף אויף ראַטעווען איר מאַן, וואָס האָט געבעטן גאָט ער זאָל אים צוריקשענקען כאָטש אַ שטיקל פּלאַץ, ווו אַ שכן זאָל אַריבערוואַרפן אַ פּאָר שטרוי, ער זאָל וויסן פון אַ לעבן...

פון דעמאָלט אָן לאָזן יידן געמאַך די מאַכט. זיי ווילן ליבערשט מאַכן אַ רעוואָלוציע אויף אָראָפּוואַרפן די מאַכט, אָבער האָבן צו טון מיט איר — דאָס נישט. וואָרום קיין מאָל קאָן מען נישט וויסן וואָס פאַראַ קעלבל עס שטייט צו־געבונדן אויף דעם הויף...

אָט זענען געקומען צו מיר נייע עולים און זיך באַקלאָגט הלמאי מען רייסט פון זיי די הויט אין צאָל־אַמט. זיי ראַטעווען זיך אַרויס מיט זייער לעצט ביסל קאַפּיטאַל אין שווה כסף — אַ פּאָר פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, אַ צוויי ראַדיאָס, ווייס איך וואָס זאַכן, וואָס קענען זיי גאָר שטאַרק צוניץ קומען אין דער צייט, ביז זיי וועלן געפינען אַרבעט. דאָרט, אין די לענדער פון וואַנען די עולים קומען, מאַכט זיך די מאַכט נישט ווויסנדיק: זאָלן די מענטשן נעמען מיט זיך וואָס זיי ווילן און עס אונדז געדענקען צום גוטן. אָבער דאָ שטעלן זיך אַוועק אונדזערע צעלניקעס און מעסטן און וועגן, שרייבן און שאַצן, אַז ווען די עולים גייען אַרויס פון צאָל־אַמט פילן זיי זיך ווי מען וואָלט זיי אָפּגענאַרט, צוגענומען זייער לעצט ביסל.

טאָמער וואָלט איך געדענקט אין דער מעשה צאַלקע־זישע, וואָלט איך געזאָגט צו די יידן: קינדערלעך, מאַכט אַ שוויג, וואָרום די מאַכט קען מאַכן ערגער. לאָזט געמאַך די מאַכט און רופט זי נישט, זי זאָל זען די אַריבערגעוואָר־פענע שטרוי, ווייל זי קען נאָך ביי אייך דערזען אַ צוגעבונדן קעלבל און אַ קעלער קאַרטאָפל... אָבער אַזוי ווי נישט שטענדיק געדענקט זיך די פאָלקס־חכמה, נאָר מען רעכנט אויס אויף יושר — האָב איך אָנגעשריבן אַ פּאָר אַרטיקלען מיט אַ פּעקל „היתכנס?״ — אַזוי און אַזוי, ווו איז יושר? ווי קען מען עס אַזוי באַרייסן נייע עולים? און פאַרוואָס מאַכט אונדזער מאַכט ערגער דאָס, וואָס אָן אַנדער מאַכט — מאַכט גוט?

האָט מען מיר אפילו איבערגעגעבן, אַז די אַרטיקלען האָבן ביי דער מאַכט געמאַכט אַ רושם און מען האָט זיך געזעצט פאַרשרייבן די טענהס, אַז מען דאַרף טאַקע זען עפּעס טאָן, וואָרום די נייע עולים ווערן פאַרביטערט; און אַז מען נעמט ביי זיי אַזאַ הויכן צאָל — ווערן זיי בדיל־הדל.

בין איך געווען גאָר שטאַרק צופרידן; עס איז פונדעסטוועגן פאַרט פאַראַן אַן אויער. ס׳איז פונדעסטוועגן פאַרט נישט קיין קול קורא במדבר און איך האָב געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען איך וועל לייענען אין די בלעטער, אַז פאַר נייע עולים איז אָפּגעשאַפט געוואָרן צאָל; וואָס ס׳איז זייערס קענען זיי ברענגען און טון דערמיט וואָס זיי ווילן און ווי אַזוי זיי ווילן, און זאָלן זיי זיך לעבן אין פריידן און אין גליק.

וואַרט איך אַ חודש און צוויי חדשים, און אין איינעם אַ שיינעם טאָג זע איך אין די בלעטער... נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט... ס׳איז די מעשה מיטן קעלבל און מיטן קעלער קאַרטאָפל...

איך האָב געבעטן מען זאָל די נייע עולים באַפרייען פון צאָל, איז אַרויסגעקומען אַ פאַראָרדענונג, אַז מען זאָל זיי נישט דערלויבן אַריינפירן זאַכן, וואָס זענען מער ווערט פון 800 דאָלאַר, אָנשטאָט ווי עס איז געווען ביז איצט, אַז אַן עולה האָט געקענט ברענגען זאַכן ביז 1400 דאָלאַר. און צאָל בלייבט ווי געווען. אַן עולה וועט נאָך מוזן ברענגען ווייניקער.

איי, וועט איר פרעגן; וואָס זאָל טון אַן עולה וואָס האָט זאַכן און סחורות מער ווי אויף 800 דאָלאַר? זאָל ער זיי פאַרברענען, אָדער זאָל ער בלייבן אין גלות מיט זיינע זאַכן? איז דער ענטפער; אַן עולה וועט קענען בעטן אַ דערלויבעניש. נו, ווי אַזוי בעט מען אַ דערלויבעניש אויף טויזנטער מייל פון אַ פרעמדער מדינה, אויב מיט קריעת ים־סוף קומט אָן אַ דערלויבעניש אפילו פאַר דעם וואָס געפינט זיך אין תל־אביב?

אָבער אויף דער מאַכט טאָרט איר נישט פרעגן קיין קשיות. וואָרום מאַכט איז איינצאָל, נאָר אָנמאַכן מאַכט זי אין מערצאָל... און טאָמער וואָלט די נייע אויפלאַגע מיטן צוגעבונדענעם קעלבל געשען אין אַ גויאישער מדינה — וואָלט מען געזאָגט; גויאישע קעפּ. מען קומט בעטן ירושה־געלט — מאַנען זיי קבורה־געלט. איר פאָדערט מען זאָל אייך שיצן קעגן די אַריבערגעוואָרפענע שטרוי — טשעפּעט מען זיך צו אייער קעלבל און מען שליסט אייך אין קייטן. איר בעט מען זאָל אָפּשאַפן דעם צאָל אויף אייערע לעצטע בעבעכעס, זאָגט מען אייך, אַז איר דאַרפט בכלל די בעבעכעס איבערלאָזן אין גלות און קומען אַ גרייטער סאָציאַלער פאַל. אַזוי וואָלט מען געזאָגט ווען דאָס געמאַכטע זאָל געמאַכט ווערן דורך אַ גויאישער מאַכט. אָבער וואָס זאָל מען זאָגן, אויב אַזאַ חכמה טוט אָפּ אַ יידישע מאַכט אין דער יידישער מדינה, כלפּי יידישע עולים?

צי איז נישט אַמאָל די חכמה פון אונדזערע הויכע פענצטער אַרויסגעפאָרן אויף השתלמות און ווערט דערוייל פאַרטרעטן דורך גברת טפשות?

אויב יאָ — בין איך גרייט מנדב צו זיין אויף אַ טעלעגראַמע, מען זאָל די חכמה צוריקרופן וואָס שנעלער און אין דעם זכות וועלן מיר פאַרשפּאָרן לאַכן פון זיך אַליין...

29טער מערץ 1957

# די עקאָנאָמיע פון אונדזער ר׳ לייזערקען

אַז ייִדן פלעגן האָבן אַ צונאָמען צום נאָמען און פאַמיליען־נאָמען — ווייסט איר דאָך. איז ביי אונדז געווען אַ ייִד, וואָס מען האָט אים גערופן לייזערקע דער עקאָנאָם. ר׳ לייזערקע האָט טאַקע געהאַט אַ שניטקראָם, אָבער ווי קומט אַ באַלעבאָס פון אַ שניטקראָם צו הייסן עקאָנאָם, ווען צו אַן עליה האָט מען אים אויפגערופן ר׳ אליעזר, ביי מלכות האָט ער געהייסן טשערוואָנאָבראָדאַ, זיין ווייב האָט אים גערופן אכזר און מיט הויפישקייט האָט ער געהאַט אַזוי פיל צו טון וויפל אַ קאַץ האָט צו טאָן מיט דער לבנה.

טאָ הערט אַ מעשה:

ר׳ לייזערקע האָט געהאַט אַ בת־יחידה. איז ער אַ גאַנץ לעבן געווען קאַרג, וואָרום אַ בת־יחידה דאַרף מען חתונה מאַכן און מען דאַרף איר מאַכן אַן אויס־שטייער און מען דאַרף דעם איידעם געבן אַ מטמון, ער זאָל מיט דער צייט אַליין פאַרלייגן אַ קראָם. איז אייך שוין קלאָר פאַרוואָס ר׳ לייזערקע האָט קיינעם נישט געגעבן קיין גמילות־חסד און אַן אָרעמאַן פלעגט ער געבן אַן אַלט שטיקל ברויט, וואָס אפילו דער שטאָטישער באָק האָט נישט געוואָלט עסן?

נאָר אַז אַ ייִד קלייבט פאַר זיין בת־יחידה, קענט איר דאָך צו אים נישט האָבן קיין טענהס!

און אַז דער אייבערשטער האָט געהאָלפן, ס׳איז געקומען די צייט און מיישקע דער שדכן האָט געברענגט צו שלעפן אַ חתן, האָט ר׳ לייזערקע געזאָגט צו אים אַזוי:

— פאַר וועמען אַרבעט איך דען, אויב נישט פאַר אייך? איך וויל נאָר איך זאָל זיין גוט. עפּעס אַ קלייניקייט אַ בת־יחידה?!

האָט דער חתן געזען, אַז ער פאַלט אַריין אין אַ „שמאַלצגרוב״ און — מען האָט געבראָכן טעלער

נאָך די שבע־ברכות זאָגט ר׳ לייזערקע צום איידעם:

— קינד מיינס, וואָס דאַרפסטו האָבן אַן אייגענע קראָם? וועסט אַרבעטן ביי מיר אין דער קראָם. און צו וואָס טויג דיר גלייך נעמען אַ דירה וויס־איך־וואָס־פאַלייען און צעבראַזגעווען געלט, אויף וועלכן איך האָב געאַרבעט אַ גאַנץ לעבן — אָמער וועלן מיר אויסשאַלעווען די סוכה און איר וועט וווינען אין דער סוכה. און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אַרום וועט איר, קינדערלעך, האָבן מיין דירה.

האָט דער איידעם געזען, אַז דער שווער רעדט צו דער זאַך, און אים געזאָגט אַ שבח:

— איר זענט דאָך אַן אמתער עקאָנאָם, שווער־לעבן!

און אַז דער איידעם איז אַריין אַרבעטן אין דער קראָם, האָט אים דער שווער איינגעשפּאַנט, ווי מען שפּאַנט איין אַ פּאָר פערד און — שלעפּ, ברודערל.

האָט דער איידעם געזאָגט, אַז ווען מען האָרעוועט אַזוי שווער און מען וווינט אין דער סוכה, ווו עס רעגנט אַריין, דאַרף מען גוט עסן, כדי חלילה נישט קראַנק צו ווערן.

האָט דער שווער געענטפערט דערויף:

— איידעם מיינער, איך האָב דאָך גאָרנישט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ בהמה. פאַר וועמען אַרבעט איך דען אויב נישט פאַר דיר? און וואָס שייך עסן, איז גוט עסן — בלאָטע. ערשטנס, איז די אַלע, וואָס עסן גוט, פאַרן זיי צו דאָק־טוירים. צווייטנס, ווערט מען פון גוט עסן פעט און פויל. דריטנס, קוקט דיר קיינער נישט אַריין אין בויך און ס'איז גלייכער דאָס פּאַראיבעריקטע געלט צו האַלטן אויף אַ נייטיקער שעה.

האָט אים ווידער דער איידעם געזאָגט אַ שבח:

— איר זענט דאָך אַן אמתער עקאָנאָם, שווער־לעבן!

און דער שווער דער „עקאָנאָם" האָט געאַרבעט מעשים: ער האָט אַראָפּ־געצויגן פון איידעם דאָס לעצטע כאַלאַטל, ער האָט אים געקאַרגט אַ ביסן ברויט, און ווען ער קען וואָלט ער ביי אים אויך די טאַכטער צוגענומען...

האָט די בת־יחידה געוויינט, וואָס פון איר מאַן איז שוין באַלד גאָרנישט געבליבן, און דער איידעם האָט געקרעכצט, אַז ער ווייסט נישט פון וואַנען ער וועט נעמען כוח אויפצושטעלן אַ נייעם דור, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז דאָס פּאָרפאָלק האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ ויברח ערגעץ אין דער גרויסער שטאָט אַריין, גיין איבער די הייזער, קלייבן אַ פּרוטה צו אַ פּרוטה, וואָרום דאָס לעבן עקט זיך.

וכך הווה. דאָס פּאָרפאָלק איז אַנטלאָפן צו גיין איבער די הייזער.

איז אין שטעטל געוואָרן אַ גרויסע טרעוואָגע: ר' לייזערקעס בת־יחידה מיטן מאַן זענען נעלם געוואָרן. פרעגט מען ר' לייזערקען ביים דאַוונען:

— היתכן, ווו זענען אַהינגעקומען אייערע קינדער?

האָט ר' לייזערקע אַ ברייטן שמייכל געטאָן:

— עקאָנאָמיע לערנט זיך ביי מיר. מיינע קינדער זענען געוואָרן זעלב־שטענדיק און געפאָרן קיין וואַרשע פּאַרלייגן אַן אייגן געשעפט!

*

צי דערמאָנט אייך נישט דער דרך פון אונדזער פינאַנץ־מיניסטער די עקאָנאָמיע פון ר' לייזערקען? ר' לוי אשכול וויל אונדז נאָר גליקלעך מאַכן: קיין טאָג און קיין נאַכט רוט ער נישט פאַר אונדזער גליק און פאַר אונדזער

צוקונפט. צו וואָס דאַרפט איר, קינדערלעך אַ תוספת־יוקר, פאַרדינען מער, עסן בעסער, אויב דאָס אַלץ איז בלאָטע שבבלאָטע? בעסער איז איר זאָלט זיך פאַרלאָזן אויף מיר. איך וועל נעמען ביי אייך און פאַר אייך אָפּשפּאָרן. דער עיקר איז צו פאַראיבעריקן אויף שפּעטער. איר ווילט קרעדיטן? — בלאָטע. קרעדיטן רופן אַרויס אינפלאַציע, אָבער נייע שטייערן — דאָס מאַכט שלאַנק, פאַרקערט, אַז מען האָט אַן איבעריקן גראָשן, גיט מען אויס צוויי גראָשנס מער, אָבער אַז עס פעלט צו אַ גראָשן — קויפט מען נישט און מען ברענגט זיך איין דאָס גאַנצע. עס פעלט אייך געלט אָנצוגיין מיט די פאַבריקן? — בלאָטע. אַז עס פעלט אויס געלט צו פירן אַ פאַבריק, פאַרקויפט מען אַ האַלבע פאַבריק און מען ווערט איבער נאַכט רייך. און אַזעלכע רייכע בירגער האָב איך ליב. איך וויל האָבן וואָס מער רייכע בירגער, ווארום אַז די בירגער וועלן זיין אָרעם, וועט דאָך נישט זיין ביי וועמען צו נעמען שטייערן. און שטייערן האָב איך ליב צו נעמען — דאָס לעבן. ווארום ציי נעם איך דען פאַר זיך? וואָס דאַרף איך דען נעבעך? איך מיין בלויז אייער גליק. אייך צו פאַרזאָרגן און מער גאָרנישט. איז דעריבער נישטאָ עפּעס בעסערס ווי אונדזערע פאַבריקנאַטן זאָלן פאַרקויפן די העלפט פון זייערע פאַבריקן און ווערן רייך. און אַז זיי וועלן רייך זיין וועט זיי נישט אַרן, וואָס איך וועל ביי זיי צונעמען די צווייטע העלפט. צו וואָס דאַרפן זיי אַזאַ שווילטאַג, אַז דער עיקר איז די צוקונפט. און טאַקע פאַר דער צוקונפט דאַרפן זיי צאָלן שטייערן אויך פון דער ערשטער העלפט, ווארום ווו שטייט עס געשריבן אַז יידן דאַרפן זיין רייך? אָט זעט, אַ שטייגער, די אַרבעטער אין ישראל: נישט נאָר זענען זיי נישט רייך, נאָר זיי זענען שוין באַלד אפילו אויך נישט אָרעם. פונדעסטוועגן זענען זיי גליקלעך. איך פיל, ווי זיי בעטן מיך: נעם נאָך אַ שטייער, ווארום פון דעם מאַכן מיר אַ לעבן. ווען דו מאַכסט צוויי מאָל אין חודש ביליק טאָמאַטן, כדי דער תוספת־יוקר זאָל נישט וואַקסן — צעגייען מיר פון נחת. און פאַר דעם נחת פון מיינע קלאַסן־חברים, פאַר דעם אויסגעלייזטן פּראָלעטאַריאַט אין מדינת ישראל, בין איך גרייט אַלץ צו טון: איך וועל פאַרלענגערן דעם „יהב המגן" אויף נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר און אים אפילו פאַרגרעסערן. איך וועל דעם תוספת־יוקר אַזוי אויסשפּרייטן איבערן גאַנצן יאָר, אַז דער יוקר וועט אינגאַנצן פאַרשווינדן. דערפאַר וועל איך אייך טון אַ פּערזענלעכע טובה: איך וועל פאַרגרעסערן דעם צאָל און הייבן די פּרייזן — צען פּראָצענט אויף שטאָפן, דריי פונט אַ קילאָ ראַזשינקעס אויף פּסח. איך מאַך אייך טייערער עלעקטריע. איך וועל אויך הייבן די פּרייזן פאַר פאָרן אויף אויטאָבוסן — אַלץ וועל איך טון פאַר מיין פּראָלעטאַריאַט! נאָר כדי די סוחרים זאָלן נישט זאָגן, אַז איך פיר אַ קלאַסן־פּאָליטיק און פּריווילעגיר דעם אַרבעטער־קלאַס — האָב איך אויך זיי געטון אַ טובה: איך האָב באַגרענעצט די סומע, פאַר וועלכע נייע עולים זאָלן מעגן אַריינברענגען סחורות. וואָס איז? באשר זיי זענען עולים, זענען זיי דערמיט יחסנים? די סוחרים זענען געקומען פאַר זיי, זיי האָבן געליטן פון חמסינען, פון דב יוסף, פון שוואַרצן מאַרק —

דאַרף אַ מיניסטער אויך פאַר זיי זאָרגן. וואָרום אויב איך וועל נישט זאָרגן פאַר זיי — פון וואָס וועלן זיי האָבן צו צאָלן שטייערן?

און בכלל זאָלט איר וויסן פון אַ כלל, אַז טאָמער ווילט איר נעמען דאַרפט איר אויך געבן; גיב איך אַ נייעם נאָמען און נעם אַ נייעם שטייער. אַחוץ דעם זאָרג איך, אַז ביי מיר זאָלן שטייערן האָבן אַ נאַטירלעכן צוזוואַקס, נייע דורות, אַזוי ווי עס שטייט געשריבן, אַז אדם האָט געבוירן שתן, און שת האָט געבוירן אנושן, און אנוש האָט געבוירן קינען, און קין האָט געבוירן מהללאלן, און מהללאל האָט געבוירן ירדן, און ירד האָט געבוירן חנוכן, און חנוך האָט געבוירן מתושלחן, און מתושלח האָט געבוירן למכן, און למך האָט געבוירן נחן, וואָס האָט זיך דער איינציקער געראַטעוועט פון מבול — אַזוי האָט ביי מיר די מדינה געבוירן אַ שטייערל, און שטייערל האָט געבוירן מס הכנסה, און מס הכנסה האָט געבוירן מס מותרות, און מס מותרות האָט געבוירן מס מסוייג, און מס מסוייג האָט געבוירן מס קניה, און מס קניה האָט געבוירן קרן המגן, און קרן המגן האָט געבוירן יהב המגן, און יהב המגן האָט געבוירן אַ תוספתל, און תוספתל האָט געבוירן בול בטחון און בול בטחון שוואַנגערט איצט מיט מס עליה. אָבער מיטן גאַנצן כבוד פאַרן חומש בראשית וועט ביי מיר קיין מבול נישט זיין, און די געבוירענע דורות שטייערן וועלן ביי מיר נישט דערטרונקען ווערן, נאָר לעבן אין פריה ורביה און זיך מערן און מערן אין אַן אינעווייניקסטער עליה, אַז עס וועט קנאַקן.

וואָרום אַלץ וואָס איך טו — טו איך פאַר דער צוקונפט, פאַר אייער צוקונפט. אָבער די ליכטיקע צוקונפט אייל איך צו פון צוויי זייטן; פון איין זייט מער איך די שטייערן, אייך זאָל ווערן לייכטער. פון דער צווייטער זייט מאַך איך אַ יקרות, עס זאָל אייך ווידער ווערן לייכטער. און אַז איך מאַך אַ יקרות ווערט דער פונט ביליקער — ווערט אייך ווידער לייכטער. און, אם ירצה השם, אויב ס׳וועט גיין גוט, דער פּראָלעטאַריאַט וועט פאַרשטיין דעם חסד, וואָס עס טוט מיט אים אַ קלאַסן־חבר־מיניסטער, די פאַבריקאַנטן וועלן זיך לאָזן רייך מאַכן דורך פאַרקויפן האַלבע פאַבריקן, די סוחרים וועלן נאָכגיין דעם יקרות און צו די סחורות צורעכענען זייערע שטייערן — וועט איר זיין אַזוי פאַרזאָרגט אויף דער צוקונפט, ווי ר׳ לייזערקע עקאָנאָם האָט פאַרזאָרגט זיין בת־יחידה מיטן איידעם...

ובאחרית הימים וועט חיפה קומען בעטן נדבות ביי תל־אביב, און די תל־אביבער אביונים וועלן אַנטלויפן קיין פתח־תקווה אויסציען די האַנט. און ירושלים וועט בעטלען אין צפת און צפת — אין טבריה און טבריה וועט שנאָרען אין חיפה, און אונדזער ר׳ לייזערקע עקאָנאָם וועט קענען אָנזאָגן דער וועלט די בשורה, אַז ער האָט דערגרייכט דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל — אַלע זענען גלייך, נישטאָ אָרעם און נישטאָ רייך, נאָר איין גרויסע אויסגעשטרעקטע האַנט:

— שענקט אַ נדבה, ליבע יידן, אויף שבת...

5טער אַפּריל 1957

# באַמערקטע גרייזן:

| זייט | שורה | | אַנשטאָט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 19 | 3טע | פון אויבן | קאַבלען | קאַבלען |
| 20 | 8טע | „ אונטן | איר | אים |
| 20 | 1טע און 8טע | „ „ | אריפמעטיק | אַריטמעטיק |
| 29 | 6טע | „ „ | זיין זיין | זיין זייער |
| 36 | 16טע | „ „ | דער | דעם |
| 47 | 4טע | „ „ | צו דאַרף מען | צו דעם דאַרף מען |
| 60 | 11טע | „ „ | זעט אויס, אַ | זעט אויס אַז |
| 61 | 4טע | „ אויבן | געוואָרפן אין מוח. | געוואָרפן אויפן מוח. |
| 66 | 17טע | „ אונטן | פיטש־נאַס | פיטש־נאַס |
| 71 | 8טע | „ „ | פאַר מינים | פאַראַ מינים |
| 79 | 13טע | „ אויבן | דומפינג | דומפינג |
| 79 | 20טע | „ „ | אַן אויב | אַז אויב |
| 85 | 14טע | „ „ | זאָל אַ לייכט לעבן ! | זאָל האָבן אַ לייכט לעבן ! |
| 90 | 19טע | „ „ | אין לינקער | אין דער לינקער |
| 93 | 2טע | „ „ | עסיק און האָניק, | עסיק און אין האָניק, |
| 99 | 14טע | „ אונטן | כעפרא דערעא | כעפרא דארעא |
| 101 | 4טע | „ אויבן | גזעאָגט | געזאָגט |
| 108 | 19טע | „ „ | כעפרא דערעא | כעפרא דארעא |
| 130 | 2טע | „ אונטן | דאָס אי נישט | דאָס איז נישט |
| 139 | 7טע | „ „ | פאָלק : | פאָלק : |
| 139 | 13טע | „ „ | אַן | אַז |
| 140 | 1טע | „ „ | געזעלשאַפטלעך... | געזעלשאַפטספּעאיק... |
| 143 | 13טע | „ אויבן | אַן | און |
| 153 | 11טע | „ אונטן | חייל | וויל |
| 160 | 12טע | „ אויבן | נאָר | נאָך |

זייט 65 די גאַנצע 16טע שורה פון אונטן איז אַ פעלערהאַפטע און אַנשטאָט איר, דאַרף זיך לייענען: אָדער דער מכולתניק וואָלט געלאָפן פאַראויס מיט אַ שטיקל זייף און יידן אויז״וו.

# אינהאַלט:

זייט



זייט